מאיר עדלבוים

# די יידן־שטאָט

# מעזריטש

(פון איר בראשית ביז ערב דער וועלט־מלחמה)



אַרויסגעגעבן פון

מעזריטשער לאַנדסלייט־פאַראיין אין אַרגענטינע

בוענאָס איירעס

תשי״ז — 1957

געווידמעט דעם אָנדענק פון דער קהילה-קדושה מעזריטש-פּאָדלאַסקי — אירע גרויסע תלמידי-חכמים פון אלע דורות; אירע ערלעכע האָרעפּאשנע, הארציקע פּאָלקס-טימלעכע יידן; די איידעלע טרוימער פון נאַציאָנאלער דערלייזונג, פון ברידערלעכקייט און סאָציאלער גערעכ-טיקייט.

געשריבן פון איר טרייען זון, וועלכער טראָגט אויף אייביק אין זיין הארצן דעם טרויער נאָכן טראַגישן אומקום פון: זיין שוועסטער עלקע פריידע, איר מאן ר' לייב גראָסמאן, זייער טעכטערל צירעלע און קרובים; פון אלע באקאנטע און אומבאקאנטע ילידי מעזריטש — די עיר ואם בישראל. הי"ד.

# פאָרוואָרט

יאָרן־לאנג האָב איך זיך ארומגעטראָגן מיט דעם געדאנק, צו פאַראייביקן מיין געבוירן־שטאָט, מעזריטש־פּאָדלאַסקי (אין אלטע צייטן גערופן: מעזריטש־דליטאָ) אין פוילן. נאָך אלס תלמיד פון דעם גרויסן היסטאָריקער פון פוילישן יידנטום, פּראָפעסאָר מאיר באלאבאן ז״ל, האָב איך אָנגעהויבן זאמלען מאטעריאלן וועגן מעזריטש און כ׳בין שטארק דערמוטיקט געוואָרן פון מיין גרויסן לערער אָנצוגיין מיט אָט דער ארבעט.

צוליב פארשידענע סיבות, איז מיר נישט דערמעגלעכט געוואָרן ביז איצט, אויסצונוצן אָט דעם געזאמלטן מאטעריאל אויף א ממשותדיקן אופן. ווער האָט זיך דאָס געקענט רעכענען, אז דאָס פארוואָרצלטע יידישע לעבן אין פוילן, צוזאמען מיט די דורך און דורך יידישע שטעט, וועלן אָפּגעווישט און פארטיליקט ווערן? וועמען האָט געקענט פריער איינפאלן, אז מיר שטייען ערב אן אונטערגאנג און אז מען דארף זיך צואיילן און זען באצייטנס מציל צו זיין די געשיכטלעכע ירושה פון יידישן פוילן.

איצט, ווען איך שרייב דאָס בוך, איז פאר מיר ליידער קלאָר, אז עס איז מער ווי געשיכטע; איך שרייב א מצבה אויפן קבר פון דער יידן־שטאָט מעזריטש. א מצבה צווישן פיל אנדערע מצבות, וואָס זיינען שוין געשטעלט געוואָרן און וועלן נאָך געשטעלט ווערן אויף די קברים פון די יידישע שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע, וועלכע זיינען פארלענדעט געוואָרן צוזאמען מיט זייערע יידישע באפעלקערונגען דורך די דייטשן און זייערע מיטהעלפער פון צווישן די פּאָלאקן, ליטווינער, לעטן, אוקראַינער א. א.

ליידער, איז דער מאטעריאל, וואָס איז אין מיין רשות ווייט נישט גענוגנד; צוליב דעם טראגישן חורבן, איז כמעט דער גאנצער געשיכטלעכער מאטעריאל, וואָס ס׳האָט זיך געהאט אָנגעזאמלט ביים פוילישן יידנטום פארניכטעט געוואָרן. פוילן געפינט זיך לעת־עתה אונטער דעם, אזוי גערופענעם, „אייזערנעם פאָרהאַנג״ און די פארבליבענע געשיכטלעכע מאטעריאלן, וואָס געפינען זיך דאָרט, זיינען דערווייל פאר אונדז, נישט צוטריטלעך. דאָס איז, נאטירלעך, א גרויסער חסרון ביים פארצייכענען געשיכטע. אָבער, נישט געקוקט אויף דעם אלעם, האָבן מיר דאָך באוויזן צונויפצוזאמלען פיל היסטאָרישן מאטעריאל פאר

אונדזער ארבעט און די „ייִזן־שטאָט מעזריטש" וועט דורך דעם בוך געפינען איר תיקון.

איך פיל א חוב צו די אלע, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן בייקומען די גרויסע שוועריקייטן, פארבונדן מיטן זאמלען די מאטעריאלן. קודם־כל, א דאנק מיין טייערן פריינט דר. יצחק ריווקינד, ביבליאָטעקאר פון דער וווּנדערלעכער ביבליאָטעק ביים יידישן טעאָלאָגישן סעמינאר. נישט נאָר האָט ער מיר געהאָלפן (אויך זיינע געהילפן) מיט אומצאָליקע ספרים און ביכער פון דער ביבליאָטעק, נאָר ער האָט מיר אויך מיטגעהאָלפן מיט אן עצה, א טרעפלעכע באמערקונג און א גערעכטע קריטישע הערה, ווען ער האָט געלייענט מיין מאנוסקריפּט. א גרויסן יישר־כוח דריק איך אויך אויס צו ר' חיים ליבערמאן, דער ביבליאָטעקאר פון דער רייכער „ליובאַוויטשער ביבליאָטעק". ר' חיים האָט זיך דערביי אינטערע־סירט און געזאָרגט פאר דעם, אז אפילו די נויטיקע ספרים און ביכער, וועלכע געפינען זיך נישט אין סעמינאר, זאָלן אויך צוקומען צו מיינע הענט. דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ) אין ניו־יאָרק און זיינע צוויי פרויען־באאמטע: זינאַ אַבראַמאָוויטש, ביבליאָטעקארן און מאַדאַם טשעריקאָווער פון דעם ארכיוו־דעפּארטאמענט — א גרויסן יישר־כוח. איך האָב אין דעם דובנאָוו־ארכיוו ביים ייוואָ געפונען אן אוצר פון מאטעריאלן און איך בין דעריבער שטארק מכיר־טובה דעם ייוואָ, פאר געבן מיר די מעגלעכקייט צו באקענען זיך מיט דעם דובנאָוו־ארכיוו. איך האָב זיך אויך באנוצט מיט דער „פּובליק לייברערי" און איך וועל נישט בלייבן שולדיק א דאנק, פאר דער מעגלעכקייט פון באנוצן זיך מיט איר רייכער ביבליאָטעק. און אחרון, אחרון — א הארציקן דאנק צו דר. יעקב שאצקי, פאר זיינע עצות און מקורים, וועלכע זיינען מיר שטארק צונוץ געקומען.

איך וויל אויך אויסדריקן מיינע ווארימסטע געפילן צו מיין פאָטער, הר' יחיאל איידלבוים פון תל אביב, ישראל. זיינע זכרונות און אינפאָרמאציעס וועגן חסידים און מתנגדים אין מעזריטש, זיינען נישט אָפּצושאצן. אין ישראל, בעסער געזאָגט, אין ירושלים געפונען זיך נאָך דריי מענטשן, וועמען איך קום א דאנק: ישראל הײַלפּרין, מחבר פון „פנקס ועד ארבע ארצות", דר. מ. הענדל, געווע־זענער גימנאזיאל־לערער אין דער מעזריטשער העברעאיש־פּוילישער גימנאזיע, היינט גימנאַזיאַל־אינספּעקטאָר אין ישראל און דעם הרב לייב, געלערנט אין דער מוסר־ישיבה „בית יוסף" אין מעזריטש, און איצט איינער פון די ראשי־ישיבה אין דער „בית יוסף"־ישיבה אין ירושלים. דער לעצטער האָט מיר אויס־געבאָרגט דעם כתב־יד „בר אבהן" פון ר' מאָטל פרידמאן, פון וואנען איך האָב גענומען זייער א סך.

מיין חוב איז אָבער דערמיט נאָך יישט פארענדיקט. צוויי פון מיינע בני־עיר האָבן גאָר א סך בייגעטראָגן און געדינט אלס הויפּט־מקורים פאר דעם דאָזיקן חיבור. איינעם האָבן מיר שוין אויבן דערמאנט (און מיר וועלן אים פיל

מאָל דערמאנען אין אונדזער ארבעט) און דאָס איז ר׳ מאָטל פרידמאַן. ער האָט געשטאמט פון א גרויסער רבנישער משפחה, וועלכע האָט געצויגן איר יחוס העט־העט פון די ווייטע הונדערטער יאָרן צוריק און זי האָט געהאט מיטגלידער כמעט אין אלע יידישע ישובים אין אייראָפּע, וועלכע האָבן פארנומען די סאמע וויכטיקסטע פּאָזיציעס אלס גייסטיקע פירער ביי יידן. ער אליין, איז געווען א געבוירענער אין מעזריטש (זיין פאָטער איז געווען א מעזריטשער איידעם) און אויך חתונה־געהאט פון מעזריטש. זייענדיק א גרויסער עושר און א פאבריקאנט האָט אים פונדעסטוועגן דאָס נישט געשטערט צו זיצן על התורה ועבודה און שרייבן חידושים אין פארשידענערליי תורה־זשורנאלן, וואָס זיינען דערשינען אין די תפוצות ישראל, צונויפשרייבן זיך מיט רבנים וועגן הלכה און זאמלען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט און ענטוזיאזם ווערטפולע ספרים. ר׳ מאָטל האָט ספּעציעל אויסגעבויט א הויז, פארזיכערט קעגן שרפות, פאר זיינע ספרים און ער האָט דאָרט געזאמלט אלץ: הלכה, דרוש, חסידות און השכלה. זיינע ספרים זיינען געווען ווערט א גרויס פארמעגן. ר׳ מאָטל האָט זיך באנוצט מיט זיינע ספרים, נישט נאָר אויף לערנען אין זיי נאָר אויך פאר זיין ליבלינג־שטודיום: דער סדר־היוחסין פון בארימטע יידישע משפחות און דער עיקרשט פון מעזריטש. א דאנק זיינע כתבים, וואָס זיינען צופעליק אריינגעפאלן אין די הענט פון דעם איבנדערמאנטן ר׳ לייב, האָט דר. הענדל און מיין וויניקייט, געקענט זיך באנוצן מיט מקורים, וואָס וואָלטן געבליבן ווי א פארחתמעט בוך. דעריבער איז ר׳ לייבן בלויז א דאנק, באמת, צו וויניק.

ארום דעם דרייסיקסטן יאָר פון דעם יאָרהונדערט, איז ר׳ מאָטל נפטר גע־וואָרן און זיינע יורשים האָבן פארקויפט זיין גרויסע ביבליאָטעק קיין אמעריקע.

דער צווייטער בן־עיר, וועמען מיר דערמאנען גאנץ אָפט — ר׳ יעקב שפּיראָ — האָט פארמאָגט די אלע מעלות פון ר׳ מאָטל פרידמאַן, נאָר נישט זיין געלט און שלוות־נפש; און ער האָט זיך פארדינט מען זאָל ביי דער געלעגנ־הייט שרייבן איבער אים א קורצע ביאָגראפיע. ר׳ יעקב שפּיראָ האָט געשטאמט פון א יחוסדיקער מעזריטשער משפחה; ער איז געווען א גרויסער למדן און גלייכ־צייטיק באזיסן א גרויסע מאָס פון השכלה. ר׳ שפּיראָ, איז אָן שום ספק גע־שטאנען בראש פון דער מחלוקת, וואָס די מתנגדים האָבן געפירט קעגן די חסידים אין מעזריטש. ער האָט אין דעם קאמף אויסגענוצט הן זיין טאלאנט פון דער פען און אויך זיין רעדנערישער באגאַבטקייט מיט דער שארפקייט פון א קנאי; און פארשטענדלעך, אז די חסידים האָבן אים אָפּגעצאָלט מיט דער זעלבער מידה פון קאמף. זיין חיונה האָט ער געצויגן פון מלמדות און נישט געקוקט אויף זיין דחקות, האָט ער זיך איינגעשאפט ווערטפולע כתבי־יד און ספרים (ער האָט זיי שפּעטער פארקויפט. איינער פון זיינע קונים איז געווען פּראָפעסאָר שמעון דיבנאָוו און אר״ז. אלכסנדר צעדערבוים, רעדאקטאָר פון „המליץ״, צו וועמען ייי האָט פארקויפט דעם כתב־יד „דער טעאטער פון די חסידים״) אין ער איז

געשטאנען אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט די ביבליאָטעקן פון אומעטום, וואָס האָבן געהאַט אין זייער באַזיץ יידישע ספרים. ספּעציעל די ביבליאָטעקן פון לאָנדאָן, פּאַריז און מינכען. ער האָט פון זיי ארויסבאַקומען קאָפּיעס פון א סך כתבי־יד, וועלכע ער האָט באַארבעט און ארויסגעגעבן. די דאָזיקע אויסגאַבן זיינען פון א גרויסן היסטאָרישן ווערט און די הקדמות, וואָס ער האָט געשריבן צו זיי, זיינען פון שרייבערישן הויכן קוואַליטעט. ווען די חברה „מפיצי־השכלה" אין פּעטערבורג, האָט באַשלאָסן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר דער יידישער געשיכטע אין פּוילן און רוסלאַנד און די ארבעט איז אָנגעטרויט געוואָרן דעם פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, האָט דער לעצטער באַשטימט ר' יעקב שפּיראָ אַלס זיין קאָרעספּאָנדענט און זיך שטאַרק גערעכנט מיט אים. כאָטש דובנאָוו אַליין באַצייכנט אים אַלס „מתנגדישער קנאי", האָט ער אים באַאויפטראָגט אויפצושרייבן פאַר אים די געשיכטע פון חסידיזם אין פּוילן, מיט וועלכער דובנאָוו האָט זיך באַנוצט אין זיין גרויסער ארבעט: „די געשיכטע פון חסידיזם". שפּירא האָט אים רעגלמעסיק געשיקט פאַרשידענערליי מאַטעריאַלן פון דער געשיכטע פון די יידן אין מעזריטש און א טייל פון דעם מאַטעריאַל אָדער ראשי־פּרקים פון דעם מאַטעריאַל האָבן מיר געפונען אין דעם דובנאָוו־ארכיוו פון ייוואָ אין ניו־יאָרק, וואָס איז טאַקע פאַר אונדז געווען ממש א אומדערשעפּלעכער קוואַל פון ידיעות (מיר האָבן געמאַכט קאָפּיעס פון זיינע בריוו, וועלכע פאַרדינען מען זאָל זיי ארויסגעבן מיט באַמערקונגען; אָבער, דאָס איז אן ענין פאַר זיך). אין גוף הספר וועט אונדז אויסקומען פיל מאָל זיך אָפּצושטעלן אויף זיין מערקווירדיקער פּערזענלעכקייט; אָבער דאָ, ווילן מיר בלויז צוגעבן אייניקע באַמערקונגען אויפן אדרעס פון ר' יעקב שפּיראָ און מיט דעם פאַרענדיקן די קורצע ביאָגראַפיע וועגן אונדזער צווייטן שטאָט־היסטאָריקער און פאָרשער:

ר' יעקב שפּיראָ, וועלכער האָט אזוי שטאַרק געהידפּט די חסידים אין זיך נישט אָפּגעשטעלט אין דעם קאַמף אפילו צו גיין צוזאַמען מיט יענע וועלכע האָבן ווייט נישט געהאַט זיינע כוונות, איז אידעאָלאָגיש געשטאַנען נאָענט צו דער שיטה פון ווילנער גאון. זיין קעגנערשאַפט צום חסידיזם איז געווען אן ערלעכע און ער האָט די חסידים באַקעמפט נאָר אַלס אָפּנייגער פון א טייל פּרינציפּן פון דת. אויך זיין השכלה, איז געווען בין דעם מין, וואָס דער גאון פון ווילנע האָט געבשרט אין דאָס ארויסגעגעבן כתבי־יד פון ראשונים, איז אוודאי נישט געווען קיין באַווייז פון אפּיקורסישער השכלה. אָבער, ביי די חסידים איז ער געוואָרן פאַררעכנט פאַר א מאָדערנעם משכיל און אז ער איז אראָפּ פונעם דרך־הישר; האָבן זיי דאָס אויסגעדריקט מיט אָפּרעכענען זיך מיט אים דורך דער זעלבער מידה פון רדיפה. דאָס קומט אמבילטסטן ארויס אין איינעם פון זיינע בריוו צו פּראָף. שמעון דובנאָוו. דער בריוו איז דאַטירט ט"ו אלול, תרנ"ד און ר' מאָטל שרייבט דאָרט: „וע"ד שרוצה כבודו לכבדני לקרות בשמי אומנותי, מורה ללמד נערים, כיום הנני פה ולפנים הייתי כעשר שנים רצופות בווארשא

ולאדז וקבלתי פרס מחסידים ג״כ ואמרו הזהרו פן תגלו למקום גולה, לזאת מוחל אני על כבודי וידי עשה כטוב בעיניו ע״ד מנהגו לרשום בהערותיו מאין יצאן הדברים הנאמרים״ — בנוגע דעם וואָס איר ווילט מיך באערן און אָנגעבן מיין פראַפעסיע: מלמד פון יינגלעך, היינט צו טאָג בין איך דאָהי (אין מעזריטש, מ. ע.) און אמאָל בין איך געווען ארום צען יאָר נאָכאַנאַנד אין ווארשע און לאָדזש (ער איז דארט געווען מלמד, מ. ע.) און איך האָב אויך באקומען מיין געהאלט פון די חסידים, וועלכע האָבן צו מיר געזאָגט: זיי געוואָרנט טאָמער וועט איר פארטריבן ווערן צו א גלות־פלאַץ (שפירא האָט דאָ פאראפראזירט דעם גוט באקאנטן זאָג פון דעם תנא אבטליון אין פרקי אבות, א—י״א: „חכמים הזהרו בדבריכם שמא תחובו חובת גלות״. זאָל עס זיין אז די חסידים האָבן אים געשראָקן אין א מסירה? מ. ע.). דעריבער בין איך מוחל אויף מיין כבוד און מיין פריינט זאָל טאָן ווי ער פארשטייט אליין בנוגע זיין מנהג צו אָנגעבן אין די באמערקונגען (דעם מקור, מ. ע.) פון וואנען די זאכן שטאמען...״

**
*

א הארציקן יישר־כח דעם מעזריטשער לאנדסלייט פאראיין און מיינע חברים אין ארגענטינע, וועלכע האָבן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט דער־מעגלעכט דאָס דערשיינען פון דעם בוך. ספּעציעל די חברים און פריינט ה״ה אליהו באקאלאזש, מענדל פערלמאַן און חיים לייבמאַן, פאר זייער פער־זענלעכער מיטווירקונג, אז מיין ארבעט זאָל געפינען א תיקון.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן די ארבעט פון דעם קאָרעקטאָר מיכאל שמולעוויטש. צוליב טילטול הדרך האָב איך נישט געהאַט קיין גענוג צייט מגיה צו זיין דעם מאַנוסקריפּט און ער האָט דאָס משלים געווען מיט דער געהעריקער פארשטענדעניש און ליבע. מיין יישר־כח אויך דעם פריינט מרדכי בערנשטיין פאר זיין ארבעט פון צוגעבן די פּרושים און ראשי־תיבות צו די פאַטאָסטאַטן פון סוף בוך, וואָס איז פון אים געטון געוואָרן צוליב מיין אָפּוועזנהייט.

**
*

ואחרון, אחרון חביב. א דאַנק מיין פרוי שרה. אין די פיל מאָנאַטן פון מיין שווערער און מיזאמער ארבעט פון שרייבן דעם חיבור, האָט זי נישט גע־מאכט דעם באַרעכטיקטן פאַרוואורף, אז צוליב מיין ארבעט איבער דעם בוך, האָב איך פארנאכלעסיקט מיין פרנסה. זי האָט, ממילא, א גרויסן חלק אין מיין בוך. זאָלן, בכן, אלע וואָס האָבן געהאַט א חלק אין דער דערמעגלעכונג פון דער דאָ־זיקער געשיכטלעכער ארבעט — זיין געבענטשט.

**דער מחבר**

# אריינפיר

ווען מעזריטש דערשיינט צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע, איז שוין ליטע, פון וועמען מעזריטש איז דעמאָלט געווען א טייל (די ליטווישע טעריטאָריע האָט זיך אמאָל געגרענעצט מיט פוילן, ביי לוקאָוו און ווענגראָוו) — געוועזן: א. א שותף צו פוילן און ביידע האָבן געהאט א בשות־פותדיקע קעניגרייך; ב. ס'איז שוין אויך געווען נאָך דעם צוריקקער פון די יידן קיין ליטע, נאָך זייער גירוש אין יאָר 1496, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ארום אכט יאָר, צוליב וואָס די צוריקגעקומענע יידן האָבן געמוזט צאָלן א ספּעציעלן שטייער דעם קעניג — א חוץ דעם געוויינלעכן קאָפּ־שטייער וואָס אלע יידן האָבן געמוזט צאָלן — וועלכער האָט זיך טאקע גערופן „פאָווראָטני" (צו־ריקקער); ג. עס איז שוין אויך געווען נאָך דער שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגע־קומען אין דעם ועד חמש ארצות — קאָמיטעט פון פינף לענדער (גרויס־פוילן, קליין־פוילן, רייסן מיט פּאָדאָליע, אוקראַינע מיט וואָלין און ליטע). דער אויבנדערמאָנטער „ועד", וועלכער האָט רעפּרעזענטירט אלע יידן אין דער פאראייניקטער פּויליש־ליטווישער קעניגרייך, האָט זיך געשפּאָלטן אין 1623. פון דעם יאָר אָן, האָבן עקזיסטירט צוויי צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן גערעדט אינעם נאָמען פון די יידן. איין צענטראַל־קאָמיטעט האָט פאַרטראָטן די יידן פון ליטע און ער האָט זיך גערופן „ועד דקהילות הראשיות דמדינת ליטא" און דער צווייטער קאָמיטעט האָט פאַרטראָטן די יידן אין די איבערגעבליבענע פיר לענדער און ער איז געווען באַקאַנט מיט דעם נאָמען „ועד ארבע ארצות".

דער כאַראַקטער און די פונקציעס פון די ביידע ועדים זיינען געווען אויטענטיש. זיי זיינען געווען אָרגאַניזירט אויפן זעלבן שטייגער און האָבן דערפילט די זעלבע פונקציעס פאַר די יידן, וועמען זיי האָבן פאַרטראָטן. פון מאָל צו מאָל, פלעגן ביידע ועדים קאָאָפּערירן; דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין כלל־אינטערעסן, וואָס האָבן אָנגערירט דעם וווּיל־זיין פון אלע יידן, און דאָס איז געשען גאַנץ אָפט.

# די אָרגאַניזאַציע פון די קהילות

יידן, אין אַמאָליקן פּוילן, זיינען נישט געווען קיין דיסאָרגאַניזירטע מאַסע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. יעדער יידישער יחיד איז געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם יידישן כלל — סיידן ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יידנטום. אַלס א יחיד, איז ער געווען פאַרבונדן מיט דער לאָקאַלער קהילה פון זיין וווינאָרט; די קהילה אין זיין שטאָט, האָט געהאַט די פולשטענדיקע מאַכט איבער אים. אַלע יידן זיינען געווען אונטערגעוואָרפן זייערע קהילות, וועלכע האָבן געהאַט אַלע געזעצלעכע און אַמטלעכע רעכטן צו באַשטייערן די מיט־גלידער — ד. ה. אַלע יידן אין שטאָט; צו קאָנטראָלירן זייער לעבן, זיטן, האַנדל און פּראָפעסיע און זיי אויך משפטן פאַר עבירות — לייכטע ווי פאַר הארבע — אפילו מיט טויט־שטראָף.

נישט נאָר די שטאָט־יידן, נאָר אויך די יידן פון די סביבות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע קהילות, זיינען געווען אָרגאַניזירט. יעדע קהילה האָט געהאַט צו זאָגן איבער די סביבות, וועלכע זיינען איר אָנערקענט גע־וואָרן און צוגעטיילט געוואָרן. יידן פון די סביבות זיינען געווען אונטערגע־וואָרפן די קהילות, צו וועלכע מען האָט זיי צוגעטיילט. אין אַלע ענינים, סיי רעליגיעזע און סיי פינאַנציעלע און פּאָליטישע, זיינען זיי געווען אָפּהענגיק פון דער קהילה־פירערשאַפט.

אין שפּיץ פון דער קהילה, שטייען די פּרנסים (אויך גערופן „ראשים", אָדער „ראשי־הקהל"). די צאָל פון די פּרנסים, איז נישט גלייך אין אַלע קהילות. א טייל קהילות האָבן געהאַט צו דריי פּרנסים און ס'זיינען געווען אַנדערע קהילות וועלכע האָבן געהאַט פינף; די צאָל פון די פּרנסים איז געווען אָפּ־הענגיק פון דער חשיבות און גרויס פון יעדער קהילה. די פּרנסים האָבן אַמ־טירט לויט ראָטאַציע; יעדער פּרנס האָט אָנגעפירט מיט דער קהילה א חודש און איז געווען דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכער אין דעם חודש; דערפאַר פלעגט מען אים רופן „פּרנס־החודש". אין די שטעט, וואָס זיינען געווען קעניגלעכע, פלעגן די פּרנסים אָפּגעבן א שבועה פון לאָיאַליטעט צום קעניג און זייער וואַל האָט געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן פון דעם וואָיעוואָדאַ, וועלכער איז געווען דעם קעניגס פאַרטרעטער. אין פּריוואַטע שטעט איז דער וואַל פון פּרנסים, באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם פּריץ, צו וועמען די שטאָט האָט גע־הערט.

די פּרנסים (אין 18טן יאָרהונדערט פלעגט מען זיי טיטולירן אין פּויליש „בורמיסטזש קאַהאַלני" — קהלס בירגערמייסטער) האָבן אויסגעאַרבעט דעם בודזשעט און פאַרוואַלטעט מיט די קהלשע פינאַנצן. זיי, אָדער זייערע פאַר־טרעטער, זיינען געווען בייזיצערס אין דעם „יידישן געריכט" פון דעם וואָ־יעוואָדאַ, אָדער זיינע באַפולמעכטיקטע. די פּרנסים האָבן אויפגענומען רבנים,

דיינים, שוחטים, חזנים, שמשים און אנדערע קהילה־באאמטע. די פרנסים האָבן געהאַט דאָס רעכט, צו נעמען הלוואות פאַר קהל און צו צאָלן חובות. זיי האָבן געהאַט די פולע דעה איבער „חזקה", ד. ה. די רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט א געוויסער באשעפטיקונג — פאַרשטייט זיך — קעגן א באשטימטן אָפּצאָל לטובת דער קהילה. די פרנסים פלעגן אויך קלויבן פון צווישן זיך דעלעגאַטן צו די ועדי־הגלילות — קאָמיטעטן פון די קרייזן און צו דעם צענטראַל־קאָמיטעט; דהיינו, אין ליטע צום ועד ליטא און אין רעשט פוילן, צום ועד ד' (ארבע) ארצות.

אין אלע ענינים — כאָטש זיי האָבן געהאַט רעכט צו האנדלען לויט זייער איינזען — פלעגן זיי זיך באַראַטן מיט א ברייטערער רעפּרעזענטאַנץ פון דער לאָקאַלער יידישער באַפעלקערונג. די ראַזיקע רעפּרעזענטאַנץ איז באשטאַנען פון „קרואי העדה". אין קרוין־פוילן האָט מען זיי גערופן „קהל" און אין ליטע און רייסן (א. נ. רייסן מיינט מען נישט תמיד ווייס־רוסלאַנד, — גרויסע טיילן פון מזרח־גאַליציע זיינען אויך אמאָל גערופן געוואָרן רייסן) האָט מען זיי גערופן „עקורי־הקהל", אָדער „עקורים" (אזוי האָט מען זיי אויך גערופן אין מעזריטש).

א חוץ זיי, זיינען געווען נאָך כלערליי אמטן. דעם וויכטיקסטן אָרט נאָך די פרנסים, פאַרנעמען די „טובי העיר". אָדער „טובים". צו דעם אמט פלעגט מען געוויינלעך קלויבן, אין מערסטנטייל, געוועזענע פרנסים. זייערע פונקציעס זיינען געווען ארויסצוהעלפן די פרנסים. די פרנסים פלעגן דעלעגירן צו זיי א טייל פון זייערע פליכטן. אין געוויסע ערטער פלעגן עקזיסטירן וואַל־קאָמיסיעס (למשל, אין פויזן), וועלכע האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון א מין קאָנטראָל־קאָמיסיע איבער די טובים און פרנסים. עס זיינען אויך געווען קאָמיסיעס, וועלכע האָבן זיך גערופן „בעלי תקנות", וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען, מתקן צו זיין פאַרשידענערליי תקנות אין די אינטערעסן פון דער קהילה, אָדער צו רעווידירן אַלטע תקנות, וואָס האָבן זיך געגויטיקט אין אויסבעסערונגען. עס זיינען אויך געווען שומרי תקנות (אזעלכע האָבן אויך עקזיסטירט אין מעזריטש), וועלכע האָבן אויפגעפּאַסט אז די תקנות זאָלן פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן.

א חוץ זיי, האָט די קהילה געהאַט פאַרשידענערליי ממונים, גבאים און משגיחים; זיי האָבן אכטונג געגעבן אויף די סאַניטאַרע באדינגונגען צווישן יידן, אויף דעם געזונט־צושטאַנד, אויף כשרות, ערלעכע וואָגן און מאָסן, אויף די גוטע זיטן און אויף די מלמדים, אויף די וועכטער צו היטן דעם טויער פון דער יידישער געטאָ און אכטונג געגעבן מען זאָל נישט שטערן די רו ביינאַכט, ווען מענטשן דאַרפן שלאָפן. צווישן די אנדערע קאָמיסיעס, וואָס האָבן עקזיסטירט, זיינען אויך געווען, א רעוויזיע־קאָמיסיע — רואי חשבונות, וועלכע האָט נאָכקאָנטראָלירט די חשבונות פון קהל. און נאָך איינע, אין וועלכער

יידן אָן אויסנאַם זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, דאָס איז די קאָמיסיע פון „שמאים" — שאַצערס.

די דאָזיקע קאָמיסיע האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצומעסטן דעם שטייער, וואָס יעדער איינער האָט געדאַרפט צאָלן צו דער קהילה. דער שליסל צום שאַצן איז נישט אומעטום געווען גלייך. אין א טייל ערטער האָט מען גענומען אין באַטראַכט די גרויס פון דער משפחה און אין אַנדערע, ווידער, האָט מען זיך גערעכנט מיט דעם פינאַנציעלן מצב פון דער משפחה (דאָס איז געווען דער שליסל אין מעזריטש). די שאַצערס פלעגן זיך הייסן צושטעלן א חשבון פון די פאַרדינסטן און טיילמאָל פלעגן זיי זיך נישט פאַרלאָזן בלויז אויף דעם חשבון, וואָס איז זיי צוגעשטעלט געוואָרן, זיי פלעגן אויספרעגן שכנים און באַקאַנטע, וועגן דעם פינאַנציעלן מצב פון געוויסע יחידים, כדי צו קענען ריכטיק אויסמעסטן דעם שטייער, וואָס ער דאַרף צאָלן. אָרעמעלייט, אביונים, האָבן נישט געצאָלט קיין שטייערן; אפילו דעם קאָפּ־שטייער, האָט די קהילה געצאָלט פאַר זיי.

דער רב אין שטאָט, איז געווען די העכסטע אויטאָריטעט; זיין פּסק־דין איז געווען געזעץ. אָפּטמאָל פלעגט מען זיך באַנוצן מיט דעם שאַרפסטן מיטל: חרם; אָבער, די פרנסים האָבן מיט דער צייט צוגענומען פון דעם רב דעם כוח פון אַריינלייגן עמיצן אין חרם, אָן דער צושטימונג פון די ראשי הקהילה. די דאָזיקע „רעוואָלוציע" קעגן דער אויטאָריטעט פון די רבנים, האָט געהאַט סיי א פּאָזיטיוון און סיי א נעגאַטיוון רעזולטאַט; וואָרום, די פרנסים זיינען דורכדעם געוואָרן ווייניקער געצוימט און האָבן געקענט טאָן א סך זאַכן, וואָס זיינען נישט געווען לטובת הקהל.

נישט אַלע באַאַמטע פון קהל זיינען געווען פון גלייכן ראַנג. דער שמש פון קהל („שקאָלניק") האָט פאַרנומען א וויכטיקן אַמט אין דער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פון דער קהילה. ער איז אייגנטלעך געווען דער שליח, אָדער, קהלס פאָרשטייער לגבי די אָרטיקע רעגירונגס־אַמטן — דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג און דאָרט וווּ עס האָט געהערשט א פּריץ — אויך לגבי דעם פּריץ. ער איז, בכן, געווען א מין „שתדלן" פון קהל אין לאָקאַלע ענינים.

יעדע קהילה, האָט צווישן אַנדערע באַאַמטע, געהאַט א „נאמן". ער איז געווען דער קאַסירער פון אַלע שטייערן. פיל מאָל, איז איינער פון די דיינים, טאַקע געווען דער נאמן. קהל האָט אויך אויסגעהאַלטן א רופא, וועלכער האָט געהיילט אָרעמע חולאים אָן געלט, אויפן חשבון פון קהל; א שערער, א הייבאַם און אן אַפּטייקער.

# שטייערן

אלע יידן האָבן געצאָלט דרייערליי שטייערן צו דער קהילה. זיי זיינען געווען: א. „סכום"; דאָס איז געווען דער שטייער, וואָס יידן האָבן גע־דארפט אריינטראָגן אין „סקארב" (פינאנץ־מיניסטעריום). דער שטייער האָט גערעקט דעם אזויגערופענעם „כרגא דמלכא", אָדער קאָפּ־שטייער. די אויבנ־דערמאָנטע שמאים פלעגן אויסמעסטן דעם שטייער. ב. אַן אומדירעקטער שטייער אויף פלייש, ווייז א. א. ארטיקלען, אָדער קהילה־דינסטן, וואָס איז געווען באקאנט אונטער דעם נאָמען קאָראָבקע. ג. דער חזקה־שטייער. תחילת, איז דער דאָזיקער שטייער איינגעפירט געוואָרן אלס מיטל צו רעגו־לירן און אויסצומיידן די אומגעזונטע קאָנקורענץ צווישן יידן, ביים דינגען כלערליי ארענדעס פון די פריצים, אָדער פון קעניג; שפּעטער — משמעות אונטער דעם שווערן לאסט פון די אומדערטרעגלעכע שטייערן, כלערליי מתנות און לאַ־יחרץ־געלט, וואָס יידן האָבן געמוזט איינצאָלן — איז די חזקה געוואָרן נאָך א מקור פאר עקסטרא קהילה־שטייערן, כדי אזוי ארום צו קענען דעקן די הוצאות פון דער קהילה. פון דעמאָלט אָן, האָט קיין ייד נישט געקענט זיך פארנעמען מיט א וואָסער עס איז באשעפטיקונג, אזוי לאנג ווי ער האָט נישט אָפּגעצאָלט דער קהילה דעם חזקה־שטייער; אפילו מלמדים, האָבן גע־מוזט צאָלן חזקה־געלט.

# ווער האָט געהאט רעכט צו וויילן און געווילט צו ווערן

זינט די קהילה האָט געהאט אזא אבסאָלוטע מאכט איבער אירע יידן, איז עס געווען א נאטירלעכע זאך, אז די פירערשאפט זאָל ווערן דער ציל און די אמביציע פון יעדן קהילה־מיטגליד. די גבירים האָבן, נאטירלעך, גע־וואָלט זיין די פירער (זיי זיינען עס טאקע אויך געווען אין רוב פאלן); וואָ־רום, עס איז געווען א גוטע סגולה פאר פרנסה, טאָן גוטע שידוכים א. א. גוטע זאכן פון זעלבסטנוצן. דער אָרעמאַן, ווידער, האָט אויך געהאט זיין רעכט; אזוי לאנג ער האָט געצאָלט זיין שטייער, איז ער געווען א בעל־הבית. און אפילו ווען ער איז נישט געווען ביכולת צו צאָלן, האָט ער אויך געהאט א שאנס צו וויילן און געווילט צו ווערן, אויב ער איז געווען א תלמיד־חכם. פלעגט טאקע אויף דעם געביט פון באהערשן די קהילות, פאָרקומען רייבונ־גען צווישן רייכע און אָרעמע און אפילו צווישן דער אינטעליגענץ און די רייכע; וואָרום, די קהילה־פירער פלעגן אמאָל אויסנוצן זייערע פּאָזיציעס און אָנשטעלן רבנים פון זייערע אייגענע: זין, איידעמס, אָדער קרובים. אמאָל פלעגן די פּרנסים פארקויפן דאָס רבנות און מאכן פון דעם א קוואַל פון הכנסה.

קיין אלגעמיינער כלל, ווי אזוי די וואלן זאָלן דורכגעפירט ווערן און ווי אזוי צו פארהיטן, קעגן דער העגעמאָניע פון איין שיכט, אָדער אפילו יחידים, איז נישט געווען. עס האָבן געגילט די לאָקאלע תקנות פון יעדן אָרט. פון שאלות ותשובות, וואָס געפינען זיך אין פארשידענע רבנישע ספרים, ווייסן מיר, אז בדרך כלל פלעגן די רבנים פארטיידיקן די אינטערעסן פון כלל. טאקע אין דעם בארימטן שו"ת־ספר „צמח צדק", געפינען מיר א שאלה פון די פירער פון א קהילה, וועלכע פרעגן זיך אָן ביים צמח צדק, וואָס צו טאָן אין דער וואל־פראגע; זיי ווילן באגרעניצן די רעכט פון די אָרעמע; היות די קהילה קאָסט זיי גאָר ווייניק, פארוואָס זאָלן זיי האָבן אזא דעה אין די פינאנץ־ענינים פון קהל, אויפן חשבון הגביר? דער רב ענטפערט, אז דאָס איז פארבאָטן, וויבאלד דער מנהג איז ביז איצט געווען לטובת די אָרעמע. מיר זעען פון דעם, צוויי זאכן: ערשטנס — די קהילה־פירערס האָבן נישט גע־וואגט צו טאָן א זאך אויף זייער אייגענעם אחריות, אָן א פסק־הלכה פון א גרויסן רב; דאָס מיינט צו זאָגן, אז דער דין איז געשטאנען ווי א שומר איבער די יידן און זיי פארטיידיקט קעגן שלעכטע פירער. צווייטנס — דער יידי־שער דין איז געווען קאפאבל צו נעמען שטעלונג אין אזעלכע פראגן, וואָס רירן נאָך היינט אָן די סאמע יסודות פון דער געזעלשאפט; וואָרום, די רעכט פון וויילן און אויסגעוויילט צו ווערן, איז נאָך עד היום נישט פולשטענדיק פארענטפערט. נאטירלעך, זיינען אויך געווען געוויסע רבנים, וועלכע האָבן ארויסגעוויזן טענדענצן, וואָס האָבן נישט געמאכט קיין גוטן נאָמען פאר יענע רבנים.

אויך דער ועד ארבע ארצות האָט גענומען שטעלונג צו די דאָזיקע איבלען. מיר געפינען זייער שארפע תקנות, קעגן רבנים און קהילות, וועלכע האנדלען מיט רבנות־שטעלעס. אויך איינצעלנע קהילות, האָבן גענומען שטעלונג צו דער פראגע (אין מעזריטש איז געווען א חרם — ווי מיר וועלן שפעטער וועגן דעם שרייבן) און די תקיפים פון די קהילות זיינען געצווימט געוואָרן אין זייערע אפעטיטן. נישט איינמאָל פלעגן אויסברעכן „רעוואָלטן" פון עמך און נישט געקוקט אויף די הארבע תקנות, צו דערשטיקן די רעוואָלטן (אפשר צוליב מורא פאר דעם צוזאמענברוך פון די קהילות און די דראָענדיקע הפקרות, וואָס אזא צוזאמענברוך וואָלט גורם געווען) — איז דאָס נישט געלונגען. עס איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אז לגבי די אומות העולם אין יענע צייטן, זיינען מיר געווען אומפארגלייכבאר דעמאָקראטישער.

איבער די קהילות זיינען געשטאנען די ועדי־הגלילות — קרייז־קאָמיטעטן. די דאָזיקע קאָמיטעטן זיינען באשטאנען פון דעלעגאטן, וועלכע זיינען גע־קליבן געוואָרן אויפן צוזאמענפאָר פון די ראשי־הקהילות פון דעם קרייז און פון ספעציעל דעלעגירטע. דער הויפט פון דעם ועד־הגליל האָט געטראָגן דעם טיטול „פרנס הגליל". דער ועד־הגליל פלעגט זיך צונויפקומען איין מאָל אין

יאָר און זיך באַראַטן וועגן אַלע לויפנדיקע ענינים, וואָס זיינען נוגע דעם קרייז. דעמאָלט פלעגט מען אויך אויסמעסטן די שטייערן פאַר יעדע קהילה, וועלכע איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם גליל און דיסקוטירן פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט. דער ועד־הגליל האָט געהאַט אַ קרייז־רב (אב״ד הגליל), אַ מלוכה־שתדלן, אַ שרייבער, שמשים און אַ נאמן (קאַסירער). איבער די ועדי־הגלילות איז געשטאַנען דער צענטראַל־קאָמיטעט; אין פּוילן — דער „ועד ארבע ארצות״ און אין ליטע — דער „ועד דקהילות הראשיות דמדינת ליטא״.

די דאָזיקע צענטראַלע קערפּערשאַפטן זיינען באַשטאַנען פון דעלעגאַטן פון די ועדי־הגלילות (קרייז־קאָמיטעטן). די גרעסטע קהילות, פלעגן שיקן צו 4 דעלעגאַטן, קלענערע — צו צוויי און די קלענסטע — צו איין דעלעגאַט. אויך די קהילות, וועלכע זיינען געווען זעלבסטשטענדיק און נישט געווען אָפּהענגיק פון די ועדי־הגלילות (אַזאַ קהילה איז אויך געווען מעזריטש), האָבן אויך געשיקט צו איין דעלעגאַט.

לויט דר. י. שיפּער (1) — איז דער ועד ארבע ארצות, קיינמאָל נישט באַשטאַנען פון מער ווי 70 מיטגלידער און זיין אויספיר־אָרגאַן, וואָס האָט אַמטירט צווישן איין פאַרזאַמלונג פון ועד צו דער צווייטער — איז באַשטאַנען פון 23 מיטגלידער. ער דערקלערט עס מיט דעם, וואָס די יידן האָבן געוואָלט, אַזוי־אַרום, אָנהאַלטן די טראַדיציע פון דעם סנהדרין, וועלכער איז, בידוע, באַשטאַנען פון 70 מיטגלידער און די סנהדריה קטנה, האָט געציילט בלויז 23 מיטגלידער.

דער ועד ארבע ארצות און דער ועד ליטא, זיינען געווען אָרגאַניזירט לויט דעם מוסטער פון די ועדי־הגלילות. דער עלטסטער פון דעם ועד האָט געטראָגן דעם טיטול — „פּרנס ועד ארבע ארצות״ און אין ליטע — „פּרנס ועד דקהילות הראשיות דמדינת ליטא״. פּאָלאַקן פלעגן דעם פּרנס פון ועד ארבע ארצות טיטולירן „מאַרשאַלעק זשידאָוו קראַנניך״. דעם הויפּט־קאַסירער האָט מען גערופן נאמן ב״י (בית ישראל). ביים הויפּט־ועד, איז געווען טעטיק אַ בית דין עליון, וואָס איז געווען די העכסטע רעליגיעזע אינסטאַנץ און אויך דער העכסטער „אַפּיעל געריכט״. דער דאָזיקער בית דין עליון, האָט רעגולירט דאָס יידישע לעבן און געגעבן זיין סאַנקציע אויף פאַרשידענע פּסקים, וואָס האָבן צייטנווייז געענדערט דעם כאַראַקטער פון „עיקרי דינים״. דער באַקאַנטער אויפטו פון „היתר־עיסקא״, וואָס דערלויבט יידן צו געבן געלט אויף פּראָצענט, איז באַזירט אויף דער הנחה, אַז דער מלוה ווערט אַ שטילער שותף צום געשעפט פון דעם לווה, איז אריין אין קראַפט, מיט דער בפירושער סאַנקציע פון דעם בית דין עליון.

די באַראַטונגען פון די ועדים פלעגן פאָרקומען בעת די גרויסע ירידים (למשל, יריד גראָמניטץ אין לובלין). די ירידים פלעגן שפּילן אַ וויכטיקע

ראַל; וואָרום, ס'פלעגן זיך דאָרט צונויפפאָרן סוחרים פון ווי ווייט, הויכע מלוכה־באַאמטע און פריצים, רבנים און ראשי־ישיבות. האָט מען דערפאַר אהינצו געֶרופן די זיצונגען פון די ועדים — אי ווייל ס'איז געווען באַקוועמער און אי דערפאַר — ווייל גאַנץ אָפט, האָט מען טאַקע אויפן אָרט געקענט דערלייזן א סך וויכטיקע ענינים. עס איז איבעריק צו זאָגן, אז אויף די ירידים פלעגט זיצן א בית־דין און פּסקענען שאלות און אויסהערן דיני־תורות, נישט נאָר צווישן יחידים, נאָר אויך צווישן קהילות און זייערע ועדי־הגלילות און אפילו מיט דעם ועד ארבע ארצות.

אין צענטער פון די בּאַראַטונגען פון די ביידע צענטראַל־קאָמיטעטן (אויך פון די ועדי־הגלילות), איז תמיד געשטאַנען די שווערע און שטענדיק ברענענדיקע פראַגע פון פינאַנצן. דער ועד ארבע ארצות און דער ועד ליטא, זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם קאָפּ־שטייער, וואָס יידן האָבן גע־מוזט צאָלן דעם סקאַרב. א חוץ דעם, האָט דער ועד געדאַרפט צוטיילן נאָך און נאָך פינאַנציעלע מתנות צו פאַרשידענע מלוכה־באַאמטע, וועלכע האָבן געקענט טאָן א טובה, אָפּשרייען א גזירה וכדומה. דער ועד איז געווען שול־דיק חובות, וואָס ער פלעגט מאַכן סיי ביי יידן און סיי ביי נישט־יידן; האָט מען געדאַרפט אָפּצאָלן די חובות מיט די פּראָצענטן, וואָס זיינען געווען הויך. עס איז, אגב, כדאי צו באַמערקן, אז די יידישע אויטאָנאָמיע אין פּוילן, איז נישט געווען דער רעזולטאַט פון א פּאָליטישן ליבעראַליזם, וואָס האָט אין פּרינציפּ אָנערקענט די רעכט פון א נאַציאָנאַלער מינדערהייט, אויסצולעבן זיך אין די ראַמען פון זיינע רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און קולטורעלע הצטרכותן; נאָר איז געווען א רעזולטאַט פון ריינע עקאָנאָמישע חשבונות מצד פּוילנס מלכים. די פּוילישע מלכים האָבן איינגעזען, אז דאָס אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער פון די יידן, איז צו קאָמפּליצירט — האָבן זיי עס צוערשט איבער־איבערגעגעבן צו א ספּעציעל באַשטימטן ייד און פון דעם איז ביסלעכווייז ארויסגעוואַקסן די אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפט, וועלכע איז אין איר יסוד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין'עם אָרגאַניזם, וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם יידישן שטייער. טאַקע מחמת דעם, איז די אויטאָנאָמיע אויך בטל געוואָרן אין שפּעטערע יאָרן, ווייל די צענטראַל־קאָמיטעטן האָבן מער נישט געקענט צונויפברענגען דעם שטייער.

די שמאים פון דעם ועד ארבע ארצות און ועד ליטא, פלעגן באַשטימען דעם סכום, וואָס יעדער גליל מוז אריינטראָגן אין דער קאַסע פון ועד און אויך באַשטימט די קהילות, וועלכע זיינען אונטערגעוואָרפן דעם גליל און די סביבות וועלכע זיינען אונטערגעוואָרפן די קהילות, פון וועמען זיי האָבן גע־האַט א רעכט אויפצומאָנען דעם קאָפּ־שטייער.

נאַטירלעך, איז דער שטייער נישט געווען דער איינציקער פּונקט אויפן סדר־היום; די ועדים האָבן געהאַט נאָך א סך אנדערע פונקציעס, וואָס

זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם אָפיציעלן סטאַטוס פון דעם ועד, אַלס די אָפיציעלע רעפּרעזענטאַנץ פון דעם פּוילישן יידנטום לגבי דעם קעניג, זיינע מיניסטאָרן און באַאמטע, דעם סיים, דעם מלוכה־טריבונאַל און דער קירך, אין וועמענס הענט עס איז אָפט געליגן דער יידישער גורל. אָפטמאָל האָט מען געמוזט אָפּשרייען גזירות, בטל־מאַכן בילבולים — ווי עלילת־דם, אָדער דעם בילבול, אַז יידן האָבן פאַרשוועכט דאָס הייליקע ברויט א. ד. גל.; און בכלל פאַרגרינגערן דעם שווערן יאָך, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געדריקט אויף די פּוילישע און ליטווישע יידן — און ווי שוין געזאָגט, — האָט דער ועד אויך געדאַרפט מאַכן תקנות צו רעגולירן דאָס אינערלעכע לעבן פון די יידן.

אַן אויספירלעכע דערקלערונג וועגן די טעטיקייטן פון די ועדים, וועט אונדז צו ווייט פאַרפירן; אָבער עס וועט זיין גענוג צו זאָגן אָט־וואָס: אַזוי מלוכה'ש און פאַרצווייגט איז געווען די טעטיקייט פון דיביידע ועדים, אין ליטע און אין רעשט פּוילן, אַז ס'איז ווירקלעך געווען א מין מלוכה אין א מלוכה, אין אַלץ וואָס האָט געהאַט א שייכות צום אינערלעכן לעבן פון די יידן. אַזוי ווייט האָט געגרייכט דער איינפלוס פון דעם ועד ארבע ארצות צי פון ועד ליטא, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, פלעגט זיך באַטייליקן אין זייערע זיצונגען, דער פינאַנץ־מיניסטער און אַנדערע הויכע מלוכה־באַאמטע. די זי־צונגען פלעגן, גאַנץ אָפט, אָפּגעהאַלטן ווערן אין דער שטאָט, וווּ עס האָט זיך געפונען דער פינאַנץ־מיניסטער. די מלוכה האָט אָנגעהויבן צו האַלטן אַן אויג אויף די באַשלוסן פון דעם ועד און נישט תמיד, זיינען זיינע באַשלוסן געוואָרן סאַנקציאָנירט פון דער מלוכה.

## די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון די יידן אין פּוילן און ליטע

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטרוקטור פון די יידן אין פּוילן און ליטע, אין 16טן און 17טן י. ה. (דאָס איז די צייט ווען מעזריטש דערשיינט אַלס יידי־שער ישוב), איז אין אַלע הינזיכטן געווען אַנדערש פון דער, וואָס האָט עק־זיסטירט סיי אין פּוילן און סיי אין ליטע, אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער. די אַנדערשקייט איז געווען א רעזולטאַט פון א ריי סיבות. אין 16טן און אין 17טן י. ה. האָט זיך דער יידישער ישוב אין פּוילן און ליטע שטאַרק פאַר־גרעסערט. נישט נאָר האָט זיך דער ישוב פאַרגרעסערט פון דעם נאַטירלעכן צוּוואוקס — נאָר אויך, און אפשר הויפּטזעכלעך, — פון דער גרויסער יידי־שער איינוואַנדערונג קיין פּוילן. אין 16טן י. ה. קומען פאַר א צאָל גירושים פון יידן פון די דייטשע פּראָווינצן. מען טרייבט אויך אַרויס די יידן פון עסטרייך, פון טשעכיע און פון שלעזיע. יידן לאָזן זיך אין מחנות, הויפּטזעכ־לעך, קיין פּוילן. די אַלטע יידישע ישובים ווערן פאַרגרעסערט און עס אַנט־

שטייען אויך נייע ישובים. לויט דר. י. שיפּער — זאָל די צאָל יידן אין מלכות פּוילן, ערב די גזירות ת״ח ות״ט און די אנדערע שחיטות וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט, — האָבן געגרייכט צו אן ערך פון א האלבן מיליאָן נפשות. אויפן סמך פון דער דאָזיקער מיינונג, קומט אויס, אז נישט ווייניקער פון 300.000 יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אין יענע שחיטות (2).

אויך די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג, האָט געווירקט אויף דער דאָזיקער אנדערשקייט. יידישע פּרנסות זיינען געווען פילפארביקער און פארשידנארטי־קער. יידן דרינגען אריין אין פארשידענע פאכן; כאָטש די פּוילישע צעכן קעמפן קעגן די יידן און זייערע צעכן טוען אלץ צו פארווערן די יידן צו פארנע־מען זיך מיט מלאכה — שטייגט די צאָל פון יידישע האנטווערקער און די פארשידנארטיקייט פון די מלאכות. יידן שפּילן א וויכטיקע ראָל אין דעם אויסלענדישן האנדל און דער דריטער וויכטיקסטער מקור פון פּרנסה, איז פאכטעריי. יידן האלטן אין ארענדע גוראלניעס, ביר־ברויזן, שענקען און פיל אנדערע ארענדעס. דער גאנץ רייכער יידישער קלאַס האלט נאָך אויך ווייטער אָן — אליין צי מיט נישט־יידישע שותפים — מלוכה־ארענדעס, גאנץ ספּע־ציעל אין ליטע און אין די דרום־פּראָווינצן. אָבער דווקא די סאָרט ארענדעס, ווערן קנאַפּער און קנאַפּער. א דאנק דעם אדל־שטאנד, וואָס ווערט מעכטיק און דער סיים נעמט אָן, צום סוף, א פארבאָט קעגן געבן מלוכה־ארענדעס צו יידן. אפילו דער ועד ארבע ארצות זעט זיך געצוואונגען אָנצונעמען הארבע באַ־שלוסן קעגן יענע יידן, וועלכע ווילן האלטן אזעלכע ארענדעס, מחמת מורא פאר די פּריצים. וועלכע ווערן איצט די ארענדאטאָרן פון די מלוכהשע קאָנצע־סיעס. דערפאר, קענען די פּריצים אליין נישט אויסקומען אָן די יידן, צו ווע־מען זיי גיבן ארענדעס און פארפאכטן זייערע גיטער. אויך לאנדווירטשאפט איז נאָך אלץ א וויכטיקער פּרנסה־צווייג פאר א גאנץ באדייטנדיקע צאָל יידן אין די מזרח־פּראָווינצן פון פּוילן און, בעיקר, אין ליטע.

אויך די רעכטלעכקייט פון די יידן אין פּוילן איז געווען אנדערש. דער וווּקס פון די יידישע ישובים אין פּוילן, האָט געפירט צו דעם באזעצן פון יידן אויף פּריציש באָדן. אזוי לאנג ווי דער יידישער ישוב אין פּוילן איז געווען א קליינער, האָט ער זיך, אין מערסטנטייל, קאָנצענטרירט אין די קעניגלעכע שטעט; די יידן זיינען דעריבער געווען אונטערגעוואָרפן דעם קעניג; אויסער אים און זיינע פארטרעטער האָט קיינער נישט געהאט קיין שליטה איבער די יידן; זיי זיינען געווען דעם קעניגס אייגנטום און ער האָט זיי געשיצט ווי זיין אייגנטום, וועלכן ער האָט מורא געהאט צו פארלירן, צוליב די הכנסות, וואָס די יידן האָבן אריינגעבראכט אין זיין שאַץ־קאַמער. די יידן האָבן אזוי ארום געהאט אן איינהייטלעכן רעכטלעכן סטאטוס.

מיט דעם אויסשפּרייטן זיך פון די יידישע ישובים איבער פּריצישע דער־פער און שטעט, זיינען זיי געוואָרן „אונטערטאנער" פון די פּריצים. אייגנט־

לעך זיינען די יידן געוואָרן אַנגעוויזן אויפן חסד פון די פּריצים, אַזוי גיך ווי זיי האָבן זיך באַזעצט אין זייערע דערפער און שטעט; נאָר, מיט דעם אונ־טערשייד — ביז 1539, זיינען זיי לעגאַל נאָך אַלץ געווען אונטער דעם קעניגס שוץ. יידן וואָס האָבן געוווינט אין פּריצישע שטעט און דערפער, האָבן געקענט אַפּעלירן צום קעניג נאָך שוץ קעגן דעם פּריץ. אָבער, ווען די פּריצים האָבן אין יאָר 1539 אָפּגעהאַלטן אַ זיג אין דעם פּיעטרקאָווער סיים און דער קעניג האָט נאָכגעגעבן דעם פּאַרלאַנג פון דער שלאַכטע, צו דערקלערן אַלע יידן וועלכע וווינען אויף זייער באָדן, אַלס אַבסאָלוטן אייגנטום פון דעם פּריץ און זיי געשטעלט אין דער זעלבער לאַגע ווי דעם פּויער, איבער וועמען דער פּריץ האָט געהאַט אומבאַגרענעצטע רעכט — איז זייער לאַגע געוואָרן אַ שווערע, אַן אַנדערשדיקע.

דער דאָזיקער נייער געזעץ, האָט געשאַפן אין פּוילן צוויי־ערליי יידנטומס: יידן וואָס האָבן געוווינט אין קעניגלעכע שטעט, זיינען געשטאַנען אויף אַ העכערן רעכטלעכן שטאַפּל, בעת די יידן אין די פּריצישע שטעט און דערפער האָבן רעכטלעך טיף געזונקען. די יידן אונטער דער פּריצישער הערשאַפט האָבן נישט גענאָסן פון קיין איינהייטלעכן סטאַטוס, זיי זיינען געווען אויס־געשטעלט אויף די קאַפּריזן פון דעם פּריץ; איז דער פּריץ געווען אַן איידעלער און געהאַט אַ מענטשלעכע באַציונג צו יידן — האָט ער זיינע יידישע „אונ־טערטאַנען" אויך גוט באַהאַנדלט און זיי געשטיצט קעגן זיי׳ערע פּיינט, די „מיעשטשאַנעס", די צעכן, די קירכלעכע אָרדנס און סתם אַנטיסעמיטן; איז ער געווען אַ יידן־פּיינד, אָדער סתם אַ געמיינער מענטש — האָט ער זיך איזדעקעוועט איבער זיינע יידן און דורך שאַנטאַזש־מיטלען אויסגעפּרעסט געלט פון זיי. דאָס איז געווען דער אָנהויב צו די גרויזאַמע מעשים, וואָס די פּריצים זיינען באַגאַנגען לגבי יידן, ספּעציעל לגבי זייערע אַרענדאַרן, וועלכע זיי האָבן פאַרשפּאַרט אין תפיסות און זיי געהאַלטן, ביז מען האָט זיי אויס־געלייזט פאַר גוט געלט. די יידישע ליטעראַטור, גאַנץ באַזונדערס די חסידישע, איז רייך אין מאַטעריאַלן וועגן דער דאָזיקער תקופה.

קעגן די דאָזיקע אַכזריותן זיינען די יידן געווען מאַכטלאָז. פון זינט זיי זיינען געוואָרן דאָס אייגנטום פון דעם פּריץ — איז אַראָפּגענומען גע־וואָרן די קעניגלעכע שוץ פון זיי. טאַקע אין יענעם געזעץ, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז דער קעניג ציט צוריק זיין שוץ פאַר די פּריצישע יידן — ווערט אָנגעגעבן די זייער לאָגישע סיבה: „אויב מיר האָבן נישט פון זיי (פון די פּריצישע יידן) קיין שום נוצן, קומט זיי אויך נישט קיין שוץ" (3). עס איז ווידעראַמאָל גילטיק דער גוט־באַקאַנטער כלל — דער ייד איז פאַר דעם קעניג געווען אַ מיטל צו באַרייכערן זיין קאַסע; אין בעסטן פאַל, אַ מיטל צו העלפן אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד; נישט ליבעראַליזם, נישט אַ מענטשלעכע באַציונג, נאָר גאַנץ פּשוט — געשעפט.

עקאָנאָמיש, האָט זיך די לאַגע פון די יידן, מיט זייער איבערגאַנג צו די פּריצים, נישט געענדערט. געווען אויך פאַלן, ווען דווקא אונטער דער פּריצי־שער הערשאַפט, פלעגן זיי גיכער קענען בייקומען דעם אַנטיסעמיטישן ווי־דערשטאַנד.

פּונקט ווי די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פּריצישע יידן איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע, אַזוי איז זייער עקאָנאָמישע לאַגע אין די קעניגלעכע שטעט נישט געווען קיין איינהייטלעכע. אין די קעניגלעכע שטעט, איז דער קאַמף פון די „מיעשטשאַנעס״ (שטאָטישער קלאַס), פון די צעכן און פון דער קירך קעגן די יידן, געווען אַ שטאַרקערער און אויך אַ מער עפעקטיווערער. די מיעשטשאַנעס — אין זייער קאַמף קעגן דעם יידישן האַנדל — פלעגן, נישט זעלטן זיך לאָזן קאָסטן געלט ביים קעניג, כדי ער זאָל צונעמען פון זייערע יידן די קעניגלעכע פּריווילעגיעס. דער קעניג פלעגט גאַנץ אָפט נאָכ־קומען די דאָזיקע אַנטי־יידישע פאָדערונגען. אָבער, אַזעלכע גזירות האָבן נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און עס איז ווידעראַמאָל אויסגעגאַנגען צו דער קע־שענע. יידן פלעגן געבן ווידעראַמאָל געלט צום קעניג און ער האָט די פּריי־ווילעגיעס באַנייט. איבערהויפּט שאַרף איז דער קאַמף געווען אין די גרויסע קעניגלעכע שטעט; אין קליינע שטעט איז די לאַגע פון די יידן געווען אַ בע־סערע: דער סטאַראָסטע, וועלכער האָט אין די קליינע שטעט פאַרטראָטן דעם קעניג — פלעגט נישט דערלאָזן צו יידן־נגישות. פאַרשטייט זיך, אַז אויך ער האָט דערפאַר באַקומען מתנות.

## די גזירות ת״ח און די אַנדערע שחיטות אויף יידן

אויב ביז דעם ערשטן העלפט פון 17טן יאָרהונדערט, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן שטאַרק פאַרגרעסערט — האָט זיך ביים אָפּשלוס פון דעם ערשטן העלפט פון דעם 17טן י. ה. — די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט לרעה. אין יאָר ה׳ ת״ח (1648), ברעכט אויס דער אויפשטאַנד פון די קאָזאַקן, אָנגעפירט פון העטמאַן באָגדאַן (חמיל) כמיעלניצקי. אומעטום וווהין כמיעלניצקי מיט זיינע באַנדעס האָבן געגרייכט, האָבן זיי אויסגעהרגעט די יידן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. די צאָל פון אויסגעקוילעטע יידן, איז אַ שווידערלעכע. אַ טייל כראָניקער גיבן אָן די גיגאַנטישע צאָל פון 600.000 נפשות. די צאָל איז שטאַרק איבערגעטריבן. דער באַרימטער רב שבתי כהן (באַקאַנט אַלס ש״ך — שפתי כהן — אַ פּירוש אויף שולחן ערוך), וועלכער האָט אַליין מיטגעמאַכט די שווידערלעכע פּאָגראָמען און פאַרלוירן אַ טאָכטער ווען ער איז אַנטלאָפן — גיט אָן אין זיין באַרימט ווערק מגילת עיפה, אין וועלכן ער באַשרייבט זיינע איבערלעבענישן, אַז די צאָל פון די אויסגעהרגעטע יידן איז געווען אַרום 100.000.

די יידן האָבן נאָך נישט באַוויזן צוריקצוקומען צו זייערע כוחות פון דעם דאָזיקן חורבן, ווען א נייער אומגליק טרעפט זיי אויפסניי. אין 1654 באַנייט כמיעלניצקי דעם אויפשטאַנד; מיט אים גייען די רוסן און ווידעראַמאָל ווערן יידן געמאָרדעט און זייערע פאַרמעגנס צוגערויבט. אין 1656 פאַרנעמען זיי ווילנע און הרגענען אויס אַלע יידן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון שטאָט. פון דאָרט מאַרשירן די באַנדעס אויף די פוילישע פּראָווינצן און פאַרוויסטן אַלע יידישע ישובים, וועלכע זיי טרעפן אויף זייער וועג. טאָמער איז דאָס נישט גענוג — ווערן יידן באַרויבט און געמאָרדעט פון פוילישע סאָלדאַטן, אונטער טשאַרניעצקיס קאָמאַנדע און אין זעלבן יאָר, ווערט פוילן באַפאַלן פון שוועדישע חיילות, וואָס קומען העלפן א טייל פון דער שליאַכטע וועלכע האָט זיך צעבונטעוועט קעגן דעם קעניג. די שוועדן שטייען נישט אָפּ פון זייערע מזרח־קאָלעגן אין דער מלאכה פון מאָרד און רויב און ווידעראַמאָל זיינען די יידן די ערשטע צו ליידן. די אָרטיקע באַפעלקערונג געפינט א שעת־הכושר זיך אָפּצורעכענען מיט די יידן, און זיי העלפן צו רויבן און מאָרדן.

יידן זיינען אין אַלע מלחמות געווען צווישן די לאָיאַלסטע פּאַרטיידיקער פון דער מאַכט. יידן האָבן אויך געקעמפט קעגן די שוועדן מיט שווערד און וואָפן; אָבער, דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן דער קירך אויסצונוצן דעם כלומרשטן נס פון דער „טשענסטאָכאָווער מאַמע" קעגן די שוועדן, צו העצן קעגן די יידן. דער נס איז א באַווייז — האָבן גלחים געהעצט — אַז דער קאַטויליִשער גלויבן מוז א סוף מאַכן צו די אומגלויביקע. אומגלויביקע זיינען געווען א סך; אָבער בעת יענע אומגלויביקע זיינען געווען פּאַלאַקן און אפילו מעכטיקע פּריצים און סתם נישט־יידן, מיט וועמען די קירך האָט זיך נישט געאיילט צו טשעפּען צוליב מורא — האָט מען פאַר יידן נישט מורא געהאַט און די קירכע האָט געהעצט און גערופן צו פּאָגראָמען.

פון די אַלע שחיטות און חורבנות איז דאָס פּוילישע יידנטום שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן; נומעריש איז זייער צאָל געפאַלן, פון אַן ערך א האַלבן מיליאָן, אויף 182.000 (4), און דאָס יידישע האָב און גוטס איז צוגערויבט געוואָרן.

שטאַרקער פון אַלעמען האָבן די אומאויפהעריקע מלחמות געטראָפן דעם שטאָטישן עלעמענט, די הענדלער. די מיעשטשאַנעס, וועלכע זיינען אויך געטראָפן געוואָרן פון די מלחמות, האָבן איצט נאָכמער געדריקט און באַקעמפט די יידישע הענדלער און עס האָט געבראַכט צו דעם, אַז א סך יידן האָבן פאַרלאָזט די שטעט און זיך באַזעצט אין די דערפער. עס ווערט געשאַצט, אַז א דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן געוווינט אין דערפער און אין פּאָדליאַשע האָבן 55 פּראָצענט יידן געוווינט אין דערפער. די יידן האָבן געצויגן פרנסה פון זייער האַנדל מיט לאַנדווירטשאַפט־פּראָדוקטן, פּי. מילכווארג און שענקעריי.

אין דער זעלבער צייט, איז דער יידישער האנדל מיט אויסלאנד פאר־קלענערט געוואָרן. דאקעגן וואקסט דער יידישער איינפלוס אויפן אינערלעכן האנדל; עס קומען אויף א סך קרעמער; עס זיינען נאָך אויך געווען יידישע עשירים, צווישן זיי רייכע ארענדארן און אפילו באנקירן; אָבער, זייער פראָ־צענט איז באדייטנדיק קלענער ווי פריער. די יידן זיינען, בדרך כלל, געווען א פאראָרעמטער שיכט פון דער באַפעלקערונג: קליינע קרעמער, בעלי־מלאכות און שנאָרערס.

דער דאָזיקער מצב פון די יידן, רופט נישט ארויס קיין פארשטענדעניש מצד די אָפיציעלע מלוכה־אָרגאנען. פארקערט, די יידן ווערן אלץ מער און מער באלאסטיקט מיט אויפגעשרויפטע שטייערן, וואָס מאכט זייער לאגע ממש אומדערטרעגלעך. אלע וואָס קענען אויספּרעסן געלט, טוען עס אָן רחמנות און אָן א ברעקל יושר. יידן האָבן געצאָלט צו דער מלוכה, געגעבן מתנות צו מלוכה־באאמטע, צו קירכלעכע אָרדנס, באזונדערס י'עזואיטישע; צו קריסטלעכע שולעס און צו מיליטערישע קאָמפּאניעס, וואָס זיינען געווען איינגעקווארטירט אין די שטעט אָדער סביבה. פיל מאָל, פלעגן יידן צאָלן אין פאָרויס צום מי־ליטער, אבי זיי זאָלן נישט דורכמארשירן די שטאָט.

ס'האָבן געצאָלט שטייערן מכל המינים, דער ועד ארבע ארצות און דער ועד ליטא, עס האָבן געצאָלט די ועדי־הגלילות און די לאָקאלע קהילות. די אלע געלטער זיינען געקומען פון איין קעשענע — פון די יידישע יחידים, — וועלכע האָבן באין אופן נישט געקענט נאָכקומען די דאָזיקע פארלאנגען. עס איז געקומען צו א מצב, אז די ביידע צענטראל־קאָמיטעטן — דער ועד ארבע ארצות און ועד ליטא — האָבן נישט געקענט מער אויפמאָנען דעם גאנצן סכום שטייער, וואָס זיי האָבן געדארפט אריינטראָגן אין דעם סקאַרב. די ועדים און די קהילות, האָבן געמוזט אָנקומען צו הלוואות און מיט די הלוואות האָבן זיי נישט געקענט דעקן די שטייערן און די אנדערע הוצאותן וואָס זיי האָבן געהאַט. אונטער אזעלכע אומשטענדן איז געבוירן געוואָרן אין די מלוכה־קרייזן דער געדאנק, אז די יידישע אויטאָנאָמיע, איז מער נישט נוצלעך; ווי־באלד די גאנצע אויטאָנאָמיע, איז פון אָנהויב אָן געווען, פון דעם מלוכהשן שטאנדפונקט, נישט מער ווי א מיטל צו קענען ארויסבאקומען פון די יידן א מאקסימום שטייער, — איז איצט, מיט דעם באנקראָט פון די ועדים — די אויטאָנאָמיע געוואָרן פאר זיי א שטערונג. אין 1764 (תקכ"ד) איז די יידישע אויטאָנאָמיע אָפיציעל אָפּגעשאפט געוואָרן. דער ועד ארבע ארצות און דער ועד ליטא, וועלכע האָבן אריינגעשריבן א וואונדערבאר בלאט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, זיינען נאָך הונדערטער יאָרן, בטל געוואָרן. מען האָט בלויז געלאָזט א ליקווידאציע־קאָמיסיע, אָפּצוּוויקלען די חשבונות. די רעגירונג האָט אויך איבערגעלאָזט די אויטאָנאָמיע פאר די לאָקאלע קהילות, וועלכע זיינען פון איצט אָן געוואָרן פאראנטוואָרטלעך פאר זייערע יידן.

די דאָזיקע תקופה — וואָס איז אויך די תקופה פון פוילנס אונטערגאַנג, אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכה — איז פאַקטיש געווען די שווערסטע אין דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן און ליטע. דער קאָפּ־שטייער, וואָס האָט ביז 1764 אויסגעמאַכט 220 טויזנט זלאָטים, איז אין אַ קורצער צייט געהעכערט געוואָרן אויף גאַנצע 860 טויזנט זלאָטים. יעדער ייד פון דעם ערשטן יאָר־עלטער, האָט געמוזט צאָלן צוויי זלאָטים קאָפּ־שטייער. אין 1775 איז דער שטייער געהעכערט געוואָרן מיט נאָך אַ זלאָטי און אין יאָר 1779, האָט דער סיים געהעכערט דעם יידישן שטייער מיט נאָך אַ העלפט און האָט איינגעפירט נייע שטייערן, וואָס האָבן נאָכמער געדריקט און פאַראָרעמט די יידן.

נישט נאָר געהעכערטן קאָפּ־שטייער און נייע שטייערן האָט מען געמאָנט פון די יידן; די פוילישע מושלים, וועלכע האָבן אוודאי שוין געזען די היסטאָרישע אויפשריפט פון זייער פולשטענדיקן חורבן, אויף דער וואַנט, האָבן נאָך אַלץ געזוכט מיטלען צו באַקעמפן די יידן. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן גזירות אויף די יידישע קעפּ; גירושים פון אַ צאָל שטעט און דערפער און די יידישע שטעט זיינען פאַרפלייצט געוואָרן מיט מאַסן היימלאָזע און בעטלערס.

דער קריזיס אין יידישן לעבן איז נישט געווען קלענער פון דעם קריזיס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט פוילן אַלס מלוכה. אַלץ איז געשטאַנען אין צושטאַנד פון צעפאַלנקייט. די אַלטע פאָרמען זיינען געוואָרן אויסגעליידיקט פון זייער אינהאַלט. דאָס יידישע אָרגאַניזירטע לעבן איז געוואָרן צעפלאָסן, אָן דער צענטראַלער יידישער אויטאָנאָמער קערפּערשאַפט; אַפילו די לאָקאַלע אויטאָנאָמיע, האָט פאַרלוירן איר גלאַנץ און מאַכט איבער די יידן. עפּעס האָט געמוזט געטון ווערן; דאָס האָבן פאַרשטאַנען אַפילו פּאַלאַקן אויך. דער פיר־יאָריקער סיים, האָט אונטערגענומען אַ שטודיום פון דער יידן־פראַגע און ווי אַזוי צו געבן די פּוילישע יידן אַ נייעם אינהאַלט אין דער נייער פוילישער געזעלשאַפט, וואָס דער סיים האָט געזאָלט שאַפן. די ליבעראַלן האָבן געוואָלט עפּעס טאָן; די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן האָבן געזוכט צו לייזן די פראַגע, דורך שווערער מאַכן דעם יאָך אויף די יידן. מער ווי רייד איז פון דעם אַלעם, סיי ווי סיי, נישט אַרויסגעקומען און אין צווישן צייט, איז פוילן דריי מאָל צעטיילט געוואָרן צווישן אירע דריי שכנים: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן, און אין יאָר 1796, פאַרשווינדט דאָס אַלטע פוילן פון דער ערענע און עס הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה. וועגן דעם אַלעם וועלן מיר רעדן אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען.

# דער בראשית פון מעזריטש

אויף דער באן־ליניע ווארשע—בריסק, ליגט די שטאט מעזריטש, וואס איז דער אביעקט פון דער דאזיקער ארבעט. אין גאר אלטע צייטן, מיט הונדערטער יארן צוריק, ווען די איינוווינער אין יענע מקומות זיינען נאך געווען פרימיטיוו — האלב־ציוויליזירטע — האבן זיך דארט, ווו מעזריטש שטייט היינט, געפונען צוויי דערפער — סטאלפנע און מיענדזיזשעץ; ארומגערינגלט פון צוויי טייכן — טלוסק און דער גרויסער קרזשנא; פון דאנען טאקע נעמט זיך דער נאמען מיענדזיזשעץ, וואס איז דער טייטש: צווישן טייכן.

ווען דיביידע דערפער זיינען געקומען אויף דער וועלט, איז נישט באקאנט. אבער, אין 1390 זיינען שוין די ביידע דערפער געווען אויף דער וועלט און אין זעלבן יאר גיט קעניג יאגעללא — דער ערשטער ליטווישער פרינץ, וועלכער האט געטראגן די קעניגלעכע קרוין פון דעם פאראייניקטן פויליש־ליטווישן קעניגרייך און שטאם־פאטער פון דער פוילישער מלכים־דינאסטיע יאגעללא — די ביידע דערפער במתנה צו אבראהאם כאמיעץ, וועלכער האט נושא חן געווען ביים קעניג פאר זיינע פארדינסטן. סטאלפנע און מעזריטש, ווערן דעמאלט, דאס פערזענלעכע אייגנטום פון אבראהאם כאמיעץ, מיט דעם בפירושן תנאי, אז ער וועט זיך צושטעלן צום קעניגס רוף, א באוואפנטער צו יעדער צייט.

פון דעמאלט אן, האבן זיך געביטן די פריצישע בעלי־בתים פון סטאלפנע און מעזריטש: צווישן זיי די מעכטיקסטע מיטגלידער פון דער ליטווישער און פוילישער גרויס־שליאכטע. די לעצטע צוויי גרויסע פריצים־משפחות, וועלכע האבן געהערשט איבער מעזריטש, זיינען געווען די בארימטע פירשטן־משפחה טשארטאריסקי פון קראקע (אין די בארימטע קראקאווער סוקיעננציצי געפינט זיך אויסגעמאלן, צווישן אנדערע הערבן, אויך דער הערב פון מעזריטש) און נאך די טשארטאריסקים, גייט מעזריטש אריבער, צוזאמען מיט 40 דערפער און הייפן, צו כראביע פאטאצקי.

אין פריצישן שלאס, וואס שטייט אין א גרויסן הויף און אין א גרויסן פארק, וואס ציט זיך אויף קילאמעטערס; א פארק, וועלכער איז בארימט מיט זיינע כלערליי מיניםביימער און אלייען — האבן פון תמיד אן געוווינט די פריצים, ווו עס איז פארגעקומען פארוויילונגען און עס האט געווימלט מיט

גרויסע געסט. איינער אזא גאסט, איז געווען קייזער יאָזעף דער צווייטער פון עסטרייך, וועלכער האָט געגעבטיקט אין דעם פירשטלעכן פּאַלאַץ אין דער נאכט, ווען ער איז דורכגעפאָרן מעזריטש אין יאָר 1770 פון פּעטערבורג, אויף זיין וועג א היים. אין 1813, איז אלעקסאנדער דער ערשטער געווען אין מעזריטש, קומענדיק פון ביאלע, ווו ער איז איינגעשטאנען אין דעם שלאָס פון פירשט ראדזיוויל, צו וועמען ביאלע האָט געהערט. אלעקסאנדער איז דעמאָלט געפאָרן צו דער שלום־קאָנפערענץ אין ווין. (וועגן די דאָזיקע און אנדערע באזוכן, זיינען נישטאָ קיין יידישע פארצייכענונגען; הפנים, אז יידן זיינען צו זיי נישט צוגעלאָזט געוואָרן און מען האָט זיי אויך נישט איינגע־לאדן אויפצונעמען די חשובע געסט).

אין יאָר 1775 ציילט שוין מעזריטש 424 הייזער און איז שוין דעמאָלט די גרעסטע שטאָט אין פּאָדליאשע, ווו מעזריטש געפינט זיך. אירע דריי מאָל אין יאָר ירידים, וואָס זיינען שוין געווען פון לאנגע יאָרן באקאנט נאָענט און ווייט און האָבן צוגעצויגן סוחרים, הענדלער און וויכטיקע פּערזענלעכקייטן פון ווי ווייט. פרינץ אדאם טשארטאריסקי, זייענדיק אינטערעסירט אין דעם וווקס פון מעזריטש און איר האנדל — וואָס האָט אויף זיכער אריינגעבראכט צו אים א באדייטנדיקע הכנסה, — באמיט זיך ביים פּוילישן קעניג פּאָניאטאָווסקי און פועלט ביי אים אויס (אין יאָר 1779), א פערטן יריד, אייפן נאָמען פון דעם הייליקן יאקאָב און עס קומט־צו מער פּרנסה אין שטאָט אריין און מער הכנסה צום פירשטלעכן הויף.

משמעות, אז אין יענע יאָרן — און ווי מיר זיינען זיך משער, א סך יאָרן פאר דעם — איז די מערהייט אין שטאָט געווען א יידישע. וואָרום, אין פּוי־לישע מקורים פון יענער צייט, ווערט גערעדט וועגן כמעט צוויי גלייכע העלפטן פון דער באפעלקערונג, ד. ה. יידן און נישט־יידן. ווען מען נעמט אָבער אין באטראכט, אז אונטער קריסטלעכער באפעלקערונג, ווערט פארשטאנען קריסטן, וועלכע באזוכן א פּאראפיע — ווערט קלאָר, אז אין דער קריסטלעכער העלפט ווערן אריינגערעכנט אלע נישט־יידן, וועלכע וווינען אין דער סביבה; בעת ווען עס רעדט זיך וועגן יידן, ווערט פארשטאנען, יידן וואָס וווינען אין שטאָט. די רעדאקטאָרן פון געאָגראפישן אטלאס „סטאראָזשיטנאַ פּאָלסקאָ" (מיענד־זירזשעץ־פּאָדלאסקי), שרייבנדיק וועגן דער באפעלקערונג אין מיטן 19טן י. ה. — באמערקט ער, אז: „דער גרעסערער טייל פון דער באפעלקערונג איז אומפארגלייכבאר יידיש".

וואָס איז מכוח יידיש מעזריטש? ווען איז יידיש מעזריטש אנטשטאנען? ווער האָט געלייגט דעם יסוד פאר דעם יידישן ישוב אין מעזריטש? די יידישע מקורים וועגן מעזריטש זיינען שפּעטערדיקע. די עלטסטע יידישע מקורים וואָס זיינען צו אונדז דערגאנגען, שטאמען פון דעם אָנהויב 16טן י. ה.. עס איז אָבער קלאָר, אז דער יידישער ישוב אין מעזריטש איז פיל, פיל עלטער.

א זייער אינטערעסאנטער בריוו (איינער פון א צאָל בריוו, וואָס דער מעזריטשער ביבליאָפיל ר׳ יעקב שפּירא, האָט געשיקט צו פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, וועמענס קאָרעספּאָנדענט ער איז געווען. זע אין דער הקדמה וועגן ר׳ יעקב שפּיראָ), וואָס איך האָב געפונען אין דעם דובנאָוו־ארכיוו אין ניו־יאָר־קער ייוואָ — דערמאָנט עפּעס וועגן דער דאָזיקער פראַגע. ליידער, איז דער עצם דאָקומענט, אָדער דאָקומענטן, צו אונדז נישט דערגאַנגען און מיר קענען נישט פעסטשטעלן דעם אמת. אין דעם בריוו שרייבט זיין מחבר: „איך טייל אים מיט — איבערגעזעצט פון דעם העברעישן טעקסט — אז כ׳בין זיך משתדל צו באקומען די דאָקומענטן און זכרונות וועגן אונדזער שטאָט. ס׳געפינט זיך דאָ א קריסטלעכער באאמטער, וועלכער גיט זיך אָפּ מיט פאָרשן די געשיכטע פון אונדזער שטאָט און ער האָט געזאָגט, אז דער ייד אברהם הארץ (הערץ? — מ. ע.) האָט באקומען די דערלויבעניש פון קעניג יאגעללאָ, מיט 400 יאָר צוריק, צו באהעפטן די דערפער סטאָלפּנע און מעזריטש און צו בויען א שטאָט פאר יידן. ער האָט דאָקומענטן, סיי אין כתב־יד און סיי אין דרוק״.

אזוי האָט געשריבן ר׳ יעקב שפּירא, צו וועמען דובנאָוו און א צאָל גרויסע יידישע געלערנטע פון ענגלאנד און דייטשלאנד, האָבן ארויסגעוויזן זייער גרויסן דרך־ארץ. דובנאָוו אליין איז געשטאנען מיט אים אין בריוולעכן קאָנטאקט און האָט אים געצאָלט געלט פאר זיינע אינפאָרמאציעס און דאָקומענטן. און עס קען גאנץ מעגלעך זיין, אז ער האָט אים געשיקט אן אָפּשריפט פון די דאָקומענטן.

ווי געזאָגט, צווייפלען מיר, אויב שפּירא האָט געזען אָדער געהערט וועגן דעם דאָקומענט, וואָס דערציילט וועגן דער מתנה, וואָס דער קעניג יאגעללאָ האָט געגעבן צו אבראהאם כאמיעץ אין יאָר 1390. ווי ס׳זאָל נישט זיין, האָבן מיר פאר זיך, איןביידע פאלן, אן אויטענטישן נאָמען, כאָטש ס׳איז נישט אינגאנצן זיכער, אז דער נאָמען אבראהאם מוז זיך דווקא באציען צו א יידן; ווארום ס׳זיינען אויך געווען פּאָלאקן וועלכע האָבן זיך גערופן מיט ביבלישע נעמען. דאָך האָבן מיר א גרונט צו מאכן דעם אויספיר: איז דען די ענלעכקייט פון ביידע מקורים, נישט קיין פּאָזיטיווער באווייז? מיר ווייסן דאָך, אז ביז צום העלפט פון 17טן י. ה. (ווי מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן אין דעם ארייננפיר), פלעגן יידן אויך האלטן קעניגלעכע גיטער און דערפער אין ארענדע. פארוואָס־זשע זאָל עס זיין אוממעגלעך צו אָננעמען, אז דער „אבראהאם כעמיעץ״ איז טאקע דער ייד אברהם, וועגן וועמען דער נישט־יידישער באאמטער האָט דערציילט שפּיראָן? אודאי, איז דער פאמיליען־נאָמען כאמיעץ נישט יידיש; אָבער, אפשר איז עס פארגרייזט פון חיים? דער בלינדער גלח פון דער מעזריטשער פאראפיע (איינער פון דער פּאָטאָצקי־משפחה), פלעגט נישט איינמאָל דערציילן, אז אין דעם אייזערנעם קעסטעלע וואָס געפינט זיך אין דער קירכע, ליגט פארשלאָסן אן אלטער דאָקומענט, ווו עס

עס ווערט דערציילט וועגן די ערשטע אכט יידן וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט, איידער מעזריטש איז געוואָרן א שטאָט. ווער זיי זיינען געווען און פון וועלכן יאָר דער דאָקומענט האָט געשטאַמט — האָט ער קיינמאָל נישט געזאָגט; אָבער, אז דאָס איז א גאָר אלטער דאָקומענט — דאָס האָט ער פיל מאָל באַשטעטיקט. האָט עס נישט אמאָל א שייכות, צו דעם סאמע בראשית פון מעזריטש וואָס האָט זיך געזאָלט אָנהויבן — לויט שפּיראָס אינפאָרמאַציע — אין 1390?

אויב אפילו מיר האָבן נישט קיין בפירושע באווייזן — צוליב דעם חסרון פון די דאָקומענטן, — האָבן מיר פונדעסטוועגן א גוטן גרונט צו גלויבן, אז דער מעזריטשער ישוב מוז זיין א גאָר אלטער, אפשר נישט פיל יינגער פון דער אויבנדערמאָנטער דאטע.

לאָמיר זען: אין יאָר 1390 באַקומט א. כאמיעץ במתנה די צוויי גיטער, אָדער דערפער, סטאָלפּנע און מעזריטש. פון דעמאָלט אָן זיינען דיביידע דערפער שכנים; ווי עס דריקט זיך אויס דער רעדאַקטאָר אין דער אויבנדערמאָנטער „סטאַראָזשיטנאַ פּאָלסקאַ", אין פּויליש: „יאַק בליזשניענטא", — ווי א צווילינג. און דאָך איז זייער גורל אזוי אנדערש. בעת מעזריטש אנטוויקלט זיך און שוין אין 15טן י"ה, באַקומט זי מאַגדעבורישע רעכט און ווערט אזוי ארום א שטאָט מיט אן אייגענער פּאַרוואַלטונג — וואָרום אלס א שטאָט, איז זי אין יאָר 1477, דאָס אייגנטום פון דעם בריסקער סטאַראָסטע יאַן נאַסוטאָוויטש — ביז זי וואַקסט אויס, צו ווערן די גרעסטע שטאָט אין פּאָדליאַשע, אין 1775, מיט אן אקאַדעמיע, געגרינדעט אין דער ערשטער העלפט פון 17טן י"ה און אין א רייכע פּראָבאָסטווע, וואָס האָט א יערלעכע הכנסה פון 60.000 זלאָטים א. א. וו. דאַקעגן, בלייבט סטאָלפּנע א קליין דערפל, וואָס טוליעט זיך כסדר צו מעזריטש און לעבט אין איר זכות. ווי קומט עס, וואָס זייער ביידנס גורל איז געווען אזוי אנדערש? די געאָגראַפּישע לאַגע איז געווען פּונקט אזוי גינסטיק פאַר סטאָלפּנע ווי פאַר מעזריטש און די בעלי־בתים זייערע — אָנהויבנדיק פון דעם ערשטן אבראהאם כאמיעץ און די אנדערע וואָס זיינען געקומען נאָך אים, ווי נאַסוטאָוויטש, די ווישינסקים, טענשטשינסקים, זאַבאָרסקים, אָפּאַלינסקים, טשאַרטאָריסקים א. א. — זיי אַלע זיינען געווען בעלי־בתים איבער סטאָלפּנע ווי איבער מעזריטש. טאָ אין וואָסזשע שטעקט די סיבה, וואָס איין דאָרף האָט זיך אנטוויקלט צו א שטאָט און דאָס צווייטע איז געבליבן א דאָרף?

אָט די דאָזיקע פראַגע, צווינגט אונדז צו א ווייטגייענדע, אָבער מעגלעכע השערה, אז די פּריצים האָבן פאַר א לאַנגע צייט אויסגעשלאָסן סטאָלפּנע פון דער יידישער פּריווילעגיע. אין אנדערע ווערטער: זיי האָבן דערלויבט די יידן זיך צוצונעמען זייערע הענט אין מעזריטש, אָבער נישט אין סטאָלפּנע. דער דאָזיקער שטח פון די פּריציש מאַיאָנטקעס, איז געווען רעזערווירט פאַר

נישט־יידן. דער פּריץ האָט, מ׳שמעות, נישט געוואָלט האָבן די יידן אין שכנות פון זיין שלאָס, גערטנער און פּאַרקן.

א גרינטלעכער עקזאַמען פון דער געאָגראַפישער לאַגע פון מעזריטש און איר סביבה זאָגט אונדז אונטער, אַז אונדזער השערה איז א ריכטיקע. ווי שוין געזאָגט פריער, ליגט דער דאָזיקער שטח צווישן די טייכן טלוסק און גרויסן קרזשנאַ. מעזריטש איז געווען איבערגעשניטן פון דעם קרזשנאַ; אפילו ביז די לעצטע צייטן, איז אפשר מער פון ניין צענטל פון דער שטאָט, געווען אויפן לינקן ברעג טייך, בעת סטאַלפּנע און דער פּריצישער הויף און זיין סביבה, וואָס מען האָט גערופן פון תמיד אָן פּאַלוואַרק — ליגן אויפן רעכטן ברעג טייך. מיר זעען, בכן, אַז די שטאָט האָט זיך אויסגעבויט אויפן לינקן ברעג טייך; דאַקעגן, איז דער רעכטער ברעג טייך געבליבן באַזעצט פון גוים. ערשט א סך שפּעטער, האָט זיך דער יידישער ישוב אויסגעשפּרייט אויך אויפן רעכטן ברעג, נישט אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ ווי אויפן לינקן ברעג טייך, און אפילו דעמאָלט, איז סטאַלפּנע געבליבן כמעט יידן־ריין, אפילו ווען זי איז שוין גע־וואָרן א דאָרפישע פּאָרגאָס (זי איז געבליבן א זעלבסטשטענדיקע דאָרפישע גמינע ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה).

עס איז נישט געווען קיין שום ספּעציעלע סיבה, צוליב וואָס דער ישוב פון די יידן און די שטאָט, זאָל זיך דווקא בויען אויפן לינקן ברעג טייך און נישט אויפן רעכטן ברעג; סיידן מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער שטח אויפן לינקן ברעג טייך איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר יידן און דער רעכטער ברעג, איז גע־בליבן רעזערווירט פאַר נישט־יידן. דאָס גיט אונדז אויך דעם שליסל צו דעם רעטעניש, פאַרוואָס שוין אין 1477, ווערט מעזריטש אָנערקענט אלס שטאָט און דער אייגנטימער, סטאַראָסטע נאָסוטאָוויטש, קען זיך פאַרגינען דעם לוק־סוס אויסצובויען א קאַלאָסאַלע קירכע, אויפן אָרט פון דער אַלטער און מיט אַזאַ גרויסער הכנסה פון 60.000 זלאָטים. דאָס איז דערפאַר, ווייל שוין דע־מאָלט איז מעזריטש געווען באַוווינט פון יידן, וועלכע האָבן רייך־געמאַכט די שטאָט און די פּריצים, מיט זייער האנדל און ירידים.

אויב די דאָזיקע השערה איז א ריכטיקע — איז אָנצונעמען, אַז די מעז־ריטשער קהילה האָט שוין עקזיסטירט אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י״ה, אויב נישט נאָך פריער — טאַקע שוין פון 1390; אויב דאָס איז אַזוי, האָבן מעזריטשער יידן מיטגעמאַכט דעם גירוש פון די יידן פון ליטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1496; זיי האָבן דעמאָלט, אין דעם גירוש, פאַרלוירן זייער האָב און גוטס. ארום אכט יאָר שפּעטער, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו זייערע היימען און פּונקט ווי די רעשט ליטווישע יידן, האָבן אויך מעז־ריטשער יידן זיך צוריקגעקערט און, מן הסתם, אויך צוריק אָפּגענומען זייערע פאַרמעגנס אינגאַנצן אָדער טיילווייז.

דער דאָזיקער „ליבעראַליזם" מצד דעם קעניג (אגב, דער גירוש איז חל

געווען בלויז אויף די ליטווישע יידן, כאָטש דער זעלבער קעניג האָט געטראָגן אויך די פוילישע קרוין), איז געווען מחמת א פשוטן חשבון: ער האָט זיך ארומגעקוקט, אז די נישט אָפּגעגעבענע חובות, וואָס ער איז געקומען די יידן און דאָס צוגערויבטע האָב און גוטס, האָבן נישט קאָמפּענסירט דעם שאָדן, וואָס ליטע האָט געליטן פון דעם גירוש; ווארום, עס האָט געמיינט, אז די קאסע האָט נישט אריינבאקומען דעם קאָפּ־שטייער („פּאָגלאָווני") און א צאָל אנדערע שטייערן און דער האנדל איז געווען טויט. עס האָט זיך אים געלוינט צוריק אריינצולאָזן די יידן, נישט געקוקט אויף די אנטיסעמיטישע אינטריגעס פון די קאטוילישע הויף־גלחים.

דער עלטסטער און פּאָזיטיווסטער מקור, איז אָן שום ספק דער עלילת־דם, וואָס מען האָט געמאכט אויף די יידן אין דעם דאָרף שוויניאראָווא, אין 1590; איינער פון די עדות פון דער באשולדיקונג, דערמאָנט די יידן פון מעזריטש (זע וויטערדיקן קאפּיטל „עלילת־דם"), וואָס באווייזט, אז מעז־ריטש האָט שוין דאן געהאט א יידישן ישוב (5).

פון נישט־יידישע מקורים, וואָס זיינען צו אונדז דערגאנגען און פון וועלכע עס איז צו דרינגען, אז עס איז שוין געווען א באדייטנדיקער יידישער ישוב אין מעזריטש, דערוויסן מיר זיך, אז „דער ייד משה בן אברהם פון מעזריטש" האָט געפירט „געזאלצענע פיש" פון כעלם — דאָס אנגעגעבענע יאָר איז 1583 — (אויסצוגן פון דעם בריסקער צאָל־אמט — „רעגיסטי אי נאדפּיסי", פּאראגראף 642).

אויך די אקטן פון דעם מעזריטשער שלאָס פון 30סטן מערץ 1596, ווערט דערמאָנט דער יידישער ארענדאר ESYA — ישי? (דאָרט, פּאראגראף 1705).

נאָך אן אינטערעסאנטער פאל, דאטירט דער 14טער נאָוועמבער (סטיטשען) 1605 (דאָרט: פּאראגראף 1287), וואָס רעדט ווידער אמאָל וועגן מעזריטשער און אנדערע יידן און באווייזט, אגב, אז אין די ארומיקע דערפער האָבן גע־וווינט יידן — דערציילט זיך וועגן איינעם א געוויסן יאָזעף רימאשעווסקי, וועלכער איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם שטאָטישן־געריכט אין בריסק, אונ־טער דעם חשד פון באגיין א גנבה.

רימאשעווסקי דערקלערט פאר די אויספאָרשער, אז ער, צוזאמען מיט זיין שותפטע האָבן פארקויפט פון די געגנבעטע זאכן צו פאָלגנדע יידן: צום ארענדאר פון דעם דאָרף דאלינע, וואָס געהערט צו מעזריטש, גרינעם שטאָף פאר 15 זלאָטים; דעם ייד גרשון פון ביאלע, 25 שטיקער זילבער פאר 60 זלאָטים; 4 גרויסע שטיקער זילבער פאר 13,50 זלאָטים, 2 גרויסע שטיקער זילבער פאר א האלבן טאלער; איין שטיק האָט ער אים אוועקגעשענקט און דריי געשטריקטע (מיט גאָלד אָדער זילבער?) שטיקער שטאָף האָט ער אים געגעבן אויף פּיקדון; דער יידישער אלמנה חנה פון מעזריטש האָט ער פאר־קויפט א גרויסן טייל פון דעם זילבער פאר 13 זלאָטים, א גרויסן שטיק זיל־

בער פאר 7 זלאָטים, 3 שטיקער שטאָף פאר איין זלאָטע מיט 7 גראָשן און 10 גרויסע שטיקלעך זילבער פאר 10 זלאָטים. אין דער קלאגע ווערט געזאָגט, אז מ'דארף אָפּנעמען די אויבנדערמאָנטע זאכן פון די קונים.

א גאָר טשיקאַווער פאל ווערט איבערגעגעבן וועגן מעזריטשער יידן, וועלכעס באווייזט, אָן ספק, אז יידן האָבן אין יענער צייט באהערשט מעזריטש און זיינען ווירקלעך געווען אירע באלעבאטים.

דאָס יאָר פון דער דאָזיקער אויסטערלישער געשעעניש איז 1661 און די קלאגע קעגן די יידן איז פון ערשטן פעברואר (לוטי) 1663 (דאָרט: פאראגראף 994).

אָט וואָס ס'ווערט דאָרט דערציילט: „אין ערשטן פעברואר 1663 האָבן די שובינסקים דערלאנגט פאָלגענדע אָנקלאגע: אין 16טן נאָוועמבער (פּטיטשען) 1661 האָבן די מעזריטשער יידן וואָלף, מאָנין (מאָניש?), זאוול, קאזעל(?), אגארילי(?), זעליק, שמואל און אנדערע, וועמענס נעמען די אויבנדערמאָנטע וייסן בעסער, געכאפּט אין דאָרף קאריץ(?) צוויי איינוווינער פון דעם דאָרף, מארין כווידקא און ראָמאן און האָבן זיי געבונדן און געבראכט קיין מעזריטש און זיי איינגעזעצט אין דער דאָרטיקער יידישער תפיסה, ווּ מען האָט זיי געפייניקט מיט כלערליי עינויים (ווי שמייסן מיט רימענעס, שטעכן מיט אן אָל, גיסן עסיק אין נאָז אריין א. אז. וו.). נאָכדעם האָט מען איינעם באַפרייט. איבער ראָמאנען האָבן זיי (די יידן — מ. ע.) דורכגעפירט א פּריוואט געריכט און זיי האָבן אים צעהאקט אויף פיר שטיקער. דעריבער ווערט פאַרלאנגט צו נעמען די אָנקלאגע צו קענטעניש".

די עלטסטע יידישע מקורים, שטאמען פון דעם 17טן י"ה. אין פנקס הקהילות הראשיות דמדינת ליטא, וואָס פּראָפעסאָר דובנאָוו האָט ארויסגעגעבן (בערלין 1928; אויך געדרוקט אין „המשכים", אין „יעווריעיסקאַיא סטארינא", וואָס איז דערשינען אין פּעטערבורג, אונטער דער רעדאקציע פון פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו), געפינען מיר מעזריטש, דערמאָנט גאנצע דריי מאָל. דער דאָזיקער פנקס, וועלכער עפנט זיך אין יאָר ה'שפ"ג (1623) — אין דעם יאָר ווען ליטע רייסט זיך אָפּ פון דעם פאראייניקטן ועד און גרינדעט א זעלבסטשטענדיקן ועד פאר די ליטווישע יידן — הויבט זיך אָן, מיט פעסטשטעלן די תקנות, וואָס זיינען חל אויף די קהילות וועלכע געהערן צום ועד און אויף זייערע סביבות. אויף דער דאָזיקער גרינדונגס-פאַרזאמלונג געפינען מיר בלויז די קהילות פון בריסק (דעמאָלט די גרעסטע), הוראָדנאָ (גראָדנע) און פּינסק. שפּעטער קומען אויך צו די קהילות פון ווילנע און סלוצק. און אין פאראגראף פ"ט (89), ווערן פעסטגעשטעלט די סביבות, איבער וועלכע יעדע איינע פון די דריי הויפּט-קהילות האָט צו זאָגן און דאָרט, געפינען מיר אָט וואָס: „דאָס זיינען די גרענעצן און סביבות פון בריסק, מעזריטש, וואָרין (וואָהין), יאַנאָווי, ראשם (ראשאשא), לאָמז (לאמאז), בילא

(ביאַלאַ), בעשטשע (פּישטשאַטץ), וולאָוודי (וולאַדאָווי), סלאָוויטש (סלאַוואַ־טיטש), קדנה (קאָדני)..."

די אויבנדערמאָנטע כראָניק איז א באַווייז, אַז אין מעזריטש איז שוין אין יענער צייט געווען א יידישער ישוב, וועלכער איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם קהל פון בריסק.

אויך פון פאַרשידענע שאלות ותשובות פון יענער צייט, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען דורך די ספרים פון באַרימטע מחברים, — ווייסן מיר פון דער עקזיסטענץ פון א יידישער קהילה אין מעזריטש, אין יענער צייט; און, היות, מעזריטש איז שוין דעמאָלט געווען א גוט אָרגאַניזירטע קהילה מיט גרויסע רבנים, איז א באַווייז, אַז די מעזריטשער קהילה איז געווען אַן אַלטע, לכל הפּחות, זאָל זי האָבן עקזיסטירט פון דעם אָנהויב 16טן י"ה.

צו די עלטסטע מקורים פון דער שאלות־ותשובות־ליטעראַטור, געהערט דאָס באַרימטע ספר שו"ת מהר"ם לובלין (ווינעציאַ, שע"ט — 1619), פון דעם באַרימטן לובלינער רב, ר' מאיר (נפטר געוואָרן אין יאָר שע"ו — 1616). אין סימן נ"ב, קי"ג און קי"ד — ענטפערט ער דעם מעזריטשער רב, ר' צבי הירשן, וועלכער האָט געשטאַמט פון ווילנע. מיט דעם זעלבן ר' צבי הירש, שרייבט זיך אויך דורך דער נישט ווייניקער באַרימטער רב, ר' יהושע ולק (וואָלק אָדער פאַלק), מחבר פון דעם ספר שאלות ותשובות „פּני יהושע" (אמסטרדם, תע"ה — 1715). ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר ת"ח, פון גרויס עגמת־נפש פון די שחיטות וואָס כמיעלניצקי מיט זיינע באַנדעס האָבן דער־מאָלט געמאַכט אויף די יידן.

פון די תשובות און פון די כיבודים וואָס דער מהר"ם באַנוצט אין זיינע ענטפערס צו רב צבי הירשן, איז צו דרינגען, אַז מעזריטש האָט שוין דעמאָלט געמוזט זיין א גאַנץ באַדייטנדע און באַקאַנטע קהילה; וואָרום, עס איז אָנצו־נעמען, אַז אַזא רבנישע פּערזענלעכקייט ווי ר' צבי הירש איז געווען, האָט געקענט באַקומען א גרויסע רבנות. עס איז אויך אינטערעסאַנט דערביי צו באַמערקן, אַז אין זיין ערשטער תשובה (סימן נ"ב), רופט ער אים בלויז ר"מ (ריש מתיבתא — ראש הישיבה), בעת אין דער צווייטער תשובה רופט ער אים אויך אב"ד (אב בית דין — רב).

איז עס בלויז א צופאַל וואָס ער רופט אים בלויז ר"מ און נישט אב"ד, אָדער טאַקע א פאַקט? נאַטירלעך, איז שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע. עס קען זיין, אַז דאָס וואָס ער רופט אים בלויז ריש מתיבתא, איז נישט מער ווי א צופאַל, און ר' צבי הירש איז אין דער ווירקלעכקייט אויך געווען רב. אָבער, עס שליסט נישט אויס די מעגלעכקייט, אַז ר' צבי הירש איז צוערשט אָנגעקומען אַלס ראש ישיבה און ווען די רבנות־שטעלע איז געוואָרן פריי, ענטוועדער דורך דעם טויט פון דעם רב, אָדער צוליב אָננעמען פון זיין פאַר־גענגער א שטעלע ערגעץ אַנדערש, האָט אים די קהילה אָנגעבאָטן דאָס רבנות

און ער איז געוואָרן מעזריטשער רב. אויב דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין, וואָלט עס געוועזן נאָך אַ שלאַגנדער באַווייז, אַז די מעזריטשער קהילה איז שוין דעמאָלט געווען אַ גוט איינגעפונדעוועטע און אויך אַ רייכע; וואָרום, נישט יעדע קהילה האָט זיך געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס צו האַלטן אַ ישיבה מיט אַ ספּעציעלן ראש הישיבה.

ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, האָט אויך דער באַרימטער קראָקאָווער רב, מחבר פון ספר שו"ת „פני יהושע", זיך איבערגעשריבן מיט ר' צבי הירשן. די דאָזיקע תשובות געפינען מיר אין חלק יורה דעה, סימן ב' און י"ג און אין חלק אבן העזר, סימן ע"ב. אין אַ תשובה וואָס דער פני יהושע שיקט צו אַ צווייטן רב (סימן כ"ב), פאַררופט ער זיך אויף אַ תשובה, וואָס ער האָט געשריבן „להחכם התורני מחו' (מחותני)... מו"ה צבי סג"ל אבד"ק מעזריטש *).

די תשובות פון דעם פני יהושע, זיינען זייער אינטערעסאַנטע צוליב די גרויסע כיבודים און גוואַלדיקן דרך ארץ, מיט וועלכער ער ווענדעט זיך צו דעם מעזריטשער רב. און ער גרויסט זיך דאָרט מיט זייער מחותנימשאַפט. דאָס אַליין זאָגט עדות אויף דער גרויסקייט פון דעם מעזריטשער רב און אומדירעקט, אויף דער וויכטיקייט פון מעזריטשער רבנות. די התפעלות פון דעם פני יהושע איז אָבער נישט קיין ווונדער; וואָרום, דער מהר"ם לובלין, האָט נאָך, פאַר דעם פני יהושע געשריבן צום מעזריטשער רב, וועלכער איז דעמאָלט געווען — ווי עס ווייזט אויס פון די תשובות — נאָך אַ יונגערמאַן, מיט ליבע און לויב וואָס ווערט געוויינלעך אַרויסגעוויזן צו אמתע גדולים. אַזוי, למשל, אין זיין תשובה (סימן קי"ג), שרייבט ער אויף אים: „מכוון להלכה ויורד לעומקה כגדולי המורים" — ער איז מכוון צום דין און דערגרונטעוועט זיך צו זיינע טיפקייטן, ווי די גרויסע מורים (פּוסקים). און נאָכמער — צווישן די פיל טיטלען, וואָס ער הויפּט אָן אויף אים, רופט ער אים צווישן אַנדערע ר"ג. די ראשי־תיבות קענען נישט זיין ראש גליל, ווייל מעזריטש איז דעמאָלט זיכער נישט געווען קיין גליל; דעריבער מוז עס מאַכן ראש גולה — דער עלטסטער פון גלות, וואָס ווערט אָפט גענוצט צו באַצייכענען אַ גרויסן גאון.

אויך דער נישט ווייניקער באַקאַנטער רב אין יענער צייט, ר' מאיר הכהן אשכנזי (אינטימער חבר פון דעם פני יהושע, און ווי ער, אויך אַ געבוירענער אין ווילנע און פּאַטער פון דעם באַרימטן רב שבתי כהן, דער ש"ך) — האָט געפירט אַ שאלות־ותשובות אויסטויש מיט דעם רב צבי הירש. אין זיין ספר „גבורת אנשים", סימן ה' (דעסויא תנ"ז — 1707), געפינען מיר ר' מאירס

*) הר"י לעווענשטיין, „הפלס שנת שניה" ז. 622-684, דאָרט שנה שלושית. ש. בובער, „אנשי שם" — הרב חיים, זון פון בעל פני יהושע, רב אין קאָלאָמיי, נאָכדעם ראש־ישיבה אין לעמבערג; ער איז געווען אַן איידעם פון דעם מעזריטשער רב, ר' צבי הירש.

תשובה צום מעזריטשער רב, און, אינטערעסאַנט, אויך ער רופט אים „מחותני".
די דאָזיקע תשובה איז געשריבן אין יאָר שצ"ו (1634). משמעות אַז דער פּני יהושע, ר' מאיר און ר' צבי הירש, זיינען געווען חברים נאָך אין ווילנע, פון־וואַנען זיי דריי האָבן געשטאַמט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם א ביסל אויספירלעכער, דערפאַר, ווייל לויט די רבנים, קענען מיר טיילמאל וויסן די חשיבות פון דער קהילה. עס איז קלאָר, אַז בלויז א וויכטיקע קהילה האָט געקענט אויפנעמען אזא גרויסן רב, ווי עס איז געווען דער רב צבי הירש ווילנער.

פון וואַנען ווייסן מיר אָבער, אַז דאָס איז די מעזריטש וואָס געפינט זיך אין דעם טייל וואָס הייסט פּאָדליאַשע אָדער ליטע? — ווייל דער נאָמען אליין איז נאָך נישט קיין באַווייז; וואָרום, עס זיינען געווען נאָך דריי מעזריטשן אין פּוילן; היינו, מעזריטש נעבן קאָרעץ, מעזריטש נעבן אָסטראָ (ביידע אין וואָלין) און מעזריטש נעבן פּויזן. מיר האָבן עס אָבער פעסטגעשטעלט, דורך פאַרגלייכן די נעמען פון די רבנים, וועלכע זיינען געווען אין יענער צייט אין די אויסגערעכנטע מעזריטשן; ס'איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז די מעזריטש וואָס ווערט דערמאָנט אין די אויבנדערמאָנטע שאלות ותשובות, איז די מעזריטש וואָס געפינט זיך אין דער טעריטאָריע פון פּאָדליאַשע.

א צווייטער באַווייז, איז אפשר פון דעם פאָלגענדן שטעל וואָס מיר געפינען אין דעם באַרימטן ספר שו"ת פּנים מאירות (לבוב, תנ"א) פון ר' מאיר אייזנשטאַט (ער איז נפטר געוואָרן ארום תס"ז — 1707), אין דער מערינשער שטאָט אייזנשטאַט, פון וואַנען ער האָט באַקומען דעם צונאָמען. ער איז צוערשט געווען רב אין שידלאָווצי און אין אנדערע שטעט אין פּוילן (פון וואַנען ער האָט געשטאַמט). אין דעם אויבנדערמאָנטן ספר, חלק א', סימן נ"א, לייענען מיר: „ונשאתי ונתתי עם חתן דודתי החכם השלם ראש ב"ד מק"ק מעזריטש דליטא והודאתי לדבריו — איך האָב דיסקוטירט מיט מיין מומעס איידעם... דער ראש בית דין פון מעזריטש דליטא און האָב מודה געווען צו זיינע רייד..."

אונדז שיינט, אַז די דאָזיקע מעזריטשער מומע פון דעם בעל פּנים מאירות איז נישט קיין אנדערע, ווי די שנור פון דעם אויבנדערמאָנטן מעזריטשער רב, ר' צבי הירש און די טאָכטער פון דעם אמסטיבאָווער רב, ר' מאיר הכהן אשכנזי, וועלכער, ווי באַקאַנט, יחוסט זיך מיט דעם מעזריטשער רב און רופט אים מחותן. מיר ווייסן, אַז ר' מאיר אייזנשטאַט איז געווען אן אייניקל פון דעם רב מאיר הכהן אשכנזי; דאָס זאָגט ער אליין עדות אין זיין ספר פּנים מאירות, סימן כ"ב; ער שרייבט דאָרט אַזוי: „אחר זה בא לידי ספר גבורת אנשים וכתובים בסופו שו"ת מאבי אמי רבתי ה"ה גאון מוהר"ר מאיר ז"ל אביו של הש"ך — נאָכדעם איז געקומען אין מיינע הענט אריין דער ספר גבורת אנשים און אין סוף פון דעם ספר זיינען פאַראַן שאלות־ותשובות פון

מיין מוטערס גרויסן פאָטער ה"ה... ר' מאיר ז"ל..." *). זאָל דאָס נישט זיך באַציען אויף דער מחותנימשאפט? עס איז גאָר נישט פאראן קיין ספק, אז דער ר' צבי הירש ווילנער, איז געווען רב אין מעזריטש דליטא.

צו דער זעלבער צייט, געהערט אויך די רשימה, וועלכע מיר געפינען אין א פוילישן מקור, וועגן א חוב, וואָס די מעזריטשער שיל איז געווען שול־דיק דער אקאדעמיע אין ביאלע (נעבן מעזריטש). צווישן אנדערע פאָזיציעס, אין דעם בודזשעט פון דער אקאדעמיע, ווערט געזאָגט: „פון מעזריטש, פון דער שיל, פון דעם קאפיטאל 5.513 פוילישע זלאָטים צו 7 (פראָצענט — מ. ע.) פון 100: 385,27". די דאָזיקע רשימה איז געמאכט געוואָרן אין יאָר ת"א (1641). דער דאָזיקער גרויסער חוב פון פינף מיט א האלבן טויזנט זלאָטים, באווייזט, אז אין יענער צייט האָט די מעזריטשער קהילה אודאי שוין באַ־דארפט ציילן איבער 100 משפחות און אפשר פיל מער.

---

*) ישראל טוביה אייזנשטאט, דעת קדושים, ז. 187, פעטערבורג תרנ"ז-תרנ"ח, דערקלערט אז ר' מאיר כ"ץ אשכנזי, האָט געהאט איין טאָכטער. דאָס שטימט אָבער נישט מיט דער ריכטיקייט, ווייל ווען ס'זאָל זיין אזוי, וואָלט דאָך נישט מעגלעך געווען, אז ר' מאיר כ"ץ און ר' צבי הירש זאָלן זיין מחותנים; בעת ר' מאיר, אין זיין תשובה, רופט אים בפירוש מחותן. ס'איז אלזאָ קלאָר, אז ר' מאיר האָט געהאט מער פון איין טאָכטער.

# די באַציאונגען צווישן מעזריטש מיט אנדערע קהילות

אינערהאלב דער אויטאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע פון די פוילישע יידן, איז פאָרגעקומען א שטענדיקער גערא͏נגל. עס האָבן געקעמפט צווישן זיך די הויפּט־קהילות איבער דער אויבערהערשאפט. אין ועד ארבע ארצות, איז אין צענטער פון דעם דאָזיקן געראנגל געשטאנען לובלין; ביז וואנען די זיצונגען פון דעם ועד זיינען סוף כל סוף ארויסגענומען געוואָרן פון לובלין און פון איר דיספּראָפּאָרציאָנעלער השפּעה. אין ועד ליטא, איז אין צענטער פון דעם געראנגל געשטאנען בריסק דליטא; זי האָט געוואָלט אָנהאלטן די אויבער־הערשאפט איבער די אנדערע קהילות, וועלכע זיינען געוואקסן אין השפּעה און אין יידישער באפעלקערונג. עס האָבן געקעמפט צווישן זיך די ביידע ועדים, וועגן דער השפּעה איבער געוויסע געגנטן און עס האָבן געקעמפט די ועדי־הגלילות; בעסער געזאָגט, די שטעט ווו דער ועד־הגליל איז געזעסן, קעגן די שטעט, וועלכע האָבן רעוואָלטירט קעגן זייער אויבערהערשאפט און עס האָבן אויך געקעמפט די קליינע קהילות, וועלכע זיינען געווען אונטער־געוואָרפן די גרעסערע קהילות און די סביבות קעגן די קהילות.

די דאָזיקע קאמפן האָבן אודאי געהאט אויך דעם עגאָאיסטישן מאָמענט פון פרעסטיזש; אָבער נאָכמער ווי פרעסטיזש, האָבן געשפּילט א ראָל אין דעם געראנגל, ריין עקאָנאָמישע מאָטיוון.

ווי געזאָגט, איז דער הויפּט־מאָטיוו פון דער אויטאָנאָמיע, תמיד געווען דער יידישער שטייער; ארום אָט דעם שטייער און די אלע אנדערע שטייערן, צאָלונגען און „פרייוויליקע" מתנות, וואָס די יידן האָבן געמוזט מאכן, האָט זיך פון תמיד־אָן געפירט א העפטיקער קאמף. יעדע גרויסע שטאָט האָט גע־וואָלט צאָלן וואָס־ווייניקער; אויסדינגען פאר זיך קאָנצעסיעס. אזוי איז עס געווען בשייכות די ועדי־הגלילות און די קרייז־שטעט, פון זייער זייט, האָבן געוואָלט האָבן וואָס מער טעריטאָריע, וואָס מער שטעט און ישובים, פון וואַ־נען צו נעמען שטייערן און זיך אליין פארגרינגערן דערמיט דעם יאָך; אזוי איז עס געגאנגען ביז אראָפּ. אודאי זיינען אויך געשטאנען אין קאָן, פּערזענ־

לעכע אמביציעס פון יחידים און פערזענלעכע פראפיטן, וואס מען האט גע־מאכט א דאנק דאס שטיין אין שפיץ פון ועד א. אז. וו.

א חוץ דעם, איז געליגן נאך א זייער וויכטיקער מאטיוו אין אט דעם קאמף, — א מאטיוו וואס חזרט זיך איבער אומעטום און ביי אלע פעלקער און אין אלע צייטן — דער כמעט אייביקער קאמף צווישן דער צענטראליזאַ־ציע און דעצענטראליזאציע. דער ועד ארבע ארצות און דער ועד ליטא האבן געוואלט אויסאיבן א וואס גרעסערע השפעה איבער די וויים־צעשפרייטע ישובים; דאס האט געקענט געשען נאר דעמאלט, ווען די מאכט איז קאנ־צענטרירט אין די הענט פון יחידים. דאס האט, נאטירלעך, געמוזט פירן צו דעם, אז דער ועד זאל קוקן קרום אויף די טענדענצן פון די קהילות, צו ווערן וואס מער אפהענגיק, ווייל ס'האט געדראט א סכנה, אז די גרויסע קרייזן (גלילות) זאלן זיך אויפלייזן און צעשפאלטן זיך אין עטלעכע קרייזן, און מיט דער אומפארמיידלעכער קאנסעקווענץ פון נאך און נאך רעפרעזענטאנטן אין דעם צענטראלן ועד און די אומגעווינטשטע חילוקי־דעות און סיכסוכים. נאר מיט דעם, קענען מיר פארשטיין געוויסע סיכסוכים, וואס האבן געפונען זייער אפקלאנג ביים ועד ארבע ארצות און אין ועד ליטא און זייערע רעזולטאטן. אין אט דעם דאזיקן גראנגל, האט אויך אנטיילגענומען די שטאט מעזריטש און דעם דאזיקן גראנגל, איז געווידמעט דאס איצטיקע קאפיטל.

ווי געזאגט, דערשיינט מעזריטש אלס יידישער ישוב אונטערגעווארפן דער קהילה בריסק, אין יאר ה'שפ"ג (1623). אלס איינע פון די בריסקער סביבות, איז מעזריטש געווען א טייל פון דעם ועד ליטא. ווי לאנג איז מעז־ריטש געווען אפהענגיק פון בריסק? צי איז זי בכלל געווען שטענדיק אפהענגיק פון בריסק, אזוי לאנג ווי מעזריטש איז געווען א טייל פון דעם ליטווישן ועד? דאס ווייסן מיר נישט; עס האט זיך נישט אויפגעהאלטן קיין שום רשימה, וועלכע זאל אונדז געבן וועגן דעם א גענוגנדיקע אינפארמאציע. אלץ וואס מיר ווייסן, איז, אז מעזריטש איז געווען א טייל פון דעם ליטווישן ועד ביז ארום ת"מ; ווארום, די מעזריטשער קהילה דערשיינט אין דעם פנקס פון מדינת ליטא נאך צוויי מאל. איינמאל, אין יאר ת"ל (1670); אין דעם פראטאקאל פון דעם ועד ליטא פון יענעם יאר, ווערט גערעדט וועגן חשבונות און חובות פון דעם ועד ליטא און דארט ווערט צווישן אנדערעס געזאגט: „אלע חשבונות פון אלע קהילות, גלילות און ישובים, זיינען געווען פאר אונדז, אחוץ דער חשבון פון גליל־מינסק וק"ק (קהילה קדושה) בירזש און דער חשבון מעזריטש, וואס זיינען נישט געווען פאר אונדז" (6).

די צווייטע דאטע איז פון תל"ו (1676). דאס איז א פראטאקאל פון אן אסיפה פון ועד ליטא, וועלכע איז פארגעקומען אויפן יריד סטאלאוויטש און דארט ווערט געזאגט, אז דעם מעזריטשער רב קומט א חוב פון 200 זלא־טים (7). ווער דער רב איז געווען, אין יענער צייט אין מעזריטש און צוליב

וואָס עס קומט אים א חוב פון 200 גילדן, ווערט דאָרט נישט געזאָגט. מן הסתם, איז עס פאר נישט־דערצאָלטע שכירות, פאר וועלכע דער ועד האָט זיך געמאכט פאראנטוואָרטלעך. די דאָזיקע דאטע איז די לעצטע וועגן מעזריטש; אין אלע ווייטערע באריכטן פון פנקס מדינת ליטא, ווערט שוין מעזריטש מער נישט דערמאָנט. דאָס איז גאנץ פארשטענדלעך; ווייל, קורץ נאָכדעם, איז מעזריטש געוואָרן א טייל פון דעם ועד ארבע ארצות.

פאַרוואָס איז מעזריטש ארויסגעטראָטן פון ועד ליטא? וואָס האָט איר געצווּונגען צו טוישן איין ועד אויפן צווייטן? מיר האָבן נישט דערויף קיין גאנץ גענויעם ענטפער. פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן, אין א זייער אינטערע־סאנטער ארבעט, וועלכע איז דערשינען אין „היסטאָריא רוסקיך יעווּרעיעוו" (8), פּרוּווט יאָ געבן דערויף אן ענטפער; אָבער אין אונדזער פאַל, לאָזט אונדז זיין ענטפער איבער מיט א צאָל פראגעס, אויף וועלכע מיר האָבן נישט קיין תשובות.

לויט פּראָפעסאָר באַלאַבאַן, איז א לאנגע צייט אָנגעגאנגען א סיכסוך צווישן דעם ועד ארבע ארצות און ועד ליטא, איבער דעם גליל פּאָדליאשע, וועמענס קרייז־שטאָט ס'איז געווען די שטאָט טיקטין. וואָס אייגנטלעך דער סיכסוך איז געווען, ווי אזוי ער איז אנשטאנען? דאָס זאָגט אונדז נישט פּראָפעסאָר באַלאַבאַן. אָבער די סיבה פון דעם סיכסוך, איז א פארשטענדלעכע. פּאָדליאשע איז אורשפּרינגלעך געווען א טייל פון ליטע. אין יאָר 1570 איז פאָרגעקומען די אזוי־גערופענע „אוניא־פּאָדלאסקא"; פּאָדליאשע איז געוואָרן אדמיניסטראטיוו א טייל פון פוילן. דעמאָלט איז נאטירלעך אנטשטאנען די פראגע, ווער וועט האָבן די ווייטערע דעה איבער דעם גליל־פּאָדליאשע — ועד ליטא, אָדער דער ועד ארבע ארצות? ועד ליטא האָט, נאטירלעך, ווייטער געוואָלט אָנהאלטן די שליטה איבער דעם גליל פּאָדליאשע און דער ועד ארבע ארצות פון זיין זייט, האָט געפאָדערט יוריספּרודענץ איבער פּאָדליאשע, אין איינקלאנג מיט דער אויבנדערמאָנטער אוניע. נאָך לאנגע דינגענישן, איז פּאָדליאשע אריבער צום ועד ארבע ארצות; אזוי, אז ווען עס איז פאָרגעקומען די באקאנטע שפּאלטונג צווישן די ליטווישע יידן און דעם איבעריקן טייל פון דעם פּוילישן יידנטום און עס האָבן זיך געשאפן צוויי ועדים, איז פּאָדליאשע אריבער צום ועד ארבע ארצות.

די דאָזיקע דערקלערונג פון פּראָפעסאָר באַלאַבאַן, בנוגע דעם אריבער־גאנג פון פּאָדליאשע צום ועד ארבע ארצות, פארענטפערט די פראגע, וועגן די סיבות פון דער איבערשיכטונג פון פּאָדליאשע. אָבער, פאר אונדז שטעלט זיך דאָ די זייער הארבע פראגע: אויב דאָס איז יאָ אזוי, טאָ ווי־זשע קומט עס, וואָס מעזריטש איז געווען א טייל פון ליטווישן ועד, לכל הפחות, ביז דעם יאָר תל"ו, — ווי מיר געפינען עס אין פנקס ליטא? באין ברירה, זיינען מיר געצווּונגען צו קומען צו דער מסקנא, אז נישט גאנץ פּאָדליאשע איז ארי־

בער צו פוילן. עס איז גאנץ מעגלעך, אז די ברירה איז געגעבן געוואָרן צו די איינצלנע קהילות און סביבות אין פּאָדליאַשע, צו אָפּטירן. ווי עס שיינט, האָט מעזריטש אָפּטירט צו פאַרבלייבן מיט דעם ליטווישן ועד און ווען עס האָט זיך איר מער נישט געלוינט (מעגלעך צוליב די העכערע שטייערן, וואָס די ליטווישע יידן האָבן געצאָלט), האָט מעזריטש באַשלאָסן, אַז זי האָט שוין גענוג און איז אַרויסגעטראָטן פון דעם ליטווישן ועד און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם ועד ארבע ארצות.

מיר ווייסן נישט, וועלכע זיינען געווען די באַדינגונגען פון דעם דאָזיקן אָנשלוס; אָבער מיר קענען זיך גרינג משער זיין, אַז די באַדינגונגען זיינען געווען נישט אַנדערש פון די, וואָס האָבן געהערשט אין אַלע פּאָדליאַשער קהילות און אַלס ערשטער תנאי איז, אוודאי, געווען די אָנגעהעריקייט פון מעזריטש צום גליל־פּאָדליאַשע, וואָס האָט געמיינט — די העגעמאָניע פון טיקטין איבער מעזריטש.

ווי אַזוי האָט מעזריטש רעאַגירט אויף דעם דאָזיקן באַדינגג? איך האָב א חשד, אַז מעזריטש איז גאָרנישט געווען צופרידן פון דעם. אַלס א סביבה־שטאָט, האָט זי, מן הסתם, נישט געלעקט קיין האָניק פון בריסק און האָט אוודאי געוואָלט זיין פריי פון איר אויבערהערשאַפט. באין ברירה, האָט מעזריטש אָנגענומען דעם באַדינג און איז געוואָרן נכנע צו טיקטין; אָבער נישט אויף לאַנג.

די צייט אויף וועלכער מיר פאַררופן זיך איז געווען אַן אומרואיקע אין נערהאַלב דער אָרגאַניזאַציע פון ועד ארבע ארצות. דער גראַנגל פון געוויסע קהילות, צו באַפרייען זיך פון דעם יאָך פון די גלילות, איז געווען א העפטיקער און דער זעלבער קאַמף שפּילט זיך אויך אָפּ אין דעם גליל־פּאָדליאַשע, מיט טיקטין אַלס די הויפּט־שטאָט. דעמאָלט רעוואָלטירט ווענגראָוו און קעמפט־אויס איר זעלבסטשטענדיקייט פון טיקטין און אין ווענגראָוו שליסן זיך אָן א ריי קלענערע קהילות. דער גליל־פּאָדליאַשע איז אַזוי אַרום געשפּאָלטן געוואָרן אין צוויי גלילות. לויט באַלאַבאַן, איז אין אָנהויב פון 17טן יאָרהונדערט, ד. ה. אַרום ת"מ, געקומען דער זעלבער סוף אויך אויף ווענגראָוו — טשעכאַנאָוצי רייסט זיך אָפּ און ווערט אַליין א גליל — קרייז־שטאָט. אויך מעזריטש באַפרייט זיך אין דער זעלבער צייט פון איר יאָך.

אין יאָר תמ"ח (1688), באַפרייט זיך מעזריטש פון טיקטין. (דאָס טאַקע באַווייזט, אַז טיקטין האָט נישט לאַנג רעגירט איבער מעזריטש). נישט נאָר איז זי באַפרייט געוואָרן פון טיקטין, נאָר זי איז אויך געוואָרן א דעה־זאָגערן איבער די אייגענע סביבות, וועלכע האָבן געגרייכט ביז גאַנץ ווייט. דער אַפּעטיט פון מעזריטש, איז, ווייזט אויס, געוואַקסן און זי האָט געזוכט אויסצוברייטערן איר הערשאַפט אויף קלענערע קהילות, ביז זי האָט זיך אָנגעשטויסן אין די אינטערעסן פון טיקטין און עס האָט זיך אָנגעהויבן א גע־

ראנגל צווישן דער אַלטער גליל־שטאָט טיקטין, מיט דער נאָר־וואָס באַפריי־טער מעזריטש. זיי האָבן זיך געשלאָגן וועגן דער הערשאַפט איבער גראַד־מעלניק און די סביבות. מעזריטש האָט, הפנים, פאַרכאַפּט די דאָזיקע טערי־טאָריע. עס איז פאַראַן אַ גרונט צו גלויבן, אַז דאָס איז געווען מיט דעם פרייען ווילן פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, ווי עס דרינגט ארויס פון די דיני־תורה־פּראָטאָקאָלן, ווי מיר וועלן באַלד זען — און טיקטין און מעזריטש האָבן זיך קעגנזייטיק פאַרקלאָגט צום ועד ארבע ארצות.

די ערשטע דין־תורה איז פאָרגעקומען אין יאָר תמ״ט (1689), אַ יאָר נאָך איר באַפרייען זיך פון טיקטין און זי איז פאָרגעקומען פאַר דעם ועד ארבע ארצות. דער פּראָטאָקאָל פון דער דין־תורה לייענט זיך אַזוי: „צו אונד־זער משפּט (זע העברעאישן טעקסט אין די באַמערקונגען) האָבן זיך היינט גע־שטעלט די אלופים־ראשים פון ק״ק מעזריטש, — די אָנקלאָגערס און די אלו־פים־קצינים (דער טיטול קצין איז געגעבן געוואָרן צו די פירער פון גליל, בעת די פירער פון ועד ארבע ארצות האָט מען גערופן, רוזנים) און מנהיגים פון ק״ק טיקטין — די אָנגעקלאָגטע, אין שייכות מיט די סביבות פון גראַד־מעלניק. וואָרום, די אלופים און קצינים פון טיקטין האָבן זיך געוועדט און נישט געלאָזט אַ טייל פון די אויבנדערמאָנטע סביבות, געבן דעם קאָפּ־שטייער צו ק״ק מעזריטש; ווייל זיי טענהן, אַז די דאָזיקע סביבות געהערן צו טיקטין, לויט זייערע פנקסים; און דאָס געשריי פון ק״ק מעזריטש איז, דאָס די סביבות זיינען שוין איר אָנערקענט געוואָרן פון די רוזנים פון ועד ארבע ארצות און זיי איינגעשלאָסן אין זייער קאָפּ־שטייער; האָבן מיר, בכן, געפּסקנט, נעמענ־דיק אין אָנבאַטראַכט, אַז זיי זיינען שוין איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם קאָפּ־שטייער (כרגא דמלכא), זאָל עס אַזוי בלייבן ביז דער נייער שאַצונג, וואָס וועט געמאַכט ווערן פון דעם פּערמאַנענטן קאָמיטעט פון שאַצערס (שמאים), ביים ועד ארבע ארצות און אַלע משפּטים, סיי פון קהל און סיי פון פּריוואַטע, געהערן פון איצט אָן צו טיקטין. דעם נייעם קאָפּ־שטייער, זאָלן די שמאים איינשליסן אין איר סכום (ווי מיר האָבן שוין דערקלערט אין דעם אריינפיר, איז סכום דער נאָמען פאַר דעם קאָפּ־שטייער). דאָס איז באַשטעטיקט און גע־קרעפטיקט געוואָרן מיט דער שטאַרקייט פון עונשים און קנס (אין פאַל דער צד וועלכער האָט פאַרשפּילט וועט נישט אויספאָלגן דעם פּסק דין — מ. ע.) אויף שטענדיק; און אַזוי זאָל עס בלייבן ווי ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן: ...היום ב׳ טו״ב תשרי, תמ״ט לפ״ק... אויסער מעזריטש, וואָס האָט שוין זוכה געווען צו אָפּטיילן זיך פון טיקטין...״ (9).

אין זעלבן יאָר, ווערט דער דאָזיקער פּסק־דין נאָכאַמאָל באַשטעטיקט (10). די דאָזיקע באַשטעטיקונג, איז דער רעזולטאַט פון אַ פּראָטעסט, וואָס די מנהיגים פון טיקטין האָבן באַלייגט פאַר דעם ועד ארבע ארצות. מיר לייענען דאָרט: „די אלופים און קצינים פון ק״ק טיקטין האָבן פּראָטעסטירט, זיי

דערציילן, דאָס די מנהיגים־אלופים פון ק"ק מעזריטש האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן פון אונדז אַ פּסק, וועלכער איז סותר טיילווייז די ווערטער פון דעם פּסק, וואָס איז אויפגעשריבן אויף דער אַנדערער זייט. ס'איז מעגלעך, דאָס מחמת די פיל טירדות, איז אַריינגעפאַלן עפּעס אַן ענדערונג גאַנץ אומגערן; בכן, פאַרשטאַרקן מיר דעם פּסק־דין פון דער אַנדערער זייט, וועלכער בלייבט אין קראַפט און אין זיין חזקה. און אויב אין דעם פּסק וואָס מעזריטש באַזיצט, געפינט זיך אַ סתירה, זאָל זיך קיינער נישט צוהערן צו אים. עס בלייבט, ווי מיר האָבן עס דערקלערט אויף דער צווייטער זייט, אָן שום ענדערונג, מינער־רונג אָדער צוגאָב... היום ה", כ' תשרי תמ"ט לפ"ק יאַראָסלאַוו".

מעזריטש איז געבליבן איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט זיך אונטער־געבן; דאָס איז גורם, אַז אין אַ יאָר אַרום, ד. ה. ת"נ (1690) ווערט דער אויבנדערמאָנטער פּסק נאָכאַמאָל באַשטעטיקט; ווי עס ווערט דאָרט געזאָגט: „כדי דער פּסק־דין פון דער אַנדערער זייט, זאָל נישט בלייבן ווי אַן אַלטער דאָקומענט, האָבן מיר באַנייט די ווערטער, מיט דער שטאַרקייט פון אַ פּסק־דין־גדול (דאָס מיינט צו זאָגן, אַ פּסק־דין פון דעם בית־דין־גדול, וועלכער האָט עקזיסטירט ביים ועד ארבע ארצות — מ. ע.). עס זאָל גאַרנישט געמי־נערט ווערן פון דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן אויף דער אַנדערער זייט מיט (דער שטראָף, אין פאַל ווען מעזריטש וועט זיך נישט צוהערן — מ. ע.) אַ גרויסן קנס און אומצוקערן אַלע הוצאות און הזיקות. ...היום יום א', כ"ה תשרי תיו נון לפ"ק. און באשר די אלופים און קצינים, די מנהיגים פון ק"ק טיקטין און אויך די אלופים און מנהיגים פון מעזריטש, זיינען ווידער דער־שינען פאַר אונדז, אין שייכות מיט דעם וואָס עס געפינט זיך (אויפגעשריבן — מ. ע.) אויף דער צווייטער זייט, איז אַרויס פון אונדזער מויל אויך אַצינד אַלס פּסק־דין־גדול, אַלץ ווי פריער, און דער אויבנדערמאָנטער פּסק בלייבט אין קראַפט, אָן שום צווייפל, פון איצט ביז אייביק. אין זעלבן טאָג, אין יאַ־ראָסלאַוו" (11).

הפנים, אַז דאָס איז נאָך אַלץ נישט געווען גענוג; מעזריטש האָט גע־מוזט זיך פילן גאָר שטאַרק און נישט מורא געהאַט, פאַר די אַלע פּסקים און סטראַשונקעס און געוואָגט זיך אָקעגנצושטעלן דעם ועד. וואָרום, אַ יאָר שפּעטער (תנ"א — 1691) פאַרנעמט זיך דער בית־דין־הגדול ביים ועד ארבע ארצות מיט דער אָנקלאַגע אויפסניי און נעמט אָן אַ זייער שטרענגע שטעלונג צו מעזריטש און ער קומט אַרויס מיט פאָלגנדע שטרענגע אזהרה צו מעז־ריטש: „אונדזערע הענט טוען שטאַרקן און באַפעסטיקן אַלע רייד פון די אלו־פים, קצינים און רוזנים... וועלכע זיינען געחתמעט אויף דער אַנדערער זייט, מיט דער שטאַרקייט פון אַ חרם און שמתא פון די חכמים, דאָס די (פירער — מ. ע.) פון ק"ק מעזריטש, זאָלן נישט האָבן די העזה אויפצוהויבן זייערע קעפּ קעגן די פּסקים, וואָס געפינען זיך אויף דער אַנדערער זייט און נישט

דערוועגן זיך אָנצורירן אפילו א טייל פון די פּסקים, אין קיין שום ענין וואָס האָט א שייכות צו ק"ק טיקטין... און טיקטין האָט דאָס רשות, צו צווינגען די מענטשן פון גראָד־מעלניק און די סביבות... זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן צו טיקטין... דאָס זיינען די רייד פון די גרויסע ליכטער... יום ב', ח' תשרי תנ"א לפ"ק".

דער רעזולטאט פון דער דין־תורה, איז אודאי אויסגעפאלן לטובת טיקטין און מעזריטש האָט אים געמוזט אויספאָלגן. מען האָט נישט גענומען לייכט קיין חרם, בפרט פון דעם בית־דין־הגדול. אָבער דער רעזולטאט, וואָסער ער זאָל נישט האָבן געווען, איז נישט וויכטיק. וואָס ס'איז יאָ וויכטיק, איז, די עצם דין־תורה און די הארבע פּסקים; ווייל זיי דעקן אויף פאַר אונדז, א טייל פון דעם ביטערן געראנגל, וואָס עס איז פאָרגעקומען אינערהאלב דער יידישער אויטאָנאָמער אָרגאניזאציע.

קודם־כל, פון דעם ערשטן פּסק, וואָס דער ועד ארבע ארצות האָט ארויסגעטראָגן, ווערן מיר געוווויר צוויי זאכן: ערשטנס, וועגן דעם, אז מעזריטש איז געוואָרן א מיטגליד אין דעם ועד ארבע ארצות און איז געווען אונטער דער דעה פון טיקטין, צו וועמענס קרייז זי האָט געהערט. צווייטנס, אז שוין אין יאָר תמ"ח — און אפשר נאָך פריער — איז מעזריטש מער נישט געשטאנען אונטער דער ממשלה פון טיקטין. צו וועמען האָט מעזריטש פון דעמאָלט אָן געהערט? לויט פּראָפעסאָר באלאבאן, איז מעזריטש געווען א קורצע צייט אָנגעשלאָסן אין דעם גליל־וועגגראָוו. דאָס איז אָבער נישט באוויזן געוואָרן. מיר געפינען נישט קיין אָפּקלאנג פון מעזריטשס אָנגעהעריקייט און נישט פון איר ארויסטרעטן פון דעם גליל־וועגגראָוו, אין קיין איינע פון די אקטן פון ועד ארבע ארצות פון יענער צייט. מיר געפינען נישט קיין רמז וועגן דעם, נישט אין מעזריטשער רשימות און נישט אין וועגגראָווער. איז עס דערפאַר אָנצונעמען, אז מעזריטש איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן א זעלבסטשטענדיקע קהילה (געווען נאָך א צאָל זעלבסטשטענדיקע קהילות, אין יענער צייט), וועלכע האָט געשיקט איר דירעקטן פאָרשטייער, צום ועד ארבע ארצות.

דער זיג פון מעזריטש, איר אויסגעקעמפטע זעלבסטשטענדיקע פּאָזיציע, האָט איר גלייכגעשטעלט מיט די גרויסע קהילות; פון שטאנדפּונקט פון פּרעסטיזש, איז עס אוודאי געווען א גרויס געווינס. אויך אירע פירער, האָבן זיך געמוזט פרייען, ווייל זייער חשיבות האָט אויך געשטיגן און עס איז געווען א סגולה פאַר פיל זאכן: שיינע שידוכים, אָנזען אין לאנד און ביים מלכות און אויך א סגולה פאַר א גוטע פּרנסה. אחוץ דעם, איז עס אויך געווען א פּראַקטישער געווינס. פריער האָט מען מעזריטש צוגעשטעלט א צעטל, וויפיל שטייערן זי דאַרף צאָלן און זי האָט זיך בלויז געקענט דינגען; איצט איז זי געווען איר אייגענער בעל הבית און דער בעל הבית איבער אירע סביבות. ווי דער שטייגער אין ענלעכע פאלן, האָט זיך דער אפּעטיט פון מעזריטש

שטאַרק צעוואַקסן. אויך זי האָט געוואָלט האָבן מער און מער סביבות, כדי צו איינגעמען א גרעסערן קאָפּ־שטייער און אַזוי אַרום זיך גרינגער מאַכן איר גרויסן לאַסט. מעזריטש האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט צו גראַד־מעלניק און די סביבות און האָט טאַקע דאָרט אָנגעטראָפן אויף א שטאַרקן ווידער־שטאַנד.

טיקטין איז פון איר שטאַנדפּונקט געווען גערעכט; אויף איר זייט, איז געווען דער דין פון חזקה; מעזריטש איז געווען א נייע אין דער שפּיל; אַן אוזורפּאַטאָר, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס באַפרייט פון טיקטין. וואָסערע רעכט האָט זי געהאַט, אויף דעם קאָפּ־שטייער און משפּטים א. א. הכנסות פון גראַד־מעלניק און אירע סביבות? אָבער אינגאַנצן גלאַטיק איז עס נישט געווען. די חזקה־טענה פון טיקטין, האָט אויך אביסל אונטערגעהינקט; וואָרום, סוף־כל־סוף, וואָסערע חזקה איז דאָרט געווען? איז עס דען אַן אייביקייט? איז עס דען געווען די חזקה פון דעם שטאַרקן, איבער דעם שוואַכן? ערשט נישט לאַנג צוריק, האָט טיקטין געהאַט די זעלבע טענה פון חזקה אויך אויף מעזריטש, ווענגראָוו, טשעכאַנאָוויצי און נאָך און נאָך. די טענה האָט איר נישט קיין סך געהאָלפן. ווען די קהילות האָבן זיך געפילט שטאַרק, האָבן זיי רעוואָלטירט און פון דער חזקה איז גאָרנישט געוואָרן. דער חזקה־מאָמענט, איז אָן שום ספק, דווקא פון דעם תורה־שטאַנדפּונקט, געווען שטאַרק אָפּפרעגבאַר. דער פּסק־דין, כאָטש ער איז נאָכדעם אויך באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם בית־דין־הגדול, איז אָן שום ספק געווען מער ווי אַלץ א פּאָליטישער. דאָ האָבן גע־ווירקט די מאָמענטן, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין געשריבן פריער. דער וועד אַרבע ארצות, האָט מיט געוואַלד און כוח, געוואָלט אָפּהאַלטן דעם צעקריש־לונג־פּראָצעס פון די גרויסע גלילות. דער גליל פּאָדליאַשע האָט זיך געפונען אין אַן ענלעכן פּראָצעס פון צעשפּליטערונג. דער וועד אַרבע ארצות, האָט דעריבער זיך געזען געצוווּנגען אָנצונעמען מיטלען, קעגן דער „אינוואַזיע" מצד די אויפגעקומענע פרייע שטעט, וועלכע האָבן איצט געזוכט צו באַהערשן וואָס מער טעריטאָריע. דער אויסגאַנג פון דעם סיכסוך צווישן טיקטין און מעזריטש, האָט אין אָנזיכט פון אָט דער פּאָליטישער שטעלונג מצד די פּי־רער פון וועד ארבע ארצות, זיך געמוזט ענדיקן לטובת טיקטין. דערפאַר, האָבן מיר אַזא הארבן פּסק דין פון דעם בית דין הגדול, וועלכער האָט נישט נאָר געסטראַשעט מיט חרמות און שמתות, פאַר וועלכע ייִדן האָבן זיך געשראָקן; נאָר מיר זעען אויך, אין א פאַרשטענדלעך ליכט, דעם מיין פון דעם פּסק, וואָס גיט טיקטין רעכט צו צווינגען גראַד־מעלניק און די סביבות צו זיין גע־האָרכזאַם צו טיקטין און נישט צו מעזריטש. וואָרום, שוין פון דעם פּסק איז געווען צו דרינגען, אַז גראַד־מעלניק און די סביבות האָבן געגעבן פאַרצוג מעזריטש. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז גאָרנישט שווער זיך משער צו זיין. טיקטין האָט צו־לאַנג געהערשט איבער איר גליל און זיך נישט גערעכנט מיט די סביבות, וועלכע האָבן געהאַט די קלענסטע דעה — אויב זיי האָבן בכלל גע־

האָט א דעה — אין די באַשלוסן פון דעם גליל. מעזריטש אַלס א נייער צענ־טער, וואָלט זיך מיט זיי מער גערעכנט און, ממילא וואָלטן זיי אויך געהאַט ביי איר בעסערע באַדינגונגען.

נישט געקוקט אויף די האַרבע מיטלען און די באַמיאונגען, וואָס דער ועד ארבע ארצות האָט אָנגענומען, אָפּצוהאַלטן דעם פּראָצעס פון דעצענטראַ־ליזאַציע, פון געבן די ברייטערע שיכטן א רעפּרעזענטאַנץ אין דעם ועד, איז זיין קאַמף געווען א פאַרשפּילטער. דער גליל־טיקטין האָט זיך געשפּאָלטן (12) און די צאָל גלילות, וועלכע זיינען געווען פאַרטראָטן אינעם ועד איז געוואָרן אַלץ מער און מער, ביז די צאָל האָט געגרייכט צו 19 גלילות (13) און פּונקט אַזוי, איז אויך געשטיגן די צאָל פון די פרייע שטעט, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען די שטאָט מעזריטש, וואָס האָבן געשיקט זייערע דעלעגאַטן צום ועד ארבע ארצות (14).

איבער סביבות, האָט זיך מעזריטש אויך געלאָדנט מיט איר שכנה לוקאָוו, וועלכע איז געווען זייער אַן אַלטע און וויכטיקע שטאָט. דער סיכסוך צווישן זיי, איז אַנטשטאַנען, וועגן דעם ענין, ווער עס זאָל האָבן א דעה איבער די יידן אין די פאָלגנדיקע דערפער: קאָנקאָלעווניצע, ברעזעוויצע, זאַקאָוואָליע, רוס־קאָוואָליע, ליפּניק און דאָמבראָווע. דער סיכסוך איז געווען אַן אַלטער און עס איז צו קיין טאָלק נישט געקומען, ביז די פאַרשטייער פוןביידע קהילות האָבן זיך ווידער אַמאָל צוזאַמענגעקומען און צווישן זיך מושווה געוואָרן אויף אַן אָפּמאַך, וואָס האָט ביידע קהילות געקענט צופרידנשטעלן.

דאָס איז געשען אין ראש חודש אב, אין יאָר תקי"ט (1759). פאַרשטייער פון ביידע קהילות, האָבן זיך געטראָפן אין דעם דאָרף בערעזעוויצע און נאָך א פרישן משא־ומתן זיינען זיי געקומען צום דאָזיקן אויסגלייך: 1. די הכנ־סות פון חתונות, בריתן, דיני־תורה און קאָפּ־שטייער, — געהערן ביידע קהי־לות; היינו, איין יאָר צו מעזריטש און דאָס צווייטע יאָר צו לוקאָוו. אין דעם יאָר, וואָס די הכנסות וועלן געהערן צו מעזריטש, וועט לוקאָוו באַקומען א פאַרגיטיקונג (עס ווערט נישט געזאָגט, ווי גרויס די דאָזיקע פאַרגיטיקונג דאַרף זיין. — מ. ע.). אין דעם יאָר ווען די הכנסות געהערן צו לוקאָוו, באַ־קומט מעזריטש א פאַרגיטיקונג פון בלויז איין רענדל. „כך תתנהגו עד ביאת משיחנו במהרה בימינו" (אַזוי זאָלן זיי זיך פירן ביז צום קומען פון משיח גיך אין אונדזערע טעג); 2. אויף ראש השנה און יום כפור, מוזן די יידן פון די דאָזיקע מקומות, פאָרן קיין מעזריטש; 3. אתרוגים זאָלן די ישובניקעס קויפן אין דער שטאָט, צו וועלכער זיי געהערן, אין דעם לויפנדן יאָר; 4. צו קבר ישראל, זאָלן זיי געבראַכט ווערן אין מעזריטש; 5. אויב איין קהילה וועט עמעצן פון די ישובים אַריינלייגן אין חרם, — מוז די צווייטע קהילה דעם באַטרעפנדן מאַן, אויך אַריינלייגן אין חרם (15).

אין דעם מעזריטשער פּנקס (16), זיינען אויך געווען פאַרצייכנט אָפּמאַכן מיט אַנדערע שכנותדיקע קהילות, ווי ראַדזין און ראַשאַש.

# מעזריטשער פּנקסים און וואָס זיי דערציילן...

אויסער פרעמדע מקורים — האָבן מיר אויך מקורים פון מעזריטש גופאָ; די מקורים זיינען פון שפּעטערע דאטעס; די סיבה איז א פּשוטע: די אַלטע פּנקסים זיינען פארפאלן געוואָרן; טיילמאָל זיינען זיי געוואָרן פארברענט פון די אָפטע שריפות, וואָס פלעגן פּארקומען און די פּנקסים וואָס זיינען צו אונדז דערגאנגען, גאנצע אָדער בלויז טיילן פון זיי, זיינען ס׳רוב פון שפּעטערע דאטעס.

אויך די מעזריטשער פּנקסים געהערן צו א שפּעטערע דאטע; נעמלעך, צום 18טן י״ה. נאָר, פון מאָל צו מאָל, כאפּט זיך אריין אין די פּנקסים א פּארצייכנטער עפּיזאָד, א רשימה פון א פריערדיקער דאטע; אָבער אפילו די צופעליקע פריערדיקע דאטעס, זיינען אויך נישט קיין גאנץ אַלטע.

די פּנקסים, אָדער טיילן פון זיי, וועגן וועלכע מיר וועלן שרייבן אין דעם קאפּיטל און אויך אין די וויטערדיקע קאפּיטלען, געהערן צו די דאָזיקע דריי פארשידענע מקורים:

1. אן אויסצוג, וואָס דער באקאנטער מעזריטשער ביבליאָפיל און קאָרעספּאָנדענט פון פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו, ר׳ יעקב שפּירא, האָט געמאכט פון מעזריטשער שטאָט־פּנקס. עס איז א קאָפּיע פון א באריכט וועגן פארשידענע הכנסות און הוצאות פון דער מעזריטשער קהילה. דער דאָזיקער פּראָטאָקאָל איז שטארק כאאָטיש, אויף וויפל ס׳האָט א שייכות צו דאטעס. דאָס איז גראָד נישט געווען שפּיראָס שולד. דער סופר, וועלכער האָט געפירט דעם פּנקס, האָט, צוליב א סיבה, וואָס איז אים אליין בלויז געווען באקאנט, נישט געלייגט קיין אכט אויף די יאָרן. דערפאר, געפינט איר דאָרט (ווי עס איז צו זען פון דעם העברעאישן טעקסט, וואָס מיר ברענגען שפּעטער) א כאאָס בשייכות כראָנאָלאָגיע. מיר האָבן זיך, העריבער, דערלויבט, צו רעאָרגאניזירן דעם כראָנאָלאָגישן סדר, אָבער נישט דעם עצם אינהאלט. די קאָפּיע האָבן מיר געפונען אין דעם דובנאָוו־ארכיוו ביים ייוואָ.

2. א באריכט וועגן מעזריטשער פּנקסים, וואָס דר. מ. הענדל האָט פארעפנטלעכט אין די ייוואָ־בלעטער (17). די דאָזיקע ארבעט גיט א פולן באגריף וועגן דעם אינהאלט פון די פּנקסים, וועלכע דר. הענדל האָט געזען

און באארבעט. עס איז נאָר א שאָד, וואָס ער האָט נישט קאָפּירט די פּנקסים; וואָרים, מיט דעם חורבן־מעזריטש, זיינען אויך די פּנקסים פארניכטעט גע־וואָרן.

3. א העפט „בר אבהן" (אין כתב־יד), וואָס ר' מאָטל פרידמאַן האָט מחבר געווען, וועלכער באשטייט פון אויסצוגן פון די פּנקסים פון מעזריטשער בית־דין, שול און חברה־קדישא. דער דאָזיקער העפט האָט געהאט בלויז איין צוועק, נעמלעך, פעסטצושטעלן די נעמען פון די רבנים, דיינים און אנדערע חשובים פון מעזריטש. היות ווי דעם טייל רבנים א. א. גיבן מיר אָפּ א באַזונדערן קאפּיטל — וועלן מיר וועגן ר' מאָטלס העפט נאָך האָבן וואָס צו זאָגן ווייטער. וועלן מיר זיך דערווייל אומקערן צו די ערשטע צוויי מקורים.

# די אָרגאַניזאַציע פון דער מעזריטשער קהילה

אין אונדזער אריינפיר, האָבן מיר געגעבן אן איבערבליק וועגן דער אָר־גאַניזאַציע פון די יידישע קהילות אין פּוילן, דהיינו, די העכסטע אינסטאַנץ — דער ועד ארבע ארצות (אין ליטע איז געווען דער ועד הקהילות הראשיות דמדינת ליטא), די ועדי־הגלילות, און די אויטאָנאָמע קהילות. אויך מעזריטש האָט געהאַט אן אָרגאַניזירטע אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפט, וועלכע האָט גע־רעדט אינעם נאָמען פון אַלע צו דער קהילה אָנגעהעריקע ישובים, סיי לגבי די יידישע העכסטע אינסטאַנצן און סיי לגבי די נישט־יידישע אינסטאַנצן; ווי למשל: די שטאָט־פאַרוואַלטונג, דער „הויף" (מעזריטש איז געווען א פּריוואַטע שטאָט), די קירכע און די מלוכה.

די קהילה האָט געהאַט צו זאָגן נישט נאָר איבער די יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין מעזריטש. ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, האָט יעדע קהילה געהאַט די דעה איבער קלענערע יידישע ישובים אָדער סביבות, און ווי מיר וועלן זיך דערמאָנען, האָט מעזריטש געזוכט אויסצושפּרייטן איר העגעמאָניע איבער אנדערע ישובים און זיך געלאָדנט מיט טיקטין און אנדערע קהילות וועגן דער חזקה אויף א רייע ישובים. מעזריטש האָט געהאַט צו זאָגן איבער קאָנסקאָוואָליע, ברעצעוויצע, דרעליעוו און נאָך און נאָך דערפער; און איבער דעם שטעטעלע רשאַש מיט אירע ארומיקע דערפער.

פּונקט ווי די אנדערע קהילות, האָט אויך די מעזריטשער קהילה גע־וואַכט איבער די אינטערעסן פון די מעזריטשער יידן און פון איר אָנגעהעריקע ישובים. ווען א פרעמדער ייד האָט זיך געוואָלט באַזעצן אין מעזריטש, האָט ער געמוזט זיך איינקויפן א חזקה. די קהילה האָט באַשטימט א געוויסן אָפּ־צאָל, וועלכער האָט זיך גערופן „חזקת־הקהילה". נאָכן אָפּצאָל האָט דער באַ־טרעפנדער פּערזאָן געהאַט דאָס רעכט צו וווינען אין מעזריטש און געניסן פון אַלע רעכט, וואָס די קהילה האָט געגעבן אירע מיטגלידער (מיר מוזן גערעד־קען, אז בלויז דער וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון יידישן דת, האָט זיך געקענט באַפרייען פון זיינע קהילה־פליכטן (18). אָבער אפילו נאָכן אָפּצאָל פון דעם ספּעציעלן שטייער, האָט דער נייער בירגער געמוזט וואַרטן יאָרן, ביז ער האָט באַקומען דאָס רעכט געוויילט צו ווערן אלס מיטגליד אין דער קהילה־

פארוואלטונג (19). און נישט נאָר פרעמדע, אפילו אלטע מעזריטשער תושבים, וועלכע האָבן זיך ארויסגעקליבן אין א צווייט אָרט — ווען זיי האָבן געוואָלט צוריק זיך באזעצן אין מעזריטש — האָבן געמוזט צאָלן דעם ספּעציעלן חזקה־אַפּצאָל. (וועגן אזא פאל ווערט פארצייכנט אין פנקס־מעזריטש אין יאָר 1761). דער געוועזענער תושב, האָט זיך פארפליכטעט צו צאָלן, א חוץ דעם איינ־מאָליקן אַפּצאָל, 3 גילדן יערלעך חזקה־געלט.

ווי ווייט די קהילה האָט זיך באצויגן ערנסט צו דער דאָזיקער פראגע — באווייזן די תקנות פון יאָר 1762, וואָס באשטימען, אז געוועזענע מעזריטשער תושבים, וועלכע וווינען אויסער מעזריטש 3 יאָר, ווי אויך פרעמדע יידן, וועלכע ווילן זיך באזעצן אין שטאָט — קענען זיך איינשאפן בירגערשאפט אין דער מעזריטשער קהילה נאָר אויפן גרונט פון אן איינהייטלעכן באשלוס פון קהל און אפילו איין מיטגליד פון דער קהילה אליין קען וועטירן דעם באַ־שלוס פון א מערהייט („ואף אחד יכול לעכב") (20). אויך ווען עמעצער האָט געוואָלט פארלאָזן מעזריטש, האָט ער לויט א תקנה פון יאָר 1757 געמוזט איבערלאָזן 3 פראָצענט פון זיין באר־געלט אויף צו דעקן די חובות (21).

אזוי ווי אלע קהילות אין פוילן און ליטע, האָט אויך די מעזריטשער קהילה געזאָרגט פאר אלע הצטרכותן פון דעם רעליגיעזן, געזעלשאפטלעכן, סאָציאלן און פּאָליטישן לעבן א. א. וו. מחמת דעם, האָט קהל זיך באמיט צו קאָנצענטרירן אלע טעטיקייטן אין די הענט פון דער קהילה און האלטן אן אויג אויף דעם טאָטאלן לעבן פון דעם יחיד, ווי פון דעם יידישן כלל. פאר־שטייט זיך, אז די ערשטע זאָרג פון דער קהילה איז תמיד געווען די פינאנצן; וואָרום, די קהילה איז געווען פאראנטוואָרטלעך פאר די כלערליי שטייערן, וואָס יידן האָבן געמוזט צאָלן, ווי אויך פאר אלע קהלשע הוצאות, וואָס זיינען געווען פארבונדן מיט דעם רעליגיעזן לעבן; ווי דאָס אויסהאלטן רבנים, דיינים, שוחטים, חזנים, משוררים, שמשים, א פעלדשער צי א דאָקטאָר, א צירולניק, פארשידענערליי קהלשע באאמטע און ממונים; אינסטיטוציעס, ווי: הכנסת־כלה, הכנסת־אורחים, א הקדש, א שול און בתי מדרשים, א מרחץ און כלערליי צדקה־געלטער, באזונדערס פאר ארץ ישראל־יידן, ישיבות א. ד. גל. דאָס אלץ האָט ארייגעטריבן די קהילה אין גרויסע הוצאות און דעריבער האָט די קהילה געמוזט אויסגעפינען פארשידענע קוואלן פון הכנסה.

כדי צו פארגרעסערן די קהלשע הכנסות, האָט די קהילה איינגעפירט כלערליי חזקה־געלטער און נישט דערלאָזט, אז די שטאָטישע יידן זאָלן זיך שפּאלטן אויף מנינים און באזונדערע בתי־מדרשים. עס קען זיין — דאָס איז בלויז א השערה — אז דער קאמף, וואָס די מתנגדים האָבן געפירט קעגן די חסידים און איז אזוי העפטיק אונטערגעשטיצט געוואָרן פון די רבנים און פירער פון די קהילות, איז געווען פארבונדן, א חוץ מיט דעם אידעאָלאָגישן

קאמף און מורא פאר סעקטאנטישע אפנויגונגען, — אויך מיט דער זארג, אז די מנינים וועלן שעדיקן די הכנסות פון דער קהילה.

אין מעזריטש, ווי אין אלע אנדערע קהילות, האבן די פירער פון דער קהילה צוזאמען מיט די רבנים, פארבאטן צו מאכן מנינים אדער בתי מדרשים. די פירער האבן געוואלט, אז אלע יידן זאלן דאווענען אין שול און אין דעם אפיציעלן שטאטישן בית־מדרש. אן אויסנאם האט קהל געמאכט פאר דער חברת חייטים, וועלכע האט געהאט א פריווילעגיע אויף א באזונדערן בית־המדרש (22).

די הכנסות פון דעם שטאטישן מרחץ, האט קהל באשטימט לטובת דעם שטאטישן בית־המדרש. אין 1847, באקומען די תלמוד־תורה און דער הקדש, א טייל פון די דאזיקע הכנסות. ווען עס איז אויפגעבויט געווארן א צווייטער מרחץ, ווערט די קהילה אליין אויך א שותף צו די הכנסות; זי באקומט איין פערטל און די אויבנדערמאנטע אינסטיטוציעס טיילן זיך מיט דער רעשט פראפארציאנעל (1849) (23). הפנים, אז די צווייטע מקוה איז אויסגעבויט געווארן, נאכדעם ווי די ערשטע האט אפגעברענט.

וואס איז שייך צדקה לטובת די ארץ־ישראל־יידן (זע דר. הענדל דארט), געפינען מיר אין דעם בודזשעט פון יאר 1758 (תקי״ח) א פאזיציע „לאנשי ירושלים״. עס איז כדאי צו דערמאנען, אז איינער פון די עלטסטע רבנים אין מעזריטש, ר׳ נתן נטע קאצענעלענבויגן, וועלכער איז געשטארבן אין ירושלים אין יאר תמ״ט (1689), איז געווען דארט דער נשיא, ד. ה. ער איז געווען דער ממונה פון דעם ועד ארבע ארצות (אפשר גאר פון ועד ליטא) איבער די חלוקה־געלטער וואס מען האט געשיקט קיין ארץ ישראל. אין די שפעטערדיקע יארן (1867, 1858), איז דער ענין איבערגעגעבן געווארן צו באזונדערע גבאים, מיט וועמען קהל איז געקומען צו א הסכם, אז פון די געזאמלטע געלטער פון די ספעציעלע ארץ־ישראל־פושקעס, זאל מען 400 רובל שיקן קיין ארץ ישראל, 500 גילדן זאלן גיין פארן ביקור־חולים און די רעשט פאר דער תלמוד־תורה (24). די ארץ־ישראל־פושקעס, באקאנט אלס „רבי מאיר בעל הנס״־פושקעס פלעגן הענגען אין אלע יידישע הייזער און די מאמעס פלעגן ערב שבת פאר ליכט־צינדן אריינוואראפן צדקה אין די דאזיקע פושקעס אריין.

## דער קאמף קעגן לוקסוס און אומנויטיקע הוצאות

דער ועד ארבע ארצות, דער ועד דקהילות הראשיות דמדינת ליטא און אלע יידישע העכסטע ארגאנען אין דייטשלאנד און אין אנדערע לענדער, ווי אויך די גרעסטע רבנישע אויטאריטעטן אין יענער צייט — האבן זיך באמיט צו באקעמפן לוקסוס און פארשווענדעריש לעבנסשטייגער ביי יידן, דורך פאר־

שידענע תקנות, איסורים און חרמים. ווי אזוי האָט זיך דאָס אָפּגערופן אין מעזריטש? ווי אזוי האָט רעאגירט די מעזריטשער קהילה אויף די דאָזיקע באַגרענעצונגען און ווי אזוי האָט דער יידישער כּלל אויפגענומען די תקנות, וואָס האָבן באַצוועקט צו רעגולירן דעם לעבנסשטייגער פון דעם יחיד? מען קען זיך משער זיין, אז די מעזריטשער יידן זיינען נישט געווען אַנדערש, אין דעם פּרט, פון די יידן אין אַנדערע קהילות; נישט קיין נפקא מינה, צי זיי זיינען עס געווען פּוילישע אָדער דייטשע יידן.

דר. מ. הענדל, פאַר וועמען די פּנקסים פון מעזריטש זיינען געווען אָפן און ער האָט געהאַט א געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די כּלערליי תקנות וועגן דעם ענין — גיט אונדז א שטיקל באַגריף וועגן דעם, ווי אויך וועגן אַנדערע ענינים און עס איז כדאי אויף אים זיך צו פאַרלאָזן; ער דערציילט אונדז (25):

„ס'ווערן אין מעזריטש עטלעכע מאָל איבערגעחזרט תקנות קעגן שיקן מתנות און משקאות צו פאַרשידענע אורחים. אַן אויסנאַם איז דער רב (משמעות, דעם אייגענעם רב. אָבער דאָס שטימט נישט תמיד מיט דער ווירקלעכקייט; וואָרום, אין איינעם פון די קהילה־בודזשעטן געפינען מיר א הוצאה וואָס קהל האָט געמאַכט פאַר א פרעמדן רב.. אפשר באַציט זיך דר. הענדל נאָר אויף יחידים. ווייזט אויס, אז טיילמאָל זיינען די תקנות נישט אויסגעפאָלגט געוואָרן—מ. ע.) און א מנהיג־מדינה, צו וועלכן מ'מעג יאָ שיקן מתנות (1757). ס'ווערט אויך באַשטימט געניי וויפיל משקה מ'מעג שיקן דעם ראש־הקהל אין קהלס נאָמען אויף פאַרשידענע שמחות. זייער וויכטיקע באַשלוסן זיינען אָנגענומען געוואָרן אין דעם פּרט אין יאָר 1790, דהיינו: 1. אויף שמחות מעגן קומען נאָר די יעניקע, וואָס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן; 2. צו א ברית־מילה טאָר דער בעל־שמחה נישט איינלאַדן מער ווי 30 מענטשן, צו א „חתן־מאָל" (די סעודה פאַר דער חתונה) — 20, צו דער סעודה נאָך דער חופּה — 30 אורחים; ס'ווערט אויך פאַרבאָטן איינצואָרדענען נאָך א דריטע סעודה, ווי ס'איז געווען דער מנהג ביז צו דעם יאָר. מיט דריי יאָר שפּעטער איז די גזירה א ביסל פאַרלייכטערט געוואָרן, ווייל ס'האָט זיך ארויסגעוויזן „שאין רוב הציבור יכולים לעמוד בה" (לויט דער גמרא קען נישט קיין בית־דין ארויפצווינגען אויפן כּלל א גזירה, אויב דער רוב קען נישט די גזירה אויסהאַלטן — מ. ע.) און ס'איז דערלויבט געוואָרן איינצואָרדענען אויך א דריטע חתונה־סעודה, מיט דעם מאַקסימום פון 30 איינגעלאַדענע געסט. א שאָד, וואָס די היסטאָרישע קוועלן שווייגן וועגן דעם, צי די תקנות זיינען געהאַלטן געוואָרן, צי, און ווי אזוי מעזריטש האָט דערויף רעאגירט און מיט וואָסערע מיטלען קהל האָט זיך באַנוצט, כּדי אָט די באַשלוסן צו רעאַליזירן. דער פאַקט אליין, אז די באַשלוסן מוזן איבערגעחזרט ווערן, באַווייזט, אז אַנדערש איז געווען געשריבן אין פּנקס פון קהל און אַנדערש האָט עס אויסגעזען אין לעבן".

ווי מיר זעען, איז מעזריטש אין דעם פּרט נישט געווען אנדערש פון אַנדערע קהילות. דער קאַמף איז, לעולם, געווען מיט די פּארמעגלעכע יידן; דער אָרעמאַן האָט, סיי ווי סיי, נישט געקענט מאַכן די גרויסע חתונה־מאָל־ציימן און גרויסארטיקע בריתן. דער קאַמף קעגן לוקסוס, איז איבערהויפּט געפירט געוואָרן מיט דעם צוועק צו פּאַרקלענערן די קנאה פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. און, היות, ווי ער איז געפירט געוואָרן מיט די רייכע איז דער קאַמף באַלד פון תחילת אָן, געווען פאַראורטיילט אויף, לכל הפחות, א טיילווייזן דורכפאַל.

## די אייגנטלעכע קהילה־פאַרוואַלטונג

אין אונדזער אריינפיר, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט א ביסל באריכות, אויפן צוזאַמענשטעל פון די יידישע אויטאָנאָמע קערפּערשאַפטן; דהיינו: פון דער לאָקאַלער קהילה ביז צום העכסטן אָרגאַן — דער ועד ארבע ארצות. מעזריטש איז אויך געווען אָרגאַניזירט אין די ראַמען פון אָט דער אינסטיטוציאָנעלער קאָנסטרוקציע. לויט דר. הענדל, איז די מעזריטשער קהילה־ליטונג באַשטאַנען פון ראשים, מנהיגים, טובים, גבאים, רואי־חשבון, יושבי־תמידין, שמונה קרואי עדה (אין מעזריטש האָט מען זיי אויך גערופן עקורים; דאָס איז געווען דער טיטל פאַר די דאָזיקע באַאמטע אין ליטע, און מעזריטש איז אמאָל געווען אונטער בריסק־דליטא), און גבאי־נשים.

אזוי ווי אומעטום, זיינען אויך אין מעזריטש געווען די וויכטיקסטע אמטן — די ראשים. די צאָל ראשים זיינען נישט געווען אומעטום גלייך; דאָס האָט זיך געווענדעט פון דער חשיבות פון יעדער קהילה. מעזריטש האָט געהאַט 4 ראשים. יעדער איינער פון זיי, האָט אמטירט א חודש. אלס ראש־הקהל פון דעם חודש האָט ער אויך געהאַט די מיטהילף פון א גבאי־חודש. ביים סוף פון חודש, האָט דער אוועקגייענדיקער פּרנס־החודש, געמוזט אָפּגעבן א פינאַנציעלן באַריכט פון זיין טעטיקייט פאַר דעם נאמן (מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם, אז דער נאמן איז געווען קהלס קאַסירער און אז דער נאמן פון ועד ארבע ארצות האָט געטראָגן דעם טיטל פון „נאמן ישראל". אין מעזריטש, איז אָפּט דער נאמן געווען איינער פון די דיינים, אָבער נישט תמיד). ביים באַטראַכטן פון וויכטיקע ענינים, פלעגט קהל צוציען אלע ראשים און מנהיגים און טיילמאָל, אויך די הויכע שטייער־צאָלער. עס געשעט אויך, אז די פירער רופן גאַנץ קהל אויף אן אויסערגעוויינלעכע פאַרזאַמלונג, צו באַשטימען א גזירה פאַר אלע צייטן א. ד. גל. אין מעזריטש האָבן מיר אויך דעם פאַל — ווי מיר וועלן עס ברענגען ווייטער — אין דעם ענין פון א רבנישער מחלוקת.

די רואי־חשבון האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א קאָנטראָל־קאָמיסיע, וועל־

כע האָט נאָכקאָנטראָלירט די הוצאות און הכנסות פון דער קהילה. נישט קלאָר איז געווען די פונקציע פון די „יושבי תמידין". דר. הענדל מיינט, אז זיי זיינען געווען בייזיצער ביי די קהילה־וואלן. אין יאָר 1787, ווערן אויך באַשטימט 3 משגיחים, צו אסיגנירן די הוצאות־קוויטן פון דעם פרנס־החודש (26).

ווען די יידישע קהילות האָבן פארלוירן זייער אויטאָנאָמיע (אין מיטן פון 19טן יאָרהונדערט) — פארלירט אויך מעזריטש איר אויטאָנאָמיע און די קהילה קען זיך נאָר אָפּגעבן בלויז מיט רעליגיעזע ענינים. די קהילה־פארוואַלטונג ווערט באשרענקט, סיי אין אירע רעכטן און סיי אין איר צוזאמענשטעל. בלויז די עטאַט־צאָלערס קענען קלייבן דאָזאָרעס אין דער אָנוועזנהייט פון א רעגירונגס־פארשטייער פון דעם קרייז. די קהילה־פארוואלטונג באשטייט דאַן פון דריי דאָזאָרעס, שבעה טובי־העיר און דריי רואי־חשבונות און אין אלע באַשלוסן מוז זי האָבן די הסכמה פון דעם שטאָטישן בית־דין.

די דאָזיקע קהילה־פארוואלטונג איז נישט געקליבן געוואָרן אויף א דירעקטן אופן. צוערשט האָט מען געקליבן, דורך ארויסציען 5 צעטלען פון אן אורנע, די „בוררים" — וואל־קאָמיסיע; און אַט די בוררים־קאָמיסיע, אָדער וואל־קאָמיסיע, האָט עס באשטימט, ווער עס זאָל אריין אין דער פארוואלטונג. מחמת דעם וואָס א סך פון די גבירים האָבן געוואָלט פארנעמען א פלאַץ אין דער פארוואלטונג, וואָס פלעגט, — ווי מיר האָבן שוין באמערקט אין אונדזער אריינפיר — לויידער אויסגענוצט ווערן פיל מאָל לטובת אייגענע נוצן, האָבן פיל קהילות איינגעפירט א צאָל באוואָרענישן, כדי צו פארמיידן ענלעכע איבלען. אין מעזריטש איז געווען א תקנה, אז די בוררים מוזן אָפּשליסן זייער ארבעט פון באַשטימען א פארוואלטונג, אין משך פון איין מעת־לעת, און אז צווישן די בוררים זאָלן נישט זיין קיין קרובים פון די קאנדידאטן. אין 1790 האָט מען אָנגענומען א תקנה, וועלכע דראָט די בוררים מיט חרם, אויב זיי וועלן נעמען שוחד. אין 1787 האָט קהל אָנגענומען א תקנה, וועלכע פארווערט קאנדידאטן צו באנוצן זיך מיט דער פראַקטיקציע פון מלכות אָדער „הויף", צו צווינגען די בוררים זיי צו קלייבן פאר דעם געוואונטשטן אמט, אָדער צו אנולירן דעם אויסוואל וואָס די בוררים האָבן שוין געמאכט. אין 1784 ווערט באשלאָסן צו באשטראָפן יענע בוררים, וועלכע האָבן נישט דורכגעפירט זייער וואַל בשלימות, מיט פארלירן דאָס פאסיווע וואל־רעכט אויף דריי יאָר און צו פארשרייבן זייערע נעמען לדראון עולם אין דעם פנקס. אין זעלבן יאָר, ווערט אויך באשלאָסן, אז אויב דער וואל פון די ראשים, מנהיגים, גבאים און ערשטן רואה־חשבון ווערט דורכגעפירט פון בלויז דריי פון די פינף בוררים, מוז דער וואל זיין אן איינשטימיקער. אנדערע פארוואלטונגס־מיטגלידער קענען געווילט ווערן בלויז מיט א רוב שטימען (27).

אויך די קאָדענץ און די קאָמפּעטענצן פון די ראשים זיינען נישט אויסגעלאָזט געוואָרן, אין א פארמעסט אָפּצוהיטן די ערלעכקייט פון דער הנהגה

און צוימען די אפעטיטן פון די ראשים, ווערן אנגענומען א דייע באשלוסן. אין 1726 (28), ווערט באנייט אן אלטע תקנה (דר. הענדל ברענגט דאס לשון: „שנתיסדו מקדמונים", ד. ה. פון אלטע דורות), אז די ראשים טארן נישט געוויילט ווערן מער ווי 2 יאר נאכאנאנד. דר. הענדל באמערקט מיט רעכט, אז, ווי עס ווייזט אויס, איז די תקנה יא אפגעהיט געווארן; ווארום, ערשט ביים אפשלוס פון 18טן יארהונדערט, ווערן אנגענומען צוויי החלטות (1795, 1800), אז מחמת „השערוריה הנשמע במדינתנו", ד. ה. צוליב די אויפטרייסלונגען אין דער מדינה (דאס זיינען געווען טעג פון פוילנס צעפאלונג און נאפאלעאנישע מלחמות) (29) זאל מען זיך נישט רעכענען מיט דער צייט־באשרענקונג, ווארום מען מוז האבן אין איר שפיץ טיכטיקע פירער — „כי מי יודע מה יוליד יום" — ווער ווייסט וואס דער מארגן וועט ברענגען.

אויך אין דער פראגע פון פינאנצן, ווערט דער פרנס־החודש קאנטראלירט. לויט א תקנה פון יאר 1787, קען נישט דער פרנס־החודש אויף זיין אייגענע האנט פאראָרדענען דעם נאמן א הוצאה. ער מוז האבן די הסכמה פון די דריי משגיחים, אן וועמענס חתימות דער נאמן טאר נישט מאכן די הוצאה. ווי אין אנדערע קהילות, אזוי אויך אין מעזריטש האט מען באשרענקט די ראשים, זיי זאלן נישט טארן ארענדירן די קהלשע ארענדעס (1788); אויך יענע וואס האלטן ארענדעס פון הויף, טארן נישט געוויילט ווערן אין דער קהילה־פארוואלטונג (1856) (30). דער פרנס־החודש טאר נישט שיקן פאר קהלשע געלטער מתנות און משקאות צו בעלי־בתים אויף שמחות; און אויך נישט צו געסט, אפילו דעם „נשיא" (1772). אין יאר 1787 ווערט בפירוש דערלויבט דעם פרנס־החודש צו שיקן פאר קהלשע געלטער, אויף א חתונה — 3 פלעשלעך משקה און אויף א ברית — 2 פלעשלעך (31). דר. הענדל דערציילט אויך, אז אין די תקנות ווערן די געוויילטע מיטגלידער אויפגעפאדערט נישט צו אנטזאגן זיך פון זייערע אמטן, און צו קומען צו אלע זיצונגען (1800); די זיצונגען זאלן נישט פארקומען אין א פריוואטער דירה (1850); און אז דער גבאי־החודש זאל קומען יעדן טאג דאווענען אין שול אריין „מלובש נאה ויפה" — אנגעטאן שיין און ציכטיק.

צוויי פון די וויכטיקסטע קאפיטלען, זיינען געווידמעט רבנים און דיינים אין מעזריטש און דארט שטעלן מיר זיך אפ באריכות וועגן זיי. מיר ווילן דא בלויז צוגעבן דאס פאלגנדע: די קהילה האט געהאט א רעכט אליין אויפצונעמען א רב און דיינים. לויט ר' מרדכי פרידמאן, האט מעזריטש אמאל געהאט פינף דיינים. טיילמאל האט מעזריטש אויך געהאט א ראב"ד (ראש בית־דין). דער אמט איז נישט געווען א שטענדיקער; טיילמאל האט מען ספעציעל געשאפן דעם אמט, כדי מפייס צו זיין א דיין, וועלכער האט פרעטענדירט צו זיין שטאט־רב און ער איז עס נישט געווארן צוליב א מחלוקה (זע וויטער וועגן אזא מחלוקה). דיינים זיינען געווען צווייערליי: דיינים קבועים, ד. ה.

געקליבענע, באַרופֿלעכע און סתם דיינים. איינער פֿון די דיינים איז געווען א „ספרא", ד. ה. דער סעקרעטאַר פֿון בית־דין און פֿון אנדערע אָפיציעלע דאָ־קומענטן. טיילמאָל איז איינער פֿון די דיינים אויך געווען דער נאמן, ד. ה. דער קאַסירער פֿון קהל און דער הויפּט־שמש.

דר. הענדל מיינט, אז די דיינים פֿלעגן נישט באַקומען קיין שכירות פֿון דער קהילה, נאָר האָבן געצויגן זייער חיונה פֿון פּסק־געלט און אנדערע בית־דין־הכנסות. דאָס איז נישט באַוויזן געוואָרן. מיר מיינען, אז די דיינים קבועים, די געוויילטע, די באַרופֿלעכע דיינים, האָבן יאָ באַקומען שכירות, בעת די אנ־דערע דיינים פֿלעגן, אפֿשר, ציען חיונה פֿון אנדערע מקורים און זיי פֿלעגן אויך באַקומען א טייל פֿון די אריינגעפֿלאָסענע הכנסות פֿון די פּסק־געלטער.

די שחיטה איז, נאַטירלעך, געווען שטאַרק רעגולירט, וואָרים זי האָט דאָך פֿאַרגעשטעלט נישט נאָר אן עיקר אין יידישן טאָג־טעגלעכן לעבן — אַן וועלכער א פֿרומער ייד קען זיך נישט באַגיין — נאָר איז אויך געווען א וויכ־טיקער הכנסה־קוואַל פֿאַר דער קהילה. א שוחט האָט געדאַרפֿט געבן דער קהילה א באַשטימטן אָפּצאָל יערלעך, פֿאַר זיין רעכט צו שעכטן. דר. הענדל מיינט, אז דער שוחט איז דערפֿאַר באַלוינט געוואָרן פֿון דער קהילה מיט א געוויסן געהאַלט און ער האָט דערגענצט זיין הכנסה מיט די שכר־טירחה־געל־טער, וואָס ער האָט באַקומען פֿאַר זיין שעכטן פֿון יעדן שטיק באַזונדער. דאָס, ווי עס שיינט אונדז, שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט; מיר געפֿינען נישט אין קיין שום בודזשעט פֿון דער מעזריטשער קהילה, א פּאָזיציע פֿון שכירות פֿאַר שוחטים; דאַקעגן געפֿינען מיר דאָרט, אז שוחטים פֿלעגן באַצאָלן א יער־לעכן אָפּצאָל צו דער קהילה. מיר דרינגען פֿון דעם, אז דער שוחט האָט געהאַט בלויז איין הכנסה־קוואַל, נעמלעך, זיין שכר־טירחה. אָבער ער איז נישט גע־ווען פֿריי אליין צו באַשטימען די הויך פֿון שחיטה־געלט. דאָס באַשטימען דעם אָפּצאָל פֿאַר שחיטה, איז געווען דאָס אויסשליסלעכע רעכט פֿון דער קהילה. פֿאַר שטאָטישע יידן איז געווען איין פּרייז און פֿאַר די דאָרפֿס־יידן, א צוויי־טער. פֿאַר דער שחיטה אויף שמחות איז געווען א האַלבער פּרייז. עס איז אָבער אויך געווען א באַוואָרעניש, בנוגע די צאָל בהמות, וואָס דער שוחט מוז שעכטן פֿאַר א האַלבן פּרייז פֿאַר די פֿאַרשידענערליי שמחות און סעודות, וואָס חברות פֿלעגן איינאָרדענען. בלויז דער שניידער־צעך איז געווען פֿריי פֿון יעדן פֿלייש־אָפּצאָל.

אין די שפּעטערע יאָרן, מיט דעם וווּקס פֿון דער קהילה און ווי אויך, טיילווייז, מחמת דעם געענדערטן כאַראַקטער פֿון דער קהילה, וועלכע האָט פֿאַרלוירן איר אויטאָנאָמיע, האָט זיך אויך די שחיטה־רעגולאַציע געענדערט. שוחטים האָבן נישט געדינגען, אזוי צו זאָגן, די שחיטה פֿון דער קהילה. אמת, קהל האָט נאָך אַלץ געמוזט אויפֿנעמען א שוחט, אָבער נאָכן אויפֿנעמען אים, האָט קהל נישט געהאַט איבער אים צו זאָגן — אויסער אין דער פֿראַגע פֿון

נישט ארויפשרויפן דעם שחיטה־פרייז — ער איז געווען, אזוי צו זאָגן, זיין אייגענער בעל־הבית. ער האָט אָבער געמוזט מיט דעם שחיטה־געלט זיך טיילן מיט קהל. א טייל איז געגאנגען פאר דעם בית־דין און אנדערע הצטרכותן און די רעשט פאר אים אליין. די שוחטים האָבן אינדיווידועל נישט געהאנדלט באַזונדער מיט קהל. זיי זיינען געווען שותפים און פלעגן צווישן זיך רעגולירן דעם פונאנדערטייל פון דער הכנסה. טיילמאָל, פלעגן זיי פארקויפן צו א זייטיקן מענטש די הכנסה פון דער שחיטה פון עופות... אין 1814, איז איינגעפירט געוואָרן א תקנה, לויט וועלכער דער שוחט האָט געמוזט גיין צו א פרייוואטן בעל־הבית שעכטן, ווען יענער האָט געוואָלט שעכטן א בהמה־דקה, אָדער מער פון פיר גענדז. א חוץ דעם, זיינען געווען באַזונדערע שוחטים פאר די דערפער. מיט דער צוריקשטעלונג פון דער פוילישער אומאָפּהענגיקייט אין 1917 און צוזאמען מיט דער רעאָרגאניזאציע פון די קהילות, איז מיט די שוחטים פאָרגעקומען א ראדיקאַלע ענדערונג. דער שוחט, ווי די אנדערע כלי־קודש, איז געוואָרן א קהלשער באאמטער. אַלע הכנסות פון דער שחיטה האָבן געהערט צו דער קהילה און דער שוחט האָט באקומען א באַשטימטן געהאלט. היות ווי ער האָט פארלוירן זיין זעלבסטשטענדיקן סטאטוס און איז געוואָרן אויסגעשטעלט צום „גוטן ווילן" פון זיינע קהילה־בעלי־בתים, איז דער שוחט געווען געצוווּנגען צו באנוצן זיך מיט מאָדערנע מיטלען, צו פארטיידיקן זיינע אינטערעסן, און איז אין מערסטנפאל, געוואָרן א מיטגליד פון א פראָפעסיאָנעלן פאריין, וועלכער איז געווען אָנגעפירט פון דער „פּ. פּ. ס." — פוילישע סאָציאַליסטישע פּארטיי.

אויך דער חזן און זיינע משוררים, זיינען געווען קהילה־באאמטע. דער חזן האָט געמוזט דאווענען פארן עמוד יעדן שבת און יום־טוב. א חוץ די וויכטיקע שבתים (שבת מברכים, ראש חודש און ספירה־וואָכן), ווען דער חזן האָט זיך נישט געקענט באפרייען פון דאווענען פארן עמוד, דורך שיקן א פארטרעטער — איז אויך דער חזן געווען פארפליכטעט צו דאווענען, ווען אין שול איז געווען אן אויפרוף. נאטירלעך, איז דאָ געמיינט געוואָרן פון א רייכן בעל־הבית, אָדער עפּעס א וויכטיקן תושב אין שטאָט. ווען די שול האָט געהאט דערפון א גרויסע הכנסה. אין 1815, האָט דער חזן באקומען 16 גילדן וועכנטלעך. ער האָט אויך גענאָסן פון ספּעציעלע הכנסות (חנוכה־געלט, פורים־געלט, חתונות, תנאים און בריתן א. אז. וו.). דער משורר־ראשון, דאָס מיינט דער הויפּט־זינגער, א כמו חזן־שני, האָט באקומען 5 גילדן וועכנטלעך און דאָס רעכט צו קלייבן נדבות פאר זיך יעדן ערב שבת ויום טוב. די אנדערע משוררים, האָבן קיין באַשטימטע שכירות נישט באקומען; זיי „עסן טעג" ביי בעלי־בתים לויט א געוויסער אָרדענונג, וואָס ווערט אויסגעארבעט פון קהל (דאָס איז, הפּנים, געטאָן געוואָרן, כדי אויסצומיידן די מעגלעכקייט, אז איינער זאָל זיך איינשאפן א גוטן פלאץ צו עסן און די אנדערע זאָלן דורכדעם ליידן). אין

1795, איז געווען א תקנה, אז פאר נישט ראווגען פארן עמוד א שבת, פאר־לירט דער חזן די שכירות פון דער וואָך (32). דר. הענדל ברענגט אויך דעם אינטערעסאנטן פאקט, אז קהל האָט באשטימט (1858) א לעבנסלענגלעכע פענסיע פאר זייער חזן ר' נפתלי הערץ בן יצחק הלוי, שטאָט־חזן פאר 14 יאָר, ווען ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל. איינע פון צווישן די אלטע תקנות, וואָס איז אָפּגעהיט געוואָרן פון די חזנים ביז דעם ערשטן וועלט־קריג, איז געווען, דער חוב פון דעם חזן צו דאווגען נעילה אין דעם שניידער־שילעכל.

## באציאונגען צווישן דער קהילה און די מאכט־אָרגאנען

מעזריטש איז געווען א פּריציש שטאָט און אלס אזעלכע, איז דער הויף געווען דער הויפּט בעל־הבית און דעה־זאָגער איבער די יידן. מחמת דעם, האָט די שטאָט־פארוואלטונג קיין גרויסע דעה נישט געהאט איבער די מעזריטשער יידן און זייערע באשטייערונגען צו דער שטאָט־פארוואלטונג איז געווען קלענער, לערך צו דעם שטייער, וואָס יידן אין נישט־פּריצישע שטעט האָבן געצאָלט דער שטאָט־פארוואלטונג. די יידן זיינען אויך געווען אונטער־געוואָרפן דעם שטאָטישן געריכט, אין ציוויל־ און שטראָף־ענינים צווישן ייד און קריסט. א שבועה האָט דער ייד אָפּגעגעבן ביים רב. דער הויף איז אָבער געווען שטארקער פון דעם שטאָטישן געריכט און אין אלע ענינים, האָט דער באשולדיקטער ייד געקענט אפּעלירן צום הויף, קעגן דעם פּסק־דין פון שטאָ־טישן געריכט און אפילו קעגן דעם פּסק פון בית־דין. נאטירלעך, האָט קהל נישט געוואָלט, אז יידן זאָלן אפּעלירן צום הויף קעגן די פּסקים פון בית־דין. וואָרום די קהילה האָט בכלל נישט געוואָלט, אז דער „הויף", אז גויים, זאָלן זיך אריינמישן אין דעם אינערלעכן לעבן פון די יידן. אָבער דאָס איז דער קהילה נישט געלונגען. דר. הענדל (33) שטעלט פעסט אויפן סמך פון די דאָ־קומענטן, וואָס ער האָט אונטערגעזוכט, אז דער הויף פלעגט זיך אריינמישן און דעצידירן, אין גאָר א גרויסער מאָס, אין אינערלעכע קהילה־ענינים. דער הויף פלעגט פסלען דיינים, אָפּזאָגן מנהיגים און אליין באשטימען קהילה־פאָר־שטייער. אזוי דערציילט ער, ווען א סיכסוך וואָס האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 1760, צווישן א דיין און איינעם פון די מנהיגים פון איין זייט, מיט עטלע־כע איינפלוסרייכע יידן פון דער אנדערער זייט. דער הויף האָט זיך אריינגע־מישט און דער „אדון־הגדול, יעגאמאָשטש פאן קאָמיסארזש יר"ה" האָט דער־ווייטערט דעם דיין און דעם מנהיג פון זייערע אמטן און צוגענומען פון זיי די אקטיווע און פּאסיווע וואַל־רעכט, סיי אין קהל און סיי אין דער חברה־קדישא. כדי צו וואָרענען אנדערע, באפעלט ער אויך, מפרסם צו זיין דעם פּסק זיינעם אין בית־המדרש און אין שול. שפּעטער האָט דער קאָמיסאר צו־ריקגעצויגן די שטראָף.

9 יאַר שפּעטער, פּסלט ער צוויי דיינים, מחמת די מסירות אויף זיי, אַז זיי זיינען רודפי בצע און אויף זייער אָרט באַשטימט ער 6 אַנדערע. דער קאָמיסאַר דערמאָנט אויך די ייִדן, אַז זיי קענען אַפּעלירן צום הויף קעגן אַ פּסק פון בית־דין; אָבער די אַפּעלאַציע מוז גלייך געמאָלדן ווערן ביים לייענען דעם פּסק.

וועגן נאָך אַן אינטערווענץ פון דעם הויף אין אינערלעכן יידישן לעבן, דערציילט דר. הענדל אין זיין שוין אָפּט־דערמאָנטער אַרבעט:

אין יאָר 1781 האָט קהל, אויף יום כפור, צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסטע פון מנדבים לטובת די אָרעמעלייט, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין שטאָט אַריין אויף די ימים־טובים. איינער אַ ר׳ חיים בן מרדכי, וואָס ווערט באַצייכנט אַלס „זנאַטשניישי וו׳ מיענדזירזשעצו גאָספּאָדאַרזש אי קופּיעץ״ — באַדייטנדער מעזריטשער בעל־הבית און סוחר — האָט באַטראַכט דעם צוזאַמענשטעל פון דער רשימה אַלס אומגעזעצלעך און ווען דער שמש איז מיט דער ליסטע געקומען אויפמאָנען פון אים די נדבה, האָט ער די ליסטע צעריסן. ר׳ לוי בן יעקב (פּיליינט דער גבאי־צדקה) האָט צונויפגערופן אַן אסיפה פון 14 יידן, צווישן זיי אויך פאָרשטייער פון קהל. און די אסיפה האָט אַרויסגעטראָגן אַ פּסק, לויט וועלכן ר׳ חיים איז דערקלערט געוואָרן אַלס „עוכר ישראל״. ר׳ חיים האָט אַפּעלירט צום רב (דעמאָלט איז אין מעזריטש געווען רב, ר׳ אברהם בר׳ יהודה ליב, וועגן וועמען מיר שרייבן שפּעטער) און ער האָט מבטל געמאַכט דעם פּסק. ר׳ חיים האָט זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט מיט דעם אַליין און ער האָט אַפּעלירט צום הויף. דער הויף האָט זיך אינגאַנצן געשטעלט אויף זיין צד און אַפילו געהאַט בדעה אָראַפּזעצן, אַלס שטראָף, די אַמטירנדיקע קהילה־פאַרוואַלטונג; אָבער רעכענענדיק זיך מיט דעם פאַקט, וואָס אין דער פאַרוואַלטונג געפינען זיך עטלעכע וויכטיקע פּערזאָנען, האָט ער עס נישט געטאָן. דער הויף־קאָמיסאַר באַפעלט אָבער אויסצומעקן דעם פּסק פון דעם פּנקס און די אָנטיילנעמער אין דער אסיפה, זאָלן ר׳ חיימן עפנטלעך איבערבעטן שבת אין שול. נאָך פּסקנט דער קאָמיסאַר: אויב ר׳ חיים וועט ערגעץ־ווו אין דער פרעמד ליידן צוליב דעם פּסק, דאַרף יעדער איינער וואָס האָט אָנטיילגענומען אין דער אסיפה, באַצאָלן אים אַ קנס פון 100 רויטע גילדן (אין ערך פון 1.800 פּוילישע גילדן).

כאָטש קהל איז געווען קעגן דער אינטערווענץ פונעם הויף, געפינען מיר, אַז מיט פינף יאָר שפּעטער, אַפּעלירט קהל צום הויף, אין אַ סיכסוך מיט דעם שניידער־צעך (34).

אין 1793 — דערציילט דר. הענדל — האָבן זיך צעווערטלט, ביים באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי צו רעגולירן דאָס צושטעלן פון פּראָוויאַנט צום רוסישן מיליטער, דער ראש הקהל ר׳ אשר בר׳ חיים און דער אָנגעזעענער סוחר ר׳ וואָלף בר׳ יצחק (מיר מיינען, אַז ער איז געווען דער פאָטער פון

דעם עושר ר׳ ארוש מינץ, וועגן וועמען מיר וועלן שפּעטער שרייבן, באַקאַנט אלס ר׳ וואָלף פּאָסעסאָר). ר׳ אשר האָט דאַן געפּאַטשט ר׳ וואָלפן. ר׳ וואָלף ווענדעט זיך צום הויף און דער הויפישער געריכט נעמט זיך אָן זיין קריוודע און דערווייטערט ר׳ אשרן אויף 6 יאָר פון יעדן קהלשן אמט; א חוץ דעם, מוז ר׳ אשר עפנטלעך בעטן מחילה ביי ר׳ וואָלפן. ר׳ אשר האָט זיך שפּעטער באַמיט ביים פּריץ אליין (דער פירשט אדאַם טשאַרטאָריסקי — מ. ע.) און יענער האָט די שטראָף פון זעקס יאָר, אויסגעביטן אויף זעקס חדשים.

דער הויף איז געווען דער אייגנטלעכער בעל־הבית איבער די יידן פאַר עטלעכע יאָרהונדערט, ביז מעזריטש, ווי אלע אנדערע פּריצישע שטעט, איז באַפּרייט געוואָרן פון דער פּריצישער הערשאַפט, אין צווייטן העלפט פון 19טן יאָרהונדערט.

## א חוב וואָס מעזריטשער קהל איז געווען שולדיק דעם קהל פון ווילנע

דער דאָזיקער דאָקומענט, איז געווען פאַרשריבן אין דעם נייעם פּנקס פון מעזריטש, אָבער ער שטאַמט פון אַן עלטערן פּנקס, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. מיר לייענען דאָרט:

„...הראש הנגיד... מוהר״ ישראל... פון ק״ק בריסק*). היות די אלופים פון קהל... פון... מעזריטש... האָבן זיך מתחייב געווען אריינצוטראָגן אין דער קאַסע פון די רוזנים און קצינים פון ווילנע 150 גילדן יערלעך. און, היות, דער איבנדערמאָנטער ר׳ ישראל האָט אָפּגעקויפט די אויבנדערמאָנטע הכנסה פון די רוזנים, אַז די הכנסה זאָל זיין זיינע אין משך פון זעקס יאָר און די התחייבות און די באַפולמעכטיקונג, וואָס די אויבנדערמאָנטע רוזנים האָבן אויף די אלופי־קהל פון ק״ק מעזריטש, געהערט, מיט דער צושטימונג פון די אויבנדערמאָנטע רוזנים, צום נגיד... ר׳ ישראל, וואָס ווערט אויבן דערמאָנט, און, היות, היינט צו טאָג האָט דער אויבנדערמאָנטער ר׳ ישראל אָפּגעגעבן א דערקלערונג, אַז ער האָט באַקומען פון די אלופי־קהל פון... מעזריטש די גאַנצע סומע, וואָס איז געקומען פאַר די גאַנצע זעקס יאָר, ביז דער לעצטער פּרוטה — וועט דערפאַר נישט מער געהערט ווערן דאָס קול פון דעם מאָנער פון דער התחייבות, וואָס מעזריטש האָט געהאַט לגבי דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ ישראלן. דאָס אלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן אויבן, איז געמאַכט געוואָרן פאַר אונדז מיט אַן אבסאָלוטער דעקלאַראַציע, על פּי תורת חז״ל... און קיין שום שבועה און גזירה רעה... און כדי עס זאָל זיין אין זייערע הענט (מעז־

*) זע פאַטאָסטאַט (1) פון ר׳ יעקב שפּיראָס אָפּשריפט, געשיקט צו פּראָפ. דובנאָוו, וואָס מיר גיבן צום סוף בוך.

ריטשער קהל — מ. ע.) א באוויז, האָבן מיר געהתמעט, היום יום ה׳ ח״י שבט תצ״ב (1732) לפ״ק פה ק״ק ווילנא... די רייד פון צבי הירש במוהר״י סג״ל זלה״ה און די רייד פון מאיר באמו״ר... יצחק אייזיק גינצבורג״.

דערנאָך קומט די צושריפט פון דעם סופר, וועלכער האָט געמאכט די קאָ־פּיע און דעם פּנקס. ער שרייבט אזוי:

„כדי עס זאָל בלייבן א צייכן און א דערהאלט פאר די קומענדיקע דורות, שום שבועה און גזירה רעה... און כדי עס זאָל זיין אין זייערע הענט (מעז־ריטשער קהל — מ. ע.) א באוויז, האָבן מיר געחתמעט, היום יום ה׳ ח״י שבט תצ״ב (1732) לפ״ק פה ק״ק ווילנא... די רייד פון צבי הירש במוהר״י סג״ל זלה״ה און די רייד פון מאיר באמו״ר... יצחק אייזיק גינצבורג״.

דערנאָך קומט די צושריפט פון דעם סופר, וועלכער האָט געמאכט די קאָפּיע אין דעם פּנקס. ער שרייבט אזוי:

„כדי עס זאָל בלייבן א צייכן און א דערהאלט פאר די קומענדיקע דורות האָב איך קאָפּירט פון דעם אָריגינאל אות ביי אות, ווי געקריצט מיט אן אייזערנער פּען און בליי, כדי ס׳זאָל נישט פארלוירן גיין. דאָנערשטיק, 25 טעג אין אייר, תקט״ו (1755)... יעקב בר׳ אשר זצלה״ה דיינא וספרא (דיין און רעקאָרדער) בק״ק מעזריטש...״

דער דאָזיקער דאָקומענט איז וויכטיק צוליב צוויי זאכן: ערשטנס, צוליב דעם עצם פאקט, אז מעזריטש האָט געהאט, ווי עס שיינט, אן אלטע מאָנע־טארע התחייבות צו ווילנע. א שאַר, וואָס דער דאָקומענט דערציילט נישט, ווי אזוי מעזריטש האָט זיך פארשולדיקט צו ווילנע און צוליב וואָס? ווי קומט מעזריטש בכלל צו ווילנע? און צווייטנס, עס ווייזט אויף די פּרנסות פון יידן אין דעם ווייטן אמאָל; זיי פלעגן אָפּקויפן חובות און זיי אויפמאָנען. דאָס איז, אייגנטלעך, נישט קיין פרעמדע און אויסטערלישע זאך, אפילו היינט; נאָר, היינט צו טאָג הייסט דאָס א באנק־טראנזאקציע און האָט נאָך דערצו שיינע הויך־קלינגענדיקע נעמען. אמאָל האָט עס פּשוט געהייסן ארענדע, פאכט, וואָס האָט ביי טייל יידן ארויסגערופן א שלעכטן ביי־געשמאק.

## די קהילה־הכנסות פארן יאָר תק״ח—תק״ט (1749—1748)

דער אויבנדערמאָנטער ר׳ יעקב בר׳ אשר, דיינא וספרא, האָט אויך פאר־שריבן די פאָלגנדע באריכטן פון דער קהילהס הכנסות און הוצאות:

1. „די קאָראָבקע (דאָס איז דער אומדירעקטער שטייער — מ. ע.), וואָס הויבט זיך אָן ר״ח כסלו תק״ח און ענדיקט זיך ר״ח כסלו תק״ט, איז גע־וואָרן פארפאכטעט צו די אלופים ( משמעות, זיי זיינען געווען מיטגלי־דער פון דער קהילה־פארוואלטונג — מ. ע.) מ׳ יצחק במ׳ מאיר און מ׳

קאָפּיל בר"מ פאַר 148 רענדלעך (אָדער דוקאַטן — מ. ע.) לויט די באַ־דינגונגען וואָס זיינען פאַרצייכנט דאָ (אין פנקס — מ. ע.) 19טער בלאַט. אויף דעם חשבון, האָבן די אויבנדערמאָנטע פאַכטערס געגעבן 76 רענד־לעך, 5 גילדן און 6 גדולים, דהיינו, צוזאַמען מיט דער סומע פון 305 גילדן מיט 6 גדולים וואָס איז איינקאַסירט געוואָרן פון די בעלי־בתים פאַר סכום־וועגן, איז נאָך געבליבן ביי זיי, נאָכן אָראָפּרעכענען 50 גילדן פאַר דעם נאמן און 50 גילדן פאַר דעם שמש ר' אבוש, א סומע פון 1.780 גילדן, 19 גדולים; זיי האָבן דערויף געגעבן דריי וועקסלען מיט זייערע חתימות; איין וועקסל אויף 40 רענדלעך, וואָס וועט ווערן פעליק דעם קומענדיקן ר"ח סיון; אויף דעם וועקסל איז אויפגעשריבן א קבלה, אויף 15 רענדלעך; און נאָך צוויי וועקסלען אויף 1.224 גילדן, וואָס איי־נער וועט זיין פעליק אין ר"ח אלול תק"ח און דער צווייטער ר"ח כסלו תק"ט; א חוץ דעם, קומט פון די אויבנדערמאָנטע פאַכטערס נאָך 119 גילדן, וואָס ווערט אויך פעליק דעם קומענדיקן ר"ח סיון. אויף דעם חוב איז נישטאָ קיין וועקסל.

2. די קאָראָבקע פון וועגן („אורחים" — זאָל עס זיין א מין פאַטענט, וואָס דאָרפס־גייער האָבן געמוזט אַרויסנעמען פון דער קהילה, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען חזקה? — מ. ע.) און פון וואָג, וואָס הויבט זיך אָן ר"ח תמוז תק"ז און ענדיקט זיך ר"ח תמוז תק"ח (ווייזט אויס, אז די הכנסה, ווי אויך די פאָלגנדע הכנסה, כאָטש זיי זיינען נישט שטרענג אין די ראַמען פון דעם בודזשעט תק"ח—תק"ט, זיינען אַריינגערעכנט געוואָרן אין דעם בודזשעט פון דעם יאָר תק"ח—תק"ט. — מ. ע.), — איז געוואָרן פאַרפאַכטעט צו ר' דוד חר"ץ (חברת רודפי צדק?) פאַר 36 רענדלעך. נאָך דעם ווי מען האָט אים געמאַכט א הנחה פון איין רענדל, האָט ער אָפּגעצאָלט די גאַנצע סומע ביז דער לעצטער פרוטה.

3. די שחיטה, וואָס הויבט זיך אָן ח"י (18) אייר תק"ז און ענדיקט זיך ח"י אדר תק"ח, איז פאַרפאַכטעט געוואָרן צו ר' יהושע שוחט פאַר 130 גילדן. ער וועט די ראַטעס (פון דער סומע) אויסצאָלן צום רב אב"ד פון אונד־זער קהילה, ווי ס'ווערט דערמאָנט אין דעם אָפּטייל פאַר הוצאות.

## סך הכל פון דער הכנסה

4. איינקאַסירטע געלט פאַר סכום, אויסער פאַרלענגערונג'ען (אין טעקסט ווערט גענוצט דאָס וואָרט „פיזור", וואָס מיינט אויסברייטערן, צע־שפּרייטן), משכנות און רעשטל, וואָס ווערט דערמאָנט... איינקאַסירט געלט פאַר פּאָגלאָווני (קאָפּ־שטייער אין פּויליש) 201 גילדן, 15 גדולים מזומנים.

——————— 1.047 גילדן, 11 גדולים

פון ר׳ אברהם ביאלער, פאר א הויז וואס
ער האט פארקויפט אין אונדזער קהילה... 2 רענדל׳עך ——————
סך הכל —————— 8.705 גילדן, 22 גדולים.
אויסער די סומע פון 1.780, מיט 19 גדולים וואס די פאכטערס פון דער טאקסא דארפן אריינטראגן״.

עס איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז קאראבקע, וואס ווערט געוויינ־לעך פארשטאנען אלס אומדירעקטער שטייער און טקסא (טאקסע) אלס די־רעקטער שטייער — ווי מיר זעען עס פון אנדערע בודזשעטן, — ווערט דא צונויפגעמישט. דער ספרא ודיינא רופט אן די קאראבקע אויך טקסא.

## דער שטייער וואס קצבים האבן געצאלט

אין דער זעלבער קאפיטל געפינען מיר אויך אן אויספירלעכן באריכט וועגן דעם אפצאל, וואס קצבים האבן געמוזט אריינטראגן אין קהלס קאסע, אדער צום פאכטער פון דער קצבישער ארענדע. עס איז קלאר פון דעם, אז ווי ביליק עס זאל נישט האבן געווען אין יענע צייטן די פראדוקטן פון ערשטן געברויך, איז פלייש אלץ געווען א לוקסוס־ארטיקל, מחמת דער קאראבקע.

אט וואס דער זעלבער ר׳ יעקב בר׳ אשר האט אריינגעשריבן אין פנקס*):

„לויט די תקנות פון אונדזער קהילה יצ״ו (ישמרה צורה וגאולה), וועלכע שטאמען פון אלטע צייטן, איז די קאראבקע, וואס די זובחי־צדק (קצבים) דארפן צאלן, אזעלכע: פאר א כשרה בהמה — צוויי גילדן און זיבן גדולים (30 גדולים אין א גילדן) און פון א טריפה׳ בהמה — איין גילדן און 19 גדו־לים; פון א גרויס קאלב — א האלבער גילדן.

„מיט א יאר צוריק, האט מען געמאכט נייע תקנות. מען האט געציילט די שטימען און א מערהייט האט באשלאסן און עס איז מוסכם געווארן פון די אלופי־קהל, אז די אלופים פון קהל זאלן פון איצט אן, נעמען פאר קאראבקע פון די קצבים אלע פעלן, סיי פון כשרע און סיי פון טריפה־געווארענע בהמות. אבער, היות אזוי ווי מען האט דעמאלט נישט גענומען אין אכט, אז אין אונדזער קהילה איז נישטא קיין קונה אויף טריפה פלייש און עס איז ממש „לכלב תשליכון אותו — איר זאלט עסווארפן צום הונט״ (א פסוק אין תורה) און, היות דאס איז שלעכט (פאר די קצבים — מ. ע.), האבן די אלופים פון קהל יצ״ו איינגעזען, צו מאכן א תקנה פאר די קצבים, אראפצונעמען פון זיי דעם שווערן יאך, אז זיי זאלן געבן די פעלן נאר פון די כשרע בהמות און פאר די פעלן פון די טריף־געווארענע בהמות זאלן די אלופים פון קהל צאלן די קצבים, פאר א פעל פון א טריפהנע בהמה — צוויי גילדן און 15 גדולים; פאר

*) זע פאטאסטאט (3), וואס מיר ברענגען צום סוף פון בוך.

א פעל פון א האלבער גסה (א גסה איז א גרויסע בהמה ווי א קו; א האלבע גסה איז א יאַלאָווקע — מ. ע.) — איין גילדן דריי פשוטים (18 פשוטים אָדער קטנים אין איין גדול. דאָס איז געווען די קלענסטע מטבע); פאַר א פעל פון אַלערליי טריפהנע דקות (א דקה רופט זיך א קאַלב, א שעפּס און א ציג), — זעקס (גדולים?).

„אָבער נישט אַלע צייטן זיינען גלייך; וואָרום, דאָס וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, איז געווען אָנהויב כסלו תקט״ו (1755). דעמאָלט איז דער פּרייז פאַר א פעל פון א גסה געווען זיבן גילדן און די פעל פון א האלבער גסה — פיר גילדן מיט 15 גדולים; די פעל פון א גרויס קאַלב — אכט צע־נערס (אַ צענער איז א קופּערנע מטבע פון 10 גדולים; מאַכט עס אויס צוויי גילדן מיט 20 גדולים). בכן, אַלץ איז אָפּהענגיק פון דעם קורס פון די פעלן אין יעדער צייט. מחמת דעם האָבן די אלופים... רעכט בעסער צו מאַכן אָדער שוואַכער צו מאַכן דעם כוח פון די קצבים.

„אויך דאָס, נעמלעך, די אלופי הקהל... זיינען נישט מחויב צו צאָלן פאַר די פעלן פון די טרפות אין מזומנים, נאָר זיי זאָלן זיך פירן לויט די אופנים וואָס ווערן דאָ ווייטער אויפגעקלערט...

„היות ווי... דער תורני מוהר״י לאזיל... האָט געפּאַכטעט די קצבישע קאַראָבקע פון די אלופים... אויף צוויי יאָר, פון ר״ח כסלו תקי״ב (1752) ביז ר״ח כסלו תקי״ד (1754) אויף די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען, דהיינו, אז ער זאָל נעמען פון (פון די קצבים אָנשטאָט געלט) די פעלן פון אַלע בהמות, סיי גסות און סיי דקות, סיי פון כשרע און סיי פון טריפהנע — ווי מיר וועלן עס ווייטער אריינטראָגן אין דעם אָפּטייל פון הכנסות פאַר די אויבנדערמאָנטע צוויי יאָר — און דער אויבנדערמאָנטער האָט געגעבן פאַר דער קאַראָבקע א הויכן פּרייז, מער ווי ער האָט געדאַרפט געבן. והא ראיא: פאַר די אויבנדער־מאָנטע צוויי יאָר, האָט ער באַצאָלט פאַר יעדעס יאָר א סומע פון 180 רענדר־לעך (אין 18טן יאָרהונדערט איז א רענדל געווען 18 גילדן אין קופּערנע מטבעות), בעת פאַר דעם דריטן יאָר, פון ר״ח כסלו תקי״ד ביז ר״ח כסלו תקט״ו, האָבן די אלופים... גענומען פאַר דער קאַראָבקע 150 רענדלעך ווי ס׳ווערט ווייטער דערמאָנט אין דעם אָפּטייל פון די הכנסות פון דעם יאָר...

צוליב דעם האָט מען אים געגעבן, געשריבן, געחתמעט אין די קאָנטראַקטן, דאָס רעכט צו אוואַנסירן דאָס קצבים-געלט אויף איינצוקויפן בהמות, ביז צו א סומע פון 800 פּוילישע גילדן. ווען ס׳וועט קומען די צייט און זיין פּאַכט וועט זיך ענדיקן, זיינען די אלופים פון קהל... פאַרפּליכטעט אומצוקערן צום אויבנדערמאָנטן ר״י לאזיל דעם חוב פון די קצבים, ביז 800 גילדן פון דער קהלשער קאַסע. דאָס איבעריקע געלט, וואָס די קצבים וועלן אים בלייבן שול־דיק, זאָל בלייבן ליגן אויף „קרן-הצבי״ (דער האָרן פון א הירש; דאָס מיינט

צו זאָגן, אז ער קען נישט פון קיינעם אויפמאָנען דאָס געלט, אויב די קצבים וועלן נישט קענען אָפּצאָלן דעם חוב. — מ. ע.).

„יוען דער טאָג איז געקומען און די ארענדע איז אָפּגעלאָפן, היינו, ר״ח כסלו תקט״ו... האָט קהל עקזאמינירט דעם רייסטער פון ר״י לאזיל און לויט דעם, קומט אים פון די קצבים, לויט חשבון־צדק וואָס זיי האָבן צווישן זיך געמאכט, אן ערך פון 50 רענדלעך און מער. און די אלופים זיינען מושווה געוואָרן מיט ר״י לאזיל, אז זיי זאָלן אים געבן פאר דעם חוב פון די קצבים 700 גילדן אין די קצבים, פון זייער זייט, זאָלן צוריקצאָלן דעם חוב פון 50 רענדלעך צו די אלופים... מיט די פעלן פון די טריפות. לויט דעם ווי עס ווערט דערמאָנט פריער (לויט די פעסטגעשטעלטע פרייזן. — מ. ע.), ביז זיי וועלן אָפּצאָלן דעם חוב פון 50 רענדלעך. ווען זיי וועלן זיין פריי פון זייער חוב, דעמאָלט וועלן די אלופים פון קהל מוזן צאָלן פאר די פעלן פון די טריפות מיט מזומנים. יעדער קצב וועלכער וועט זיך פעדערן (און אָפּצאָלן זיין חלק חוב. דער חוב איז, בכן, נישט געווען קיין קאָלעקטיווער, נאָר אן אינדיווידועלער. — מ. ע.) וועט האָבן זוכה געווען (דאָס מיינט צו זאָגן, וועט באקומען באצאָלט פאר די פעלן פון זיינע טריפות מיט מזומנים. — מ. ע.).

„דאָס אלץ וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, איז באשלאָסן געוואָרן אויף דער אסיפה פון גאנצן קהל, און כדי עס זאָל בלייבן פאר די קומענדיקע דורות א צייכן און אן אויפהאַלט, האָב איך עס אויפגעשריבן און געחתמעט פונקט ווי געקריצט מיט אן אייזערנער פען און בליי, כדי דער אמת זאָל בלייבן. ב״ה, דינסטיק, 24 טעג אין כסלו תקט״ו... יעקב... ב״ר אשר זצלה״ה דיינא וספרא דק״ק מעזריטש״.

## דער געניער חשבון מיט ר״י לאזיל

„ר״י לאזילן איז געקומען 800 גילדן...... לויט די קאָנטראַקטן וואָס ער האָט געהאַט פון די אלופים.... לויט וועלכע די אלופים זיינען מחויב אומצו־קערן צום אויבנדערמאָנטן ר״י לאזיל די סומע פון 800 גילדן (פון די קצבישע חובות — מ. ע.) אין ר״ח כסלו תקט״ו... אָבער, היות די אלופים... האָבן גע־האַט א טענה צו ר״י לאזילן, זיינען זיי מושווה געוואָרן מיט אים צו געבן אים בלויז 700 גילדן. ערב פסח תקט״ז (1756) האָבן זיי אים געגעבן 20 רענדלעך און האָבן אים געגעבן א וועקסל אויף נאָך 20 רענדלעך, געחתמעט פון ר׳ יעקב בר׳ אשר (טאַקע דער זעלבער ספרא ודיינא. — מ. ע.) און עס איז אויסגעשטעלט אויף ר״ח כסלו תקט״ז. דעם קרן און די רווחים דאַרף ער באקומען אָפּגעצאָלט אויפן יריד וויסאָקי, וואָס קומט פאָר אין זומער פון יאָר תקט״ז״.

## הכנסה פון יאָר תקט"ו — תקט"ז

1. טקסאַ *) פון סכום און אנדערע איינקאַסירטע געלטער, וואָס זיינען איינגעפלאָסן אין דעם יאָר (תקט"ו) האָבן באַטראָפן 114 רענדלעך ווייניקער 1 גילדן, 15 גדולים און 2 טפלים (דריי טפלים איז א גדול).
2. די קאַראָבקע פון די קצבים, וואָס הויבט זיך אָן ר"ח כסלו תקט"ו און ענדיקט זיך ר"ח כסלו תקט"ז.... האָבן די אלופים פון קהל..... גענומען אויף זיך לטובת דער קהילה... ערב פסח תקט"ו האָבן זיי באַקומען פון דער אויבנדערמאָנטער קאַראָבקע — 98 רענדלעך. אין דעם יאָר האָבן די אלופים פון קהל... באַקומען פון דעם קאַראָבקע-געלט — נאָך 93 רענדלעך, 10 גילדן, 9 גדולים און איין טפל, דהיינו, מיט א פעל פון א נישטקאַסטרירטן אָקס און מיט א פעל פון א גרויסן קאַלב פון הויף (?). קומט אויס אז די אלופים..... האָבן דערהאַלטן פון דער קצבישער קאַראָבקע די סומע פון 182 רענדלעך, 10 גילדן, 9 גדולים און 1 טפל.
3. די שחיטה וואָס הויבט זיך אָן פון ר"ח אלול תקט"ז איז פאַרפאַכטעט געוואָרן צו די שוחטים פאַר א סומע פון 130 גילדן און די סומע איז געגעבן געוואָרן צום חזן.
4. סך הכל פון אלע הכנסות פון דעם גאַנצן יאָר...... 460 רענדלעך ווייניקער 1 גילדן, 28 גדולים און 1 טפל".

לויט דעם חשבון פון דעם דעמאָלטיקן קורס פון 13 גילדן מיט 18 גדולים דאָס רענדל, באַקומט זיך די אלגעמיינע סומע פון דער הכנסה: סך הכל...... 7726 גילדן, 1 גדול מיט 2 טפלים.

# הוצאות

1. הוצאה אין קאָסטאַנטין *) אויסצופועלן הנחות אויפן חשבון פון דעם קאָפּשטייער פאַר א מיטך פון 7 יאָר צייט און האָבן (די שליחים פון מעזריטשער קהל. — מ. ע.) געגעבן חתימה-געלט צו די רוזנים פון די ארבע ארצות און צו ליפּאָוועץ (? אין טעקסט איז געשריבן וליפּויץ) און אויך צו קאָפּהיינער (טעקסט — קאפּהיינר). ווי אויך התימה-געלט וואָס זיי האָבן געגעבן צום דאָרטיקן פאַן קאָמיסאַר פלאַשטשינסקי, וואָס באַטרעפט 30 רענדלעך, 200 גילדן, לויטן חשבון פון דעם קורס פון רענדל 13 גרו"ש (א גרו"ש איז 1 גילדן מיט 8 גדולים, פּויליש) מיט 1 צענער, מאַכן אויס 11 רענדלעך, 12 גילדן מיט 5 גדולים.
2. קאָפּ-שטייער — 23 רענדלעך.

*) אין זעלבן פּאָטאָסטאַט (3), אין סוף בוך.
*) זע פּאָטאָסטאַט (2), צום סוף בוך.

3. הוצאה פאר דעם טשעכאנאָווער רב ווען ער איז געווען אין אונדזער קהי־לה — אויף האָבער, ווישניאַק און קאַפּפּאָן (האָן)...... 7 גילדן, 19 גדולים.
4. צום פּאָדוואָיעוואָדני..... 11 רענדלעך.
5. אויסגאבן פאר אים אויף די ירידים און נישט ירידים — פלייש, האָניק און האָבער פון היי פאר אים און זיינע דינער... 31 גילדן, 27 גדולים.
6. היזק פון די רענדלעך, וואָרום ער האָט באַקומען רענדלעך לויטן דאנצי־קער שטיין (א וואָג)...... 12 גרי"ש (15 גילדן, 6 גדולים).
7. צום הער גלח אָפּיציאַל פון ביאַלע — פּראָצענטן פון דער הלואה פון 191 רענדלעך, וואָס מען האָט ביי אים גענומען אויף א זמן פון 25 טעג, אין שבט תקי"ב, ביז חגא יאָהאַנים תקט"ו. פּראָצענט פאר דריי און א האלב יאָר...... 46 רענדלעך, 13 גילדן, 25 גדולים.
8. צום אויבנדערמאָנטן גלח נאָך..... 5 רענדלעך (פון דער סומע פון 10 רענדלעך פּראָצענט וואָס קומט אים יעדעס יאָר פון דער אלטער הלואה), עס קומט אים נאָך 5 רענדלעך, א חוץ די פּראָצענטער, וואָס קומט אים פאר דער צייט פון חגא יאָהאַנים תקט"ו פאר די הלואה פון די אויבנ־דערמאָנטע 191 רענדלעך און פאר די הלואה פון 118 רענדלעך, וואָס מען האָט פון אים געבאָרגט אין דעם יאָר, וואָס מאכט אויס צוזאַמען....... 21 רענדלעך, 11 גדולים.
9. צום גלח מאָשוסטקי, לויט דעם פּסק פון דעם גרויסן פּאַן קאָמיסאַר גאָרסקי יר"ה (ירום הודו)..... 92 גרו"ש, 1 צענער (100 גילדן, 26 גדו־לים)".

לויט דעם אויפגעשטעלטן חשבון, באַקומען מיר א סומע פון 1.429 גילדן, 9 גדולים, וואָס איז אוועקגעצאָלט געוואָרן בלויז פאר פּראָצענט אליין, אויף אן אלגעמיינע הכנסה פון 7.726 גילדן, וואָס איז קנאַפּע 19 פּראָצענט פון דער טאָטאַלער הכנסה.

דר. הענדל, אין זיין ארבעט וועגן „די מעזריטשער פּנקסים", וועלכע ער האָט געהאַט אין זיין האַנט, דערציילט באריכות, וועגן דעם אינהאַלט פון דעם שטאָט־פּנקס, וועלכער הויבט זיך אָן פון יאָר תק"ז (1747). דאָס שטימט, לערך, מיט דעם אויבנדערמאָנטן אויסצוג, וואָס שפּירא האָט געשיקט צום פּראָפעסאָר דובנאָוו. דער פּנקס שליסט זיך מיט דעם יאָר תקפ"א (1821). דער פּנקס איז אָבער נישט געווען קיין גאַנצער; עס האָבן געפעלט 91 זייטן אין אָנהויב און אויך אינדערמיטן האָבן געפעלט א סך בלעטער..

אין דעם פּנקס, האָט ער געפונען פאַרצייכנט קהילהשע אָפּמאַכן מיט שכנותדיקע קהילות; אָפּמאַכן צווישן דער קהילה מיט פאַרשידענע חברות, ווי חברת ש"ס, חברה חייטים א. א. אָפּמאַכן מיט כלי־קודש, נעמען פון די מיט־גלידער פון די קהילה־פאַרוואַלטונגען, החלטות און אינסטרוקציעס פון די בוררים. צווישן די טיטולן, וואָס מיר געפינען, מיט וועלכע די קהילה־פירער

זיינען געקרוינט געוואָרן, זיינען פאַראַן — ראשים, טובים, מנהיגים, גבאים, רואי־חשבון (רעוויזיע־קאָמיסיע פון די קהילהשע הכנסות און הוצאות), משגי־חים, עקורים, יושבי תמידין, שמונה קרואי עדה, בעלי סכומות גבוהות (ד. ה. יענע, וואָס האָבן געצאָלט א הויכן קאָפּ־שטייער), שומרי־תיקונים, גבאי־נשים, גבאים פון שיל און בית־המדרש, בוררים, שמאים, סתם דיינים און דיינים קבועים (אָן זיי האָט מען נישט געקענט פסקנען קיין דין־תורה), ידיעות וועגן די קהילה־פינאַנצן, פראַגמענטן פון בודזשעטן און דער גאַנצער בודזשעט פאַר די יאָרן 1759/1760 און 1760/1761. די הכנסות פאַר דעם לעצטן יאָר, האָבן אויסגעמאַכט 7.610 פּוילישע גילדן. די הוצאות דעקן זיך מיט דער הכנסה; אָבער אין הוצאות איז איינגעשלאָסן דער ציפער פון 2.084 גילדן, וואָס מען האָט אויסגעגעבן אויף פּראָצענט, פאַר פאַרשידענע הלואות — קנאַפּע 28 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער הכנסה.

דער פּנקס האָט אויך אַנטהאַלטן א רשימה פון די טקסא־צאָלער דירעקטע שטייערן פאַר לאָקאַלע צוועקן און פון די וואָס האָבן געצאָלט קאָפּ־שטייער. אויף 171 שטייער־צאָלערס, האָבן 127 געצאָלט א שטייער פון 15 גראָשן (א האַלבער גילדן) ביז 5 גילדן.

דר. הענדל דערציילט אויך, אז די קהילהשע חובות האָבן אָנגעטראָפן 33 טויזנט גילדן (מן הסתם מיט דעם פּראָצענט). דאָס איז געווען א זייער הויכע סומע, פאַר אזא קהילה ווי מעזריטש.

דער פּנקס האָט אויך פאַרצייכנט געשעענישן, וועלכע האָבן געהאַט א שייכות מיט די באַציאונגען צווישן דער קהילה מיט דעם הויף, סיכסוכים מיט די פּריצים און קאָנצעסיעס, וואָס יידן האָבן ארויסבאַקומען פון דעם הויף. אין קאָנצעסיע האָט זיך גערופן „הפּראַווי ליהודים". ליידער איז נישט גע־בליבן קיין קאָפּיע פון די קאָנצעסיעס. ס'ווערן דאָרט אויך דערמאָנט צוואות, ענינים פון יחידים, אַרענדעס און חזקות.

דער פּנקס איז געפירט אין לשון קודש; אָבער עס געפינען זיך דאָרט 4 דעקרעטן פון דעם הויף אין פּויליש און איין יידישער טעקסט (וועגן דעם זע שפּעטער אין קאַפּיטל „תקנות וועגן רבנים").

ווי מיר זעען, האָט דער דאָזיקער פּנקס געגעבן א פולקאָמע אָפּשפּיגלונג פון דעם יידישן לעבן אין מעזריטש, אין א צייט־אָפּשניט פון בלויז 74 יאָר. אגב, וועגן דעם ענין קאָפּ־שטייער, געפינען מיר נאָך אינטערעסאַנטע ידיעות.

אין די שטייער־יאָרן פון 1740, 1741, 1742, האָט מעזריטש געדאַרפט אריינטראָגן אין דער קאַסע פון ועד ארבע ארצות צו 1.200 גילדן יערלעך *).

*) היילפּרין, „פּנקס ועד ארבע ארצות", סימן תר"כ. דר. מ. הענדל אין דער אויבנדערמאָנטער אַרבעט, פאַרעפנטלעכט אין „פּאָדליאַשער לעבן" און אין בוך „מעזריטש", שטעלט פעסט, אז אין 1765 האָט די שטאָט מעזריטש געציילט 817 יידישע נפשות און די צאָל יידישע נפשות אין אירע סביבות איז געווען 259; צוזאַמען 1076 יידן, וועלכע האָבן געצאָלט 2152 זלאָטים קאָפּ־שטייער.

װעלכעס באװײזט, אז די צאָל יידישע נפשות אין מעזריטש, האָט אוודאי אויס־געמאכט איבער 600, נעמענדיק אין אָנבאטראכט, אז פאר יעדן ייד האָט דער ועד געמוזט צאָלן צוויי גילדן. דאקעגן געפינען מיר, אז פאר צוויי יאָר זיינען די מעזריטשער יידן געווען פטור פון צאָלן דעם קאָפּ־שטייער פון טויזנט גילדן יערלעך*). עס קען זיין, אז דער ועד האָט איינגעמאָנט דעם שטייער אין פאָרויס, אָדער גענומען א הלואה פון דער קהילה און דערפאר אראָפּגערעכנט אָט די סומע אין משך פון צוויי יאָר, אָדער געגעבן א הנחה צוליב עפּעס א וויכטיקע סיבה. דער דאָזיקער פאַל איז פאָרגעקומען אין די יאָרן תע״ד—תע״ה (1714—1715). אין תקי״ג (1753) האָבן מעזריטשער יידן געצאָלט בלויז 400 פלאָרינס (א פלאָרין איז געווען דאָס זעלבע וואָס א גילדן) פאר קאָפּ־שטייער, און אין די יאָרן 1760 - 1759 — נאָר 290 זל. מיר האָבן פריער דערמאָנט וועגן דאָס משתדל זיין זיך פון מעזריטש ביים ועד ארבע ארצות, צו באקומען הנחות אויפן חשבון פון דעם קאָפּ־שטייער. טעגלעך אז די דאָזיקע קליינע סומע איז געווען א רעזולטאט פון דער הנחה. וואָס מען האָט שוין געהאט אויסגעפּועלט ביים ועד. צומערסטנס פלעגט מען באקומען הנחות, ווען דער גליל, אָדער די פרייע שטאָט האָט געקענט באווייזן, אז זיי זיינען געוואָרן באלאסטיקט מיט א ספּעציעלן שטייער פון דעם פּוילישן סיימיק — קרייז־פּארלאמענט. (נאָכן אויפלייזן דעם ועד ארבע ארצות, האָבן יידן אין מעזריטש געצאָלט בלויז 15 קופּערנע גראָשנס קאָפּ־שטייער*).

דער צווייטער פּנקס, וועלכער איז עקזאמינירט געוואָרן פון דר. הענדל, איז געווען דער פּנקס פון בית־דין. דער דאָזיקער פּנקס, שטאמט אויך פון 18טן י״ה און ענדיקט זיך אין די אכציקער יאָרן פון 19טן י״ה. דער פּנקס האָט אנטהאלטן פּסקים, פּארקויפס־קאָנטראקטן, אָפּמאכן, רשימות פון קרע־דיטן, השגחה איבער יתומים, קהילהשע אָפּמאכן, רשימות פון קהילה־פּארוואל־טונגען, ווי אויך באשרייבונגען וועגן מיידלעך, וועלכע האָבן פארלוירן זייערע בתולים צוליב אומגליקס־פאלן.

דער דריטער פּנקס איז געווען פון דער חברה קדישא „גומלי חסדים". פון זיין שער־בלאט איז צו דרינגען, אז פאר אים איז געווען אן עלטערער פּנקס; ער האָט זיך געטיילט אין דריי טיילן: דער ערשטער, וועלכער איז גערופן גע־וואָרן „פּנקס התמנות", האָט אנטהאלטן פּראָטאָקאָלן און רשימות פון די פאר־

*) הײלפּרין, דאָרט סימן תתקע״ד „יהודי מעזריטש הפטורים 1.000" און אין סימן תתע״ה, „פּטורי העיר מעזריטש 1.000".

*) דאָרט LXXXI: "Kahały miast wolnych od żadnego ziemstwa nie depędujących jakoto: ...Międzyrzeca Podlaskiego... z każdej głowy po groszy 15 miedzianiych wypłaceniem złożyly..."

וואלטונגען; דער צווייטער, וועלכער האָט זיך געקערט [sic]

וואלטונגען; דער צווייטער, וועלכער האָט זיך גערופן „ספר חברה קרישא גומלי חסדים”, האָט געהאט די נעמען פון די מיטגלידער פון דער חברה; און דער דריטער „פנקס השחור” (דאָס שוואַרצע בוך), האָט געהאט די רשימה פון די מתים. אפשטאָל, פלעגט מען דאָרט אויך אריינשרייבן די נעמען פון יענע, וועלכע מען האָט געלייגט אין חרם אריין.

לויט דער רשימה פון די מתים, דערוויסן מיר זיך די פארשידענע פראָפעסיעס, וואָס זיינען דעמאָלט געווען צווישן יידן. מיר געפינען דאָרט פאר־שמוקלער, דרעקסלער, בעקער, גלעזער, איינבינדער, זאָקנמאַכער, צי־צייכנט פאָלגענדע פראָפעסיעס: שניידער, קאַטליאַרעס, קירזשנער, רופאים, ציט־שפינער, שוסטער, וואקסשלאַגער, גארבער און אן אפטייקער. ס'איז אינטערעסאנט, אז צווישן די אלע פראָפעסיעס געפינען מיר נישט קיין בער־שטער; א סימן, אז ביז דעם אָנהויב פון 19טן י״ה זיינען נאָך נישט געווען קיין בערשטער אין מעזריטש.

אויך די פארשידענע חברות, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין שטאָט, האָבן געפירט זייערע אייגענע פנקסים, ווו עס זיינען פארשריבן געוואָרן די תקנות פון די חברות, די נעמען פון די מיטגלידער און די נעמען פון די פארוואלטונגס־מיטגלידער. די חברה־חייטים (שניידערס) האָבן געהאט א בשותפותדיקע חברה מיט די דאָרפס־גייער. פון דעם פנקס איז צו זען, אז שוין אין 18טן י״ה איז געווען א יידישער שניידער־צעך. עס איז אויך מעגלעך, אז אזא צעך האָט עקזיסטירט פון פריער. מיר וויסן אויך פון א יידישן שוסטער־צעך, וועלכער האָט עקזיסטירט אין 18טן י״ה.

ביי דער שטאָט־שיל, האָט אויך עקזיסטירט א חברה נר־תמיד. ווי דר. הענדל באריכטעט, האָט די חברה געהאט א זייער אינטערעסאנטע תקנה; נעמלעך, אז אויף א פארוואלטונג פון ח״י (18) מיטגלידער, מוזן זעקס זיין בעלי־מלאכה — עמך. אויך האָט ער געפונען אין דעם פנקס, אויסגעמעקטע נעמען (מן הסתם פון צווישן די מיטגלידער. — מ. ע.) מיט דער באמערקונג: „יצא חוץ לערתנו הקרושה על מעשה רע אשר פעל ולא יבא בקהל — ער איז ארויסגעטראָטן פון אונדזער הייליקער עדה צוליב א מיאוסע מעשה, וואָס ער האָט אפגעטון, דערפאר האָט ער נישט קיין חלק אין קהל”.

די דאָזיקע באמערקונג, מיינען מיר, איז נישט קיין אָנדייט אויף שמד. דאָס לשון און דער נוסח, איז נישט פאסיק פאר דעם. גיכער איז צו גלויבן, אז דאָ האָבן מיר צו טון מיט א מיאוסער מסירה, וואָס האָט געבראַכט אן אומגליק אויף יידן און אפשר אויך א טאט פון שאנד.

דר. הענדל ציטירט דעם אינטערעסאנטן ארייַנפיר צו דעם פנקס, וועלכן מיר דערלויבן זיך איבערצודרוקן:

יקבץ שוכן שחקים עדתנו
הלא אז נעבוד עבודתנו
ואם עתה ידנו קצרה
שי להקריב ולהביא תשורה
עליות נר תמיד בבית תפלתנו
זאת ירצה פני שוכן שומע עתירתנו
עד יקום הכהן לאורים
לכנס נדחי עמו המפוזרים
יעלו אז עולות וזבחים
גם קרבן מנחה ונסכים *).

*) דער אקראָסטיק (אָנהויב אות פון יעדער שורה) פון דעם שיר, גיט אונז דעם נאָמען פון זייַן מחבר, יהושע זעליג.

# תקנות וועגן מעזריטשער רבנות

## מעזריטשער האָבן נישט געטאָרט פארנעמען די רבנות־שטעלע

אין אלט פוילן, איז דער רבנות־פּאָסטן געווען די העכסטע פּאָזיציע, וואָס א ייד האָט געקענט דערגרייכן. דער מאָסשטאַב, איז נאַטירלעך געווען די מאָס פון זיין תורה, וויסן און חכמה. האָט איינער געשמ׳ט מיט זיין לומדות און איז געוואָרן אָנערקענט אלס תורה־אויטאָריטעט און חכם, האָט ער זיך געקענט דערשלאָגן צום העכסטן רבנישן פּאָסטן. אין דעם זין, איז די יידישע גייסט־לעכקייט געווען א דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע; איר הויפּט־קוואל איז געווען די יידישע אָרעמקייט; פון איר זיינען ארויס די לומדים, אין אלע צייטן.

אָבער נישט תמיד איז תורה אליין געווען דער איינציקער קריטעריום. געווען צייטן, ווען רייכע רבנים פלעגן קויפן זייערע רבנות־שטעלעס. אויב זיי זיינען נישט געווען רייך, האָבן זיי געהאט א רייכע משפּחה, א מחותן, א ראש־הקהל, וועלכע פלעגן פאר זיי׳ערע אייגענע באקומען שטעלעס. דאָס האָט נישט נאָר געמאכט שפל דאָס רבנות, אוממעגלעך געמאכט אן ערלעכע קאָנקורענץ צווישן די לומדישע רבנים־קאנדידאטן, נאָר האָט אויך געשטעלט אין געפאר די רעליגיעזע אויטאָריטעט, וואָס דארף זיך באזירן אויף דעם עטישן פארזאָג פון דער תורה: „לא תכיר פנים״*). דער רב האָט געדארפט שטיין העכער פון פארטייי, העכער פון די צדדים. זיין עובדה איז געווען, צו דיספּענסירן מיט דעם דין, אין איינקלאנג מיט די העכסטע עטישע פּרינציפּן. ליידער, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, זיינען נישט שטענדיק געוואָרן אויסגעפאָלגט אָט די גרונט־כללים.

כדי צו באקעמפן די דאָזיקע שעדלעכע דערשיינונג אין יידישן לעבן, האָט דער ועד ארבע ארצות אָנגענומען הארבע מיטלען. אויך די שטעט גופא פלעגן אָננעמען מיטלען, צו באוואָרענען זיך קעגן קאָרופּציע אין דער פּראָצעדור פון אויפנעמען רבנים (אונטער רבנים, פארשטייען מיר: אב בית־דין און נישט

*) דברים מ״ח, י״ט.

דיין אָדער אפילו ראש בית־דין — ראב"ד). אויך מעזריטש האָט גענומען שטעלונג צו דער פראגע, כאָטש מיט פיל צענדליקער יאָרן שפעטער. פאַרוואָס האָט זי גראד איצט ערשט אָנגענומען אזא שטעלונג? מן הסתם איז געווען א סיבה דערפאַר. מיר וועלן די סיבה אויך פרווון אויפקלערן, אָבער מיר וועלן עס לאָזן אויף שפעטער.

אין יאָר תקמ"ו (1786), האָט מעזריטשער קהל גערופן א ספעציעלע פאַרזאמלונג פון די שטאָט־יידן, צו בּאראטן זיך וועגן דער רבנים־פראגע. וואָס אויף דער פאַרזאמלונג איז פאָרגעקומען, די דעבאטן פאר און קעגן דעם פאַרשלאָג צו רעגולירן די פראגע, ווער מעג יאָ זיין רב און ווער עס טאָר נישט — זיינען נישט פארצייכנט געוואָרן אין שטאָטישן פּנקס. בלויז דער באַשלוס וואָס מיר ברענגען ווייטער, איז פארשריבן געוואָרן, ווייל ער איז דאָך געווען דער עיקר אין דער פראגע, און אויך דערפאר, ווייל דער באשלוס איז חל אויף אלע צייטן. און אָט וואָס דער באשלוס דערקלערט:

„ווען די אלופים־ראשים און מנהיגים, רוזנים, קצינים און נגידים (נגיד דאַרף נישט פארשטיין ווערן אלס „עושר", ווי מען רופט געוויינלעך א רייכן מענטש, נאָר — מנהיג, פירער. — מ. ע.) פון אונדזער קהילה יצ"ו, האָבן זיך פאַרזאמלט אויף אן אסיפה, צוזאמען מיט דער גאנצער הייליקער עדה, כמעט אלע מענטשן פון אונדזער קהילה, אין דעם קהילה־הויז, איז באשלאָסן געוואָרן פון אלע פארזאמלטע אין א קלאָרער שפּראך, מיטן פרייען ווילן און פולשטענדיקן און באזאכטן באוויסטזיין, און אלע האָבן אויף זיך גענומען, דאָס פון היינט אָן און ווייטער, ביז דעם קומען פון דעם גואל, גיך אין אונדזערע טעג, מיט דעם עונש פון דעם חרם הגדול פון יהושע בן נון, אז קיינער פון די איינוווינער אין אונדזער קהילה טאָר נישט זיין קיין רב אין אונדזער קהילה. און אפילו א פרעמדער, וואָס איז נישט איינער פון די איינוווינער אין אונדזער קהילה, אָבער אזעלכער וואָס האָט אין דער קהילה א קרוב, וואָס איז פסול נאָר מצד דער תקנה פון די רבנים, אפילו ווען ער האָט א מחותן אין דער קהילה, און אפילו ער האָט נאָך נישט חתונה־געהאט (דאָס איז בלויז א מחותן פון תנאים. — מ. ע.) טאָר אויך נישט ווערן רב אין אונדזער קהילה.

„און נאָך האָבן מיר גענומען אויף זיך און אויף אלע וועלכע געהערן צו אונדז, מיט דעם חרם גדול, א הארבער חרם און מיט א שבועה פון דער תורה, אז ס'זאָל נישט העלפן קיין היתר קיינמאָל אויף אייביק, און אז אונדזער דעה זאָל קיינמאָל נישט בטל ווערן; דאָס קיינער פון די איינוווינער פון אונדזער קהילה יצ"ו זאָל נישט קענען ווערן רב אין דער קהילה דורך א היתר אָדער עפּעס אן אנדער פאָרטל און שווינדל. דאָס האָבן מיר גענומען אויף זיך, מיט דער גאנצער שטארקייט און קראפט פון די חומרות, פון די חרמים, וואָס זיינען געווען פון די טעג פון משה רבנו עליו השלום ביז היינט. און מיר האָבן בפירוש זיך אויסגערעדט, דאָס אפילו ווען גאנץ קהל וועט פה־אחד מרוצה

ווערן, אָפּצושאַפן די אויבנדערמאָנטע תקנה, אז ס'זאָל אויף זיי חל זיין דער עונש מיט א חרם און שבועה און אז קיינמאָל נישט, אונטער קיין שום באַדינג, מבטל צו זיין די אויבנדערמאָנטע תקנה. און זיי האָבן אויך מקבל געווען אויף זיך, בטל צו מאַכן יעדע אָפּגעגעבענע דעקלאַראַציע קעגן דער אויבנדערמאָנטער תקנה. און ווען ס'וועט זיך געפינען א מענטש, וועלכער וועט זיין פאַרדאָרבן און ער וועט גיין קעגן דער אויבנדערמאָנטער תקנה, זאָל דער מענטש זיין מוחרם און מנודה, אָפּגעשיידט און דערווייטערט פון דער יידישער עדה. זיין ברויט זאָל זיין ווי דאָס ברויט פון א גוי, זיין פלייש זאָל זיין פונקט ווי חזיר. ער זאָל זיין ווי דאָס מיסט אין גאַס און עס זאָל אויף אים רוען אַלע קללות, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער תורה.

„מיר האָבן זיך געחתמעט היינט, מיטוואָך, 9 טעג אין תמוז תקמ"ו. אויך מיר, דאָס בית דין...... די רייד פון הקטן אברהם החונה פה, ק"ק מעזריטש יצ"ו".

דערנאָך קומט א צושריפט וואָס וואַרפט, לויט אונדזער מיינונג, א שיין אויף דעם אויבנדערמאָנטן דאָקומענט, וואָס איז אייגנאַרטיק מיט זיין אויסטערלישער שאַרפקייט.

„אויך דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן, אז אין משך פון דריי יאָר זאָל דער רב..... מ' אברהם נ"י זיין דיין קבוע (געוויילטער דיין) אין אונדזער קהילה. דער שמש איז אים מחויב צו רופן צו יעדן משפט, א גרויסער אָדער א קליינער, און די דיינים טאָרן נישט זיצן (און משפטן. — מ. ע.), סיידן מ'וועט אים צוערשט רופן און ער וועט נישט קומען, אָדער ער וועט נישט זיין אין דער היים. (הפנים אין שטאָט. — מ. ע.).

„אויך דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן: אז אין משך פון די אויבנדערמאָנטע דריי יאָר, אויב מ'וועט נישט אינצווישנצייט אויפנעמען א רב — אב"ד אין אונדזער קהילה, מעג די רביצן פון דעם אויבנדערמאָנטן רב פאַרנעמען די „שטאָט" וואָס איז באַשטימט פאַר דעם רבס ווייב אין דער אַלטער שיל און קיינער טאָר נישט קיינמאָל איר דאָס פאַרווערן אָדער שטערן...... 9 טעג אין תמוז, תקמ"ו *)".

ווי עס שיינט, איז אין דער שטאָט אָנגעגאַנגען א מחלוקת וועגן דעם אויבנדערמאָנטן רב אברהם. לויט די דאַטן וואָס מיר ברענגען אין דעם קאַפּיטל „רבנים אין מעזריטש", איז צו זען, אז דער דאָזיקער ר' אברהם האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון רב אין מעזריטש פון תקל"ז (1777) אָן. אָבער ווי געזאָגט, האָבן נישט אַלע מסכים געווען, ער זאָל פאַרנעמען די שטעלע פון רב. אז ער איז געווען רב, אָדער זיך געהאַלטן פאַר רב, איז אויך צו זען פון דעם סטיל פון זיין אונטערשריפט. דאָס וואָרט „החונה" ווערט געוויינלעך באַנוצט פון א רב און נישט פון קיין דיינים. אויך דער באַשלוס פון דער פאַר־

*) זע פאַקסימיליע (5), וואָס מיר גיבן צום סוף בוך.

זאמלונג, צו לאזן זיין רביצן זיצן אויפן פלאץ ווו עס זיצט געוויינלעך דעם רבס ווייב, איז א באווייז פון זיין ספעציעלער פאזיציע. דערפאר טאקע ווערט ער אנערקענט אלס דער הויפט־דיין און אן אים טאר מען נישט פסקנען; סיידן ער וויל זיך נישט באטייליקן אין דער דין־תורה, אדער ווען ער איז נישטא אין שטאט. דאס איז אים געגעבן געווארן אלס פארגיטיקונג, מחמת דעם וואס ער האט געמוזט אויפגעבן זיין רבנות־אמט.

משמעות, אז דער רב אברהם איז נישט געווען קיין זון פון דעם פאר־שטארבענעם רב. ווארום, אין דעם פאל, וואלט מען נישט געקענט מאכן קיין באשלוס, וואס זאל זיין קעגן דעם אנגענומענעם מנהג, צו אנערקענען די חזקה. א באווייז דערצו, האבן מיר אין דעם פאקט, וואס מעזריטשער קהל האט אין די שפעטערדיקע יארן אויפגענומען דעם פארשטארבענעם רבס זון אלס ממלא מקום. עס איז דערפון צו דריינגען, אז דער רב אברהם איז ענטווע־דער געווען א מעזריטשער, ווען פאטער האט געהאט א השפעה אויף דער קהילה, אדער ער האט געהאט א מחותן אדער אנדערע איינפלוסרייכע קרובים, וועלכע האבן אים צוגעהאלפן ווערן רב אין שטאט און דערפון איז טאקע ארויסגעוואקסן די ביטערע מחלוקה. פון דאנען נעמט זיך טאקע די תקנה, וואס האט איין מאל פאר אלע מאל באשלאסן, צו פארווערן א בן־עיר אדער א פרעמדן מיט קרובים אין שטאט, צו באזעצן דאס רבנות אין מעזריטש.

## דער רב טאר נישט זיין קיין סוחר

אין יאר תקנ״ג (1793), האט קהל אנגענומען א באשלוס, צו פארבאטן דעם רב צו פארנעמען זיך מיט מסחר. אפשר מחמת דעם, וואס דער פריערדי־קער רב אדער זיינע קינדער, האבן אויסגענוצט זייער ספעציעלער פאזיציע און קאנקורירט מיט די סוחרים. דער באשלוס, ווי ער איז פארשריבן אין פנקס *), לייענט זיך אזוי:

„1. — דער רב אב״ד טאר נישט האנדלען מיט קיין שום סחורה, אפילו נישט זיין קיין הורטאוניק און אפילו נישט דורך א שותף, ער מעג בלויז לייען געלט מיט א היתר עיסקא. אויך זיינע זין און איידעמס, טארן נישט אליין האנדלען און נאר מיט א שותף איז זיי דאס דערלויבט, אבער בלויז הורט און זיי מוזן צאלן סכום און טקסא.

„2. — דער רב טאר נישט שיקן א התראה מיט זיין גבאי. און אויב דער גבאי וועט געבן די התראה, פאלט נישט אויף די בעלי־בתים דער חוב פון פאלגן. ווארום, א התראה מוז געמאכט ווערן נאר דורך דעם שמש, וועמען קהל האט ספעציעל באשטימט.

*) אין זעלבן פאטאסטאט (5).

„3. — מען זאָל נישט שחטן פאַר דעם רבס־וועגן קיין שום בהמות אָדער דקות (ווייזט אויס, אפילו נישט פאַר געצאָלט. מן הסתם אויך צוליב מורא פאַר קאָנקורענץ צו די קצבים. — מ. ע.). אָבער ווען ער וועט קויפן פלייש אין יאטקע, איז ער פטור פון צאָלן די קליינע קאָראָבקע (וואָס די קאָראָבקע איז געווען, ווערט נישט געזאָגט. משמעות, אז עס איז געווען א ספּעציעלער שטייער וואָס מען האָט געמוזט צאָלן פאַר כשר פלייש, וואָס יעדער איינער האָט געקויפט).

„4. — דער רב האָט נישט קיין רעכט ארייננצולייגן קיין שום מענטש אין חרם אריין און טאָר אים נישט מנדה זיין, אָן דער ידיעה און הסכמה פון די אלופי הקהל. און אויב אזא חרם איז יאָ געמאכט געוואָרן, זאָל ער נישט האָבן קיין שום קראפט, סיידן די אלופים פון קהל וועלן זיך צוזאמענקומען און וועלן אויף דעם מסכים זיין.

„5. — דער רב טאָר נישט שרייבן קיין שום זאך וואָס געהערט צו דעם סופר; דהיינו, תנאים, ערשטע און לעצטע (ביי די ערשטע ווערט, מן הסתם, געמיינט ראשי פרקים און לעצטע, פולע תנאים. — מ. ע.) כתובות און קויפס קאָנטראקטן פון הייזער, געוועלבער און שטעט אין שיל און קאָנטראקטן, אָבער אנדערע געשריפטן מעגן אלע מענטשן שרייבן, איינגעשלאָסן דער רב אויך.

..... געחתמעט 22 טעג אין תמוז, תקנ"ג.

„און דער רב פון שטאָט האָט מקבל געווען אויף זיך די אויבנדערמאָנטע תקנות בזה הלשון: „איך וועל בוודאי האלטן אללע פונקטין אין וואָש עס איז אריסגגאנגין פון כבוד אלופים יצ"ו מען האָט צו מיר ניט בדארפט בחרם צו שיקען איך וועל אָן דעם אויך האלטין די פונקטן".

מיר ווילן צוגעבן צום פונקט 4 אָט וואָס: דער קאַמף פון די קהילות צו־צינעמען פון די רבנים דאָס רעכט פון ארייננצולייגן עמעצן אין חרם, איז געווען אַן אלטער און האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אלע קהילות. דער חרם איז געווען אַ שרעקלעכער וואָפן קעגן יעדן יחיד אין יענע צייטן און האָט געקענט אַ תל־מאַכן פון אַ מענטש. נאַטירלעך, האָבן אַפילו די מנהיגים זיך געשראָקן פאַר דעם חרם, וואָס איז געווען א שטארקע בייטש איבער זיי און געצווימט זייערע צע־רייצטע אפּעטיטן. אָבער פון דער אנדערער זייט, האָבן די רבנים געקענט טיילווייז מיסברויכן מיט אים און אויסנוצן דעם וואָפן פון חרם אין ענינים, אין וועלכע דער רב איז גראָד געווען אומגערעכט. עס איז נישטאָ קיין ספק, אז מיט דעם אוועקנעמען פון דעם רב די רעכט אויסצורופן א חרם, האָט דער רב פארלוירן א סך פון זיין מאכט.

דער רב האָט זיך אונטערגעשריבן אויף די פונקטן דעם 28טן תמוז.

# א תקנה קעגן די גבירים *)

„ס'איז באשלאָסן געוואָרן נישט צו פארקלענערן דעם סכום פון יענע, וואָס האָבן געקויפט הייזער אָדער פון יענע, וואָס האָבן חתונה געמאכט זייערע זין און טעכטער און האָבן פארטאכלעוועט אויף דעם א סך געלט. (משמעות, אז עס זיינען ג'עוועז אזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט ארונטערנעמען פון דעם סכום וואָס זיי האָבן געצאָלט, אונטער דעם אויסרייד, אז זיי זיינען אביסל פארענגט אין געלט, מחמת די הוצאה אויף א חתונה, אָדער צוליב קויפן א הויז. הפנים, אז מען פלעגט יאָ מאכן הנחות צו איינעם, וואָס האָט חתונה געמאכט א קינד; אָבער מען האָט זיך גערעכנט מיט די אומשטענדן און דעם אופן פון דער חתונה. — מ. ע.).

יענע וואָס האָבן געהאט א באשטימטן ריוח, טאָר מען נישט הויבן (אויפן סכום. — מ. ע.) מער פון א האלבן פראָצענט פון דעם ריוח.

6 טעג אין תמוז, תקס"ג (1803)".

*) אין זעלבן פאָטאָסטאט (5).

# מעזריטשער ירידים (35)

אין אונדזער אריינפיר, האָבן מיר פאַרבייגייענדיק דערמאָנט וועגן דעם, אַז די באַראַטונגען פון די וועדים פלעגן פאַרקומען בעת די גרויסע ירידים. די ירידים האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט א ווירטיקע אינסטיטוציע, נישט נאָר פאַר דעם האַנדל און אָפיציעלע באַראַטונגען, נאָר אויך משפיע געווען אין כמעט אַלע אַנדערע וויכטיקע קולטורעלע און סאָציאַלע אָנגעלעגנהייטן. צו די גאָר גרויסע ירידים, פלעגן אויך פאָרן די ראשי־ישיבות מיט זייערע תלמידים. דאָרט זיינען געשלאָסן געוואָרן שידוכים, און מענטשן פון פאַרשידענע געגנטן פלעגן זיך באַגעגענען, אפילו בלויז אויף צו באַנייען קענטשאַפטן. בקיצור, די ירידים זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַר פיל ענינים, וואָס האָבן אפילו גאָר נישט געהאַט קיין שייכות צו זייער אייגנטלעכן צוועק — האַנדל.

נאַטירלעך, זיינען נישט אַלע ירידים געווען פון דער זעלבער וויכטיקייט. געווען ירידים, וואָס פלעגן ציען צו זיך אַן אומגעהייערע צאָל איינוווינער, סוחרים און וויכטיקע פּערזענלעכקייטן פון גאַנצן לאַנד. צו די הויפּט־ירידים האָט מען פאַררעכנט דעם יריד־גראָמניץ (נאָכן נאָמען פון דער קאַטוילישער חגא, וואָס רופט זיך „מאַריאַ גראָמניצאַ") אָדער די לענטשנער ירידים, וווּהין מען האָט אַריבערגעפירט נאָך די קאָזאַקן־מלחמות, די לובלינער ירידים. אויף די גרויסע ירידים, פלעגן אויך פאַרקומען די זיצונגען פון דעם ועד ארבע ארצות. עס זיינען אויך געווען קלענערע ירידים אָבער פון גענוג וויכטיקייט, אַז זיי זאָלן צוציען א סך סוחרים און אַלערליי מענטשן פון דעם גאַנצן געגנט און שכנותדיקע פּראָווינצן. אויך אויף די דאָזיקע ירידים פלעגן זיך צוזאַמענ־פאָרן רבנים פון דער פּראָווינץ און פון שכנותדיקע פּראָווינצן, ארומצוריידן וויכטיקע פראַגן, צו אויסגלייכן סיכסוכים און צו משפּטן.

איינע פון צווישן די שטעט וואָס האָבן צוגעצויגן צו זייערע ירידים א סך מענטשן פון ווי ווייט, איז געווען מעזריטש *).

אין דעם פנקס פון מעזריטש, זיינען געווען דערמאָנט פאַרשידענע עפּי־

*) דר. מ. הענדל האָט פאַרעפנטלעכט אין „פּאָדליאַשער לעבן" אַן ארבעט איבער די „מעזריטשער ירידים"; ליידער האָבן מיר די ארבעט נישט געהאַט צו דער האַנט.

זאָגן פון די ירידים, אָבער זייער אָפּקלאַנג, האָט אויך געלאָזט שפּורן אין די אקטן פון די ועדים און אין די הסכמות אויף ספרים.

דער וויכטיקסטער עפּיזאָד פון די מעזריטשער ירידים, איז אָן שום ספק געווען דער צוזאַמענפאָר פון די גרעסטע רבנים, וואָס פּוילן און ליטע האָבן פארמאָגט, צוזאַמען מיט די פּראָמינענטסטע פירער פון ביידע ועדים. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר, איז פאָרגעקומען אין יאָר תמ״ג (1683).

די געלעגנהייט פאר דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר איז געווען די דין־תורה צווישן דער קהילה פון בריסק פון איין זייט, מיט די קהילות פון גראָדנע (הוראָדנאָ), פּינסק און ווילנע (סלוצק איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אָנער־קענט אַלס אַ הויפּט־קהילה פון דעם ועד ליטא), פון דער אַנדערער זייט). די לעצטע דריי קהילות האָבן זיך געפילט שטארק בעוולה׳ט פון בריסק, וועלכע האָט זיך גענומען אַ סך מער פּריווילעגיעס און רעכט, זייענדיק דעמאָלט די ערשטע קהילה אין ליטע און ממילא די וויכטיקסטע אין דעם ועד. די רייבונ־גען צווישן די לעצטע דריי קהילות מיט בריסק האָבן ענדלעך דערפירט צו אַ דין־תורה צווישן זיי.

דאָ איז אַנטשטאַנען די פראגע, ווער איז קאָמפּעטענט צו משפּטן אין דער דין־תורה? וואָלט עס געווען אַ ריינער רעליגיעזער ענין, וואָס קען ווערן לייכט אַנטשיידן לויטן שולחן ערוך, וואָלט די דין־תורה געקענט פאָרקומען פאר יעדן קאָמפּעטענטן רב. אָבער דאָס איז געווען אַ פּאָליטישע דין־תורה, אזוי צו זאָגן. עס האָט זיך געהאַנדלט אין ענינים פון העגעמאָניע, פּריווילע־גיעס און עוולות. קיין איינער פון די ליטווישע גרויסע רבנים האָט נישט געקענט פּסקנען, ווייל די רבנים פון די דאָזיקע קהילות זיינען אַלע געווען נוגעים בדבר, פאראינטערעסירטע צדדים. דער בעסטער אויסוועג איז געווען, צו לאָדן זיך פאר די הויפּט־רבנים פון דעם פּוילישן ועד. זיי זיינען געווען אין דעם פאַל, אומפּארטייאיש און האָבן גיכער געקענט קומען צו אַ באשלוס, וואָס זאָל זיין גילטיק אַלס דער ריכטיקער פּסק פון רבנים, אָן פּניות. מעזריטש, — אפשר דערפאר וואָס זי ליגט אזוי נאָענט פון בריסק און איז אַ מין מיטל־וועג פאר אַלע צדדים, צי צוליב אַנדערע סיבות — איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דאָס פּלאַץ פאר דער דין־תורה.

מיר קענען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס אין דער מעזריטשער קהילה האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן. אזא צוזאַמענפאָר פון גאונים און מנהיגים, איז נישט נאָר געווען אַ זעלטנהייט אין מעזריטש, נאָר אפילו אין לובלין און אין אַנדערע גרעסערע קהילות. און ווי עס איז געווען דער שטייגער אויף אזוינע צוזאַמענ־פאָרן, האָבן יידן פון אומעטום געצויגן קיין מעזריטש. עס זיינען געקומען ראשי־ישיבות מיט תלמידים, עס זיינען געקומען סתם וויכטיקע יידן, עדכנים און מחברים, בכדי צו בעטן הסכמות אויף זייערע ספרים; וואָרום, אָן דער הסכמה פון ועד ארבע ארצות אָדער די גדולי הדור, האָט מען נישט געקענט

דרוקן קיין ספרים, און באקומען שטיצע אַדאי נישט. מעזריטש האָט דעמאָלט געמוזט דורכלעבן א גוואלטיקן יום־טוב, צוליב אזעלכע געסט ווי דער זקן־הרבנים און צ:מערסטנס פארערטער פּויזנ'ער רב ר' יצחק, וועלכער איז פריער געוועזן רב אין ווילנע און דער באַרימטער בריסקער רב ר' מרדכי גינצבורג, וועמענס מחותן איז געווען מעזריטשער רב אין יענער צייט. עס זיינען אויך געקומען דער ווילנער רב ר' משה קרעמער, דער זיידע פון ווילנער גאון און די רבנים פון פּינסק, לובלין, לוצק און ריישע. דער שטאָט־בית־המדרש און דאָס הויז פון דעם מעזריטשער רב זיינען, אָן ספק, געווען באלאגערט פון א סך שטאָטישע און פרעמדע יידן, נייגעריקע צו זען די גרויסע ליכטער פון יידישן פאָלק, צו הערן א דבר־תורה און צו פרעגן פארשידענע שאלות און עצות.

פון אָט דעם גרויסן צוזאמענקונפט, האָט זיך אויפגעהאלטן א הסכמה, וואָס איז דורך די אויבנדערמאָנטע רבנים געגעבן געוואָרן אויפן ספר „זרע אברהם" אויף תורה, וועמענס מחבר איז געווען ר' אברהם בר' בנימין זאב ליפשיץ פון בריסק. די רבנים וועלכע חתמנען זיך אונטער דער הסכמה, שרייבן: „דאָס זיינען די רייד פון די וואָס רעדן אין שבח פון צדקה און לכבוד התורה אויף דער פארזאמלונג דאָ אין דער קהילה קדושה מעזריטש, זונטיק, ניין טעג אין טבת, באמת (תמ"ג) לפ"ק." *).

אגב, דער אויבנדערמאָנטער פּויזנער רב, ר' יצחק, האָט אויך געהאַט אמאָל א נאָענטע שייכות מיט מעזריטש. דער אונדז שוין באקאנטער מעזרי־טשער רב, ר' צבי הירש ווילנער, וועלכער האָט זיך איבערגעשריבן מיט דעם מהר"ם לובלין, דעם קראָקאָווער רב, דער בעל פּני יהושע, זיין מחותן און מיט דעם צווייטן מחותן ר' מאיר אשכנזי, — ווי מיר האָבן שוין וועגן דעם אויס־פירלעך געשריבן **) — האָט זיך אויך איבערגעשריבן מיט ר' יצחק פּויזנער. זיי זיינען געווען גאָר נאָענטע פריינט, ווי עס איז צו זען פון די שאלות ותשובות צווישן די ביידע רבנים, וואָס זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן אין ספר „באר יצחק" (ווין, תרמ"ד) פון דעם פּויזנער רב. פונקט ווי די אנדערע, אזוי אויך ער, באערט אים מיט די העכסטע טיטולן, ווי, ר"ג (ראש גולה) און אַנדערע כיבודים.

---

*) „הסכמת הגאונים הרבנים בהתווע־ות מעזריטש", קאָפּ פון דער הסכמה צום ספר. ווי געזאָגט, איז די דאָזיקע רבנישע אסיפה אין מעזריטש פאָרגעקומען מיטן צוועק צו משפּטן אין דער דין־תורה, וואָס די הויפּט־קהילות פון ועד ליטא האָבן געהאַט מיט בריסק, דעמאָלט, די הויפּט פון אלע קהילות אין ליטע. די דין־תורה האָט זיך פארענדיקט י"ד טבת תמ"ג, ווען עס איז ארויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק פון די גאונים פון די ארבע ארצות און אונטער אים זיינען געחתמעט:... יצחק.... חונה פּה ק"ק פּוזן והגליל... אריה יהודה מלא־מיר... ישראל מטרנפּאל... משה בא"א... ישראל יעקב... זע פּנקס ליטא ז. 299.

**) זע „דער בראשית פון מעזריטש".

א צווייט מאָל ווערט דערמאָנט „יריד מעזריטש״ אין שייכות מיט דעם סיכסוך, וואָס איז אנטשטאַנען צווישן טשעכאַנאָווצי און ווענגראָוו. ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, איז טשעכאַנאָווצי אמאָל געווען אונטער ווענגראָוו. אָבער אין אָנהויב 17טן י״ה, האָט די קהילה אין טשעכאַנאָווצי רעוואָלטירט קעגן ווענגראָוו און איז געוואָרן א קהילה פאַר זיך מיט איר אייגענעם גליל (36). מיט דעם ארויסטריט פון טשעכאַנאָווצי פון דעם ווענגראָווער גליל איז דער ענין נאָך נישט געווען געענדיקט (פונקט ווי דאָס באַפרייען זיך פון מעזריטש פון טיקטינס הערשאַפט, האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט סיכסוכים וועגן רעכט איבער געוויסע סביבות). טשעכאַנאָווצי האָט געפאָדערט די רעכט, איינצושליסן וויסאָקי אין איר גליל און אזוי ארום קענען אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער און אנדערע שטייערן און הכנסות פון דער דאָרטיקער קהילה. ווענגראָוו האָט זיך געשטעלט קעגן טשעכאַנאָווצי אין פונקט אזוי ווי טיקטין, האָט זי מן הסתם אויך געטענהט, אז וויסאָקי געהערט צו איר פון לאַנג. דער סיכסוך איז אויך פאַרגעבראַכט געוואָרן פאַר דעם ועד ארבע ארצות און נאָך א באַראַטונג פון די רבנים, איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצולייגן דעם משפט ביז „נאָך דעם יריד־מעזריטש, וואָס וועט פאַרקומען אין ווינטער תפו״ו (1733)״ (37).

מיר זעען אלזאָ, אז דער יריד־מעזריטש איז אודאי געווען א באַרימטער און צוגעצויגן א סך רבנים און סוחרים פון די ארומיקע שטעט און מחמת דעם וואָס די צייט איז, הפנים, געווען צו־נאָענט צום יריד, האָבן זיי די דין־תורה אָפּגעלייגט אויף א שפּעטערע דאַטע.

אויך זעען מיר פון די צוויי אויבנדערמאָנטע פאַלן, אז די וויכטיקע ירידים אין מעזריטש, אָדער איינער פון די הויפּט־ירידים (מיר געדענקען אז ביז 1789 האָט שוין מעזריטש געהאַט 3 יאָר ירידים) איז פאַרגעקומען אין חודש טבת.

# גזירות ת״ח און אנדערע מלחמות

## און זייער ווירקונג אויף די מעזריטשער יידן

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בלויז אויף אייניקע געשעענישן, וואָס האָבן אריינגעבראכט טראַגישע מאָמענטן און צערודערט דאָס נאָרמאַלע און פרידלעכע לעבן פון יידישן מעזריטש. אין דעם צייט־אָפּשניט וואָס ענדיקט זיך מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די געאָגראַפישע לאַגע פון מעזריטש, איז פון תמיד אָן געווען, פון מי־ליטערישן שטאַנדפּונקט, א וויכטיקע. מעזריטש ליגט אויף דעם הויפּט־טראַקט צווישן ווארשע און מאָסקווע. פון מעזריטש ציען זיך אויך וועגן צו זייטיקע שטעט, וואָס האָבן פארבינדונגס־קנופּן מיט אנדערע וויכטיקע שטעט אין פּוילן. שוין אין די גאָר אַלטע צייטן, נאָך א סך פריער איידער מעזריטש איז גע־וואָרן א ישוב, איז דער טעריטאָריעלער שטח, אויף וועלכן ס׳האָט זיך אויס־געבויט די שטאָט מעזריטש, געווען באַקאַנט אלס דורכפאָר־פּלאַץ הן פארן יבשה און הן פארן וואַסער־פארקער. מחמת דעם איז מעזריטש געווען, אין קריגס־צייט, דער מיטל־פּונקט צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן כּלערליי חיילות פון מזרח קיין מערב און פארקערט.

די בלוטיקע יאָרן פון ת״ח און ת״ט (1648—1649), האָבן אויך איבער־געלאָזט זייערע שפּורן אין מעזריטש, כאָטש קיין דירעקטע דאָקומענטן וועגן די טראַגישע געשעענישן, זיינען אין מעזריטש גופא נישט פארבליבן. די סיבה דערפון איז, מסתמא, דאָס וואָס די פּנקסים פון יענער צייט זיינען פארלוירן געגאַנגען.

אז די מעזריטשער יידן האָבן אויך געפילט די מערדערישע האַנט פון כמיעלניצקים באַנדעס — אין דעם איז גאָר קיין ספק נישטאָ. מיר ווייסן אז כמיעלניצקים און אנדערע באַנדעס האָבן געמאַכט זייערע באַזוכן אין די שכנותדיקע קהילות פון וולאָדאַווע (38), בריסק (39) און לוקאָוו (40); דערי־בער לייגט זיך נישט אויפן שכל אז די דאָזיקע באַנדעס זאָלן האָבן אויסגע־לאָזט מעזריטש, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען איינע פון די וויכטיקסטע שטעט אין פּאָדליאַשע.

פאַקטיש געפינען מיר אויך דערמאָנט דעם נאָמען מעזריטש אין דעם

ספר „טיט היון" (וויניצע, ת"י — 1650), וואָס איז געשריבן געוואָרן פון דעם ווינער ייד ר' שמואל פייביש בר' נתן פייטל מווין. הגם זיין בוך איז נישט שטאַרק פונדאַמענטירט און קען נישט געשטעלט ווערן אין דער זעלבער מדרגה פון נתן נטע האַנאָווערס „יון מצולה"; פונדעסטוועגן האָט דער ספר „טיט היון" דאָך א וויכטיקן היסטאָרישן ווערט. אויך זיין מאַטעריאַל איז נישט אינגאַנצן ארויסגעזויגן פון פינגער, אָדער אַ בלויזער פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע. אויך דער ספר איז אין גרונט געבויט אויף דער באַזע פון פאַרשידענע מקורים און פאַרשידענע שמועות. דער מאַטעריאַל זיינער איז נאָר טיילווייז א נישט־קאָנטראָלירטער און אביסל אויך א צופיל גוזמאַדיקער. ווי ס'זאָל נישט זיין, זיינען די אין אים דערמאָנטע שטעט זיכער אמתדיקע, ווייל די אָנגעגעבענע שטעט האָבן דאַן עקזיסטירט.

און צווישן אנדערע כראָניקס פון דעם ספר*) לייענען מיר: „משם הלך למדינה הנקראה פודלשיאי... ומשם הלך בגבול שמונה ימים שלא היו שם יהודים ואחר בא לגבול ברישקפא ובא לקהילה קדושה מעזריטץ הגדולה, ושם שלש מאות בעלי בתים ונהרגו כמעט כולם. כל החורבן הזה עשה חמיל עם מושקוויטי — פון דאָרט איז ער געגאַנגען (ער מיינט כמיעלניצקין. — מ. ע.) צו דער מדינה וואָס רופט זיך פּאָדליאַשע... און פון דאָרט איז ער געגאַנגען צו א שטאָט אכט טעג גאַנג אינערהאַלב די גרענעצן (פון פּאָדליאַשע. — מ. ע.) און דאָרטן זיינען קיין יידן נישט ג'עווען (מן הסתם זיינען זיי אנטלאָפן. —

*) אין „יון המצולה" ווערט דערמאָנט די שטאָט מעזריטש. אָבער דאָרט מיינט מען מעזריטש לעבן אָסטראָ. דאַקעגן אין „טיט היון", ציטירט אין ספר הדמעות, ווערט מעזריטש דערמאָנט דריי מאָל. פון דעם אינהאַלט דאָרט איז קלאָר, אז איינע פון די דריי מעזריטשן, וועלכע ווערן דאָרט דערמאָנט, איז אונדזער מעזריטש. ער שרייבט דאָרט אזוי (ספר הדמעות, סימן קנ"ד): „ומשם הלך למדינה הנקראה פודלשיאי", און ווייטער שרייבט ער: „משם הלך לעיר בגבול שמונה ימים שלא היו שם יהודים ואחר כך בא בגבול ברישקפא ובא לקהלה קדושה מעזריטץ הגדולה ושם שלש מאות בעלי בתים ונהרגו כמעט כולם כל החורבן הזה עשה חמיל עם מושקוויטי..." עס איז קלאָר, אז דאָס האָבן מיר צו טאָן מיט מעזריטש דליטא, אָדער ווי זי ווערט אויך גערופן מעזריטש־פּאָדליאַסקי. ווייל ער דערמאָנט דאָך פודלשיאי (פּאָדליאַשע). ער דערמאָנט אויך „ברישקפא", וואָס איז זיכער די באַקאַנטע שטאָט בריסק דליטא, וואָס געפינט זיך אין שכנות פון מעזריטש. דאָס וואָס ער רופט די שטאָט מעזריטץ־הגדולה, איז דער מחבר נישט אויסן געווען אלס געאָגראַפישע באַצייכענונג, וואָס וואָלט אָן ספק געהאַט מער שייכות מיט מעזריטש, וועלכע געפינט זיך אין גרויס־פּוילן לעבן פּויזן. אהינצו האָבן כמיעלניצקים באַנדעס מיט די מאָסקוויטן נישט דערגרייכט. די באַצייכענונג „הגדולה", איז איר געגעבן געוואָרן, מחמת דעם וואָס דאָרט האָבן געוווינט „שלוש מאות בעלי בתים" — דריי הונדערט בעלי בתים — אין פאַרגלייך צו מעזריטש־קטון, ווו עס האָבן געוווינט פיל ווייניקער. מען דאַרף זיך אָבער באַציען קריטיש צום מחבר פון „טיט היון", וועלכער האָט די שטעט נישט געקענט און ער האָט דאָס אַלץ געשריבן כפי השמועה. מיר האָבן א גרונט אָנצונעמען, אז די צאָל פון די יידישע משפחות אין מעזריטש איז דעמאָלט געווען קלענער.

מ. ע.) און נאָכדעם איז ער געקומען אין די גרענעצן פון ברישקפּא און ער איז געקומען אין דער קהילה פון גרויס־מעזריטש, און דאָרט זיינען געווען 300 בעלי־בתים און זיי זיינען כמעט אַלע אויסגעהרגעט געוואָרן. דעם גאַנצן חורבן האָט געמאַכט כמיעל מיט דעם מאָסקוויט...".

פון דער דאָזיקער באַשרייבונג איז קלאָר, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אונדזער מעזריטש־פּאָדלאַסקי; ווייל אַי ער דערמאָנט פּאָדליאַשע און אַי ער דערמאָנט בריסק (ברישקפּא), וועלכע ליגט אין שכנות פון מעזריטש און ער דערמאָנט דערביי אויך מעזריטש אין איין אָטעם. דאָס וואָס ער רופט מעזריטש „מעזריטש הגדולה" (גרויס־מעזריטש) איז נישט קיין וווּנדער, ווייל פריער דערמאָנט ער אויך דעם חורבן פון „מעזריטש־קטון" — קליין־מעזריטש מיט בלויז 100 בעלי־בתים. די דאָזיקע מעזריטש, איז זיכער די מעזריטש נעבן אָסטראָה אין וואָלין. עס איז דעריבער גאָר קיין ספק נישט, אַז דער מחבר האָט געהערט פון פּליטים אָדער פון אַנדערע מיטצייטלער וועגן דער שחיטה אויף די מעזריטשער יידן און ער האָט עס פאַרצייכנט לדור־דורות אין זיין ספר „טיט היון".

אגב, דער דאָזיקער היסטאָרישער פאַקט גיט אונדז דעם ענטפער צו דער רעטעניש, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם אונדז באַקאַנטן ערשטן מעזריטשער רב ר' צבי הירש ווילנער. אין זיינע שאלות ותשובות מיט זיין פריינט און חבר ר' יצחק בר' אברהם, דער באַרימטער פּויזנער רב, שרייבט ער זיך אונטער „צבי הירש הלוי מווילנא ל"ע (לעת עתה) בברעזאָן". די דאַטע פון די דאָזיקע שאלות־ותשובות איז אַ שפּעטערע פון דער דאַטע פון די שאלות ותשובות מיט זיינע צוויי חברים און מחותנים, דער „פּני יהושע" (שאלות ותשובות) און „גבירת אנשים" און פיל שפּעטער פון זיינע שאלות־ותשובות מיט דעם באַרימטן מהר"ם לובלין.

שטעלט זיך די פראַגע: וואָס האָט באַוויגן דעם מעזריטשער רב צו פאַרלאָזן זיין בכבודיקע שטעלע אין מעזריטש און זי טוישן אויף ברעזאָן, אַ קליינע קהילה אין דער אָרעמער ליטווישער פּראָווינץ זאַמוט? זיכער, האָט אַזאַ גרויסע פּערזענלעכקייט געקענט באַקומען אַ גרעסערע און באַדייטנדיקערע שטעלע ווי ברעזאָן און אַפילו מעזריטש? וואָס־זשע האָט געצוווּנגען אַזאַ גרויסן רב צו באַזעצן זיך אין אַזאַ קליינע און אומבאַדייטנדיקע קהילה? מיינען מיר, אַז דאָס איז געשען צוליב די פּאָגראָמען. עס קען זיין, אַז עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון כמיעלניצקים באַנדעס, וועלכע האָבן געמאַכט די שחיטות אויף די יידן אין פּאָדליאַשע און ער איז געלאָפן צו זיין געבוירן־לאַנד ליטע; אָבער ער איז נישט געלאָפן קיין ווילנע, ווייל זי איז אַליין געווען אונטער דעם איינדרוק פון איר אייגענעם חורבן. דאָס בעסטע פּלאַץ צו אַנטרינען, אויב נישט קיין אויסלאַנד, וווּהין אַ סך יידן זיינען אַנטלאָפן, איז פאַר דעם רב אויסגעקומען, אַ קליין זייטיק שטעטל, וואָס זאָל ליגן ווייט פון דעם

הויפּט־טראקט און וועלכעס זאָל, מעגלעך, זיין אמווינציקסטן באדראָט פון כמיעלניצקים חיילות און ער האָט אויסגעקליבן דאָס שטעטל ברעזאָן. נאָכדעם, ווען די סכנה איז שוין געווען פארביי, האָט ער, ווייזט אויס, צוליב פארשיי־דענע סיבות נישט געאיילט זיך מיטן אומקערן צוריק צו זיין פריערדיקער רבנות־שטעלע. עס קען אויך זיין, אז דער פאקט וואָס מעזריטש איז געוואָרן חרוב און איר קהילה צעשטערט — האָט אים אָפּגעהאלטן פון אומקערן זיך נאָך מעזריטש און ער איז דעריבער פארבליבן אין ברעזאָן.

אויך די שוועדישע חיילות, וועלכע זיינען באפאלן פוילן אויף דעם פאר־לאנג פון דעם טייל פון דעם אדל־שטאנד, וואָס האָט נישט געוואָלט אָנערקע־נען דעם דעמאָלטיקן פוילישן קעניג — האָבן נישט דורכגעלאָזט מעזריטש. אזוי ווי אין די אנדערע שטעט, האָבן זיי אויך אין מעזריטש, גערויבט און געמאָרדעט יידן.

נאָכדעם ווי פוילן איז צום צווייטן מאָל צעטיילט געוואָרן פון די דריי גרויסמאכטן (רוסלאנד, עסטרייך און פרייסן), איז מעזריטש פאר א צייט געווען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע און די מעזריטשער יידן האָבן געליטן פון די דאָזיקע אָקופּאַנטן. די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבן אויך גע־טראָפן מעזריטש און ווידער אמאָל האָבן די מעזריטשער יידן געליטן. א דאנק נאַפּאָלעאָנס נצחון, איז מעזריטש צוריק באַהעפט געוואָרן צו דעם ניי־געשאַ־פענעם פוילישן פירשטנטום, אונטער דער שוץ פון פראנקרייך. די דאָזיקע לאגע האָט אָבער לאנג נישט אָנגעהאלטן. נאַפּאָלעאָן ציט זיך צוריק פון מאָסקווע און מעזריטש ווערט דאַן אָקופּירט פון די רוסישע חיילות און זיי פארניכטן די דאָרטיקע מאגאזינען און סקלאַדן. פון דעמאָלט אָן, איז שוין מעזריטש געבליבן אונטער דער רוסישער ממשלה ביז א יאָר נאָך דעם אויס־ברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914.

די דאָזיקע צווישנצייט, ד. ה. די צייט פון דער רוסישער אָקופּאַציע, איז נישט תמיד געווען קיין רואיקע. פּאָדליאַשע איז געווען א צענטער פון פּוילישן פּאטריאָטיזם. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט כסדר רעוואָלטירט קעגן דעם אָקופּאַנט און עס האָבן פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן בלוטיקע אויפשטאנדן אין וועלכע מעזריטש איז אויך געווען פארמישט. אָבער וועגן דעם וועלן מיר שרייבן אין א ווייטערדיקן קאפּיטל.

# די באציאונגען צווישן מעזריטשער יידן און זייערע שכנים

ביז איצט האָבן מיר באהאנדלט די געשיכטע פון די מעזריטשער יידן אינעם ליכט פון דער אינעווייניקסטער יידישער ספערע. איצטער וועלן מיר בארירן דעם געשיכטלעכן גאנג פון יידישן מעזריטש און זיינע באציאונגען מיט די אָרטיקע נישט־יידישע שכנים, דער איינפלוס פון די אָפטע מלחמות און אינוואזיעס אויף דעם לעבן פון די מעזריטשער יידן, זייערע באציאונגען מיט דער מאכט א. א. וו.

אין דעם דאָזיקן קאפיטל האָבן מיר בדעה, אויף ווי ווייט ס'איז מעגלעך אונטער די אומשטענדן פון נישט גענוג דאָקומענטארע עווידענץ, צו געבן א טיילווייזן איבערבליק וועגן די דאָזיקע באציאונגען. כדי אָבער צו דערגענצן דעם איבערבליק, נויטיקט זיך אויסצוברייטערן דעם צייט־שטח ביז דעם צווייטן פוילישן אויפשטאנד אין ליסטאָפּאד (נאָוועמבער) 1830. מיט דער דאָזיקער דאטע הייבט פוילן אָן צו ווערן רעגירט —נישט נאָר פאקטיש, נאָר אויך דע־יורי— פון רוסלאנד. אפילו די אינערלעכע מלוכהשע אויטאָנאָמיע, וואָס פוילן האָט געהאט באקומען אין 1815, אויפן ווינער שלום־קאָנגרעס, האָט דעמאָלט אויך אויפגעהערט; עס איז דאן פארשוווּנדן די בלומרשטע פוילישע אויטאָנאָמיע און דער פאקטישער בעל־הבית אין פוילן איז געוואָרן דער רו־סישער באאמטער; דאָס פוילישע פאָלק איז פּאָליטיש און אדמיניסטראטיוו געוואָרן אונטערוואָרפן פון רוסלאנד.

היות, אַזוי ווי ביז 1830 האָט אָבער עקזיסטירט אַ פּיקציע פון פוילישער מלוכהשאפט, וועלכע האָט געהאט איר השפּעה אויפן יידישן לעבן, כאָטש א באגרענעצטע, וועלן מיר דערפאר איינשליסן דעם גאנצן פעריאָד, וואָס ענ־דיקט זיך מיט דעם געגעבענעם צייט־אָפּשניט, אין דעם דאָזיקן קאפיטל.

און אָנהייבן וועלן מיר אונדזער איבערבליק מיטן יאָר 1764; אין דעם יאָר טרעט אריין אין די יידיש־פוילישע באציאונגען אַ גרויסע ענדערונג, וואָס רופט זיך אָפּ אויפן גאנצן כאראקטער פון דער ביז דעמאָלטיקער אינערלעכער יידישער אויטאָנאָמיע.

דער פוילישער סיים האָט דעמאָלט באשלאָסן, אז דער יידישער ועד,

וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די יידן לגבי דער מאכט, האָט פאַרלוירן זיין צוועקמעסיקייט. ווי מיר האָבן שוין פריער דערקלערט, איז די עקזיסטענץ פון דעם רעפּרעזענטאַטיוון ועד נישט געווען קיין פּראָדוקט פון א ליבעראַלער איינשטעלונג וואָס האָט באַהויכט די מעשים פון די פּוילישע מלכים און רע־גירער לגבי די יידן; זייער כוונה מיטן טאָלערירן פון אָט דעם ועד איז געווען א ריין פּראַזאַישע — געלט־איינקונפטן.

כדי צו קענען צוקומען צו אַלע יידן, צו יעדן יידישן יחיד, און פון אים אויפמאָנען דעם קאָפּ־שטייער —אָדער „כרגא דמלכא", ווי ער איז אָפיציעל גערופן געוואָרן אין די יידישע דאָקומענטן פון יענער צייט און אויף פּויליש: „פּאָגלאָווני" — האָבן זיי געזוכט דעם ווירקזאַמסטן אופן  ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן. צום ערשט האָבן די פּוילישע מלכים געפּרוווט צענטראַליזירן די קהילות פון אויבן אויף אַרונטער. זיי האָבן אויף אייגענער האַנט באַשטימט גענעראַל־פּאַקטאָרן (איינער פון זיי האָט זיך געשמדט) און א הויפּט־רב. דאָס האָט זיך זיי נישט אינגאַנצן איינגעגעבן. סיי די גענעראַל־פּאַקטאָרן און סיי די הויפּט־רבנים, זיינען נישט געווען לרצון פון די יידן. נישט געקוקט דערויף וואָס די דאָזיקע רבנים זיינען געווען אָנערקענט פון די יידן אַלס גרעסטע אויטאָריטעטן אין הלכה, האָט זיך דאָס יידישע פאָלק נישט געוואָלט אונטער־וואַרפן דער אויטאָריטעט פון א רב, וועלכן נישט דאָס פאָלק האָט געקליבן, נאָר איז זיי אָנגעוואָרפן געוואָרן מיט דער הילף פון פּראָטעקציע, אָדער צו־ליבן האָבן אַן איינפלוסרייכן שווער. די זעלבע קעגן־רעאַקציע האָבן די יידן אַרויסגעוויזן צו די באַשטימטע גענעראַל־פּאַקטאָרן. נאָכדעם ווי דער דאָזיקער סיסטעם פון אָנוואַרפן פון אויבן א פירערשאַפט  האָט באַנקראָטירט, האָט מלכות געפּרוווט דערגרייכן  (אין יאָר 1551)  איר ציל פון אויפמאָנען די שטייערן, דורך געבן די איינצלנע קהילות אויטאָנאָמיע און זיי מאַכן פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די שטייערן. אָבער אויך די דאָזיקע איינפירונג האָט נישט געגעבן דעם געהעריקן רעזולטאַט. די רעגירונג האָט אַלץ נישט באַוויזן אויפ־צומאָנען דעם גאַנצן שטייער פון אַלע יידן, וועלכע זיינען געווען צעשפּרייט איבער גאַנץ מלכות פּוילן און ליטע. אויך פון יידישן שטאַנדפּונקט, אויך די יידישע אינטערעסן,  האָבן געפאָדערט דאָס שאַפן פון א רעפּרעזענטאַטיוון כוח, וועלכער זאָל קענען רעדן אינעם נאָמען פון אַלע יידן. אַזוי אַרום האָט די נויט געצוווּנגען איינצלנע קהילות  (נאַטירלעך די גרויסע) זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן אין א מין לאַנדס־פאַרבאַנד. און אָט די פאָרשטייער פון די פאַר־באַנדן זיינען אויפגעטראָטן אַלס רעפּרעזענטאַנטן  פון די יידן פון זייערע געגנטן.  פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער באַזע  ביז צום  קאָנסעקווענטן שריט, דהיינו, צענטראַליזירן אַלע לאַנדס־פאַרבאַנדן  אין איין קערפּערשאַפט,  איז געווען א ממילאדיקער פּועל־יוצא.

אין 1580 האָט זיך אויספאָרמירט דער ערשטער ועד פון אַלע פינף לענ־

דער און דער ועד האָט באַלד ביי זיין ערשטן אויפטריט געפונען א גינסטיקן אָפּקלאַנג אויך ביי די פּוילישע מלוכה־באַהערדן. און דאָס איז געשען צוליב דעם, ווייל די ערשטע אויפגאַבע וואָס דער ועד האָט אויף זיך גענומען, איז געווען דאָס רעגולירן די איינמאַנונג פון יידישן קאָפּ־שטייער, דורך אָפּדינגען דעם אויבנדערמאָנטן שטייער. מיט דעם אויפטו האָט די רעגירונג געלייזט דעם פּראָבלעם פון איינמאָנען די שטייערן ביי אירע יידישע בירגער. דורך דער מיטהילף פונעם ועד האָט זי באַקומען א קיילעכדיקע סומע פון יידישן קהל יערלעך, אָן קאָפּ־דרייעניש. די רעגירונג איז אזוי ארום פּטור געוואָרן פון דער זאָרג, אויפצומאָנען דעם קאָפּ־שטייער ביי די יחידים באַזונדער, וואָס איז, אגב, געווען פאַרבונדן מיט ספּעציעלע הוצאות און ממילא נישט געווען פּראַקטיש. עס האָט זיך, לכן, בלויז צוליב דעם אליין געלוינט דער רעגירונג צו אָנערקענען דעם ועד אלס די אָפיציעלע רעפּרעזענטאַנץ פון יידישן פאָלק אין מלכות פּוילן און ליטא.

אין 18טן יאָרהונדערט, ספּעציעל אין דער צווייטער העלפט פון דעם י״ה, האָט זיך ערשט די פּוילישע רעגירונג ארומגעזען, אז דער אייגנטלעכער אינטערעסן־מאָטיוו, צוליב וועלכן זי האָט די אלע יאָרן געדולדעט דעם ועד, ווערט שוין נישט אינגאַנצן באַפרידיקט דורך זיין עקזיסטענץ. דער ועד ארבע ארצות און דער ועד פון די ליטווישע יידן, האָבן מיט דער צייט מער נישט געקענט אזוי לייכט צונויפברענגען די סומע פון באַשטימטן קאָפּ־שטייער און זיי זיינען געבליבן שולדיק דעם פּוילישן סקאַרב דאָס איינצאָלן פאַר עטלעכע יאָר שטייערן.

צו דער געענדערטער שטעלונג פון דער פּוילישער מאַכט לגבי דעם ועד, האָבן נישט וויניק מיטגעווירקט פּריוואַטע יידישע אינטערוועניצן, וואָס זיינען געווען א פועל־יוצא פון די עוולות, וואָס טייל יידישע פירער זיינען באַגאַנגען לגבי די אָרעמע שיכטן. אויך זיינען פיל איינצלנע קהילות נישט געווען צופרידן מיט דער האַנדלונג פון די פירער פון ועד, בישייכות דער איינטיילונג פון דעם שטייער, וועלכן זיי האָבן נישט געהאַלטן פאַר קיין ריכטיקן און פּראָפּאָרציאָנעלן לויט זייערע מעגלעכקייטן. דער דרוק אָפּצושאַפן דעם ועד ארבע ארצות און דעם ועד ליטא, איז אזוי ארום געווען א שטאַרקער פון יידישן צד זעלבסט.

אמת, דער דרוק מצד די יידן איז געווען באַאיינפלוסט פון גוטע כוונות. די קעגנערשאַפט צו דער דעמאָלטיקער יידישער פירערשאַפט, האָט געמיינט דערמיט אָפּצושאַפן די עקזיסטירנדיקע איבלען אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און אריינברענגען געוווּנטשענע רעפאָרמען, וועלכע זיינען געוואָרן א נייטווענדיקייט. אָבער די פּוילישע רעגירער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין אָט דער מציאה און האָבן געצויגן דערפון אנדערע מסקנות. זיי האָבן נישט געטראַכט פון דעמאָקראַטיזירן די יידישע אויטאָנאָמיע, אויסוואָרצלען די קאָ־

רופציע און געזונט־מאכן דאָס יידישע לעבן; זיי האָבן געמאכט זייערע אויס־פירן, אז די יידישע קערפּערשאפטן פארטאכלעווען דעם מלוכה־שטייער אין זיי נארן אָפּ דער רעגירונג; זיי האָבן געהאלטן, אז די הינטערשטעליקייט מיטן איינצאָלן דעם שטייער, איז נישט קיין פועל־יוצא פון דעם שווידערלעכן מצב אין וועלכן די יידן האָבן זיך אויף אן אמת דאן געפונען, נאָר אז דאָס איז א רעזולטאט פון די מיסברויכן, וואָס ווערן באגאנגען מצד דער יידישער פירערשאפט. און די פּוילישע רעגירונג איז גאָר געקומען צו א פּארקערטער מסקנא, נעמלעך, אז די יידן קענען און דארפן צאָלן נאָך א גרעסערן קאָפּ־שטייער. די רעגירונג האָט גאָר אָנגעהויבן קוקן אויף די צוויי צענטראַלע ועדים פון די יידן אין פּוילן און ליטע, ווי אויף א שטער צו אירע פּלענער און האָט דערפאר באשלאָסן צוריקצוקערן זיך צום אלטן סיסטעם, פון אויפ־מאָנען די שטייערן דורך די איינצלנע קהילות.

אין 1764 איז דער ועד ארבע ארצות און אין ליטע דער ועד דקהילות הראשיות דמדינת ליטא, בטל געוואָרן. די יידישע אויטאָנאָמיע אין גאנץ מלכות־פּוילן, איז נאָך א צוויי הונדערט־יעריקער עקזיסטענץ, אָפּגעשאפט גע־וואָרן אין דאָס פּוילישע יידנטום איז געוואָרן א דיסאָרגאניזירטע מאסע, אָן א קלאָרן וועג און אָן א וועגווייזער אין נאציאָנאלן מאסשטאב.

אמת, די קהילות זיינען אויך נאָכדעם ווי די צענטראַלע אויטאָנאָמיע איז אָפּגעשאפט געוואָרן, ווייטער געבליבן אויטאָנאָם — שוין צוליב דעם קאָפּ־שטייער אליין, פאר וועלכן יעדע קהילה איז איצט געוואָרן אינדיווידועל פאראנטוואָרטלעך — אָבער אויך די דאָזיקע נעבעכדיקע אויטאָנאָמיע איז גע־וואָרן אויסגעליידיקט פון איר אינהאלט. איר כוח אלס זעלבסטשטענדיקע פאַרטרעטערן און פאַרטיידיקערן פון די יידן איז געבליבן אָן ממשות. דאָס יידישע פאָלק אין פּוילן האָט דורכגעלעבט זיין אייגענעם קריזיס צוזאמען מיט דעם קריזיס פון דער פּוילישער מלוכהשאפט, וועלכע איז געשטאַנען ביים ראנד פון אונטערגאנג.

דער פּועל־יוצא פון דעם דאָזיקן קריזיס, איז געווען דאָס אַנטשטיין פון די צוויי דרינגענדיקע פּראָבלעמען: ראשית, די ליקווידאציע פון דעם ועד; דאָס האָט געמיינט — ברענגען אין אָרדענונג די חובות וואָס דער ועד איז געבליבן שולדיק, ווי אויך די חובות פון די ועדי הגלילות און פון די איינצל־נע קהילות (און חובות זיינען געווען א סך און גרויסע). דער ועד איז געווען שולדיק חובות צו יחידישע יידן, צו קהילות, צו פּריצים, צו גלחים און קירכ־לעכע אָרדנס; און ענלעכע חובות האָבן אויך געהאט די ועדי־הגלילות און די איינצלנע קהילות — אחוץ דעם קאָפּ־שטייער וואָס זיי זיינען געבליבן שולדיק דער מלוכה־קאסע. שנית, די פיינלעכע פראגע, וואָס טוט מען מיט די יידן? ווי אזוי שטעלט מען איין זייער לעגאלע לאגע אלס איינוווינער פון לאנד; ווי אזוי פארבעסערט מען זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאגע, איצט, ווען זיי זיינען געבליבן אָן א אויטאָנאָמישע קערפּערשאפט?

די פּוילישע מלוכה־רעגירער האָבן דעמאָלט באַשטימט אַ ליקווידאַציע־קאָמיסיע. אַלע קהילות זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו שיקן פאָרשטייער קיין וואַרשע, צו פאַרהאַנדלען וועגן זייערע חובות. צו דער זעלבער צייט איז אויך געשטאַנען אויפן סדר־היום די התחייבות פון יעדער קהילה באַזונדער. די ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע האָט די אַלע פראַגן באַהאַנדלט, האָט צווישן אַנדערעס באַשטימט, אַז די קהילות פון די פרייע שטעט, צו וועלכע עס האָבן געהערט קוזמיר נעבן קראָקע, פּויזן, פּזשעמישל, מעזריטש־פּאָדליאַסקי (ד. ה. די מעזריטש וועגן וועלכע מיר שרייבן), אָליק און מעזריטש נעבן קאָרעץ, זאָלן צאָלן אַ קאָפּ־שטייער פון 15 גראָשן.

עס איז אָבער נישט קלאָר, צי דאָס איז בלויז געווען אַ צוגאָב־שטייער פאַר די פאַרלעגענע שטייערן, אָדער דער סכום פון דעם פּערמאַנענטן שטייער. גיכער איז אָנצונעמען, אַז דאָס איז געווען אַ ספּעציעלער שטייער אויף צו דעקן די אַלטע חובות און איך בין חושד, אַז די דאָזיקע קהילות האָבן נישט געהאַנדלט קיין מציאה; ווייל לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, האָבן זיי שוין געהאַט באַצאָלט זייער געוויינלעכן קאָפּ־שטייער און האָבן עס אפילו געקענט דערוויין; נאָר כדי אַרויסצובאַקומען די הינטערשטעליקע חובות, האָט מען אַרויפגעלייגט אויף זיי אַן עקסטראַ־שטייער פון 15 גראָשן פּער־קאָפּ. מיר זעען עס אויך פון דעם, וואָס קורץ נאָכדעם האָט דער סיים כסדר געהויבן דעם קאָפּ־שטייער. פון צוויי גילדן פּער־קאָפּ, איז שפּעטער געוואָרן דריי און אַ האַלבער גילדן, און נאָך שפּעטער איז די סומע ווייטער געוואָרן פאַרדאָפּלט. די פּוילישע מלוכה־מענער האָבן אָפּגעשאַצט אַז די יידן זיינען בכוח צו צאָלן אַן אַלץ גרעסערן שטייער.

די צווייטע און וויכטיקסטע פראַגע איז, ווי שוין געזאָגט, געווען די רעכטלעכע לאַגע פון די יידן. מיט דעם אינערלעכן קריזיס פון דער פּוילישער מלוכה, וואָס איז אין דעם צייט־אָפּשניט געוואָרן צוויי מאָל צעטיילט: איין מאָל אין 1772 און נאָכדעם אין 1793. דורך דער צעטיילונג האָט פּוילן פאַרלוירן צו רוסלאַנד די טעריטאָריעס פון ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע און וואָלין ביז בריסק; צו עסטרייך — דעם גרעסטן טייל גאַליציע; און צו פּרייסן — פּאָמערן און אַ טייל פון דער פּויזנער וואָיעוואָדסטווע. אין דער צעפּיצלטער און רעדוצירטער פּוילישער מלוכה, איז דעמאָלט ערשט נאָך בולטער געשטאַנען די יידן־פראַגע אויפן סדר־היום. די אויטאָנאָמישע קערפּערשאַפטן זיינען מיט דער צייט געוואָרן אויפגעלייזט; קיין פּוילישע בירגערשאַפט האָבן זיי נישט געהאַט און זיי זיינען פּאַקטיש געבליבן אָן שום צוגעהעריקייט צו דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט און צו דער פּוילישער מלוכה.

די פּוילישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג, איז דאַן געווען צעטיילט בנוגע דער יידן־פראַגע. ס'איז געווען אַ צד וועלכער איז געווען גרייט מסכים צו זיין צו לייזן די יידן־פראַגע אויף אַן עקסטרעמען און פאַר זיי, פּשוטן אופן —

ארויסטרייבן די יידן פון פוילן. אויף דעם האָט די מערהייט פון אדלשטאנד און אפילו די גלחים, נישט געקענט איינשטימען אין דאָס גראָד נישט מחמת ריינע הומאניטארע געפילן, נייערט מחמת די חובות וואָס ס'איז זיי געקומען ביי די יידן.

דער פיר־יאָריקער סיים, וואָס האָט זיך אומאויפהערלעך בּאראטן, כדי צו סאנירן די פּאָליטישע לאגע פון לאנד און ראטעווען די פּוילישע מלוכה פון איר ענדגילטיקן אונטערגאנג, האָט אויך גלייכצייטיק באשטימט א קאָמי־סיע, אויף צו באטראכטן די יידן־פראגע.

„יידן דארפן ווערן נוצלעכע בירגער פון לאנד!" — איז צו דער זעלבער צייט געוואָרן די לאָזונג פון א צווייטער טייל פון דער פוילישער געזעלשאפט. די נוצלעכקייט האָט זיך גע'זאָלט אויסדריקן אין באזעצן די יידן אויף ערד און זיי פארוואנדלען אין לאנדווירטן.

דר. ע. רינגעלבלום, אין זיין בוך „די פוילישע יידן אין אויפשטאנד פון קאָשטשושקאָ — 1794", שרייבט וועגן דעם, אז אייגנטלעך האָבן פיר אוטי־ליטאריסטישע מאָמענטן באווירקט יענע, וועלכע האָבן פּראָפּאגאנדירט די אידיי פון לייזן די יידן־פראַגע דורך פּארוואַנדלען זיי אין לאַנדווירטן. ער רעכנט אויס:

1. די ירידה פון דער פוילישער לאנדווירטשאפט און דער דוחק אין אַרבעטס־הענט; 2. די פארשפרייטונג פון דער אידיי, אז דאָס רייכטום פון לאַנד איז אָפּהענגיק פון דעם מצב פון דער לאַנדווירטשאַפט; 3. דאָס פאַר־בעסערן די לאגע פון די יידן, כדי אזוי ארום צו פארזיכערן דאָס פארמעגן פון די פּריצים און גייסטלעכע, וועמען עס איז געקומען פון די יידן גרויס'ע חובות; 4. דער ווונטש פון דעם פוילישן שטאָטישן סוחר און בעל־מלאכה צו פּטרן די יידישע קאָנקורענץ.

פארשידענע פּראָיעקטן זיינען אויפגעשוווּמען און פארשידן זיינען גע־ווען זייערע כוונות; עס זיינען אויך געווען צווישן זיי פּראָיעקטן פון מענטשן מיט ליבּעראַלע אידייען, כאָטש זיי זיינען געווען ווייט פון פאַרשטיין די יידי־שע נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און רעליגיעזע באדערפעני‏שן. אינצווישנצייט האָט זיך די אַלגעמיינע לאגע געענדערט פון טאָג־צו־טאָג און די יידישע באַ־פעלקערונג האָט זיך ממילא געמוזט צופּאסן צו די געענדערטע באדינגונגען.

אין דער געשאפענער לאגע פאר די יידן אין אַלגעמיין, האָבן די מעזי־ריטשער יידן אין זייערע באַציאונגען מיט זייערע נישט־יידיש'ע שכנים, גע־מוזט נעמען אין באטראכט די לאָקאַלע און מלוכהשע פאַקטאָרן. אין לאָקאַלן מאסשטאב זיינען זיי געווען אָפּהענגיק פון „הויף"; זייערע רעכטן האָבן זיך באזירט אויף געוויסע קאָנצעסיע'ס וואָס זיי האָבן באקומען פון די פּריצים, די פּריוואַט־אייגנטימער פון דער שטאָט. בדרך כלל קאָן מען זאָגן וועגן די דאָזיקע באַציאונגען, אז זיי זיינען נישט געווען קיין שלעכטע. די פּריצים

האָבן געמיינט אַזוי אַרום צו באַגינסטיקן זייערע אייגענע אינטערעסן און אַרויסבאַקומען פון די יידן וואָס מער הכנסה. און היות די יידן האָבן געגעבן די פּריצים, דאָס וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט, האָבן זיי אויך פאַרטיידיקט די יידן, אַפילו ווען דאָס איז געווען קעגן די מלוכהשע אינטערעסן. אַזאַ פאַל איז טאַקע פאַרצייכנט אין די פּוילישע אַקטן. עס געפינט זיך אויפגעהאַלטן אַ באַריכט פון די סופּעראינטענדענטן פון דעם אַפּצאַל־שטייער, וועגן דער שטעלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו די רעגירונגס־באַאמטע, וועלכע קומען איינמאָנען דעם אַפּצאַל. אין דעם דאָזיקן באַריכט ווערט אָנגעגעבן דער פאָלגנדיקער ביישפּיל וועגן דער פיינטלעכער שטעלונג פון דער באַפעלקערונג לגבי די שטייער־באַאַמטע:

„אין יאָר 1788 האָבן די יידן אין מעזריטש־פּאָדלאַסקי, בעת אין שטאָט איז פאָרגעקומען אַ יריד, אַרויסגעיאָגט פון שטאָט די באַאמטע און די פינאַנץ־וועכטער. דער סופּעראינטענדענט (דער הויפּט־באַאַמטער) האָט געפאָדערט מען זאָל די שולדיקע יידן באַשטראָפן, אָבער זיי (די יידן), האָבן געפונען שוץ אין די (לאָקאַלע) מאַכטהאָבער" (41).

דער דאָזיקער פאַקט, וואַרפט אַ סך ליכט אויף דעם דעמאָלטיקן מצב פון מעזריטש, אין שייכות צו אירע יידן. קודם כל, באַווייזט עס, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז שוין דעמאָלט געווען אַ שטאַרק איבערוועגנדיקע אויף אַזוי פיל, אַז זיי האָבן געוואַגט זיך אַנטקעגנצושטעלן דער מאַכט. עס באַווייזט אויך, אַז זייערע באַציאונגען מיט דעם „הויף" זיינען געווען זייער גוטע אין מחמת דעם וואָס זייער פירשטלעכער מושל אַדאַם טשאַרטאָריסקי — צו וועמען די שטאָט האָט געהערט — האָט זיי געגעבן שוץ, האָט דער מאַגיסטראַט מורא־געהאַט צו פאַרטשעפּען זיך מיט די יידן. דריטנס, קאָנען מיר דרינגען פון דעם פאַל, אַז דער רוב מנין און רוב בנין פון מעזריטשער האַנדל איז שוין דעמאָלט געווען אַ יידישער. פערטנס, קאָנען מיר דערפון אויך קומען צום אויספיר, אַז די באַציאונגען צווישן די יידן מיט דער אָרטיקער פּוילישער באַפעלקערונג און אַפילו מיט די אַרומיקע דערפער, האָבן געדאַרפט זיין גוטע; ווייל אין קעגנפאַל וואָלט נישט געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי די פּאָלאַקן האָבן גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט, ווי יידן באַפאַלן זייערע מלוכה־באַאמטע און טרייבן זיי אַרויס פון דער שטאָט. אַפילו ווען מען זאָל אָננעמען, אַז אויך די פּוילישע סוחרים האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די צאָל־באַאמטע, קען דאָס נישט געזאָגט ווערן וועגן דער רעשט באַפעלקערונג. אויך דער פאַקט, וואָס די מערהייט פון דער שטאָטישער נישט־יידישער באַפעלקערונג איז, ווי עס שיינט, פון תמיד אָן געווען אוקראַאינישע, קלערט נישט אויף די דאָזיקע אויסטערלישע דערשיינונג. ווייל די באַפעלקערונג אַרום דער שטאָט איז אין איר מערהייט געווען אַ פּוילישע און דער דאָזיקער אויסטערלישער אינצידענט, וואָס איז געשען בעת אַ יריד, אין אַ צייט ווען עס זאַמלען זיך צונויף כמעט אַלע פּויערים פון דעם גאַנצן אַרום. נישט אַנדערש, אַז די יידן אין זייערע

שכנים האָבן דעמאָלט געלעבט אין פריינטלעכע באַציאונגען. אודאי זיינען אויך געווען סיכסוכים צווישן די יידן מיט זייערע שכנים; די אנטיסעמיטן האָבן געזוכט צו שעדיקן דעם יידישן האנדל (ווי מיר וועלן עס באלד זען); אָבער אין אַלגעמיין זיינען די באדינגונגען הפנים געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאָלפן צום וווקס פון דער יידישער באפעלקערונג און אין זייער דער־צידירנדיקן איינפלוס אויף דער שטאָט.

וועגן דער ווירקונג וואָס דער בעל־הבית פון מעזריטש — פירשט אדאם טשאַרטאַריסקי — האָט געהאט אויף די גוטע באַציאונגען צווישן די יידן און דער רעשט באפעלקערונג פון זיינע גיטער ארום מעזריטש און דער אָרטיקער באפעלקערונג, זעען מיר אויך פון דעם, וואָס דער שוין אונדז באקאנטער בן עיר, ר' יעקב שפּירא דערציילט אין איינעם פון זיינע בריוו צו דובנאָוון (געפינט זיך אין דעם דובנאָוו־ארכיוו אין ייוואָ — ניו־יאָרק), וועלכן מיר זעצן דאָ איבער פון דעם העברעישן טעקסט:

„דער גרויסער האר טשאַרטאַריסקי, דער שר פון דער דאָזיקער שטאָט, איז געווען א גרויסער מאן און פון קעניגלעכן הויז, דער באזיצער פון א סך גיטער... א גוטער און א גוטס־טוער. אלע זיינע גלוסטיקייטן זיינען געווען אויסצוברייטערן און צו פארגרעסערן די שטאָט און איר באפעלקערונג, און כדי אויפצושטעלן א מארק (אַזעלכער האָט עקזיסטירט א לאנגע צייט פאר דעם — מ. ע.) און גאסן, האָט ער צעטיילט מיט א ברייטער האנט צענדליקער טויזנטער ציגל פון זיין הויף כדי אויסצובויען גרויסע מויערן ארום דעם מארק (די דאָזיקע מויערן, א טייל פון זיי זייער גרויסע, ארומנעמענדיק גאנצע בלאָקן, זיינען געווען כמעט אלע יידישע. — מ. ע.). פון דער גאנצער סביבה האָבן יידן געצויגן צו אים. און די אלע וואָס זיינען געקומען, זיינען געשטאַנען אונטער דער שוץ פון דעם אויבנדערמאָנטן האר און זיין ממשלה, און יעדער קאָנפליקט צווישן איין מענטש און צווייטן, איז געבראַכט געוואָרן צום פירשטס קאָמיסאר און ער האָט געמשפּט. אַזעלכע פּסקים, זיינען אויך פאר־שריבן אין דעם פּנקס פון דער קהילה אין פויליש און אונטער זיי איז גע־חתמעט דער דוכס.

„נאָכדעם, ווען ס'האָט אָפּגעברענט די הילצערנע שול, וואָס איז גע־שטאַנען פון אמאָל אין אונדזער שטאָט... האָבן די שטאָט־מענטשן מיט דער הילף פון דעם דוכס אויפגעשטעלט א גרויסע מויערנע שול (די נאַציס האָבן חרוב געמאכט די שול צוזאמען מיט די יידן. — מ. ע.). דער מויער צוזאמען מיט דער עזרת־נשים איז פארענדיקט געוואָרן אין יאָר תק"ל (1770)... *).

„און נאָך וועגן דעם דוכס, דער האר פון דער שטאָט. פון שטאָט־זקנים האָב איך געהערט, אז זיינע גענג אין דער מלוכה־פּאָליטיק זיינען געווען גאנץ

*) דר. הענדל אין אויבנדערמאנטער ארבעט דערקלערט, אז די שול איז נאָך נישט געווען פארענדיקט אין יאָר 1779.

אנדערש (ווי באקאַנט, איז ער געווען פון די קעגנער פון דעם לעצטן פוילישן מלך, אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי — מ. ע.)... אין די טעג פון דעם לעצטן פּוי־לישן מלך פּאָניאַטאָווסקי, קעגן ווענען דער אדלשטאנד איז אויפגעשטאַנען, דערפאר ווייל ער איז געווען א פריינט פון רוסלאנד, אין די רוסישע ממשלה האָט אים געשטיצט מיט מיליטער פון צייט־צו־צייט. בכן, אין יענע טעג, האָט רוסיש מיליטער זיך פארשפרייט איבער דער מדינה און די פריצים זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט געלט־קאָנטריבוציעס. דעמאָלט זיינען רוסישע סאָל־דאטן אויך געקומען צו אונדז אין שטאָט אריין און האָבן געפאָדערט קנס־געלט אויך פון דעם שר פון דער שטאָט. און ווייל דער דוכס איז דעמאָלט נישט געווען, ווייל ער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אויסלאַנד, האָבן די יידן באצאָלט אויף זיין חשבון א סומע פון 40.000 רענדלעך, און די סומע האָבן די ראשי־הקהל געליען ביי דעם נגיד, הרב שלמה פרידמאַן. נאָכדעם האָט דער קאָמיסאר (מן הסתם טשאַרטאָריסקיס פארטרעטער. — מ. ע.) אָפּ־געגעבן דעם הוב מיט א צאָל דערפער וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אין ארענדע אויף עטלעכע יאָר.

„אחוץ דער שול, האָט ער אויך געהאָלפן אויסבויען דעם בית־המדרש (דאָס איז דער אזויגערופענער גרויסער בית־המדרש, וועלכער האָט געהאַלטן א גאַנץ בלאָק אין דער לענג און איז געשטאַנען קעגנאיבער דער שול. — מ. ע.), א גרויסער מויער מיט געוועלבער (און שפייכלערס — מ. ע.), מיט א געוועלבטן סופיט...".

דער דאָזיקער אויסצוג פון שפּיראָס בריוו קאָן דינען פאַר א באַשטעטי־קונג פון דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט; דהיינו, אַז די גוטע באציאונגען צווישן די יידן פון מעזריטש און זייערע נישט־יידישע שכנים, זיינען געווען אין א גרויסער מאָס א רעזולטאַט פון דער פריינטלעכער שטעלונג פון פירשט טשאַרטאָריסקי צו די יידן. עס איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז ער האָט גוט פארשטאַנען און אָפּגעשאַצט דעם גרויסןביישטייער וואָס יידן האָבן געבראַכט פאַר דער אנטוויקלונג פון זיין שטאָט מעזריטש, וואָס האָט אים גלייכצייטיק אריינגעבראַכט גרויסע הכנסות און רייכטום.

# די געשיכטע פון די ראַד־קראָמען

צו די אינטערעסאנטע קאפּיטלען וועגן די באציאונגען צווישן די יידן פון מעזריטש מיט זייערע שכנים — א קאפּיטל וואָס האָט זיך טראגיש געענדיקט מיט דעם אומקום פון 6000.000 יידן, י"ד, דורך די נאַציס און זייערע מיטהעלפער— געהערט, אָן ספק, דער קאמף וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין משך פון עטלעכע הונדערט יאָר, ארום די ראַד־קראָמען *).

אין מעזריטש, אזוי ווי אין די אנדערע פּוילישע שטעט, האָבן פון אלט'ע צייטן אָן, עקזיסטירט אין מארק האנדלס־קראָמען. די דאָזיקע קראָמען זיינען געשטאנען ארום דעם ראָטהויז און האָבן געהערט צו דרייערליי גרופּעס אייגנטימער: 5 קראָמען זיינען געווען דאָס אייגנטום פון דעם מאגיסטראט, וועלכער האָט זיי פאַרדונגען; אין די 20ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט מען זיי איינגעוואָרפן צוליב אלטקייט און דאָס בוי־מאטעריאל איז פארקויפט געוואָרן פאַר דער סומע פון 200 זלאָטעס. אַ צווייטע גרופּע האָט געהערט צו דער פריצה פון דער שטאָט — אָפּאַלינסקאַ; די דאָזיקע קלייטלעך האָט זי פארדונגען צום קריסטלעכן שוסטער־צעך. אין יאָר 1677, דערמאָנט די פריצה די דאָזיקע קלייטלעך, אין צוזאמענהאנג מיט הער פּריווילעגיע, וואָס זי האָט געגעבן דעם קריסטלעכן שוסטער־צעך. פון דעם איז צו דרינגען, אז די דאָזיקע קלייטלעך האָבן עקזיסטירט נאָך פון עלטערע צייטן. די דריטע און וויכטיקסטע גרופּע, האָבן געבילדעט די יידישע קראָמען; די צאָל פון די דאָזיקע קלייטלעך איז נישט געווען קיין פּערמאנענטע; זי האָט זיך געביטן פון צייט־צו־צייט, און מיט דער צייט זיינען אויך די קלייטלעך פון דעם קריסטלעכן צעך אריבער צו די יידן.

אין יאָר 1664, ווען מעזריטש האָט באקומען איר יסוד־פּריווילעגיע פון דער אויבנדערמאָנטער פריצה איזאַבעלאַ אָפּאַלינסקאַ, זיינען די קראָמען שוין געשטאנען און די פריצה אין איר גרויסמוטיקייט, האָט אָנערקענט דער שטאָטישער קאסע א שטענדיקן יערלעכן אָפּצאָל פון די קראָמען. פון די גרעסערע — 12 גראָשן יערלעך. שפּעטער איז דערין אריינגעטראָטן אַן ענדערונג; די קראָמען־באזיצערס האָבן אָנשטאָט דעם מאגיסטראט, געצאָלט א צינז דעם

*) באארבעט לויט דר. הענדלס ארטיקלען, פאר וועלכן מיר דאנקען אים.

„הויף", אלס הער יורידישער בעל־הבית פון די פלעצער, אויף וועלכע די קראָמען זיינען געשטאַנען. ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט, איז דער אָפּצאָל פון א קראָם געווען 5 זלאָטעס יערלעך — צום „הויף".

א סך יאָרן זיינען די קראָמען־אייגנטימער געשטאַנען רואיק אין זייערע קראָמען. קיינער האָט נישט קוועסטיאָנירט זייערע רעכט אויף די קראָמען, אָדער זייערע רעכט אויף אייביקן פאכט פון די פלעצער. ווען געוויסע קראָמען זיינען געוואָרן רעמאָנטפעליק, האָט מען זיי דערלויבט זיי צו רעמאָנטירן אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש. דאָס זעלבע איז געשען ווען קראָמען האָבן אָפּגעברענט; זייערע בעלי־בתים האָבן זיי צוריק אויפגעבויט; זיי האָבן אויך געקענט די קראָמען פארקויפן, אָדער איבערלאָזן אין ירושה. עס האָט זיך קיינער נישט געקימערט וועגן דער לעגאַלער אייגנטימער־רעכט. עס ווייזט זיך נישט אויס, אז אויף דעם געביט זאָלן האָבן פאָרגעקומען וואָסערע עס איז צאַנקערייען צווישן די יידן און נישט־יידן, ביז דעם 19טן י. ה.

ערשט אין דער דאָזיקער צייט, פלאַקערט אויף א קאַמף ארום די קראָמען, וועלכער האָט געהאט הינטער זיך דריי סיבות: 1. אין צוזאמענהאַנג מיט דער שטרעבונג צו פארשענערן די שטאָט, האָט מען פראָיעקטירט ארונטערצוּוואַרפן די קראָמען פון מארק; 2. מעזריטש — פּונקט ווי אנדערע פּריצישע שטעט — האָט אָנגעהויבן א קאַמף קעגן דער פריצישער הערשאַפט און זיך באמיט צו באַפרייען פון אירע בעלי־בתים און ווערן זעלבסטשטענדיק; 3. כדי צו באַשווערן דעם יידישן האַנדל (עס איז אָנצונעמען, אז אין יענער צייט זיינען שוין כמעט אלע מארק־קראָמען געווען אין יידישע הענט). דעמאָלט איז אויפגעשווומען די פראגע וועגן די מארק־קראָמען און עס האָט זיך געטומלט ארום הער פראגע גאַנצע 25 יאָר — פון 1843 ביז 1867, ווען ס'זיינען אויסגעבויט געוואָרן, נאָך גרויסער מי, אינטערווענצן, בקשות און הוצאות — די נייע קראָמען, אין דער פאָרעם פון א צוויי־רייאיקן ראָד.

דער טומל, ווי געזאָגט, האָט זיך אָנגעפאנגען אין יאָר 1843. ס'איז דאן ארויסגעגעבן געוואָרן א פאראָרדענונג פון די שעדלעצער אויטאָריטעטן, אומצוּוואַרפן די קראָמען צוליב היגיענישע, עסטעטישע ווי אויך פייער־זיכערקייט־מאָטיוון. די קראָמען, אין דער צאָל פון 26, געבויט פון האָלץ, זיינען געשטאַנען אין צוויי שורות; אין זיי זיינען געווען 78 קלייטלעך, וועלכע האָבן געהערט צו 200 פּערזאָנען און האָבן אריינגעבראַכט א יערלעכע הכנסה פון בערך 10 טויזנט זלאָטעס. די יורידישע אייגנטימער פון די דאָזיקע קראָמען, זיינען געווען: רחל בארג, יואל סטאַנץ, לייזער זילבערמינץ, אברהם פישביין, אלי' פינסבוים, הערץ חיים קופּערבערג, נחום ווייסגלאָז, גליקל רויזן, פּערל ריינוויין, ברוך און איציק מינץ, הלל איש, אביגדור גרינגראָז, לייב עפּשטיין, משה זאַפראַן, ברוך באַרג, שלמה זילבערשטיין, מערקלטויב און באַרשטענבינדער, הערש אייזיקאָוויטש, היה דבורה רויזענצווייג. אייגנטימער פון דריי קראָמען איז געווען שיע ליכטענשטיין, פון 2 — מאיר אשבערג, איין קראָם

האָט געהערט צום קהל און איין קראַם צום ש׳סטער־צעך. 13 פון די אייגנטי־מער, האָבן געהאט אין זייער רשות דאָקומענטן צו באַווייזן, אַז די קראָמען זיינען זייערע; די אנדערע 13 האָבן נישט געהאט קיין שום דאָקומענטן אויף צו באַווייזן, אַז זיי זיינען די רעכטלעכע אייגנטימער. אָבער, ווי געזאָגט, קיינער האָט ביז דעמאָלט נישט קוועסטיאָנירט זייערע אייגנטימערישע רעכט; און אַלע האָבן נאָר געצאָלט דעם יערלעכן צינז צום הויף.

ווען עס איז אָנגעקומען די ביטערע גזירה איינצוואוּרפן די קראָמען, האָבן די אייגנטימער פון די קראָמען זיך פאַרשטענדיקט צווישן זיך און אָנ־געגעבן אַ ביטע צום אינערן־מיניסטעריום (דעמאָלט האָט זיך עס גערופן: קאָ־מיסיאַ רזשאָנדאָוואַ ספּראַוו וועוונענטשניך), אין וועלכער זיי האָבן אָנגעוויזן אַז די קראָמען פאַרנעמען בלויז אַ דריטל פון דעם מאַרק; אַז אין די קראָ־מען זיינען נישט פאַראַן קיין אויוונס און דערפאַר דראָט נישט קיין סכנה פון שריפות; אַז פון די קראָמען זיינען אָפּהענגיק די חיונה פון 200 משפחות; און אַז אחוץ דעם, וועלן אויך פון דעם ליידן די מלוכהשע און הויפּישע הכנסות און אַ גרויסע צאָל יידישע און קריסטלעכע אינסטיטוציעס. זיי בעטן, דערי־בער, מ׳זאָל דאָס פּראָלאָנגירן אויף 3 יאָר און זיי פאַרפליכטן זיך גלייכציי־טיק אויפצושטעלן אין דער צוקונפט געמויערטע קראָמען אויף זייערע פּלעצער. דאָס מיניסטעריום האָט צוריקגעשיקט דעם ענין צו דער גובערניע און אָנגע־פרעגט איר מיינונג וועגן דער בקשה. די שעדלעצער באַהערדן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט נעגאַטיוו צו דער פּעטיציע. אחוץ דעם האָט שעדלעץ אויך אַרויסגעזאָגט איר מיינונג, אַז די צוקונפטיקע קראָמען, וועלכע דאַרפן פאַר־טרעטן די הילצערנע, זאָלן נישט אויפגעשטעלט ווערן אין מאַרק.

דאָס מיניסטעריום האָט פונדעסטוועגן זיך גערעכנט אביסל מיט דער לאַגע פון די באַרירטע פּערזאָנען און באַשלאָסן אָפּצולייגן דעם טערמין פון אומוואַרפן די קראָמען, ביז דעם 1טן מאַי 1844. גלייכצייטיק האָט זי גע־געבן דער גובערניע די פולמאַכט, צו שליסן די 18 קראָמען, וועלכע זי האָט געהאַלטן אַלס שווין בויפעליק און אַז זי זאָל דערלויבן בויען נייע קראָמען אויף אַן אַנדער אָרט, אויסער דעם מאַרק.

מעגלעך, אַז אויף דעם באַשלוס פון מיניסטעריום, אָפּצולייגן דעם ענין, האָט געווירקט די בקשה פון אברהם פישביין. ער האָט אָנגעוויזן אין זיין בקשה, אַז דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אַלע פאַרשריפטן; ער האָט אויך אָנ־געוויזן אויפן פאַקט אַז נישט לאַנג צוריק, האָט מען אין אַנדערע שטעט יאָ דערלויבט אויפצושטעלן קראָמען אין מאַרק; ווייטער האָט ער דערמאָנט, אַז ביים פונאַנדערנעמען די קראָמען וואָלטן די אייגנטימער געמוזט באַקומען אַנטשעדיקונג פון דער רעגירונג; און, אַז דאָס פונאַנדערנעמען אַזוי פיל קראָ־מען מיט איינמאָל, וואָלט גורם געווען, אַז דאָס דירה־געלט פאַר קראָמען וואָלט שטאַרק געשטיגן; ווייל די געליטענע וואָלטן אַלע מיט אַ מאָל געלאָפן זוכן נייע קראָמען אויף אָנצוהאַלטן זייערע פּרנסות.

יעדנפאלס, דער באשלוס פון מיניסטעריום אפצולייגן די גזירה אויף א יאר, בערך, האט געגעבן די איינגעטימער צייט צו באארבעטן דעם מאגיסטראט און אויך דעם פאוויאט אין ראדזין און דער ענין פון פונאנדערנעמען די קראַמען איז דערווייל אנטשלאפן געווארן; די קראמען זיינען געבליבן שטיין און די הויפט־אינטערווענץ האט זיך קאנצענטרירט אויף צו באקומען א דערלויבעניש אויפצושטעלן געמויערטע קראמען, און דוקא אין מארק.

מאיר אשבערג, וועלכער האט גערעדט אינעם נאמען פון אלע איינגעטימער, האט פון זיין זייט אריינגעטראגן א בקשה וועגן דעם זעלבן ענין אין מיניסטעריום, אין וועלכער ער דערקלערט, אז די בעלי־בתים זיינען שוין גרייט צו שטעלן זיך בויען די קראמען און האבן שוין גרייט בוי־מאטעריאל, און אזוי ווי דער מארק ליגט נישט ביים הויפט־שאסיי, וועלן דערפאר די קראמען נישט פארשטעלן מיט זיך קיין שטערונג. די בקשה איז, ווארשיינלעך, אונטערגעשטיצט געווארן פון די פעטיציאנאנטן דורך ספעציעלע מיטלען, און דאס אינערן־מיניסטעריום האט ארויסגעזאגט איר מיינונג, אז אין דעם פאל, אויב דער מארק איז גענוג גרויס, דארף ווערן באגינסטיקט די בקשה. מען האט בלויז געווארט אויף די מיינונגען פון שעדלעץ און פון „הויף", ד. ה. פון דעם שטאט־פריץ.

אלץ איז, ווייזט אויס, געגאנגען כשורה; די שעדלעצער גובערניע איז געווען גענויגט אנצונעמען די מיינונג פון דעם אינערן־מיניסטעריום. דער פאוויאטאווער בוי־מייסטער האט דערביי ארויסגעטראגן זיין מיינונג, אז אזוי ווי די שטאט האט נאך צוויי אנדערע פלעצער, וועלכע זי קען אויסנוצן פאר אירע צוועקן און קענען דינען אלס האנדלס־צענטערס, קען דער מארק ממילא פארבויט ווערן. די דאזיקע מיינונג איז געשטיצט געווארן פון דעם בורמישטש. דאס מיניסטעריום אליין, האט זיך נאך אביסל געוואקלט; דארט האט מען נאך געטראכט, פיליכט וואלט געווען גלייכער צו בויען די נייע קראמען אויפן פלאץ נעבן דער שול, אדער דערלויבן אויפשטעלן נאר איין שורה קראמען אין מארק, אנשטאט די געפלאנטע צוויי שורות. ווי עס זאל נישט זיין, איז דער ענין געשטאנען אויפן וועג צו ווערן דערליידיקט. אבער פלוצלינג איז ווידעראמאל אריינגעטראטן א שינוי אינעם גאנג פון דער זאך און דער ענין איז געווארן קאמפליצירטער.

אין 1844 איז דער ראדזינער פאוויאט אריבער צו לובלין. מעזריטש איז ארויס פון דער יוריסדיקציע פון דער שעדלעצער גובערניע און איז געווארן א טייל פון לובלין און ווידעראמאל האט מען געמוזט אנהויבן מיט דער שתדלנות אויפסניי. אויך איז פונקט אין זעלבן יאר מעזריטש אריבער פון די טשארטאריסקים צו דער גראפישער משפחה פאטאצקי. דער נייער פריץ האט ווידער גענומען א גאנץ אנדערע שטעלונג צום ענין. ער האט, קודם־כל, געוואלט צוריקבאקומען דעם מארק פאר זיך, ווייל ער האט אים באטראכט פאר זיין אייגנטום. אויב דאס אליין איז נאך נישט געווען גענוג, איז צוגע־

קומען א דריטער פאקטאר: אין אויגוסט 1845, איז אין שטאט אויסגעבראכן א גרויסע שריפה, אין וועלכער עס זיינען אפגעברענט געווארן 300 הייזער, בתוכם די אלטע קראמען. ס'איז איצט ממילא געווארן מער אקטועל די פראגע פון ווידעראויפבויען די חורבות אין אלגעמיין און דער פראבלעם פון אויפבוי בכלל, האט ממילא צונישט־געמאכט די פלענער פון בויען געוועלבער אין מארק, ווייל דער גאנצער בוי־פלאן האט געזאלט ווערן פאררייניקט.

דעמאלט איז דער פריץ פאטאצקי ארויס מיט א שפאגל נייעם פלאן; ער האט פארגעלייגט אויסצובויען אין מארק א ראטהויז און ארום אים אויפשטעלן שיין־איינגעריכטעטע קראמען, וועלכע ער האט צוגעזאגט צו פארדינגען צו די פריערדיקע אייגנטימער. אין אנהויב האט דער פריץ מיט זיין פלאן געמאכט דעם איינדרוק, אז ער גייט האנט ביי האנט מיט די יידישע קראמען־אייגנטימער. וועלנדיק געפינען ביי זיי שטיצע פאר זיין פלאן, גיט ער זיי זיין מאראלישע הילף און געהילף, אויפצושטעלן צייטווייליקע קלייטלעך אין מארק. דער פאוויאטאוועור נאטשאלניק האט אפילו צוויי מאל באזוכט מעזריטש און ביי דער געלעגנהייט פארבאטן אויפצושטעלן די פראוויזארישע קלייטלעך אין מארק. אבער נאך לאנגע באמיאונגען מצד אשבערגן, האט דאס מיניסטעריום אין ווארשע באשלאסן, אין 1847, צו לאזן די דאזיקע צייטווייליקע קלייטלעך שטיין ביז א ווייטערדיקן באשלוס. פארן מיניסטעריום האט זיך דאן געשטעלט די פראגע, ווי אזוי צו האנדלען בנוגע די צוויי פלענער — דער יידישער פלאן פון ערב דער שריפה, דהיינו, דערלויבן די יידן אויסבויען צוויי שורות געוועלבער אין מארק און דער נייער פלאן פון דעם פריץ, אויסצובויען א ראטהויז אויפן מארק מיט קראמען ארום אים. דא האט זיך ערשט אנגעהויבן דער קאמף צווישן די פריערדיקע קראמען־באזיצערם און דעם הויף.

דערווייל, האט זיך א דריטע גרופע אריינגעמישט אין דעם דאזיקן שטרייט. דאס זיינען געווען די בעלי־בתים פון די נייע הייזער, וואס זיינען אויפגעבויט געווארן לויט דעם נייעם רעגולאציע־פלאן. זיי האבן געטענהט, אז סיי דער געפלאנטער ראטהויז און סיי די קראמען, וועלן פאראומרייניקן דעם מארק און זיי האבן דעריבער געפאדערט, אז אין איינקלאנג מיט דעם עסטעטישן אויסזען וואס זייערע הייזער גיבן דער שטאט, זאל דער מארק בלייבן פולשטענדיק נישט פארבויט. אזא שטאט ווי מעזריטש, האבן זיי אויך געטענהט, מוז האבן א פרייע'ן פלאץ און א צענטראלן פונקט, סיי פארן מסחר און סיי פאר מיליטערישע פאראדן. צום סוף, לאזן זיי ארויס די קאץ פון זאק און זאגן ארויס אין זייער בקשה, דאס וואס עס האט זיי אייגנטלעך געקוועטשט: „מיר האבן אויסגעבויט אין מארק גרויסע שטאקיקע הייזער, מיר האבן זיך פארשולדיקט אין האבן געהאפט, אז מיר וועלן פארדינגען די קראמען אין אונדזערע הייזער; איצט, אויב ס'וועט אויסגעבויט ווערן א ראטהויז, מיט נייע קראמען, וועלן מיר דערפון ליידן, ווייל אונדזערע קראמען וועלן בלייבן שטיין ליידיק". די גרופע (אין איר נאמען חתמנען וואלף רייכענבאך

און גדליה האָכמאַן) בעט דעריבער, אַז דער מאַרק זאָל בלייבן ליידיק, און כדי נישט צו שאַפן קיין פּרעצעדענטן, זאָל מען אויך אָראָפּנעמען די „בודקעס" וואָס האַלטן זיך אין פאַרמערן אויפן מאַרק.

יעדער צד האָט געזוכט פאַר זיך פּראָטעקציע און דער ענין ווערט דערמיט אָפּגעצויגן. דאָס אינערן־מיניסטעריום דעצידירט דערווייל אין איין פראַגע, נעמלעך, ער וואַרפט אָפּ אשבערגס בקשה און אַנערקענט דעם פּריץ אַלס אייגנ־ציקער אייגנטימער פון מאַרק. עס קען שוין, אַלזאָ, נישט זיין קיין פראַגע וועגן דערלויבן די יידן בויען קראָמען, וויבאַלד זיי האָבן שוין נישט קיין פּלעצער ווו צו שטעלן זייערע קראָמען. דער פּריץ — און דאָס איז זייער אינטערע־סאַנט — טרעט דערווייל אַרויס אַלס א באַשיצער פון די אָרעמע יידן. ער זאָגט אין זיינער א פּעטיציע, אַז זיינע קראָמען, אַרום דעם ראָטהויז, וועט ער פאַר־דינגען צו די אָרעמע יידן. ער פאַרזיכערט דער מאַכט, אַז ער האָט שוין אַלץ גרייט צום בויען און ער וואַרט אויף א שנעלע דעציזיע. זיין בקשה ענדיקט ער מיט אַן אויסדרוק פון האָפענונג, אַז אים, אַלס פּריץ, וועט דאָס מיניסטעריום גיכער אַנטקעגן־קומען איידער די יידן — סיי פון אשבערגס גרופּע און סיי פון וואָלף רייכענבאַכס גרופּע.

דאָס מיניסטעריום האָט דערווייל באַשטימט, אַז כדי זיך צו שאַפן א ריכטיק בילד פון דער יורידישער און פּאַקטישער לאַגע פון דעם ענין, זאָל מען דעם מצב אויספאָרשן אויפן פּלאַץ. אין יולי 1847, שיקט זי אַראָפּ קיין מעזריטש א קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען פון דעם פּאָוויאַטאָוון נאַטשאַלניק, גובער־ניאַלן אינזשעניר און פּאָוויאַטאָוון בוי־מייסטער. מצד דער שטאָט, האָט אין דער קאָמיסיע זיך באַטייליקט דער לאַווניק און קאַסירער נעטשעק. די אויס־פאָרשונג, איז לחלוטין אויסגעפאַלן לטובת אשבערגס גרופּע. זי האָט פעסטגע־שטעלט, אַז די פריערדיקע קראָמען־אייגנטימער זיינען די פּאַקטישע באַזיצערס פון די פּלעצער, ווייל זיי זיינען זייערע אייביקע פּאַכטערס פון דור־דורות; און וואָס ס'איז שייך די פּראָוויזאָרישע בודקעס, פאַרנעמען זיי קוים א שטח פון צוויי טויזנט איילן אויף 39 טויזנט קוואַדראַט־איילן פון דער גרויס פון מאַרק און אויך אַז מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז זיי זיינען דער איינציקער מקור פון פּרנסה פאַר א גרויסע צאָל אָרעמע משפּחות. די קאָמיסיע האָט רעקאָמענ־דירט, אַז די פּראָוויזאָרישע בודקעס זאָלן דערווייל בלייבן נאָך א יאָר און נאָכדעם זאָלן די אייגנטימער אויפבויען די קראָמען אין מאַרק לויט זייער פּלאַן פון פאַר דער שריפה. וועגן דעם פּלאַן פון ראָטהויז. דערקלערט די קאָמיסיע, אַז, היות, דער פּלאַן איז שוין אַלט צוויי יאָר און ס'איז ביז איצט גאָרנישט געטאָן געוואָרן אים צו פאַרווירקלעכן, זאָל מען דעם פּלאַן אינגאַנצן איגנאָרירן.

וואָס האָט באַוויגן דער קאָמיסיע אַרויסצוגעבן אַזאַ גינסטיקן פּסק־דין לטובת אשבערגס גרופּע? אָן שום ספק, אַז מען האָט פאַר דעם באַצאָלט א סך געלט. עס קען אָבער אויך זיין מעגלעך, אַז די קאָמיסיע האָט פּאַרט געשטעלט

די אינטערעסן פון כלל, העכער ווי די אינטערעסן פון א יחיד — מעג ער אפילו זיין א גרויסער פריץ. אשבערג האָט געהאט אלע מאָטיוון צו זיין צופרידן פון דעם פסק־דין. ער האָט געקענט האָפן אז דער פסק־דין וועט פירן צום גינסטיקן דערליידיקן פון זיין בקשה, וואָס ער האָט צוגעשטעלט אזש צום סאמע נאָמיעסט־ניק אליין (ער איז געווען דעם צארס פארטרעטער אין קאָנגרעס־פוילן, וועלכעס האָט זיך נאָך אלץ גערעכנט פאר א פויליש קעניגרייך).

די רעקאָמענדאציעס פון דער קאָמיסיע, זיינען געשטיצט געוואָרן פון דער גובערניאַלער מאכט, וועלכע בעט ביים מיניסטעריום, צו דערלויבן אשבערגס גרופע צוצוטרעטן צום בויען פון די קראָמען. אן ענלעכע שטעלונג, נעמט אויך אָן די יורידישע סעקציע ביים אינערן־מיניסטעריום, וועלכע גיט צו, אז דעם פריץ זאָל מען אנערקענען דאָס רעכט צו פראָצעסירן זיך מיט די יידן וועגן דער רעכט אויף די פלעצער. דאָס מיניסטעריום אליין האָט זיך אָבער נישט געאיילט. אי מחמת ביוראָקראַטישע דרכים און אי מחמת אנטי־יידישע מאָטיוון, האָט דאָס מיניסטעריום אָפּגעלייגט דעם ענטגילטיקן באשלוס.

דערווייל האָבן די אייגנטימער פון די נייע מארק־הייזער נישט געשוויגן. צוויי וואָכן נאָך דער קאָמיסיעס באשלוס, דערלאַנגען זיי א נייע בקשה צום מיניסטעריום. זיי דערקלערן דאָרט, אז דער ארגומענט וועגן דערהאַלטן די חיונה פון אָרעמע קרעמער איז א פאַלשער, ווייל די רייכע אייגנטימער האָבן זיך ספּעציעל איינגעשאַפט א פּארטיי פון אָרעמע קרעמער, וועלכע זיי נוצן אויס צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן. נאָך דער ערשטער בקשה, דערלאַנגען זיי באַלד א צווייטע ביטע צום זעלבן מיניסטעריום און א דריטע צום נאָמיעסט־ניק אליין און זיי שלאָגן פאָר, אז דאָס מיניסטעריום זאָל אַראָפּשיקן א צווייטע קאָמיסיע, צו שטודירן אויפסניי די לאַגע אויפן אָרט. אלס פאָרשטייער פון דער קאָמיסיע, שלאָגן זיי פאָר דעם נאטשאַלניק פון דעם ביאַלער פּאָוויאַט (משמעות, אז זיי האָבן אים שוין געהאט פון פריער באארבעט). זיי דריקן אויס זייער איבערצייגונג, אז די קאָמיסיע וועט איינזען, אז די גערעכטיקייט איז מיט זיי; און אז עס וועט נישט דערלויבט ווערן אויפצושטעלן סיי די קראָמען און סיי דעם ראָטהויז אין מארק; און אז מ׳וועט באשטימען אראָפּצוּוואַרפן די בודקעס, וואָס פאַראומרייניקן דעם מארק און שטעלן די שטאָט אין סכנה פון שריפות. אין איינע פון די בקשות, ווערט אויך דערמאנט א רשימה פון 20 אייגנטימער פון מארק־הייזער, וועמענס הכנסות פון די געשעפטן, זיינען באשטימט באר וווילטעטיקע צוועקן. אין דער רשימה געפינען זיך פאָלגנדיקע נעמען: אַראָנאָ־וויטש, טיקאָטשינסקי, ליכטענבערג, האָלצמאַן, 2 מאָל זילבערמאַן, האָכמאַן, האַלפערן, רייכענבאַך, ווייסגלאָז, סאָבעל, ווערטהיים, ראָזנגאָלד, פּאָליאַק, שליפשטיין, לוסטגאַרטן, אייזנשטאַט, שטיינמאַרדער און זילבערשטיין.

אינעם דיספּוט צווישן די ביידע יידישע צדדים, האָט דאָס מיניסטעריום געמאכט שלמה המלכס פשרה — „גם לי וגם לך לא יהיה״. אין סוף יאָר 1847

קומט די גובערניע אַרויס מיט איר מיינונג, אַז מ'דאַרף אָננעמען דעם פּלאַן פון אײַפשטעלן דעם ראַטהויז אין מאַרק. דאָס וועט איינשפּאַרן דירה־געלט דעם מאַגיסטראַט און פאַרשענערן די שטאָט. און אַז דער פּלאַן פון בויען די קראָמען איז קעגן „די פּאַרשריפטן פון בוי און אַלגעמיינער אָרדנונג" פון שטאָט. אין דעם באַריכט פון דער גובערניע, ווערט נאָך צוגעגעבן, אַז נאָכן אויפשטעלן דעם ראַטהויז מיט די קראָמען אַרום אים, וועט נאָך אַלץ בלייבן אין מאַרק גענוג פּלאַץ פאַר 272 וועגענער. דאָס מיניסטעריום האָט אין 1848 נאָכגעגעבן דער גובערניע, נאָר מיט צוויי באַדינגונגען; איינע פון זיי איז, אַז דער פּריץ זאָל איבערגעבן דעם ראַטהויז אין רשות פון דעם מאַגיסטראַט. דער פּריץ האָט, אָבער, אויף ביידע באַדינגונגען נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער און דער ענין איז ווידער אַמאָל אַנטשלאָפן געוואָרן אויף פרישע צוויי יאָר. ספּעציעל, האָט זיך דער הויף נישט געאײַלט צו געבן קיין קלאָרן ענטפער אויף דעם צווייטן באַדינג, אַז ער זאָל געריכטלעך דורכפירן די פראַגע פון אַנטשעדיקונג פאַר די יידן. דער פּריץ האָט זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג, אַז דער פּלאַץ איז זיינער און ער איז ממילא פּטור צו געבן אַנטשעדיקונג צו די פריערדיקע אייגנטימער פון די קראָמען. דאָס האָט דערוויל געגעבן די צוויי קעגנערישע יידישע גרופּעס די מעגלעכקייט, צו באַאַרבעטן די געהעריקע אינסטאַנצן, אין וועמענס הענט עס אַזוי געלעגן די דעציזיע פון דעם ענין.

אין אַפּריל 1850, באַנייט זיך די סעריע פון בקשות. די ערשטע בקשה דער־לאַנגט צום אינערן־מיניסטעריום די אַלמנה איטע לאה איש. זי ווייזט אָן אין איר בקשה, אַז דער הויף האָט אפילו נישט בדעה אָנצוהייבן די אונטערהאַנד־לונגען מיט די יידן וועגן דער אַנטשעדיקונג און וועגן בויען דעם ראַטהויז טראַכט ער אויך נישט. צוליב אָט דער דאָזיקער פּאַסיוויטעט און אָפּשלעפּונג, ווייזט זי ווייטער אָן, זיינען דערוויל געשטאָרבן אַ טייל אייגנטימער „דערפאַר וואָס עס איז געפאַלן זייער פאַרמעגן און האַנדל" און איצט דראָט אַ שווערע נויט די איבעריקע הענדלער, ווייל דער מאַגיסטראַט קלייבט זיך אַרונטערצו־וואַרפן די פּראָוויזאָרישע בודקעס (אין שייכות מיט זיין פּלאַן צו ברוקירן דעם מאַרק). זי פאַרלאַנגט, בכן, אַז דאָס מיניסטעריום זאָל צוליב דער פּאַסיוויטעט פון דעם פּריץ, אָפּוואַרפן זיין פּלאַן און ענדלעך אָננעמען אַשבערגס פּלאַן, אויפ־צושטעלן מויערנע קראָמען אין צוויי שורות אויפן מאַרק. מיט דער בקשה, האָט זיך אינטערעסירט דער נאַמיעסטניק אַליין און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט איצט געפאָדערט פון דעם פּריץ, אַז ער זאָל דערלײדיקן דעם ענין פון אַנטשעדיקונג פאַר די יידן געריכטלעך אָדער פרידלעך ווי אַמשנעלסטן און אויב נישט, וועט מען צוריקציען די קאָנצעסיע וואָס איז אים געגעבן געוואָרן אויף צו בויען דעם ראַטהויז. דער הויף האָט זיך דערפון געפילט שטאַרק געטראָפן און געענטפערט, אַז ער פאָדערט, אַז די יידן זאָלן באַווייזן מיט יורידישע דאָקומענטן, אַז די פּלעצער זיינען זייערע.

דערווייל איז פארלאָפן נאָך א יאָר, און אין א יאָר ארום, האָט דער הויף געענטפערט אנטגילטיק אין אן אויפגערעגטן טאָן, אז היות ווי די מאכט שטיצט דעם ענין פון א פּאָר „יידיש'ע שפּעקולאַנטן", וועלכע מיינען נישט די טובה פון דער שטאָט און שטעלט דעם הויף, וועלכער איז יאָ אויסן די טובה פון דער שטאָט, נישט אָנגעמבארע באדינגונגען, ציט ער צוריק זיין פּלאַן צו בויען א ראַטהויז מיט קראָמען. אָבער ער פארלאנגט גלייכצייטיק, אז דאָס מיניסטעריום זאָל נישט אָנרירן זיינע רעכט אלס אייגנטימער פון דער שטאָט. דאָס האָט גע־מיינט, אז קיינער טאָר נישט בויען דערווייל אויפן מארק ביז א בפירושן פּסק־דין פון דעם געריכט, אז די פּלעצער געהערן צו די יידן.

אַשבערגס גרופּע האָט נישט געוואָלט אָנהויבן מיט געריכטלעכע פארהאנד־לונגען. ערשטנס, וואָלט עס גענומען א צו לאנגע צייט, און צווייטנס, וואָלט עס אויך אריינגעטריבן אין גרויסע הוצאות. אַשבערג האָט געהאָפּט אויף א צופרידנשטעלנדיקן אופן צו דערליידיקן דעם ענין. ער האָט ארויסגערוקט א נייעם פאָרשלאָג, אז אויב מ'וועט ענדלעך דערלויבן צו בויען די קראָמען, זאָל מען איינשליסן אין דעם פּלאַן אן אומזיסטע דירה פאר דעם מאגיסטראַט, וואָס וועט דער שטאָט איינשפּאָרן 75 רובל יערלעך.

אין 1859, דערלאנגט אשבערג נאָך א בקשה צו דער גובערניאַלער מאכט. ווידעראַמאָל רוקט ער ארויס זייער גוט באַקאַנטע אַרגומענטן, אַז היות דער ראָט־הויז־פּראָיעקט איז נישט מער אקטועל און די פּלעצער זיינען רעכטלעך דאָס אייגנטום פון די יידן, זאָל מען סוף־כל־סוף דעצידירן דעם ענין לטובת זיין פּלאַן, וועלכער, ווי שוין פריער דערקלערט, שליסט אויך איין אן אומזיסטע דירה פאר דעם מאגיסטראַט. עס מוז צוגעגעבן ווערן, אז אשבערגס בקשה האָט זיך נישט ווייניק געשטיצט אויפן פאקט, וואָס מען האָט זיך שוין דעמאָלט געגרייט צו וויטגייענדיקע רעפאָרמען אין גאנץ מלכות רוסלאנד און אירע פּוילישע פּראָ־ווינצן, צו באפרייען די פּויערים, און די פּריוואַטע שטעט פון זייער אונטערטע־ניקייט צו די פּריצים.

אויפן סמך פון דער נייער בקשה, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן א מיינונגס־אייסטויש פון די אויטאָריטעטן און די אויסזיכטן, האָבן אויסגעוויזן צו האָבן א גינסקיטע דעציזיע. אָבער, דאָ איז ווידער עפּעס געשען, וואָס האָט דעם ענין נאָכאמאָל פאַרשלעפּט. אין לאנד האָבן דעמאָלט אויסגעבראָכן אָפּטע מהומות, וועלכע האָבן זיך פארענדיקט מיט דעם פּוילישן אויפשטאנד פון יאָר 1863. א יאָר שפּעטער באנייט זיך ווידעראַמאָל דער שטרייט צווישן די צדדים וועגן דעם ענין קראָמען און דאָס מאָל ווייל גאָר דער מאַגיסטראַט ווערן דער יורש פון דעם פּלאַץ. דער מאגיסטראַט דערקלערט, אז צוליב עסטעטישע און זיכערהייטס־מאָ־טיוון, דאַרף מען אראָפּנעמען די פּראָוויזאָרישע קלייטלעך פון מארק און ער טרעט טאַקע צו גאַנץ ערנסט צו דער זאַך. די יידן האָבן איצט זיך אַרומגעזען, אז די סכנה איז גרויס און האָבן אונטערגענומען א נייע אקציע, שוין אויך קעגן

דעם מאַגיסטראַט, מיט אַ נייע סעריע בקשות; געחתמעט אינעם נאָמען פון אַלע איינגנטימער, האָט הלל גאָלד. די דאָזיקע בקשות האָבן געהאַט צוויי ציל: מען זאָל די פּראָוויזאָרישע קלייטלעך לאָזן דערוויילי שטיין נאָך אַ יאָר, און אין משך פון דער צייט זאָל מען דערלויבן די יידן אויפצובויען דעם ראָד מיט די קראָמען.

אויף אַ העלפט האָבן די בקשות געפּועלט. אין סוף 1864, האָט דער לובלי־נער גובערנאַטאָר געגעבן די נויטיקע פאַראָרדענונג, אַז מ'זאָל די פּראָוויזאָרישע קלייטלעך לאָזן שטיין דערווייל. אָבער, פון דעם פּאָוויאַט אין ראַדזין זיינען גע־קומען ידיעות, אַז דאָרט זאָל מען זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז מ'וועט די יידן דערלויבן אויפצושטעלן קראָמען דעמאָלט „ווען האָר וועלן אַרויסוואַקסן אויף דער האַנט־פלאַך". גלייכצייטיק, איז דער פּאָליציי־שעף פון קאָנגרעס־פּוילן אויך אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָדערונג אַראָפּצוּוואַרפן די קלייטלעך פון מאַרק; און פון דער גובערניע איז אויך איינגעפלאָסן אַ מיינונג קיין וואַרשע, אַז די קלייט־לעך קענען לענגער נישט געדולדעט ווערן און אַז דער פּלאַן פון בויען קראָמען, איז אויך נישט דערלאָזבאַר, ווייל די שטאָט מוז דיספּאָנירן מיט אַ פרייען פּלאַץ.

די קראָמען־איינגנטימער, וועלנדיק אָפּשרייען די גזירה, האָבן ווידער אַמאָל דערלאַנגט בקשות צו דער מאכט און פאַרזיכערט, אַז די קראָמען וואָס זיי ווילן אויפשטעלן, וועלן זיין אַ צירונג פאַר דער שטאָט. אונטער דער דאָזיקער בקשה, זיינען געחתמעט: גרונם ווייסגלאָז, ברוך פייגמאַן, זלמן דוד ראָזנטאַל, איטקע גאָלדמאַן, שעיה גרינצווייג, יאַנקל באַרג, הלל איש, חנה זאַק, בער זינגער, וואָלף ציקערמאַן, נפתלי ריינוויין, אברהם יאָסל שולמאַן און יוסף חיים סעגאַל. די דאָ־זיקע בקשה האָט אויך נישט געהאָלפן און נאָך 2 יאָר פון ליגיטאַציע און מי, זיינען די איינגנטימער געשטאַנען צוריק ביים סאַמע אָנהויב. ס'איז אָבער דאָך געוועזן אַ וויכטיקער אונטערשייד לטובה, ווייל, אין מיניסטעריום גופא האָט שוין געהאַט גובר געווען די מיינונג פון יענע, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די איינגנטימער האָבן פולשטענדיקן איינגנטום־רעכט אויף די פּלעצער און אַז מען דאַרף דעריבער זיי יאָ דערלויבן אויפשטעלן די געמויערטע קראָמען.

אויפן פאַרלאַנג פון די איינגנטימער —פאַרשטייט זיך, נאָך שווערער מי— האָט מען ווידער אַמאָל אַראָפּגעשיקט אַ בוי־קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט פעסטשטעלן צי די אַלטע קראָמען קאָנען נאָך בלייבן שטיין און צי ס'איז פּלאַנ־מעסיק אַז דער מאַרק זאָל פאַרבויט ווערן. אין דער קאָמיסיע האָט זיך באַטיי־ליקט אויך דער מאַגיסטראַט, וועלכער איז געווען, ווי מיר האָבן שוין אויבן געשריבן, אַ פאַראינטערעסירטער צד קעגן די יידן. די מאַגיסטראַט־מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן געפּועלט, אַז די קאָמיסיע זאָל אַרויסטראָגן אַ נעגאַטי־ווע מיינונג. דאָס מיניסטעריום האָט אָבער דעם פּראָטאָקאָל (משמעות אונטער דער השפּעה פון די פאַראינטערעסירטע) נישט באַשטעטיקט. דאָס מיניסטעריום האָט מאָטיווירט איר שטעלונג דערמיט, וואָס די קאָמיסיע איז בלויז געווען אַ

פאַרמעלע און האָט נישט באוויזן אויסצוהערן די מיינונגען פון באַרופענע פאַכ־מענער.

דאַ האָט די רייכנבאַך־גרופע, די אייגנטימער פון די שיינע מאַרק־הייזער, ווידער אַמאָל אינטערוועניִרט אין מיניסטעריום און האָט דערביי אויסגעדריקט איר מיינונג, אַז די פּלאַנירטע קראָמען וועלן ברענגען אַן אומגליק און, אַלס שלאָג־מאָטיוו, זיך אויך באַנוצט מיט אַ רעליגיעזן אַרגומענט. היות, אין מאַרק שטייט אַ קלויסטער, איז דערפאַר נישט ראַטזאַם צו פאַרבויען דעם מאַרק. דאָס מיניסטעריום איז שוין, אָבער, געווען אַנטשלאָסן צו האַנדלען גינסטיק לטובת די קראָמען־אייגנטימער, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט צו זייער צוגע־שטעלטן פּלאַן, וואָס סיי דער פּאָוויאַט און סיי די גובערניע האָבן אַרויסגעוויזן. זי האָט דעריבער איבערגעגעבן דעם ענין צו איר יורידישער סעקציע. די יורידי־שע סעקציע האָט אַרויסגעטראָגן איר פּסק־דין, אַז עס איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז די יידן זיינען די אייביקע פּאַכטער פון די פּלעצער און עס איז נישטאָ קיין שום גרונט פאַר נישט דערלויבן די יידן אויפצושטעלן די קראָמען אויפן מאַרק, ווי זיי האָבן עס שוין לאַנג געבעטן. דאָס מיניסטעריום האָט אָנגענומען דעם פּסק־דין און אין 7טן יוני 1866 האָט דאָס מיניסטעריום באַפוילן דער גו־בערניע, אַז די יידן מעגן צוטרעטן צום בוי פון די קראָמען. גלייכצייטיק איז פון מיניסטעריום געשיקט געוואָרן אַ באַפולמעכטיקונג צו די יידן, אַז זיי קע־נען צוטרעטן בויען די קראָמען לויט די באַשטעטיקטע פּלענער פון דעם מיניס־טעריום. די אייגנטימער פון די פּלעצער זיינען דאַן צוגעטראָטן בויען (אינטע־רעסאַנט, אַז אין די פּלענער פיגורירט נישט די צוגעזאָגטע דירה פאַר דעם מאַ־גיסטראַט. די אייגנטימער זיינען מן הסתם דורכגעקומען וועגן דעם מיטן מאַ־גיסטראַט. אויך וועגן די רעכט פון הויף ווערט נישט דערמאָנט. אין יאָר 1866, איז סיי ווי סיי אַרויס דער געזעץ, וואָס האָט באַפרייט די פּריוואַטע שטעט פון דער פּריצישער הערשאַפט).

נאָך סוכות 1866, איז דאָס בויען שוין געווען ווייט אויף פאָרויס. לויטן באַשטעטיקטן פּלאַן פון מיניסטעריום, האָט מען געזאָלט אויפשטעלן 88 קראָמען אין צוויי שורות און צווישן די ביידע רייען — אַ פרייער פּאַסאַזש מיט אַ גלע־זערנעם דאַך. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז דער באַגלאָזטער דאַך וועט קאָסטן מער ווי דאָס גאַנצע בויען. די אייגנטימער האָבן זיך אויפסניי גע־וואַנדן צום מיניסטעריום און געבעטן מען זאָל זיי דערלויבן צו בויען אָן אַ גלע־זערנעם דאַך. (אונטער דער דאָזיקער בקשה, זיינען געחתמעט: שלמה פּאָליאַק, קדיש ציטריניאַק, פּיוול ראָזענזומען, יאַנקל באַרג, ח. צענדלינג, יאָסל מאיר ביבערמאַן, ישעי׳ גרינצווייג, איציק מיניץ, הלל גאָלד, וואָלף צוקערמאַן, שרה טריוואַקס, גרונם וויסגרוס, לייב עפּשטיין, פ. דינגשטיין, בענדעט באַרג, משה גאָלדשפּינער, י. פישביין, אלי׳ הערש דימענט, זלמן ראָזענטאַל, רישע שולמאַן, איטקע גאָלדמאַן, בערל זינגער, יודל פרידמאַן, ליפּטשע אַשבערג, בערל ריינווין,

נפתלי ריינוויין, שלמה זילבערשטיין, ברוך גרינבערג, ברוך מאָנטאַרזש, ישראל פייוול וויינבערג, הינדע קערשנבוים, סענדער ראָזנצווייג און איציק גאָלד).

דער בוי־ראַט ביים מיניסטעריום, האָט זיך אַרויסגעזאָגט לטובת דער ווענ־דונג, ווייל כאָטש דער באַגלאַזטער דאַך וואָלט צוגעגעבן אַן עסטעטישן חן דעם פּאַסאַזש, וועט אָבער, אָן אַ דאַך, אַריינקומען מער ליכט. דאָס מיניסטעריום האָט די דאָזיקע מיינונג באַשטעטיקט.

נאָך צוויי מאָל איז די קראָמען־פראַגע דורכגעלופטערט געוואָרן אין דעם מיניסטעריום. אין נאָוועמבער 1866 בעט הלל גאָלד מ׳זאָל דערלויבן די פּראָ־וויזאָרישע קראָמען בלייבן שטיין ביז יוני 1867, ווייל די נייע קראָמען קאָנען נישט פאַרטיק ווערן ביז דעמאָלט. די גובערניאַלע מאַכט אין לובלין איז געווען אַבסאָלוט קעגן דעם, ווייל צוליב די פּראָוויזאָרישע קראָמען איז די ענגשאַפט אין מאַרק געוואָרן שטאַרק מערקבאַר. אין דער מיט איז מעזריטש ווידער אַמאָל צו־געטיילט געוואָרן צו דער שעדלעצער גובערניע און די לובלינער ד׳עציזיע איז נישט אויסגעפירט געוואָרן. דאָס צווייטע מאָל איז די ווענדונג געקומען אין מערץ 1877, פון וואָלף רייכטאַלער, ברוך מאָנטשאַרזש, הערש דימענט, אהרון שולמאַן און איינאָך גרינבערג. זיי האָבן געמסרט פאַר די מאַכט די מיטאייגנטימער פון די ראַד־קראָמען: יאַנקל באַרג, הינדע צענדלינג, סענדער ראָזנצווייג, אַז זיי האָבן געלאָזט מאַכן אין זייערע קראָמען זייטיקע אַריינגענג כדי צוציען מער קונים. דער ענטפער פון דער מאַכט געפינט זיך אָבער נישט אין די אַקטן.

דער לאַנגער קאַמף האָט זיך דאַן ענטגילטיק פאַרענדיקט מיט אַ זיג פון די אייגנטימער פון די אָפּגעברענטע הילצערנע קראָמען. נישט נאָר האָבן זיי אויס־געבויט די צוויי ראַד־קראָמען, נאָר אין מאַרק זיינען מיט דער צייט צוגעקומען נאָך און נאָך קראָמען.

מיט דעם אַנטשטיין פון אַ זעלבסטשטענדיק פּוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך דער קאַמף אַרום די מאַרק־קראָמען נאָכאַמאָל באַנייט. דער פּוילישער מאַגיסטראַט פון מעזריטש האָט אויף זיין אייגענער האַנט אָנגעהויבן שיקאַנעס קעגן די יידישע אייגנטימער. די טענה איז ווידער אַמאָל געווען באַ־גלייט מיט דעם אַלטן מאָטיוו, אַז מ׳מוז געבן דעם מאַרק אַן עסטעטישן אויסזען.

די יידישע ראַטמענער, האָבן געקעמפט מיט אַלע מיטלען קעגן דעם פאַרזוך פון דער געקינסטלטער פּוילישער מערהייט פון מעזריטשער שטאָט־ראַט צו שע־דיקן דעם יידישן האַנדל און אַרויסרייסן פון די יידן זייערע פּרנסות.

גאַנץ ספּעציעל האָט זיך דער קאַמף פאַרשאַרפט אין די לעצטע יאָרן פון ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געווען דורכגעפרעסן און דורכ־געפוילט מיט דעם נאַציסטישן קאַנסער. די מאַכט האָט דאַן מיט געוואַלט אָנגע־הויבן אַרונטערוואַרפן די קלייטלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן מאַרק. אָבער די מעזריטשער יידן, וועלכע זיינען נישט געווען קיין שיפּע־זיבעלעך, האָבן זיך געווערט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען קעגן דעם, אַזוי שנעל ווי ס׳איז אַרונטערגע־

ריסן געוואָרן אַ קליטל, האָבן עס די יידן — איבער דער נאַכט צוריק אויפגע־שטעלט. אַזוי, אַז די פּאָלאַקן האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט זיי.

איז אָבער געקומען דער שוידערלעכער חורבן. די נאַציס האָבן אויסגעשאָסן, אייסגעשחטן און פאַרברענט די יידן־שטאָט מעזריטש. ווען די שטאָט איז דערנאָך באַפרייט געוואָרן איז זי שוין געווען יודן־ריין. פּאָלאַקן האָבן זיך אריינגעצויגן אין די יידישע הייזער און געוועלבער און דער פּוילישער מאַגיסטראַט האָט ענד־לעך באַוויזן צו מאַכן דעם מאַרק „עסטעטיש, ריין"... די קליטן אין מאַרק און די קראָמען אין ראַד זיינען אומגעוואָרפן געוואָרן. עס איז, קען מען זאָגן, סימבאָליש: דער קאַמף אַרום די קראָמען האָט זיך פאַרענדיקט צוזאַמען מיט דעם אונטערגאַנג פון דער יידן־שטאָט מעזריטש...

# מעזריטשער יידן אין דער פוילישער באפרייאונגס־באוועגונג

דער קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער צעטיילונג פון דער פוילישער מלוכה, איז, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, נישט געווען בלויז אַ ריין פוילישער; דער דאָזיקער קריזיס האָט אויך זיך שטאַרק אָפּגערופן אויפן יידישן קיבוץ אין פוילן, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען דער גרעסטער יידישער ישוב אויף דער גאָרער וועלט. אין דעם צוויי־מאָליקן צעטייל, איז דאָס פוילישע יידנטום געוואָרן שטאַרק צעפּיצלט. רוסלאַנד אַליין, האָט אין די געביטן וואָס זי האָט אָפּגעריסן פון פוילן, איבערגענומען כמעט אַ מיליאָן יידן; עסטרייך האָט איבערגענומען הונדערטער טויזנטער יידן און פּרייסן האָט אויך גערישנט אַ פּאָר צענדליקער טויזנטער יידן. אין דער קליינער טעריטאָריע פון דער פוילישער מלוכה, זיינען בלויז פאַרבליבן אַרום 300.000 יידן. די פּוילישע יידן, וועלכע האָבן אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער געלעבט צוזאַמען אין די גרענעצן פון דער פוילישער מלוכה און פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסן כוח אויף אַלע געביטן און געווען די הויפּט־וואָרטזאָגער אין דער יידישער וועלט, האָבן דעריבער געבענקט נאָך יענע שיינע טעג פון זייער פּאָטענציעלער גרויסקייט; זיי האָבן געוואָלט צוריק ווערן יענער פאַראייניקטער כוח פון פריער. דאָס האָט געקענט ווערן דערגרייכט, נאָר דורך דער צוריק־אויפריכטונג פון דער פוילישער אינטעגראַלער זעלבסטשטענדיקייט.

אַ חוץ דעם דאָזיקן וויכטיקן אייגענעם אינטערעס, וואָס האָט באַווירקט, אַז די יידן זאָלן זיך שטעלן אין איין ריי מיט די פּאָלאַקן, אין קאַמף פאַר דער פוילישער אומאָפּהענגיקייט, זיינען זיי אויך געווען באַהויכט מיט ריין פּאַטריאָטישע געפילן, וועלכע זיי האָבן געבראַנגט צום אויסדרוק ביי יעדער מעגלעכער געלעגנהייט. אמת, די דאָזיקע געפילן האָבן זיך נישט תמיד אַרויסגעוויזן אין זייער אמתער ליכט; אָבער דאָס איז גראָד נישט צוצושרייבן אויפן חשבון פון די יידן; שולדיק אין דעם זיינען געווען די פּאָלאַקן אַליין; זיי האָבן תמיד באַטראַכט און באַהאַנדלט די יידן ווי פרעמדע און זיי האָבן קיינמאָל זיך נישט געוואָלט טיילן מיט די יידן, נישט מיט זייערע פריידן און נישט אין זייערע ליידן; זיי האָבן

דעריבער נישט געגעבן — בלויז אין אויסנאם־פאלן און דאס אויך מיט קנאפן חשק — די יידן קיין מעגלעכקייט ארויסצווייזן זייערע פאטריאטישע געפילן. טראץ דעם זיינען די פאטריאטישע סענטימענטן פון די פוילישע יידן געווען טיף פארווארצלט ביי זיי, ווייל זיי זיינען געווען פארבונדן מיט פוילן זינט הונדערטער יארן און זיי האבן דארט נישט געלעבט ערגער פון זייערע ברידער אין די שכנישע לענדער. אדרבא, מען קען טאקע זאגן, אז אין פיל הינזיכטן זיינען זיי טאקע געווען אין א בעסערער לאגע.

די יידן אין פוילן האבן געהאט גענוגנדיקע ידיעות וועגן דעם יידישן מצב אין רוסלאנד, עסטרייך און פרייסן. די פוילישע יידן האבן דעריבער געהאט אלע טעמים צו וועלן פארבלייבן מיט פוילן איידער מיט יענע דריי מלוכות, וועלכע האבן זייער שלעכט באהאנדלט זייערע יידן. אזוי, אז נאכדעם ווי פוילן איז צוויי מאל געווארן צעטיילט, זיינען די נעכטיקע פוילישע יידן אראפגעפאלן צו דער מדרגה פון זייערע ברידער אין די אויבנדערמאנטע לענדער. מיט דעם דערקלערט זיך דאס, וואס די יידן וועלכע זיינען איבערגעבליבן אין דער באשניטענער פוילישער קעניגרייך, האבן זיך געקלאמערט אין דער פוילישער אנגעהעריקייט מיט אלע כוחות, כאטש זייער לאגע איז אויך געווען נישט קיין גאר גוטע.

צוליב אט די אויסגערעכנטע סיבות, האבן די יידן אין פוילן זיך באצויגן מיט סימפאטיע און ווארעמער פארשטענדעניש פאר די פוילישע פרייהייטס־באוועגונגען און ווען דער פוילישער פרייהייטס-קעמפער קאשציושקא, איז ארויס מיט זיין בארימטער פראקלאמאציע צו אלע אמונות און פעלקער, וועלכע וווינען אין פוילן און זיי פארזיכערט גלייכע באהאנדלונג אין א באפרייטן פוילן, האט זיין רוף ארויסגערופן אמתע פרייד ביי די יידן. די יידישע באפעלקערונג אין פוילן, האט זיך ווארעם אפגערופן אויף קאשציושקאס רוף, כאטש זיי האבן געוווסט אז נישט אלע פאלאקן זיינען באהויכט פון די זעלבע ליבעראלע אידייען ווי קאשציושקא (ער איז, אן שום ספק, געווען באאיינפלוסט פון די פרייהייטס־באוועגונגען אין פראנקרייך און אין אמעריקע, מיט דעם צומיש פון מאטיוון פון פאליטישן כאראקטער אין א גרויסער מאס).

מעזריטשער קהל איז, ווייזט אויס, געווארן גערירט פון דער גרויסער געשעניש און האט אויפגענומען קאשציושקאס רוף מיט א געפיל פון אויפריכטיקן פאטריאטיזם. וועגן דעם אפרוף ביי די מעזריטשער יידן, דערוויסן מיר זיך פון א מעמאראנדום, וואס די פארשטייער פון מעזריטשער קהל האבן צוגעשטעלט צו דער רעוואלוציאנערער רעגירונג, אין וועלכן עס ווערט דערקלערט: „די אונטערגעחתמעטע פון מעזריטשער קהל, מחמת צוגעבונדנקייט צום פאטערלאנד, דורכגעדרונגען מיט דעם אויפריכטיקן ווילן מקריב צו זיין אונדזערע פארמעגנס פאר די אלגעמיינע באדערפענישן פונעם פאטערלאנד און פון זיין רעגירונג” (41).

פונדעסטוועגן, איז ביי די פאלאקן וועגן גלייכהייט פאר יידן, דערווייל

נישט געווען וואָס צו ריידן, כאָטש קאָשציושקאָ האָט בפירוש צוגעזאָגט אַ גלייכע באַהאַנדלונג פאַר אַלע איינוווינער. דער יידישער קאָפּ־שטייער, איז נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן, וועד עס האָט נאָר געקענט, האָט שיקאַנירט די יידן. אָבער מען האָט זיי אָנגעהויבן מצרף צו זיין צו דעם קאַמף, וואָס די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג אונטער קאָשציושקאָס פירערשאַפט האָט אונטערגענומען קעגן דעם פרעמדן שונא. אויפן טאָג־אָרדנונג איז צום ערשטן מאָל געשטאַנען די פראַגע פון רעקרוטירן יידן פאַר מיליטער־דינסט. כאָטש עס זיינען תמיד געווען יידן אין דער פּוילישער אַרמיי, זיינען זיי דאָס געווען אַלס יחידים און וואָלונטירן. איצט אָבער איז געוואָרן אַ פליכט פאַר די יידן זיך צוצושטעלן צו דער נאַציאָנאַלער אַרמיי. דאָך איז דער דאָזיקער באַשלוס נישט געווען קיין פעסטער. די רעגירונג האָט דורך אירע מיליטערישע קאָמיסיעס, געגרן מסכים געווען צו פאַרבייטן דאָס פערזענלעכע דינסט אין דער אַרמיי אויף אויסקויף־געלט. אויך די מעלניקער מיליטערישע קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט צו זאָגן איבער מעזריטש, האָט לויט דעם אוניווערסאַל פון 31טן מאַי אויפגעפאָדערט די יידן צוצושטעלן רעקרוטן אין פּערזאָן, אָדער, ווי עס האָט געהייסן, אין „נאַטור". אין חודש יולי, האָט די מעזריטשער קהילה געפּועלט ביי דער מעלניקער מיליטערישע קאָמיסיע צו פאַרבייטן דאָס פּערזענלעכע דינסט אויף אויסלייז־געלט אין דער הויך פון 50 גילדן פאַר יעדן רעקרוט (42). אויך האָט די מעזריטשער קהילה — צוגלייך מיט אַנדערע קהילות — געמוזט צושטעלן אַ געהעריקע צאָל פערד און ווערבירן רייטער־רעקרוטן; זיי באַוואָפענען און באַקליידן. אויך דער באַפעל איז נישט געווען עקסטריקט; אַנשטאָט אַ רייטער, האָט די קהילה דערפאַר געצאָלט 50 גילדן.

דאָס אויסלייז־געלט וואָס די קהילה האָט געדאַרפט צאָלן, איז גענומען געוואָרן פון אַלע יידישע הייזער. פון יעדן קוימען האָט מען געמוזט צאָלן 12 גילדן. אין דער פראַגע פון רעקוויזירן וועגענער און פערד, איז די מאַכט יאָ געווען איינגעשפּאַרט; דאָ האָט נישט געהאָלפן קיין אויסקויף־געלט. יעדער מאַגיסטראַט, האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַשטימען, וויפיל וועגענער און פערד יעדע קהילה האָט געמוזט צושטעלן, לויט דער פּראָפּאָרץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. געוויינטלעך איז די אויסמעסטונג געמאַכט געוואָרן אַזוי: אויף יעדע 150 קוימענס וואָס האָבן געדאַרפט צאָלן 13 גילדן שטייער פער קוימען, איז אויס געפאַלן צוצושטעלן אַ וואָגן מיט צוויי פערד. און נישט נאָר דאָס — יידן האָבן אויך געמוזט צושטעלן די נויטיקע צאָל בעלי־עגלות און צאָלן דעם בעל־עגלה 60 גילדן פאַר זיין טרחה פאַר דריי חדשים. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום אויסרייד, בשייכות דער פאַראָרדענונג; די קהילה האָט אים געמוזט געבנו אויספאָלגן, ווייל עס האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף פאַר עובר זיין אויף דעם באַפעל. פאַרשטייט זיך, ממילא, אַז די מעזריטשער קהילה — צוגלייך מיט אַנדערע קהילות — האָט דעם באַפעל געזען אויסצופאָלגן.

אין שייכות מיט דער רעקוויזיציע פון פערד און וועגענער, ווערט דערמאָנט

אין די קהילה־אקטן פאלגנדער אינצידענט מיט דעם מעזריטשער רב*) ביי ווע־
מען מען האט רעקווירירט א פערד און וואגן (עס ווערט נישט געזאגט צי דער
פערד און וואגן, זיינען געווען דעם רבס אייגנטום. דאס, גלויב איך, איז זיכער
נישט געווען אזוי. גיכער איז דער אינצידענט פארגעקומען, בעת דער רב איז
געפארן אין א געדונגענעם וואגן און די פארשטייער פון דער מאכט האט אים
געהייסן מוחל זיין און אראפגיין פון וואגן און זי האט רעקווירירט דעם פערד
און וואגן). ווען מען האט פראטעסטירט קעגן דעם צום ווארשעווער שטאט־פרע־
זידענט ה' זאקרזשעווסקי (פירער פון דעם נאציאנאלן ראט און, אגב, א גאנץ
גרויסער אנטיסעמיט) און מען האט אים אויפגעוויזן, אז מען האט אזוי אַרום
אויך מבזה געווען דעם גייסטיקן פירער פון דער מעזריטשער קהילה, האט ער
געענטפערט: „א רב, און דערצו פון מעזריטש, מעג נישט בלויז לענגער ווארטן
אויף די פערדה, נאר ער מעג זיי אויך אפטרעטן"(43).

אין מעלניקער קרייז, האבן די יידישע קהילות, פון וועלכע מעזריטש איז
זיכער געווען די הויפט־קהילה, לויט דעם אוניווערסאל פון 31טן מאי, פאראגראף
6, געמוזט אויך צושטעלן, — אין פראפארץ פון דער צאל נפשות פון דער קהילה
— בליי, פולווער און קיזל־שטיינדלעך פאר דעם מיליטער (44).

דאס זיינען, פארשטייט זיך, נישט געווען די איינציקע שטייערן וואס מען
האט ארויפגעלייגט אויף די יידן. יידן אין פאדליאשע, פון וועלכער מעזריטש
איז שוין דעמאלט געווען איינע פון די גרעסטע און באדייטנדסטע שטעט, האבן
געמוזט צושטעלן שטיוול, העמדער, פעלצן און סוקמאנעס פארן מיליטער. היות
די מעזריטשער יידן האבן זיך שוין דעמאלט אפגעגעבן מיט גארבעריי, פעלצן־
פאבריקאט און שוסטעריי, איז אנצונעמען, אז מעזריטשער יידן האבן א סך ביי־
געטראגן צום אויפשטאנד אין פארשידנערליי פארמען. ד"ר רינגלבלום י"ד דער־
קלערט, אויפן סמך פון דאקומענטן, אז פון א רייסטער פון 471 קהילות, מיט
א צאל נפשות פון בסך־הכל 24.233, האט די מאכט אויפגעמאנט פארשידענע
מלבושים און אונטערוועש, אין דער ווערט פון איין מיליאן 660 טויזנט גילדן(45).
דאס איז זיכער געווען א ריזיקע סומע פאר יענע צייטן און מען קען זיך פאר־
שטעלן, אז מעזריטשער יידן האבן א סך בייגעשטייערט צו דעם סכום.

אלס צוגאב צו די אלע אויבנדערמאנטע אפיציעלע שטייערן און רעקוויזי־
ציעס, פלעגט מען אויך בעטן „פרייוויליקע" נדבות און מתנות ביי יידן, סיי אלס
יחידים און סיי פון דער קהילה אלס גאנצע. א חוץ דעם, פלעגט מען רעקווירירן
ביי יידן אלץ וואס ס'האט זיך געלאזט און זיך נישט אפגעשטעלט, אפילו, ווען
עס האט געמיינט דער פולשטענדיקער חורבן פון דעם באטרעפנדן יידן. אזוי,
למשל, האט מען רעקווירירט אין א מעזריטשער האמארניע (מאזשדזשארניע —
פאבריק וואס ארבעט אויס קופערנע כלים. מעזריטש האט פון אלטע צייטן געהאט

*) הרב יהיאל מיכל הלפרין.

אַ פאַבריקאַציע פון קופערנע כלים) וועלכע האָט געהערט צו עטלעכע יידן, 8.000 פינט קופער ווי אויך שוין אויסגעאַרבעטע כלים פון קופער

נאָך דער דאָזיקער רעקוויזיציע האָט זיך די פאַבריק געמוזט פאַרמאַכן (46). די רוסן פון זייער זייט האָבן זיך נוקם געווען אין דער פויליש־יידישער באַפעלקע־רונג. די רוסישע מאַכט האָט אַרויפגעלייגט אויף די קהילות פאַרשידנערליי קאָנ־טריבוציעס און אַפילו נאָכאַמאָל איינגעמאָנט דעם קאָפּ־שטייער, נאָכדעם ווי ער איז שוין איינמאָל איינגעמאָנט געוואָרן פון דער פוילישער רעוואָלוציאָנערער מאַכט. זיי פלעגן אויך רויבן און אָנמאַכן פאַרשידנערליי הזיקות די יידן. אין מעזריטש האָט קהל אויסגעפועלט ביי די רוסישע סאָלדאַטן, זיי זאָלן צוריק־לאָזן די יידן און האָט זיי דערפאַר געגעבן 150 גילדן(47).

אויך אין די צוויי שפּעטערע אויפשטאַנדן, וואָס די פּאָלאַקן האָבן אָרגאַני־זירט קעגן דעם רוסישן אָקופּאַנט אין 1830 און 1863, האָבן מעזריטשער יידן זיך באַטייליקט מיט מאַטעריעלע ביישטייערונגען און פּערזענלעכן אָנטייל. אין דער פּוילישער מעמואַרן־ליטעראַטור פון אָנפירנדיקע פיגורן פון די „פּאָווסטאַ־ניעס", ווערט דערמאָנט גאַנץ אָפט מעזריטש און דער אָנטייל פון די דאָרטיקע יידן.

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז נישט נאָר האָט מעזריטש דאַן געהאַט די וויכטיקייט אַלס כמעט יידישע שטאָט, נאָר עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערן, אַז זי האָט אויך געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אינעם אויפשטאַנד, אַלס וויכטיקע סטראַטעגישע באַזע אין פּאָדליאַשע, וואָס איז געווען איינע פון די פּרינציפּאַלסטע פעסטונגען פון די אויפשטענדלער.

איינער פון די מעמואַריסטן פון יענער צייט(48) דערציילט, אַז אין דער גרויסער מעזריטשער שול האָבן זיך אין דעם יאָר 1830, פאַרזאַמלט אַ סך יידן, און ער, אַלס איינער פון די פירער פון דער פּוילישער באַפרייאונגס־באַוועגונג, האָט ביי זיי אָפּגענומען אַ טרייהייטס־שבועה פאַר דעם אויפשטאַנד און זיינע פירער.

ווי מיר זען, אַלזאָ, האָט די מעזריטשער קהילה זיך באַטייליקט אַקטיוו אין דעם אַלגעמיינעם געראַנגל פון זייערע פּוילישע שכנים, אין קאַמף פאַר דער באַ־פרייאונג פון פּוילן און דער ווידער־אויפריכטונג פון דער פּוילישער מלוכה. ס'קען זיין, אַז דער שטאַרקער ענטוזיאַזם פון די מעזריטשער יידן פאַר דער פּוילישער זאַך, איז געקומען צום אויסדרוק, דערפאַר וואָס אין אַלגעמיין זיינען די באַציאונ־גען צווישן די יידן אין מעזריטש און זייערע שכנים, סיי די שטאָטישע און סיי די דאָרפישע, כמעט תמיד געווען פריינטלעכע.

# עלילת־דם אין מעזריטש

צום קאַפּיטל באַציאונגען צווישן די יידן און זייערע שכנים האָט אויך אַ שייכות, אָן שום ספק, דאָס קאַפּיטל פון עלילת־דם. דער פאַר אונדזער פאָלק אַזוי־טראַגישער בלוט־בלבול איז, אייגנטלעך, נישט קיין פּוילישע דערפינדונג. דער עלילת־דם, וואָס האָט אונדז געקאָסט אַ סך קרבנות, איז אַ סך עלטער ווי די געשיכטע פון עלילת־דם אין פּוילן. אָבער די פּאָלאַקן, בעסער געזאָגט: די קירכלעכע איניציאַטאָרן פון דעם עלילת־דם אין פּוילן, האָבן אין די פּאָלאַקן געפונען גוטע שילער, אָדער אַ גוט געווערקצייג פאַר זייערע אַנטי־יידישע מעשים, וואָס זיינען געווען קאַלקולירט אויף צו פאַרפעסטיקן זייער ממשלה אין פּוילן, קעגן־איבער אַלע אָפּנייגער פון דער קאַטוילישער קירכע.

שוין אין סוף פון 16טן יאָר־הונדערט, ווערט מעזריטש דערמאָנט אין שייכות מיט אַ שוידערלעכן עלילת־דם. די מעשה, בקיצור, איז אַזעלכע (49):

אין דעם דאָרף שוויניאַראָוואַ, איז ביים דאָרטיקן מילנער פּעטרעני אַוועק־געקומען זיין פיר־יאָריקער זון. אַ ביסל צייט שפּעטער, האָבן פּאַסטוכער אים געפונען אַ צעשונדענעם און צעגריזשעטן. די פּאַסטוכער האָבן פּשוט געהאַלטן, אַז ווילדע הינט אָדער וועלף האָבן דאָס קינד צעפרעסן. דער פאָטער וואָלט מיט דער צייט פאַרגעסן וועגן זיין אומגליק, ווען נישט דער אַריינמישונג פון אַן אָרעמען שליאַכטשיץ, דער פּאַכטער פון דאָרף וואָדניקי, וועלכער האָט געוואָלט אויסנוצן די טראַגישע פּאַסירונג אויף צו קענען פּטור־ווערן פון די יידן. ער האָט דאָס אויסגעטראַכט דעם בלבול, אַז דאָס קינד איז געווען אַ קרבן פון דעם יידישן מנהג צו צאַפּן בלוט פון קריסטן פאַר ריטועלע צוועקן. באַלד האָט מען אַרעסטירט דעם פּראָפּינאַטאָר מרדכי, זיין זון אהרן גראָמעק און איידעם אייזעק, זיין שענק־יונג יאָאַכים און זייערע אַ קריסטלעכע דינסט. מען האָט די יידן אַריבערגעפירט קיין לובלין, אויף דער אייגענער בקשה פון די יידן. זיי האָבן גערעכנט, אַז וויבאַלד אין לובלין איז דער זיץ־פּלאַץ פון דעם קרוין־געריכט, וועט מען אין לובלין גיכער קענען אויפטון ממשותדיקס לטובת די אַרעסטירטע יידן. די דאָזיקע האָפענונג, איז אָבער גיך צערינען געוואָרן מיט דער גרויזאַמער אינטערווענץ פון געוויסע קירכע־אויטאָריטעטן. נאָך שווערע עינויים וואָס זיי האָבן אויסגעפירט איבער דעם שענק־משרת, האָט ער זיך „מודה־געווען" און אויסגעטראַכט אַ פאַנטאַסטישע מעשה, וואָס איז די מאַכטהאָבער שטאַרק געפעלן געוואָרן.

אויך די קריסטלעכע דינסט, איז געבראַכט געוואָרן קיין לובלין אויף אַן אויספאָרשונג; אָבער אַ שטיק צייט פאַר דער אויספאָרשונג איז זי גוט „באַאַר־בעט־געוואָרן" פון דעם גלח טרעטער, וועלכער איז געווען שטאַרק פאַראינטער־רעסירט צו באַווייזן די יידישע שולד. די דינסט, וועלכע האָט ביז דעמאָלט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָט פלוצלים באַקומען לשון און דערציילט, אַז זי אַליין האָט אַרויסגעטראָגן דאָס טויטע קינד, נאָכדעם ווי מען האָט פון אים געצאַפּט זיין בלוט; און אַז זי קען אין מעזריטש אַ גרויסע צאָל קריסטלעכע ווייבער, וועלכע העלפן די יידן אין ענלעכע פאַלן (50).

דער סוף פון די באַשולדיקטע יידן, איז געווען אַ טראַגישער. אָבער ווי עס שיינט, איז די רעשט יידן אין מעזריטש גאָרנישט געשען. כאָטש גאָר זיכער איז עס אויך נישט. אפשר האָט טאַקע דער איבנדערמאָנטער עלילת־דם, צי אַן אַנ־דערער עלילת־דם טאַקע זיך געענדיקט טראַגיש פאַר די מעזריטשער יידן און גע־האַט אַ שייכות מיט דער לעגענדע, וואָס איז שפּעטער דערציילט געוואָרן אין מעזריטש פון די זקנים און איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

די לעגענדע דערציילט: איינמאָל האָבן גויים אויסגעטראַכט אַ בלוט־בלבול אויף די יידן אין מעזריטש און עס האָט געדראָט די פאַרלענדונג פאַר אַ סך יידן אין שטאָט. דעמאָלט האָט איינער, אַ געוויסער ר' אייזיק, גענומען אויף זיך די אויסשליסלעכע שולד, כדי צו ראַטעווען די גאַנצע קהילה פון אַ זיכערן טויט. דער ר' אייזיק האָט זיך מודה געווען אין זיין כלומרשטן פאַרברעך, פון דערמאָרדן דאָס קריסטלעכע מיידעלע.

די לעגענדע דערציילט ווייטער: ווען מען האָט ר' אייזיקן אַ לעבעדיקן אויפ־געשניטן דעם בויך, האָט ער אָנגעזאָגט, אַז קיינער פון זיינע קינדער, ביז דעם צענטן דור, זאָל נישט באַטרעטן דאָס געסל ווו מען האָט אים געטויטעט. די דאָזיקע לעגענדע, איז אויך אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור און איז באַאַר־בעט געוואָרן פון אַלטער קאַציזנע, אין זיין באַלאַדע „אַ יידישע חתונה" (51).

אויב אפילו דאָס זאָל זיין בלויז אַ לעגענדע, האָבן די פּאָלאַקן מזכה געווען מיט אַן אמתן עלילת־דם די מעזריטשער יידן. און גראַד אַ דאַנק דער דעמאָלט־דיקער שטעלונג פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן שוין געהאַט צו זאָגן איבער פּוילן — כאָטש זי איז נאָך געווען אין אינערלעכע ענינים אויטאָנאָם — איז דער עלילת־דם בטל געוואָרן.

די מעשה פון דעם עלילת־דם, איז אויספירלעך באַשריבן געוואָרן פון דעם אונדז שוין באַקאַנטן בן־עיר, ר' יעקב שפּירא. ער האָט די באַשרייבונג, אין העב־רעאיש, צוגעשיקט צום פּראָפעסאָר דובנאָוו. דער אָריגינאַל געפינט זיך איצט אין דעם דובנאָוו־אַרכיוו פון ייוואָ, ניו־יאָרק; זי איז געשריבן אין אַ באַפליגלטער שפּראַך און זייער מליצהדיק. פּראָפעסאָר דובנאָוו האָט די באַשרייבונג, מיט פאַר־קירצונגען און באַמערקונגען, פאַרעפנטלעכט אין דעם באַקאַנטן זשורנאַל פאַר

יידישע געשיכטע און וויסנשאפט „יעווריייסקאיא סטארינא"*). די באשרייבונג פון דעם עלילת־דם, איז די:

„די געשיכטע פון דעם עלילת־דם, האט זיך אנגעהויבן אין דעם דארף סאל־טעץ, לעבן מעזריטש. אין יענער צייט, האבן געוווינט אין די דערפער ארום מעזריטש א סך רייכע יידן, וועלכע האבן געהאלטן אין ארענדע די גיטער פון די פריצים און זיי, די יידן, פלעגן אפט קומען אין שטאט אריין, צו דערליידיקן זייערע געשעפטלעכע ענינים.

„צווישן די דארפסלייט זענען געווען א צאל תושבים, וועלכע זיינען אפילו געווארן געקליבן צו דער פירערשאפט פון דער מעזריטשער קהילה, פון וועלכער די דארפישע יידן זיינען געווען אפהענגיק.

„אין דער דאזיקער צייט, זיינען די ראשים פון דער קהילה געווען: הערץ דרעוולער (פיליכט דרעלעווער — א דארף נעבן מעזריטש, מ. ע.), וועמענס פאמיליע־נאמען עס איז געווען אפענשטיין, זישע סאלטעצער, וועמענס פאמיליע־נאמען עס איז געווען אייזענבערג און זעליג בארענשטיין. זישעס ברודער, בנימין, איז געבליבן וווינען אין סאלטעץ. איינמאל האט זיך בנימין סאלטעצער צעקריגט מיט זיין קריסטלעכן שכן מאקסים. מחמת כעס און שנאה, האט מאקסים אונ־טערגעצינדן בנימינס הויז און זיין משפחה האט זיך געראטעוועט פון א זיכערן טויט, נאר על־פי־נס. אין זעלבן ווינטער (דאס איז געשען אין 1815, מ. ע.), איז פארלוירן־געגאנגען מאקסימס דריי־יעריקע טעכטערל אין וואלד. ערב פסח, ווען דער שניי האט אנגעהויבן צו צעגיין, איז דער קערפער פון דער פארלוירן־געגאנגענער מיידעלע געפונען געווארן. דא האט מאקסים אויסגעפונען א גוטע געלעגנהייט צו נעמען נקמה פון זיין יידישן שכן. ער האט ארויסגעלאזט א קלאנג, אז דער ייד בנימין האט דערמארדעט זיין קינד. באלד האט זיך פארזאמלט א גרויסער המון פויערים, עס איז אויך געקומען דער גלח און א דאקטער. דער לעצטער האט אונטערגעזוכט דעם קערפער פון דער טויטער מיידעלע און ער האט פעסטגעשטעלט, אז ער האט נישט געפונען קיין סימנים פון גוואלד־טאט. דער טויט, האט ער דערקלערט, איז, ווארשיינלעך, געקומען פון דעם, וואס דאס מיי־דעלע איז פארשנייט געווארן און איז פארפרוירן געווארן אין וואלד.

מיט דעם האט זיך די געשיכטע נישט פארענדיקט. די דאזיקע מעשה איז געווארן באקאנט אין שטאט און די פאליצייאישע מאכט פון מעזריטש האט אנגעהויבן אן אויספארשונג ארום דעם ענין.

„אין דער זעלבער צייט, איז אין דער מעזריטשער תפיסה געזעסן א שטאט־טישער אויסוואורף, א געוויסער וועלוול שניידער. עס רעדט זיך אזוי א שניידער, ווייל אין דער אמתן איז ער געווען א גנב און דאס איז געווען זיין אייגנטלעכע מלאכה. מחמת דעם וואס ער האט באגנבעט א גאסט אין ר' מתית'עס אכסניה, האט אים ר' מתית געלאזט איינזעצן אין תפיסה. וועלוול האט געברענט פון רציחה אויף קהל, פארוואס מען האט אים איינגעזעצט, בפרט, עס איז גראד

*) 5טער באנד, ז. 577-586.

געוועזן ערב דעם גרויסן יאַריד, וואָס האָט שטאַרק גערייצט וועלוולס גנבהשן אַפּעטיט; דעמאָלט האָט ער צוזאַמבעסטן געקענט מאַכן נוצן פון זיין גנבהשער פּראָפעסיע. כדי זיך צו באַפרייען פון דער תפיסה, האָט ער זיך דערטראַכט צו א מייוואָלאָנישן פּלאַן, מיט וועלכן ער זאָל אויך אין איינוועגס קענען נעמען נקמה פון קהל.

„וועלוול האָט געלאָזט וויסן דער מאַכט, אַז קהל האָט אים אומישנע אַריינ־געזעצט אין תפיסה, מחמת דעם וויל ער ווייסט דעם סוד פון דעם געהיימניספולן מאָרד, וואָס איז באַאַנגגען געוואָרן איבער דער סאָלטעצער מיידעלע.

„וועלוולס מסירה האָט געהאַט א ווירקונג. אויפן סמך פון זיינע רייד, האָט מען אויפגעגראָבן דעם קבר און אַרויסגענומען דעם טויטן קערפּער און אים גע־בראַכט צו פירן קיין מעזריטש. פון מעזריטש, האָט מען דעם קערפּער פון דעם מיידעלע, אָפּגעפירט צום פּאָוויאַט קיין ראַדזין און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א נייע אויספאָרשונג. דער פּריעדיקער דאָקטער, וועלכער האָט אויפסניי עקזאַמינירט דעם טויטן קערפּער, האָט איצט דערקלערט, אַז ער האָט געזען „סימנים" אַרום די אויגן, פון וואַנען מען האָט געקענט צאַפּן בלוט (מען דאַרף געדענקען, אַז צווישן דער צייט האָט דער קערפּער אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון פוילן, מ. ע.). מען האָט געבראַכט קיין ראַדזין דעם מסור — וועלוולען, און אים גענומען אויף א פאַרהער: וואָס ווייסט ער צו זאָגן וועגן דעם ענין? דאָ האָט וועלוול דערציילט די פאָלגענדע אויסטערלישע געשיכטע:

„פאַראיאָרן פּסח ביינאַכט, נאָכן אָפּריכטן דעם סדר, האָט ער זיך געלאָזט גיין אויף א שפּאַציר' און ער איז צוגעקומען ביז צו דער בריק. דאָ האָט ער געזען בנימין סאָלטעצער אָנקומען צו פאָרן אויף א וואָגן אין שטאָט אַריין. אויף זיין פראַגע, וואָס ער טוט איצט אין שטאָט? האָט בנימין סאָלטעצער געענטפערט, אַז ער איז געקומען איינלאַדן דעם רב אויף א ברית־מילה.

„וועלוול דערציילט ווייטער: דער ענטפער איז אים נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט בנימינען נישט געגלייבט און זייענדיק שטאַרק נייגעריק צו וויסן דעם אמת, האָט ער נאָכשפּיאָנירט בנימינען און ער האָט געזען ווי בנימין פאַרפאָרט צום הויז פון דעם ראש־הקהל פרץ אָפּענשטיין. בנימין האָט אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און ער איז אַריינגעגאַנגען צום ראש־הקהל.

„די דאָזיקע זאַך האָט אים געשיינט צו זיין גאָר פאַרדעכטיק אין זיינע אויגן. האָט ער זיך דעריבער אָוועקגעשטעלט הינטער דעם פענצטער און דורך א שפּאַ־רונע פון דעם לאָדן, האָט ער געזען בנימין סאָלטעצער, זיין ברודער זישע, דעם ראש־הקהל פרץ אָפּענשטיין און דעם שטאָט־משרת. זיי אַלע האָבן געהאַלטן דעם קערפּער פון דער טויטער מיידעלע. א ביסל שפּעטער, איז בנימין אַרויסגעקומען פונעם הויז און געטראָגן מיט זיך עפּעס איינגעוויקלט אין א לייլעך. אַז בנימין איז שוין געזעסן אויפן וואָגן, איז אַרויסגעקומען פרץ אָפּענשטיינס פרוי — רחל, און זי האָט געוואָרנט בנימינען אַז ער זאָל, למען־השם, גוט באַהאַלטן דאָס מע־

סער, אַנישט וועט ער ברענגען אויף אַלעמען אַ גרויס אומגליק. אויף צוזאַמענגאַנג האָט מען אויסגערופן אין שול און אין אַלע בתי־מדרשים, אינעם נאָמען פון דעם רב, אַז בנימינס באַזוך אין שטאָט מוז בלייבן אַ סוד גמור.

„וועלוועלען האָבן אונטערגעשטיצט זיין מאַמעס רייזע, פונקט אַזאַ נידעריקער נפש ווי איר זון. זי האָט דערציילט, אַז זי אַרבעט אַ סך יאָרן אין בעקערייען ווו מען באַקט מצות אויף פסח און זי ווייסט, אַז דאָס מעל ווערט געמישט מיט בלוט. אייך אַ חבר פון וועלוועלס שייקע, האָט באַשטעטיקט וועלוועלס רייד.

„די אויספאָרשער האָבן זיך גערעכנט מיט די עדות פון דער באַשולדיקונג, בפרט אַז זיי זיינען אויך געוואָרן אונטערגעשטיצט פון די סאָלטעצער דאָרפסלייט, וועלכע האָבן געזוכט נקמה צו נעמען פון זייער יידישן שכן בנימין סאָלטעצער. ספּעציעל האָט איינער אַ פּויער, בנימינס אַ שכן, פאַרשטאַרקט דעם חשד מיט דעם, וואָס ער האָט דערציילט פאַר די אויספאָרשונגס־ריכטער:

„איינמאָל, ערב פסח — האָט דער פּויער דערציילט — האָט בנימין פאַר־קויפט זיין חמץ צו אים און אים אָוועקגעגעבן דעם שליסל פון דעם שייער. אָבער, ביינאַכט איז בנימין געקומען צו אים און צוריקגענומען פון אים דעם שליסל פון דעם שייער און ערשט דעם צווייטן טאָג פאַרנאַכט, האָט אים בנימין צוריק געבראַכט דעם שליסל.

„די דאָזיקע דערקלערונג האָט געשיינט פולשטענדיק צו דערגענצן וועלוועלס עדות־זאָגן, וועגן בנימינס כלומרשטער נסיעה אין שטאָט אַריין די ערשטע נאַכט פסח.

„בנימין האָט אַנטשידן געלייקנט, אַז ער איז פסח ביינאַכט געווען אין מעזריטש; ער האָט נישט געלייקנט די רייד פון דעם פּויער, אָבער ער האָט גע־געבן אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. בנימין האָט די ריכטער אויפגעקלערט, אַז היות אין שייער איז געלעגן דער חמץ, און היות ער האָט געהאַט בדעה צו פאָרן אין ערשטן טאָג חול־המועד אין שטאָט אַריין, האָט ער געוואָלט אַרויסנעמען פון דעם שייער דעם געשפאַן, איידער עס ווערט פסח, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַריינקומען אין שייער אַריין די גאַנצע אַכט טעג פון פסח, צוליב דעם חמץ וואָס איז דאָרט געליגן. דערפאַר האָט ער גענומען דעם שליסל ערב־פסח און איידער עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פסח האָט ער דעם שליסל אָפּגעגעבן דעם שכן זיינעם, ווי עס פאָדערט דער דין.

„די דאָזיקע, דוכט זיך, איינפאַכע תשובה, האָט די ריכטער אינגאַנצן צע־מישט. דער גאַנצער ענין פון מכירת־חמץ און די דינים פון חמץ אין פסח, זיינען געווען פאַר זיי עפּעס אַן אויסטערלישע און געהיימע זאַך. זיי האָבן באַשלאָסן איבערצושיקן דעם ענין צו דער וואָיעוואָדישער אינסטאַנץ קיין לובלין (אין יענער צייט איז מעזריטש געווען אַ טייל פון דער לובלינער וואָיעוואָדסטווע, מ. ע.).

„אין לובלין, איז דער ענין אַריינגעפאַלן צום ריכטער ביעלעווסקים הענט. ער איז געווען אַן אַנטיסעמיט און אַ גרויסער שונא־ישראל און ער האָט באַשלאָסן

ביי זיך אויסצונוצן דעם ענין פאַר זיינע אַנטיסעמיטישע געפילן און אָנטאָן צרות די יידן. האָט ער דערפאַר זיך געווענדעט קיין וואַרשע צו דער צענטראַל־מאַכט (וואָס איז געווען נישט ווייניקער דורכגעפּרעסן מיט אַנטיסעמיטיזם) און געבעטן אַ דערלויבעניש צו אַרעסטירן די יידן, אונטער דעם פאַרדאַכט פון באַגיין אַ ריי־טועלן מאָרד. די דערלויבעניש איז אים געגעבן געוואָרן. און אין שמחת־תורה אין דער פרי, אין יאָר 1815, ווען די גאַנצע שטאָט איז געווען אין שול און אין די בתי־מדרשים און געפּראַוועט הקפות, האָט מיליטער — פיסגייער און רייטער — אַרומגערינגלט די שטאָט. מיט זיי איז מיטגעקומען אַ גרויסער המון פּויערים אין די אויספאָרשער מיט וועלוול מסור אין דער שפּיץ, זיינען אַריין אין שול; און אויף וועלוולס אָנווייזונג, האָט מען אַרעסטירט די אַלע באַשולדיקטע פירער פון דער קהילה, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. צווישן די אַרעסטירטע אין שול זיינען געווען: זעליג באַרנשטיין, פּרץ אָפּענשטיין, זיישע אייזענבערג מיט זייערע פרויען, דער נאָמן פון דער קהילה — ישראל בעקערמאַן, גרשון פּטאַשניק, דער קהל־שמש — יאָסקע און בנימין סאַלטעצער, זיין פרוי און זייער דינסט און נאָך איינער אַ קהל־שער באַאַמטער — בסך־הכל: 13 פּערזאָן. מען האָט זיי גלייך איינגעזעצט אין דער תפיסה, וואָס האָט זיך געפונען אין פּריצישן הויף און אין שטאָט איז געוואָרן תשעה־באב.

„שפּעטער איז אָראָפּגעקומען פון לובלין אַ ספּעציעלער אויספאָרשער און ער האָט גענומען פּרץ אָפּענשטיינען אויף אַ פאַרהער. ער האָט אים אויסגעפרעגט און געוואָלט וויסן, וואָס ער האָט געטאָן דעם גאַנצן ערב־פּסח. פּרץ אָפּענשטיין האָט געגעבן דערויף אַ גענויעם ענטפער. קודם־כל, האָט ער געענטפערט, איז ער גע־גאַנגען דאַווענען. נאָכן דאַווענען האָט ער פאַרברענט דאָס המץ און צוגעגרייט די פּסחדיקע כלים. פאַרנאַכט האָט ער געדאַווענט מנחה און געזאָגט דעם קרבן־פּסח.

„דערהערנדיק דאָס וואָרט „קרבן־פּסח", האָט דער ריכטער געוואָלט וויסן, וואָס דאָס איז אַזוינס. פּרץ אָפּענשטיין האָט אויך אויף דעם גלייך געענטפערט. דאָס — האָט ער דערקלערט דעם אויספאָרשונגס־ריכטער — איז אַן אויסצוג פון דער גמרא פּסחים, וווּ עס ווערט דערציילט וועגן דער צערעמאָניע אין בית־המקדש, ווען יידן פלעגן מקריב זיין דעם קרבן־פּסח. דער אויספאָרשער האָט חושד געווען, אַז דאָרט ווערט אַוודאי אויך דערמאָנט דער „מנהג" פון באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח און ער האָט דעריבער געהייסן מען זאָל ברענגען צו טראָגן די גמרא פּסחים.

„דאָ האָט זיך אַריינגעמישט איינער פון וועלוולס שייקע און געזאָגט דעם ריכטער, אַז דאָס וואָס ער זוכט, וועט ער נישט געפינען אין דער גמרא פּסחים, נאָר אין זוהר. אויפן פאַרלאַנג פון דעם אויספאָרשער, האָט מען געבראַכט צו טראָגן דעם זוהר און אַלס עקספּערט מצד די יידן האָבן די מעזריטשער צוגעשטעלט זייער דיין און גרויסן בעל־מקובל ר' יעקב ישראל כעלמער. ער זאָל פאַרלייענען

די שטעלן פון זוהר, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם קרבן־פסח. ר׳ יעקב ישראל האָט געלייענט און דער אויספאָרשער האָט אַלץ פאַרשריבן.

„דערנאָך האָט דער אויספאָרשער אַרויסגענומען אַ לאַטייניש בוך און געהייסן די יידן זיי זאָלן אים אויפקלערן, וואָס עס מיינט „טעות גוי מותר״. ער האָט דאָס וואָרט טעות אַרויסגערעדט טוית (טאָוויס), און די יידן האָבן אים געענט־פערט, אַז „טוית גוי״, מיינט אַ פאַדים וואָס איז געשפּינט פון אַ גוי איז מותר; דהיינו, איז דערלויבט צו באַנוצן זיך דערמיט און עס איז נישטאָ קיין חשש פון „שעטנז״. די יידן האָבן בוכשטעבלעך איבערזעצט דאָס וואָרט „טוית״ אַזוי ווי דער אויספאָרשער האָט עס אַרויסגערעדט.

„אויף זיין צווייטער פראַגע, וואָס עס מיינט „טאָב (ער האָט דאָס וואָרט טוב אַרויסגערעדט טאָב) שבגויים כּאַראָג״ (אָנשטאָט הרוג) האָבן די יידן גע־ענטפערט, „טאָב״ איז דער נאָמען פון אַ יחידישן־מענטש. דאקעגן דאָס וואָרט גוי באַדייט — פאָלק, נאַציע, און „כּאַראָג״ מיינט שטראַלן פון דער זון. עס באַקומט זיך אַזוי אַרום פאָלגנדער געדאַנק: דער נאָמען טאָב וואָס ווערט באַנוצט פון גע־וויסע נאַציעס, האָט דעם זעלבן באַדייט ווי דער נאָמען שרגא (ליכט) ביי יידן. צום סוף, האָט ער זיי געשטעלט אַ דריטע פראַגע: וואָס איז דער מיין פון „רבית נכרי מותר״? דערויף האָבן די יידן געענטפערט, אַז רבית אין אַראַמעיש מיינט אַ קינד און דער טייטש פון דעם איז, אַז יידן מעגן דערציען אַ נישט־יידיש קינד. דער אויספאָרשער האָט עס אַלץ פאַרשריבן און דערמיט האָט זיך דער ענין געענדיקט.

„אַ לאַנגע צייט, איז דער אויספאָרשער פאַרבליבן אין מעזריטש און אין דער צייט האָט ער אויך אויסגעפאָרשט די פויערים און פאַרשריבן זייערע דער־קלערונגען. אינצווישנצייט האָט זיך דער ריכטער דערוווּסט וואָסער פאַרשוין וועלוול איז און די יידישע תלמידי־חכמים האָבן דעם ריכטער אויפגעקלערט וועגן דעם איסור פון באַנוצן בלוט און ווי שטרענג עס איז דער פאַרבאָט צו עסן אָדער טרונקען בלוט.

„דער ענין האָט זיך געצויגן און פאַרשלעפּט און עס איז אַזוי אַדורך אַ גאַנ־צער ווינטער. די אַרעסטירטע יידן זיינען דערווייל געווען פאַרשפּאַרט אין דער תפיסה פון דעם פריצישן שלאָס און אומגעדולדיק געוואַרט אויפן אויסגאַנג פון דער אויספאָרשונג. ענדלעך איז געקומען די אַנטשיידונג. ערב פסח 1816, האָט מען די יידן באַפרייט, לויט אַ באַפעל וואָס איז געקומען פון דער גובערניע אין לובלין. די שמחה אין שטאָט איז געווען זייער גרויס, אָבער נאָך גרעסער איז געווען די מפּלה פון וועלוול גנב און זיינע חברים — משה באָק און ביינישׁ שיכור.

„מיט דעם האָט זיך אָבער דער דאָזיקער ענין נישט געענדיקט. די מעזרי־טשער יידן, וועלכע זיינען באַפרייט געוואָרן, זיינען נישט געווען אינגאַנצן צו־פרידן מיט דעם אופן פון דער באַפרייאונג. ווייל מען האָט זיי נישט אינגאַנצן ריינגעוואַשן, נאָר מען האָט זיי בלויז באַפרייט אויפן סמך פון נישט גענוגנדע

באַוויזן. די באַפרייטע האָבן אָנגעגעבן אַ ביטע קיין ווארשע און געבעטן מען זאָל זיי איננאַנצן ריינוואַשן פון וועלכן עס איז חשד.

„צו זייער אומגליק, האָט זיך גראָד דעמאָלט פאַרשפּרייט אַ כוואַליע פון עלילת-דם. אין דער שכנותדיקער וואָלאָדאַווע און אין גראָדנע האָט מען אויך אויסגעטראַכט בלוט-בלבולים אויף יידן (אין גראָדנע איז אויך געווען פאַרמישט דערין אַ משומד, מ. ע.).

„דער הויפּט-פאַרשטייער פון דער פּוילישער אויטאָנאָמער רעגירונג, האָט פאַראָרדנט אַ נייע אויספאָרשונג. לויט אַ באַפעל פון דער צענטראַלער מאַכט, האָבן אַלע באַפרייטע יידן צוזאַמען מיט וועלוול מסור זיך געדאַרפט שטעלן פאַר אַ נייער אויספאָרשונג אין ביאַלע (נעבן מעזריטש, מ. ע.). דאָס איז געווען אין יאָר 1819, דריי יאָר נאָכדעם ווי מען האָט זיי געהאַט באַפרייט.

„וועלוול מסור, האָט פאַר די אויספאָרש-קאָמיסיע איבערגעחזרט זיין אַלטע איסגעטראַכטע מעשה און האָט דערביי צוגעגעבן אַ שפּאָגל נייעם ליגן, נעמלעך, אַז בנימין האָט אין יום-כפּור (פון נאָכן כלומרשטן מאָרד, מ. ע.) זיך מודה געווען אין דעם מאָרד און געבעטן מחילה אויף זיינע זינד. די באַשולדיקטע האָבן דאָס אַלץ אַנטשיידן געלייקנט און מיט פאַראַכטונג געשפּיגן אין מסורס פּנים אַריין, פאַר די אויגן פון די אויספאָרשער. דער פאַרהער האָט זיך דערמיט געענדיקט און מען האָט די יידן געהייסן אַהיימפאָרן.

„עס זיינען אַפּגעלאָפן בלויז צוויי חדשים, ווען פון ווארשע איז אָנגעקומען אַ נייער באַפעל, וועלכער האָט געהייסן די יידן ארעסטירן אַ צווייט מאָל און זיי אַפּפירן מיטן עטאַפּ קיין כענטשין און זיי פאַרשפּאַרן אין דער דאָרטיקער פעסטונג.

„אינצווישנצייט האָט זיך די צאָל פון די אָריגינעל ארעסטירטע פאַרקלענערט. ישראל בעקערמאַן, דער נאמן פון דער קהילה, גרשון פּטאַשניק און דער שטאָט-משרת יאָסקע, זיינען אין משך פון דער צייט געשטאָרבן. די איבערגעבליבענע ביים לעבן, זיינען אַלע אַ צווייט מאָל ארעסטירט געוואָרן און אונטער אַ שטרענגער וואַך, זיינען זיי געבראַכט געוואָרן קיין לובלין, ווו מען האָט זיי צייטווייליק איינגעזעצט, ביז מען וועט זיי פירן ווייטער קיין כענטשין.

„די נייעס וועגן די אַרעסטירטע מעזריטשער יידן איז שנעל געוואָרן באַקאַנט אין לובלין. אָבער די לובלינער קהילה און די דאָרטיקע יידן האָבן נישט אונטערגענומען די מינדסטע שריט לטובת די ארעסטירטע און האָבן זיך אפילו נישט געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די ארעסטירטע. ווי עס שיינט, האָבן די לובלינער יידן מורא געהאַט, מען זאָל זיי נישט אויך אריינשלעפּן אין דעם עלילת-דם. עס איז געווען בלויז איין אויסנאַם: דאָס איז געווען דער גוט-באַקאַנטער לובלינער מגיד, ר' יעקב-בעריש היילפּערין, (אַ ברודער פון דעם מינסקער רב און איינער פון די שאַרפסטע קעגנער פון די חסידים, מ. ע.). ער, איינער אַליין, האָט זיך נישט דערשראָקן און געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, צו העלפן די

אומגליקלעכע מעזריטשער יידן. ער האָט אַזוי פיל פאַראַרבעט, אַז די אויפזעער פון דער תפיסה, האָבן דעם מגיד אַרעסטירט און אים פאַרשפּאַרט אין דער זעל־בער קאַמער, ווו עס זיינען געזעסן די מעזריטשער יידן. כאָטש די אַרעסטירטע האָבן געהאַט עגמת־נפש, אַז צוליב זיי איז דער מגיד געוואָרן אַרעסטירט, האָבן זיי זיך דאָך געפרייט מיט אים, ווייל זיי האָבן פשוט אויפגעלעבט אין זיין אַנ־וועזנהייט. ר׳ בעריש האָט זיך געמאַכט היימיש מיט די מעזריטשער יידן אין זיין תפיסה־קאַמער און טאָג און נאַכט פאַרבראַכט מיט די יידן אין פאַרשידענע גע־שפּרעכן; זיי געטרייסט און אין זיי אַריינגעגעבן בטחון און מיט זיי געלערנט אַ שיעור גמרא און דווקא אויפן קול. די תפיסה־באַאַמטע, וועלכע האָבן ר׳ בערישן איינגעזעצט, האָבן איצט חרטה־געהאַט אויף זייער איבערגעאיילטן שריט. זיי האָבן איינפאַך נישט געקענט איינשלאָפן צוליב זיין לערנען און זיינע תפילות און זיי האָבן אים דעריבער באַפרייט.

„פון לובלין, האָט מען זיי ענדלעך אָפּגעפירט קיין כענטשין און דאָרט האָט מען די מעזריטשער יידן פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג. זיי זיינען איצט שוין געווען בלויז 8 אין צאָל, היינו: פרץ אָפּענשטיין מיט זיין פרוי רחל, זעליג באָרנ־שטיין, זישע אייזענבערג און זיין פרוי סערקע, בנימין סאַלטעצער מיט זיין פרוי און זייער יידישע דינסט.

„אין כענטשין, האָט מען די אַרעסטירטע ווידער אַמאָל גענומען אויף אַ פאַרהער. פרץ אָפּענשטיין איז געווען זייער בעל־דברן און ער האָט זאַכלעך גע־ענטפערט אויף אַלע פראַגן, וואָס די אויספאָרשער האָבן געשטעלט. ער האָט אויפ־געוויזן די לעכערלעכקייט פון דער באַשולדיקונג און אויפגעדעקט די סתירות וואָס זי אַנטהאַלט.

„ער האָט געטענהט: אויב ס׳איז אמת, אַז יידן באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט פאַר מצות און זאָלן האָבן צוליב דעם געהרגעט דאָס קריסטלעכע מיידעלע, טאָ ווי־זשע קומט עס, וואָס דער כלומרשטער מאָרד־אַקט זאָל האָבן פאַרגעקומען, לויט וועלוולס דערקלערונג, נאָכן סדר? דעמאָלט זיינען דאָך די מצות שוין פון לאַנג געבאַקן! אויך בנוגע די דערקלערונג פון דעם דאָקטער, אַז ער האָט כלומרשט געפונען סימנים אַרום די אויגן (פון טויטן מיידעלע. (מ. ע.), האָט אָפּענשטיין געהאַט וואָס אויסצוזעצן. דער דאָקטאָר — האָט ער געטענהט — האָט פשוט מורא געהאַט פאַר זיין פויערישער קליענטעלע. וואָלט ער אָפּגעוואָרפן די באַ־שולדיקונג פון די פויערים, וואָלט אים געדראָט מיט אַ באָיקאָט מצד די פויערים; אַזוי, לכל־הפחות, איז זיין מיינונג. אָפּענשטיין האָט אויך דערקלערט, אַז די גאַנצע נאַכט פון דעם ערשטן סדר, איז יעדער איינער געווען אין זיין היים און עס קען לחלוטין נישט זיין קיין רייד פון צוזאַמענקומען זיך ביי אים אין הויז.

„אין מיטן פון דער אויספאָרשונג, איז דער שוין גוט־באַקאַנטער לובלינער מגיד, דערשינען אין כענטשין, כדי צו זיין נאָענט צו די מעזריטשער יידן. די אויספאָרשער האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט חשד און אויף זייער באַפעל,

האָט מען אויך דעם מגיד פאַרשפּאַרט אין דער כענטשינער פעסטונג און געהאַלטן צוזאַמען מיט די מעזריטשער. פון דעמאָלט אָן, האָט זיך דער מגיד באַטייליקט אין דער אויספאַרשונג און פאַרבראַכט מיט די מעזריטשער יידן די גאַנצע צייט *).

„ווידער אַמאָל האָט מען געשריבן לאַנגע פּראָטאָקאָלן און זיי אָפּגעשיקט קיין וואַרשע. אינצווישנצייט האָט די מעזריטשער קהילה אונטערגענומען שריט לטובת די אַרעסטירטע. צוויי שליחים זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו מאָביליזירן הילף; איינער פון זיי, ישראל לייב לינדער, איז געפאָרן קיין אויסלאַנד, דאַרונטער קיין לאָנדאָן, און ער האָט זיך אויך דערשלאָגן צום פראַנקפורטער ראָטשילד. מ'האָט דערנאָך געזאָגט, אַז ראָטשילד האָט געשריבן אַ בריוו צום צאַר, אַלעקסאַנדער דער ערשטער, וועגן דעם דאָזיקן ענין און אויף זיין ביטע האָט מען די יידן באַפרייט.

---

*) אין ספר „כתר כהונה", דף קכ"ד (אָדעס תרכ"ז), ווערט דערציילט פאָלגענדעס וועגן דעם מגיד ר' דובעריש הייליפּערין שווערדשאַרף — אונדזער גוט־באַקאַנטער מגיד, וואָס האָט אַזוי פיל זיך אָפּגעגעבן מיט די מעזריטשער יידן, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין דער כענטשינער פעסטונג (אגב, דער „כתר כהונה" ברענגט, אַז אויסער מגיד, איז ער אויך געווען ראב"ד פון לובלין):

„כדי צו וויסן דעם כאַראַקטער פון דעם מגיד, מוזן מיר דערמאָנען בלויז אַ טייל פון זיינע פירעכצן: ער האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין געשאַנק פון קיינעם. ער האָט אויך נישט גענומען קיין פּסק־געלט אָדער רח"ש (די ראשי־תיבות פון רח"ש מאכן: רב, חזן, שמש; דאָס הייסט די געלטער צו וועלכע דער רב, דער חזן אָדער שמש זיינען באַרעכטיקט, ווי חתונה־געלט וכדומה — פלעגט ער אויך נישט נעמען) און ער פלעגט זיך צופרידנשטעלן מיט די 8 זלאָטיס, וואָס קהל האָט אים געצאָלט; ער פלעגט האַנדלען מיט אַלטע מעבל און ווען ער פלעגט אויפקויפן אַ שטיק מעבל, פלעגט ער עס אַליין טראָגן אויף זיינע אַקסלען אַהיים; די טרעגער פלעגן אומזיסט זיך בעטן ביי אים, ער זאָל זיי געבן דאָס שטיק מעבל צו טראָגן אַהיים; ער האָט נישט געוואָלט אַז עמעצער זאָל אים באַדינען אָן שכר־טירחה; ער האָט געלעבט זייער אָרעם און ער פלעגט טראָגן אַ שוואַרצע דיקע קאַפּאָטע געמאַכט פון פלאַקס; ווען ער האָט געהאַלטן אַ דרשה, פלעגט ער אַליין אויסרופן אין די גאַסן און בעטן מען זאָל אים קומען הערן.

„איינמאָל האָבן די קאַטאָליקן אויסגעטראַכט אַ בלוט־בילבול אויף די יידן פון שעלישטש און מען האָט זיי אונגעזעצט אין דער זאַמאָשטשער פעסטונג; ווען דער לובלינער מגיד האָט געזען, אַז קיינער קימערט זיך נישט וועגן דעם, איז ער אוועק צום ריכטער פון זאַמאָשטש און דערקלערט, אַז ער איז אויך איינער פון די שולדיקע און מען האָט אים אויך איינגעזעצט אין תפיסה און ער האָט נישט געוואָלט אַרויס פון דער תפיסה אַ גאַנץ יאָר, ביז די תושבים פון לובלין האָבן זיך באַמיט, צו באַווייזן די אומשולד פון די באַשולדיקטע און ער איז צוזאַמען מיט זיי אַרויס פון דער תפיסה."

עס איז נישט איבעריק צוצוגעבן, אַז דעם מחבר איז, ווייזט אויס, נישט געווען גענוי באַהאַונט אין די פאַקטן; נישט די מעשה האָט פּאַסירט אין שעדלעץ (שעלישטש), נאָר אין מעזריטש; נישט די אַרעסטירטע יידן זיינען געזעסן אין זאַמאָשטש, נאָר אין כענטשין.

ס'איז אָבער אינטערעסאַנט צו ברענגען זיינע פאַקטן, וועגן דער מערקווערדיקער פּערזענלעכקייט פון דעם לובלינער מגיד.

„אין א צייט ארום, איז קיין מעזריטש ארֹאפּגעקומען א נייע קאָמיסיע; זי האָט זיך באַמיט אויפן אָרט אויסצופאָרשן דעם ענין און קאָנטראָלירן וועלוולס עדות. אויפן באַפעל פון אַט דער קאָמיסיע, האָט מען פאַרמאַכט די לאָדנס און מען האָט אָנגעצינדן ליכט אין אָפּענשטיינס הויז און די צאָל מענטשן, וועלכע האָבן — לויט וועלוולס עדות־זאָגן — דעמאָלט געווען ביי אָפּענשטיינען, האָט מען אויסגעשטעלט אויף די זעלבע פּלעצער, ווו די באַשולדיקטע זיינען כלומרשט געשטאַנען. די אויספאָרשער האָבן, נאָכדעם זיך געשטעלט הינטער דעם פאַר־לאָדנטן פענצטער, ווי וועלוול האָט עס געזאָלט טאָן אין יענער פסח־נאַכט, און האָבן געפּרוּווט אַריינקוקן: אָבער, זיי האָבן אבסאָלוט גאָרנישט געקענט זען. אָט די פּראַקטישע דערפאַרונג, האָט מיט איינמאָל צונישט געמאַכט וועלוולס עדות־דערקלערונג. דער גאַנצער בנין פון דער באַשולדיקונג, איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן ווי א קאָרטן־שטיבל.

„נאָך 20 חדשים פון שמאַכטן אין תפיסה, האָט מען די מעזריטשער יידן, ענדלעך באַפרייט און ריינגעוואַשן פון יעדער שולד.

„סוף גנב לתליה. סוף־כל־סוף האָבן וועלוול מיט זיין שייקע טייער באַצאָלט פאַר זייערע שיינע מעשים. אין א קורצער צייט ארום, זיינען זיי געכאַפּט גע־וואָרן, פאַר מאַכן אַן איבערפאַל אויף א פויער. זייער שולד איז באַוויזן געוואָרן און מען האָט זיי פאַרמשפּט אויף קאַטאָרזשנע אַרבעט, אין דער זאַמאָשטשער פעסטונג. דאָרט האָבן זיי געאַרבעט אין א מינע און אין יאָר תקפ"ה, איז געשען מיט זיי אַן אומגליק; זיי זיינען לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן געוואָרן און זיי זיינען אומגעקומען. ווען די בשורה פון זייער טויט איז אָנגעקומען קיין מעזריטש, איז דער טאָג געוואָרן פאַרוואַנדלט אין א שמחה".

אין שפּירא פאַרענדיקט די פּאַטעטישע געשיכטע און דערציילט אונדז:

„אין דעם טאָג האָבן אַלע חדר־יינגלעך זיך פאַרזאַמלט אין שול און כלי־זמרים האָבן געשפּילט פאַר זיי און זיי האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען פאַר גרויס שמחה; פון די דאָזיקע קינדער זיינען נאָך אייניקע ביים לעבן און געדענקען זייער גוט די גרויסע שמחה. ווי עס שטייט אין פּסוק: באבוד רשעים רנה — כן יאבדו כל צוררינו בארץ".

שפּירא האָט די באַשרייבונג געענדיקט — יום ו', ה' תשרי תרנ"ד.

צווישן פּרץ אָפּענשטיינס כתבים האָט מען געפינען פאָלגנדע פאַרצייכעניש, וועלכע מיר גיבן דאָ איבער אין דער יידישער איבערזעצונג:

„אין שמחת־תורה אין דעם יאָר תקע"ו (1815, מ. ע.) זיינען מיר, מעזרי־טשער, אַרעסטירט געוואָרן דורך דעם סענדזשי (ריכטער) בולעווסקי פון לובלין. אין דער שפּיץ, מיך פּרץ און מיין ווייב רחל זאָל לעבן, צוליב א בלבול וואָס וועלוול ימח שמו האָט געמאַכט, אַז יידן באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט פאַר פסח. דער מסור ימח שמו האָט געזאָגט, אַז אין מיין הויז איז געשאָכטן געוואָרן

אַ קריסטלעך מיידעלע פון דעם דאָרף כאָלטעץ. זעקס חדשים זיינען מיר געזעסן דאַ־הי, אין מעזריטש און 21 חדשים אין דעם קרימינאַל פון כענטשין (די צייט שליסט איין, הפּניב, די צייט וואָס האָט געדויערט ביז זיי זיינען אָנגעקומען מיט דעם עטאַפּ קיין כענטשין, מ. ע.). און דער אויבערשטער אין זיינע גרויסע רחמים האָט אַרויסגעצויגן אונדזער משפּט אויף דער ליכט און מיר זיינען באַפרייט געוואָרן. דער מסור ימח־שמו איז געשטאָרבן אין זאַמאָשטשער פעסטונג, ער און זיין משפּחה צוליב די זינד פון גניבות און גזילות".

## די אַרעסטירטע אין מעזריטש

איך נפתּלי פּרץ (און מיין ווייב);
ר' זעליג;
ר' י. וואַקערמאַן (אָדער בעקערמאַן);
ר' יוסקע משרת;
ר' גרשון פּטאַשניק;
ר' זושא און זיין ווייב פּערקע;
ר' בנימין — זיין ברודער — און זיין ווייב און זייער דינסט.

## די אַרעסטירטע אין כענטשין

איך נפתּלי פּרץ און מיין ווייב רחל;
ר' זעליג בר' צבי;
ר' זושא און זיין ווייב פּערקע;
זיין ברודער בנימין און ווייב מיט זייער דינסט.

ווי געזאָגט, זיינען אינצווישנצייט געשטאָרבן ר' ישראל בעקערמאַן, ר' גרשון פּטאַשניק און ר' יאָסקע משרת.

פון זעלבן פּרץ אָפּעניטשיין איז פאַרבליבן נאָך אַ פאַרצייכעניש מיט אַ געענדערטן נוסח:

„צום אָנדענק פון דעם עלילת־דם, וואָס וועלוול ימח־שמו האָט געמאַכט אין יאָר תקע"ו דאַ־הי אין מעזריטש אויף מיר און מיין ווייב פּעסע (אפשר האָט זי געהאַט צוויי נעמען, מ. ע.) און אויף נאָך מענטשן פון אונדזער שטאָט און מיר זיינען געזעסן ביז ערב פּסח. נאָך עטלעכע יאָר זיינען מיר ווידעראַמאָל געזעסן אין כענטשינער קרימינאַל 8 חדשים (מעגלעך, אַז דער עטאַפּ און דאָס זיצן אין לובלין, ביז מען האָט זיי געבראַכט קיין כענטשין האָט געדויערט גאַנצע דריי חדשים, מ. ע.) און גאָט אין זיין רחמנות האָט ליכטיק געמאַכט די אויגן פון קייסער ירום הודו און די אויגן פון די ריכטער צו זען, אַז יידן נוצן נישט קיין קריסטלעך בלוט אויף פּסח, ווי עס איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן אין תורת משה: „איר זאָלט נישט עסן קיין בלוט, יעטוועדעס בלוט זאָלט איר נישט עסן".

עד כאן דערציילט שפּירא די טרויעריקע געשיכטע פון דעם עלילת־דם. ער דערציילט אויך, אַז מען האָט אויך אַרעסטירט די יידישע דינסט פון ר' זעליג באַרנשטיין. זי איז שטאַרק געפּייניקט געוואָרן און איז געשטאָרבן פון די עינויים אין שבת חנוכה תקפ"א. די אַרעסטירטע, וועלכע זיינען געווען פאַרמעגלעכע יידן, לרוב, ווי ר' פּרץ וועלכער האָט געשיקט האָלץ קיין דאַנציג, ר' זעליג באַרנשטיין

און ר׳ זישע, וועלכע האָבן געהאַט אכסניות און שענקן — זיינען געשטיצט גע־וואָרן סיי פון שטאָט און סיי פון די געלטער, וואָס די צוויי שליחים האָבן גע־בראַכט צו פירן. אגב, ר׳ ישראל לינדער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן קיין אויס־לאַנד און אָנגעשפּאַרט ביים פראַנקפורטער ראָטשילד איז אויך געווען אין די זעלבע אינטערעסן אין לאָנדאָן. אין דעם פּנקס פון מעזריטש, איז דערמאָנט גע־וואָרן דער עלילת־דם־אומדירעקט. עס ווערט בלויז דערמאָנט: „200 גילדן עבור אכילת השבויים בק״ק לובלין — אויף עסן פאַר די געפאַנגענע אין לובלין״.

פּראָפעסאָר דובנאָוו באַמערקט, אַז דער דעמאָלטדיקער קורס פון דער רוסי־שער רעגירונג, האָט זיך געשטיצט אויף מיניסטער גאַליצינס שטאַנדפּונקט, אַז יידן באַנוצן זיך נישט מיט קיין בלוט פאַר פּסח. דעריבער מוז יעדער בלוט־בלבול באַטראַכט ווערן ווי אַ געוויינטלעכע מאָרד־קלאַגע און בלויז אַלס אַזעלכע גע־משפּט ווערן. פּוילן איז אָבער געווען אויטאָנאָם אין אירע אינערלעכע ענינים און גאַליצינס אוקאַז, איז לכתחילה נישט חל־געווען אויף פּוילן, ווו די אַנטיסעמיטן האָבן פריי געשאַלטעוועט. אָבער, אונטער דעם דרוק פון דעם רוסישן נאַמיעסט־ניק אין וואַרשע, וועלכע האָט געפירט אַן אַנטי־פּוילישע פּאָליטיק, האָט מען דעם אוקאַז אויך אויסגעברייטערט אויף פּוילן. אַ דאַנק דעם, האָט מען ענדלעך גע־מאַכט אַ סוף צו די בלוט־בלבולים, וואָס האָבן זיך אַ גאַס־געטאָן ווי אַ כוואַליע איבער די פּוילישע שטעט — ווי מעזריטש, וולאָדאַווע און גראָדנע.

# מעזריטש אונטער דער רוסישער הערשאפט

אין 1789 האָט זיך פאַרענדיקט אַ רייך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום. די אויטאָנאָמיע פון דעם יידישן ישוב אין דעם אַמאָליקן פּוילן, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, איז מיט דעם דאַטום בטל־געוואָרן. ס'איז בלויז פאַרבליבן די רעדוצירטע אויטאָנאָמיע פון יעדער קהילה באַזונדער. אָבער, אַפילו די באַגרענעצטע אויטאָנאָמיע, האָט נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום. דער סוף פון דער פּוילישער מלוכה, איז שוין געווען אָנגעהחתמעט. אין 1794, איז פּוילן צעטיילט געוואָרן צום דריטן מאָל. אירע שכנים — רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן, האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער לעצטער ירושה פון דער אַמאָליקער גרויסער פּוילישער מלוכה.

צוזאַמען מיט דעם אונטערגאַנג פון פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט, איז אויך געקומען אַ גרינטלעכע ענדערונג אין דעם יידישן לעבן. דער גרעסטער טייל פון פּוילישן יידנטום, איז אַריבער צו די דריי אָקופּאַנטישע מאַכטן, געוואָרן אונטער־געוואָרפן די געזעצן פון יענע לענדער און אַראָפּגעני דערט צום סטאַטוס פון יענע יידן. פון דער גרויסער פּוילישער מלוכה, איז בלויז געבליבן אַ קליינער טייל, וועלכער האָט כלומרשט געגאָסן פון מלוכהשער אויטאָנאָמיע אין זיין אינערלע־כער סטרוקטור, אָבער די אמתע בעלי־בתים זיינען געווען די פרעמדע מאַכטן. צומערשט איז דאָס דאָזיקע פּוילן, אַלס „וואַרשעווער פירשטנטום", געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דייטשלאַנד; נאָכדעם, ווען נאַפּאָלעאָן האָט באַהערשט אייראָפּע, איז פּוילן טעריטאָריעל געוואָרן שטאַרק פאַרגרעסערט מיט דעם צוגאָב פון ראַדייטנדיקע געגנטן פון גאַליציע, גרויס־פּוילן א. א. און איז געשטעלט געוואָרן אונטער נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט און פּראָטעקציע. נאָך זיין מפּלה, האָט דער ווינער קאָנגרעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין 1815, באַשטימט, אַז פּוילן זאָל צוריק געניסן פון מלוכהשער אויטאָנאָמיע און טראָגן דעם נאָמען פון אַ פּויליש קעניגרייך; אָבער, איר מלך זאָל זיין דער רוסישער צאַר, אַלעקסאַנדער דער ערש־טער (און פאַרשטייט זיך: און זיינע נאָכפאָלגער) אין רוסלאַנד זאָל זיין איר באַ־שיצערן.

די יידן־פראַגע אין פּוילן, וואָס איז פאַרשאַרפט געוואָרן זינט עס איז בטל־געוואָרן דער ועד ארבע ארצות, איז אין דער איבערגאַנגס־צייט געוואָרן נאָכמער

פּאַרישפּיצט. דאָס פּוילישע פאָלק איז געווען דורכגעפּרעסן מיט אַנטיסעמיטיזם און זיינע פירער האָבן אין דער דאָזיקער שווערער צייט פאַר פּוילן, גאָרנישט געלערנט. אַנשטאָט צו דערנענטערן די יידן און צוזאַמען מיט זיי שמידן די צוקונפט פון פּוילן, האָבן די פּאָלאַקן געזוכט תחבולות און גזירות ווי אַזוי נאָכמער זיי אונטערצודריקן.

אפילו די ליבעראַלע עלעמענטן, וועלכע האָבן אין משך פון די אַלע יאָרן פון דעם קריזיס, זיך באַמיט צו פאַרגרינגערן דעם יאָך פון די יידן, צו לינדערן זייער נויט דורך רעפאָרמען — און דאָס האָט זיי זיך נישט איינגעגעבן צוליב דער אַנטי־יידישער שטעלונג פון דער מערהייט פון דעם אַדלשטאַנד און די פירער פון דעם פּוילישן פאָלק — האָבן אויך נישט תופס געווען די אייגנטלעכע פּראָבלעמאַטיק פון דעם יידישן פאָלק. זיי האָבן געזען זייער לייזונג דורך אַסימילירן די יידישע מאַסן. באַפרייען זיי פון זייער ספּעציפישער לאַגע, מיטן באַפרייען זיי פון זייער יידישקייט.

אין יענער צייט, זיינען אַנטשטאַנען די צוויי קעגנגעזעצטע באַוועגונגען אין יידנטום: די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט געזוכט צו פאַרוועלטלעכן דאָס יידנטום (די באַוועגונג איז אויך נישט געווען „מעור אחד", קיין איינהייטלעכע. אין דייטשלאַנד האָט זי געהאַט בפירושע טענדענצן צו אַסימילאַציע און האָט אַלס קאָנסעקווענץ געפירט צו שמד און צו זעלבסט־פאַרניכטונג. בעת אין גאַליציע האָט די השכלה־באַוועגונג אונטער דער פירונג פון ר' נחמן קראָכמאַל, ר' שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (שי"ר) א. א. געפירט צו נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און יידישרענעסאַנס); און די צווייטע באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער זעלבער צייט און האָט זיך ווי אַ לאַווע אַ צעגאָס־געטון איבער דער יידישער גאַס — די חסידישע באַוועגונג, אויסגעפורעמט און געשאַפן פון ר' ישראל בעל שם טוב.

ביידע באַוועגונגען, האָבן געפונען אין פּוילן זייערע אָנהענגער. די השכלה־איינפלוס האָט זיך צומערסטן געמערקט צווישן די רייכע שיכטן. די מערהייט פון אָט די יידן האָבן געשטרעבט אַדורכצוזעצן אין פּוילן דעם זעלבן געזעץ, וואָס איז געווען דאַן איינגעפירט אין פראַנקרייך, וועלכער האָט געזאָלט אָנערקענען נאָך 10 יאָר, די יידן בירגער־רעכט, בתנאי, אויב זיי וועלן מיט דער צייט קענען באַווייזן זייער פאַרוועלטלעכונג. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט מען, לאָגישערווייזע, געדאַרפט דערגיין צו „עמאַנציפּירן" די יידן פון זייער יידישקייט. אין די זעלבע השכלה־קרייזן, האָט מען די דייטשע השכלה־באַוועגונג געשמעלט אַלס ביישפּיל, אירע אידעאַלן זיינען געוואָרן זייערע אידעאַלן. עס זיינען אויך געווען מעסיקע משכילים, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענטער צו דער גאַליציאַנער השכלה־שולע.

אָט די רייכע יידן, גרויסע פּאָדריאַטשיקעס, באַנקירן און סוחרים — האָבן מיט אַלע כוחות געאַרבעט פאַר עמאַנציפּאַציע — מעג עס אפילו זיין אויפן השבון פון יידישקייט און יידישע אידעאַלן. זיי האָבן אין דער ערשטער ריי געהאַט

אין זינען זיך זעלבסט, זייענדיק אויסן זייער אייגענע עמאַנציפּאַציע. אָט די יידן האָבן נישט געדרוט און זיך משתדל געווען ביי די פּוילישע מאַכטהאָבער, אויף איינצופירן אויך אין פּוילן די עמאַנציפּאַציע לויטן פראַנצויזישן מאָדעל, וואָס איז געווען באַזירט אויף וועלטלעכע בילדונג און אַסימילאַציע.

אָט די משכילים, האָבן נישט געקוקט מיט קיין איבעריקער סימפּאַטיע אויף דער עקזיסטירנדיקער אויטאָנאָמיע פון די קהילות, וואָס האָט געגעבן די אָרטאָדאָקסישע פירער די לעגאַלע באַזע איסצואיבן אַן איינפלוס אויפן רעליגיעזן לעבן פון דער קהילה און דורך איר אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט, קאָנטראָלירן די יחידים. ממילא דיק, איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין איינמאָנען דעם שטייער פון כשר פלייש און אַנדערע אַטריבוטן, וואָס די קהילה האָט געהאַט לגבי אירע מיטגלידער.

די אַסימילאַציע־שטרעבנדיקע יידן, האָבן אַפילו אין דער רעדוצירטער אויטאָנאָמיע געזען אַ שטער פאַר דער דערגרייכונג פון זייערע צילן און זיי האָבן אונטערגענומען אַ קאַמף פאַר דער אויפלייזונג פון די קהילות, בהסכם מיט זייערע אידייען. אָנשטאָט צו קעמפן פאַר דער אויסברייטערונג פון דער אויטאָנאָמיע, וואָס וואָלט געווען אין גייסט פון נאַציאָנאַלער אַספּיראַציע, האָבן זיי זיך באַמיט, אויפצולייזן אַלץ וואָס ס'איז נאָך פאַרבליבן פון דער יידישער אויטאָנאָמער סטרוקטור. אין קאָנקרעט: זייער קאַמף איז נישט געפירט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלער ריכטונג, וואָס מיינט די דערגרייכונג פון אַ מער עפעקטיווע אויטאָנאָמיע, וואָס זאָל באַגינסטיקן די רעכטן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. זיי האָבן גאָר געשטרעבט אויפצולייזן אַלץ וואָס ס'איז אָרגאַניש אין יידישן לעבן און בלויז איבערלאָזן אַ מעגלעכקייט פאַר די רעליגיעזע יידן אָנצוהאַלטן זייערע טראַדיציאָנעלע פאָרמען און נישט מער.

דער קאַמף פון די משכילים אין דער ריכטונג, איז געוואָרן נאָך פאַרביסענער, זעענדיק דעם גרויסן אימפּעט, וואָס ס'האָט אָנגענומען די חסידישע באַוועגונג אין פּוילן. כאָטש דער חסידיזם האָט דערגרייכט קיין פּוילן כמעט פון סאַמע בראשית פון זיין אַנטשטיין, האָט ער דאָרט נישט אָנגענומען דעם ברייטן פאַרנעם, ווי ער האָט דאָס באַוויזן אין אוקראַינע, רייסן און גאַליציע. אין יענע געביטן האָט די חסידישע באַוועגונג פון תחילת־אָן באַקומען גרויסע מאַסן אָנהענגער; בעת אין פּוילן, איז די חסידישע באַוועגונג פון אָנפאַנג געווען אַ יחידייִשע. ערשט אויפן שוועל פון 19טן יאָרהונדערט האָט די באַוועגונג זיך גענומען אויסברייטערן אויך אין פּוילן און זי האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע מאַסן מיט אַ גוואַלטיקער סטיכיע. די משכילים פון ביידע לאַגערן, האָבן דעריבער דאַן זיך אַרומגעקוקט, אַז דער חסידיזם איז די גרעסטע שטערונג פאַר דער דורכזעצונג פון זייערע אידעאַלן.

און נישט בלויז די משכילים, אויך די מתנגדים, אָנגעפירט פון זייערע רבנים און חשובע בעלי־בתים, האָבן מורא־באַקומען פאַר דער חסידישער באַוועגונג. די רדיפות און חרמות קעגן די חסידים, האָבן וויינִיק געהאָלפן אין זיי האָבן דעריבער

געזוכט מער ווירקזאַמערע מיטלען; האָבן זיי געשלאָסן יד־אחת מיט די וואַרשעװער און אַנדערע משכילים. אוודאי זיינען די שותפים אין גרונט־געדאַנקען נישט געווען אייניק, ווייל יעדער צד האָט געשטרעבט צו דערגרייכן עפּעס אַנדערש. בעת די פרומע מתנגדים זענען אויסן געווען אויפצוהאַלטן דאָס יידישקייט, ווי זיי האָבן עס פאַרשטאַנען, האָבן די משכילים פון זייער זייט, גאָר געוואָלט אינגאַנצן רעפאָרמירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער. נאָר די בשותפותדיקע שנאה צום חסי־דיזם, האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט אונטער איין דאַך.

ווען די פוילישע אויטאָנאָמע רעגירונג אין וואַרשע, האָט באַשטימט, אין 1825, אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר יידישע ענינים, מיטן צוועק צו באַטראַכטן די מיטלען ווי אַזוי צו „ציוויליזירן" די יידן און באַשטימט אַ ספּעציעלע באַראַטונגס־קאַמער "Izba Doradcza" (ניט מיט שטים־רעכט) פון יידן אַליין, וועלכע זאָלן צוגרייטן און דיסקוטירן פאַרשידענע פּראָיעקטן וועגן דעם ענין — זיינען אויך אייניקע אָנפירער פון די מתנגדים צוגעשטאַנען צום קאָמיטעט.

די מיטגלידער פון יענער באַראַטונגס־קאַמער, זענען באַשטאַנען פון מיכאל עטינגער, איזאַק (יצחק) יאַנאַש, שלמה פּױזנער (אַ גרויסער למדן, אַ מעסיקער משכיל און אַ גרויס־אינדוסטריאַל); אַלס פאַרטרעטער זיינען באַשטימט געוואָרן: ר' שלמה אייגער — דעמאָלט וואַרשעווער בעל־הבית און שפּעטער ממלא־מקום פון זיין באַרימטן פאָטער ר' עקיבא אייגער; ר' חיים האַלבערשטאַט און אברהם שטערן (אַ באַרימטער מאַטעמאַטיקער, למדן און מעסיקער משכיל; ער איז געווען דער שווער פון ח. סלאָנימסקי; דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דער „הצפי־רה"). ער האָט זיך שפּעטער אָפּגעקערט פון די „ציוויליזאַטאָרן", ווען ער האָט דערזען זייער אמתן פּרצוף און זייערע ענד־צילן און נישט געוואָלט ווערן דירעק־טאָר פון דעם ערשטן רבנים־סעמינאַר אין פּוילן, וועלכער איז אין דער ווירקלעכ־קייט נישט געווען בעסער ווי אַ מין שמד־סעמינאַר); אַלס פאַרבינדונגס־מענטשן פון דער פּראָווינץ מיט דער קאָמיסיע, זיינען באַשטימט געוואָרן: אברהם בלומענ־טאַל פון דזשיאַלאָשיץ; אַ. מייזל, אַ גוט־באַזיצער אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדס־טווע; יעקב מינץ פון אָסטראָווע (נישט קלאָר וועלכע אָסטראָווע — צי ס'מיינט אָסטראָווע־מאַזאָוויעצק אָדער אָסטראָווע־לובעלסק); הרב שלמה אשכנזי, באַרימ־טער לובלינער רב און רודף פון חסידיזם; חיים ראָזען פון מעזריטש — (אונדזער מעזריטש) און אַנדערע (52).

נישט דער רעגירונגס־קאָמיטעט און נישט דער באַראַטונגס־קאַמער האָבן אַ סך אויפגעטאָן לטובת די יידן. די פּלאַנען, וועלכע האָבן געוואָלט אַז די יידן זאָלן זיך ציוויליזירן (לייען: אַסימילירן) האָבן אויך ווייניק וואָס געקענט העלפן דערצו. עמאַנציפּאַציע, איז אַפילו די פאַרגעשריטענע און אַסימילירטע יידן נישט געגעבן געוואָרן. זיי האָבן בלויז געפּועלט איין זאַך, נעמלעך, אַז אויך דאָס אי־בערבלייבעניש פון דער אַמאָליקער יידישער אויטאָנאָמיע זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. די יידישע קהילות האָבן פאַרלוירן זייער ביז איצטיקע אויטאָנאָמיע.

די געשעעניש[ן] אין פוילן, די פּאָליטישע אויסוויקלונג אין יענער צייט, זיינען געווען אַזעלכע, אַז אפילו די אַזוי־גערופענע פוילישע אויטאָנאָמיע איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן; און כאָטש דער צאַר האָט זיך טיטולירט קעניג פון פוילן, איז דאָס לאַנד פאַר אַלע פּראַקטישע ענינים געווען נישט מער ווי אַ רוסישע פּראָ־ווינץ און איז רעגירט געוואָרן אַלס אַזעלכע.

מיר באַציִען זיך דאָ צו דעם פּעריאָד פון נאָך דעם ערשטן אויפשטאַנד פון יאָר 1830. די רוסישע מאַכט האָט אפילו שוין נישט גערעדט וועגן איר ראָל אַלס באַשיצערן פון דעם זעלבסטשטענדיקן פוילישן קעניגרייך, וועלכע האָט דעם רוסישן צאַר אַלס פּוילישן קעניג. די פּוילישע יידן זיינען געוואָרן אַ דירעקטער טייל פון דער רוסישער אימפּעריע און גענאָסן פון די זעלבע „רעכט" וואָס די רעשט יידן אין רוסלאַנד. דער איינציקער אונטערשיד צווישן די יידן פון דעם כלומרשטן פּוילישן קעניגרייך, וואָס איז באַשטאַנען פון 10 גובערניעס און דעם רוסישן יידנטום, איז געווען אין דעם: בעת אין דער רעשט רוסלאַנד האָט עקזיסטירט די קאָראָבקע, אַ שטייער אויף שחיטה, ליכט א. ד. גל., פון וועלכן קהל האָט זיך אויסגעהאַלטן, איז אין די צען גובערניעס אָנגעגאַנגען דער אַזוי־גערופענער „עטאַט" — מלוכה־שטייער. די קהילה, האָט דורך אירע דאָזאָרעס ארויפגעלייגט אַ שטייער אויף אירע יידן און די מלוכה האָט אים אויפגעמאָנט דורך די מאַגיסטראַטן. פון דעם שטייער, האָט מען געצאָלט די רבנים און מען האָט אויסגעהאַלטן די קהילה. נאַטירלעך, האָט דאָס נישט געסטייעט צו דעקן אַלע קהילה־הצטרכותן. האָבן די דאָזאָרעס אויך גענומען געלט פון די שולן, בתי־מדרשים און אַנדערע אָפיציעלע יידישע אינסטיטוציעס און אַ טייל פון שחיטה־געלט. דער איבל פון דער קאָראָבקע איז אין די 10 פּוילישע גובערניעס, אַ דאַנק דעם, אויסגעמיטן געוואָרן.

די קהילה־רעפּרעזענטאַנץ איז געווען באַגרענעצט צו דריי דאָזאָרעס, דער רב און זיין געהילף. אין ספּעציעל גרויסע קהילות האָט מען דערלויבט אַ גרעסערע צאָל דאָזאָרעס און מער געהילפס־רבנים. די קהילה איז מער נישט געווען די העכערע אינסטיטוציע, וועלכע האָט פאַרוואַלטעט מיט אירע יידן און דער בעל־הבית איבער אַלע קהלישע אינסטיטוציעס. די קהילה האָט אין דער ווירקלעכקייט מער נישט געהאַט קיין רעאַלע מאַכט. אויך די צאָל פון די ווילער צו דער קהילה איז געוואָרן אַ באַגרענעצטע. בלויז די עטאַט־צאָלערס האָבן געהאַט שטים־רעכט. די וואָלן זיינען נישט געווען קיין געהיימע און זיי זיינען פאָרגעקומען אין דער אַנוועזנהייט פון אַ רעגירונגס־פאַרשטייער.

דער זעלבער מצב האָט געהערשט אין מעזריטש, וואָס איז אויסגעטיילט גע־וואָרן פון איר אַמאָליקער שייכות צו דער פּאָדליאַשער גובערניע, וועלכע האָט אייפגעהערט צו עקזיסטירן. מעזריטש איז פריער געווען אַ טייל פון דער שעד־לעצער גובערניע און ווען די שעדלעצער גובערניע איז צעטיילט געוואָרן צווישן

אנדערע גובערניעס, איז מעזריטש געוואָרן אַ טייל פון דער לובלינער גובערניע, וועלכע איז געווען איינע פון די 10 פוילישע גובערניעס.

אין אַלע אַנדערע פּרטים, האָבן די פוילישע יידן, אַזוי גוט ווי די רוסישע, געשמאַכטעט אונטער דעם זעלבן סיסטעם פון רעכטלאָזיקייט און ווילקיר. די פוילישע יידן, וועלכע זיינען געוואָרן „גלייכבארעכטיקט" מיט זייערע רוסישע ברידער, האָבן דאָך עפּעס געוואָסן פון זייער נייעם מצב; די פוילישע יידן זיינען איצט געווען פריי צו לערנען בלערליי פאַכן און ציען פרנסה פון זיי; ווייל דער צעכן־סיסטעם איז אָפּגעשאַפט געוואָרן און די פוילישע צעכן האָבן מער נישט געהאַט די דעה אויף צו קענען שיקאַנירן די פוילישע יידן; עס איז די יידן דער־לויבט געוואָרן צו וווינען אין גאַנץ פוילן, וואָס איז פאַר זיי געווען באַגרענעצט אַפילו אין דער צייט ווען פוילן האָט בלויז געהאַט אינערלעכע אויטאָנאָמיע; דע־מאָלט איז אויך אין וואַרשע געווען אַ יידישע געטאָ, ווייל מען האָט די יידן נישט דערלויבט צו וווינען אין גאַנץ וואַרשע. די פוילישע יידן האָבן פון איצט אָן גע־מעגט עפענען פאַבריקן און האַנדלען אין גאַנץ רוסלאַנד. פאַר דעם פאַראָרעמטן און חרוב־געוואָרענעם פוילישן יידנטום, איז דאָס געווען ממש אַ ישועה. גלייכ־צייטיק דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די רוסישע רעגירונג האָט נישט דערלאָזט צו די אַלע גזירות, וואָס די פוילישע אויטאָנאָמע רעגירונג האָט איינגעפירט, אָדער געוואָלט איינפירן, קעגן די פוילישע דאָרפס־יידן א. אַ. וו.

# מקורים פון פרנסה פון די מעזריטשער יידן

פון די גאר אלטע צייטן, איז מעזריטש געווען א צענטער פון האנדל און אינדוסטריע. ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן אין דעם קאפיטל „מעזריטשער פנקסים", האבן דארט עקזיסטירט פארשידנערליי ווארשטאטן און פאבריקלעך; אבער, פון די אינדוסטריעס וואס ווערן שוין דעמאלט דערמאנט, זיינען בלויז צוויי פון זיי אויסגעוואקסן צו א באדייטנדיקער מדרגה. דאס זיינען געווען די אינדוסטריעס וואס האבן צו טאן מיט גארבעריי און פעלצן פון שעפסענע פעלן. די אנדערע אינדוסטריעס און מלאכות — ווי שניידעריי, שוסטעריי, שמוקלארסטווע, דרעקסלעריי, איינבינדעריי, זאקן־פאבריקאציע, ציצית־שפינעריי, זייפן־זידעריי, ליכט־ציעריי, גלעזעריי, בעקעריי און קעמל־פאבריקאציע — זיינען געווען פאר לאקאלע באדערפענישן און פאר די באדערפענישן פון די סביבות. אן אויסנאם פון זיי, איז געווען די האמארניע (קאטלעריי)־אינדוסטריע. ווי עס שיינט, איז די מעזריטשער אינדוסטריע פון קופערנע קעסלען און כלים, געווען גוט באקאנט אין גאנץ פוילן און איז נישט געווען בלויז פארן לאקאלן געברויך. אז דאס איז אזוי, זעען מיר פון פארשידענע מקורים, יידישע און נישט־יידישע (זע אויך דעם אינצידענט מיט דער יידישער האמארניע בעת דעם קאשטשושקא־אויפשטאנד). די וויכטיקסטע אינדוסטריע וואס האט מעזריטש באאקנט געמאכט אין דער גרויסער וועלט, איז געווען די בערשטער־אינדוסטריע; אבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפעטער.

לויט אלע ווארשיינלעכקייטן, איז מעזריטש אין די אלטע צייטן געווען באקאנט אלס א האנדלס־צענטער פאר דער גאנצער סביבה און אפילו פאר ווייטערע מקומות. די מעזריטשער ירידים פלעגן צוציען סוחרים פון גאר ווייט. (זע אונדזער קאפיטל וועגן די מעזריטשער ירידים). אגב, אן אפטער גאסט אויף דעם ניקאלייער יריד, וואס האט אנגעהאלטן אכט טעג צייט, פלעגט זיין דער בארימטער גאון ר' אהרן בר' מאיר פון בריסק (נפטר געווארן 1777), מחבר פון דעם לומדישן ספר אויף עטלעכע מסכתות: „מנחת אהרן" (נאווידוואר תקנ"ב). ער פלעגט קומען מיט זיין סחורה קיין מעזריטש. אבער אנשטאט אוועקצושטעלן זיך אויפן מארק, פלעגט ער זיך אוועקזעצן אין בית־מדרש לערנען און פארברענגען זיין צייט אין שמועסן וועגן חידושי־תורה מיט די מעזריטשער לומדים. ערשט אין לעצטן טאג

פונעם יריד האָט ער אויסגעפּאַקט זיין סחורה וואָס ער האָט גראָד פּאַרקויפט פאַר גוטע פּרייזן.

מעזריטשער יידן זיינען געווען די צושטעלערס פון א ריי אַרטיקלען פאַר די נאָענטע סביבות און ווייטע געגנטן. איבערהויפּט האָבן זיי צוגעשטעלט וואָלענע שטאָפן, וואָס זיי פלעגן ברענגען פון דייטשלאַנד. עס איז באַקאַנט (זע מאַקס פרוידענטהאַלס בוך: „אוּם געשיכטע אונד לעבען דער יודען אין לייפּציג", לייפּ־ציג), אַז די גרעסטע איינקויפערס פון וואָלענע שטאָפן אויף די לייפּציקער מעסעס, זיינען געווען די יידן פון מזרח־אייראָפּע. די דייטשע אינדוסטריע פון וואָלענע שטאָפן, האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען די פּוילישע יידן אויב זי האָט געהאַט א גוטן אָדער א שלעכטן סעזאָן. פרוידענטהאַל דערציילט, אַז די דאָזיקע יידן פלעגן קומען מיט אָנגעלאָדענע וועגענער סחורה און אוועקפאָרן ווידעראַמאָל מיט פולע וועגע־נער סחורה. זיי פלעגן ברענגען קיין לייפּציק פלאַקס, חלב, וואַקס א. א. אַרטיקלען, איבערהויפּט לעדער און רויכוואַרג (פוטער) און צוריקפאָרן מיט אַנדערע סחורות, הויפּטזעכלעך וואָלענע שטאָפן פאַר די מזרח־אייראָפּעישע מערק.

הפנים, אַז מעזריטש איז געווען איינע פון די צענטערן, וואָס האָבן צוגע־שטעלט אויפן לייפּציקער יריד די אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען (שפּעטער אויך חזיר־האָר), און אירע יידישע סוחרים פלעגן צוריקברענגען פון דייטשלאַנד פאַר־שידנערליי סחורות פאַר דעם פּוילישן מאַרק. די סוחרים פלעגן פאָרן גרופּנווייז, כדי צו קענען זיך שיצן קעגן איבערפאַלן, וואָס פלעגן פאָרקומען גאַנץ אָפט; און פאַר דעם אַרויספאָרן האָבן זיי געלאָזט שרייבן פאַר זייערע פרויען א תנאי־גט. שפּורן וועגן דעם געפינען מיר אין דעם ספר „עטרת צבי" (וואַרשע, תרנ"ו) פון דעם מעזריטשער רב ר' אליעזר חרל"פ. אין א תשובה וואָס דער רב ר' שמואל האַלדהיים פון פראַנקפורט ביים טייך אָדרע, האָט געשריבן צום מעזריטשער רב.

מיר לייענען דאָרט: „אהלה את פני מעכ"ת (מעלת כבוד תורתו) נ"י (נרו יאיר) לכבדני במכתבו ע"י אנשי קהלתו אשר יבואו לסחור את הארץ ביריד פ"פ (פראַנקפורט) — כ'בעט דעם ווירדיקן און דערהויבענעם פון תורה, צו באַערן מיך מיט א בריוו דורך זיינע קהילה־לייט, וועלכע וועלן קומען האַנדלען אויפן יריד אין פראַנקפורט".

די דאָזיקע תשובה איז דאַטירט י"ד אייר תקצ"ח, דאָס הייסט פון מיט 115 יאָר צוריק. ס'איז קלאָר, אַז די מעזריטשער יידן האָבן נישט אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט צו פאָרן אויף די ירידים קיין דייטשלאַנד. אויך צווישן מעזריטשער משפּחות האָבן זיך אויפגעהאַלטן מינדלעכע טעסטימאָניעס וועגן זייערע עלטער־עלטער־זיידעס, וועלכע פלעגן פאָרן צו די לייפּציקער מעסעס און אַנדערע ירידים. אָבער קיין פעסטער באַווייז איז עס דאָך נישט, ווייל אין דער רשימה פון די ערשטע מעסע־פאָרער, האָב איך נישט געפונען קיין מעזריטשער נעמען. עס קען אָבער מעגלעך זיין, אַז די רשימות זיינען נישט קיין פולשטענדיקע.

אפילו אין די שפּעטערע צייטן, ווען די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט זיך אַנ־

געהויבן אַנטוויקלען אין לאָדזש, האָט נאָך מעזריטש געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אַלס די צושטעלערן פון טעקסטיל פאַר פּאָדליאַשע, אַפילו פאַר בריסק, לאָמזשע און אַנדערע שטעט אין מאַזאָוויעצק און גראָדנער גובערניע.

אין די דרייסיקער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט, מער־ווייניקער, האָט מעזריטש אָנגעהויבן בליען אינדוסטריעל און איז געוואָרן די וויכטיקסטע אינ־דוסטריעלע שטאָט אין פּאָדליאַשע און איינע פון צווישן די וויכטיקסטע אינדוס־טריעלע שטעט אין גאַנץ פּוילן מחמת איר חזיר־האָר אינדוסטריע. ביז איצט איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן ווער עס האָט דער דאָזיקער אינדוסטריע געגעבן איר אָנהייב. ס'איז פאַראַן אַ מיינונג ביי מעזריטשער אַלטע תושבים, אַז דעם יסוד פאַר דער דאָזיקער אינדוסטריע האָבן געלייגט משה מיכל בראָמבערג און גדליה בלאַנקשטיין אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, נישט אינגאַנצן עקזאַקט. בלי שום ספק אַז די חזיר־האָר־אינ־דוסטריע האָט עקזיסטירט פון אַ פריערדיקער צייט. אַזוי איז באַקאַנט, אַז משה מיכלס שווער, רייכענבאַך (זע קאַפּיטל „געשיכטע פון ראַד") האָט שוין געהאַט צו טאָן מיט חזיר־האָר, און עס איז אויך נישטאָ קיין ספק, אַז די מעזריטשער יידן וועלכע פלעגן פאָרן קיין לייפּציק האָבן מיט זיך געפירט דעם דאָזיקן אַרטיקל נאָך מיט יאָרן צוריק. וואָס מען קען יאָ זאָגן וועגן די צוויי אויבנדערמאָנטע מעז־ריטשער אינדוסטריאַלן, אַז זיי האָבן די פאַבריקאַציע פון חזיר־האָר שטאַרק אַנט־וויקלט און אָנגעפירט גרויסע וואַרשטאַטן, פאַרהעלטנישמעסיק פאַר יענער צייט, באַשעפטיקנדיק אין זייערע אונטערנעמונגען צענדליקער אַרבעטער. אַזוי האָט בראָמבערגס אַן אייניקל דערציילט דעם שרייבער פון די שורות, אַז זיין זיידע משה מיכל האָט באַשעפטיקט אין זיין וואַרשטאַט 300 אַרבעטער. וועןאַפילו די אָנגעגעבענע צאָל זאָל זיין אַביסל איבערגעטריבן, קען מען אַלץ דערפון זען, אַז די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע, איז שוין דעמאָלט געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע.

מער קאָנקרעטע דאַטן וועגן דער צאָל באַשעפטיקטע יידן אין מלאכה און אינדוסטריע אין מעזריטש, באַקומען מיר פון דעם צענז, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון מעזריטשער קהל אין יאָר תרמ"ח (1888). מיר לייענען וועגן דעם אין „המליץ", דאַטירט י"ב אדר תרמ"ח (2-12-1888) און איז געחתמעט פון יעקב בראָמבערג:

„דאָס איז די צאָל פון אַרבעטער, סוחרים און הענדלער אין אונדזער שטאָט: מענער־שניידער, 50; דאַמען־שניידער, 45; שוסטער, 130; היטל־מאַכער, 15; איינבינדער, 5; גאַרבער (דאָס מיינט ער גאַרבאַרניעס), 5; סטאָליאַרעס און דרעקסלער, 45; קאָוואַלעס, 8; בערשטער, 350; קצבים, 41; פישער 11; גאָלד־שמידן, 5; טאָקאַרניעס, 3 (געוויינטלעך האָבן אין זיי געאַרבעט בלויז די אייגנטי־מער); פאַרבער פון שטאָף און קליידער, 3; מאַלאַרזשעס, 12; רימאַרזשעס, 7; שלאָסער, 4; זייפנזידער און ליכטציער, 4 (אויך דאָ רעדט זיך פון אייגנטימער און

אין דעם פאַל קען מען צוגעבן די שטוב־מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן הן אין דער פאַבריקאַציע און הן ביים פאַרקויף; ווייל, על פי רוב, האָבן די זייפנזידער געהאַט אייגענע געוועלבער); אַליאַרניקעס, 10; מויערער, 30; בוייערער פון הילצערנע הייזער, 45; שינדלמאַכער, 3; באַנדערס, 10; הייזער־טינקער, 11; ברוקאַרישעס, 10; שטיינהאַקער, 20; מצבה־קריצער, 4; וואַזאָוואָדניקעס (בעלי־עגלות וואָס האָבן געפירט בלויז משא), 10; דראָזשקאַרזשעס, 18; טרעגער און וועגעלעפירער, 10; קוימענקערער, 2; שמוקלער, 6; קעמל־מאַכער, 9; גלעזער, 11; כלי־זמרים, 7; בעקער, 60; צוריכטער (דאָס איז געווען אַ ספּעציעלער פאַך, וואָס איז געליגן כמעט אויסשליסלעך אין די הענט פון איין מישפחה. אפשר ווייל דאָס פאַרבן פון פעל איז געווען אַ העכסט־ספּעציאַליזירטער פאַך און די וואָס האָבן די מלאכה געקענט האָבן נישט געוואָלט אויסלערנען פרעמדע דעם פאַך), 10; טינט־מאַכער, 1; סטעלמאַכער, 4; בריוו־טרעגער, 2; טאַרטאַק־אַרבעטער, 40; האָלץ־העקער, 30; וואַסער־פירער, 12; בלעכער, 15; קופּערשמידן, 3; טאָג־אָנגעשטעלטע, 25; דאָרפס־גייער, 25; פרויען וואָס נייען וועש, 30; שייטל־מאַכער, 7; הייבאַמס, 4; בעלי־מלאכה פון פוטער־מאַנטלען, 30; דאָקטוירים און צירולניקעס, 6; באַגרעבער, 2; שמשים, 10; מלמדים, 125; אַדוואָקאַטן און פּראָשעניע־שרייבער אין רוסיש, 5; לערער פון פרעמדע שפּראַכן, 6; סופרים, 5; העברעיִשע לערער, 10; רב און מורי־הוראה, 3; חזנים, 3; שוחטים, 6; אויסשטודירטער דאָקטאָר, 1; סוחרים פון ערשטער גילדע (אַזעלכע האָבן געמעגט וווינען אין גאַנץ רוסלאַנד), 2; פון צווייטער גילדע, 23; פון פאַרשידענע אַנדערע גילדעס, 500; וואַלד־און האָלץ־הענדלער, 15; מעקלער און פאַרמיטלער, 13; שוועבעלעך־פאַבריק (באַשעפטיקט 50 אַרבעטערס — מענער און פרויען), 1; וויין־ און עסיג־מאַכער (אויך דאָ ווערט געמיינט זעלבסטשטענדיקע אונטערנעמונגען. די צאָל באַשעפטיקטע איז דערפאַר געווען פיל מער און זיי זיינען נישט אריין אין דער סטאַטיסטיק, ווייל די העלפערס זיינען ס׳רוב געווען היימישע), 12; ברויז און גוראַלניע, 7; סאָדע־פאַבריק, 1; פאַבריק פאַר פּען־האַלטערס (באַשעפטיקט 60 מענער און פרויען), 1; פאַראָווע (דאַמף)־מילן, 2, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 40 אַרבעטער".

מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די דאָזיקע סטאַטיסטיק רעדט בלויז וועגן יידן. דאָס איז, ווי געזאָגט, געווען דער מצב אין יאָר 1888. שוין דעמאָלט זיינען געווען 350 בערשטער, וואָס איז געווען אַ זייער הויכער פּראָצענט־זאַץ און די גרעסטע אין צאָל אין פאַרגלייך צו אַנדערע בראַנזשעס. מיט דער צייט איז די דאָזיקע אינדוסטריע געשטיגן און די צאָל פון אירע אַרבעטער איז געווען פיל גרעסער, ווי די צאָל פון דער גאַנצער איבעריקער אַרבעטערשאַפט אין שטאָט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין משך פון 5 ביז 8 יאָר האָט זיך די צאָל בערשטער־אַרבעטער אַ הייב געטאָן פון 350 אין 1888, ביז 1.200 אין די יאָרן פון 1893—1897 (זע ס. דובנוו־ערליך, „גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד". קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג קולטור־ליגע, וואַרשע 1937). די דאָזיקע צאָל ווערט נאָכמער בולטער,

ווען מ׳באַטראַכט די אַלגעמיינע צאָל פון בערשטער און בערשטל־מאַכער אין גאַנץ רוסלאַנד, וואָס האָט באַטראָפן נישט מער פון 6.000. מעזריטש, וועלכע איז אפשר געקומען שפּעטער צו דער חזיר־האָר־אינדוסטריע פון אַזעלכע צענטערס פון בערשטעריי ווי מינסק, סוואַלק און אַנדערע שטעט, האָט זיי אַלע איבערגע־שטיגן און איז געוואָרן כמעט דער איינציקער וויכטיקער בערשטער־צענטער מיט וועלכן די אויסלענדישע מערק, וועלכע האָבן געקויפט פּויליש־רוסישע חזיר־האָר, האָבן זיך אויף אַן אמת גערעכנט. די אַנדערע צענטערס זיינען מיט דער צייט כמעט פאַרשוווּנדן. אויסער טרעסטינאַ, וואָס האָט געהאַט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע אינדוסטריע פון חזיר־בערשטעריי (אָבער אומפאַרגלייכבאַר קלענער פון מעזריטש), איז כמעט גאָרנישט געבליבן פון די אַמאָליקע חזיר־האָר־בערשטעריי פון ווילנע און אַנדערע שטעט. נאָך בולטער האָט זיך דאָס באַמערקט אין די שפּעטערע יאָרן, ווען מעזריטש איז געוואָרן דער איינציקער גרויסער צענטער פון חזירהאָר מיט אַ באַשעפטיקטער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט געציילט קרוב צו צוויי טויזנט. (אומדירעקט האָבן נאָך הונדערטער משפּחות געצויגן חיונה פון אָט דער בראַנזשע).

אַ דאַנק דער דאָזיקער אינדוסטריע, האָט זיך אין מעזריטש איינגעשטעלט אַ גאַנץ אַנדערע עקאָנאָמיע ווי אין ס׳רוב אַנדערע אינדוסטריעלע שטעט, און נאָכמער זיך אונטערשיידט עקאָנאָמיש פון די ריין־קאָמערציעלע שטעט.

מחמת דעם וואָס מעזריטש איז דורך איר חזיר־האָר־אינדוסטריע געווען אָפּ־הענגיק פון דער לייפּציקער מעסע (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט מעז־ריטש שוין געהאַנדלט מיט ענגלאַנד א. אַ. וועלט־צענטערס און מער נישט געווען אָפּהענגיק פון לייפּציק), האָט זיך די לאָקאַלע עקאָנאָמישע לאַגע אויך געשטאַל־טעט לויט די אינטערנאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. אויב דער פּדיון אויף דער מעסע איז געווען אַ גוטער, די נאָכפראַגע אויף סחורה אַ גרויסע, איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין מעזריטש געווען אַ גוטע. די אַרבעטער האָבן געאַרבעט און דער פּדיון אין שטאָט איז געווען אַ גוטער; ס׳האָט געלייזט דער שפּייז־קרע־מער, דער קצב, דער שוסטער, דער שניידער און דער שניט־קרעמער און אַלע אַנ־דערע בראַנזשעס. אויב דער סעזאָן איז געווען אַ שלעכטער — האָבן אַלע געליטן, אויסער יענע וואָס זיינען נישט געווען אָפּהענגיק פון דער בערשטער־אינדוסטריע.

אַ צווייטע זאַך מיט וואָס מעזריטש האָט זיך אויסגעטיילט פון ס׳רוב רוסישע און פּוילישע שטעט, איז געווען מיט אירע אַרבעטס־סעזאָנען און אַרבעטסלאָזע חדשים, דאָס וואָס מען רופט אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער „סלעק". די מעזרי־טשער בערשטער אינדוסטריע האָט געהאַט צוויי סעזאָנען — אַ ווינטער־און זומער־סעזאָן, און אַן אַרבעטסלאָזע הפסקה צווישן די סעזאָנען.

אין די יאָרן 1910-12, פלעגט מעזריטש איינעמען אַ פּדיון פון דריי פערטל מיליאָן רובל אַ יאָר, בלויז פון חזיר־האָר אַליין (זע, י. שיפּער „דזשעיע האַנדלו זשידאָווסקיעגאָ נאַ זיעמיאַך פּאָלסקיך", וואַרשע 1937). דאָס איז פאַר יענער צייט געווען אַ גוואַלדיק גרויסער פּדיון. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז אויסער

חזיר־האר האט מעזריטש פארמאגט נאך רייכע בראנזשעס ווי, די שוין דער־מאנטע, רויכווארג־בראנזשע, וועלכע האט אויך געהאנדלט מיט אויסלאנד; לעדער, בפרט יוכטן פון וועלכער מעזריטש איז געווען דער הויפט־צענטער אין פוילן; פויערישע פעלצן (מעזריטשער פאבריקאנטן פלעגן אנשפארן מיט זייערע פעלצן אויף די ווייטסטע ירידים אין רוסלאנד, ווי: ניזשני נאוואגראד א. א.); א חוץ אנדערע קלענערע און גרעסערע אונטערנעמונגען, ווי: געגריוועטע שוסטערייען, די שוועבעלעך־פאבריק, א. א. וו. דעריבער איז דער יערלעכער פדיון פון די מעזריטשער יידן געווען גענוג גרויס און דערפאר איז מעזריטש געווען פון די אויס־נאמלעכע שטעט אין רוסלאנד און שפעטער אין פוילן, מיט איר עקאנאמישער סטרוקטור. דער ספעציעלער מצב האט זיך אויך אפגערופן אויף דעם סאציאלן, קולטורעלן און געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער שטאט. ס'איז א סברא, אז דאס וואס מעזריטש איז געווען בארימט אלס צדקה־שטאט, איז אויך געווען צו פאר־דאנקען איר פראספערירנדיקן האנדל און איר גרויסן פדיון.

אט איז א ביישפיל: אין דעם „המליץ" (1882, נומער 8) לייענען מיר א קאר־רעספאנדענץ פון מעזריטש, געחתמעט מיט די איניציאלן מ. נ. ס. ע.: „דער גייסט פון רחמנות און מיטגעפיל, האט זיך אויפגעוועקט אין די הערצער פון אונדזערע היגע ברידער און זיי האבן אוועקגעשיקט געלט פאר די פליטים פון רוסלאנד, וועלכע געפונען זיך אין בראד (אין דעם יאר האט די רוסישע רעגירונג ארויסגע־טריבן די יידן פון פיל געביטן אויסער דעם תחום־המושב — מ. ע.) ווי אויך 400 רובל פאר די געליטענע פון ווארשעווער פאגראם (דער פאגראם האט בשעת אייפגערודערט די אויסלענדישע פאלאקן, וועלכע האבן געזוכט א פארשטענדי־קונג מיט די יידן — מ. ע.). בעת די גוברניע־שטאט — שעדלעץ האט געשיקט נישט מער ווי 86 רובל און אנדערע שטעט האבן נישט געשיקט אפילו קיין איין קאפיקע. דאנערשטיק, כ"ז שבט האט אונדזער רב (דעמאלט איז געווען רב ר' ישראל־איסר שפירא — מ. ע.), פראקלאמירט א תענית און די שול און בתי־מדרשים זיינען געווען פול. דער רב האט געדרשנט מענינא־דיומא און אלע צוהע־רער האבן א סך געוויינט. דער אויבערשטער זאל זיך דערבארעמען אויף זיין פאלק און עס זאל מער נישט וויסן פון פיין".

די דאזיקע קארעספאנדענץ גיט אונדז, אין א געוויסער מאס, אן אפשפיג־לונג וועגן דער ספעציפישער אייגנארטיקייט פון אונדזער מעזריטש. די האנדלונג פון מעזריטש, ביישטייערנדיק זיך מיט א ברייטער האנט פאר די געליטענע ברידער, אין קאנטראסט צו די אנדערע שטעט, וועלכע האבן מיט גארנישט ביי־געשטייערט און די גוברניע־שטאט — שעדלעץ, וואס איר כוח איז געווען א גענוג מאגערע — איז גאנץ אנזעעוודיק און בולט. מיט וואס זאלן מיר דאס פארענטפערן? לויט ווי איך מיין און ווי כ'האב שוין פריער באמערקט, נעמט זיך עס דערפון, וואס מעזריטש איז געווען מיט איר עקאנאמישער סטרוקטור א וועלט־שטאט. איר פדיון איז געקומען הויפטזעכלעך פון אויסלאנד און זי איז

בלויז געאָגראַפיש געווען אַ טייל פון דעם אומדערטרעגלעכן תחום־המושב, ווו יידן האָבן געצויגן זייער חיונה פון האַנדל מיטן פּויער און דער גרעַנגל פאַר פּרנסה איז געווען אַ גאָר שווערער. אויסער דעם, קען מען דעם סאָלידאַרישן זשעסט פון מעזריטש צושרייבן דעם ספּעציעלן וועלטלעכן כאַראַקטער פון אירע יידן, בעת די יידן פון כמעט דער גאַנצער פּוילישער און רוסישער מדינה, מיטן אויסנאַם פון עטלעכע גרויסע אינדוסטריעלע שטעט און האַנדלס־צענטערן, זיינען כמעט נישט אַרויס פון די ד' אמות פון זייערע וווין־ערטער, איז מעזריטש, אין קעגנזאַץ, געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט. מעזריטשער יידן זיינען אַרומגעפאָרן אויפקויפן סחורה איבערן גאַנצן לאַנד און זיינען אויך געווען אָפטע באַזוכער אין אויסלאַנד, אויף צו קויפן און פאַרקויפן זייערע סחורות. זיי זיינען אַ דאַנק דעם נישט געווען איזאָלירט און זיי האָבן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט די גערודפטע ברידער און דעריבער איז זייער יידישער סאָלידאַריטעט־געפיל אויך געווען מער אַנטוויקלט.

מחמת דעם אויסלענדישן פאַרנעם פון דעם מעזריטשער האַנדל, האָט אפילו די עמיגראַציע פון מעזריטשער יידן, אויך געטראָגן אַן אַנדערן כאַראַקטער, ווי די וואָס איז געגאַנגען פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און רוסלאַנד. מיטן אויסנאַם פון דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, וועלכע איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון בערשטער־אַרבעטער און פון דער עליה קיין ארץ־ישראל אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט געטראָגן אַ אידעאישן כאַראַקטער, האָט מעזריטש אויך געהאַט אַן אַנדערן מין עמיגראַציע. אין לייפּציג, למשל, האָבן געוווינט עטלעכע טויזנט מעזריטשער יידן; זיי האָבן זיך דאָרט באַזעצט צוליב זייער מסחר מיט חזיר־האָר און רויכוואַרג. אויך אין אַנדערע גרויסע שטעט אין אויסלאַנד, ווי לאָנדאָן, האָט מען געקענט טרעפן אַ סך מעזריטשער יידן, וועלכע זיינען געקומען אין געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן און זיינען דאָרט פאַרבליבן, ווייל ס'האָט זיך צוליב דעם זעלבן געפּאָדערט זייער אַנוועזנהייט דאָרט.

מעזריטשער זיינען באַקאַנט געווען אַלס פאַרטראָטן כמעט אומעטום אין דעם האַנדל מיט פּעלצער און חזיר־האָר אין זיינען אויך די מערהייט און די טאָן־געבער אין די בראַנזשעס, אין יענע לענדער. אויך אין די נייע ישובים, ווי ארגענטינע, בראַזיל, מעקסיקע און ארץ־ישראל, זיינען אַנטשטאַנען וויכטיקע חזיר־האָר־אינדוסטריעס מיט דער איניציאַטיוו פון די מעזריטשער און ליגט כמעט אויסשליסלעך אין זייערע הענט.

די שטאָט מעזריטש, וואָס איז געווען כמעט אין גאַנצן יידיש, האָבנדיק אַרום 85 פּראָצענט יידן, האָט ביז דער אַנטשטייאונג פון דער טרויעריק־באַקאַנטער פּוילישער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אָנגעפירט פון דמאָווסקין און־

טער דער לאָזונג פון „סוואָי דאָ סוועגאָ"*), ניישט געהאַט קיין פּוילישן געוועלב, אויסער די ספּעציפיש פּוילישע חזיר־שענקען. ערשט ווען די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג האָט גענומען שלאָגן וואָרצלען, האָט זיך אין מעזריטש געעפנט דער „סקלעפּ פּאָלסקי"**), וואָס האָט געזאָלט האָבן דעם ציל אָפּצוציִען די פּוילישע קונים פון די יידן. אָבער מער ווי צו אַ סימבאָל פון רשעות און אַ ווילן צו טאָן שלעכטס די יידן, איז דער „סקלעפּ פּאָלסקי" ניישט דערגאַנגען. די מאַסן פּויערים זיינען ניישט געגאַנגען אין פּוילישן געשעפט אַריין, וועלכעס איז געבליבן אַ בן־יחיד אין אַ שטאָט מיט אַרום 3.000 ניישט־יידן און מיט אַ גרויסע ניישט־יידישע פּעריפעריע פון די אַרומיקע דערפער.

דער יידישער האַנדל, די יידישע אינדוסטריע אין מעזריטש ווי אויך די יידישע האַנדלס־באַנק פון ש. ב. מינץ האָבן זיך אַנטוויקלט נאָרמאַל (אויך ווי־פיל די רוסישע מאַכט האָט זיי דאָס דערלויבט) און כסדר געשטיגן ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך אַלץ געביטן, אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפּעטער.

---

*) ס'מיינט צו זאָגן, אין פּויליש, יעדער זאָל קויפן ביי ס'זייניקע — פּאָלאַקן ביי פּאָלאַקן.

**) פּוילישע קראָם.

# יידישע לאַנדווירטן פון מעזריטש פּראָטעסטירן קעגן דיסקרימינאַציעס

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, איז די יידן־פראַגע אין פוילן פון שטענדיק אָן געשטאַנען אויפן סדר־היום. אמת, די יידן־פראַגע האָט ערשט גע־גרייכט צו איר טאָפּיקאַלישקייט און שאַרפקייט אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר פון 18טן יאָרהונדערט; אָבער, אין דער ווירקלעכקייט, האָט זי נאָך פון פריער כסדר געהאַלטן פאַרזאָרגט די פוילישע רעגירנדיקע אינסטאַנצן, ביז די פוילישע אויטאָנאָמיע האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם־צוג. די פוילישע פירער האָבן אַ סך מאָל דעבאַטירט די אופנים ווי אַזוי צו רעפאָרמירן דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבנס־שטייגער און אַלס איינע פון די ממשותדיקע פּראָ־יעקטן, איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער פּלאַן צו פאַרוואַנדלען די יידן אין לאַנד־ווירטן, אין איינפאַכע פּויערים און זיי זאָלן ציען זייער חיונה פון אייגענער פראַצע אין פעלד. דאָס זיינען אָבער געבליבן בלויז פּוסטע רייד. די מערהייט פון די פּוילישע פירער און דעה־זאָגער האָבן די פּראָיעקטן נישט גענומען אין ערנסט. זיי האָבן אַפילו נישט געפּרוווט צו דערמוטיקן די יידן, וואָס האָבן אויפגענומען מיט סימפּאַטיע די אידיי פון באַזעצן זיך אויפן דאָרף און ווערן לאַנדווירטן.

בשייכות מיט דעם ענין, איז גראָד אינטערעסאַנט צו דערמאָנען וועגן א סיכסוך, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן יידישע לאַנדווירטן פון מעזריטש מיט דער פּוילישער מאַכט *).

ווי מיר האָבן שוין געבררענגט אין אונדזער אַריינפיר — האָט במשך א געוויסער צייט אַ גאָר גרויסער טייל פון די פּוילישע יידן געצויגן זייער חיונה פון דעם דאָרף. אין פּאָדליאַשע, פון וועמען מעזריטש איז געווען א טייל, האָט דאָרט די צאָל דאָרפישע יידן איבערגעשטיגן די צאָל פון די שטאָטישע יידן. אַרום מעזריטש זיינען פון תמיד אָן געווען א סך דאָרפישע יידן; זיי האָבן געצויגן

---

*) דר. י. שאַצקי, „איז שאָטן פון עבר", פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַר־גענטינע, בוענאָס איירעס 1947, האָט זייער אן אינטערעסאַנט קאַפּיטל וועגן „די געשיכטע פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין קעניגרייך פוילן" און א פּלאַ, וואָס אים איז נישט באַקאַנט דער קאָלאָניזאַטאָרישער פּרווו פון די מעזריטשער יידן.

זייער חיונה פון פאַבטעריי און פון האַנדל מיט לאַנד־פּראָדוקטן און אַנדערע אַרטיקלען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן דאָרף. דאָרף און פאַרמעריי איז, בכן, נישט געווען קיין נייעס פאַר די מעזריטשער יידן. אָבער דאָס אויך וואָס מיר באַציִען זיך דאָ, האָט גאָרנישט צו טאָן מיט יענע דאָרפס־יידן, נאָר מיט אַ באַ־וועגונג וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן די מעזריטשער יידן, וועלכע האָבן פאַר־לאָזט די שטאָט און זיך באַזעצט אין דאָרף, כדי צו ציִען זייער חיונה טאַקע פון ערד־אַרבעט און נישט מיט דער כוונה פון האַלטן קרעטשמעס אָדער אַנדערע פּרנסות, וואָס זיינען בלויז פאַרבונדן מיטן דאָרף, אָבער נישט דירעקט מיט ערד־אַרבעט.

די מעזריטשער יידן, וועלכע האָבן געגלויבט אַז די פּוילישע געזעלשאַפט־לעכע מיינונג איז אויסן מיט איר פּראָפּאַגאַנדע אויף דער אמתן צו ענדערן די יידישע לופט־פּרנסות און זיי פּראָדוקטיווירן, האָבן באַשלאָסן אויפצוגעבן זייערע שטאָטישע פּרנסות און לעבנס־שטייגער און זיך פאַרוואַנדלט אין ווירקלעכע פּויערים. לײדער, זיינען זיי זייער גיך אַנטוישט געוואָרן. זיי האָבן זיך אַרומ־געזען, אַז די אַלע שיינע רייד פון די פּאָלאַקן, זיינען נישט געמיינט געוואָרן ערנסט, מחמת די דיסקרימינאַציעס, וואָס די פּוילישע רעגירער האָבן גלייכציי־טיק אָנגעווענדעט קעגן זיי, ווי מיר וועלן עס געוווּיר פון אַ דאָקומענט*) וואָס דער אונדז גוט־באַקאַנטער בן־עיר, ר׳ יעקב שפּירא, האָט צוגעשיקט צו פּראָ־פעסאָר שמעון דובנאָוו (דעם דאָקומענט האָב איך געפונען אין דעם דובנאָוו־אַרכיוו אין ייוואָ, אין ניו־יאָרק. ער איז אַ געטרייע קאָפּיע וואָס שפּירא האָט געמאַכט פון דעם העברעאישן אָריגינאַל). דער דאָזיקער דאָקומענט, וועלכער דעקט אויף די גאַנצע טראַגיק פון די פּוילישע יידן, באַשטייט אין אַ בקשה וואָס די מעזריטשער יידישע לאַנדווירטן האָבן צוגעשטעלט צום יידישן באַראַטונגס־קאַמער, וועלכער האָט עקזיסטירט ביי דער קאָמיסיע פאַר יידישע ענינים, וואָס די פּוילישע אויטאָנאָמע רעגירונג האָט געהאַט באַשטימט אין 1825. די דאָזיקע בקשה לייענט זיך אַזוי:

„צו די הערן פון ישראל פון דער באַראַטונגס־קאַמער פון דער קאָמיסיע פאַר יידישע ענינים אין דעם קעניגרייך פון פּוילן...

„אונדזער יידיש פאָלק גייט אין פינצטערניש און זיי זעען נישט קיין שטראַל פון ליכט; זיי ווערן געדריקט פון אַלע זייטן, באַלאַסטעט מיט אַ יאָך פון שטייערן און אָפּצאָלן מער פון אַלע אַנדערע איינוווינער אין דער מדינה; זיי זיינען אָן אַ שטיצע און אָן אַן אָנשפּאַר און פאַראַכטעט אין די אויגן פון די שרים און מושלים פון דער מדינה; מ׳האָט שוין געבראַכט דערצו, דאָס זיי (די יידן — מ. ע.), זאָלן בלייבן אָן פּרנסה; אויך ברויט האָבן זיי נישט געגעבן; מחמת זייער דחקות, האָט

*) זע הוספה — אָפּשריפט פון דער אָריגינעלער קאָפּיע, וואָס ר״י שפּירא האָט געמאַכט פאַר פּראָפעסאָר דובנאָוו.

זיך זייער געשריי געלאָזט הערן, און גאָט האָט אַראָפּגעקוקט פון הימל און אויפגעוועקט דאָס הארץ פון אונדזער האַר, דער דערבאַרעמדיקער און גענאַד־טוענדיקער קייזער ירום הודו (אַלעקסאַנדער דער ערשטער, מ. ע.), אַז ער זאָל אַכטגעבן מיט זיין אויג פון רחמנות אויף די דערשלאָגענע אָרעמעלייט פון אונדזער פאָלק; און אין זיין גרויס רחמנות און חסד, האָט ער באַשטימט זיינע לאָיאַלע שרים און יועצים פון דער קאָמיסיע; און נאָכמער: אין זיין גרויס חסד האָט ער אויך צוגעזעצט צו זיי, חשובע מענטשן פון אחינו בני ישראל (ער מיינט דעם באַראַטונגס־קאַמער, מ. ע.) זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיט דעם כלל און זאָלן זיך באַמיען צו פאַרגרינגערן אונדזער יאָך אויף אַלע מעגלעכסטע אופנים כדי מיר זאָלן נישט זיין מער צו שאַנד, און מיר זאָלן זיך שיצן אין זיין שאָטן — דער שאָטן פון רחמים, ווי די אַנדערע אינטערטאַנער פון זיין ממשלה; אַזוי ווי ער האָט עס דערקלערט אין זיין דעקרעט פון דעם 22טן מאַי; דאָרט האָבן געטריפט טראָפּנס פון רחמים אויף אונדז, מיט דער זיסקייט פון זיין שפּראַך... פאַר די אויגן פון אַלע פעלקער און שרים. האָט מען ווען עס איז געהערט פון אַזאַ גרויסן חסד זינט דעם טאָג ווען מיר זיינען צעשפּרייט געוואָרן צווישן די פעלקער? מיר האָבן געזאָגט: עס איז געקומען אַ דערלייזונג פאַר אונדז, אַ פונק פון הימל וועט קומען אין אונדזער גרענעץ צו ברענגען ליכט אין אונדזער פינצטערניש; מיר וועלן נישט זיין מער קיין פרעמדע אין דעם לאַנד וווּ מיר וווינען, ווייל אַ פאָדים פון חסד פון אונדזער האַר דער דערבאַרעמדיקער קייזער, איז געצויגן צו אונדז; אָבער מיר האָבן געהאָפט אויף ליכט און, אוי, אַ חושך און אַ דיקע פינצטערניש איז פאַר אונדזערע אויגן און אַן אונטערדריקונג דעקט אונדז צו. ווי מיר וועלן פאָרשטעלן פאַר אייער כבוד די ענינים. און מיט אייער פאַרשטאַנד וועט איר איינזען און פאַרשטיין דעם באַפעל פון דער „קאָמיסיע רזשאָנדאָווע פּזשיסאַדאָוו סקאַרבאַ” צו דריקן אונדז אומגעזעצלעך, דאָס איז נישט אין איינקלאַנג מיטן יושר און צדק; אַ חוץ דעם איז אויך דער נייער באַפעל סותר זייער פריערדיקן באַפעל, כדי אונדז ווי צו טאָן און פאַרשטויסן אונדז פון אונדזער מצב, ווי מיר וועלן אַלץ אויפקלערן אין פאַרשידענע דאָקומענטן.

## „דער תוך פון דעם ענין

„מיר, די פאַסעסאָרן אין דער פּאָדליאַשער וואָיעוואָדסטווע, האָבן געזען דעם גרויסן דרוק פון דעם רזשאָנד (רעגירונג) אויף די יידן — הן אויף די וואָס וווינען אין די דערפער און הן אויף די סוחרים אין די שטעט. מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט אַ יאָך פון קאָנצעסיעס (פּאַטענטן), אַזוי, אַז זיי קענען עס נישט מער אויסהאַלטן, און זיי ווערן מיד פון זוכן אַ מקור פאַר פרנסה. דאָס אַלץ האָט דער רזשאָנדער געטאָן מיט דעם פאָראויס־באַשטימטן ציל, כדי יידן זאָלן זיך נעמען צו ערד־אַרבעט און זיי זאָלן פירן אַ גליקלעך לעבן. אין 1819, ווען מיר האָבן נאָך געהאַט די מעגלעכקייט, האָבן מיר אָוועקגעוואָרפן אונדזער האַנדל

און מיר האָבן געדינגען לאַנד פון די פּריצים אויף אַ באַשטימטע צאָל יאָרן, לויט די אָקטאַווע קאָנטראַקטן. מיר האָבן עס געטאָן נישט כדי צו פאַרדינען געלט אין בראָנפן־ברענערייען אָדער האַנדל, און אויך נישט כדי צו האַלטן שענקן; מיר האָבן עס געטאָן, כדי צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד און אַרויסצובאַקומען אירע פּרוכטן (און די רעגירונג האָט אונדז געשטיצט און דאָס איז געווען אַן אָנשפּאַר פאַר אונדז אין אַלע זאַכן, ווייל איצט איז דאָך אַוועק דער בלבול פון תמיד־אָן אויף די יידן, נעמלעך, אַז זיי ווילן בלויז מסחר און זיי פאַרמיאוסן און פאַראַכטן יעדע אַרט מלאכה?).

„נאָך איידער מיר האָבן געפּאַכטעט די ערד פון די פּריצים, מחמת מורא, טאָמער וועט דער רזשאָנד אויך פון דעם פאָדערן פון אונדז קאָנצעסיעס און וועט עס אָנרופן מסחר, כאָטש ‘עס גיט נישט באמת מער ווי אויפצוהאַלטן אונדזערע פאַמיליעס מיט צימצום, האָבן מיר וועגן דעם ענין אָנגעפרעגט אין דער וואָיעוואָדיישער קאָמיסיע און מיר האָבן דערהאַלטן אַ תשובה, דאַטירט 2טער פעברואַר 1819, נומער 24288/10081, אַז די וואָס דינגען לאַנד פון די פּריצים זיינען באַפרייט פון דער פליכט צו קויפן פּאַטענטן. דאָס האָבן מיר געטאָן פאַר דעם צוזאַמענשטעלן פון אונדזערע קאָנטראַקטן מיט די פּריצים.

„נאָכדעם, אין יאָר 1823, 13טער גרודזיען, איז אַרויס אַ באַפעל פון אַ הויכן פּלאַץ, פון דעם שר־החסד, דער נאַמיעסטניק ירום הודו, וואָס איז דערשינען אין די דזשענניקעס (אָפיציעלע רעגירונגס־גאַזעטן, מ. ע.), דאָס די פּאָסעסאָרס וועלכע האַלטן אין אַרענדע לאַנד פון די פּריצים, זיינען מחויב אויסצוקויפן דריי פּאַטענטן: 1. פאַר האַנדל; 2. פאַר מאַכן בראָנפן; 3. צו האַלטן אַ שענק; כאָטש עס איז נישט געווען קיין איינציק ווייַן־הויז, שענק אָדער קרעטשמע אין דער פּאָסעסיע. דאָס טרעפט אָן אַ סך געלט און קיינער קען עס נישט באַווייזן אויסצוגעבן, אַפילו ווען די ערד זאָל געבן פּרוכט און די שפּייכלער זאָלן פול זיין מיט תבואה, און קאָרן און ווייץ זאָל דאָרט זיין לרוב. עס סטייעט קוים צו דערנערן די נפשות פון אונדזערע הייזער און ס'וועט אוודאי נישט סטייען צו געבן אַזאַ גרויסע נתינה צום קעניגלעכן פינאַנץ־מיניסטעריום. נאָכמער, דער אויבן־דערמאָנטער געזעץ איז אַן אומרעכט, מחמת דעם וואָס מיר פאַרנעמען זיך נישט בכלל מיט קיין בראָנפן־ברענעריי, מיר האַלטן בכלל נישט קיין שענקן. מיר האָבן דערזען דאָס שלעכטס פאַר אונדזערע אויגן און מיר האָבן געקלאַפּט אין די טירן פון דער רזשאָנדאָווע קאָמיסיע און אויך אין די טירן פון דעם דערבאַרעמדיקן און פרומען נאַמיעסטניק ירום הודו; מיר זיינען געקומען מיט אַ געוויין און געשריי; מיר האָבן פאַר זיי פאָרגעשטעלט אונדזערע ענינים ווי זיי זיינען באמת און מיר האָבן אונדזערע רייד מברר געווען לויט די קאָנטראַקטן; אַ חוץ דעם, האָבן מיר אויך צוגעשטעלט קלאָרע עדות פון די פּריצים; אין פאַרוואָס זאָלן אונדז געטאָן ווערן אַזאַ עוולה?

„אין יאָר 1823, איז אַרויס פון דעם גערעכטן רזשאָנד אַ באַפעל. וועלכן מיר

ליגן דאָ ביי. דער באַפעל פון דער וואַיעוואָדישער קאָמיסיע צו דער אַבוואָדאָווע קאָמיסיע פון 31טן גרודזיען 1824 נומער 52767/7027, אַז פּאָסעסאָרס וועלכע באַזיצן קאָנטראַקטן פון אַ פריערדיקער דאַטע, איידער עס איז אַרויס דער הויכער באַפעל פון דעם האַר נאַמיעסטניק יר"ה, דהיינו, דער באַפעל פון 13טן גרודזיען 1823, זיינען פּטור פון פּאַטענטן, אַזוי לאַנג ווי די קאָנטראַקטן זיינען גילטיק. און אַפילו אויך יענע פּאָסעסאָרס וועלכע האָבן געמאַכט קאָנטראַקטן נאָכדעם ווי דער באַפעל איז אַרויס, אויב זיי באַווייזן אַז זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט בראָנפן־ברענעריי און האַלטן נישט אַליין קיין משקאות אין זייערע קרעטשמעס, זיינען אויך פּטור פון די פּאַטענטן. דאָס האָט אונדז באַריאיקט און מיר זיינען געזעסן אויפן לאַנד פון די פּריצים, צופרידן מיט דעם ביסל, וואָס מיר האָבן אַרויסבאַקומען פון אונדזער האַרעוואַניע.

„מיר האָבן נישט באַוויזן רעכט זיך אָפּצורוען פון אונדזער זאָרג, איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן צו געניסן פון דעם דערגרייכטן חסד, איז דער באַפעל פון דער קאָמיסיע רזשאָנדאָווע געוואָרן איבערגעקערט און איז געוואָרן אונדזער משחית, ווייל לויט דעם נייעם באַפעל מוזן אַלע יידישע פּאָסעסאָרס, אַפילו די וואָס האָבן געהאַט אַלטע קאָנטראַקטן, און אַפילו ווען זיי פאַרנעמען זיך נישט מיט בראָנפן־ברענעריי און האַלטן נישט קיין שענקן, מוזן אויך מקיים זיין דעם געזעץ פון אָפּצאָלן פאַר די פּאַטענטן — אָן שום אורזאַך און טעם.

„און עס איז געווען, ווען מיר האָבן דאָס געהערט, האָבן מיר שיעור באַקומען די אַפּאָפּלעקסיע און מיר האָבן צוגעשטעלט אַ בקשה צו דער וואַיעוואָדישער קאָמיסיע נאָכאַמאָל פאַרצוברענגען אונדזער ענין פאַר דער רזשאָנדאָווער קאָמיסיע און אונטערשטרייכן, אַז דער געזעץ איז סותר זייער אַלטן באַפעל און אַז מיר קענען נישט באַין אופן אויספירן דעם באַפעל. און עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די וואַיעוואָדישע קאָמיסיע האָט באַקומען אַן ענטפער פון דעם מיניסטער אַליין, דאַטירט דעם 20סטן ווזשעשיען 1825 נומער 39799/2393. דער ענטפער איז אָבער נישט געחתמעט פון אים. אין דעם ענטפער, דריקט דער מיניסטער אויס זיין תרעומת אויף דער וואַיעוואָדישער קאָמיסיע, הלמאי זי שטעלט זיך איין פאַר די יידן. עס ווערט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז דער באַפעל וועט בשום אופן נישט געענדערט ווערן.

„זאָלן די הערן מיט זייער קלאָרן שכל, זיך אַריינטראַכטן אין די ווערטער פון דער דאָזיקער תשובה און זיי וועלן דאַן געפינען ווערטער, וואָס שטעכן ווי מיט שווערדן דעם גאַנצן כלל־ישראל. די דאָזיקע נגע (פּלאָג) איז נישט נאָר קעגן אונדז אַליין, עס איז אַ צרעת וואָס האָט אויסגעשלאָגן אויף אונדז אַלע. ווייל איז אונדז, מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון יענע אַקעגן וועמען מיר האָבן נישט קיין תקומה. דאָס קול פון די שאָף גייט אויף אין אונדזערע אויערן, טויזנטער יידישע נפשות בעטן ברויט און עס איז נישטאָ; און וואָס נאָך קען געטאָן ווערן?... דער דערבאַרעמדיקער קייזער יר"ה, איז ווייט פון אונדז, מיר

קענען נישט צוקומען צו אים, און צו ווענדן זאָלן מיר שרייען נאָך הילף אין אונדזער נויט, מיר האָבן, אָבער, געפונען אייך, הערן, צו ווענדן מיר רופן נאָך הילף... צו באַראַטן זיך מיט דעם היגן קאָמיטעט לייכטער צו מאַכן דעם יאָך פון די אָרעמקייט פון אונדזער פאָלק, אויף וויפל עס איז מעגלעך, צו אייך זיינען אונדזערע אויגן געווענדעט נאָך הילף, און גאָט זאָל זיין מיט אייך, צו קאָנען דערנערן אַ סך יידישע נפשות.

## „אונדזער בקשה

„די געערטע הערן זאָלן אין זייער גרויסן חסד פאַרברענגען אונדזערע עניים מיט אַ גוטער באַגרינדונג און פאַרשטענדעניש פאַר די שרים, וועלכע זיצן אין דעם קאָמיטעט און הערשן איבער יעדע גערעכטע און אמתדיקע זאַך. און דורכ־דעם וועט, ווי מיט דער האַנט, אָפּגעווישט ווערן די עוולה וואָס ווערט אונדז גע־טאָן נישט געזעצלעך. פאַרשטייט, אונדזערע הערן, און זעט די פאַרגוואַלטיקונג און דעם רויב, וואָס ווערט צו אונדז געטאָן.

„ערשטנס, האָבן מיר נישט פאַרבאָרגן אונדזער טאַט (דאָס הייסט, דער אַקט פון פאַכטן לאַנד פון די פריצים, — מ. ע.), נייערט מיר האָבן צוערשט אָנגע־פרעגט ביי דער קאָמיסיע און זיי האָבן געענטפערט, אַז מיר זיינען פּטור פון פּאַטענטן, און לויט זייער דערקלערונג, אַזוי האָבן מיר געהאַנדלט. טאָ ווי קענען זיי איצט פון אונדז פאָדערן אַ זאַך וואָס מיר קענען נישט באַווייזן אויסצופאָלגן?

„צווייטנס, איז ווען עס איז געהערט געוואָרן, טראַכט זיך אריין, אַז מען זאָל גוזר זיין אויף סוחרים וואָס האַנדלען מיט לייפּציק, אויסצוקויפן פּאַטענטן פאַר אַ שענק, ווען יענע האָבן גאָרנישט אַזאַ געשעפט? פּונקט אַזוי וועלן אויכזען אונדזערע עניים ביי אַלע וואָס פאַרשטייען צו לייענען. ס'וועט נישט זיין קיין איין איינציקער מענטש, וועלכער וועט געבן אַן אַנדערן פּירוש צום באַפעל פון דער קאָמיסיע, ווי ער איז פאַרשטאַנען געוואָרן פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע. דעריבער זאָלן זיי אין זייער חסד פאַרלייגן, מיט דער מעגלעכסטער שנעלקייט, פאַר אונדזער האַר דעם קייזער יר"ה, וועלכער וויל גוטס פאַר זיינע לאָיאַלע אונטערטאַנער, וואָס שיצן זיך אין זיין שאָטן — אַ שאָטן פון רחמים, און ער זאָל אונדז מאַכן אַנטרינען פון דער פאַרלייגטער פּאַסטקע.

„די דאָקומענטן וואָס זיינען דאָ אָנגעדייטעט, האָבן מיר שוין אַרויסגע־שיקט דורך דעם רבני מו"ה *) און ער וועט זיי ביילייגן צו אונדזער דאָזיקער בקשה אַזוי ווי מיר האָבן שוין צו אים געשריבן.

„פון אונדזער ענגשאַפט, אַפּעלירן מיר צו אייך און מיט אַ ברייטקייט וועט איר אונדז ענטפערן, זייענדיק באַרירט פון גאָטס גוטער האַנט, כדי די טרוקענע ביינער, וואָס דערהאַלטן נאָך זייער נשמה, זאָלן בלייבן לעבן. און גאָט

*) דער נאָמען פעלט אין שפּיראָס אָפּשריפט.

זאָל שיקן זיין מלאך פאַר אייך, אַרויסצוצ׳יען אונדזער משפּט אויף דער ליכט, ווי איר און אייערע איבערגעגעבענע קנעכט ווינטשן עס.

אַלע פּאַסעסאָרס פון דער פּאָדליאַשער וואָיעוואָדסטווע *)״

צום סוף ענדיקט זיך די בקשה מיט פאָלגענדן שיר אין העברעאיש:

„לפנים אנשי נכבדי תבל היו שריך,
רועי ישראל עמודי עולם גדלת בנעוריך,
גם עתה יש בך גודרי גדר עומדים בפרץ.

עוד לך רועה ירעה דעה עמך,
יורם דרכי טוב צדק ומשרים ילמדך,
כל לב מנו שמח, נוח הוא לכל רוחות.

גם נדיבים נקיי דעת בך נמצאו,
עושי צדקה וחסד שועת דל ישמעו,
אל כל אובד ומר רוח עיניהם פקוחות.

עתה בנדבות רוחם בית מרפא החדישו,
מזור לחולי עמינו מחדש הקדישו,
להחיות בו נדכאים אותו הכינו.

אם נפש אחת כעולם ומלואה תחשב ?
אף כי רבבות מטים למות להשב,
אין זה כי אם בית אלקים עולמיב יבנו.

הביטה ד׳ ממרומך וברך את עמך,
פועל ידם תרצה סוככם בסוכת שלומך,
אם אנחנו לרפאות חולים פקחנו עין.

שלח אתה מקודש אלקים עזרך לתרף
הסר מחלונו מות אמור למלאך הרף,
כי בלעדיך אין עזר, רופא בלעדיך אין״.

דער שיר איז אַ לויב־געזאַנג צום יידישן פאָלק, וועלכעס האָט נאָך מנהיגים וואָס שטעלן זיך איין פאַר זייערע געפלאָגטע ברידער און ענדיקט זיך מיט אַ תפילה צום אויבערשטן, אַז ער זאָל זיי מציל זיין פון טויט, ווייל אויסער אים איז נישטאָ ווער עס זאָל העלפן אָדער היילן.

וואָס איז געוואָרן מיט די פּאַסעסאָרס? וועלכער איז געווען דער רעזולטאַט

*) אויך די אונטערשריפטן פעלן.

פון זייער בקשה? — ווייסן מיר נישט. מיר האָבן נישט געפינען ביי דובנאָוון קיין אָנדייט וועגן דעם. ווי געזאָגט, איז דער דאָזיקער דאָקומענט אַ בולטער באַווייז, ווי אַזוי די דעמאָלטדיקע פּוילישע רעגירער פון דער שטאַרק־באַשניטע־נער אויטאָנאָמישער פּראָווינץ, האָבן זיך איזדעקעוועט איבער די יידן, און ווי בלינד זיי זיינען געווען אין זייער שנאה צו ישראל, נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער חלק האָט זיך שוין געהאַט טיף איינגעשניטן אין דעם האַלדז פון זייער מלוכהשקייט, האָבן זיי נאָך אַלץ נאָר געטראַכט ווי אַזוי צו טאָן שלעכטס צו יידן.

# מתנגדים און חסידים אין מעזריטש

ווי אזוי האָבן אויסגעזען די באַציאונגען צווישן די מתנגדים און חסידים אין מעזריטש? ווי אזוי האָבן די מתנגדים רעאַגירט ביים באַווייזן זיך פון דעם חסידישן „כת" *) אין מעזריטש? מיר שטעלן די פראַגע מיט אַ ספּעציעלע כוונה, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז מעזריטש איז געווען באַצייכנט אַלס מתנגדישער אינדזל אינדערמיט פון חסידישן פּוילן; קומט דערפאַר אויס אין אזוי דיקטירט דאָך דער שכל־הישר, אַז די חסידים זייענדיק אַ קליינע מינדערהייט, האָבן געדאַרפט שטאַרק פילן דעם דרוק פון דער איבערוויגנדיקער מערהייט פון די מתנגדים. איז דאָס טאַקע אזוי געווען? און נאָך אַ פראַגע: אין וועלכער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווייזן די ערשטע שפּראָצן פון חסידיזם אין מעזריטש?

דובנאָוו אין זיין „לתולדות החסידות" **) דערמאָנט, דרך אגב, בלויז אַן אָנדייט פון חסידיזם אין מעזריטש און דאָס אָנגעגעבענע יאָר איז תקנ"ד; אָבער מיר וועלן זיך באַנוצן מיט אַן עלטערן מקור.

ר' יעקב שפּירא, אין אַ בריוו צו דובנאָוון (מיר האָבן שוין דעם בריוו ציטירט, אין שייכות מיט דעם בעל־הבית פון מעזריטש — פּירשט, אַדאַם טשאַרטאָריסקי***) דערציילט, צווישן אַנדערעס: „אין ...ט' תמוז תקמ"ו האָט מען אַרונטערגעזעצט פון כסא־רבנות דעם בן־עיר (ר' אברהם בן יהודה מנחם לייב ז"ל, — מ. ע.) און אַ יאָר שפּעטער האָט מען אויפגענומען פאַר רב ר' מיכל פון קוזמיר ז"ל. ער איז געווען אַ חסיד און ער איז דאָ געזעסן אַרום 10 יאָר און האָט געהאַט אַ מחלוקת מיט די מתנגדים, וועלכע האָבן נישט געקענט אים אַרויסטרייבן דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט חן אין די אויגן פון דעם המון, ווייל ער פלעגט גיין באַזוכן די קראַנקע; ער האָט געגעבן רפואות און געטיילט סגולות צו אַלע וואָס זיינען געקומען צו אים; און דאָס איז אים בייגעשטאַנען, אַז מען זאָל אין יאָר תקנ"ג, כ"ח תמוז, באַנייען מיט אים דעם כתב־רבנות און

---

*) אזוי האָבן די מתנגדים גערופן די חסידים: כת — סעקטע, וואָס האָט געהאַט אַ בייגעשמאַק און דערמאָנט אין דער באַצייכענונג פון „כת" פון די שבתי־צביניקעס.

**) כרך ג', פאַרלאַג „דביר", תל־אביב.

***) זע פריער וועגן דער דאָזיקער געשיכטע.

ער איז געבליבן ביי זיין קעניגרייך (אין דער גמרא ווערן די רבנים טיטולירט מלכים — מ. ע.) נאָך עטלעכע יאָר..."

אָט דער דאָזיקער ציטאַט, איז ביז גאָר אינטערעסאַנט. עס ווערט דורך אים קלאָר אַ סך פאַקטן אין שייכות צו אונדזער טעמע.

פון דער אויבנדערמאָנטער דאַטע קענען מיר דרינגען, אַז מעזריטש האָט געהאַט חסידים, אפשר, פון דעם סאַמע אָנהייב אָן פון דער אַנטשטייאונג פון דער באַוועגונג. די חסידישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן, בערך, אין יאָר ת"ץ; דאָס מיינט צו זאָגן, אַז פון דער אַנטשטייאונג פון חסידיזם ביז דער אויפנאַמע פון ר' מיכל קאזמער פאַר מעזריטשער רב, איז אָפּגעלאָפן בסך־הכל עטלעכע פופציק ביז זעכציק יאָר; און בלויז, בערך, 27 יאָר, זיינען אָפּגעלאָפן זינט דער פטירה פון ר' ישראל בעל־שם־טוב, דער גרינדער פון חסידיזם, ביז דער אויפנאַמע פון ר' מיכל קאזמער אין מעזריטש. דער דאָזיקער מעזריטשער רב האָט, מעגלעך, נאָך געקענט פּערזענלעך דעם בעל־שם־טוב און אויף געוויס געקאָנט זיין יורש ר' בער, דער מגיד פון מעזריטש (נעבן ראָוונע). ווי עס שיינט, איז דער ר' מיכל געווען אַ תלמיד פון דעם באַרימטן רבין ר' שמעלקע (ברודער פון דעם גאון ר' פּנחס הורוויץ, מחבר פון די ספרים „הפלאה" און „המקנה"), וועלכער איז מער פון עמעצן אַנדערש געווען איינער פון די זיילן פון חסידיזם אין פּוילן. ווייל ער, דער רבי ר' שמעלקע האָט דאָס אויפגעשטעלט זיין באַרימטע ישיבה אין דעם פּוילישן שטעטל ריטשעוואָל, ווו ער איז געווען רב (שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין ניקלסבורג, בעהמען). דאָרט האָבן געלערנט די שפּעטער באַרימט־געוואָרענע רביים, ווי דער „חוזה" ר' יעקב־יצחק פון לובלין, דער קאָזשעניצער מגיד ר' שבתי, ר' משה-לייב סאַסאָווער א. אַנד. אין דער ישיבה האָט מען געזען איינצופלאַנצן חסידות אין די הערצער פון די תלמידים און ר' שמעלקע פלעגט זיי אויך מיטנעמען צום רבין ר' בער.

דאָס יאָר תקמ"ו, איז געווען גאָר נאָענט צום סאַמע בראשית פון חסידיזם. עס שליסט זיך איין אין דער תקופה, ווען עס האָבן נאָך געלעבט דעם בעל־שם־טובס תלמידים און זיינע תלמידימס תלמידים; אַ תקופה וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם שאַרפסטן קאַמף, וואָס די מתנגדים, אָנגעפירט פון דעם ווילנער גאון ר' אליהו און זיינע תלמידים, האָבן פאַרפירט מיט די מענטשן פון דעם „כת" — די חסידים.

דער צווייטער מקור וועגן דער חסידישער באַוועגונג אין מעזריטש, געפינען מיר, ווי שוין געזאָגט, ביי דובנאָוו אין זיין „לתולדות החסידות" אין דעם איבערגעדרוקטן בריוו, וואָס ר' דוד מאַקאָווער האָט געשריבן צו זיין עלטער־פעטערס אייניקל אין מעזריטש, הרב יהודה ספרא ונאמן *).

*) פּראָפ. ש. דובנאָוו, „לתולדות החסידות", הוצאת „דביר", תל־אביב, כרך ג'. דער אָריגינעלער בריוו האָט זיך געפונען ביי ר"י שפּיראָן און ער האָט דעם בריוו אָדער אַ קאָפּיע געשיקט צו דובנאָוו.

ר׳ דוד מאַקאָווער, איז געווען איינער פון די באַרימטסטע מגידים אין זיין צייט און איינער פון די שאַרפסטע באַקעמפער פון די חסידים און זייערע רביים. נישט בלויז וואָס ער איז געווען פון די מקורבים פון ווילנער גאון און זיינע תלמידים און געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט האַלטן דרשות קעגן דעם „כת״, נאָר ער האָט אויך מחבר געווען דאָס קלאַסישע אַנטי־חסידישע ספר „זמיר עריצים״ אָדער „שבר פושעים״, וועלכעס האָט איבערגערודערט דורות, סיי מיט זיין אָנגרייפערישן טאָן און סיי מיט זיין אינהאַלט.

דער מאַנוסקריפּט פון דעם אויבנדערמאָנטן בריוו, האָט זיך געפונען אין רשות פון ר׳ יעקב שפּירא, וועלכער האָט אים באַקומען פון דעם מחברס זון און ער האָט געמאַכט דערפון אַן אָפּשריפט, וועלכן ער האָט געוויזן (ווי ער דריקט זיך אויס אין אַ בריוו צו דובנאָוון), דעם באַרימטן מעזריטשער רב ר׳ אליעזר חרל״פ. וועגן וועמען מיר וועלן נאָך שרייבן אין דעם קאַפּיטל. אויך דער בריוו, וואָס ר׳ דוד מאַקאָווער האָט געשריבן צו זיין מעזריטשער קוזין, האָט זיך געפונען ביי שפּיראָן און ער האָט אים איבערגעשיקט צו דובנאָוון. דער דאָ־זיקער בריוו, וואָס איז איינער פון צווישן די וויכטיקסטע דאָקומענטן אין דער געשיכטע פון דעם קאַמף צווישן די מתנגדים און חסידים, איז געשריבן אין העברעאיש, בעסער געזאָגט, לשון־קודש. מיר גיבן אים דאָ איבער אין דער יידישער איבערזעצונג מיט פאַרקירצונגען, דאָ און דאָרט, אַרויסלאָזנדיק שטעלן וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו אונדזער ענין:

„שלום לכבוד נ״ד (נכד דודי) ידיד נפשי ולבבי, ה״ה הרבני המופלג בתו״י (בתורה ויראה) מו״ה יהודה יודל נ״י (נרו יאיר) ויזרח.

„...כ׳וועל זיך נישט צוריקהאַלטן פון באַקאַנט מאַכן די וועגן פון די חסידים, אַט די רשעים און פושעים... דערפאַר מיין געליבטער קוזין זאָלסטו זיך נישט קערן צו די געטשקעס. טראַכט נישט חלילה, אפשר איז דאָך פאַראַן ביי זיי האָפענונג. ווי צו זיי און ווי צו זייערע נשמות. דערפאַר מיין געליבטער קרוב, דערווייטער זיי ווי אַ פרוי וואָס איז אַ נידה — שקץ תשקצנו כי חרם הוא *)

*) הרב שמעון גליקסבערג, א יליד מעזריטש, פריער רב אין אָדעס און נאָכדעם ראב״ד אין תל־אביב; דאָרט נפטר געוואָרן כ״ט כסליו, תשי״א, שרייבט אין זיינע זכרונות — פון איבערגעדרוקטן קאַפּיטל אין בוך „מעזריטש״: — „עס איז געווען אָנגענומען (ד. ה. מתנגדים האָבן אזוי געהאַלטן, מ. ע.) אָנצוהענגען די שולד פון דער מחלוקת די חסידים. זיי, די חסידים דערלויבן זיך צופיל... מיט זייערע אויס־טערלישע מנהגים. א טייל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין גרויסן בית־המדרש. דאָרט האָבן זיי געהאַט גענוג פלאַץ בעתן דאַווענען צו לויפן אויף און אָפּ, צו דערוואַרעמען דאָס געפיל, און דאָס רייכערן דעם ליולקע־ציבעק פאַרן דאַווענען איז אויך געווען א מין עבודה. און טיילמאָל האָבן זיי אפילו אויפן הויכן קול זיך דערלויבט צו דאַווענען בציבור לפי נוסח ספרד, און אז די מתנגדים האָבן דערהערט דעם „ויצמח פורקניה״ אָדער „הודו״ פאַר „ברוך שאמר״ אין סאַמע גרויסן בית־המדרש, זיינען זיי ממש אויפגעציטערט געוואָרן ווי א שלאַנג וואָלט זיי געביסן. און פון דעם איז

ווייל די חרמים, וואָס אַכציק גאונים און צדיקים האָבן אַרויסגעגעבן זיינען נאָך אין קראַפט (דער בריוו איז אויך געווען אַן ענטפער אויף דעם קלאַנג, וואָס די חסידים האָבן אַרויסגעלאָזט, אַז דער ווילנער גאון זאָל האָבן אויסגעדריקט זיין הרטה אויפן חרם, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט מיט יאָרן צוריק צוזאַמען מיט דעם דעמאָלטדיקן ווילנער רב א. א. ר' דוד מאַקאָווער ווייזט אָן, אַז נישט נאָר איז יענער חרם נאָך אין קראַפט, נאָר אַז דער חרם איז ווידעראַמאָל באַשטע־טיקט געוואָרן — מ. ע.), און עס איז אסור צו רעדן מיט זיי (מיט די חסידים — מ. ע.), אָדער אַריינקומען אין זייערע הייזער. זיי פונדערווייטנס פון די נאַרישע מענטשן און טרעט־אָפּ פון די געצעלטן פון אָט די רשעים. כ'בעט דיך מיין קרוב, גיב זיך נישט אָפּ מיט עולם־הזהדיקע ענינים. זע פון וואַנען דו שטאַמסט, כדי דו זאָלסט גיין אין דרך־הישר... און זאָלן זיי (די חסידים — מ. ע.) זיין אַזוי אומווירדיק ווי עבודה־זרה, און זאָלן זיי יונג שטאַרבן. קער דיין הארץ צו דער סטעזשקע אויף וועלכער דו האָסט געטראָטן און אויך דיינע עלטערן...״

דער דאָזיקער בריוו, וועלכער איז געווען אַ תשובה אויף ר' יהודה יודלס אַ בריוו צום מאַקאָווער מגיד, איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז נישט נאָר איז אין שטאָט שוין דעמאָלט געווען אַ גאַנץ שטאַרקע חסידישע גרופּע נאָר, אַז אויך ער אַליין האָט געהאַט „זינדיקע מחשבות״ און איז געשטאַנען אין אַ גאַנץ נאָענטן קאָנטאַקט מיט זיי און געגלויבט, אַז „דאָרט איז פאַראַן האָפענונג״. און וואָס איז דער וווּנדער? דער מעזריטשער רב איז דאָך געווען אַ חסיד. עס איז נישט אָננעמבאַר, אַז ר' מיכלס חסידישע וועגן, זיינען געווען אומבאַקאַנט אין דעם שטעטל, פון וואַנען ער איז געקומען קיין מעזריטש; אַזוי, אַז די מעזריטשער קהילה וועלכע האָט אוודאי געוווּסט פון דעם ווילנער גאונס חרם, האָט אויך געוווּסט וועגן די חסידישע דרכים פון דעם רב, וועמען זיי גייען אויפנעמען, נאָכדעם ווי זיי האָבן מעביר געווען זייער בן־עיר. ס'איז קלאָר, אַז ר' מיכלס חסידות איז נישט געווען קיין שטער צו זיין באַשטימונג אַלס רב. מעזריטש האָט געזוכט אַ רב אַ למדן און דאָס האָט מען אין אים געפונען, ווי עס איז צו זען פון די הסכמות, וואָס מחברים האָבן געבעטן פון אים. עס איז דערפאַר נישטאָ קיין ספק, אַז אין מעזריטש האָט שוין דעמאָלט, אין יענע שווערע טעג פון מחלוקת, געמוזט זיין אַ גאַנץ שטאַרקע חסידישע גרופּע וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע דעה אין שטאָט. דאָס קאָן מען אויך אַרויסדרינגען פון דעם באַנייטן

---

אַרויסגעקומען פולע קריגעניש... די זאַך איז אפילו דערגאַנגען ביז צו די טויערן פון גויאישן געריכט, און עס איז אַרויס אַ פסק־דין... אַז מען טאָר נישט אָנהויבן מיט „הודו״, נייערט מיט „מזמור שיר חנוכת״; אויך טאָר מען נישט רייכערן אין בית־המדרש הגדול. עד היום איז נאָך געבליבן די מודעה מיט גרויסע אותיות אין גרויסן בית־המדרש: „בכאן אסור לעשן... הן עפ״י דת הן עפ״י חוקי הממשלה״ (אויך איך האָב די אויפשריפט געזען אַפּט. אָבער די דאָזיקע אויפשריפט איז די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָרן שוין געווען פאַרפאַרבט. מ. ע.)

קאָנטראַקט, וואָס די מעזריטשער קהילה האָט געמאַכט מיט דעם זעלבן רב אין יאָר תקנ"ג (כמעט אין זעלבן יאָר, ווען דער אויבנדערמאָנטער בריוו איז גע־שריבן געוואָרן), נישט געקוקט אויף די מחלוקה. וואָס די מתנגדים האָבן געפירט מיט אים.

די דאָזיקע השפּעה פון דער חסידישער גרופּע, מיינען מיר, האָט אויך גע־ווירקט אַז מעזריטש זאָל זיך נישט באַטייליקן אין דעם באַניימן חרם פון די 80 רבנים אויף די חסידים, אין וועלכן דער דעמאָלטדיקער בריסקער רב ר' אריה־לייב, האָט גענומען אַזאַ פירנדיקע ראָלע און זיך, גאַנץ באַזונדערס, באַרימט געמאַכט מיט זיין וויכוח מיט ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער און ער האָט זיך אפילו באַרימט, אַז ער האָט ר' לוי־יצחקן באַזיגט.

בריסק און מעזריטש, זיינען געווען נאָענטע שכנים און ווי געשיקט עס זיך, אַז דער בריסקער רב זאָל האָבן דורכגעלאָזט אַזאַ קהילה ווי מעזריטש? אָדער ער זאָל זיך נישט אריינמישן אויף נישט צו דערלאָזן, אַז אַזאַ וויכטיקע קהילה ווי מעזריטש איז שוין דעמאָלט געווען, זאָל נישט אויפנעמען קיין חסידישן רב? אָדער שפּעטער זעען, אַז מען זאָל נישט באַנייען דעם כתב־רבנות מיט אים? איז טאַקע גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט מעזריטש נישט דורכגעלאָזט, אָבער ער האָט גאָר נישט געקענט פועלן.

מעזריטש האָט שוין דעמאָלט, אָן שום ספק , געהאַט אַ גאָר שטאַרקע חסי־דישע גרופּע וועלכע איז באַשטאַנען פון לומדים און עשירים, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע דעה אין שטאָט. אויסער דעם, ווען די מתנגדים האָבן אָנגעזאָגט אַ שאַרפן קאַמף קעגן דעם חסידישן רב, האָבן זיי געהאַט קנאַפּע שאַנסן אים צו קענען באַזייטיקן, ווייל דער המון האָט שטאַרקן געהאַלטן פון אים. עס איז דער־פאַר גאָרנישט קיין ווונדער, פאַרוואָס ר' יהודה־יודל ספרא ־נאַמן פון דער קהילה, איז געוואָרן פאַרכאַפּט, אָדער אָנגעשטעקט, פון דעם חסידישן גערהאַנק. נישט נאָר איז ער געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם חסידישן רב, וועמענס דרכים זיי־נען געווען ווונדערלעכע, ווי שפּירא גיט עס אַליין צו, נאָר ער איז אויך אַרונ־טערגעפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון זיינע חסידישע בעלי־בתים. דער ווונדער איז בלויז אויף ר' דוד מאַקאָווער, וועלכער מאַכט אים אויפמערקזאַם אין דעם בריוו, אַז ער זאָל זיך דערווייטערן פון די רשעים און פון זייערע הייזער, לויט ווי ס'איז די תקנה פון דעם אָנגענומענעם חרם קעגן די חסידים. האָט ער דען געקענט אויסמיידן דעם רב אָדער די פירנדיקע מיטגלידער פון דער קהילה?

כאָטש די מעזריטשער מתנגדים האָבן אין די ערשטע יאָרן נייטש באַוויזן אויפצוטאָן אַ סך אין זייערע באַמיאונגען, אָפּצושוואַכן דעם חסידיזם. האָט עס זיי פונדעסטוועגן נישט אָפּגעהאַלטן פאָרצוזעצן זייער קאַמף און זיי האָבן געזוכט אַלערליי מיטלען, אַ־יף צו קאָנען באַקעמפן די השפּעה פון די חסידים אין אונ־דזער שטאָט.

צווישן די מיטלען מיט וועלכע די מתנגדים האָבן זיך באַנוצט צו דערלאַנ־

גען א קלאַפּ דעם חסידיזם, איז אויך געווען דער באַראַטונגס-קאַמער פון יידישע פאַרשטייער ביי דער קאָמיסיע פון יידישע ענינים, וואָס די פּוילישע אויטאָנאָמע צענטראַל־מאַכט, האָט געהאַט באַשטימט כדי צו „ציוויליזירן" די יידישע מאַסן.

לויט אונדזערע ידיעות, איז דער קאָמיטעט באַשטאַנען פון איין זייט פון אויסגעשפּראָכענע אַסימילאַטאָרן און משכילים, ווי מיכל עטינגער, יצחק יאָנאָ־שעם און די געמעסיקטע משכילים און לומדים ווי ר' שלמה פּוזנער און ר' אברהם שטערן און פון דער אַנדערער זייט פון די שטרענג־אָרטאָדאָקסישע רבנים, ווי ר' שלמה אייגער (צו יענער צייט אַ תושב אין וואַרשע און נאָכדעם דער ממלא מקום פון זיין באַרימטן פאָטער, ר' עקיבא אייגער), דער לובלינער רב ר' שלמה אשכנזי א. אַ.

וואָס האָבן אַזעלכע פרומע יידן און לומדים, ווי די רבנים אייגער און אשכנזי און דער פרומער למדן ר' חיים האַלבערשטאַם געהאַט צו טאָן מיט אַ קאָמיסיע, וואָס איז געוואָרן באַשטימט מיט דעם שטאַרק־צעפּייקטן צוועק, צו „ציוויליזירן" די יידישע מאַסן? ס'איז זיכער, אַז דער קאָמיטעט האָט אין גרונט געמיינט צו קענען לייזן וויכטיקע פראַגן, איבערהויפּט די פראַגע פון סטאַביליזירן דעם לעגאַלן סטאַטוס פון די יידן אין פּוילן. אָבער, עס איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז דורך דעם קאָמיטעט וואָלט מען געקענט אַ סך דערגרייכן, ווען עס וואָלט זיך איינגעגעבן, צו צוימען די חסידישע באַוועגונג אין פּוילן. די פרומע רבנים וועלכע זיינען געווען פייערדיקע מתנגדים און אָנהענגער פון ווילנער גאונס שיטה, האָבן געהאָפט אויסצונוצן די יידישע קאָמיסיע לטובת זייער ריכטונג. אָט די בשות־פותדיקע שנאה צו חסידות, האָט צוזאַמענגעבראַכט אַזוינע מאָדנע שותפים צו־זאַמען.

ווי מיר ווייסן שוין אויך, איז אַ מעזריטשער חשובער סוחר געווען איינער פון די קאָמיטעט־מיטגלידער וועלכע האָבן פאַרטראָטן דער פּראָווינץ. מעזריטשער האָבן, בכן, געהאָפט, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע מתנגדים וועלן זיי קענען דערלאַנ־גען דעם חסידיזם אַ טויט־קלאַפּ *).

ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, איז גאָרנישט אַרויסגעקומען פון יענער קאָמיסיע, און די יידישע ראַטגעבער האָבן גאָרנישט דערגרייכט. די פּאָלאַקן האָבן נישט גענומען ערנסט דעם פּאַרמעסט פון דעם קאָמיטעט צו רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן, פאַרפעסטיקן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און שאַפן פאַר זיי אַ לעגאַלן סטאַטוס, ווען אַפילו דאָס זאָל זיין אויפן חשבון פון פאַר־וואַנדלען די יידן אין אמתע „פּאָלאַקן פון משהס גלויבן". אויך די מעסיקע משכי־לים, פאַראייניקט מיט די מתנגדים אין זייער קאַמף קעגן די חסידים, האָבן אויך

*) זע אויספירלעכער וועגן דעם: דובנוב, „דברי ימי עם עולם", כרך ט', הוצאת „דביר", תל־אביב, ז. 148-49 און דר. י. שיפּער „זשידזשי קראָלעסטוואָ פּאָלסקיעגאָ וו' דאָביע פּאָוסטאַניא ליסטאָפּאַדאָוועגאָ", וואַרשע, 1932, ז. 31.

גאַרנישט געקענט דערגרייכן מיט דער הילף פון דעם קאָמיטעט. דורך פאַרשידענע מיטלען האָבן די חסידים באַוויזן אָפּצושרייען אַלע גזירות קעגן זיי. אַלץ וואָס מען האָט דאָ געפּועלט, מ'שטיינס געזאָגט, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, איז געווען, אָפּצושאַפן די כלומרשטע אויטאָנאָמיע פון די קהילות און דאָס שאַפן פון אַ ראַבינער־שולע, וועלכעס האָט געהאַט בלויז איין צוועק, צו דערווייטערן די יידן פון זייער אמונה; אַ זאַך וואָס דער באַקאַנטער משכיל און מאַטעמאַטי־קער ר' אברהם שטערן האָט באַטראַכט ווי שמד, און ווען מען האָט אים פאַר־געשלאָגן צו ווערן איר ערשטער דירעקטאָר, האָט ער זיך פון דעם „כבוד" אָפּ־געזאָגט. די חסידים האָבן דערוויַיל טריאומפירט. דער פאַרמעסט פון די מתנגדים צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ די חסידים דורך דעם יידישן קאָמיטעט, מיט דער הילף פון דער מאַכט, איז געווען אַ פאַרשפּילטער. די חסידישע באַוועגונג, אָנגע־פירט פון די רביים און חשובע חסידים, האָט איצט געהאַט אַ פריי פעלד פאַר איר אויסשפּרייטונג און דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף מעזריטש.

ווי שטאַרק די חסידישע באַוועגונג איז געווען אין מעזריטש און איר איינ־פלוס אויף דעם קהילה־לעבן, זעען מיר אויך פון דער באַשטימונג פון אַ צווייטן חסיד אַלס ראב"ד (ראש בית־דין). דאָס איז געשען אין יאָר תקצ"ב. ער האָט געהייסן ר' יעקב־דוד בידערמאַן און ער איז געווען צו־ערשט פון די גדולי תלמי־דים פון דעם רבין ר' שלמה־לייב לענטשער. נאָך דעם לעצטנס פּטירה, איז ער געוואָרן פון די גדולי תלמידים פון ר' מנחם־מענדל קאָצקער און נאָך דעם לעצטנס פּטירה, איז ער געוואָרן אַ תלמיד פון ר' איטשע־מאיר אַלטער — באַקאַנט אַלס בעל חידושי הרי"ם (זיי האָבן זיך אויך שפּעטער משדך געווען). ער איז נישט בלויז געווען אַ שאַרפער חסיד, באַאיינפלוסט פון זיינע דריי אויבנדערמאָנטע חסידישע רביים; נאָר ר' יאַנקל־דוד (אַזוי האָט מען אים גערופן) איז אַליין געווען אַ שטיק רבי און ער האָט זיך געפירט ווי אַ רבי. חסידים האָבן דערציילט מופתים פון אים און אים געהאַלטן פאַר אַ בעל רוח־הקודש.

מיין פאָטער הר' יחיאל נ"י, — וועלכער איז אַליין אָפּגערוקט פון אָט דער צייט בסך־הכל צוויי דורות און האָט נאָך אַליין געקענט זקנים פון יענעם דור מיט וועלכע ער האָט גערעדט (ער האָט אויך פיל געהערט פון זיין פאָטער, וועל־כער האָט זיכער געקענט יענעם דור און ער האָט אויך פיל געהערט פון זיין שוועער ר' יהודה־לייב, וועלכער איז געווען איינער פון יענעם דור, אַ חבר פון דעם צדיק ר' נתנקע מאָקאָווער, געפאָרן צום חוזה פון לובלין, צום קאָזשעניצער מגיד ר' ישראל און צו אַנדערע רביים פון יענער צייט), — האָט וועגן יאַנקל־דודן,י זיין פאָטער און אַנדערע צדיקים און חסידים אין זייער שייכות צו מעזריטש דערציילט אָט־דעם מערקווירדיקן עפּיזאָד:

ר' יאַנקל־דוד איז געווען באַקאַנט אַלס אַ בעל רוח־הקודש. ר' אייזיק ליכט־ציער, דער שוועער פון אהרן־הערש זשעליכאָווער (דעם לעצטן האָט דער שרייבער פון די שורות געקענט), האָט מיר דערציילט: איינמאָל ווען ער איז געגאַנגען

ערב־פסח דאַווענען צו ר׳ יאַנקל־דודן (ער פלעגט האָבן ביי זיך אַ חסידישן מנין), האָט אים ר׳ יאַנקל־דוד אַ זאָג־געטאָן: לויף שנעל אהיים, ווייל דאָרט געפינט זיך נאָך חמץ. האָט ר׳ אייזיק זיך דערשראָקן און געלאָפן אַהיים און אָנגעהויבן זוכן און געפונען אַ שטיק ברויט.

און נאָך האָט דערציילט מיין פאָטער:

ר׳ יאַנקל־דודס פירונגען זיינען אויך געווען אויסטערלישע. ווען עס איז געגאַנגען די סדרה ווו עס רעדט זיך וועגן קרבנות, וואָס די נשיאים האָבן געבראַכט ביים באַנייען דעם משכן, פלעגט ר׳ יאַנקל-דוד זיצן נעבן זיין הויז, וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער שול, און ער פלעגט צורופן די פאַרבייגייער און זיי פרעגן ווער ס׳איז געווען דער נשיא פון דעם טאָג. די אַלע וועלכע האָבן געוווּסט צו ענטפערן, האָט ער געטיילט בראָנפן מיט לעקעך.

זאָל עס זיין, אַז זיין רוח־הקודש און זיין צדקות האָבן אַזוי אימפּאָנירט דעם מעזריטשער קהל, אַז זיי האָבן אים צוליב דעם אויפגענומען אַלס ראַב״ד? די סיבה איז, וואַרשיינלעך, אויך נישט געווען, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער גאון, ווי עס איז צו זעען פון זיין באַרימטן ספר „הגהות מהרי״ד״ אויף ר״ש משאנץ, וואָס ער האָט אַרויסגעבן פון אַ כתב־יד צוזאַמען מיט דעם „תורת כהנים״ (וואַרשע, תרכ״ו). מעזריטש איז געווען באַקאַנט אַלס שטאָט פון גרויסע לומדים און עס האָבן אַוודאי נישט געפעלט קיין מתנגדישע לומדים און אַפילו בעלי־מופתים צווישן זיי.

פונקט אַזוי קענען מיר נישט אָננעמען די סברא, אַז זיין באַשטימען אַלס ראַב״ד איז געוואָרן דעצידירט דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ בן־עיר און ער איז געווען דער זון פון ר׳ ישראל־איסר און געשטאַמט פון דעם באַרימטן גאון דער בעל „כנסת יחזקאל״ א. אַ. גאונים, וועלכע האָבן געשמט אין דעם אַמאָליקן פוילן. גראָד פאַרקערט, דאָס וואָס ער איז געווען אַ בן־עיר, אַ מעזריטשער פון געבוירנשאַפט איז שוין גאָרנישט געווען קיין מעלה, און נאָך ווייניקער מעלה איז געווען, וואָס זיין פאָטער איז געווען ר׳ ישראל־איסר. ווייל ביי די מתנגדים איז ר׳ ישראל־איסר אַליין אויך נישט געווען צום הארצן.

ר׳ ישראל־איסר (דערציילט פון מיין פאָטער נ״י), האָט געשטאַמט פון אָפּאַטאָוו אָדער אַפּט *), באַקאַנט אַלס דאָס זיץ־פּלאַץ פון דעם באַרימטן צדיק

*) לויט דעם באַקאַנטן רבנים-פאָרשער ר׳ יוסף לעווענשטיין — סעראָצקער רבי, קומט אויס, אז ר׳ ישראל־איסר, איז פון דור־דורות א מעזריטשער. אָט וואָס ער שרייבט (זע אהל נפתלי, ווארשע תרע״א—1910 פון אברהם חיים שמחה בונם מיכל־זאָהן, זייט 118 אין דער באמערקונג): „דער גאון און צדיק מ׳ דובעריש — דער לובלינער מגיד, האָט אין זיין יוגנט געלערנט ביים גאון מ׳ רפאל הכהן בעל תורת יקותיאל זצ״ל פון פויזן און האמבורג און אין מעזריטש־דליטא האָט געוווינט הרב מ׳ זוסקינד בהגאון מ׳ פתחיה בהרב עיר דוד לידא און ער איז געווען א קרוב פון דעם ר׳ זוסקינד, דער פאָטער פון ר׳ רפאל האמבורגער. ר׳ זוסקינדס זון, ר׳ דוד,

ר׳ אברהם יהושע־העשל. זיינע עלטערן זיינען געווען רייכע יידן וועלכע האָבן געהאַלטן פּריצישע גיטער אין אַרענדע. אַלס קליין יינגל, האָבן אים די עלטערן געבראַכט צום ייד־הקדוש — ר׳ יעקב־יצחק פון פּשיסכע (דער ייד־הקדוש איז געווען אַן אַפּטער), אַז ער זאָל מיט אים לערנען. ר׳ ישראל־איסר האָט זיך געכאַוועט ביים „ייד" און געוואָרן פון זיינע גרויסע תלמידים. ר׳ ישראל־איסר פלעגט אין די שפּעטערע יאָרן, ווען ער האָט שוין געוווינט אין מעזריטש (ווי אַזוי ער איז געקומען צו באַזעצן זיך אין מעזריטש איז נישט באַקאַנט. מיר זיינען זיך משער, אַז ער איז געווען אַ מעזריטשער איידעם), דערציילט זאַכן, וואָס ער האָט געזען ביים „ייד" ווען ער האָט ביי אים געלערנט.

איינע פון צווישן די אינטערעסאַנטע מעשיות (דאָס האָט מיין פאָטער געהערט פון דעם זיידן. איך בין זיך משער אַז ער אַליין האָט עס נישט געהערט פון ר׳ ישראל־איסרן; ער האָט עס אוודאי געהערט פון זיין שווער און אַנדערע מעזריטשער, וועלכע זיינען געווען ר׳ ישראל־איסרס ידידים) וואָס ער האָט דערציילט, איז די:

ווען ער איז געווען אַ תלמיד פון ייד הקדוש — און ער איז שוין דעמאָלט

---

האָט געשיקט זיין זון בנימין בינוש פון מעזריטש צו לערנען אין ר׳ רפאלס ישיבה אין פויזן (דער בנימין בינוש איז שפּעטער געוואָרן דער איידעם פון דעם ניישטאָטער רבי, ר׳ חיים) און אָט דער בנימין בינוש און ר׳ דובעריש מגיד, זיינען געווען נאָענטע חברים. א דריטער תלמיד פון ר׳ רפאלן איז געווען דער גאון ר׳ נתן יחזקאל, אן אור־אייניקל פון דעם „פני יהושע" און אויך ער איז געווען זייערער א חבר.

„אין פּשיסכע האָט אמאָל געוווינט דער קאָזשניצער מגיד און ער האָט זיך דאָרט געחברט מיט דעם חשוב און לומדן ר׳ בער, וועלכער פלעגט פאָרן האנדלען קיין ליפּציק און האמבורג, שפּעטער, ווען דער מגיד איז געוואָרן בארימט אין קאָזשניץ, איז דער ר׳ בער געוואָרן זיינער א חסיד, אָט דער רב בער האָט געהאט א טאָכטער און ער האָט געזוכט א גוטן חתן פאר איר, זייענדיק ביים מגיד, האָט אים דער לעצטער געעצהט, אז ער זאָל זוכן א חתן פאר זיין טאָכטער אין ר׳ רפאלס ישיבה אין האמבורג. ער האָט אזוי געטאָן און ער האָט פארקנסט זיין טאָכטער צו דעם אויבנדערמאָנטן נתן יחזקאלן... ער איז געווען א מתנגד און זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען חקירה־ספרים און פילאָזאָפיע. יעדעס מאָל ווען ר׳ בער פלעגט קומען צום מגיד, פלעגט דער מגיד זיך נאָכפרעגן אויף זיין איידעם און פארוואָס ער קומט נישט צו אים.

„איינמאָל, איז דער מגיד געפאָרן קיין פּשיסכע און איז אליין געגאנגען רעדן מיט זיין איידעם, אָבער יענער האָט אים קוים אויפגענומען און דער מגיד האָט זיך צוריקגעקערט קיין קאָזשניץ אָן צו דערגרייכן זיין ציל.

„עס זיינען אריבער עטלעכע וואָכן און דער ר׳ נתן יחזקאל האָט זיך פארטיפט אין דעם חקירה־ספר „אור ד׳" פון ר׳ חסדאי און ער האָט זיך נישט געקענט אן עצה געבן און ארויס פון דעם פילאָזאָפישן פלאָנטער, און ער האָט באשלאָסן צו פאָרן צום מגיד, דער שווער האָט זיך דערפרייט און זיי זיינען פריויטיק געגאנגען צום מגיד נעמען שלום.

„פון דעם ערשטן געשפּרעך מיט דעם מגיד, האָט נתן יחזקאל געזען, אז דער מגיד קען לייענען זיינע געדאנקען און שבת ביים טיש האָט דער מגיד גערעדט וועגן

געווען אַ גאַנץ גרויסער למדן — פלעגט ער שטאַרק וועלן איינהערן זיך צו די געשפּרעכן, וואָס דער ייד־הקדוש פלעגט פירן יעדן אָוונט מיט זיין תלמיד — דער רבי ר׳ בונם פשיסכער. אָבער יעדעס מאָל פלעגן זיי אים זאָגן: „איסר, גיי שלאָפן״.

דער דאָזיקער אופן ווי זיין רבי און עלטערער חבר פלעגן זיך פירן מיט אים, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. ער האָט פאָרט געוואָלט וויסן, וואָס זיי שמועסן צווישן זיך; האָט ער באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, ער וועט זיי נישט פאָלגן און אויסזוכן כלערליי תירוצים, צו בלייבן אין חדר צוזאַמען מיט דעם רבין און זיין תלמיד. ער האָט עס אויסגעפירט. אָבער — האָט ר׳ ישראל־איסר ווייטער דערציילט — נישט נאָר האָט ער נישט פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון זייער שמועס, נאָר עס איז אים אויך אָפּגענומען געוואָרן דער כוח־השמועה. ער האָט זיי געזען בלויז באַוועגן מיט די ליפּן און נישט געהערט קיין וואָרט, וואָס זיי האָבן גע־רעדט.

שפּעטער, ווען דער „ייד״ איז נפטר געוואָרן, איז ר׳ ישראל־איסר שוין מער נישט געפאָרן צו קיין אַנדערן רבין. חסידישע רביים, וועלכע זיינען געקומען קיין מעזיטש (ווי ר׳ שלמה־ליב לענטשנער וועלכער איז אויך געווען פון די גרויסע תלמידים ביים „ייד״ און וועמען ר׳ ישראל־איסר האָט אוודאי שטאַרק פאַרהער־לעכט און צו וועמען ער האָט געשיקט זיין זון ר׳ יאַנקל־דודן. אָדער ר׳ אשר סטאָלינער, אַ זון פון ר׳ אהרן קאַרלינער, וועלכער האָט פאַרשפּרייט חסידות און געווען פון די גרעסטע תלמידים פון דעם מעזריטשער מגיד און אַ ציל־ברעט

---

די דאָזיקע ענינים און דער שמועס האָט נתן יחזקאלן געוויזן דעם וועג אויף אַרויס פון דעם פלאָנטער.

„אַ צייט שפּעטער, האָט זיך ר׳ נתן יחזקאל משדך געווען מיט זיין יוגנט־פריינט פון מעזריטש ר׳ בנימין־בינוש. ער האָט גענומען פאַר זיין טאָכטער חיה מינדל ר׳ בנימינס זון — ישראל איסר. דעם שידוך האָט צוזאַמענגעפירט טאַקע דער דריטער חבר ר׳ דובעריש — דער לובלינער מגיד. היות, ווי אין מעזריטש האָט זיך אָנגע־הויבן צו פאַרשפּרייטן דאָס חסידות פון דעם זשעליכאָווער צדיק, באַקאַנט אַלס ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, האָט ר׳ בנימין בינוש געבראַכט זיין יוגנט־חבר, דעם לובלינער מגיד צו דרשנען קעגן די חסידים און זיי האָבן, אַ דאַנק זיין השפּעה, גע־מאַכט אַ כתב געחתמעט פון אַלע שטאָט־מענטשן, נישט צו פאַרדינגען אַ קלויז פאַר די זשעליכאָווער חסידים.

„אָבער, נאָכדעם ווי ר׳ ישראל איסר איז געקומען קיין פשיסכע, איז ער געוואָרן אַ תלמיד פון דעם ייד הקדוש און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין מעזריטש, נאָך זיין פאָטערס טויט, האָט ער זיין משפּחה באַקערט צום חסידות און אין זיין פאָ־טערס הויז האָט ער געעפנט אַ חסידים־שטיבל.

„דער לובלינער מגיד, האָט עס אפילו פאָרויסגעזען און געזאָגט צו זיין חבר ר׳ בנימין־בינושן, אַז זיין זון וועט זיין אַרבעט צונישט מאַכן.

„ווען ר׳ ישראל־איסר האָט געפּראַוועט דעם פדיון־הבן פון זיין בכור (דער שפּע־טערדיקער ראב״ד פון מעזריטש) יעקב־דוד, זיינען געקומען צום פדיון־הבן דער

פאר די מתנגדים א. א.), זיינען איינגעשטאנען ביי אים. ר׳ ישראל־איסר אליין האט זיך געפירט ווי א רבי און איז געגאנגען אין די דרכים פון זיין רבין — דער ייד הקדוש. זיינע דרכים האבן ארויסגערופן גרויס קעגנערשאפט, נישט נאר צווישן די מתנגדים נאר אויך צווישן פיל חסידים אליין, דערפאר וואס דער „ייד" האט זיך דערלויבט צו דאווענען שפעטער סיי שחרית און סיי מנחה. די דאזיקע דרכים האבן אוודאי און אוודאי נישט אויסגענומען ביי די מעזריטשער מתנגדים. אויך וועגן ר׳ ישראל־איסרן האבן מעזריטשער חסידים דערציילט כלערליי מע־שיות וואס פאסן זיך פאר א רבין.

מיין פאטער האט דערציילט אזוי:

ר׳ ישראל־איסר פלעגט דאווענען ביחידות (דאס איז געווען דערפאר, ווייל ווען ער האט זיך אויסגעפארעט צו דאווענען שחרית האט מען שוין געהאט, מן־הסתם, אפעגדאווענט אין אלע שולן און, אפילו, שטיבלעך. מתנגדים האבן זיך שוין, אוודאי, געגרייט צו מנחה־גדולה. און אפשר, אויך צוליב אנדערע סיבות, — מ. ע.). איינמאל האט ר׳ אברהמל וואקערמאל (וואקערמאן האט געמיינט „נאמן", וואס איז געווען, ווי מיר האבן שוין פיל מאל געשריבן, א זייער וויכ־טיקער אמט אין דער אמאליקער אויטאנאמער קהילה אין פוילן, זייענדיק דער ממונה איבער דער קהלשער קאסע. ער איז אויך געווען דער, אזוי־גערופענער, „צערעמאניאל־מאסטער" אין שול בעתן דאווענען. אפילו עליות א. א. כיבודים האט ער אויסגעטיילט: ר׳ אברהמל איז געווען א חסיד פון דעם באקאנטן צדיק ר׳ יצחק ווורקער — מ. ע.) באשלאסן, איינמאל פאר אלע מאל, אז ער מוז זען

---

ייד הקדוש און זיין תלמיד ר׳ פרץ הגדול פון פשיסכע, איז געווען דער כהן. די מוטער פון דעם קינד — חיה מינדל, האט זיך באקלאגט פאר די צוויי צדיקים, אז די פיסלעך פון דעם קינד זיינען קרום. אויף דעם זאל דער ייד הקדוש האבן גע־ענטפערט: אבער זיין שכל איז א גלייכער".

אט די דאזיקע דאטן, זיינען פון גרויסן באדייט. עס איז בלויז א וואונדער וואס אין דעם פנקס פון דער חברא־קדישא, וואס ר׳ מאטל פרידמאן האט איבערגעשריבן, איז נישט פאראן קיין אנדייט וועגן דעם אלעם. נישט ער ברענגט ר׳ ישראל איסרן (דאס איז אפשר פארשטענדלעך זעענדיק ווי ער האט דורכגעלאזט כמעט אלע חסידישע יידן) און נאך מער חידוש איז, וואס ער האט דורכגעלאזט אזעלכע יידן, ווי ר׳ זיסקינד און ר׳ בנימין בייגושן, אייניקלעך פון דעם גרויסן רב דוד לידאי, דאקעגן ברענגט ער זיין טאכטער, שפרא, וועלכע האט געלעבט און איז געשטארבן אין מעזריטש (זע ווייטער אויסצוגן פון חברא־קדישא־פנקס, נומער 25), עס איז א פראגע וואס פאדערט א תשובה, אבער מיט דעם ווערט נישט אפגעפרעגט הרב לעווענשטיינס באהויפטונג.

א צווייטער ענין וואס ווערט באריט אין הרב לעווענשטיינס באהויפטונג, איז די אנטוויקלונג פון חסידות אין מעזריטש. מיר ווייסן, אז מעזריטש האט געהאט א חסידישן רב. זיין צייט פאלט אויס מיט יעם בארדיטשעווערס. זאל ער האבן געווען זיינס א חסיד? איז ער געווען א פארשפרייטער פון דעם בארדיטשעווערס תורה? ר׳ לוי־יצחק, ווי באקאנט, איז צומערשט געווען רב אין פינסק. ווען ער איז, צוליב

ווי ר׳ ישראל־איסר דאַוונט. האָט ער זיך אַריינגעגנבעט אין ר׳ ישראל־איסרס חדר און זיך באַהאַלטן אונטער די קליידער, וואָס זיינען געהאַנגען דאָרט און ער האָט געוואַרט. ענדלעך איז ר׳ ישראל־איסר אַריינגעקומען און זיך געשטעלט דאַווענען. ער האָט אַרויסגענומען דעם טלית און אָנגעהויבן זאָגן „ברכו נפשי" אין דאָ האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען אַרויף און אַראָפּ. נאָך אַ לענגערער צייט, האָט ער זיך צעשריגן: „כ׳וועל היינט נישט דאַווענען. הוציאו כל איש מעלי" (ס׳מיינט, קיינער טאָר נישט בייזיין. ס׳נעמט זיך פון דער סדרה ויגש, פּרשה מה, א.). ר׳ אברהמל האָט שפּעטער דערציילט, אַז ס׳איז געפאַלן אויף אים אַ גרויסער פּחד און ער איז פון דאָרטן אַנטלאָפן.

און אָט איז אַ צווייטע מעשה וואָס מיין פאָטער האָט געהערט פון זיין פאָטער:

איינמאָל איז ר׳ אשר הגדול (פון קאַרלין־סטאָלין) איינגעשטאַנען אַ שבת ביי ר׳ ישראל־איסרן און ער האָט דאָרט געדאַוונט. ווען ר׳ אשר איז אָפּגעפאָרן, האָט ר׳ ישראל־איסר געהייסן די בני־בית אין דער גיך אַרויסצוטראָגן אַלע שטוב־זאַכן, ווייל ער זעט פאַר, אַז ס׳וועט אויסברעכן אַ שריפה (זאָל עס זיין די שריפה פון תר״ח, ווען עס איז אָוועק אַ גרויסער טייל שטאָט?). ווען מען האָט אים געפרעגט פון וואַנען ער האָט עס געוווּסט? האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט עס מרגיש געווען ווען ער האָט געזאָגט „הודו" ערב שבת, צו מנחה (מיין פאָטער גיט נאָך צו, אַז ער האָט געהערט פון זיידן די ווערטער פונעם פּסוק, וואָס האָט אים געגעבן דעם דאָזיקן פאָרגעפיל. ליידער האָט מיין פאָטער פאַרגעסן דעם פּסוק).

---

דער מחלוקת מיט דעם רב אביגדור און זיינע קעגנער די מתנגדים, געוואָרן געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּינסק, איז ער אָנגעקומען אלס רב קיין זשעליכאָווי אין פּוילן. אויך פון דאָרט האָט מען אים אַרויסגעטריבן און ער איז אָנגעקומען קיין באַרדיטשעוו.

אינטערעסאַנט איז די באַהויפּטונג, אַז אונטער דעם איינפלוס פון דעם לובלינער מגיד, ר׳ דובעריש האַלפּערין און פון זיין חבר ר׳ בנימין־בייניש, האָט מען אין מעזריטש — לויט זיין דערקלערונג „כל בני העיר" — אַלע שטאָט־מענטשן — גע־חתמעט אַ כתב (מן הסתם מיט אַ חרם, מ. ע.) אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז מען זאָל נישט פאַרדינגען אַ דירה פאַר אַ חסידישן קלויז. דאָס לאָזט זיך אויך נישט גלויבן. ר׳ יעקב שפּירא, דער מעזריטשער מתנגדישער קנאי און שרייבער פון גע־שיכטע פון חסידיזם אין פּוילן, אויף דובנאָווס פאַרלאַנג, דערמאַנט נישט וועגן אַזאַ „כתב".

דער דריטער פּונקט אין זיין באַמערקונג, וואָס אינטערעסירט אונדז, איז זיין מעשה וועגן דעם פּדיון־הבן, וואָס ר׳ ישראל־איסר האָט געמאַכט און אויף וועלכן דער ייד הקדוש ר׳ יעקב יצחק פון פּשיסכע איז געווען אַגוועזנד צוזאַמען מיט זיין תלמיד ר׳ פּרץ הגדול. דאָס איז דער איינציקער מקור וואָס דערציילט אונדז, אַז דער „ייד" פון פּשיסכע איז אַמאָל געווען אין מעזריטש.

מיר האָבן דאָס געפילי אַז אויך אין דעם פאַל, ווי אין אַנדערע פאַלן, האָט הרב לעווענשטיין זיך באַנוצט מיט לעגענדע און פאַקטן און עס איז שווער פעסטצו־שטעלן, וויפל לעגענדע און ווירקלעכקייט עס איז פאַראַן אין דעם.

ס'איז אויסער יעדן ספק, אַז נישט די־אַ מעשיות און נישט ר' איסרס פּי־רונגען און אַפילו נישט זיין לומדות און יחוס, האָבן געשפּילט וואָסער עס איז ראָלע ביים אויפנעמען זיין זון — ר' יעקב־דודן — אַלס ראב"ד. די מתנגדים זיינען זיכער גאַנץ ווייניק נתפּעל געוואָרן פון דעם; בפרט, עס האָט נישט אויס־געפעלט סיי לומדות און סיי יחוס אין מעזריטש, וועלכע איז דעמאָלט, אין אַ סך יאָרן נאָכדעם, געווען באַקאַנט אַלס יחוס־שטאָט. פאַרקערט, עס איז אָנצונע־מען, אַז די מתנגדים האָבן, מן־הסתם, געטאָן אַלץ וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, כדי צו פאַרמיידן דאָס אויפנעמען פון אַ חסידישן ראב"ד, נאָכדעם ווי זיי האָבן פון יאָר תקע"א ביז תקצ"ב געהאַט אַלס רב איינעם פון די גרויסע רבנים אין זיין דור, דווקא נישט קיין חסיד.

ווען מיר נעמען דאָס אַלץ אין אַכט, מוזן מיר ווידער אַמאָל קומען צום אויספיר, אַז די סיבה איז צו געפינען אין דעם שטאַרקן איינפלוס וואָס די חסידים. אין יענער צייט, האָבן געהאַט אויפן קהלישן לעבן. נישט נאָר האָבן זיי געמוזט זיין גרויסע לומדים און חשובים, נאָר אויך גרויסע עשירים. צוליב די ביידע מעלות (עס קען נישט זיין אַז דאָס איז געשען צוליב זייער נומערישן כוח, ווייל נומעריש זיינען די חסידים געווען דווקא שוואַך; ווי מיר וועלן עס ווייטער זען), האָבן זיי געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער שטאָט. עס איז זייער אינטערע־סאַנט צו באַמערקן, פאַר וואָס מען האָט ר' יאַנקל־דודן מכבד געווען מיט דעם טיטל ראש־בית־דין. דאָס איז געווען נישט דערפאַר, ווייל מען האָט אים נישט געהאַלטן פאַר פּאַסנד צו באַקליידן דעם כסא־רבנות פון מעזריטש. נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל זייענדיק אַ מעזריטשער האָט מען אים באין־אופן נישט געקענט אויפנעמען אַלס רב, ווייל עס איז געווען קעגן דעם חרם פון דעם יאָר תקמ"ו, וואָס האָט פאַרבאָטן אויפצונעמען אַ מעזריטשער אָדער אַ מעזריטש'ער איידעם, צי אַ קרוב פון אַ מעזריטשער אַלס רב. דאָס איז דאָך אויך געווען די סיבה, פאַר וואָס מען האָט מעביר געווען דעם מעזריטשער בן־עיר ר' אברהם במ' יהודה־לייב פון כסא־הרבנות און אים באַשטימט אַלס ראש הדיינים. וואָלט ר' יעקב־דוד נישט געווען זיין קיין מעזריטשער, וואָלט מען אים זיכער געקרוינט אַלס רב, ווייל גראָד אין יענעם יאָר איז נפטר געוואָרן דער מעזריטשער רב ר' נחמן.

נישט בלויז די באַדייטנדיקע חסידישע השפּעה, האָט באַווירקט די מעזרי־טשער מתנגדים מסכים צו זיין אויף אַ חסידישן ראב"ד. מיר מיינען, אַז אין מעזריטש האָט ביזן אָנקומען אויף דער רבנות־שטעלע פון דעם באַקאַנטן גאון ר' רפאל יום־טוב היילפּערין, אין אַלגעמיין געהערשט אַ גוטע ביציאונג צווישן די צוויי לאַגערן: כאָטש עס זיינען, נאַטירלעך, געווען מאָמענטן פון מחלוקת. די מחלוקות זיינען אָבער נישט אַרויס פון די גרענעצן פון אָנשטענדיקייט. באַ־ווייזן דערצו זיינען דאָ אַ סך.

מיר ווייסן פון פאַרשידענע קוועלן, אַז דער ווילנער גאון, איז אויף זיינע גלות־וואַנדערונגען געווען אין מעזריטש און דאָרט זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע

מעג. דאָס איז זיכער געשען דערפאַר, ווייל דעם גאון איז געפעלן געוואָרן מעז־ריטש, וואָס האָט געשמט מיט אירע לומדים (מיין פאָטער דערציילט, אַז ער האָט געקענט די יידענע, וועלכע האָט דעם גאון באַדינט. זי האָט געהאַט אריכת־ימים און זי פלעגט זאָגן, אַז דער גאון האָט איר געבענטשט דערמיט). ער האָט דאָרט געהאַט פיל אָנהענגער, און דאָך האָט מען אין מעזריטש אויפגענומען אַ חסידישן רב. שפּעטער האָט מען אויפגענומען אַ חסידישן ראב״ד. דער נאָמען ר׳ אברהמל, איז געווען אַ וווּרקער חסיד. מיין פאָטער דערציילט: ר׳ אברהמל (וועמען דער עלטער־זיידע האָט גוט געקענט) פלעגט נאָך די תפילות אין שול, ווו ער פלעגט שטיין אויפן באַלעמער אין אַ צילינדער־הוט, זיך איבערטון אין חסידישע בגדים און גיין צו זיינע חסידים אין שטיבל אריין. דאָס באַשטימען אַן אויסגעשפּראָ־כענעם חסיד פאַר נאָמען, איז נאָך אַ באַווייז, אַז אין אַלגעמיין זיינען די באַציאונ־גען צווישן חסידים און מתנגדים געווען נישט קיין שלעכטע.

און נאָך אַ באַווייז דערצו איז דער פאַקט:

מיט אַן ערך 100 יאָר צוריק, האָט מען אין מעזריטש געדאַרפט אויפנעמען נאָך אַ שוחט. ווי דער שטייגער, האָט מען געזוכט אַן ערלעכן ייד, אַ שוחט מיט אַלע מעלות. די חסידים האָבן געפאָדערט מען זאָל אָנשטעלן אַ חסידישן שוחט, אַזוי ווי די ערשטע שוחטים אין שטאָט זיינען געווען מתנגדים. די קהילה האָט דעם פאַרלאַנג נאָכגעגעבן, כאָטש לויט דער פּראַקטיק, איז אויסגעקומען אַז די חסי־דים האָבן געקענט בלויז אויף דריי־פערטל שוחט. די מתנגדים האָבן זיך, הייסט עס, נישט איינגעריסן און האָבן אויפגענומען דעם שוחט ר׳ יהודה־לייב (גערופן ר׳ יודל) זאַלצמאַן, וועלכער איז געווען פון די חשובע חסידים אין קאָזשניץ און לובלין און אַ מקורב פון דעם צדיק ר׳ נתנקע מאָקאָווער (דער ר׳ יודל איז דער עלטער־זיידע פון דעם שרייבער פון די שורות).

מיר זעען אַלזאָ, אַז אין די באַציאונגען צווישן די מתנגדים און די חסידים, האָבן די מעזריטשער קהילה־פירער זיך באַמיט אויסצומיידן ווי ווייט מעגלעך אומנוצלעכע מחלוקתן; כאָטש, ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, אינגאַנצן פאַרמיידן צוזאַמענשטויסן צווישן די צוויי קעגנגעזעצטע צדדים, איז געווען אַביסל שווער. די סיבות צו דער שטעלונג מצד די קהילה־פירער זיינען טאַקע געווען די מאָטיוון וואָס מיר האָבן פריער געברענגט. קודם־כל האָבן זיי זיך גע־רעכנט מיט דעם פאַקט, וואָס דער חסידישער סעקטאָר האָט צו יענער צייט באַ־טראָפן כמעט אַ דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג און אויך צוליב דעם, ווייל דער חסידישער טייל פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען אין מערסטנ־טייל פון אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער קהילה — עשירים און יחסנים, אַזוי, אַז זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ היפּשן כוח. די מעזריטשער קהילה, האָט טאַקע דעריבער זיך באַמיט אויך נישט צו מאַכן דעם טעות, וואָס ס׳זיינען באַ־גאַנגען אַנדערע קהילות, וועלכעס האָט דערפירט צו דער שפּאַלטונג אין אַ סך יידישע ישובים, ווו מ׳איז דערגאַנגען אויף אַזוי ווייט, אַז אין איין און דער

זעלבער שטאָט האָבן געהאַט אייגענע שוחטים און רבנים, די מתנגדים און די חסידים, יעדער באַזונדער.

עס איז אויך כדאי צו באַמערקן, אַז די יידישע אויטאָנאָמיע איז צו יענער צייט, שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט און דער כוח פון די ראשי־הקהילה אַרויפצוצווינגען זייער ווילן אויף די קהילה־מיטגלידער, איז שוין מער נישט געווען אין קראַפט. צוליב די אָדער אַנדערע סבות, וואָס האָבן עקזיסטירט אין געוויסע קהילות (גראָד אין די סביבות פון מעזריטש, וועלכע זיינען דווקא געשטאַנען אונטער דער השפעה פון ווילנע), האָט דאָס פייער פון מחלוקת, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויסן טייל פון יידנטום, זיי אויסגעמיטן, אַזוי לאַנג ווי מען האָט עס נישט אויפגעבלאָזן. אַזוי איז טאַקע געשען מיט אונדזער מעזריטש.

אַ שטאַרקן שטויס האָט די אַנטי־חסידישע באַוועגונג אין מעזריטש באַקומען, בעת אויף דעם כסא־רבנות איז געזעסן דער באַרימטער גאון און מקובל ר׳ אפרים־אליעזר הרל״פ (באַקאַנט אַלס ר׳ לייזער הרל״פ), און נאָכמער, בעת זיין אָרט איז, נאָך דעם לעצטנס פטירה, פאַרנומען געוואָרן פון דעם שוין־דער־מאָנטן ר׳ רפאל יום־טוב ליפּמאַן (גערופן ר׳ ליפּעלע) היילפּערין.

ר׳ אליעזר הרל״פ איז געווען איינער פון די פירנדיקע רבנישע פּערזענלעכקייטן אין זיין דור און ער איז געווען פאַרהערלעכט ביי אַלע גדולים אין זיין צייט. ר׳ עקיבא אייגער, דער באַרימטער פּויזנער רב, פלעגט אים רופן ר׳ אליעזר הגדול און זיך אויפשטעלן ווען ער פלעגט דערמאָנען זיין נאָמען. אַ חוץ גאונות, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעצייכנט, האָט ער אויך געשמט אַלס גרויסער מקובל און בעל־מופת. ר׳ לייזער האָט געפונען שוואַכע פונקטן אין די פירעכצן פון די חסידים און ער האָט אויף זיי שטאַרק געקלאַפּט. נאָך איידער ער איז געוואָרן רב אין לאָמזשע (פון וואַנען ער איז אָנגעקומען קיין מעזריטש), ווען ער איז נאָך געווען רב אין דער קלענערער קהילה פון שטוטשין, האָט ער זיך געשטעלט אין דער פאָדערשטער ריי פון אַ גרופּע מתנגדישע רבנים און אַרויסגעטראָטן אין אַ שאַרפן בריוו אַקעגן דעם שטאַרק־פּאָפּולערן רבין, ר׳ בונם פּשיסכער.

אין דעם דאָזיקן בריוו טאַדלט ר׳ לייזער הרל״פ דעם רבין ר׳ בונם, הלמאי די חסידים זיינען עובר אויף זמן־תפילה און קריאת־שמע (מיר האָבן שוין פריער געשריבן, אַז דאָס שפּעט דאַווענען איז באַזונדערס געוואָרן פּאָפּולער זינט דעם ייד הקדוש, וועמענס געטרייער תלמיד דער רבי ר׳ בונם איז געווען); הלמאי די חסידים טרינקען אַ סך און גיבן זיך אָפּ ווייניק מיט לערנען און נאָך אַ ריי אַנדערע טענות. דער דאָזיקער בריוו, כאָטש ער איז קיינמאָל נישט געוואָרן געדרוקט (דאָס איז אַגב אַ באַווייז, אַז ר׳ לייזער הרל״פ האָט נישט געוואָלט אויף דער אמתן פאַרפירן קיין מחלוקת מיט אים אָדער אַנדערע חסידים. נאָר ווירקן אויף זיי דורך אַ שטילע קאָרעספּאָנדענץ און מיינונגס־אויסטויש), איז ער פיל מאָל איבערגעשריבן געוואָרן פון מתנגדים, איבערהויפּט פון דעם אונדז שוין

לאנג־באקאנטן ר׳ יעקב שפּירא, וועלכער איז געווען א תלמיד פון ר׳ לייזער חרל״פ, מיט וועלכער ער איז אויסן געווען אויפצובלאָזן דאָס פייער פון מחלוקת קעגן די חסידים. און מערקווירדיק, נישט געקוקט אויף דעם שאַרפן טאָן פון דעם בריוו, האָבן די חסידים נישט נאָר נישט גערעדט אַ שלעכט וואָרט אויף אים (צו אַזאַ באַציאונג מצד די חסידים צו זייערע קעגנער, האָט נישט זוכה געווען קיין שום אַנדער רב, און אַפילו אַזעלכע באַרימטקייטן ווי דער גאון פון ווילנע), נאָר זיי האָבן דערמאָנט זיין נאָמען מיט גרעסטן יראת־הכבוד, און נישט נאָר די חסידים. אויך די רביים האָבן אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ צו ר׳ לייזער חרל״פ און אָנגענומען זיינע מוסר־רייד באהבה, כאָטש זיי האָבן דערמיט נישט גע־ענדערט זייערע פירעכצן.

דעם זעלבן דרך־ארץ־טאָן, האָט אויך אָנגעהאַלטן רבי בונם פשיסכער, אין זיין תשובה צו ר׳ לייזער חרל״פ. דער ענטפער איז געדרוקט אין דעם ספר „עטרת צבי״ פון ר׳ לייזער חרל״פ, אַרויסגעגעבן פון זיין אייניקל (וואַרשע, תרנ״ד) און אין ספר „קול שמחה״ פון רבין ר׳ בונם, אַרויסגעגעבן מיט יאָרן שפּעטער (פּיעטרקוב, תרס״ג).

דאָס איז דער אינהאַלט פון דער תשובה:

„שלום טובה וברכה תבא אל כבוד מרן וגו׳ הרב הגאון מו״ה אליעזר צבי הירש חרל״פ נ״י אבד״ק שצוצין יצ״ו.

„את קולו קול חוצב להבות אש בין אבני אש יתהלך. אזני שמעה ותיבן לה תוכחת מגולה וגו׳. ונאמנים פצעי אוהב ה׳ ותוה״ק. יהלמני צדיק חרפה כהנה וכהנה. ידעתי כי לא מקנאה ושנאה ידבר רק מתוך רשפי אש יה אשר בקרבו ואהבת תמים דעים בשלהבת יה. חכמתו ויראתו וגדולת למודו שמעה אזני מפי כבוד אוצר בלום בנסתר ובנגלה וגו׳ מו״ה יצחק מלובלין זלה״ה, ומה גם מכבוד הרב הגאון מו״ה יצחק יהודי זלה״ה. כמעט לא זז מהבבו ותמיד תהלתו בפיו היה. ע״כ פקודתו שמרה רוחי ואולי אוכל ורבות עשיתי ואעשה למען קדושת שמו ית׳ (יתברך). ואהבתו בלבי ועל כל פשעים תכסה אהבה ושלום למר ולתורתו״.

אין יידישער איבערזעצונג לייענט זיך דער בריוו אַזוי:

„זיין קול, אַ מעכטיק קול וואָס האַמערט אויס פלאַמען פייער פון צווישן פייערדיקע שטיינער, האָט מיין אויער פאַרנומען און האָט פאַרשטאַנען די אָפענע שטראָף־רייד א. אַ. וו. די ווונדן פון איינעם וואָס האָט ליב גאָט און זיין הייליקע תורה זיינען אַננעמבאַר. מעג מיך אַ צדיק פאַרשעמען צוויי מאָל אַזוי פיל. ווייל איך ווייס, אַז ער רעדט עס נישט מחמת קנאה אָדער שנאה, נאָר צוליב די געט־לעכע פונקען, וואָס האָבן זיך צעפלאַקערט אין אים און מחמת ליבע צום אויי־בערשטן וואָס ברענט מיט אַ געטלעכן פלאַם. מיין אויער האָט געהערט פון זיין חכמה און יראה און די גרויסקייט פון זיין לערנען פון „כבוד אוצר בלום״ — פאַרבאָרגענער אוצר... מו״ה יצחק מלובלין ז״ל (דאָס איז דער באַרימטער חוזה

פון לובלין — מ. ע.) און אויך פון כבוד מרן הרב הגאון מו"ה יצחק היהודי (דער ייד הקדוש — מ. ע.). ער האָט כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהערט אים ליב האָבן און ער האָט אים תמיד געלויבט. מחמת דעם, וועל איך אַפּהיטן זיין באַפעל און אויב איך וועל קענען, וועל איך טאָן פיל מער צוליב דער הייליקייט פון זיין נאָמען יתברך. מיין ליבע צו אים איז אין מיין האַרץ און די ליבע פאַרדעקט אַלע זינד און ס׳זאָל זיין שלום צו אים און צו זיין תורה.

די רייד פון שמחה בונם במו"ה צ"ה זלה"ה".

די דאָזיקע תשובה, איז ספּעציעל מערקווירדיק. הן צוליב איר הכנעהדיקן טאָן און הן צוליב איר אינהאַלט. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ מין ענטפער ווערט געגעבן נאָר צו איינעם, וועלכער איז נישט אויסן מחלוקת. עס איז קלאָר, אַז דער רבי ר׳ בונם האָט נישט אָנגענומען דעם בריוו פון ר׳ לייזער הרל"פ, ווי אַן אויסדרוק פון שנאה צו חסידים און צו חסידות. נאָכמער, דאָס וואָס זיינע צוויי גרויסע רביים — דער חוזה פון לובלין און דער ייד הקדוש, — האָבן מיט גרויס דרך־ארץ גערעדט וועגן אים און, ווי ער זאָגט עדות, האָבן נישט אויפגעהערט אים ליב האָבן און געהאַט בלויז שבחים פאַר אים, זיינען געווען פאַר אים אַ גע־נוגנדיקער באַווייז, אַז ר׳ לייזער הרל"פ געהער נישט צו די רבנים, וועלכע באַ־קעמפן חסידים און חסידות אַלס אַ שיטה. מחמת דעם, האָט אפילו דער שאר־פער רבי, ר׳ שמחה־בונם, נישט נאָר גערעדט צו אים מיט הכנעה און גוואַלטיקן דרך־ארץ, נאָר אויך צוגעזאָגט צו טאָן אַלעס מעגלעכעס צו דערפילן „זיין באַ־פעל", כדי צו הייליקן דעם נאָמען פון השם־יתברך.

דאָס איז, דוכט זיך, קלאָר און דאָך האָט זיך דובנאָוו געלאָזט פאַרפירן פון זיין מתנגדיש־משכילישן פאָראורטייל לגבי חסידים און חסידות און איז געקו־מען צו דעם פאַלשן אויספיר, אַז רבי בונם האָט געזוכט זיך אַרויסצודרייען פון געבן אַ קלאָרע תשובה דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף דעם הרל"פס אייסזעצונגען און ער האָט דעריבער אויסגעמיטן פון געבן אַ קלאָרן ענטפער. פּונקט אַזוי אומבאַגרינדעט, איז אויך דובנאָווס דערקלערונג, אַז ר׳ לייזער הרל"פ איז געווען איינער פון יענע רבנים, וועלכע האָבן גערודפט די חסידים און זייערע רביים. ווי אַזוי ער איז געקומען צו דער מסקנא, אויפן סמך פון דעם בריוו, איז אומפאַרשטענדלעך.

מיר זיינען חושד, אַז נישט נאָר איז דובנאָוו געשטרויכלט געוואָרן פון זיין פאָראורטייל לגבי דעם חסידיזם, ווי דאָס ווייזט זיך אַרויס אַזוי בולט אין זיין „געשיכטע פון דער חסידישער באַוועגונג". נאָר מיר האָבן דאָ אויך צו טאָן מיט בכיוונדיקע טענדענציעזע אַנטי־חסידישע אויספירן.

ווי מיר האָבן שוין געשריבן, האָט זיך דובנאָוו דערוווּסט פון דעם בריוו, וואָס דער מאַקאָווער אַנטי־חסידישער מגיד, ר׳ דוד, האָט געשריבן צו זיין מעזריטשער קוזין, ר׳ יודל „ספרא ונאמן". ווי אויך פון ר׳ לייזער הרל"פס ב־יוו

צי רבי בינמען, פון זיין מעזריטשער קארעספאנדענט ר׳ יעקב שפירא. דובנאוו אליין דערמאנט עס אין זיין „געשיכטע פון חסידיזם״ (באנד דריי, אין די ביבליאגראפישע נאטיצן) ר׳ לייזערס בריוו, האט שפירא אנגערופן „פלא יועץ״. דאס ווערט אויך קלאר פון דעם בריוו, וואס ר׳ יעקב שפירא האט געשריבן צו דובנאוון (געפינט זיך אין דעם דובנאוו־ארכיוו פון ייווא, ניו־יארק) און איז דאטירט — מעזריטש, יום ב׳, ה׳ ניסן תרנ״א.

אגב, אין דעם בריוו שרייבט שפירא צווישן אנדערעס, אז ביי אים געפינט זיך אן אריגינעלער כתב־יד מיטן נאמען „טעאטער פון חסידיזם״ (דאס איז די באוואוסטע אנטי־חסידישע דיאלאגניזירטע סאטירע פון אפרים פישלזאן, וועלכער האט געשטאמט פון קרושנאוויץ און יארן־לאנג געוווינט אין זאמאשטש, פארעפנטלעכט אין 1טן באנד „היסטארישע שריפטן״ פון ייווא, ווילנע. דעם כתב־יד האט אויף דער רעקאמענדאציע פון דובנאוון, געקויפט פון שפיראן, דער רעדאקטאר פון דעם „המליץ״, צעדערבוים). ער דערמאנט אויך דעם כתב־יד „זמיר עריצים״ פון ר׳ דוד מאקאווער, און ער רעקאמענדירט אויף דובנאוום פארלאנג, אז ער (שפירא) זאל אויפשרייבן פאר אים די געשיכטע פון די צדיקים (ער מיינט חסידיזם) אין פוילן. אזא ארבעט האט אים שפירא צוגעשטעלט און דובנאוו האט זיך מיט דעם מאנוסקריפט באנוצט, ווי עס איז צו זען פון די שוין דערמאנטע ביבליאגראפישע נאטיצן אין זיין דריטן באנד „לתולדות החסידות״. אין דעם בריוו גיט אבער שפירא צו א קורצע איינלייטונג, וואס ווייזט ארויס שפיראס פאראורטייל לגבי דעם חסידיזם.

ער שרייבט דארט (איך גיב די יידישע איבערזעצונג):

„דער אנהויב (פון חסידיזם אין פוילן — מ. ע.) צעטיילט זיך אויף דריי הויפט־צווייגן אין דריי שטעטלעך: פשיסכע, — דארט האט געוווינט דער ייד־הקדוש; קאזשניץ — דאס וווין־ארט פון דעם מגיד ר׳ ישראל ז״ל; לובלין — דאס ארט פון הר׳ איציק ז״ל, דער רבי פון לובלין. די צייט פון זייער טעטיקייט, איז די צווייטע העלפט פון דעם פארגאנגענעם י״ה (דאס הייסט פון 18טן י״ה — מ. ע.). דער רבי פון לובלין האט געהאט א שטן קעגן זיך דעם רב המגיד, אן אפשטאמיקער פון ליטע, וועלכער איז געווען שטארק באריממט מיט זיין צדקות (ער מיינט אוודאי דעם לובלינער רב, באקאנט אלס „אייזערנער קאפ״ — מ. ע.). אויך אין ווארשע איז געווען טעטיק הרב הגביר... ר׳ זלמן פויזנער ז״ל (מיר האבן שוין דערמאנט דעם ר׳ זלמן פויזנער, אין שייכות מיט דעם יידישן באראטונגס־קאמער; ער איז געווען א שארפער מתנגד, א למדן און אנגעשטעקט מיט השכלה — מ. ע.). ער איז דער יעניקער, וועלכער האט געשטיצט ר׳ יוסף פערלס, ווען ער איז געקומען קיין ווארשע אפדרוקן זיין ספר מגלה טמירין (קעגן די חסידים — מ. ע.). ער האט אים געגעבן דערויף 300 רובל. ער איז נאכדעם געפארן קיין ווין און דארט אפגעדרוקט דאס ספר. אין דער זעלבער צייט האט געלעבט אין ווארשע דער נגיד און בעל־צדקה, א קרוב צום מלכות, זיין נאמען איז

בערקע, תמר׳לס מאַן (דער בערקע האָט זיך באַרימט־געמאַכט מיט ראַטעווען יידישע לעבנס אין וואַרשע־פּראַגע בעת די קאָזאַקן האָבן געפּראַוועט אַ שחיטה אויף די יידן אין וואַרשע. תמרל איז געווען אַ גרויסע חסידיתטע. זי האָט געשטיצט דעם רבין ר׳ בונם און זיינע תלמידים און פיל פון זיי זיינען געווען אירע אָנגעשטעלטע, איידער זיי זיינען געוואָרן רביים — מ. ע.). ער האָט דערהויבן דעם שטראַל פון דעם ר׳ בונמען ז״ל, וועלכער איז געקומען פון בערלין (ס׳איז נישט באַוויזן געוואָרן אויב רבי בונם האָט געוווינט ווען עס איז אין בערלין — מ. ע.) מחמת דעם וואָס זיין פאָטער הר׳ צבי־הירש, איז דאָרט געווען אַ בעל־דרשן און ער האָט מחבר געווען דעם ספר „עשרה למאה״ (אַ באַרימטער דרוש־ספר מיט וועלכן דרשנים האָבן זיך שטאַרק באַנוצט, אפילו נאָך היינט אויך — מ. ע.). דער אויבנדערמאָנטער ר׳ בונם איז געווען אַ מענטש מיט בילדונג און געווען אַן אָנגעשטעלטער אין ה׳ בערקעס עסקים דאָ אין שטאָט און מחוץ דער שטאָט (זע ווייטער אין זעלבן קאַפּיטל וועגן דעם עפּיזאָד — מ. ע.), און ער איז געוואָרן בלינד אויף ביידע אויגן און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך דערקלערט אַלס צדיק (אין דעם העברעאישן טעקסט דרוקט זיך שפּירא אויס — ומאז היה מצטדק — גאָרנישט קיין פּאַסענדער אויסדרוק — מ. ע.), ווייל ער האָט מקבל געווען דעם דרך החסידות פון דעם לובלינער און פון דעם פּשיסכער צוזאַמען, און פון אים זיינען אַרויסגעקומען די צדיקים פון דעם צייט־אָפּשניט פאַר אַנדרוזעריקן דור.

„איין זאַך וועל איך דאָ פאַרברענגען קעגן אייך (דאָס הייסט קעגן דובנאָוון אַליין — מ. ע.) אַז ער טוט גאָר קיין חכמה נישט, ווען אין זיין שרייבן באַמיט ער זיך גאָר אַ סך צו לויבן דעם ר׳ שניאורזאָנען (דאָס מיינט ער דעם גרינדער און דעם באַגרינדער פון דעם חסידישן צווייג חב״ד, ר׳ שניאור־זלמן פון ליאַדי, וועלכער איז צוויי מאָל איינגעזעצט געוואָרן אין פּעטערבורג, מחמת די מסירות פון מתנגדים — מ. ע.) און דעם אשכול (אשכול הייסט אייגנטלעך אַ הענגל מרויבן. אָבער מיט דעם נאָמען ווערט באַצייכנט אַ גרויסער תלמיד־חכם אין דער רבנישער ליטעראַטור, ווו אשכול ווערט אויסגעטייטשט אַלס — איש שהכל בו — אַ מענטש וואָס באַזיצט אַלע חכמות. אַלזאָ, מיט דעם וואָרט אשכול מיינט שפּירא דעם ווילנער גאון — מ. ע.) ווענענס נאָמען אַלע רבנים און חכמים הויבן זייער שטאַרק. אים שטעלט איר אַרויס צו שאַנד און שפּאָט, ווי עס איז לעצטנס געפאַלן פון אייער פּען, אַזוי אַז איך וואָלט עס נישט געגלויבט ווען איך זע עס נישט מיט מיינע אייגענע אויגן. איר מוזט פאַרשטיין, אַז די וואָס האַלטן זיך פאַר חסידים, וועלן נישט, ביי ווי סיי, געפונען אייער אַרבעט אַלס גוט פאַר זיי און זיי וועלן סיי ווי נישט וועלן וויסן פון אייער אַרבעט, און אויב ס׳וועט זיי ווער דערציילן אַז עס געפינט זיך איינער, וואָס שרייבט חסידות אויף רוסיש, וואָס איז באַקאַנט צו די גויים אין דעם לאַנד, וועט ער מיט דעם גורם זיין מען זאָל דעם מחבר שעלטן און נישט בענטשן. און ווער זיינען דען אייערע לייענער,

אויב נישט די פאַרשטענדיקע ליטווישע יידן; צו וואָס האָט איר זיך באַנאַרישט אַזוי, צו פאַרשוועכן דעם עלטסטן פון דעם לאַנד מיט פאַלשקייט, און ווער וועט דאָס פאַרשווייגן? און וואָס וועט עס געבן און וואָס קען עס מערן צו אַ פאַר־שטענדיקונג דאָס וואָס איר מאַלט שניאורזאָנען אַלס אַ מענטש מיט גוטע מידות, וועט איר מיט דעם רעכטפאַרטיקן זיין שיטה? און וואָס איז שלעכט אויב דער גר״א (ר' אליהו דער ווילנער גאון — מ. ע.) איז האַרט ווי אייזן? צוליב אייער אייגענע טובה און אייער זעלבסט־ליבע זאָלט איר נישט מאַכן מער אַזאַ טעות. ווערטער מערן בלויז נאַרישקייט. ברוך־השם, איר האָט כוח אין אייער מויל און די פען אין אייער האַנט איז אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן, צו רעדן דאָס וואָס עס איז ריכטיק, וואָס פאַרשטענדיקע זאָלן זיך פרייען מיט זיי, און אויך איך, אייער פריינט, וואָס ווינשט אייער וווילזיין.

יעקב שפּיראָ".

מיר האָבן זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף שפּיראָס בריוו, ווייל ער באַווייזט אַזוי בולט, ווי שטאַרק סוביעקטיוו ער איז געווען און פאַראורטיילעריש לגבי דעם חסידיזם. ער האָט צוגעשטעלט דובנאָוון נישט נאָר היסטאָרישן מאַטעריאַל, ווי די בריוו פון ר' דוד מאַקאָווער און ר' לייזער הרל״פ און נאָך און נאָך, — נאָר ער האָט פאַר דובנאָוון אויך באַלויכטן און באַשריבן די חסידישע באַוועגונג אין פּוילן. נישט קיין וווּנדער, וואָס דובנאָוו איז אַזוי געשטרויכלט געוואָרן אין זיין אָפּשאַצונג וועגן דער ראָל פון ר' לייזער הרל״פ אין זיין התנגדות צו הסי־דות, אַז ער מאַכט אים אַפילו אַלס אַ פירנדיקן רב אין דעם קאַמף מיט די חסידים. דאָס איז ווייט פון דערווירקלעכקייט. עס איז נישט קיין ספק, אַז דער הרל״פ האָט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן חסידים און קעגן זייערע רביים, מחמת אַ סך מאָטיוון, אָבער ער האָט זיי נישט פאַרפאָלגט דערפאַר און מיר האָבן גראָד פאַרקערטע עדות, אַז ער האָט זיי אויך פאַרהערלעכט.

אַז ר' לייזער הרל״פ איז נישט געווען צופרידן מיט געוויסע דרכים פון די חסידים און זייערע רביים, האָבן מיר שוין געזען אין דעם אויבנדערמאָנטן בריוו. איבערהויפּט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס די חסידים פאַרשפּעטיקן דעם זמן־תפלה. ענלעכעס דערציילט מיין פאָטער, אַז ר' לייזער הרל״פ האָט אַמאָל געשיקט שלי־חים צום באַקאַנטן צדיק ר' שלמה־לייב לענטשנער, ווען דער לעצטער איז געווען אויף איינע פון זיינע באַזוכן אין מעזריטש, ווו ער האָט געהאַט זיינע חסידים, אַז ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן דעם זמן־מנחה. ווי באַקאַנט, איז ר' שלמה־לייב לענטשנער געווען פון די גדולי תלמידים פון דעם חוזה און פון ייד־הקדוש און ער האָט זיך געפירט ווי דער לעצטער.

ווי מיר זען, איז ר' לייזערס קעגנערשאַפט געווען נישט אַזוי קעגן דעם עצם חסידיזם, נאָר קעגן געוויסע פירעכצן פון די חסידים, וואָס דער הרל״פ, וועלכער האָט זיך דערצויגן אויפן „שוים" פון דער מתנגדישער שטעלונג צו דער הלכה, האָט איינגעזען אַז זיי זיינען נישט אין הסכם מיט די עיקרים, פון וועלכע מען

טאָר נישט אָפּנויגן. אָט די דאָזיקע שיטה זיינע, ווערט אויך זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט אין די צוויי מעשיות, וואָס דער באַרימטער גאון ר' יאָשע־בער סאָלאָווייטשיק, דער בריסקער רב פלעגן דערציילן (איך האָב עס געהערט פון פּראָפעסאָר שרגא אַבראַמסאָן פון ירושלים, היינט פּראָפעסאָר אין דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק).

ער פלעגט דערציילן: ר' לייזער חרל"פ פלעגט זיך נוהג זיין, אַרויסצושטעלן א קניידל אין זיין פענצטער אַלע פּסח, כדי אַזוי אַרום צו ווייזן, אַז ער האַלט נישט מיט די חסידים, וועלכע זיינען אין דעם פאַל מחמיר און עסן נישט קיין געבראָקטס אין פּסח, צוליב א חשש חמץ. דאָס איז שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מתנגדישן רב, ביי וועמען דער דין איז געווען אַלץ. אַזוי איז עס דאָרט ווו דער דין איז מקיל, און נאָכמער שטרענג איז ער געווען ווען דער דין פאַרבאָט בפירוש צו טאָן אַנדערש ווי, למשל, תפילה נישט אין דער באַשטימטער צייט.

א צווייטע מעשה האָט ר' יאָשע־בער דערציילט: איינמאָל איז געקומען צו לויפן א אידענע (משמעות א ווייב פון א חסיד — מ. ע.) צו ר' לייזער חרל"פ מיט א גרויס געוויין, אַז ער זאָל איר געבן א ברכה. ר' לייזער חרל"פ האָט אויסגעהערט די בקשה און איר צוגעזאָגט צו העלפן, בתנאי זי וועט מהיום והלאה עסן געבראָקטסט אין פּסח.

מעגלעך ,אַז אויף די דאָזיקע מעשיות קען מען זיך נישט אינגאַנצן פאַרלאָזן, כאָטש דער בריסקער רב האָט זיכער געקענט דעם באַרימטן מעזריטשער רב. ווייל 14 יאָר איז ר' לייזער חרל"פ געווען רב אין מעזריטש; אַלטע יידן אין מיין לעבנס־צייט און נאָכמער אין מיין פאָטערס צייט, האָבן אים גוט געקענט און געדענקט; אין שטאָט פלעגט מען זייער פיל דערציילן וועגן אים און זיינע מופתים. אַזאַ מין פירן זיך, ווי ס'ווערט דערציילט פון בריסקער רב, וואָלט אַוודאי געווען באַקאַנט אין שטאָט, מענטשן וואָלטן עס געדענקט און גערעדט וועגן דעם; האָבן מיר דאָך צו טאָן מיט א צייט ווען וועלט־געשעענישן האָבן נישט פאַרנומען דעם אויבנאָן, אין א צייט ווען אַלע געשפּרעכן אין א שטעטל האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום קהלישן לעבן א. ד. גל. אָבער אויף א מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיה. און דאָס וואָס מיר ווילן אַרויסנעמען פון דער מעשה איז, אַז דער חרל"פ האָט געשטעלט די הלכה אין סאַמע שפּיץ; דאָס איז ביי אים געווען דער עיקר און ער איז נישט אויסן געווען סתם מחלוקת, קעגן חסידים און חסידיזם.

דאָקעגן האָבן מיר א דאָקומענטאַרן באַווייז, אַז ער האָט זיך נישט געהאַלטן ווייט פון חסידיזם און אַז ער האָט די חרמות וואָס מען האָט אויסגערופן אויף זיי (איינעם פון די חרמות, האָט מען אויסגערופן ביי זיין לעבן, אין יאָר תקנ"ד) נישט גענומען ערנסט. דער דאָקומענט איז געשריבן אין דער פאָרעם פון א הקדמה צום ספר „עטרת צבי" פון ר' לייזער חרל"פ, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיין אייניקל וועלכעס האָט געטראָגן דעם זיידנס נאָמען. אָט דאָס

אייניקל האָט עס געשריבן די הקדמה און איז אָן שום ספק אַ מער באַגלויבטער עדות.

אין אַט דער הקדמה דערציילט זיין אייניקל:

„איך האָב געהערט פון מיין פאָטער עליו השלום, אַז ווען ער (דער זיידע — מ. ע.) איז געווען נאָך אַ יונגערמאַן, איז ער געפאָרן קיין לובלין וועגן אַ געווינסן ענין. אין לובלין איז ער אַריינגעגאַנגען צום... רבין פון לובלין... און דער רבי האָט אים שטאַרק מקרב געווען, ווייל ער האָט באַלד דערקענט ווער ער איז. און כ'האָב געהערט פון מיין פאָטער, אַז דער זיידע האָט אים דערציילט, אַז גראָד דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַ ברית און דער רבי האָט אים געבעטן ער זאָל מיטגיין, איז ער מיטגעגאַנגען. דער זיידע איז געווען צוויי אָדער דריי מאָל אין לובלין און איז יעדעס מאָל געווען ביים רבין זכרונו לברכה. צוליב וואָס ער איז געפאָרן קיין לובלין, ווייס איך נישט. איך האָב אויך געהערט, ווען ער איז געווען ביי אים דאָס ערשטע מאָל, האָט דער רבי ז״ל פונקט געלערנט רי״ף (אַ קאָמענטאַר אויף ש״ס פון ר׳ יצחק אלפסי, געלעבט אין 10טן י״ה, אין פעז, באַקאַנט מיט די ראשי־תיבות ריף — מ. ע.) און עס האָט אים געאַרט אַ קשיה, וועלכע ער האָט נישט געקענט פאַרענטפערן. ווען מיין זיידע איז אַריינגעקומען צום רבין, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן שמועסן וועגן דעם ענין און מיין זיידע, זכרונו לברכה, האָט געזאָגט פשט אין רי״ף, וועלכעס איז שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם רבין און דורך דעם האָט ער אים דערקענט...״

די הקדמה רעדט פאַר זיך. ס'איז קלאָר, אַז ר׳ אליעזר חרל״פ איז נישט געווען קיין מתנגד פון דעם מין, ווי ער ווערט געשילדערט פון דובנאָוון און ווי ר׳ יעקב שפּיראָ האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר דובנאָוון. דאָס זעט זיך אויך, ווי מיר האָבן שוין פריער דערקלערט, פון דעם בריוו, וואָס דער רבי ר׳ בונם האָט אים געענטפערט.

עס שטעלט זיך די פראַגע, פאַרוואָס האָט ער זיך גראָד געוואָנדן צום רבין ר׳ בונם? האָבן דען נישט אויך זיינע חברים זיך געפירט אַזוי ווי ער? דער ענטפער איז גאַנץ פשוט. פון זיינע אַלע חברים האָט זיך דער רבי ר׳ בונם אויסגעצייכנט מיט זיין דרך, וועלכער איז געווען ענלעך צום דרך פון די ערשטע פאַרשפרייטערס פון חסידות. פונקט ווי יענע, אַזוי האָט אויך רבי בונם פשיסכער גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פּאָפּולאַריזירן און אויסברייטערן די שיטה פון דעם ייד־הקדוש, וואָס איז געווען אין אַ סך פּרטים אַנדערש, ווי די שיטה פון זיין רבין, דער חוזה ר׳ יעקב יצחק פון לובלין.

דער נייער דרך פון דעם רבין ר׳ בונם, האָט אַרויסגערופן גרויס זאָרג און קעגנערשאַפט אויך אפילו ביי אַ סך רביים פון זיין צייט, אויסער זיינע חברים. זיי האָבן מורא געקריגן, אַז דער וועג פון פשיסכער וועט די חסידים ווייט פאַרפירן, פונקט ווי עס האָבן דער גר״א און זיינע תלמידים, בשעתם, מורא געהאַט,

אַז דער חסידיזם זאָל נישט אַמאָל ווייט פאַרפירן זיינע אָנהענגער. די מורא איז נישט געווען אינגאַנצן אָן אַ גרונד; דער וועג פון וועלן דורכפירן אָן אינערלעכן איבערברוך אין דער דערקענטעניש פון גאָט איז שפּעטער דערפירט געוואָרן צו זיין קולמינאַציע־פונקט דורך ר׳ בונמס גרעסטן תלמיד, ר׳ מענדעלע קאָצקער און... ער האָט באַנקראָטירט.

מחמת דעם אויבנגעזאָגטן און מחמת אַלטע חשבונות, וואָס די טריי־געבליבענע תלמידים פון דער „חוזה" האָבן געפירט מיט דעם „יידס" תלמידים פאַר זייער פאַרלאָזן דעם „חוזה" און אָנערקענען דעם „ייד" אַלס זייער רבי און מורה־דרך (אַלע, סיי דער „ייד", סיי דער רבי רב בונם און דער רבי ר׳ שלמה־לייב לענטשנער א. א. זיינען געווען דעם חוזהס תלמידים), האָבן די צדיקים פון יענעם דור שטאַרק גערודפט דעם יידס תלמידים, דער עיקרשט דעם ר׳ בונם פשיסכער. אויף דער באַרימטער חתונה אין אוסטילע, ווען עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן כמעט אַלע צדיקים פון יענער צייט מיט ר׳ אברהם־יהושע־העשל אַפּטער אין דער שפּיץ (ער איז געווען אָנערקענט פון אַלע, אַלס דער צדיק־הדור און איז געווען דער איינציקער צדיק, וועלכער איז געווען פון די גדולי תלמידים פון ר׳ אלימלך ליזשענסקער) האָבן די קעגנער פון רבין ר׳ בונם, געוואָלט פועלן ביים אַפּטער צדיק מען זאָל אים און זיינע תלמידים אַריינלייגן אין חרם. די צוויי באַרימטע גוטע יידן, ר׳ יאָסעלע טאַרטשינער (דעם חוזהס זון) און ר׳ שמעון דיימש, האָבן פאָרגעלייגט זייערע טענות פאַר דעם אַפּטער. דער רבי ר׳ בונם, וועלכער האָט געוווּסט פון דער סכנה, האָט ספּעציעל געשיקט זיינע שליחים קיין איסטילע צו פאַרטיידיקן זיך, און ווען נישט דער רבי ירחמיאל פשיסכער (דער עלטסטער זון פון דעם ייד־הקדוש, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס קעגנער פון ר׳ בנומען), וואָס האָט מלמד־זכות געווען אויף ר׳ בונמען פאַר דעם אַפּטער צדיק, וואָלט דער חרם גאַנץ זיכער אויסגערופן געוואָרן. וואָס־זשע איז דער וווּנדער וואָס אַ האַלב־מתנגדישער אָדער אַ גאַנץ־מתנגדישער רב, אָבער גאָרנישט קיין ספּעציעלער קעגנער פון חסידים און חסידות, האָט אויך געקלאַפּט אויף אים? אוודאי האָט ער אויך נישט מסכים געווען מיט די פירעכצן פון די אַנדערע רביים, וועלכע האָבן זיך נוהג געווען צו דאַווענען שפּעט (ווי אין דעם פאַל פון ר׳ שלמה־לייב לענטשנער), אָבער יענע זיינען נישט געווען אויף אַזוי פיל געפערלעך; זיי האָבן זיך נישט פאַרנומען אויף ר׳ בונם פשיסכערס וועג, דורכצוזעצן דעם „יידס" תורה אין לעבן און געווינען וואָס מער אָנהענגער פאַר איר. דאָס זענען געווען די מאָטיוון, וואָס האָבן אָנגערעגט און באַווירקט ר׳ לייזערן, אָנצושרייבן דווקא צו ר׳ בונמען דעם שאַרפן טאַדלונגס־בריוו.

ר׳ לייזערס ערלעכע שטעלונג איז געווען גוט באַקאַנט צו די חסידים. זיי האָבן אין אים געזען נישט זייערס אַ קעגנער, נאָר אַ רב אַ צדיק, אַ בעל־מופת און אַ מקובל, וועלכער מיינט אַלץ לשם־שמים און נישט לשם־מחלוקת, און אַז ער איז ווייט פון מחלוקת. דאָס האָט זיי אימפּאָנירט און זיי האָבן אים גראָד

פאַרהערלעכט אָנשטאָט צו באַקעמפן אים. דאָס שיינט מיר צו זיין דער אמת וועגן ר׳ לייזער חרל״פ און זיין שטעלונג צו חסידים און חסידיזם.

ערשט אין דער צייט פון ר׳ לייזער חרל״פס ממלא־מקום, דער גוט־באַקאַנטער גאון ר׳ רפאל יום־טוב ליפמאַן היילפּערין, זיינען די באַציאונגען צווישן די מתנגדים און חסידים אין מעזריטש געוואָרן שטאַרק אָנגעשטרענגט און ס׳איז דערגאַנגען צו זייער ערנסטע רעזולטאַטן.

פאַרוואָס גראָד אין זיין צייט? עס איז נישטאָ קיין ספק, אַז אויך פאַר אים האָבן עקזיסטירט באַדינגונגען, וועלכע האָבן זייער לייכט געקענט אויפבלאָזן דאָס פייער פון מחלוקת. עס האָט אָבער געפעלט די אויטאָריטעט, וועלכע זאָל געבן זיין פּרעסטיזש און שטיצע צו יענע, וואָס זיינען געווען אינטערעסירט אויפצובלאָזן דאָס פייער פון מחלוקת אין שטאָט.

פון פריער ווייסן מיר שוין, אַז נאָך אין דער צייט פון ר׳ יחיאל־מיכל קאַזמער, האָבן די מתנגדים געפירט אַ מחלוקת קעגן זייער חסידישן רב. שפּירא, אין אַ בריוו צו דובנאָוון (געפינט זיך אין דעם דובנאָוו־אַרכיוו אין ייוואָ) — דאַטירט: יום ג׳, ב׳ אלול תרנ״א, מעזריטש — שרייבט צווישן אַנדערעס: „איך האָב דערווייל נאָכגעשט אויפגעשריבן די קריגערייען מיט דעם „כת״ (אויך ש. רופט די חסידים „כת״ — מ. ע.) דאַ־הי, און ס׳איז כדאי מען זאָל וועגן זיי ווייסן, ווייל אי זיי זיינען אַ סך און אי זיי זיינען געווען זייער שטאַרקע. אויב איר וועט זיך נויטיקן אין זיי וועל איך זיי אייך דערציילן פּאַדראָבנע. (זיי זיינען): אין יאָר תקצ״ג — וועגן אַ גט. (דעמאָלט איז געווען ראב״ד דער חסיד ר׳ יאַנקל־דוד און אין אָנהייב דעם יאָר האָט מען אויפגענומען ר׳ לייזער חרל״פ. עס איז נישט קלאָר ווער עס האָט זיך געקריגט מיט וועמען, דער ראב״ד מיט דעם רב, אָדער פאַרקערט — מ. ע.); אין תקצ״ד — איבער דאָס רויכערן טיטון אין בית־המדרש (ווי באַקאַנט רויכערן חסידים פון תמיד־אָן אין די בתי־מדרשים און די מתנגדים האָבן פאַרפירט אַ מחלוקת מיט זיי צוליב דעם — מ. ע.); אין תקצ״ה — איבער אַ שוחט; אין ת״ר — צוליב דער כאָליערע; אין תר״י — מיט אַ הצי (האַלבן) רבין פון דאַנען (מיר ווייסן פון צוויי אַזעלכע אין מעזריטש, איינער אַ געוויסער ר׳ יצחק און דער צווייטער, דער שוין־דערמאָנטער, ר׳ ישראל־איסר. פון דיביידע איז דער לעצטער, דער וואַרשיינלעכסטער. עס קען אָבער מעגלעך זיין, אַז ס׳איז געווען אַן אַנדערער — מ. ע.); אין תרי״ט — איז פאַרגעקומען אַ גרויסע איבערקערעניש אין דעם נייעם בית־המדרש (דאָס מיינט ער אין דעם גרויסן בית־המדרש — מ. ע.). נאָך אַ שווערער מלחמה האָט מען, אין כ״ה טבת, מחרים געווען מיט דעם נוסח פון כלבו *) דעם צדיק (דאָס מיינט שפּירא דעם

*) ר׳ יעקב שפּירא, וועלכער האָט געלעבט אין יענער תקופה, האָט אין אַ בריוו צו פּראָפעסאָר דובנאָוו, דאַטירט ב׳ אלול תרנ״א (געפינט זיך אין ייוואָ־אַרכיוו — ניו־יאָרק) געשריבן צווישן אַנדערעס: „אחרי מלחמת תנופה החרימו בנוסח הכלבו את

באַרימטן רבין, ר׳ מענדעלע קאָצקער) און זיינע חסידים און דער צדיק הר׳ מענדל איז געשטאָרבן כ״ב שבט, אין מיט חודש פּלוצים. אגב, מעזריטש איז געווען די איינציקע שטאָט, וווּ מען האָט מחרים געווען דעם קאָצקער און דאָס איז געווען דער לעצטער חרם אויף חסידים — מ .ע.). עס איז געווען אַ גרויסע מחלוקת און צוליב דעם איז דער רב (ר׳ רפאל יום־טוב ליפּמאַן — מ. ע.) אַוועק פון אונדזער שטאָט און ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין ביאַליסטאָק״.

ווי מיר זעען, זיינען פאַרגעקומען פיל מחלוקתן, אָבער צו אַ זייער ערנסטע מחלוקת איז ערשט געקומען אונטער דער רבנות פון ר׳ רפאל יום־טוב ליפּמאַן. דאָס איז געשען מחמת דעם, ווייל ער, מער פון די אַנדערע רבנים וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר מתנגדים, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר אַ מחלוקת מיט די חסידים.

אין שטאָט פלעגט מען דערציילן פאַרשידנערליי ווערסיעס וועגן דער סיבה, וואָס האָט גורם געווען דעם אָנהייב פאַר יענע מחלוקת, וואָס האָט גורם געווען צו חילול־השם און דערפירט אַזש צו דעם, דאָס די מאַכט זאָל זיך אַריינמישן און איינשטעלן אַ סדר אין דער קהילה.

לויט איין ווערסיע*) זאָלן חסידישע יינגלעך האָבן אָפּגעשניצט פון אַ בית־מדרש־טיש שטיקלעך האָלץ, וואָס זיי האָבן צוגעלייגט צו די אָפּגעשניטענע נעגל זייערע אַלס עדות. איינער אַ מתנגד האָט עס געזען און עס האָט אים דאָס פאַר־דראָסן און ער זאָל האָבן געפּאַטשט איינעם פון די חסידישע בחורימלעך. פון דעם זאָל זיך האָבן פּראָוואָצירט די גרויסע מחלוקת.

לויט אַן אַנדערער ווערסיע, זאָל די מחלוקת זיין אַ רעזולטאַט פון ר׳ ליפּעלעס הייל־פערינס באַליידיקנדיקע באַציאונג צו די חסידישע רביים. ער זאָל האָבן אָפּ־געחוזקט פון די חסידים, ביי וועמען „דער רבי שטייט העכער פון משה רבנו״

---

הצדיק ואנשיו סוף טבת וימת הר״מ בקאָצק כ״ב שבט תוך החודש פתאום. מחלוקת גדולה ומחמה עזב הרב את עירנו ונתקבל לרב בביאַליסטוק...״.

הרב גליקסבערג, אין די אויבנדערמאָנטע זכרונות, דערציילט: „אויך אין מיין קינדהייט האָב איך געהערט זאָגן אַ זקן מופלג פון די קאָצקער חסידים, אַז ער אַליין האָט געהערט אין רבינס הויף חסידים ישישים שמועסן וועגן דער מתנגדישער שטאָט מעזריטש, און זיי האָבן איבערדערציילט אין נאָמען פון רבי ר׳ מענדעלע, אַז לויט זיינע ידיעות ציען זיך אונטער מעזריטש „אָדערן״, ספּעציעלע אָ־ערן אין דער ערד, וואָס פאַרבינדן זיי דירעקט מיט ווילנע און פון דאָרט ציט מעזריטש איר גייס־טיקע יניקה...״.

*) אַ שאָד וואָס שפּירא האָט נישט דערציילט גענויע פּרטים פון די אויבנ־ער־מאָנטע אָפּטע מחלוקתן. אין דעם דובנאָוו־ארכיוו האָבן מיר נישט געפונען קיין נייע מאַטעריאַלן וועגן די מחלוקתן. עס קען געמאָלט זיין אַז ש. האָט יאָ באַריכטעט אין דעטאַלן. ליידער איז דער גרעסטער טייל פון דעם דובנאָוו־ארכיוו פאַרלוירן געגאַנגען און דערונטער, אפשר, אויך די פּרטים.

און אַנדערע שאַרפע אויסדרוקן אויפן חשבון פון די חסידים און זייערע רביים. ווי עס זאָל נישט זיין, איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער רב ר׳ ליפּעלע האָט געהאַט אַ האַנט אין דער מחלוקת, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק און עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די קהילה זאָל ווערן אַרומגעכאַפּט מיט אַזאַ צעפלאַמטן מחלוקת־פייער, וואָס האָט דערפירט צו אַ בולטער שפּאַלטונג פון די צוויי עדות.

אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס אין שטאָט זיינען אָפט פאָרגעקומען שטרייטן צווישן די ביידע צדדים, זיינען דאָך די באַציאונגען צווישן חסידים און מתנגדים, אויפן פּערזענלעכן באָדן, געווען גענוג פריינטלעכע. כאָטש די חסידים האָבן שוין פריער אויך געהאַט זייערע אייגענע שטיבלעך און מנינים, האָבן זיי זיך פונדעסטוועגן נשט אָפּגעזונדערט אינגאַנצן פון די מתנגדים; זיי פלעגן אויך דאַווענען אין שול און אין גרויסן בית־המדרש און דער נוסח־התפילה איז דאָרט געווען אַ געמישטער; חסידים האָבן געדאַווענט אין זייער נוסח און די מתנגדים אין זייער נוסח. און אין פּריוואַטן לעבן האָט אָנגעהאַלטן דער קאָנטאַקט צווישן די ביידע עדות.

מיטן אויסברוך פון דער לעצטער מחלוקת, זיינען געשטאַנען צוויי פיינט־לעכע לאַגערן איינער קעגנאיבער דעם אַנדערן. עס איז געוואָרן אַ קריג אויף טויט און לעבן. נעכטיקע פריינט זיינען געוואָרן בלוט־שונאים איינער דעם אַנדערן; מען האָט זיך געשלאָגן און מען האָט זיך געמסרט. די לאַגע איז געוואָרן אויף אַזוי ווייט געפערלעך, אַז די רעגירונגס־מאַכט האָט אַזש געמוזט אינטערווענירן און איינשטעלן רו און אָרדנונג. אַלס רעזולטאַט פון דער אינטערווענץ, זיינען אַלע קהל׳שע בתי־מדרשים און די שול געוואָרן אַ מין „פאַרבאָטענע זאָנע" פאַר די חסידים. לויט דעם באַשלוס פון דער מאַכט, איז דער נוסח־ספרד, רעגלאַמענ-טאַריש, פאַרטריבן געוואָרן פון דער שול און בתי־מדרשים (אויסער שטיבלעך). חסידים פלעגן אָפּלאַכן פון דעם פּסק־דין פון דעם סטאַראָסטווע פון דעם פּאָוויאַט, וועלכער האָט געזאָלט דערשיינ׳ען אויף דער בימה און אָפיציעל אויסגערופן: „ברוך שאמר וו׳פּעריאַד", — ברוך שאמר, הייסט עס, מוז געזאָגט ווערן פאַר הודו. מיט יאָרן צוריק, איז דער דאָזיקער „גוישער" פּסק־דין, ווי אויך דער פאַר־באָט צו רויכערן אין בית־המדרש געווען אויפגעשריבן איבער דער טיר, כדי מען זאָל חלילה נישט עובר־זיין אויף דעם איסור. זינט דעמאָלט, האָבן די חסידים זיך געגעצלעך אָפּגעטיילט פון די אַנדערע יידן און זיך אויסגעלעבט נאָר אין זייערע שטיבלעך.

די דאָזיקע מחלוקת אין מעזריטש, איז געוואָרן באַקאַנט ווייט איסער אירע גרענעצן. חסידים האָבן געשטעלט מעזריטש אויף דער זעלבער מדרגה ווי דובנאָ און וואָלין. די דאָזיקע שטאָט איז געוואָרן פאַרהאַסט פון חסידים צוליב דעם, וואָס דאָרט האָט געוווינט דער באַקאַנטער משכיל און שריפטשטעלער גאָטליבער, וועלכער האָט געריסן פּאַסן פון די חסידים און די רביים אין זיינע אַרטיקלען.

ביי חסידים פלעגט, מחמת דעם, ארומגיין א ווערטל: „כשתבטל מכת דם יבא משיח — ווען די מכה פון דם — דאס זיינען די ראשי־תיבות פון דובנא מעזריטש — וועט בטל ווערן, וועט קומען משיח". די ביידע שטעט, זיינען געווען ווי א דארן אין די אויגן פון די חסידים, מחמת די צרות, וואס זיי האבן געליטן פון די דארטיקע מתנגדים.

רבנים און איינפלוסרייכע יידן האבן געפרווט זיך אריינמישן און מאכן שלום. דאס איז צו זען פון א בריוו, וואס דער ערשטער גערער רבי ר' איטשע־מאיר אלטער, בארימט מיט זיינע גאונישע חידושים אויף ש"ס א. נ. „חידושי הרי"ם", האט געשריבן צו זיינע חסידים א חודש נאך ר' מענדעלע קאצקערס פטירה (אגב, מעזריטש איז געווען די איינציקע קהילה, וועלכע האט אויסגערופן א חרם אויף ר' מענדעלע קאצקער און זיינע חסידים. דער דאזיקער פאקט איז אין ערגעץ נישט דערמאנט געווארן ביז איצט. — מ. ע.).

דער בריוו (מאיר עיני הגולה, ווארשא, תרצ"ט — מכתבים י"ז) איז דא־טירט יום ב' כ"ד אדר ראשון תרי"ט און ער לייענט זיך אזוי:

„החיים והשלום לכבוד אהובי הרבנים המופלגים נגידים חו"ש (חסידים ושלמים) מו"ה שלמה היילפרין נ"י ומ' יוסף הכהן ואל כל המנין (מער ווי א מנין גערער חסידים איז נישט געווען דעמאלט, ווייל די קאצקער חסידים האבן זיך דעמאלט צעטיילט. א טייל פון זיי זיינען געווארן חסידים פון ר' מענדעלע קאצקערס בכור — ר' דוד. אין אלגעמיין, ווי עס שיינט, זיינען דאס רוב חסידים געווען אנהענגער פון לענטשנער רבין און נאכדעם פון זיין זון ר' יהושע אסטרא־ווער — מ. ע.) אנ"ש (אנשי שלומינו) שיחי'.

„לאשר שמעתי כי אחרי אשר הנגידים מביאלע וידידינו ר' הירש נ"י (זאל ער זיין דער בארימטער ר' הירש טאמאשאווער, ר' מענדעלעס רעכטע האנט און נאכדעם דעם גערערס מקורב? — מ. ע.) עשו שלום בעירכם, אח"כ חזר ונתעורר המחליקת ואיש הניצוח בועד עד לב השמים שיש ח"ה (חלול השם) גדול וגם בא לפני הממשלה, אלה מבזים מאחב"י (מאחינו בני ישראל) להיות לבוז וללעג כל עדת ב"י על ידי אנשי עירכם וכי אפשר שיצא דבר טוב ממחלוקת כזה, והנכם אנשים יראי ד' ובשם חסידים נקראים ראוי לכם לחוס על כבוד שמים ולנטות אל השלום מה דאפשר. והנה דברתי עם הגאון אב"ד נ"י דפה"ק וכתב אל הרב דשם ואנשי הקהלה בכל תוקף ועוז שיטו א"ע (את עצמם) אל השלום, או שיתאספו אנשים חכמים מהם ומכם למצוא עצה לתוך השלום, או להציע לפני רבנים או לבא לכאן, ואקוה כי תשמען לדברי המיעץ אתכם לטוב בזה ובבא וראוי לכל אחד למחול על כבודו וגם הצדיקים והקדושים אשר בעולם אמת ודאי ניחא להם ומוחלים על כבודם בעבור כבוד שמים, כאשר היתה כל מגמתם וחפצם בעוה"ז וגם אקוה כי הרב דשם והאנשים אשר אתו יישמעו לדברי הרב הגאון דפ"ק יצ"ו".

אין יידישער איבערזעצונג, לייענט עס זיך:

„אזוי ווי כ'האב געהערט, דאס נאכדעם ווי די נגידים פון ביאלע און אונ־דזער ידיד ר' הירש נ"י האבן שוין געהאט געמאכט שלום ביי אייך אין שטאט, האט זיך ווידער אמאל צעפלאקערט די מחלוקת און דאס אויסגעשפרייטע פייער ברענט ביז דעם הימל אריין, וואס איז א גרויסער חילול השם, און עס איז שוין אויך געקומען צו מלכות, יידן זיינען מבזה איינער דעם אנדערן און די גאנצע יידישע עדה ווערט געמאכט צו שאנד און צו שפאט דורך מענטשן פון אייער שטאט, איז דען מעגלעך אז, גוטס זאל ארויסקומען פון אזא מחלוקת? און איר זייט דאך גאטספארכטיקע מענטשן און איר ווערט גערופן חסידים; דעריבער איז רעכט, אז איר זאלט זיך דערבארעמען אויפן כבוד שמים און זיך נויגן צום שלום מיט אלץ וואס איז נאר מעגלעך. איך האב גערעדט מיט דעם גאון אב"ד (דער דעמאלטדיקער ווארשעווער רב, ר' בעריש מייזל — מ. ע.) און ער האט געשריבן א שארפן בריוו צום דארטיקן רב (ר' ליפעלע הײלפערין — מ. ע.) און צו די פירער פון דער קהילה, זיי זאלן נוטה זיין צו שלום, אדער עס זאלן זיך צוזאמענקומען קלוגע מענטשן פון זיי און פון אייך צו געפונען אן עצה צו פאר־מיטלען א שלום, אדער פארצולייגן דעם ענין פאר רבנים צו קומען אהערצו (נאך ווארשע — מ. ע.), און איך האף, אז איר וועט זיך צוהערן צו די רייד פון איינעם וואס עצהט אייך פאר אייער גוטס־וועגן אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, און עס איז רעכט אז יעדער איינער (פון די חסידים, מ. ע.) זאל מוחל זיין אויף זיין כבוד און אויך די צדיקים און הייליקע, וועלכע זיינען שוין אויפן עולם־האמת זיינען אוודאי צופרידן און זיינען מוחל אויף זייער כבוד צוליב כבוד־שמים, ווי עס איז געווען זייער גאנץ שטרעבן און רצון אויף דער דאזיקער וועלט, און איך וויל אויך האפן, אז דער דארטיקער רב און די מענטשן וואס האלטן מיט אים וועלן זיך צוהערן צו די רייד פון דעם רב הגאון פון הי' (דער ווארשעווער רב, ר' בעריש מייזל, מ. ע.).

דברי ידיכם דו"ש הק' יצחק־מאיר בהרב מור"י ז"ל.

דער דאזיקער בריוו, וואס רופט צו שלום, אנטהאלט אין זיך אויך וויכטיקע פאקטן וועגן דער דאזיקער מחלוקת:

1. אז די מחלוקת האט זיך שוין געהאט איינגעשטילט און ס'איז שוין געהאט געקומען צו א שלום. מיר האבן נישט קיין ידיעות, אויף וואסערע באַ־דינגונגען.

2. אז די מתנגדים האבן שפעטער נאכאמאל באנייט די מחלוקת. מיר ווייסן נישט די מאטיוון דערצו; אפשר האבן די מיליטאנטישע מתנגדים, זעענדיק אז די חסידים זיינען געווארן נאכגיביק, געוואלט דערפירן זייער שטאנדפונקט צו א פולשטענדיקן נצחון; צוליב דעם האט מען אריינגעצויגן די מאכט, אז זי זאל זיין דער פוסק־אחרון.

3. ס׳עם באַשטעטיקט אונדזער השערה, אַז אין צענטער פון דער מחלוקת איז געשטאַנען דער רב און „זיינע מענטשן״; אַנשטאָט צו צוימען די מחלוקת, איינשטילן די קריגערייען אין שטאָט און פאַרמיידן חילול השם, ווי עס וואָלט געדאַרפט טאָן אַ רב פון דער גאַנצער קהילה, האָט ער זיך געשטעלט אויפן צד פון די מתנגדים און, אַזוי אַרום געשטאַרקט די הענט פון די בעלי מחלוקת. דאָס איז קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דעם שאַרפן בריוו, וואָס ר׳ בעריש מייזל, וועל־כער איז אַליין נישט געווען קיין חסיד האָט געשריבן צו ר׳ ליפּעלע הײלפּערין; עס איז צו זען, אַז ער וואַרפט די שולד אויפן רב און די פירער פון דער קהילה.

4. אַז די סיבה אָדער איינע פון די סיבות, איז געווען דאָס באַליידיקן די רביים. וואָרום, דער בעל חידושי הרי״ם אין זיין בריוו שרייבט: „און אויך די צדיקים און הייליקע וואָס זיינען שוין אויפן עולם אמת, זיינען אודאי צופרידן און זיינען מוחל אויף זייער כבוד...״

ס׳עם איז מערקווירדיק, וואָס דער גערער רבי, וועלכער האָט אודאי געוווּסט פון ר׳ ליפּעלעס גאונות (כאָטש זיין ספר „עונג יום טוב״, וואָס איז אַזוי באַרימט געוואָרן אין דער לומדישער וועלט, איז אַרויס מיט יאָרן שפּעטער), האָט אים בלויז גערופן „הרב״ און נישט „הרב הגאון״, ווי ס׳עם איז בדרך כלל אָנגענומען, אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ רב, אַפילו אַ קלענערער למדן. דאָס קען בלויז פאַרשטאַנען ווערן, אַז דאָס איז געקומען פון ר׳ איטשע־מאירס כעס אויפן מעזריטשער רב, וועמען ער האָט, קענטיק, געהאַלטן שולדיק אין דער מחלוקת.

ווי געזאָגט, האָט זיך די מחלוקת איינגעשטילט מיט דעם כוח פון דעם סטראָזשניק, פון דער מאַכט. די שלום־וועגדונג פון דעם „בעל חידושי הרי״ם״ האָט נישט געהאָט, ווי עס שיינט, קיין ווירקונג אויף די מתנגדים. מען האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויפן אויסגלייך פון מענטשן און רבנים, נאָר אָנגעקומען צום גוי. די מתנגדים האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן נצחון. אָבער ר׳ ליפּעלע האָט דערפאַר געמוזט פאַרלאָזן מעזריטש. ער איז אָבער זיכער געווען צופרידן פון דעם בייט, נישט נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַוועק קיין ביאַליסטאָק, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען אַ רייכע יידישע שטאָט, נאָר פשוט דערפאַר וואָס ער האָט שוין אין מעזריטש לענגער נישט געקענט בלייבן. אַ רב דאַרף האָבן די גאַנצע שטאָט הינטער זיך און דאָס האָט ער אין מעזריטש נישט געהאַט. מעזרי־טשער פלעגן זאָגן, אַז ביאַליסטאָק האָט אַרויסגענאַרט דעם רב פון זייער שטאָט.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין ביאַליסטאָק האָט ער שוין נישט געפירט קיין מחלוקת מיט חסידים, ער איז, הפּנים, שוין געווען מיד פון מחלוקת. דערפאַר האָט ער דאָרט באַקומען אַנדערע שונאים; די „כאַפּערס״ פון יידישע קינדער פאַר מיליטער־דינסט האָבן אים באַטראַכט פאַר זייערס אַ דם־שונא, ווייל ער פלעגט זיי באַקעמפן. איינער אַ „כאַפּער״ האָט אַפילו געהאַט צוגעגרייט אַ מסירה אויף ר׳ ליפּעלען. די דאָזיקע מסירה איז געפינען געוואָרן אין בוזים־

קעשענע ביי א יידן, וואָס איז אַוועקגעפאַלן א טויטער אין ביאַליסטאָק אין מיטן גאַס.

## עפּיזאָדן וועגן מעזריטשער מתנגדים און חסידים

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט די גדולי החסידים, וואָס האָבן געוווינט אָדער באַזוכט מעזריטש. וועגן זיי אַלע ווערט דערציילט פאַרשידנערליי מעשיות, טיילווייז באַשטעטיקטע, וואָס כאַראַקטעריזירן די באַציאונגען צווישן חסידים און מתנגדים אין מעזריטש.

קודם־כל וועגן דעם רבין ר׳ בונם. שפּירא אין צוויי פון זיינע בריוו צו דובנאָוון דערציילט, אַז דער רבי ר׳ בונם איז געווען אין מעזריטש, איידער ער איז געוואָרן רבי. ער איז, וואַרשיינלעך, געווען דאָרט א לענגערע צייט, ווייל ער האָט פאַרטראָטן ר׳ שמואל זביטקאָווערס אינטערעסן אין מעזריטש. וועגן די דאָזיקע אינטערעסן דערציילט אונדז שפּירא אין איינעם פון די דאָזיקע בריוו: „די ממשלה האָט פאַרדינגען דעם שטייער אויף פלייש (כשר פלייש) צו ה׳ בערקא פון וואַרשע (דאָס איז דער אויבנדערמאָנטער ר׳ שמואל זביטקאָווער, מ. ע.). דער אַרענדאַר האָט געשיקט אין אונדזער שטאָט דעם צדיק ר׳ בונם, אַלס זיין אַגענט און ער איז געזעסן ביי אונדז מיטן כוח פון דער רעגירונג. אָבער דער רב ר׳ נחמן, האָט זיך גאָרנישט דערשראָקן פאַר אים (אין דעם סכסוך וואָס האָט אויסגעבראָכן אַרום דעם פלייש־שטייער, מ. ע.) ביז וואַנען ער (ר׳ בונם) האָט זיך אונטערגעגעבן און ער האָט פאַרלאָזט די שטאָט...״

ווען איז דאָס געשען? וואַרשיינלעך צווישן די יאָרן תקע״א און תקע״ד (1811—1814). ווייל ר׳ נחמן איז געוואָרן רב אין מעזריטש אין תקע״א און דער ייד הקדוש איז נפטר געוואָרן אין תקע״ד און דעמאָלט איז ר׳ בונם געוואָרן רבי. מיר ווייסן אויך, אַז א צייט פאַר זיין רבים פּטירה, איז ער געווען אין אַנדערע מסחר־שליחותן אין דאַנציג.

אויך אין שייכות מיט ר׳ בונמס זיין אין מעזריטש ווערט דערציילט (איך האָב עס געהערט אין אונדזער משפּחה, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט דער צווייטער צדיק, וואָס פיגורירט אין דער מעשה) פאָלגענדער עפּיזאָד:

דער רבי בונם האָט זיך באַנוצט אין זיין אַמט אויף אויסצופירן זיין אַרבעט (ביים אויפמאָנען דעם אויבנדערמאָנטן שטייער) אפילו מיט מיליטער. איינמאָל האָט ער באַפוילן א מיליטערישן רייטער, אַז ער זאָל אַוועקרייטן קיין שעדלעץ און זיך נאָכפרעגן אויף דער וווינונג פון דעם צדיק ר׳ קלמן. ווען ער וועט קומען אַהינצו, וועט ער זיכער זען א קליין יידעלע איינגעוויקלט אין א טלית (ר׳ קלמן פלעגט גאַנצע טעג פאַרברענגען אין תפילה און לערנען און ער איז געווען ר׳ בונמס א חבר און פלעגט זיך מיט אים אָפט טרעפן ביים חוזה פון לובלין און דעם ייד הקדוש פון וועמענס גרויסע תלמידים ער איז געווען). זאָל ער נישט

מאַכן קיין לאַנגע שהיות, נאָר נעמען דעם ייד און מיט אים קומען גלייך צו רייטן קיין מעזריטש. דער סאָלדאַט האָט אַזוי געטאָן און אין זעלבן טאָג האָט ער געבראַכט צו פירן ר׳ קלמנען צו ר׳ בונמען קיין מעזריטש. מען קען זיך פאָר־שטעלן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין ר׳ קלמנס הויז און די שרעק, וואָס ר׳ קלמן אַליין האָט, מן הסתם, דורכגעלעבט. אָבער, ווי דערשטוינט איז ר׳ קלמן געוואָרן, ווען דער סאָלדאַט האָט אים אַריינגעבראַכט צו זיין חבר. אויף זיין פראַגע — וואָס איז געשען? פאַרוואָס האָט מען אים „געפאַנגען”? האָט ר׳ בונם געענטפערט: „עס האָט זיך מיר געוואָלט טרינקען אַ ביסל בראָנפן. אָבער ווי אַזוי טרינקט מען עס אַליין בראָנפן? האָב איך זיך דערמאָנט אין דיר. איך האָב געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז מיין טייערער חבר זאָל מיט מיר צוזאַמען טרינקען און צוליב דעם, האָב איך געשיקט דעם קאָזאַק ער זאָל דיך ברענגען צו מיר”.

אַ צווייטער רבי, וועלכער פלעגט קומען אָפט קיין מעזריטש צו זיינע חסידים, איז געווען, דער שוין דערמאָנטער ר׳ שלמה לייב לענטשנער (אויך אַ נאָנטער חבר פון דעם ר׳ בונם און פון די גדולי תלמידים פון חוזה און פון ייד הקדוש);

מיין פאָטער דערציילט וועגן אים:

איינמאָל האָבן די מתנגדים אין מעזריטש אָפּגעטאָן אַ שפּיצל דעם לענטש־נער. דאָס איז געשען, ווען דער לענטשנער איז אַמאָל געקומען קיין מעזריטש אויף אַ ברית, וואָס זיינער אַ חסיד האָט געפּראַוועט און ער האָט, פאַרשטענד־לעך, דעם רבין מכבד געווען מיט סנדקאות. דעמאָלט איז געווען דער מנהג צו מאַכן דעם ברית אין שול (איך געדענק נאָך דעם כסא־אליהו, וואָס איז געשטאַ־נען אין שול). ר׳ שלמה לייב לענטשנער איז פאַרפאָרן מיט זיין בויד צו דער שול צו פּראַווען דעם ברית, און דער פערד־און־וואָגן איז געבליבן שטיין לעבן די שול הפקר. דעמאָלט האָבן מתנגדישע חברה, לויז־געמאַכט די רעדער אויף די אַקסן כדי דער וואָגן, וואָס וועט דערנאָך פירן דעם רבין, זאָל אומפאַלן צוזאַמען מיט דעם רבין און זיינע שמשים און גבאים. ר׳ שלמה־לייב איז אָבער געווען אַ ייד אַ חכם און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מעזריטשער מתנגדים זיינען פעאיק אָפּצוטאָן כלערליי שפּיצלעך אַ חסידישן רבין, האָט ער דערפאַר באַפוילן זיין בעל־עגלה, ער זאָל גוט דורכקוקן די רעדער און דעם גאַנצן געשפּאַן און פעסטשטעלן, אויב אַלץ איז אין אָרדנונג. ס׳איז זיך לייכט משער צו זיין, אַז ביי געוויסע חסידים איז דאָס באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ מופת פון רבין.

אַ צווייטע מעשה, וועגן ר׳ שלמה־לייב לענטשנער, וואָס איך האָב געהערט פון מיין פאָטער איז די פאָלגענדע:

די לומדישע מתנגדים אין מעזריטש פלעגן שטאַרק אָפּלאַכן פון די רביים און זייערע חסידישע תורות. איינמאָל האָבן די מתנגדים געשיקט איינעם פון זייערע גרעסטע לומדישע יונגעלייט, אָפּצולאַכן פון דעם לענטשנער צדיק, ווען

דער לעצטער האָט איינמאָל געפירט טיש אין מעזריטש, אויף איינע פון זיינע באזוכן דאָרט. די הוצפהדיקע פירונג פון דער יינגערמאַן, האָט ארויסגערופן אויף זיך די הקפדה פון דעם צדיק און דער יינגערמאַן איז אַוועקגעפאַלן אַ מסוכנדי-קער. די עלטערן, נעבעך, זיינען געלאָפן צו רופאים און דאָקטוירים און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַן עונש פון דעם צדיק און אַז בלויז ער קען העלפן דעם יינגערמאַן. זיינען די עלטערן אַוועק צום לענטש-נער מיט אַ יללה ער זאָל העלפן זייער זון. האָט דער לענטשנער אויסגעהערט די צעבראָכענע עלטערן און זיך אָפּגערופן: „נעמט אַ וואָגן און פירט אייער זון צו מיר קיין לענטשנע".

וואָס וועלן עלטערן נישט טאָן, כדי צו ראַטעווען זייער קינד? וואָס וועט דער חולה נישט טאָן, כדי געזונט צו ווערן? באין ברירה, האָט מען דעם חולה-מסוכן אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן און אים געבראַכט צו פירן קיין לענטשנע. נאָכן זיין אַ לענגערע צייט אין לענטשנע, האָט זיך דער חולה צוריקגעקערט אַ היים קיין מעזריטש אַן אויסגעהיילטער, אי פון זיין מחלה און אי פון מתנגדיזם. ער איז געוואָרן איינער פון די גרויסע חסידים און תלמידים פון דעם לענטשנער צדיק.

שפּירא דערציילט אין דעם אויבנדערמאָנטן בריוו, וועגן דער מחלוקת מיט אַ חצי רבין אין מעזריטש. מיר זיינען זיך משער, אַז שפּירא האָט אוודאי געמיינט ר' ישראל איסרן, וועלכער האָט זיך געפירט ווי אַ גוטער ייד, כאָטש ער האָט נישט געלעבט פון רביסטווע נאָר פון האַנדל. ער האָט געהאַט אַ שניט-געשעפט, וואָס איז געווען איינע פון די גרעסטע אין דער גאַנצער געגנט. אַ חוץ אים, איז אין מעזריטש געווען נאָך אַ געהויבענער חסיד, אַ דאָרטיקער געבוירענער. זיין נאָמען איז געווען ר' יצחק און די רביים אין זיין דור האָבן שטאַרק געהאַלטן פון אים. ס'איז אָנצונעמען, אַז ער האָט געהאַט פיל חסידישע פאַרערער אין זיין שטאָט און צווישן די חסידים, וועלכע זיינען געפאָרן צום זעלבן רבין. ער איז געשטאָרבן אין זיין יוגנט און זיין טויט האָט ארויסגערופן גרויס טרויער אין די רבישע און חסידישע קרייזן.

דער באַקאַנטער צדיק ר' משה אליקים בריעה (אַ זון פון דעם קאָזשניצער מגיד, ר' ישראל) האָט אָפּגעדרוקט אַ הספד אויף אים אין זיין ספר *). און ער באַצייכנט אים אַלס „צדיק וחסיד עליון, הרב הקדוש מו"ה יצחק מק"ק מעזריטש". אויך דער לענטשנער האָט שטאַרק פון אים געהאַלטן און דעם ערשטן שבת נאָך ר' יצחקס פטירה, האָט זיך דער לענטשנער אויסגעדריקט פאַר די חסידים, וואָס זיינען געזעסן ביי זיין שבתדיקן טיש: „ר' יצחק איז שוין אין גן עדן" (געהערט פון מיין פאָטער און ער האָט עס געהערט פון ר' אהרעלען — אויך אַ רבישער ייד וועמען דער שרייבער פון די שורות האָט נאָך געקענט — און ער האָט נאָך

*) באר משה, מר' משה אליקים בריעה, דף קמ"ה.

געקענט דעם לענטשנער). צווישן די גדולי צדיקים, וועלכע פלעגן אָפט קומען קיין מעזריטש, איז אויך געווען, ווי מיר האָבן שוין געשריבן, ר׳ אשר הגדול פון סטאָלין. איינמאָל איז ר׳ אשר געגאַנגען אין גאַס און היות ווי מעזריטש איז געווען, בעיקר, אַ מתנגדישע שטאָט, האָבן די מתנגדים געלייגט ווינציק אַכט אויף אים. גראָד איז פאַרבייגעגאַנגען אַ מתנגד, איינער פון די חשובים פון שטאָט און ער האָט ר׳ אשרן נישט געענטפערט אויף זיין גוט־מאָרגן. האָט דאָס אים שטאַרק פאַרדראָסן. מעג איך טאַקע זיין אַ חסידישער רבי — האָט ר׳ אשר גע־טראַכט — אָבער פאַרוואָס קומט מיר נישט צו זאָגן אַ גוט־מאָרגן? ר׳ אשר האָט צוגערופן דעם חשובן מתנגד און צו אים געזאָגט: „אין תורה שטייט, אַל תגזול דל כי דל הוא — באַרויב נישט דעם אָרעמאַן דערפאַר ווייל ער איז אַן אָרעמאַן״.

חסידים האָבן דערציילט, אַז דער דאָזיקער מתנגד איז געוואָרן אַ יורד און איז געבליבן אַן אָרעמאַן כל ימיו (געהערט פון מיין פאָטער).

# דער גערער און איזשביצער קריטיקירן מעזריטשער מתנגדישע פרומקייט

פון די אָנגעזעענע רביים, וואָס פלעגן קומען קיין מעזריטש, זיינען אויך געווען ר׳ איטשע־מאיר װאַרשעװער (שפּעטערדיקער גערער רבי) און ר׳ מרדכי־יוסף ליינער (שפּעטער געוואָרן איזשביצער רבי און גרינדער פון דער גוט־באַקאַנ־טער רבישער דינאַסטיע פון ראַדזין). תמיד, ווען זיי פלעגן קומען קיין מעזריטש (מעזריטש איז געווען אַ דורכפאַר־שטאָט), פלעגן זיי אַריינגיין אין גרויסן בית־המדרש, וואו עס זיינען תמיד געזעסן צענדליקער יידן, אַלט און יונג, און גע־לערנט. אָבער די ביידע שאַרפע חסידישע יינגעלייט, וועלכע האָבן זיך אויסגע־האָדעוועט אין דעם חדר פון ייד הקדוש און זיינע תלמידים, דער רבי ר׳ בונם און ר׳ מענדעלע קאָצקער, איז דאָס מתנגדישע אַרט לערנען און דאַווענען נישט געפעלן געוואָרן. עס האָט ביי זיי געפעלט דער חסידישער ברען, די התלהבות וואָס האָט פיל מאָל זיך געגרענעצט מיט כלות הנפש. זיי האָבן וועגן די מעזרי־טשער לומדישע מתנגדים און זייער עבודה זיך אַזוי אויסגעדריקט: „אונטער די בענק פון גרויסן בית־המדרש וואַלגערט זיך אַ סך תורה און תפילה״.

די דאָזיקע קריטיק איז, בכן, געמיינט געוואָרן אין דעם זין, אַז סיי זייער תורה־לערנען און סיי זייער תפילה־טאָן גרייכט נישט אין הימל אַריין. אָט די דאָזיקע חסידישע שיטה, באַזירט זיך אויפן זוהר, וועלכער זאָגט אין אַ שטעלע: „תפילה שאיננה בדיחילו ורחימו לא פרחה לעילא — תפילה וואָס ווערט נישט געזאָגט מיט מורא און ליבשאַפט גייט נישט אַרויף אין הימל אַריין״.

# כאָטש מתנגדיש און דאָך האָבן חסידישע רביים זיך געריסן קיין מעזריטש

כאָטש מעזריטש איז געווען אַ מתנגדישע שטאָט און די חסידים האָבן דאָרט נישט געלעקט קיין האָניק, האָבן דאָך חסידישע גוטע יידן זיך געריסן אַהינצו און זיך געוואָלט באַזעצן דאָרט. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל מעזריטש איז געווען באַקאַנט מיט אירע לומדים, חשובים און יחוס. די שענסטע משפחות ביי יידן, האָבן זיך משדך געווען מיט מעזריטשער בעל־בתים און מעזריטשער משפחות האָבן געצויגן זייערע יחוס־פעדים און שטאָלצירט מיט דעם.

איינער פון די גרויסע רביים פון די פריערדיקע דורות, וואָס האָט זיך דווקא געוואָלט באַזעצן אין מעזריטש, איז געווען דעם לענטשנערס זון און ממלא־מקום, ר׳ יהושע פרידמאַן — דער אָסטראָווער צדיק ז״ל.

ר׳ יהושע אָסטראָווער, איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אין מעזריטש, וואו ער האָט געהאַט אַ סך חסידים. ער פלעגט איינשטיין ביי ר׳ סענדער ראָזענצווייג; איינער פון די שענסטע יידן אין שטאָט און פון גרויסן יחוס (ער איז געווען אַן איידעם פון דעם וואַרשעווער רב. ר׳ חיים דאַווידזאָן). דער אָסטראָווער צדיק, האָט אַפילו שוין געהאַלטן ביים אָפּקויפן ד״ר וואָלפּס הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בריקן־גאַס. פאַרוואָס ער האָט זיין פּלאַן נישט אויסגעפירט, איז נישט באַקאַנט. מעגלעך, צוליב דער אָפענער קעגנערשאַפט פון די מתנגדים אָדער די מורא פון די חסידים, אַז זיין באַזעצן זיך זאָל נישט ווידער אַמאָל אַרויסרופן אַ נייע מחלוקת צווישן מתנגדים און חסידים (ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער אָסטראָווער האָט גראָד „געפירט טיש״ אין שטאָט, ווען אין מעזריטש זיינען פאַרגעקומען פאַרביטערטע קאַמפן צווישן מתנגדים און חסידים, וועלכע האָבן דערפירט צום חרם אויף ר׳ מענדל קאָצקער און זיינע חסידים).

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, האָט ר׳ יהושע אָסטראָווער דאָך געהאַט אַ גוטע מיינונג וועגן מעזריטש און ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט פאַר זיינע חסידים, וועלכע האָבן, הפנים, זיך באַקלאָגט אויף מעזריטש: „עתידה מעזריטש להטהר — מעזריטש וועט אַמאָל גערייניקט ווערן...״

# די נביאות פון אַ מעזריטשער חסיד

וועגן דעם רום פון מעזריטש אַלס שטאָט פון תורה וגדולה, וואָס האָט אַזוי אימפּאָנירט חסידישע רביים און אַנדערע גדולי תורה, שרייבט מיין פאָטער: „איך האָב געקענט פּראָסטע קצבים, וועלכע האָבן געגומען איידעמס גדולי תורה״. מיין פאָטער דערציילט אויך: „צווישן די מעזריטשער סוחרים, וועלכע פלעגן פאָרן האַנדלען נאָך לייפּציק (אגב, מען פלעגט זיי רופן „תגרי לוד״. דער דאָזיקער נאָמען איז געבאָרגט פון דער גמרא בבא מציעא. דאָרט ווערט באַהאַנדלט

א תלמודיש פּראָבלעם, אין שייכות מיט די תגרי-לוד -- סוחרים פון לוד, ארץ־ישראל — זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שאַרפקייט און גרויס־האַנדל, מ. ע.) זיינען געווען גרויסע לומדים. די דאָזיקע סוחרים פלעגן אַזוי פּלאַנעווען זייערע נסיעות קיין לייפּציק, אַז ס'זאָל זיי אויסקומען צו האַלטן שבת אין פּויזן, כדי צו פאַרברענגען דעם שבת אין תורה־שמועסן מיט דעם גאון און פּויזנער רב, ר' עקיבא אייגער ז"ל.

צווישן אָט די סוחרים, איז געווען אַ געוויסער ר' זונדל, אַ שאַרפער חסיד, וועלכער איז געווען אַן אַפּטער אַריינגייער צו ר' עקיבא אייגער, מיט וועמען ער האָט געשמועסט אין לערנען. איינמאָל האָט ער דאָרט געטראָפן צו־גאַסט ר' עקיבא אייגערס אייניקל — לייבעלע, און ר' זונדל האָט שטאַרק באַאָבאַכטעט דעם קליינעם לייבעלען. אין אַ שמועס מיט ר' עקיבאן, האָט ר' זונדל אַ זאָג־געטאָן צו אים: „רבי, מובטחני (עס הייסט, איך בין זיכער), אַז אייער לייבעלע וועט זיין אַ חסידישער רבי".

ר' עקיבא האָט געשטוינט אויף די דאָזיקע נביאות. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז זיין ר' שלמה אייגער, איז אַ שאַרפער קעגנער פון די חסידים און אַז זיין לייבעלע ווערט זיכער דערצויגן אין עכט מתנגדישן גייסט.

„פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער וועט זיין אַ חסידישער רבי?" — האָט ר' עקיבא געפרעגט.

„איך האָב געזען שוויים זיך גיסן פון זיינע פּיאות, בעת ער האָט געדאַווענט, און אַזוי דאַווענען קען בלויז אַ רבי" — האָט געענטפערט ר' זונדל (מיין פאָטער האָט עס געהערט פון זיין פאָטער, וואָס האָט דעם ר' זונדלען, וואַרשיינלעך, געקענט).

אגב, די מעזריטשער סוחרים וואָס פלעגן זיך אויפהאַלטן אין פּויזן און פאַרברענגען מיט ר' עקיבא אייגער אין תורה, האָבן אונטערגעהאַנדלט מיט אים וועגן אָננעמען דאָס מעזריטשער רבנות, אַזוי האָט מען דערציילט אין מעזריטש און מיין פאָטער האָט עס מיר אויך דערציילט. ר' עקיבא, איז אויף דעם געווען גרייט. דאָס וואָס דאָס מעזריטשער רבנות איז געווען ווייניקער חשובער ווי דאָס פּויזנער רבנות, האָט ר' עקיבאן נישט געאַרט. מען דאַרף געדענקען, אַז ר' עקיבא האָט שוין אין פּויזן געזען דעם אָנהייב פון דער דייטשער השכלה, וועלכע האָט אין אַ קורצע צייט חרוב-געמאַכט דאָס דייטשע תורה־יידנטום. אים איז געווען ניחא צו באַזעצן זיך אין פּוילן, ווו תורה־יידישקייט, איז געווען אין איר פולער בליאונג. מעזריטש איז אים געווען באַקאַנט, נישט נאָר פון אירע גרויסע רבנים, וואָס זי האָט געהאַט און אַרויסגעגעבן, נאָר אויך פון אירע לומדישע בעלי־בתים מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אָפט אין פּויזן. דער דאָזיקער פּראָיעקט, איז אָבער נישט צושטאַנד־געקומען מחמת דעם, ווייל ר' עקיבא האָט געפאָדערט, אַז מעזריטש זאָל אויסהאַלטן זיין ישיבה.

אנטקעגן וואָס, האָבן מיר דערציילט די מעשה פון ר' זונדלס „נביאות"?

אקעגן דעם, וואָס מיט יאָרן שפּעטער האָט דאָרט געוווינט ר׳ עקיבא אייגערס אַן אור־אור־אייניקל, — דער רבי ר׳ שלמה אייגער. ער איז געווען אַ בעל־הבית אין שטאָט אַ לענגערע צייט. ווען זיין פאָטער ר׳ אברהמעלע אייגער איז נפטר געוואָרן אין לובלין (דאָרט האָט אויך געפירט רביסטווע זיין זיידע, דער אויבנ־דערמאָנטער ר׳ לייבעלע אייגער), איז ר׳ שלמה אייגער געוואָרן רבי אין לובלין אויף זיין פאָטערס אָרט.

## די אַנטי חסידישע צוואה

ווי שאַרף און גרויס עס איז געווען די שנאה צווישן חסידים און מתנגדים אין שטאָט, אילוסטרירט די זייער טשיקאַווע צוואה, וואָס איינער פון די שענסטע בעלי־בתים אין שטאָט און פון גרויסן יחוס, ר׳ ארוש מינץ, האָט איבערגעלאָזט. אין דער דאָזיקער צוואה *), אין וועלכער ער זאָגט זיך אָפּ פון זיינע קלייטן (אַ גרעי־סערע צאָל געוועלבער לענג־אויס דעם מאַרק, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט אַלס די „גן־עדן״־קלייטלעך) שרייבט ער, אַז זיין רצון איז: „ידעו המנהיגים למנות תחתיהם רק אנשים בעלי־תורה ויראי־שמים וגם בטוחים; אפס לא מאנשי מנהיגי ספרד; גם מהבתי־דירות לא מוכרו על בית התאספות מנהיגי ספרד״ — דאָס מיינט אין יידיש, אַז די אויספירער פון דער צוואה זאָלן באַשטימען פאַרטרע־טער בעלי־תורה, גאָטספאַרכטיקע און זיכערהאַפטע; אָבער נישט פון יענע לייט, וואָס פירן זיך לויט מנהגי־ספר (חסידים); און מען זאָל אויך נישט פאַרדינגען די דירות פאַר חסידישע צוזאַמענקונפטן (שטיבלעך).

די חסידים — אַזוי האָב איך אויך געהערט פון מיין פאָטער — פלעגן דערציילן, אַז אין דער זעלבער צוואה, האָט ער נאָך דעם וואָרט „התאספות מנהיגי ספרד״ אויך צוגעשטעלט „בתי זונות״, להבדיל. אָבער לויט ווי איך האָב אויס־געפונען אין די אויסצוגן פון דער צוואה, געפינט זיך דאָרט נישט דער אויסדרוק „בתי זונות״.

כ׳בין נישט זיכער צי די חסידים האָבן, אין די שפּעטערע יאָרן, גענומען נקמה פון דעם אויבנדערמאָנטן לומדישן מתנגד (געשטאָרבן אין יאָר תקצ״ג — 1813). כ׳בין זיך משער, אַז זיי האָבן אפשר גאָר נישט געוווּסט ווער יוליאַן קלאָטשקאָ, באַרימטער פוילישער שריפטשטעלער, איז געווען. אודאי וואָלט דער פרומער ר׳ ארוש, וואָס האָט געווייכט פון חסידים, ווי מען ווייכט פון משומדים להבדיל, גיכער מסכים געווען, אַז זיין אייניקל זאָל ליבערשט זיין אַ חסיד, איידער אַ פרומער קאַטוילישער שריפטשטעלער...

---

*) די צוואה ווערט דערמאָנט אין מעזריטשער פנקס; זע „אויסצוגן פון פנקס חברה קדישא״ וווייטער. זי ווערט אויך דערמאָנט פון דר. מ. הענדל אין זיין שוין דערמאָנטן אַרטיקל „מעזריטשער פנקסים״.

## דער שאַרפער ענטפער...

אין מעזריטש האָט געוווינט אַן אָנגעזעענער בעל־הבית, אַ למדן און אַ משכיל און דערצו נאָך אַ שאַרפער מתנגד, וועלכער האָט תמיד געטשעפעט חסידים. ער האָט געהייסן ר' זיסקינד אדלער *). איינמאָל איז דער ר' זיסקינד אריינגעקומען אין גרויסן בית־המדרש אריין און דאָרט געטראָפן ר' יאַנקל־דודס (ער איז געווען דער חסידישער ראב"ד) קינדער לערנען.

ר' זיסקינדן האָט זיך פאַרגלוסט אַ טשעפּע־טאָן דעם חסידישן ראב"דס קינדער; איז ער צוגעגאַנגען צו זיי און געזאָגט: „איך האָב אַ בקשה צום רבונו של עולם, אַז נאָך מיין טויט זאָל איך מגולגל־ווערן אין אַ הונט, כדי איך זאָל קענען בייסן חסידים".

ר' יאַנקל־דודס קינדער, זיינען אים נישט געבליבן שולדיק. מניה־וביה, האָבן זיי אים געגעבן דעם פאַרדינטן ענטפער: „אַז איר וועט נאָך אייער טויט מגולגל ווערן — האָבן זיי אים געענטפערט — אין דעם זיינען מיר זיכער; נאָר נישט אין אַ הונט; איר וועט מגולגל ווערן אין אַ פערד און איר וועט פירן חסידים צו זייערע רביים..." (געהערט פון מיין פאָטער).

אויך אים האָט, ווייזט אויס, דער רבונו־של־עולם „געשטראָפט". ער אַליין, האָט אין די שפּעטערע יאָרן גענומען אַ זון פון אַ לענטשנער חסיד אַלס איידעם. ער האָט געהייסן ר' איצעלע קראַנגאַלד. אַ למדן און אַ משכילישער חסיד (איך האָב אים נאָך געקענט און ער איז אויך געווען אַ ידיד פון אונדזער משפּחה).

## די פּאה מיט אַ שטיק פלייש

ווי גרויס עס איז געווען די שנאה צווישן מתנגדים און חסידים אין מעזריטש, קען מען אויך זען פון דעם דאָזיקן עפּיזאָד, וואָס איך האָב געהערט פון מיין פאָטער, וועלכער האָט גוט געקענט דעם „העלד" פון דער געשיכטע:

ר' שלום זילבערמאַן*) (אגב, אַ קרוב פון מיין מוטער ע"ה), אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטאָט (ער האָט געהאַט אַן אכסניה און אַ גרויסע קרעטשמע,

---

*) אין יאָר 1862, געפינען מיר אים אַלס איינעם פון די שבעה טובי העיר.

*) אין יאָר תרכ"ב ווערט ער דערמאָנט אַלס מיטגליד פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג. די פאַרוואַלטונג איז דעמאָלט באַשטאַנען פון פאָלגנדע משגיחים (אייגנטלעך די הויפּט דאָזאָרעס. — מ. ע) ר' פייוול דעגענשיין, ר' שלום דוב זילבערמאַן, ר' מאָניש ראַפּאַפּאָרט; שבעה טובי העיר, ר' אַלכסנדר זיסקינד, ראַבינערזאָן, ר' שמעון פּאַפּיערנאָ, ר' דוד טייטלבוים, ר' מאָטל ראָזענצווייג, ר' זיסקינד אדלער, ר' זעליג אייזענשטיין, ר' גדליה בלאַנקשטיין; צוויי רואה חשבונות, ר' אבא אהרנזאָן און ר' סענדער קאַזנצווייג.

וווהין עס פלעגן פארפארן סוחרים און פריצים. זיין איידעם איז געווען דער באקאנטער קלעצקער רב, מחבר פון דעם לומדישן ספר „היכלי שן“, מ. ע.), האט זיך אמאל בארימט, אז איינמאל ווען ער איז צוריקגעקומען פון א נסיעה פון שכנותדיקן חסידישן שטעטל לאשיץ און ווען ער איז באפאלן געווארן פון די דארטיקע חסידים (זיי פלעגן זיך נוקם זיין אן די מעזריטשער מתנגדים, פאר זייערע רדיפות אויף די חסידים), האט ער א כאפ־געטון א חסיד פאר זיין פאה און ער האט איר אויסגעריסן צוזאמען מיט א שטיק פלייש. ר׳ שלום־בער האט טאקע דערביי אויך געוויזן די אפגעריסענע פאה.

אויך דעם ר׳ שלום־בערן האט, הפנים, דער רבונו־של־עולם אפגעטון א שפיצל. ר׳ שלום־בער האט געהאט א שטיף־זון, האט ער געהייסן שלום־מרדכי. ווען ער איז אויסגעוואקסן, איז ער געווארן רב און שפעטער אויך פארנומען דאס רבנות אין בילגאריי; און ער איז געווען בארימט מיט זיין לומדות; כל ימיו איז ער געווען א מתנגד און זיך געפירט ווי א מתנגדישער רב. ווען ער איז אנגעקומען אלס רב קיין בילגאריי, האט ער זיך פלוצים דערפילט אין א פרעמדער סביבה. כמעט אלע יידן אין דעם שטעטל, זיינען געווען חסידים פון דער טריסקער מגיד ר׳ אברהם. ווען עס איז אונטערגעקומען עפעס א וויכטיקער יום־טוב, באזונדערס ראש־השנה און יום־כפור, איז דאס שטעטל אויסגעליידיקט געווארן פון אירע בעלי־בתים. דער רוב חסידים פלעגן אוועקפארן קיין טריסק און די אנהענגער פון אנדערע גוטע יידן זיינען געפארן צו זייערע רביים. דער רב האט זיך אין אזעלכע יום־טוב־טעג גארנישט געפילט יום־טובדיק, בלייבנדיק אן זיינע חשובע בעלי־בתים און מיט דער פוסטקייט פון שטעטל. די חסידים פלעגן מיט אים כסדר איינטענהן, פארוואס ער פארט נישט קיין טריסק; דארט וועט ער דערפילן דעם אמתן נחת־רוח; און דארט וועט ער זיך טרעפן אויך מיט אנדערע רבנים, וואס קומען צום מגיד.

די חסידים האבן מיט אים געטענהט איינמאל, א צווייט מאל און ווידער אמאל, ביז ר׳ שלום־מרדכי האט זיך ארויסגערעדט: „גוט, איך בין מסכים צו פארן מיט אייך צום מגיד. אבער איר ווייסט דאך, אז איך בין נישט קיין חסיד. רבישע מופתים און אנדערע חסידישע מעשיות מאכן אויף מיר נישט קיין רושם. מיין הויפט־אינטערעס איז לימוד־תורה. שוין א לענגערע צייט, וואס מיך ארט א שווערע קשיא און כ׳האב נישט ווער עס זאל מיר די קשיא פארענטפערן. אויב אייער רבי וועט די קשיא פארענטפערן, וועל איך ווערן זיין חסיד. אלא נישט, וועל איך מער צו אייער רבין נישט פארן“.

באין ברירא, האבן די חסידים מסכים־געווען אויף דעם תנאי פון זייער רב און זיי האבן צו וויסן געגעבן קיין טריסק, אז אזוי און אזוי האט זייער רב זיך אויסגענומען און, אז זיי קומען צו פארן צוזאמען מיט זייער רב.

אזוי ווי זיי זיינען אנגעקומען קיין טריסק זיינען זיי צוזאמען מיט ר׳ שלום־מרדכין גלייך אוועק צום מגיד. דער רבי און דער מתנגד האבן באלד פאר־

פירט אַ שמועס, ביז דער מגיד האָט זיך אָפּגערופן: „בילגאָרייער רב, וואָס איז אייך שווער אין דער סוגיא?״.

ר׳ שלום־מרדכי האָט בלויז געוואַרט אויף דער געלעגנהייט און באַלד האָט ער אָנגעהויבן זיין טיפן תורה־שמועס און אַרויסגעבראַכט זיין קשיא פאַרן מגיד. „דער דאָזיקער ענין — האָט זיך אָפּגערופן דער טריסקער מגיד, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט דעם בילגאָרייער רב — איז שוין דערמאָנט אין אַ ספר און דאָרט זאָגט זיך פשט אין דער סוגיא״.

ר׳ אברהם טריסקער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט און גלייך אַרויפגעקראָכן אויף דעם לייטער און אַרויסגעשלעפּט אַ ספר פון זיינע פילע ספרים, וואָס האָבן פאַרשטעלט די ווענט פון זיין חדר און אויפגעמישט דאָס בלאַט, ווו דער גאַנצער ענין ווערט אַרומגערעדט. און דער מגיד האָט צוגעגעבן: „שוין 40 יאָר אַז מיר האָבן נישט אַריינגעקוקט אין דעם ספר...״

ר׳ שלום־מרדכי איז געווען אויסער זיך, פון דעם מגידס לומדות און פון זיין בקיאות אין ספרים, אָבער נאָכמער פון זיין זכרון און... ער איז געוואָרן איינער פון דעם מגידס תלמידים.

ווען דער טריסקער מגיד איז נפטר געוואָרן, האָבן אַ סך טריסקער חסידים אויפגענומען ר׳ שלום־מרדכין פאַר זייער רבין און ער האָט זיך געפירט ווי אַ רבי.

אָט דאָס האָב איך געהערט פון מיין פאָטער און ער האָט אויך דערציילט, אַז זיין פאָטער, ד. ה. מיין זיידע, איז געווען אַ גרויסער ידיד פון ר׳ שלום־מרדכין; זיי פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען ביי די אָפטע באַזוכן פון דעם בילגאָרייער רב אין מעזריטש. איך האָב אויך ענלעכעס געהערט פון דעם מגידס אייניקלעך.

## ר׳ יעקב שפּיראָ זיצט שבעה...

עס איז אונדז שוין אויסגעקומען פיל מאָל צו דערמאָנען דעם מעזריטשער ייד ר׳ יעקב שפּיראָ, נישט נאָר אין שייכות מיט זיין זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן פאַר דובנאָוון, נאָר אויך, גאַנץ באַזונדערס, זיין שנאה צום חסידיזם און די מלחמה וואָס ער האָט געפירט קעגן זיי.

אויך מיט אים, איז געשען עפּעס ענלעכעס. מיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַן עדות פון דער דאָזיקער געשעעניש, דערציילט: „ר׳ יעקב שפּיראָ האָט געהאַט אַ בן־יחיד, האָט ער געהייסן אליהו (איך האָב אים געקענט און אָפט געזען, — מ. ע.) ער איז געווען זייער אַ געראָטענער און איינער פון די השובע לומדישע יינגעלייט, וואָס זיינען געזעסן און געלערנט אין גרויסן בית־המדרש. ר׳ יעקב שפּיראָ האָט זיך, אייגנפאַך, געשפּיגלט אין זיין בן־יחיד, ביז עס איז געשען דער גרויסער אומגליק.

מיין זיידע, ר׳ משה־צבי (פון די מקורבים פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳

יהושע אָסטראָוועד און נאָכדעם פון זיין איידעם ר׳ יעקב־יצחק, באַקאַנט אַלס ר׳ יאַנקעלע ביאַלער, וואָס האָט געפירט רביסטווע נאָך דער פּטירה פון זיין שווער), האָט געוואָרפן׳ אַן אויג אויף דעם זיידענעם יינגערמאַן. זיי האָבן דעמאָלט גע־ווינט — דערציילט מיין פאָטער — ביי שפּיראָן אין הויז. דער פאָטער זיינער (ד. ה. דער זיידע) האָט אָנגעהויבן צו פאַרברענגען מיט ר׳ יעקבס זון, וועלכער איז געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער צום זיידן און דאָרט האָט אים דער זיידע אויפ־געקלערט, וואָס אַזוינס חסידות איז און וואָס עס איז זיין תוך, ביז דער ר׳ אליהו האָט באַשלאָסן, אַז ער קען נישט ווייטער בלייבן צווישן די מתנגדים אין בית־מדרש און אין איין פרימאָרגן האָט מען זיך דערוויסט די „שרעקלעכע" בשורה אין שטאָט, אַז אליהו ר׳ יעקבס, איז געפאָרן קיין ביאַלע צום רבין און איז געוואָרן אַ שטיבל־ייד.

ר׳ יעקב שפּיראָ, וועלער האָט אַזוי שטאַרק מלחמה־געהאַלטן קעגן די חסי־דים און איז געווען אַ סך פאַרמישט אין דער מחלוקת מיט זיי, האָט די חרפּה נישט געקענט דורכטראָגן און... ער האָט זיך געזעצט שבעה און געקלאָגט אויף אים, ווי מען קלאָגט איבער אַ מת. ער האָט דעם בן־יחיד קיינמאָל נישט מוחל געווען.

נאַטירלעך, האָט דער זיידע נישט געקענט און אויך נישט געוואָלט בלייבן וווינען אין שפּיראָס הויז. ער האָט זיך אַריינגעציינגן אין אַ צווייטע דירה, כדי אויסצומיידן מחלוקת מיט אליהוס פאָטער. יעדן שבת, ווען אליהו פלעגט גיין פון שטיבל, וווּ ער האָט איצט כסדר געדאַוונט, פלעגט ער אַריינוואַרפן דאָס שטריימל צום זיידן, כאָטשבי אויף אַזוי פיל נישט וויי־צו־טון זיין פאָטער.

## מעזריטש באַקומט דאָך אַ רבין...

דאָס וואָס דער אָסטראָווער רבי, ר׳ יהושע האָט נישט אויסגעפירט, האָט באוויזן זיין אייניקל, ר׳ מאיר שלמה יהודה (געהייסן נאָך דעם לענטשנער זיידע) ראַבינאָוויטש, ממלא־מקום פון זיין פאָטער, דער ביאַלער רבי. הפּנים, דעם אָס־טראָווערס נבואה, אַז „מעזריטש וועט אַמאָל ווערן גערייניקט", איז מקוים גע־וואָרן, ווען מעזריטש האָט אַריינגעלאָזט שפּעטער זיין אייניקל.

תחילת האָבן די מעזריטשער חסידים פון ר׳ שלמהלען זיך אָקעגנגעשטעלט דעם רבינס ווונטש, אַרויסצוציען זיך פון ביאַלע און זיך באַזעצן אין מעזריטש. נישט נאָר האָבן זיי געדענקט די אַלטע מחלוקת (די אַלטע חסידים האָבן טאַקע אַליין אויך מיטגעמאַכט די מחלוקת) און זיך געשראָקן אַז דאָס באַזעצן זיך פון רבין, זאָל נישט זיין דער גורם פון נייע מחלוקת, נאָר זיי האָבן, אַחוץ דעם, געהאַט נאָך אַ סיבה מורא־צו־האָבן: גראָד מיט אַ קורצער צייט צוריק פאַר ר׳ שלמהלעס באַשלוס, צו באַזעצן זיך אין מעזריטש, איז געקומען צו פאָרן דער ראַדזינער רבי ר׳ מרדכי־יוסף לײנער קיין מעזריטש און זיך געוואָלט דאָרט באַ־

זעצן. ווען די מתנגדים האָבן זיך פון דעם דערוווּסט, האָבן זיי געשיקט זאָגן דעם ראַדזינער רבין, ער זאָל נישט דערוועגן דאָס צו טאָן. זיי האָבן אים בפירוש געוואָרנט, אַז מען וועט חרוב־מאַכן דאָס הויז אין וועלכן ער וועט זיך אַריינציען. דער ראַדזינער רבי האָט גוט געוווּסט, אַז די מעזריטשער מתנגדים זיינען פּעאיק צו האַלטן וואָרט און ער האָט באַשלאָסן צוריקצוציען זיך פון זיין פּלאַן.

די ביאַלער חסידים, כאָטש זיי זיינען געווען אַרום נייַנציק פּראָצענט פון די שטאָטישע חסידים, האָבן געוווּסט וואָס די מעזריטשער מתנגדים האָבן מודיע געווען דעם ראַדזינער רבין און זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז זיי וועלן אויך זייער רבינס הויז חרוב־מאַכן און שטעלן אין סכנה זיין לעבן. די מורא פון די ביאַלער חסידים (אַזוי האָבן זיך גערופן ר׳ שלמהלעס חסידים) האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַגרינדעט. ר׳ שלמהלע האָט זיך אַריינגעצויגן קיין מעזריטש און פון דעמאָלט אָן, איז צוגעקומען אַ נייער חסידישער נאָמען, וואָס האָט באַצייכנט אַ חסידישע שיטה — מעזריטשער חסיד. ר׳ יהושע אָסטראָווער האָט דאָך רעכט געהאַט... און נישט בלויז דאָס. אין מעזריטש האָט מיט אַ פופציק יאָר צוריק געוווינט אַ ייד אַ גביר, אַן אָנגעזעענער ייד און למדן, — ר׳ שמעון (מ׳האָט אים גערופן מיט דעם פאַרצוויגענעם נאָמען — ר׳ שימעלע) פּאַפּיערנאַ. דער דאָזיקער ר׳ שמעון, איז געווען פון דער באַרימטער ווילנער משפּחה אָפּאַטאָווסקי און פון גרויסן מתנגדישן יחוס.

זיין מויער און סאַד, אין קאַליע־געסל, האָט געהערט צו די פאַרנעמסטע הייזער אין שטאָט. ביי אים אין שטוב, פלעגן זיך אָפּט צונויפקומען די חשובים פון שטאָט און שמועסן וועגן כלל־ענינים און פאַרברענגען אין תורה־וויכוחים. ווי אַ ווילנער מתנגד, האָט ער, פאַרשטענדלעך, נישט ווינציק אָפּגעלאַכט פון די חסידים און זייערע רביים, וואָס זאָגן אַזוינע „מאָדנע״ תורות, וואָס האָבן, דוכט זיך, גאָרנישט צו טאָן מיט לומדות און דרוש.

אָט דער ר׳ שמעון, האָט געהאַט אַ נאָענטן קרוב אין דעם שכנותדיקן שטעטל לאָשיץ און ער איז געווען אַן אָסטראָווער חסיד. תמיד, ווען ר׳ יהושעלע אָסטראָ־ווער פלעגט קומען קיין מעזריטש, איז דער לאָשיצער חסיד געקומען צו פאָרן קיין מעזריטש. זייענדיק אַ קרוב פון ר׳ שימעלע פּאַפּיערנאַ האָט ער געהאַלטן ביי אים אכסניה; אָבער ער פלעגט זיך דאָרט נישט פילן איינגאַנצן באַקוועם. ר׳ שי־מעלע, זיין משפּחה און ידידים, פלעגן דעם לאָשיצער קרוב פאַרשאַפן עגמת־נפש, דורך אָפּלאַכן פון זיין רבינס תורה, וואָס ער פלעגט איבערחזרן פאַר זיי.

איינמאָל, האָט דער לאָשיצער קרוב באַשלאָסן אָנצולערנען זיין קרוב און זיינע ידידים און זיי פּשוט ווייזן, אַז ווען זיי לאַכן אָפּ פון זיין רבינס תורה, איז עס נישט דערפאַר, וואָס זיי געפעלט באמת נישט זיין תורה, נאָר עס איז מער צוליב זייער גרויסער שנאה צו חסידות. ער האָט אָפּגעוואָרט אַ ספּעציעלע גע־לעגנהייט, ווען זיין רבי וועט זיין אין מעזריטש ביי זיינע חסידים און אַזוי ווי תמיד, איז ער אויך דאָס מאָל געקומען צו פאָרן קיין מעזריטש און איז פאַרפאָרן

צו זיין קרוב. שבת נאָכן רבינס טיש, איז דער קרוב אַהיימגעגאַנגען צו זיין גאַסט־געבער ר׳ שימעלען און דאָרט האָט ער שוין געטראָפן די מתנגדישע פּני זיצן אַרום דעם גרויסן טיש, פאַרבערענגען אין שבתדיקע שמועסן. דערזעענדיק דעם לאַשיצער קרוב, זייער שטענדיקן קרבן, אַפּצוחוזקן פון די חסידים און גוטע יידן, האָבן זיי, ווי תמיד, ווידער זיך אַ נעם געטאָן צו אים.

„וואָסער תורה האָט אייער רבי היינט געזאָגט?״ — האָבן זיי זיך געוואָנדן צו אים. דער לאַשיצער קרוב, האָט גראָד דאָס מאָל זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און ער האָט פאַרגעזאָגט פאַר זיי אַ לאַנגן דרוש אויף דער סדרה פון דער וואָך. ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן אַלע בייוועזנדע אָנגעהויבן זיך טשעפּען מיט אים און ווידער אַמאָל אָפּגעלאַכט פון דער תורה. דעמאָלט האָט זיך דער קרוב אויפגעשטעלט און פאַמעלעכדיק צוגעגאַנגען צו דער ספרים־שראַנק און פון דאָרט אַרויסגענומען דעם באַקאַנטן „רבינו בחיי״ אויף תורה און אויפמישנדיק די סדרה פון דער וואָך, האָט ער זיי געוויזן, אַז דעם דרוש, וואָס ער האָט אַקאָרשט געזאָגט און וואָס זיי האָבן אַזוי ציניש אויסגעלאַכט, האָט ער אַרויסגענומען פון דעם ספר. און ער האָט פאַרענדיקט: „אָט אַזוי האָט אַ טעם אייער אָפּלאַכן און אָפּחוזקן פון מיין רבינס תורה״ (געהערט פון מיין פאָטער).

וואָס בין איך אויסן געווען מיט דער געשיכטע? איך האָב אייך געוואָלט דערציילן ווי אַזוי עס איז מקוים־געוואָרן דעם אַסטראָוועערס נבואה, אַז „מעזריטש וועט נאָך געריייניקט ווערן״. צום סוף האָט נאָך ר׳ שלמהלע אָפּגעקויפט ר׳ שימעלע פאַפּיערנאָס מויער און דאָרט איינגעשטעלט דעם מעזריטשער „הויף״ און אין זעלבן הויז, וווּ חסידות איז פריער אויסגעלאַכט געוואָרן, האָט מען פון דעמאָלט אָן געפּראַוועט חסידות און טויזנטער יידן פון גאַנץ פּוילן, זיינען דאָרטן געקומען צו געפינען גייסטיקע דערהויבונג און מאַטעריעלע עצות.

דער מעזריטשער רבי, האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס. פון זיין פאָטערס צד — פון דעם ייד הקדוש, בן אחר בן און פון דורות רבנים און פון דער מוטערס צד — אַן אוראייניקל פון דעם לענטשנער צדיק ר׳ שלמה־לייב, פון דעם מגלה עמוקות, דעם ב״ח און פון דער רבנישער משפחה מייזליש און דעם באַרימטן ר׳ עקיבא פון אובן, וואָס האָט געצויגן זיין יחוס ביז צו אהרן הכהן. ער אַליין איז געווען אַ שטיק יחוס. מיט זיין לומדות, חכמה און אויסערגעוויינטלעכער באַשיידנקייט און דרך־ארץ פאַר אַלע מענטשן, האָט ער ממש געפאַנגען די הערצער פון די מעזריטשער מתנגדים, צווישן זיי, די לומדים און חשובים. זיי זיינען געוואָרן זיינע נאָענטסטע פריינט און אים אָפט באַזוכט סיי אַלס פריינט און סיי אַלס מענטש, מיט וועמען עס איז כדאי זיך צו האַלטן אַן עצה און סתם שמועסן. אַפילו די אַרבעטס־מענטשן, וואָס זיינען געווען, אין גרעסטן טייל, רעוואָלוציאָנערן און די משכילים פון שטאָט, האָבן דעם רבין און זיין משפחה ליב־באַקומען. דאָס גרעסטע ווונדער איז געווען, וואָס די מזרח־וואַנטמענטשן פון גרויסן בית־המדרש, וועלכע האָבן נאָך זיכער געדענקט די ביטערע

מחלוקת, האָבן מיט אים געלעבט בשלום און פאַר אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ. אין זיין צייט און אונטער זיין טאַקטישער פירונג, האָט זיך אַ סך פאַר־היילט די אַלטע מחלוקת־ווונד אין דער ברידער־ריס, וואָס האָט זיך געצויגן אין מעזריטש פון יענער באַרימטער מחלוקת אָן. חסידים און מתנגדים האָבן זיך צוריק משדך־געווען און עס איז צוריק געוואָרן איין עדה, כאָטש די מתנגדים האָבן ווייטער געזאָגט „ברוך שאמר" פאַר „הודו" און די חסידים „כתר" אנשטאט „נעריצך".

מיט יאָרן שפּעטער, ווען מעזריטש האָט געזוכט אַ נייעם שטאָט־חזן, האָט מען גערן אויפגענומען דעם רבינס זון ר' פּנחס, אַלס שטאָט־חזן (ער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און וווינט היינט אין שיקאַגאָ, ווו ער איז חזן). מעזריטשער יידן האָבן ליב געהאַט זיין חזנות און זיך געקוויקט מיט זיין „זאָגן" אין וועלכן זיי האָבן דערפילט אַ נייעם טאָן — דעם חסידישן ברען און קנייטש. דאָס השתפכות־הנפש, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט ביי זיין פאָטער, האָט ער צו־נויפגעגאָסן מיט דעם מתנגדיש חזנישן רעטשיטאַטיוו. ווען ר' שלמה פלעגט קומען אויף זיינע אָפטע באַזוכן קיין מעזריטש פון וואַרשע, ווו ער האָט געוווינט זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט מען אים אויפנעמען מיט גרויס כבוד און ליבע. דער רבי אַליין איז אַפילו איינמאָל געגאַנגען אין שול אַריין הערן דעם זונס דאַווענען. אין דער דאָזיקער שול, ווו עס האָט זיך פון דעם מעזריטשער בראשית־אָן, געפירט לויט דעם אוראַלטן נוסח, האָט מען לכבוד דעם באַ־ליבטן גאַסט — דעם מעזריטשער רבין — דאָס מאָל משנה־געווען דעם פאַר־היילקטן נוסח און מען האָט געזאָגט „הודו" פאַר „ברוך שאמר" און „כתר" פאַר „נעריצך" און דער חזן האָט געטראָגן אַ זייעדנע קאַפּאָטע, אַ גאַרטל און אַ חסידיש קאַפּל. אַזאַ פאַרערונג, האָט דאָס מתנגדישע מעזריטש אַרויסגעוויזן פאַר איר חסידישן רבין, ווען זי האָט, אַזוי צו זאָגן, אַדאָפּטירט.

פונקט אַזוי איז געווען ר' שלמהלעס אויפריכטיקע ליבע צו מעזריטש און צו אירע מענטשן. שוין וווינענדיק אין וואַרשע, האָט ער ביי אַלע געלעגנהייטן אונטערגעשטראָכן זיין מעזריטשער אָנגעהעריקייט. ער האָט באמת אָפּגעשאַצט די מעלות פון מעזריטש, ווו ער האָט זיך באַזעצט. ער האָט געזען מעלות סיי ביי די לומדים און שיינע יידן און סיי ביי דעם המון, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט געבן צדקה און אהבת־תורה, וואָס האָט מעזריטש זיכער געשטעלט אין אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע אין גאַנץ פוילן.

ליידער, איז די אידיליע איבערגעריסן געוואָרן. די ברוטאַלע האַנט פון די היטלעריסטישע און אַנדערע אַנטיסעמיטישע באַנדעס האָבן חרוב־געמאַכט די גרויסע יידישע קהלה פון מעזריטש. נישט חסידים און נישט מתנגדים זיינען געגאַנגען אין די קאַלכאַויוונס אויף קידוש־השם נאָר יידן — ברידער און שוועסטער.

דער רבי איז נפטר געוואָרן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, אין דער וואַרשעווער

געטאָ — 17 טעג אין חודש אדר ה'תש"ב — בלויז אַ קורצע צייט פאַר דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ און ער האָט זוכה געווען צו אַ גרויסער לויה און צו באַערדיקט ווערן נעבן זיין פאָטער ר' יאַנקעלע ביאַלער און זיין זיידן ר' יהושעלע אָסטראָווער. די מצבה אויף זיין קבר דערציילט בלויז, אַז „דאָ האָט געפונען זיין אייביקע רו דער מעזריטשער רבי — זון פון ביאַלער רבין און אייניקל פון די גוטע יידן פון אָסטראָווע, לענטשנע און פשיסכע; און לויטן פסק פון די וואַרשעווער רבנים, איז דער איסור פון דעם אָסטראָווער רבין צו לייגן עמעצן אין זיינע ד' אמות נישט חל אויף אים, ווייל ניט אים האָט ער געמיינט". אַן ענלעכע אויפשריפט געפינט זיך אויך אויף דער מצבה פון זיין פאָטער, וועלכער ליגט דאָרט באַערדיקט.

מיינער אַ חבר, וועלכער האָט איבערגעלעבט די נאַצים, אין פוילן, האָט דעם שרייבער פון די שורות איבערגעגעבן, אַז דער רבי האָט מיט זיין חכמה און טיפן פאָליטישן חוש, דערשפירט לאַנג פאַר דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ, אַז היטלער וועט אומברענגען די יידן. און ער האָט געוואָרנט זיינע חסידים און אַלע וואָס זיינען געקומען צו אים, אַז זיי זאָלן זיך ראַטעווען אויף וויפל ס'איז מעגלעך, ווייל ער זעט פאָר, אַז די יידן שטייט פאָר פולשטענדיקער אונטערגאַנג אונטער די נאַצים. חסידים האָבן דערציילט, אַז דער רבי פלעגט ממש בעטן אויף זיך דעם טויט, נישט ווילנדיק און נישט קענענדיק אַריבערטראָגן די יסורים פון די יידן און די נאָך גרעסערע צרות וואָס ס'שטייען זיי פאָר. ווי עס שיינט, האָט ער דאָס אויסגעבעטן מיט זיין נאַטירלעכן טויט, און ער איז ניצול געוואָרן פון דעם שוידערלעכן טויט דורך די נאַצישע הענט.

די רביצין איז אומגעקומען אין דער געטאָ און אַזוי אויך זיינע צוויי זין, דער בכור יהושע און דער צווייטער זון משה ראַבינאָוויטש מיט זייערע משפחות. יהושע ראַבינאָוויטש איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער געטאָ און גענומען אַ פירנדיקן אַנטייל אין די צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד.

על־פי־נס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ קאָפּיע פון ר' שלמהלעס צוואה (געשריבן נאָך פאַר דעם קריג), וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מעזריטשער רבין *).

---

*) זע הוספה.

# די עליה קיין ארץ־ישראל און ציוניסטישע באוועגונג

מען קען זאָגן, אַז יעדע נסיעה פון אַ ייד קיין ארץ־ישראל, איז געווען אַ נאַציאָנאַלע טאַט. אַפילו די נסיעה, וואָס איז, אין פלוג גענומען געווען מיט דער כוונה אויסצולעבן די עלטערע יאָרן אין הייליקן לאַנד און פאַרברענגען די טעג אין תורה און תפילה. דאָס פאָרן פון אַ ייד קיין ארץ־ישראל, איז געווען אין זיך אַ באַוווסטזיניקער צוריקקער אַהיים. אַפילו ווען דער ייד האָט נישט געטראַכט אין נאַציאָנאַלע טערמינען, איז ער פון זיך אַליין געוואָרן אַ פאָרגייער פאַר דער געשטאַלטונג פון דעם יידישן היימלאַנד, וואָס האָט געוואַרט אויף זיינע פאַרטריבענע קינדער. דעריבער דאַרף מען נישט אויסטיילן די דאָזיקע עולים פון דער שפעטערדיקער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. די־אַ עליה פון איינצלנע יידן פון עלטערן דור האָט אויף אַן אמת קיינמאָל נישט אויפגעהערט. אויך מעזריטש האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ מיט זיינע עולים קיין ארץ־ישראל, כאָטש מיר ווייסן בלויז וועגן אייניקע פון זיי. אין „תולדות חכמי ירושלים" פון ר' י. ל. פרומקין (ירושלים), געפינען מיר אויסגערעכנט אייניקע מעזריטשער, וועלכע האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין ירושלים, אין יענע יאָרן, ווען ירושלים איז געווען פול מיט גאונים און חשובים. אין באַנד צוויי, זייט 247, טרעפן מיר דעם מעזריטשער, הרב ר' מרדכי־מאיר ז"ל, וועלכער ווערט דאָרט באַצייכנט אַלס „איש צדיק ועניו ירא ד' מנעוריו. לא מש מאהלה של תורה יומם ולילה, ידיו רב לו בנגלה, שפט דין, בצדק ידין אלמנות ויתומים, עני ואביון החזיקו ידיו — הרב ר' מרדכי־מאיר ז"ל בהר' ר' אליהו האבד"ק מעזריטש בפולין; נתבקש בישיבה של מעלה ביום ש"ק ז' לחודש תמוז שנת תרכ"א לפ"ק, תנצב"ה".

ריבלין אין זיינע הערות דאָרט, גיט צו פאָלגענדעס: „דיין רבות בשנים במעזריטש ובפה — לאַנג־יאָריקער דיין אין מעזריטש און דאָ (ירושלים, מ. ע.)". אויך באַמערקט ריבלין, אַז ר' מרדכי מאיר איז געווען צווישן די מנהלים פון דער ישיבה עץ־חיים, אין ירושלים, אין יאָר תרי"ה (די ישיבה איז געגרינדעט געוואָרן טאַקע אין דער צייט פון דעם גאון און צדיק ר' שמעון בר' זרח — געוועזענער רב אין טוראָגען א. אַ. שטעטלעך אין ליטע). ער איז אויך אונטער־

געהתמעט צוזאַמען מיט אַנדערע גאונים און רבנים פון ירושלים, אויף אַ ריי פּסקים און תקנות. ריבלין מיינט, אַז דער דאָזיקער ר׳ מרדכי־מאיר, איז דער זעלבער ר׳ מרדכי־מאיר דיין פון ביאַלע, וועלכער איז געווען דער הויפּט־ממונה פון ״דעם כולל־פּולין.

ווי עס איז צו זען, איז ער געווען אַ גאַר וויכטיקע פּערזענלעכקייט. אָבער דאָס וואָס פּרומקין באַצייכנט אים אַלס זון פון אליהו — מעזריטשער רב, איז אומפאַרשטענדלעך. מעזריטש האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין רב מיט דעם נאָמען. דאַקעגן, האָט זי געהאַט צוויי מורי־הוראה מיט דעם נאָמען. איינער פון זיי, איז געווען ר׳ אלי׳ בר׳ לייב, וועמענס חתימות געפינען זיך אין דעם פּנקס פון בית־דין און זיי דאַטירן זיך פון די יאָרן תקמ״ז ביז תקע״ז. אַ צווייטער. ר׳ אליהו איז געווען דער פּאָפּולערער ראש־הדיינים, וועלכער איז געווען אַ זון פון דעם מעזריטשער רב, ר׳ נחמן. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרכ״ח, דאָס הייסט מיט אַכט יאָר שפּעטער ווי דער ירושלימער דיין, ר׳ מרדכי־מאיר. דאָס שליסט נישט אויס, אַז ער זאָל זיין ר׳ אליהוס אַ זון. ווייל, ווי עס שיינט, איז ר׳ מרדכי־מאיר געשטאָרבן אין די יונגע יאָרן.

אויך די באַמערקונג פון ריבלינען, אַז ר׳ מרדכי־מאיר איז געווען פאַר פיל יאָרן דיין אין מעזריטש איז העכסט אומוואַרשיינלעך. אַלס דיין, וואָלט ער אוודאי אונטערגעחתמעט זיין נאָמען אויף די פּסקים; דאַקעגן, זיין נאָמען ווערט אין ערגעץ נישט דערמאָנט. אפשר איז ער געווען דיין אין ביאַלע און ס׳האָט זיך ריבלינען פאַרביטן די שטעט, אָדער ער האָט זיך אַזוי משער געווען על פּי סברא.

אין יאָר תרכ״ו, איז נפטר געוואָרן אין ירושלים, ר׳ אליהו בר׳ דוד באַרג פון מעזריטש, וועלכער איז פריער געווען רב אין סעמיאַטיטש, אין שכנות פון מעזריטש (דאָרט ז. 245) און אין תר״ל, איז געשטאָרבן הצדיק ר׳ צבי זאב פון מעזריטש, וועלכער האָט מנדב געווען איבער טויזנט רובל אויף דער ישיבה „עץ חיים״ (דאָרט ז. 236).

דער ר׳ צבי־זאב האָט געהייסן פישביין אויפן פאַמיליע־נאָמען און האָט געשטאַמט פון אַ באַוווּסטער משפחה אין מעזריטש און איז געווען אַ רייכער ייד. זיין אור־אייניקל, דער באַרימטער געלערנטער און מחבר פון „אוצר ישראל״ א. א. ספרים — ר׳ יהודה אייזענשטיין פון מעזריטש — ניו־יאָרק, האָט מיר דערציילט, אַז ווען ר׳ צבי־זאב פישביין איז געוואָרן אַן אַלמן פון זיין ערשטער ווייב, נעמלעך, זיין עלטער־באָבע רייכל, האָט ער חתונה־געהאַט אַ צווייט מאָל מיט אַ פרומער גיורת. אין יענע יאָרן, האָט עס אוודאי געמוזט אַרויסרופן אַ גוואַלטיקע סענסאַציע.

זיי זיינען נישט געווען די איינציקע, פון דער פריערדיקער עליה; אַ סך מעזריטשער יידן זיינען געפאָרן קיין ארץ־ישראל נאָך לאַנג פאַר זיי און עס איז אוודאי אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער שטרעבונג פון יידן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

מיר, אָבער, ווילן זיך דערעיקרשט אָפּשטעלן אויף דער עליה, וועלכע האָט שוין געטראָגן דורך און דורך אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

די עליה קיין ארץ־ישראל, האָט אין מעזריטש אָנגעטראָפן אויף אַ דאַנקבאַר פעלד. אין יאָר 1863, ווען די פּוילישע פּאָווסטאַניע (אויפשטאַנד) האָט אויבגע־בראָכן קעגן דעם רוסישן יאָך, איז מעזריטש געווען צווישן די שטעט, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו די אויפשטענדלער. דער פּוילישער פּאַטריאָט ראַגונסקי ראָמאָן, האָט איינגעשווווירן די מעזריטשער יידן אין דער שטאָטישער שול פאַר דער זאַך פון דער פּוילישער באַפרייאונג. די רוסישע רעגירונג האָט שפּעטער גע־נומען נקמה פון די שטאָט־יידן און אָנגעוואָנדן גרויסע שיקאַנעס קעגן זיי אויפן געביט פון האנדל און אינדוסטריע. אלס רעזולטאַט פון די סאַנקציעס, האָבן אַ געוויסע צאָל יידן באַשטימט צו ליקווידירן זייערע חזיר־האָר־פאַבריקן און אויס־וואַנדערן נאָך אויסלאַנד. אַ טייל פון זיי זיינען געפאָרן קיין ארץ־ישראל. צווישן זיי ר׳ צבי־זאב פישביין און ר׳ דוד יאַנאָוער; ר׳ זאב־וואָלף אייזענשטיין (פאָטער פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ יהודה אייזענשטיין), האָט אין 1864 עמיגרירט קיין אַמעריקע (אגב, ער איז געווען דער ערשטער מעזריטשער ייד, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע און אפשר פון די איינצלנע מעזריטשער, צו יענער צייט, אויפן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט); ער האָט שפּעטער עולה־געווען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט גבריאל צוקערמאַן, אויך אַ מעזריטשער. ר׳ וואָלף אייזענשטיין איז באַערדיקט געוואָרן אין ירושלים, אויפן הר־הזיתים, נעבן ר׳ צבי פישביין און זיינע צוויי זין. אַנדערע מעזריטשער זיינען אין יענער צייט געפאָרן קיין דייטש־לאַנד (לייפּציק), קאַנאַדע און אַרגענטינע.

## די פאָרמירונג פון „יסוד המעלה״

די אידיי פון חיבת־ציון, האָט גלייך געפונען אָנהענגער אין מעזריטש. שוין אין די ערשטע יאָרן פון איר פאַרשפּרייטונג, האָט דער רעיון פון שיבת־ציון אויף אַזויפיל אַריינגעדרונגען, אַז אַ סך מעזריטשער האָבן גענומען ערנסט דענקען וועגן עולה־זיין קיין ארץ־ישראל און דאָרט ווערן איינפאַכע פּויערים (נישט האָבנדיק די מינדסטע ידיעות נישט פון ערד־אַרבעט און נישט וועגן די לעבנס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, געקוקט אויף דער גאַנצער אונטערנעמונג מיט ראָמאַנטישע אויגן) און אין יאָר תרמ״ג (1883), האָט זיך אין מעזריטש געגרינדעט אַ גרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 16 בעלי־בתים, וואָס האָבן באַשלאָסן צו קויפן באָדן אין ארץ־ישראל און דאָרט גרינדן אַ קאָלאָניע.

זיי זיינען נישט געווען די איינציקע חובבי־ציון אין שטאָט; עס זיינען געווען נאָך יידן אין שטאָט, וועלע האָבן געדענקט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט אַלע חובבים האָבן פאַרמאָגט די געהעריקע מיטלען דערצו, אַז זיי

זאָלן זיך קענען דערלויבן דעם לוקסוס איינצושאפן זיך אַ נחלה אין ארץ־ישראל; האָבן זיי זיך דערווייל באַנוגנט מיטן אָנשליסן זיך אין דער באַוועגונג פון חיבת־ציון, שטיצן אירע צילן און דערווייל נאָכגעפאָלגט מיט סימפּאַטיע דעם פאַר־מעסט פון זייערע שטאָט־מענטשן, וועלכע האָבן שוין די זכיה צו רעאַליזירן זייער טרוים.

אויסער דער דערמאָנטער גרופּע, איז געווען נאָך אַ משפחה, וועלכע האָט באַשלאָסן עולה־צו־זיין, אָלס יחידישע און זעלבסטשטענדיקע. דער ראש פון דער דאָזיקער משפחהח, ר׳ דוב פעלמאַן *) האָט נישט געהאַלטן פון זיך פאַראייניקן מיט דער גרופּע. ער האָט זיך פאַרנומען צו בויען אַ ווירטשאַפט אין ארץ־ישראל אַליין אויפן אייגענעם חשבון.

מיר האָבן נישט ברעה, דאָ צו געבן די געשיכטע פון „יסוד המעלה" — די קאָלאָניע, וועלכע מעזריטשער יידן האָבן געגרינדעט אין גליל־העליון — איר שווערן אַנטוויקלונגס־וועג אין איר ראָל אינעם אויפבוי פון אונדזער נאַציאָנאַלער היים. נישט דאָס איז אונדזער אויפגאַבע; דאָס איז אַ קאַפּיטל אַן און פאַר זיך. מיר ווילן בלויז דערמאָנען דאָס וואָס איז פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער געשיכט־לעכער פּאַזע; די מענטשן וועלכע האָבן מיט זייער פּיאָנערן־אַרבעט פאַרשריבן אַ גאָלדן בלעטל אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק; אויך וויפיל דאָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער מעזריטש. דערפאַר וועלן מיר איבערהיפּערן די אַלע וויכטיקע עטאַפּן, וואָס האָבן צו טאָן מיט „יסוד המעלה" גופא און מיר וועלן זיך אָפּגעבן מיט אירע פּיאָנערן — זין פון מעזריטש.

די מעזריטשער ציון־גרופּע, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין יאָר תרמ"ג, האָט אייגנטלעך נישט דערפינדעט דעם נאָמען „יסוד המעלה"; פריער נאָך ווי אין מעזריטש, האָט זיך אין סוואַלק געגרינדעט אַ גרופּע וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם באַקאַנטן לומדיש־משכילישן ייד, אַלטשולער און זי האָט זיך גערופן מיט דעם נאָמען „יסוד המעלה". פון יענער חברה איז גאָרנישט געוואָרן. ממשותדיקס האָט זי גאָרנישט געשאַפן אין ארץ־ישראל. דער נאָמען, איז ממילא געבליבן הפקר און די מעזריטשער ציון־גרופּע האָט אים, אַזוי צו זאָגן, רעקווי־זירט.

דער ערשטער בריוו, וואָס די גרופּע האָט געשיקט פון ארץ־ישראל און איז געשריבן געוואָרן פון ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום, איז, קען מען זאָגן, אַ היס־טאָרישער דאָקומענט; ווייל דער בריוו באַווייזט, אַז די גרינדער פון דער קאָלאָ־ניע גיבן זיך חשבון, אַז זייער איניציאַטיווע, איז נישט סתם אַזוי אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט דער שיבת־ציון באַוועגונג אַלס אַזעלכע, נאָר עס קומט קלאָר צום אויסדרוק, אַז זיי האַלטן זיך אַלס אַ טייל פון דער אינטעגראַלער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

---

*) דער זעלבער ר׳ דוב פעלמאַן, וואָס ווערט פריער דערמאָנט.

מיר גיבן דאָ דעם בריוו אין זיין יידישער איבערזעצונג:

„ב״ה קול קורא לעזרת האחים (אַ רוף פאַר ברידערלעכע הילף).

„לכבוד... חברת „חובבי ציון״ בעיר ווארשא.

„אינעם נאָמען פון דעם הייליקן רעיון פון ישוב ארץ-ישראל, וועלכעס איז טייער צו אייך און צו אַלע חובבי ציון, און אינעם נאָמען פון אונדזער נאַציאָנאַלער פאָן... און אין נאָמען פון ברודער-ליבע און חברשע פאַרבונדשאַפט, וואָס פאַרבינדט אונדזערע הערצער און נשמות, זיינען מיר געקומען היינט צו אייך, טייערע ברידער, אויסדריקן די געפילן פון אינדזערע הערצער, אין אַ מאָמענט פון זעלישער שוואַכקייט.

„געליבטע ברידער, געוויס ווייסן מיר, אַז די אגודה פון אייערע ברידער פון מעזריטש, איז אויסגעקריצט אויף אייערע הענט און אַז די גרינדונג פון אונדזער גרופע זיינען באַוווּסט פאַר אייך, ווייל דאָס פלאַץ פון וואַנען מיר קומען און אונדזער געבוירנאָרט, איז נאָענט צו אייך. דערפאַר זיינען אייך גוט באַקאַנט אַלע אירע קערונגען און ווענדונגען, איר כאַראַקטער און אירע וועגן. דאָך וועלן מיר זיך נישט אָפּהאַלטן פאַרצוברענגען פאַר אייך אַלע פּרטים פון אונדזער פאַרמירונג און דאָס אָרט, וווּ מיר געפונען זיך איצט. ס׳איז אונדזער האָפענונג, אַז אונדזערע ווערטער וועלן זיך איינקריצן אין אייערע הערצער און אַז איר וועט זיך צוהערן צו אונדזערע רייד מיט אָפענע אויערן.

„מיר זיינען די ערשטע פון די פוילישע פראָווינצן, וואָס האָבן געאָפּפערט אונדזערע הערצער און נפשות אויפן מזבח פון ליבע פאַר דעם הייליקן לאַנד; און דער הייליקער פונק פון ישוב ארץ-ישראל, וואָס איז דער באַגער פון דעם יידס נשמה, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פלאַם פייער און עס האָט געברענט אין אונדזער אינגעווייד און אונדז געמאַכט לייגן דעם ערשטן ווינקלשטיין פון אַלע אונדזערע ברידער אין גאַנץ פוילן, וואָס געפינען זיך אינער רוסלאַנד; און אין יאָר תרמ״ג, ווען דער וויכטיקער געדאַנק (פון ישוב ארץ-ישראל — מ. ע.) האָט אין אונדז אויפגעברויזט, האָבן מיר זיך פאַרבונדן עטלעכע משפחות (די אייגנטלעכע גרופע איז באַשטאַנען פון 24 מיטגלידער, מ. ע.) און יעדער פון אונדז האָט אַריינגעטראָגן זיין געלט, מיט דעם צוועק אויפצושמעלן פאַר אונדז אַ קאָלאָניע אין לאַנד פון אונדזערע אבות, מיט אונדזער אייגן פאַרמעגן וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן.

„אין חודש ניסן תרמ״ג, האָבן מיר געשיקט אונדזער פאַרשטייער און מיר האָבן אים געגעבן אונדזער געלט (ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דאָס געווען ר׳ לייב רובין און פישל סאָלאָמאָן, מ. ע.) אויסצוזוכן פאַר אונדז אַ פלאַץ און קויפן פאַר אונדז לאַנד. ער האָט נישט גערוט און איז נישט געווען פאַסיוו און ער האָט זייער שטאַרק געפאָרשט און געזוכט גוטן באָדן פאַר אונדז. לויט די ידיעות, וואָס מיר האָבן דערפאַרן פון די צייטונגען, וועגן אַנדערע קאָלאָניעס

און לויט די בריוו, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון אונדזער שליח, האָבן מיר איינגעזען, אַז אונדזער פּלאַן איז צו גרויס פאַר אונדז. מיר זאָלן אים קענען פאַרווירקלעכן. דעמאָלט זיינען געפאָרן חשובע יידן פון מעזריטש צו אייך, חשובע הערן חובבי־ציון, מיט אייך זיך צו האַלטן אַן עצה וועגן דעם וויכטיקן ענין. אייערע גוטע און ריכטיקע רייד, וואָס איר האָט צו אונדז גערעדט און אייער הבטחה, דאָס מיר זאָלן זיך נישט שרעקן און אַז איר זענט מיט אונדז און איר וועט אונדז העלפן פונדערוייטנס, האָבן דערפרייט אונדזערע הערצער.

„אונדזער שליח האָט געטאָן זיין פליכט. נאָך גרויסער מאַטערניש און גרויס נאָכפאָרשן, האָט ער געקויפט פאַר אונדז אַ גוטע און געבענטשטע נחלה ביים „מי־מרום" און דער וואַנגאַרד איז געגאַנגען פאָראויס און אין יאָר תרמ"ד זיינען מיר אָנגעקומען אַהערצו.

„אַך, ווי גרויס עס איז געווען אונדזער פרייד און שמחה, ווען מיר האָבן געזען דאָס אונדזערע נחלות פון גוטע, פעטע און פרוכטבאַרע ערד ליגט אויפן ברעג פון „מי־מרום", פון וואַנען מיר וועלן קענען באַציען וואַסער אַנצוטרינקען אונדזערע פעלדער אַ גאַנץ יאָר. דער באָדן איז ברייט און איז ריין פון שטרויכלונגס־שטיינער. דער באָדן איז אַ פלאַכער און מען קען אים באַאַרבעטן מיט אַלערליי מאַשינען, וואָס געפונען זיך אין אייראָפּע. מיר האָבן שוין ב"ה געפלאַנצט אַ שיינעם גאָרטן, 300 אויף 300 איילן, 6.000 פלאַנצן, טויזנטער אתרוגים־ביימער, 1.100 איילבירט־ביימער און נאָך פאַרשידענע פלאַנצן. אַרום האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ גרויסן גרובן און מיט פליים זיינען מיר באַשעפטיקט מיט אונדזערע אַרבעטן און מיט דעם שווייס פון אונדזערע פּנימער שטייען מיר, אונדזערע זין און טעכטער אויף אונדזערע פאָסטנס צו באַאַרבעטן דעם באָדן און צו קולטיווירן אים. אַפילו די איידעלע און צאַרטע צווישן אונדז, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווען געוווינט צו טאָן אַזאַ אַרבעט, מחמת ליבע פאַר דער דאָזיקער גרויסער אונטערנעמונג, טוען זייער אַרבעט אין פעלד מיט גרויס פליים. אַ לויב צו גאָט, וואָס מיר זעען אַ ברכה אין אונדזער אַרבעט. די פלאַנצן צעוואַקסן זיך, די גערטנער שפּראָצן און די ערד גיט איר פרוכט, וואָס דערפרייט דאָס האַרץ און באַלייכט די אויגן. זיי זיינען די לויב פון צפת, די הייליקע שטאָט, וואָס ליגט פון דאַנען אַ מרחק פון פיר שעה; זיי גליסטן שטאַרק אונדזער פרוכט, צוליב זיין גוטסקייט און זיסן טעם. געלויבט זאָל זיין גאָטס נאָמען, וואָס האָט אונדז געהאָלפן ביז איצט צוצוגרייטן וואָפנע און פיל שטיינער פאַרן בוי, און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן בויען. איצט זיינען מיר באַשעפטיקט מיט גראָבן ברונעמער צו ציען וואַסער מיט פּלומפּן. אַלץ מיט גאָטס גענאָד, מיט אונדזער אייגן געלט און אייגענער שווערער אַרבעט. יעדע שטיק ערד איז אונדז זיס און מיט פרייד און שמחה באַשיינען מיר אונדזער קאָלאָניע, זי זאָל זיך אַרויסהויבן אין איר פּראַכט און שיינקייט; און זי איז

געשטיגן אין איר גרויס און שיינקייט איבער אַלע קאָלאָניעס וואָס געפונען זיך אין אונדזער גרענעץ.

„ב״ה, מיר זיינען געקומען צו אונדזער ציל ביזן היינטיקן טאָג. מיט שווערער אַרבעט פון אונדזערע הענט און מיט אונדזער געלט האָבן מיר אָפּגערייניקט די אַלע שטרויכלונגען; ב״ה, זיי זיינען ווייט פון אונדז. מיר האָבן ביי היינט צו טאָג דערגרייכט מער, ווי דער באַראָן ראָטשילד האָט דערגרייכט מיט זיין גרויסן קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויף ראש־פּינה; און דאָס אַלץ איז אונדז אָנגעקומען מיט בלוט און מיט אונדזערע לעצטע כוחות.

„און איצט, געערטע פריינט, די מכשולים וואָס מיר האָבן באַגעגנט אויף אונדזער וועג. — איבער אַלעמען די באַגרענעצונגען פון דער רעגירונג — זיי האָבן אונדז פאַרדאַרבן, זיי האָבן אויסגעליידיקט דאָס ביסל געלט, וואָס מיר האָבן געהאַט און מיר זיינען געבליבן מיט ליידיקע הענט. מיר קענען נישט גיין פאָראויס אפילו איין טריט אויפן וועג, וואָס מיר האָבן אויסגעטראָטן פאַר אינדז, ווייל דאָס געלט האָט זיך אויסגעלאָזט און מיר האָבן נישט מיט וואָס אָנצוהייבן די בנינים פאַר דעם ווינטער, כדי זיך צו שיצן פון רעגנס און פאַרפלייצונג און הן אָנצוגיין מיט אונדזער אַרבעט אין פעלד, ווייל די טעג פון אויפאַקערן דעם באָדן און אים פאַרזייען דערנענטערן זיך. און מיר, אונדזערע טייערע און פאַרערטע, זיינען אָן געלט און מיר האָבן נישט קיין שום עצה און וועג, ווי אַזוי אויסצופירן אונדזערע פּלענער. אויב דורכדעם זאָלן מיר זיין געצווינגען אָפּצוטרעטן — די ערד וועט ווערן וויסט און וועט באַדעקט ווערן מיט דערנער און שטעכעלקעס — וועט דאָס זיין נישט נאָר אונדזער האַרץ־ווייטיק, פאַרשעמונג און חרפּה, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער חברה פון חובבי־ציון, וועט עס ברענגען אייביקע שאַנד, ווייל דאָס וועט באַקאַנט ווערן אומעטום און עס וועט ברענגען חרפּה אויף אַלע נדיבים פון פּוילן און רוסלאַנד, וועלכע זיינען מיר געוואָרן באַלד ביי דער ערשטער קאָלאָניע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון זייערע ברידער. און דערפאַר איז די פליכט אויף זיי צו דערלייזן אונדז צו העלפן אַרויסציען די קאָלאָניע אויף דער ליכטיקער שיין, ספּעציעל איצט ווען אַלץ איז שוין צוגעגרייט.

„פריינט, „באו בנים עד משבר וכוח אין ללידה — די קינדער האָבן גערייכט די צייט אויפגעבונדן צו ווערן; עס איז, אָבער, נישטאָ קיין כוח צו געווינען״. איר קענט אויספאָרשן דעם אמת פון אונדזערע רייד, ווי אַזוי איר ווילט. דעריבער בעטן מיר אייך, געליבטע ברידער, רופט צונויף אַ פאַרזאַמלונג אין גיט כבוד צו אייער גאָט און צום הייליקן רעיון פון אויפלעבן אונדזער פאָלק, צוליב וואָס מיר האָבן אָפּגעגעבן אונדזער צייט און מיר האָבן געבראַכט אַ קרבן עולה אונדזער פעטס און בלוט פאַר דעם אויבערשטן און פאַר דער ליבע פון דעם לאַנד פון אונדזערע אבות. שטייט נישט פונדערווייטנס, באַהאַלט נישט דאָס אויג פון רחמנות, דערוועקט זיך מיט רחמים און שטעלט זיך צוהילף פון

גאַט צווישן די גבורים, און גרויסעס קען אייער האַנט אויפטאָן, אונדז צו העלפן און די מצוה ווערט אָנגערופן אויפן נאָמען פון דעם וואָס ענדיקט זי (אין המצוה נקראת אלא על שם גומרה).

„מיר בעטן אייך, טייערע ברידער, קערט אייערע ריינע הערצער צו אינ־דזערע רייד, וואָס גייען אַרויס פון האַרץ און איילט זיך אונדז צו העלפן. זייט געשווינד מיט דער הילף צו אונדז, כל־זמן עס איז דאָ צייט, און מיר בעטן, נאָך איידער איר גייט אונדז העלפן — און מיר האָבן צוטרוי צו אייער ישרת־לב — שיקט אונדז גלייך אייער בריוו; און פיל בעסער וואָלט געווען אַ טעלעגראַ־פישע בשורה, כדי צו שטאַרקן אונדזערע שוואַכע הענט און די זיסע האָפענונג וועט שטאַרקן אונדזערע הערצער. ב"ה, מיר האָבן בטחון, דאָס מיט רחמים און מיט רצון וועט איר דערפילן גאַנץ שנעל אונדזער בקשה. דערפאַר וועט אייך דער אויבערשטער אייך געבן גוטס, רייכקייט, כבוד און גדולה ביז משיח וועט קומען; און די אויסגעלייזטע דורכן אויבערשטן, וועלן זיך אומקערן קיין ציון מיט געזאַנג שנעל אין אונדזערע טעג אכי"ר (אמן כן יהי רצון).

„דאָס זיינען די רייד פון די חלוצים פון דער קאָלאָניע יסוד־המעלה; כ' מנחם־אב, ה'תרמ"ר לפ"ק, ראש החלוץ (דער פירער פון די קאָלאָניסטן) ברוך מאיר רויזנבלום" (54).

דער דאָזיקער בריוו פון ר' ברוך־מאיר ראָזענבלום, דערציילט אונדז אַ סך. קודם־כל וועגן דער גרינדונג פון דער קאָלאָניע; זייער ראַנגלען זיך מיט אייגענע מיטלען און כוחות צו שטיין אויף די פיס; זייער נאַיווער גלויבן, אַז זיי וועלן קענען אויסקומען אָן שטענדיקער הילף פון דרויסן. אָבער ועל כולם, פלאַמט דער בריוו מיט ליבע און אידעאַליזם. נאָר אַזאַ ייד, ווי ברוך־מאיר ראָזענבלום, האָט געקענט אַרויסברענגען אַזוי פיל גלויבן און האָפענונג; ווייל דער ייד האָט ממש געברענט מיט ליבע צו ארץ־ישראל.

פון דעם בריוו ווייזן זיך אַרויס די צוויי שוואַכע פונקטן, וועלכע האָבן מיט זיך געבראַכט די הויפט־שוועריקייטן, און, מעגלעך, אַז אָן זיי וואָלט דער וועג פון די פיאָנערן געווען אַ סך גרינגער און ס'וואָלטן, אפשר, אויך געקענט זיך אויסמיידן אַ טייל קריזיסן.

קודם־כל, דאָס נישט האָבן קיין דערפאַרונג; די פלאַנצן וואָס זיי האָבן פאַרפלאַנצט, זיינען אין גרעסטן טייל צעשטערט געוואָרן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג אין ערד־אַרבעט, גערטנעריי און פּרדסנות. אָבער, דער הויפט־אומגליק זייערער איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געקענט אַרויסבאַקומען די קושאַנעס אויפן באָדן; צוליב די געזעצן, וועלכע האָבן באַגרענעצט דעם באָדן־קויף פאַר פרעמדע אונטערטאַנער און די טעותים, וואָס זיי האָבן אין שייכות מיט דעם געמאַכט, האָט דאָס זיי געשטערט אין משך פון אַ פאָר יאָר צו בויען אויפן אָרט פאַסיקע וווינונגען און צו איינאָרדענען דאָרט אַ פאַסיקע

ווירטשאַפט. די קאָלאָניסטן זיינען אַזוי אַרום געווען געצוווּנגען צו וווינען אין צפת, אַנשטאָט אין יסוד־המעלה.

סוף־כל־סוף איז יסוד־המעלה געוואָרן איינע פון די דאגות פון דער חיבת־ציון באַוועגונג.

אין חשון תרמ״ה (1884), קומט פאָר די ערשטע קאָנפערענץ פון די חובבי־ציון אין קאַטאָוויץ. אויף דער דריטער זיצונג, וועלכע איז פאָרגעקומען 21 טאָג אין חשון (11/9/1884), ווערט באַהאַנדלט די פראַגע פון געבן צייטווייליקע הילף פאַר דער קאָלאָניע יסוד־המעלה און פיגורירט אַלס צווייטער פונקט אינעם סדר־היום פון דער קאָנפערענץ.

דער פאָרשלאָג רעדט וועגן אַ סומע פון 2.000 רובל, וואָס זאָל איבערגע־שיקט ווערן צום „מעזריטשער רב הרב הגאון שפּירא״ (אגב, ר׳ ישראל־איסר שפּירא, איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון די חובבי־ציון. ער האָט אויך צו־זאַמען מיט אַנדערע רבנים אויסגערופן אַן איסור אויף די אתרוגים פון קאָרפו און געהייסן מאַכן אַ ברכה נאָר אויף ארץ־ישראל־אתרוגים. אין אַ תשובה וואָס דער באַרימטער קוטנער רב ר׳ יהושעלע טרונק שרייבט צו אים — ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם מעזריטשער רב און טיילמאָל געבעטן ער זאָל זיך אַרויסזאָגן אין אַ שווערער שאלה און זי פּסקענען — ווינטשט ער אים ער זאָל זוכה זיין צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. אין דער תשובה זאָגט זיך: „ב׳ מנחם־אב תרל״ט — שוכן מעונה יזכהו לעלות לציון ברננה, כבוד י״נ הרב הגאון הגדול המפורסם ערוגם הבושם כבוד קדושת שם תפארתו מו״ה ישראל איסר שיחי׳ הגאבד״ק מעזריטש״) (55). די דאָזיקע סומע איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן פון די חובבי־ציון אין וואַרשע און איז ביז דעמאָלט נישט דערפילט געוואָרן.

דער רעפערענט וועגן דער פראַגע, איז געווען ר׳ דוד גאָרדאָן, דער אַרויס־געבער פון דער באַרימטער העברעאישער צייטשריפט „המגיד״. ער באַריכטעט, אַז דער קאָלאָניע דערוואַרטעט אַ גוטע צוקונפט. ער גיט אויך איבער, אַז די קאָלאָניסטן האָבן שוין אינוועסטירט אין דער קאָלאָניע 10.000 רובל און אַז ביז איצט האָבן זיי נישט דערהאַלטן קיין שום שטיצע און היות ווי זיי נויטיקן זיך איצט אומבאַדינגט אין הילף, דעריבער איז אַ פליכט איצט גוטצומאַכן די הבטחה פון די וואַרשעווער חובבי־ציון. פאַר דעם פאָרשלאָג רעדן אויך אַנדערע פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן און דער פאָרשלאָג ווערט אָנגענומען (56).

אין דער דאָזיקער היסטאָרישער קאָנפערענץ, וועלכע האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער נאַציאָנאַלער ווידער־אויפלעבונג פון ארץ־ישראל, און פון דעם יידישן פאָלק אין זיין היים, איז אויך געווען פאַרטראָטן מעזריטש מיט איר דעלעגאַט, וואָס באַווייזט, אַז מעזריטש האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער באַוועגונג פון חיבת־ציון. דער דעלעגאַט — וואָס האָט געחתמעט דעם פּראָ־טאָקאָל פון דער קאָנפערענץ צוזאַמען מיט די אַנדערע פּערזענלעכקייטן און איז אַריין אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק — איז געווען דער גוט־באַקאַנטער

כלל־טוער, ר׳ נחום שיינמאַן, וועלכער איז געווען פון די חשובים אין שטאָט; אַ פרומער ייד, אַ גרויסער יודע־ספר און משכיל און פון די פירנדיקע ציוניסטן אין שטאָט.

אַ זייער אינטערעסאַנטער באַריכט וועגן יסוד־המעלה, איר מענטשן־מאַ־טעריאַל און אירע שוועריקייטן, האָט צוגעשטעלט ר׳ יחיאל־מיכל פינעס, וועל־כער איז דעמאָלט געווען דער פאָרטרעטער פון די חובבי־ציון אין ירושלים. צוליב זיין אינטערעסאַנטן אינהאַלט, וועלן מיר ברענגען די וויכטיקסטע שטעלן וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדז.

דער ערשטער טייל פון זיין באַריכט, אַנטהאַלט אַ שילדערונג פון דעם לאַנד, די געאָגראַפישע לאַגע און דעם כאַראַקטער פון דעם באָדן, די טראַנ־זאַקציע און דער לעגאַלער מצב פון דעם פאַרקויף, די פּראָצעדור פון באַאַרבעטן דעם באָדן און די באַדינגונגען פון דער אַרבעט; און אַ באַשרייבונג פון די איינ־וווינער פון דער קאָלאָניע און דאָס לעצטע איז פאַר אונדז אַמאינטערעסאַנטסטן:

## „די קאָלאָניסטן

„די נחלה „יסוד־המעלה" איז צעטיילט אויף 24 חלקים מיט זעכצן אייגנ־טימער. זיבן פון זיי זיינען דערוויל אין צפת און די איבעריקע זיינען נאָך לעת־עתה אין זייער ווין־אָרט מעזריטש. אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט שטאַ־מען פון מעזריטש, אַ חוץ איינער — ר׳ שלמה מזרחי, אַ ספרדישער ייד, וועל־כער וווינט אין צפת. ער האָט דאָרט געהאַט אַ טייל פון דעם באָדן, נאָך איידער ער איז פאַרקויפט געוואָרן. ער האָט פון זיין חלק פאַרקויפט אַ העלפט און איין העלפט געלאָזט פאַר זיך. איצט האָט ער צוריק ביידע חלקים".

פון די זיבן, זיינען בלויז 6 משפחות מעזריטשער. פינעס גיט אָן אויס־פירלעכן באַריכט וועגן זיי:

„1. ר׳ פישל סאַלאָמאָן, זיין פרוי, פינף זין, אין עלטער פון 6 ביז 22 יאָר און איין טאָכטער, 20 יאָר אַלט; סך־הכל — 8 נפשות;

2. ר׳ אברהם סטאָליאַר, זיין פרוי, אַ זון — 20 יאָר אַלט און צוויי טעכ־טער אין עלטער פון 10 ביז 15 יאָר; סך־הכל — 5 נפשות.

3. ר׳ שבתי, זיין פרוי, פיר זין, אין עלטער פון 4 ביז 14; בסך־הכל — 6 נפשות.

4. ר׳ חיים קאָוואַל, זיין פרוי, 1 זון, 9 יאָר אַלט, דריי טעכטער, אין עלטער פון 3 ביז 13 יאָר; בסך־הכל — 6 נפשות.

5. ר׳ יחזקאל כהן, זיין פרוי. בסך־הכל — 2 נפשות.

6. ר׳ יוסף מלמד, זיין פרוי. בסך־הכל — 2 נפשות.

„וואָס איז שייך דעם כאַראַקטער פון די מענטשן, האָב איך געהאַט בדעה צו שרייבן וועגן יעדן איינעם באַזונדער. אָבער מען טאָר נישט זאָגן קיין שלעכטס וועגן יידן ברבים; אָבער, איך באַטראַכט עס אַלס אַ פליכט צו דערקלערן, אַז

איך האָב נישט געפונען אין זיי אַלע אַ גרונט צו זיין צופרידן. קאָנפליקטן און קריגערייען איבער קליינלעכקייטן; און זיי זיינען באהערשט פון קנאה און דאָס האָט גורם געווען צו קאָנפליקטן און האָט פאַרערגערט זייער לאַגע. ראַקעגן וועל איך אויסרעכענען די מעלות פון יעדן איינעם: ר׳ פישל סאַלאָמאָן, אַ מאַן פון אַ יאָר 40; ער איז אַן אויסגערעכנטער מענטש; ער טוט אַלץ מיט חשבון און פּינקטלעכקייט און ער באַארבעט זיין פעלד מער ווי אַלע אַנדערע. ר׳ אברהם סטאָליאַר, אַ מאַן פון אַ יאָר פופציק; אַ פּשוטער און קרעפטיקער מענטש, וואָס וויל איבערטראָגן די ליידן. ר׳ שבתי כהן, אַ מאַן פון אַ יאָר 35; אַ קרעפטיקער מאַן, וואָס האָט היים בלוט און ווען ער אַרבעט איז ער פליסיק אין זיין אַרבעט. ר׳ חיים קאָוואַל, אַ מאַן פון אַ יאָר 40; ער אַרבעט ווען ער וויל; דערווייל האָט ער נאָך נישט געאַרבעט. ר׳ יחזקאל כהן, אַ מאַן פון אַ יאָר 50; אַן ערלעכער און תמימותדיקער מענטש און איז פריינטלעך צו אַנדערע; זיין פרוי, איז פונקט אַזוי ווי ער. ר׳ יוסף מלמד, אַ מאַן פון אַ יאָר 45; ער איז טויגלעך צו אַרבעט...

## „די געשיכטע פון דער קאָלאָניע

„אין יאָר תרמ״ג, זומער־צייט, האָט זיך אין מעזריטש געגרינדעט די חברה יסוד־המעלה און זי האָט געשיקט ר׳ לייב רובין און ר׳ פישל סאַלאָמאָן קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו קויפן באָדן פאַר אַ קאָלאָניע. זיינען די מענטשן געקומען און האָבן געזוכט אין יהודה און נישט געפונען; האָבן זיי זיך געקערט קיין גליל און האָבן דאָרט געזוכט אַ פּאַסנדן באָדן פיל טעג, ביז זיי זיינען געקומען אויפן באָדן פון איזבד (לייענט זיך: איזבער; אַ נאָמען פון אַן אַראַבישן שבט וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין יענע מקומות, מ. ע.). דאָס לאַנד האָט נושא־חן געווען אין זייערע אויגן און זיי האָבן עס געקויפט פאַר 480 פראַנצויזישע נאַפּאָלעאָנס און אין חודש כסליו, תרמ״ד, איז דער מקח אָפּגעשלאָסן געוואָרן. מיט אַלע הוצאות צוזאַמען, האָט זיי געקאָסט אַן ערך פון 550 נאַפּאָלעאָנס און מען האָט געשריבן די שטרות אין העברעאיש אין אַ יידישן בית־דין... נאָכן אונטערשרייבן פון די קאָנטראַקטן, איז ר׳ לייב רובין צוגעטראָטן אויפצושטעלן 16 קליינע הייזקעס אַרום דעם שפּייכלער, וואָס איז דאָרט געווען, כדי די קאָלאָניסטן וואָס דאַרפן קומען, זאָלן זיך קענען באַזעצן און האָבן מנוחה. ר׳ פישל סאַלאָמאָן האָט זיך אָקעגנגעשטעלט דעם פּלאַן. צווישן דיביידע איז געוואָרן אַ שלעכטע באַציאונג, וואָס איינער האָט געזאָגט האָט דער צווייטער צונישט געמאַכט. דערווייל איז אָנגעקומען דער ווינטער און עס איז נישט געטאָן געוואָרן קיין זאַך און אין זומער־צייט, זיינען אָנגעהויבן קומען די קאָלאָניסטן און זיי זיינען געווען מיטגלידער פון אַכט משפחות: די אויבנדערמאָנטע זעקס און נאָך צוויי — ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום און ר׳ וואָלף בעקער. ר׳ לייב האָט זיך צוריקגעקערט קיין מעזריטש און די פירערשאַפט פון דער קאָלאָניע איז אָנגעטרויט געוואָרן צו ר׳ ברוך־מאירן. דער דאָזיקער מענטש, איז

א זייער טייערער מאַן און איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער זאַך און אויך ער האָט געהאַט די זעלבע מיינונג ווי ר׳ לייב רובין און ער האָט אָנ־הויבן צו בויען... פּלוצים איז אָנגעקומען א באַפעל פון דער רעגירונג און די אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

„די סיבה איז געווען די: דער העָר יעקב עבו, דער פאַרקויפער פון דער נחלה איז געווען דער פראַנצויזישער קאָנסול און ער האָט געשיצט די אַראַבער, וועלכע שטאַמען פון אַלזשיר (דאָס איז דער אַראַבישער שבט וואָס האָט זיך חאַרט באַזעצט און זיין נאָמען איז איזבער, מ. ע.) און, היות, ווי די טערקישע רעגירונג איז פון תמיד אָן געווען אינטערעסירט צו מאַכן די אַראַבער פאַר אירע אינטערטאַנער, האָט זיך אַנטוויקלט א שאַרפער קריג צווישן דעם גובערנאַטאָר פון דעם קרייז מיט עבון, וועלכעס איז אַריבער די גרענעצן פון בלויזער פּאָלי־טיק און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פערזענלעכער פיינטשאַפט צווישן די צוויי; יעדער איינער האָט געזוכט צו שטירצן דעם אַנדערן.

„פאַר עבון, איז געווען זייער לייכט צו קויפן באָדן און בויען הייזער. אָבער ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די קאָלאָניסטן און עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער באָדן איז צו זיי פאַרקויפט געוואָרן, האָט דער גובערנאַטאָר אויסגענוצט די געלעגנהייט און געשטערט דאָס בויען. נישט געקוקט אויף דעם, וואָלט נאָך אַלץ נישט געווען קיין אומגליק. ר׳ יעקב עבו האָט אָפּגעגעבן א דערקלערונג, אַז דער באָדן און די בנינים זיינען זיינע און אַז די מענטשן זיינען זיינע אַר־בעטער. דאָס וואָלט געהאָלפן, ווען ס׳מישט זיך נישט אריין ר׳ פישל, וועלכער האָט געטענהט, אַז כל־זמן דער באָדן איז נישט איבערגעשריבן אָפיציעל אין די רעגירונגס־אַמטן אויף זייערע נעמען, זאָל מען נישט בויען. און, היות, ווי זיי האָבן זיך געהאַט באַזאָרגט מיט דאָקומענטן פון ירושלים, אַז זיי זיינען אַלע ירושלימער, זיינען זיי געווען זיכער, אַז דער ענין איבערשרייבן קען גרינג דער־ליידיקט ווערן. ר׳ יעקב עבו האָט גענעצהט מען זאָל זיך נישט איילן מיטן אי־בערשרייבן; אָבער ר׳ פישל האָט חושד געווען עבון, אַז ער וויל זיי פשוט באַגזלען און אויסשווינדלען דעם באָדן, דערפאַר גיט ער זיי אַזא עצה. ער האָט געאַרבעט הינטן־אַרום און ער האָט אויך געווינען ר׳ ברוך־מאירן אויף זיין זייט.

„זיי זיינען געגאַנגען צום מושל און אָנגעקלאָגט עבון צו אים. היות, ווי ס׳איז שוין א יאָר ווי ער האָט זיי פאַרקויפט דעם באָדן און ער דרייט זיך אַרויס פון געבן זיי קושאַנעס. ווען דער מושל האָט עס געהערט, איז ער צוגעפאַלן צו דעם ווי אויף א ווילדע מציאה. ער האָט זיך געקליגלט און געזאָגט: — אויב איר וועט מיר געבן 50 נאַפּאָלעאָנס, וועל איך זיך משתדל זיין, אַז דער באָדן זאָל איבערגעשריבן ווערן אויף אייערע נעמען און אויב איר וועט מיר איצט געבן 10 נאַפּאָלעאָן־שטיק וועל איך זאָגן וואָס איר דאַרפט שוין טאָן. זיי האָבן אָנגענומען ביידע פאָרשלאָגן.

„לויט זיינע אינסטרוקציעס, האָבן זיי אָנגעשריבן א בקשה און דאָרט דער־

ציילט אַלץ וואָס זיי האָבן פריער דערקלערט און זיינען אוועקגעגאַנגען. דערנאָך האָט דער מושל אַוועקגעשיקט אַ באַריכט קיין דמשק און בייגעלייגט די דער־קלערונג פון די יידן און ער האָט נישט נאָר אָפּגעשטעלט דאָס בויען, נאָר ער האָט אויך פאַרמסרט די יידן פאַר זיין היפט אין דמשק, אַז זייערע ירושלימער דאָקומענטן זיינען פאַלשע און אַז עבו האָט געבראָכן דעם געזעץ, וואָס פאַרבאָט צו פאַרקויפן לאַנד צו פרעמדע.

„די מסירה האָט באַלד געמאַכט אַ רושם. פון דמשק איז אָנגעקומען אַ באַפעל, וואָס פאָדערט־אויף גלייך אָנצוהויבן אַן אויספאָרשונג און אויב עס וועט זיך טאַקע אַרויסווייזן, אַז די דאָקומענטן זיינען פאַלשע, זאָל מען זיי נישט נאָר נישט לאָזן באַטרעטן דעם באָדן, נאָר אויך אַרויסטרייבן פון לאַנד.

„די לאַגע פון די קאָלאָניסטן איז געווען אַ שווערע. אָבער, דער אויבערש־טער האָט פאַרגעברייט די רפואה פאַר דער מכה. דער מושל איז אַרונטערגע־זעצט געוואָרן און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער גובערנאַטאָר און די גאַנצע זאַך איז צייטווייליק פאַרגעסן געוואָרן.

„די קאָלאָניסטן האָבן זיך באַזעצט אין דעם שפּייכלער, וואָס איז געווען אָן פענצטער און נישט פּאַסיק צום וווינען. זיי זיינען געזעסן אין פינצטערניש און זיך געוואַלגערט אויפן מיסט און עס האָבן אויסגעבראָכן עפּידעמיעס, וועל־כעס האָט אַוועקגערויבט דאָס לעבן פון ר׳ שבתי׳ס פרוי, וועלכע איז געווען אין איר בליענדן עלטער. נישט קענענדיק מער אויסהאַלטן, זיינען זיי איינציקווייז אַוועק וווינען קיין צפת און אין דער קאָלאָניע זיינען געבליבן עטלעכע מענטשן.

## „אַ נייער אומגליק...

„אין דער קאָלאָניע האָט זיך געפונען אַ וואַרשעווער יונגערמאַן, וועלכער האָט געוואָלט זיך אָנשליסן אין דער קאָלאָניע. איינמאָל האָט ער פאַרבלאָנ־דזשעט אין פון שרעק איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה און זיין לעבן איז אים נמאס געוואָרן. אין איינעם אַ טאָג האָט ער אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן, ער האָט מיט אַ בריטווע זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז. ווען די קאָלאָ־ניסטן האָבן אים געפונען, האָט ער נאָך געלעבט. אַ גאַנצן טאָג האָט ער נאָך געלעבט און דערנאָך איז ער געשטאָרבן.

„דער אומגליק, האָט די מענטשן אַריינגעוואָרפן אין גרויס מורא. ר׳ ברוך־מאיר, זייער מנהל און אַ מענטש אַ בר־דעת, איז נישט געווען אין דער קאָלאָ־ניע. ער איז גראָד געווען אין ירושלים. ר׳ פישל סאַלאָמאָן, איז געווען אין ביי־רוט. האָבן ר׳ יוסף מלמד און ר׳ יחזקאל כהן, גענומען דעם טויטן קערפּער און אים אויפגעלאָדן אויף אַ וואָגן און אים אָפּגעפירט קיין ראש־פינה, צו ברענגען אים דאָרט צו קבורת־ישראל.

„ר׳ יוסף מלמד האָט ליב געהאַט צו זאָגן ליגנס, אַפילו דאָרט וווּ דער אמת האָט געבראַכט מער נוצן. אויפן וועג רופט ער זיך אָפּ צו ר׳ יחזקאל כהן:

לאָמיר זאָגן, אַז דער בחור איז געפאַלן אויף אַ שאַרפע זאַך און איז דערפון געשטאָרבן. ר׳ יחזקאל, אַן ערלעכער און פשוטער מענטש האָט דערצו מסכים געווען.

„ווען די איינוווינער פון ראש־פינה האָבן דערזען דעם שניט אין האַלדז, האָבן זיי זיך שטאַרק געוווּנדערט און געוואָלט וויסן, וואָס איז געשען מיט דעם יינגערמאַן. דאָ, האָט ר׳ יוסף מלמד אָפּגעבאַקן זיין ליגנט. דער יינגערמאַן, האָט ער דערקלערט, איז געפאַלן אויפן שאַרף פון אַ מעסער און איז אומגליקלעכער־ווייזע דערשאָכטן געוואָרן. ר׳ יחזקאל, ווידער, האָט געזאָגט אַז ער איז געפאַלן אויף אַ שאַרפן שטיין און זיך געלעכערט דעם װשט. ביידע דערקלערונגען, האָבן זיך סותר געווען און זייער ליגן איז געווען קלאָר. ראש־פינה, האָט זיך אָנט־זאָגט צו באַגראָבן דעם קערפּער. פון דאָרט האָבן זיי דעם קערפּער געפירט קיין צפת און, היות, ווי אויך צפת האָט נישט געוואָלט באַערדיקן דעם טויטן, האָט מען דעם קערפּער צוריקגעפירט קיין יסוד־המעלה און דאָרט מקבר געווען.

„די דאָזיקע געשעעניש, איז אָבער באַקאַנט געוואָרן אין צפת און אַ יידי־שער מסור האָט פאַרמסרט די יסוד־המעלה־קאָלאָניסטן פאַר דער מאַכט: זיי האָבן געשאָכטן דעם בחור — האָט ער געזאָגט אין זיין מסירה — און צוגע־רויבט פון אים 200 גילדענע רענדלעך. די מאַכט האָט אַרעסטירט אַלע קאָלאָ־ניסטן און זיי איינגעזעצט אין תפיסה אין צפת. ווען ר׳ ברוך־מאיר, האָט נאָך זיין צוריקקערן זיך פון ירושלים געהערט די מעשה, איז ער אַוועק קיין צפת צו דעם ריכטער און אים געזאָגט, אַז אויב מען האַלט זיינע פריינט אַרעסטירט אונטער דעם פאַרדאַכט פון מאָרד, איז ער אויך שולדיק און ער האָט געפאָ־דערט מען זאָל אויך אים אַרעסטירן. ר׳ יעקב עבו און נאָך חשובים פון צפת, האָבן אינטערווענירט און עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די מענטשן זיינען אומ־שולדיק און מען האָט זיי באַפרייט; אָבער זייער קאַסע איז געוואָרן אָרעמער מיט 65 רענדלעך. אַ נס, וואָס דער באַרימטער סיר אָליווער אָליפאַנט (אַן ענג־לענדער וואָס האָט שטאַרק געגלויבט אין דעם צוריקקער פון יידן קיין ארץ־ישראל און האָט פאַר דעם אידעאַל אַוועקגעגעבן אַ סך געלט און כוחות, מ. ע.) איז זיי געקומען צו־הילף. ער האָט זיי געגעבן 50 נאַפּאָלעאָנס און קליידער.

„אינצווישנצייט, איז זייער לאַגע געוואָרן שטאַרק פאַרערגערט, וואָס האָט אויך אַרויסגערופן קריגערייען און אַרומרייסעניש איבער יעדער קלייניקייט. צום סוף האָבן זיי באַשלאָסן צו אַפּעלירן צו זייערע חברים אין מעזריטש און צו ר׳ לייב רובין, ער זאָל קומען קיין ארץ־ישראל אויף צו אַרויסשלעפּן זיי פון זייערע צרות און דערליידיקן דאָס איבערשרייבן. נאָך אַ לאַנגער דינגעניש, האָבן די מעזריטשער חברים איינגעשטימט צו געבן אים 400 רובל אויף הוצאות. אויסצוהאַלטן אים אין צפת און אויסהאַלטן זיין משפחה אין מעזריטש אַ האַלב יאָר צייט.

„ר׳ לייב איז אָנגעקומען ערב סוכות, אין דער צייט ווען די קאָלאָניסטן

זיינען געוואָרן פאַרדעכטיקט אין דעם מאָרד און ער האָט אָנגעטראָפן אַ ליידיקע קאַסע.

„ר׳ לייב האָט גלייך אונטערגענומען שריט, צו פאַרזאָרגן דער קאָלאָניע מיט אַרבעט. ער האָט געקויפט, אויף באָרג, 5 פּאָר אָקסן און זריעה און די קאָלאָניע האָט זיך ווידער געשטעלט אַרבעטן און ווען ענדיקן דאָס איבערשרייבן, האָט ער געעצהט צו וואַרטן ביז די קאָלאָניע וועט שטיין אַ ביסל בעסער פינאַנציעל, כדי זי זאָל קענען געפונען די נויטיקסטע קאָסטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם. אָבער, ר׳ פישל, וועלכער האָט פון פריער געטראָגן אויף ר׳ לייבן אַ האַס, האָט ווידער אַמאָל געהעצט קעגן אים. ווידער אַמאָל זיינען פאָרגעקומען מחלוקתן. די אַרבעט אין גאָרטן איז נישט געטאָן געוואָרן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין און די פלאַנצן און זריעה זיינען געוואָרן אויסגעטריקנט און פאַרוויאַנעט.

„אין דער צייט, האָט די חברה חובבי־ציון גוט־געמאַכט דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ. זיי האָבן דאָס געלט געגעבן צו ר׳ בייניש (איינער פון די חברים פון דער מעזריטשער גרופּע און באַקאַנטער ציוניסט, ר׳ לייזער־בייניש גאָלדפאַרב, וועלכער איז נאָכדעם אוועק קיין אַמעריקע און איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, מ. ע.) און נישט צו ר׳ לייב רובין (ווייל ר׳ פישל האָט גערעדט שלעכטס אויף אים און געוואָרנט די חובבי־ציון אַז ער וועט צונעמען דאָס געלט) און זיי האָבן אים דעלעגירט צו דערליידיקן דעם ענין פון איבערשרייבן. צומערשט, איז ר׳ בייניש געפאָרן קיין ירושלים און דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט ר׳ זאב (וועלוול) בעקער פון יסוד־המעלה. דער ר׳ וועלוול האָט ביינישן דערציילט, אַז ער האָט פאַרקויפט זיין חלק און אַז ער פאָרט צוריק קיין מעזריטש, ווייל די גאַנצע קניה איז אַ פאַלשע; דער פאַרקייפער האָט אַליין נישט קיין כשרע דאָקומענטן און ער וויל בלויז צונעמען זייער געלט (דאָס איז געווען ר׳ פישלס טענה, מ. ע.) און אַז ער זאָל נישט דערוועגן מיטצונעמען דאָס געלט; ווייל זיי וועלן ביי אים צונעמען דאָס געלט מיט געוואַלט.

„ר׳ בייניש האָט זיך צוגעהערט צו די שלעכטע און פאַלשע רייד און ער האָט זיך אַנטזאָגט צו פאָרן קיין צפת. עס האָבן נישט געהאָלפן די געבעטן פון זיינע פריינט אין צפת, עס האָבן נישט געהאָלפן מיינע רייד (דאָס מיינט, די רייד פון דעם באַריכט־שרייבער, ר׳ יחיאל מיכל פינעס, מ. ע.) און נישט צו די רייד פון ר׳ קלמן־זאב וויסאָצקי (דער באַרימטער יידישער טיי־קעניג פון רוסלאַנד. ער איז דעמאָלט געווען אין ארץ־ישראל אין שליחות פון די חובבי־ציון, פון וועמען ער איז געווען איינער פון די הויפּט־פירער, מ. ע.). דעמאָלט איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון וואַרשע, אַז ער זאָל דאָס געלט אָפּגעבן צו וויסאָצקין.

„נאָך שבועות זיינען מיר, איך און וויסאָצקי, אָפּגעפאָרן קיין חיפה, מחמת דעם וואָס דער וועג איז אַ שווערער, די בערג זיינען הויכע און דער וועג פול מיט שטרויכלונגס־שטיינער, האָט ער נישט געוואָלט פאָרן קיין צפת. ער האָט

איינגעלאדן דעם פארקויפער פון באַדן, ר׳ יעקב עבו, קיין חיפה כדי צו ענדיקן דעם פארקויף. ער איז נישט געקומען און ער האָט געשיקט זיין ברודער. מיר האָבן געזען, אַז מצד דעם פארקויפער, איז נישטאָ קיין שום מניעה און אַז אַלץ הענגט אָפּ פון דער רעגירונג. דעמאָלט, האָט מיך וויסאָצקי געשיקט קיין צפת און מיך באַפולמעכטיקט צו דערלייַדיקן דעם ענין, ענטוועדער איבערצושרייבן דעם באָדן אויפן נאָמען פון די קויפער אַליין און ווען דאָס וועט זיין אומגעלעך, איבערצושרייבן דעם באָדן אויפן נאָמען פון דעם גאון הרב ד״ר עזריאל הילדעסהיימער (דר. הילדעסהיימער איז געווע דער רב אין דער פרומער קהילה אין בערלין און האָט אויך געגרינדעט דעם בארימטן הילדעסהיימער ראַבינער־סעמינאַר. ער איז געווען אַ פירנדיקע פערזענלעכקייט פון די חובבי־ציון, מ. ע.) וועלכער האָט מיר געגעבן אַ ספּעציעלן אַמטלעך באַשטעטיקטן פולמאַכט אַלס זיין פארטרעטער (אין יענע יאָרן און אויך שפּעטער, ביז ארץ־ישראל איז פאַרנומען געוואָרן פון ענגלאַנד האָבן אויסלענדער נישט געקענט קויפן קיין באָדן אין ארץ־ישראל, מיטן אויסנאַם פון בירגער פון געוויסע לענדער. יידישער באָדן פלעגט דערפאַר איבערגעשריבן ווערן אויף פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן יאָ געקענט קויפן לאַנד אין ארץ־ישראל, מ. ע.). ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין צפת, נאָך איידער איך האָב באַוויזן אַראָפּצוגיין פון מיין פערד, האָבן זיך שוין געפונען מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעגעבן יענעם וואָס האָט עס געדאַרפט צו ווּיסן, אַז עס איז געקומען אַ שליח פון דעם „שר־האוצרות״ (ראָטשילד? מ. ע.), וועלכער שיצט די קאָלאָניעס און ער גייט אויך נעמען יסוד־המעלה אונטער זיין שוץ און ווען איך האָב נאָר אָנגעהויבן עפּעס מאָן, האָב איך באַגעגנט גרויסע שטרויכלונגען אויף מיין וועג...״

ה׳ פּינעס דערציילט ווייטער וועגן די שוועריקייטן, די גרויסע הוצאות און דער צייט־פארלוסט, וואָס עס וואָלט געקאָסט, ווען ער וואָלט געווען באַשלאָסן צו אַריינלאָזן זיך אין באַמיאונגען איבערצושרייבן דעם באָדן אויף די נעמען פון די קויפער. האָט ער דערפאַר באַשלאָסן, אָפּצומאַכן מיט איינעם, וועלכער איז אין די קאַנדיציעס דורכצופירן אויפן בעסטן אופן אַזאַ סאָרט עסק און ער איז מיט אים מושווה געוואָרן צו באַצאָלן 250 נאַפּאָלעאָנס פאַרן איבערשרייבן דעם באָדן אויף דר. הילדעסהיימערס נאָמען. אָבער, לײדער, האָט וויסאָצקי נישט געוואָלט באַשטעטיקן דעם אָפּמאַך, ווייל מ׳ען האָט אים געזאָגט, אַז פּינעס האָט צוגעזאָגט אַ צו הויכע סומע. אגב, דער דאָזיקער באַשלוס פון וויסאָצקין, האָט אַרויסגערופן אַ סך קריטיק פון אָנגעזעענע חובבי־ציון, אַפילו פון דר. פּינסקער — דער פירער פון די חובבי־ציון .דאָס אָפּשלעפּן דאָס איבערשרייבן, האָט פאַרערגערט די לאַגע פון יסוד־המעלה און זי נאָכמער קאָמפּליצירט. פּינעס, אָן אַנטוישטער, האָט זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים מיט גאָרנישט. אָבער, איידער ער איז אָפּגעפאָרן, האָט ער אויף וויסאָצקין אָנווייזונג, געגעבן צו יעדער משפחה „10 גאָלדענע רענדלעך״ (נאַפּאָלעאָנס). בסך־הכל 60

גאָלדענע רענדלעך. 10 פון זיי, האָט מען אַריינגעטראָגן פאַר שטייערן צו דער רעגירונג און פאַר די איבעריקע געלטער, האָט זיך יעדע משפחה איינגעשאַפט אַ פּאָר אָקסן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אָפּגעצאָלט די חובות פאַר די אָקסן, וועלכע זיי האָבן געקויפט אויף באָרג...

פּינעסעס קריטישע באַציאונג צו וויסאָצקין איז נישט געווען בלויז צוליב זיין קמצנות, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן גראָד אין דעם פאַל. נאָר אויך צוליב זיין נישט פריינטלעכע און אפילו נישט ריכטיקע שטעלונג, וואָס ער האָט אָנ־גענומען צו ר׳ לייב רובין, מיט דעם וואָס ער האָט זיך צוגעהערט צו דער לשון־הרע וואָס איז אים געוואָרן צוגעטראָגן.

וועגן ר׳ לייב רובין, שרייבט פּינעס: „דער איינציקער מענטש, ר׳ לייב רובין, וועלכער וואָלט, אפשר, געקענט האַלטן די פירערשאַפט פון דער קאָלאָניע אין זיינע הענט און לכל־הפּחות פאַרמיידן איר חורבן, איז צוריקגעפאָרן קיין מעזריטש. מחמת, הרב קלמן־זאב וויסאָצקי נ״י, האָט זיך צוגעהערט צו דער לשון־הרע, אַז ער באַרויבט און באַגזלט די קאָלאָניסטן און שינדט פון זיי אַראָפּ די הויט. און ווען ער איז פאַר אים דערשינען, האָט ער אים פאַרשעמט אין דער אַנוועזנהייט פון די קאָלאָניסטן, און זיך צעשריען אויף אים, נאָך איידער ער האָט דעם ענין אויסגעפאָרשט. ער האָט אים אפילו באַשמוצט אין „המליץ״ (וויסאָצקי האָט זיין רייזע באַשריבן אין „המליץ״, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פּעטערבורג, אונטער צעדערבוימס רעדאַקציע, מ. ע.). איך וועל נישט פאַרליי־קענען, אַז איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן האַרץ־פאַרדרוס. איך שטעל פעסט אַלס עדות, אַז איך האָב אונטערגעזוכט אַלע זיינע חשבונות און זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן פּרט און איך האָב אויך וועגן יעדע אויסגאַבע (וואָס איז דערשינען אין ר׳ לייבס חשבון, מ. ע.) געפרעגט באַזונדערס די קאָלאָניסטן, אויב זיי האָבן עטוואָס אייסצוזעצן קעגן דער הוצאה און קיינער האָט דערויף נישט געמאַכט די מינדסטע קריטישע באַמערקונג״.

פּינעס דערציילט אויך, אַז די טענות און קעגן־טענות צווישן ר׳ לייב רובין און זיין קעגנער, ר׳ פישל סאַלאָמאָן, האָבן נאָכאַמאָל באַוויזן, אַז רובין האָט גאָרנישט געפעלשט. די איינציקע סיבה פון זייער נישט איינשטימיקייט, איז געווען, וואָס ר׳ פישל האָט נישט געוואָלט זיך באַטייליקן אין די אַלע הוצאות פון די קאָלאָניסטן; למשל, אין דער הוצאה אויף אַן אַלבום לכבוד משה מאָנ־טעפיאָרע, דאָס פאַרריכטן דעם אויוון און די פענצטער אין דעם שפּייכלער וכדומה. זיין טענה (ר׳ פישל סאַלאָמאָנס, מ. ע.) איז געווען, אַז ער טיילט זיך אויס פון דער גרופּע. אפילו וויסאָצקיס טענה קעגן רובינען, אַז ער האָט גענומען 16 רובל אַ וואָך פון דער קאַסע — דערקלערט פּינעס — איז אויך אַ ליגן. ווייל פאַר דעם האַלבן יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ארץ־ישראל, האָט ער באַ־קומען געצאָלט פון די מעזריטשער יידן, איידער ער איז אָפּגעפאָרן. אַלץ וואָס ער האָט גענומען פון דער קאַסע, איז געווען 100 רובל פאַר פינף חדשים אַרבעט.

טאָ מה רעש? אין מעזריטש האָט ר׳ לייב פּאַרדינט, פון מעקלעריי, 20 רובל א וואָך. איז ער נישט באַרעכטיקט צו 10 רובל א וואָך, פאַר זיין טרחה? פּינעס, באַציענדיק זיך צום ענין רובין, פאַרענדיקט מיט די פאָלגענדע זייער כאַראַק־טעריסטישע באַמערקונג: „די איינציקע שולד, וואָס איך האָב געפונען אין ר׳ לייב רובין, איז די זעלבע וואָס מען געפינט געוויינטלעך ביי אַלע עוסקים־בצרכי־צבור... וואָס פאַרשאַפט זיי בלויז שאַנדע און חרפה”.

פינעס שליסט־אָן זיין זייער אינטערעסאַנטן באַריכט מיט דער באַמערקונג, אַז ס׳עם זיינען געמאַכט געוואָרן פעלערן, אייגנטלעך, די זעלבע פעלערן וואָס מען האָט געמאַכט אויך אין די אַנדערע קאָלאָניעס און ער שטעלט אַוועק די חובבי־ציון פאַר א ברירה — ענטוועדער אויפצוגעבן יסוד־המעלה, אָדער טאָן אַלץ וואָס ס׳איז מעגלעך, ווען עס זאָל איצט אַפילו קאָסטן א סך מער, כדי אַוועקצושטעלן יסוד־המעלה אויף געזונטע יסודות. ער מאַכט דערביי א רייע פאָרשלאָגן, אָבער דאָס האָט צו אונדזער ענין נישט קיין דירעקטן שייכות (57).

לאַנג האָט מען זיך מתעסק געווען מיט דעם ענין יסוד־המעלה. מען האָט זיך ארומגעזען, אַז מען דאַרף האָבן גרויסע געלט־מיטלען, כדי צו קענען פאַר־לייכטערן איר סיטואַציע. דאַן איז ד״ר לעאָ פינסקער ארויסגעקומען מיטן פאָר־שלאָג, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן א געזעלשאַפט מיט אקציעס, וועלכע זאָל איבערנעמען די חלקים באַדן פון די יידן, וועלכע זיינען דערוויייל פאַרבליבן אין מעזריטש. דאָס געלט האָט מען געזאָלט אינעוועסטירן אין יסוד־המעלה. דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן און די מעזריטשער יידן האָבן פאַרקויפט זייער חלק. אָבער דאָ איז ווידער אַמאָל געשען א נייעס:

די קאָלאָניסטן פון יסוד־המעלה, האָבן זיך משתדל געווען ביים „נדיב הידוע” — באַראָן עדמונד ראָטשילד, — ער זאָל אויך יסוד־המעלה נעמען אונטער זיין שוץ. ווען דער באַראָן ראָטשילד האָט געגעבן דערצו זיין צושטימונג, האָבן די מעזריטשער מיטגלידער, וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרקויפט זייערע חלקים, זיך ארומגעזען, אַז זיי האָבן געמאַכט אַן איבערגעאײלטן שריט און די 11 פאַרבלי־בענע אין מעזריטש חברים פון יסוד־המעלה, האָבן זיך געוואָנדן מיט א בריוו צו ראָטשילדס א פאַרטרויאונגס־מענטשן, מיכאל ערלאַנגער, וועגן דעם ענין.

דער בריוו לייענט זיך אַזוי אין דער יידישער איבערזעצונג:

„מיט ערפורכט דערלויבן מיר זיך צו רעדן עטלעכע ווערטער אין די אויערן פון אונדזער האַר און מיר האָפן דאָס מיט זיין ריין האַרץ, וועט ער מאַכן זיין פּנים שיינען אויף אונדז און וועט באַוויליקן אונדזער בקשה...

(דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם יאָר תרמ״ג, וועגן די פּאָגראָמען און דער געדאַנק פון חיבת ציון, וואָס האָט געפאַנגען אויך די אונטערגעשריבענע. וועגן דער שליחות פון רובינען און די אַלע צרות א. אז. וו.) „...אין אָנהויב זומער פאַ־ריקן יאָר (תרמ״ו, מ. ע.), ווערט דאָרט ווייטער געזאָגט, האָט דער ד״ר פינס־קער פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן פאַרקויפן אונדזערע חלקים צו עטלעכע מענטשן פאַרן פרייז פון 250 רובל פאַר א חלק. ער האָט דערקלערט, אַז אַזוי ארום וועט

מען קענען אויפריכטן די קאָלאָניע. און מיר, וועלכע זיינען אינטערעסירט אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל און נישט אין איר חורבן, זיינען געצוווּנגען געוואָרן צו בויגן אונדזערע קעפּ און זיך אָפּזאָגן פון אונדזער באָדן, וואָס האָט אונדז געקאָסט אַ סך און טייער געלט, און זעענדיק, אַז מיר האָבן נישט מער קיין געלט ווידער־אַמאָל אויסצוגעבן אויף איבערצושרייבן געריכטלעך דעם באָדן, האָבן מיר נישט געוואָלט שטערן אין דער אויסלייזונג פון דעם באָדן, האָבן מיר געחתמעט אַ דאָקומענט און פאַרקויפט אונדזער לאַנד לויטן געזעץ.

„פון דעמאָלט ביז היינט, איז דערווייל אַריבער אַ זומער, עס איז פאַרלאָפן אַ ווינטער און מיר האָבן נישט באַקומען אַפילו קיין איין פּרוטה פאַר דעם באָדן און די קאָלאָניע איז נאָך אַלץ נישט איבערגעשריבן געוואָרן און איז נאָך אַלץ נישט באַזעצט (ווי מיר ווייסן שוין פון פריער, האָבן די מעזריטשער געוווינט אין צפת, מ. ע.) פּונקט ווי פריער און די ענדערונג פון דעם באָדן־אייגנטום איז, לכן, געוועזן נוצלאָז. און ווען מיר האָבן געהערט, אַז דער אויבערשטער האָט אַריינגעגעבן אין דעם האַרצן פון דעם נדיב, זיין קנעכט (דאָס איז דער באַראָן ראָטשילד — באַקאַנט אַלס נדיב הידוע, מ. ע.) רחמנות אויף יסוד־המעלה, אוועק־צושטעלן איר און שטיצן איר מיט גערעכטיקייט און צדקה, האָבן מיר זיך גע־איילט און געשריבן צום דאָקטער (ד״ר לעאָ פּינסקער, מ. ע.) אַז ער זאָל אומ־קערן אונדזער באָדן, וואָס מיר האָבן אַפילו פונדערווייטנס באַנעצט עס מיט דעם שוויים און בלוט פון אונדזערע הערצער און עס איז נישט רעכט, סיי לויטן דין און סיי לויטן יושר, דאָס אונדזערע חלקים און אונדזער האַרעפּאַשנע אַרבעט זאָל געהערן צו פרעמדע. דערויף האָבן מיר דערהאַלטן אַ תשובה, אַז ער איז גרייט צוריקצוגעבן אונדזער חלק מיט דעם באַדינג, אַז מיר זאָלן אומקערן 8.000 פראַנק, וואָס ער האָט געשיקט קיין פּאַריז פאַר דעם צוועק איבערצושרייבן דעם באָדן. אָבער דאָס איז פאַר אונדז, איצט, אוממעגלעך נאָכצוקומען, ווייל מיר נויטיקן זיך אין אַ סך געלט אויף אויסצובויען הייזער און אויף אַנדערע נויטיקע זאַכן.

„מחמת דעם בעטן מיר אונדזער האַר, אַז ער זאָל געפינען אַן אויסוועג נישט צו באַנוצן זיך מיט דעם געלט פון דעם דאָקטער, אויף אונטערצושרייבן די נחלה, נאָר עס געבן בתורת־הלוואה, אויף דער גאַנצער נחלה און איבערשרייבן די נחלה אויף אייער נאָמען, אָדער אויף דעם נאָמען פון זיינס אַ פאַרטרעטער, אַלס משכון און פאַרזיכערונג אויף דער אויבנדערמאָנטער סומע. היות, די טובה פון דעם ישוב פאָדערט אויך, אַז דער באָדן זאָל זיך נישט געפונען אין דעם באַזיץ פון די קאָלאָניסטן אין דער ערשטער פּאַזע פון זיין קאָלאָניזירן און מיר זען, אַז אַלע שטרויכלונגען און קריגערייען, זיינען אַרויסגעקומען צוליב דעם, וואָס יעדער איי־נער באַטראַכט זיך אַלס איינציקער הערשער איבער זיין טייל; און ווער נאָך אַזוי ווי איר, ווייסט אַזוי גוט די אָנגעלעגנהייטן פון דעם ישוב, דעריבער, האָפן מיר אַז די ווערטער פון אמת און צדק וועלן געפונען אַ וועג צו אייער האַרץ און אַז

אונדזער תפילה וועט געהערט ווערן, אזוי אז מיר זאָלן נישט פאַרלירן אונדזערע נחלות און אַז קיינער זאָל פון איר נישט פאַרשטויסן ווערן; און נישט איבערצו־שרייבן די קאָלאָניע אויפן נאָמען פון די קאָלאָניסטן, נאָר אויף אַן אַנדערן מענטש, לויט דעם איינזען פון אונדזער האַר.

„גאָט זאָל באַנייען און אונדז געבן אַ גוט און זיס יאָר, אַ יאָר פון שלום און קבוץ־נפשות און איר זאָלט עס זען מיט אייערע אויגן.

„דאָס זיינען די ווערטער פון די וואָס פאַרנויגן זיך מיט גרויס אונטערטע־ניקייט און געפילן פון כבוד".

דער דאָזיקער בריוו, איז דאַטירט „יום ו' שבעה ועשרים לחדש אלול תרמ"ז, פה מעזריטש יצ"ו" און איז געחתמעט פון די 11 מיטגלידער, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין מעזריטש (די נעמען ווערן דאָ נישט אָנגעגעבן). ער האָט אויך די חתימה פון דעם מעזריטשער רב ר' ישראל־איסר שאַפּירא בראש (58).

די בקשה פון די מעזריטשער, איז גינסטיק דערליידיקט געוואָרן. דער באָדן איז זיי צוריקגעגעבן געוואָרן. יסוד־המעלה איז סוף־כל־סוף געקומען אונטער דעם שוץ פון דעם נדיב־הידוע. אָבער צו דער חובבי־ציון־באַוועגונג האָבן זיי אויך נישט דערלייגט. פון דער ערשטער חובבי־ציון־קאָנפערענץ אין קאַטאָוויץ אין תרמ"ה (1884) ביז דעם יאָר תרמ"ט, האָט יסוד־המעלה באַקומען פון די חובבי־ציון 8.402.50 פראַנק, אַ חוץ 5.000 רובל, וואָס זי האָט באַקומען פון דעם באַקאַנטן חובב־ציוניק ה' מיכאל האַלפּערין (59).

אין יאָר תר"ן, לייענען מיר די ערשטע גוטע נייעס פון יסוד־המעלה, ווע־מענס קאָלאָניסטן האָבן אָנגעהויבן זען פון איר נחת, נאָך יאָרן פון שווערע צרות און טרויעריקע איבערלעבענישן.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אָפּגעדרוקט אין „הצפירה" פון יום ו', י"ח כיון ה'תר"ן — 25/5 1890, לייענען מיר וואָס דער קאָרעספּאָנדענט מיט דעם פּסעוודאָנים „הצופה בגליל העליון", שרייבט:

„די געשיכטע פון דער חברה וואָס האָט געגרינ־דעט די קאָלאָניע יסוד־המעלה. אין יאָר ה'תרמ"ג האָט זיך געגרינדעט אין דער שטאָט מ. (מעזריטש, מ. ע.) די חברה, וועלכע האָט געציילט 24 מיטגלידער... זיי האָבן אויסגעקליבן פון זיך צוויי דעלעגאַטן — ר' לייב רובין און ר' פישל שולמאַן (דאַרף זיין סאַלאָמאָן, מ. ע) זיי זאָלן קויפן לאַנד... דאַן האָבן יחידים אָנגעהויבן קומען אין לאַנד אַריין: ר' אברהם הכהן פעלדמאַן און זיין זון (דער שרייבער האָט דאָ פאַרדרייט די יוצרות און צונויפגעמישט צוויי זאַכן, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען, מ. ע.), הרב ברוך־מאיר שו"ב, ר' שבתי כהן ליקערמאַן, ר' יחזקאל כהן. דערנאָך זיינען געקומען ר' יוסף גידולטער (ר' יוסף מלמד, מ. ע.), ר' חיים מנזשיבסקי (דאַרף זיין מענזשינסקי, מ. ע.) און די משפּחה פון ר' פישל שולמאַן (?).

„אין חודש תשרי תרמ"ג, האָבן זיי אויפגעשטעלט צריפים (ביידלעך) און

האָבן זיך דאָרט באַזעצט מיט זייערע משפחות... בערך אַ יאָר שפּעטער, האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה און זיי זיינען אַרויס ממש נאַקעטע און אַלע האָבן זיך אַריינגעצויגן צוזאַמען מיט זייערע בהמות אין אַ שטאַל (דאָס מיינט ער אוודאי דעם שפּייכלער, מ. ע.) און אין יאָר תרמ״ז, אין חודש חשון, האָבן זיי ווידער אַמאָל אויפגעשטעלט ביידלעך און זיך באַזעצט אין זיי און זיי וווינען דאָרט. היינט איז דער טאָג, וואָס דער גאָט פון ישראל האָט אונדז געהאָלפן צו לייגן דעם ווינקלשטיין פאַר דעם הויז פון דעם אַגראָנאָם הער משה וואַרהאַפטיג, און אַזוי זאָל ער אונדז העלפן צו ענדיקן די בנינים, וואָס זאָלן דינען פאַר וווינונגען און פאַר אַ שוץ פאַר אונדזערע ברידער.

„אין יאָר תרמ״ח, איז אונדז געלונגען, נאָך אַ סך פּיין, צו באַקומען קושאַנעם אויף אונדזער באָדן דורך דעם הער פראַנק פון ביירוט און דורך דעם הער בן־שמואל, וועלכער איז אין יענער צייט געווען דער פאַרוואַלטער פון ראש־פּינה. די קושאַנעם זיינען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן אויפן נאָמען פון דעם הער דוד אריה פון ירושלים און דאָס געלט פון די הוצאות, אין דער הויך פון 5.000 פראַנק, איז געקומען פון די חובבי־ציון און אַ קליינער טייל פון דעם באַראָן (ראָטשילד, מ. ע.) זאָל ער לאַנג לעבן.

„אָבער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר האָבן שוין געהאַט די קושאַנעם, האָבן מיר אַלץ נישט געקענט אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו בויען הייזער, מחמת די שטערונגען פון די שכנישע אַראַבער און דער רעגירונג, ביז עס איז, מיטן אויבערשטנס הילף, געקומען צו אונדז דער הער ר׳ יהושע אָסאָוויצקי, וועלכער איז געוואָרן פאַרוואַלטער פון ראש־פּינה און פון אונדזער קאָלאָניע און ער האָט איבערגעוווינען דעם באַראָן, ער זאָל אונדז העלפן מיט דעם הייזער־בוי, און אויך מיט זיין גרויסער פעאיקייט, איז אים געלונגען אַרויסצובאַקומען אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג, אין דעם יאָר, צו בויען הייזער, און היינט, 21 טאָג אין חודש אייר תר״ן, האָט אונדז גאָט געלאָזט לעבן, ער האָט אונדז דערהאַלטן און אונדז געמאַכט דערגרייכן צו זען ווי מען לייגט דעם ווינקלשטיין פאַר דעם הייזער־בוי אין יסוד־המעלה.

„עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע לאַנד־אַרבעטער פון יסוד־המעלה און ראש־פּינה — זיי, זייערע ווייבער און קינדער — מיט דעם הער ר׳ יהושע אָסאָוויצקי אין דער שפּיץ, ר׳ יוסף אריה הכהן, דער רב פון דער קאָלאָניע; דער הער ח. א. חישין, אַ מיטאַרבעטער פון דעם „וואָסכאָד״, וואָס דערשיינט אין רוסלאַנד; דער הער משה־דוד שוב, לערער פון ראש־פּינה; דער הער דוהי, דער הויפּט־גערטנער (אַגראָנאָם); דער הער וואַרהאַפטיג, דער גערטנער פון דער קאָלאָניע; און מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ יום־טוב אַלע יאָר אין זעלבן טאָג פאַר אַ געדעכעניש אויף אייביק. עס זאָל זיין אַ געדענק־טאָג און אַ צייכן, אַז די קאָלאָניסטן פון יסוד־המעלה האָבן זיך דערנעענטערט פון דעם טאָג פון זייער אָנקום אין לאַנד אַריין אָן דער חודשלעכער הילף (אַלע קאָלאָניסטן האָבן דעמאָלט באַקומען שטיצע פון די חובבי־

ציון. די מעזריטשער האָבן דאָס נישט געבעטן און נישט באַקומען, אויסער שטיצע צו העלפן זיי באַקומען באָדן און אוועקשטעלן די קאָלאָניע אויף גוטע יסודות. מ. ע.) אויסער דאָס ביסל שטיצע וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער חברה „עזרא" אין בערלין, פון די חובבי־ציון און פון אָליפאַנטן (מיר האָבן שוין פריער געשריבן וועגן אים, מ. ע.). מיט דעם האָט זיך די קאָלאָניע אונטערשיידעט פון די אַנדערע קאָלאָניעס, וואָס לעבן פון מאָנאַטלעכער שטיצע. געוויס האָבן די קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות און פיין... איצט, געלויבט דער אייבערשטער, דערנערן זיי זיך פון די פּראָדוקטן פון זייער לאַנד און פון דעם קליינעם געהאַלט, וואָס זיי באַקומען פון אַרבעטן אין דעם גאָרטן, וואָס דער באַראָן האָט פאַרפלאַנצט אין דער קאָלאָניע. דער באַראָן וועט זיי אויך העלפן מיט אַ דאָקטער און מעדיצין, אַ שוחט, אַ מלמד און אַלע אַנדערע זאַכן, אין וועלכע אַ קהל נויטיקט זיך".

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער טייל פון דער געשיכטע פון די מעזריטשער יסוד־המעלהניקעס, וועלכע זיינען אוועק קיין ארץ־ישראל העלפן בויען דאָס יידישע לאַנד. אמת, זיי זיינען נישט געווען די ערשטע און די לעצטע פון מעזריטשער עולים; אָבער זיי האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זייער ביי־שטייערונג און אָנשטרענגונג פאַרן וווקס פון ישוב.

## די מאַמע פון פּרדסנות אין ארץ־ישראל

אין דער צייט ווען אין מעזריטש האָט זיך אָרגאַניזירט די געזעלשאַפט „יסוד־המעלה", זיינען געווען אין מעזריטש נאָך יידן, וואָס האָבן זיך אויך אַרומגע־טראָגן מיט דעם געדאַנק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער בלויז אַלס יחידים און נישט אַלס מיטגלידער פון אַ גרופּע. איינער פון זיי איז געווען ר' דוב הלוי פעלמאַן. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תר"ב, מיט בערך 110 יאָר צוריק, אין מעזריטש. זיין פאָטער ר' אברהם הלוי, איז געווען אַ למדן און אַ רייכער סוחר. און זיין מוטער האָט געהייסן רבקה און איר פאָטער איז געווען אַן אַרענדאַר. ווי דער שטייגער אין יענע יאָרן, האָט אויך ר' דוב באַקומען אַ תורה־חינוך; און ווען ער איז אויפגעוואַקסן און געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך, האָט ער אָנגעהויבן צו האַנד־לען מיט חזיר־האָר, וועלכע ער פלעגט פאַרקויפן אין דייטשלאַנד (מן־הסתם, האָט ער, ווי די אַנדערע שטאָט־מענטשן פון דער בראַנזשע, פאַרקויפט זיין סחורה אויף די לייפּציקער מעסעס, וואָס פלעגן פאָרקומען צוויי מאָל אין יאָר). ער איז געוואָרן איינער פון די וואָרט־זאָגער אין דעם מעזריטשער קהילה־לעבן און צו 30 יאָר, איז ער שוין אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרנס־הקהל.

ווען ס'האָט זיך אין יאָר תרמ"ג געגרינדעט די חברה „יסוד־המעלה", איז ער געווען איינער פון אירע מיטגרינדער. ער האָט זיך געשטעלט אין בריוולעכן קאָנטאַקט מיט ר' יחיאל־מיכל פּינעס, פון וועמען ער האָט געבעטן אינפאָרמאַ־

ציעס. און ווען די געזעלשאַפט „יסוד־המעלה" האָט באַשלאָסן צו שיקן ר׳ לייב רובינען קיין ארץ־ישראל, מיטן אויפטראַג צו קויפן לאַנד פאַר די חברים, האָט זיך ר׳ דוב אָנגעשלאָסן אין דער רייזע. אָבער, ער האָט עס געטאָן אַלס יחיד, אי ער האָט געדעקט אַליין זיינע רייזע־הוצאות און ער האָט אויך באַשלאָסן צו קויפן באָדן, דאָרט ווו ער וועט געפינען פאַר פאַסיק.

קומענדיק קיין ירושלים, האָט ער באַהאַלטן זיין קאַפּיטאַל — 10.000 רובל — ביי זיין פעטער, ר׳ יעקב רויז, וועלכער האָט שוין געוווינט דאָרט פון לאַנג. ווען ער האָט זיך באַקענט מיט די לעבנס־באַדינגונגען פון די קאָלאָניסטן, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז זיין פרוי און קינדער וועלן נישט זיין בכוח מיטצומאַכן דעם אַרט לעבן. האָט ער דערפאַר באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין אַ פּלאַץ, ווו עס איז שוין דאָ אַ ישוב, מעג עס אפילו זיין אַן אַראַבישער. נאָך לאַנגע דינגעניש, האָט ער געקויפט 40 דונאַם לאַנד לעבן דעם אַראַבישן דאָרף סומל (סומאַל), וואָס איז היינט אַ טייל פון סאַמע הארץ פון תל־אביב, כדי ער זאָל קענען גלייך ארויסבאַקומען דעם קושאַן, איז ער געוואָרן אַ טערקישער בירגער און ער איז גלייך צוגעטראָטן צוצוגרייטן אַ פּלאַץ פאַר זיין משפחה. ער האָט רעמאָנטירט אַן אַלט אַראַבישער הויז, ער האָט זיך איינגעשאַפן עטלעכע בהמות, ער האָט אויפגעאַקערט דעם באָדן און פאַרזייט ווייץ און גערשטן און דאָס אַלץ איבערגעלאָזט צו אַן אַראַבער, צו וועלכן ער האָט געהאַט צוטרוי און ער אַליין איז צוריקגעפאָרן קיין מעזריטש, שוין אַלס אָטאָמאַנישער בירגער, בכדי צו ליקווידירן זיינע געשעפטן און מיטנעמען זיין משפחה קיין ארץ־ישראל.

אין חודש כסלו תרמ״ד, האָט ער און זיין משפחה, וועלכע איז באַשטאַנען פון זיין אַלטער מוטער רבקה, זיין צווייטע פרוי שרה־איטה, זיינע צוויי זין פון דער ערשטער פרוי צפורה — אהרן־לייב 17 יאָר און יעקב 15 יאָר און די קינדער פון זיין צווייטער פרוי — חיים 10 יאָר אַלט, נחמן 7, ברכה 4, חיה 2 און עלקע 1 יאָר אַלט, פאַרלאָזט מעזריטש. ער האָט זיך אויך מיטגענומען ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום, וועלכער האָט געזאָלט זיין אי שוחט און אי מלמד פאַר זיינע קינדער (ר׳ ברוך־מאיר איז שפּעטער געוואָרן פאַרוואַלטער פון יסוד־המעלה, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל). זיי זיינען געפאָרן קיין אָדעס אין דאָרט גענומען די שיף, וועלכע האָט זיי געפירט צו זייער ציל. כדי די משפחה און ער זאָלן קענען זיך פאַרשטענדיקן מיט די אַראַבער, האָט ער איינגעשאַפט אַן אַראַביש לערנבוך און אין פאַרלויף פון דער נסיעה, האָט ער מיט זיין משפחה זיך צוגעלערנט די יסודותדיקע געברויכס־ווערטער, אין וועלכע זיי וועלן זיך אומבאַדינגט נויטיקן אין זייערע טאָג־טעגלעכע באַציאונגען מיט די אַראַבער.

קומענדיק אין לאַנד אריין, האָט ער זיך מיטן גאַנצן ברען אריינגעוואָרפן אין זיין פאַרמערישן לעבן. ער און זיינע צוויי עלטערע זין, האָבן געאַרבעט אין דער ווירטשאַפט; זיי האָבן געפלאַנצט אַ פרדס (פאַר אָראַנזשן) און האָבן צוגעבויט אַ נייעם פליגל צו זייער הויז. יעדן טאָג נאָך אָפּדאַוונען שחרית, גאַנץ פרי און

לערנען א פרק משניות האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף זיין אייזעלע, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט קאַנען מילך און גרינצייג און איז אַריינגעפאָרן קיין יפו און דאָרט עס פאַרקויפט. צוריקגעקומען פון יפו האָט ער זיך ווידער איינגעשפּאַנט אין זיין אַרבעט און ווען ער האָט, מיטן טאָג, פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט ער זיך געשטעלט דאַווענען מנחה־מעריב און דערנאָך געלערנט זיין שיעור גמרא.

די אַראַבער פונעם דאָרף, האָבן געהאַט פאַר ר׳ דובן גרויס דרך־ארץ און אים צוגעהאָלפן אין זיין אַרבעט. אין די בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיינע פריינט אין מעזריטש פון זיין לעבן אין זיין משק (ווירטשאַפט), וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „חות דוב״, האָט ער גערעדט מיט ענטוזיאַזם וועגן דעם גליק, וואָס אַ ייד פילט ווײַנענדיק אינעם לאַנד פון די אבות. ליידער, איז אים נישט געווען באַשערט צו גענים אַ סך פון דעם גליק. אין חודש תמוז תרמ״ד האָט ער באַקומען אַ זון־שלאָג און אין ה׳ תמוז איז ער געקומען צו קבר־ישראל אין יפו.

מען האָט געקענט מיינען, אַז מיטן טויט פון דעם ענערגישן און טייערן ייד ר׳ דוב, וועט קומען אַ סוף צו דער דאָזיקער ווירטשאַפט. אָבער, צום גליק, איז זיין ווייב שרה איטה געווען אַן אמתע אשת־חיל. שרה איטה איז געווען מיט 14 יאָר יינגער פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן; זי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרט״ז (1856); איר פאָטער חיים דאָמב, איז געווען אַ גוטבאַזיצער. שרה איטה האָט פעסט ביי זיך באַשטימט, נישט אויפצוגעבן דעם פרדס. נאָכדעם ווי ר׳ ברוך־מאיר איז אַוועק קיין יסוד־המעלה, האָט זי אַראָפּגעבראַנגט פון ירושלים די באַרימטע רבנים ר׳ שאול שאולאַזן פון חברון, ר׳ דוב מאַרקוס פון ירושלים און ר׳ נהמן גדליה בראָדער צו לערנען מיט אירע קינדער תורה. דער לעצטער האָט טאַקע אין דעם פרדס געשריבן זיין באַקאַנטן חיבור „גן ירושלים״. ער איז מיט דער צייט גע־וואָרן פון די וואָרט־זאָגער פון דעם אַלטן ישוב אין ירושלים, און רבי פון דעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם גאון, מקובל און רב פון מאה־שערים, אין ירושלים (נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער אין תשי״ב) — ר׳ גרשון הורוויטש.

נישט האָבנדיק גענוג געלט אויף צו אַנטוויקלען איר פרדס, האָט שרה איטה פאַרקויפט איר צירונג און איך אָפּגענומען די חובות, וואָס איר מאַן האָט נאָך געהאַט אין מעזריטש און ביזן לעצטן גראָשן אַלץ אינוועסטירט אין איר ווירט־שאַפט. דערצו האָט זי אויך באַקומען אַ הלואה ביַ באַראָן ראָטשילד, וועלכעס זי האָט אָפּגעצאָלט ביז צו דער לעצטער פּרוטה. ווען דאָס אַלץ האָט נישט גע־סטייעט, האָט זי אַזש געמוזט אָנקומען צו פּראָצענטניקעס און צאָלן הויכע פּראָ־צענטן.

פריינט און באַקאַנטע, וועלכע האָבן צוגעזען אירע מאַטערנישן, האָבן איר געעצהט, זי זאָל זיך צוריקציען פון איר שווערער אַרבעט. עס זיינען געווען גענוג בעלנים — אויך נישט־יידן — וואָס האָבן געוואָלט אָפּקויפן איר פרדס. אָבער, זי האָט די עצות אויסגעהערט און באַשטימט מיט די לעצטע כוחות פאַרזעצן אין איר משק. איר פרדס און געמישטע ווירטשאַפט, אין וועלכער זי און אירע קינ־

דער האָבן אַריינגעלייגט אַ סך מי און אַרבעט און גלייכצייטיק געמאַכט בלערליי עקספּערימענטן, איז מיט דער צייט דערגאַנגען אַלס מוסטער פאַרן ארץ־ישראל־ישוב, ווי אויך אַלס די עקספּערימענטן־שולע און אַן אָרט פון איבונג פאַר אַלע, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען צו פלאַנצן פּרדסים. אויך ר׳ אריה־לייב פרומקין, וועלכער האָט געפלאַנצט דעם ערשטן פּרדס אין פּתח־תקוה, ווען ער האָט פאַרוואַלטעט די ווירטשאַפט פון ה׳ עובדיה לאַכמאַן פון בערלין, פלעגט אָפט קומען צו שרה־איטהס פּרדס און דאָרט האָט ער באַקומען די נויטיקע אָנווייזונגען און עצות ווי אַזוי צו פלעגן זיין פּרדס.

נישט איינמאָל פלעגן בעדואינער באַפאַלן שרה איטהס ווירטשאַפט, אָבער די אַראַבער פון דעם דאָרף, וועלכע האָבן איר געשעצט פאַר איר חכמה און שטאַרקן ווילן, האָבן איר תמיד באַשיצט און פאַריאָגט די בעדואינער. נאָך 15 יאָר זיצן אין דער ווירטשאַפט, האָט זי צום סוף זיך אריבערגעצויגן קיין יפו, צוזאַמען מיט איר עלטער שוויגער, קינדער און אייניקלעך. אָבער, זי האָט נישט אויפגעגעבן דעם פּרדס, וועלכן זי האָט געהאַלטן פאַר איר ליבסטן לעבנס־ווערק. אין יפו האָט זי אויך אַקטיוו זיך באַטייליקט אין אַלע צדקה־אַנשטאַלטן.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זי זיך באַזעצט מיט איר משפּחה אין טבריה און נאָך דער מלחמה — ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט און זיך באַזעצט אין תל־אביב — האָט זי שוין אָנגעטראָפן אייף אַ נייע פּאָליטישע לאַגע: ארץ־ישראל איז שוין געווען אָנערקענט אַלס די יידישע נאַציאָנאַלע היים און זי איז דעמאָלט פון ישוב געקרוינט געוואָרן מיט דעם פאַרדינטן טיטול: „אם הפרדסנות העברית" — די מאַמע פון דער יידישער פּרדסנים־פּלאַנטאַציע; און אין חנוכה תרצ״ד (אַ גאַנצער יובל יאָרן זינט זי האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל) האָט זי געפייערט דעם יובל פון איר פּרדס מיט אַ פייערלעכער מסיבה, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פאַרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, פאַרשטייער פון דער רעגירונג, אינסטיטוציעס און אַ גרויסע צאָל וויכטיקע פּערזענלעכקייטן.

אינצווישנצייט, האָט זיך תל־אביב צעוואַקסן. איר פּרדס איז געוואָרן איינגעשלונגען פון דער שטאָט און לטובת דער שטאָט, האָט זי דעם פּרדס פאַרצערירט. היינט געפונען זיך דאָרט די גאַסן אורלוזורוב, יהודה הלוי און שלמה־המלך. צום אָנדענק פון דעם פּרדס, האָט דער שטאָט־ראַט פון תל־אביב אָנגערופן איינע פון די גאַסן, וואָס ציען זיך דורך דעם שטח פון איר געוועזענעם פּרדס — „רחוב הפרדס". אויך פּתח־תקוה, האָט באַשלאָסן צו באַערן דעם נאָמען פון דער גרויסער מעזריטשער משפּחה און אָנגערופן איינע פון אירע גאַסן „רחוב פלמן (פעלמאַן) — הפרדס הראשון בא״י".

שרה איטה, איז נפטר געוואָרן אין תל־אביב אין 83־יעריקן עלטער, אין יאָר תרצ״ו און איז געקומען צו איר אייביקער רו אויפן אַלטן בית־עולם אין תל־אביב.

אויך ר׳ דובס צוויי זין פון זיין ערשטער פרוי און זיינע קינדער פון שרה־

איטהן, האָבן אַסך בייגעטראָגן צום אויפבוי פון ארץ־ישראל און אַלס מע:ריטשער, האָבן זיי געבראַכט כבוד זייער געבורט־שטאָט.

ר' אהרן־לייב פעלמאַן, האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר' אברהם מקלב (מאָקלעוו?); איר נאָמען איז געווען רבקה. ר' אברהם איז געקומען קיין ארץ־ישראל פון בריאַנסק און ער האָט זיך באַטייליקט אין דעם בוי פון דעם ירושלימער שטאָט־פערטל „בית יעקב". דעם נדן, וואָס ער האָט באַקומען, האָט אהרן־לייב אינוועסטירט אין באָדן, וואָס ער האָט געקויפט אין פתח־תקוה און זיך דאָרט באַזעצט. אויך ער, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פלאַנצן פרדסים און ער איז געוואָרן אָנערקענט אַלס עקספערט אין ציטרוס־פלאַנצן, און ער איז דערפאַר אויך איינגעלאַדן געוואָרן אַלס עקספערט צו באַטראַכטן דעם באָדן פון חדרה, איידער ער איז געקויפט געוואָרן דורך דער חברה „מנוחה ונחלה". אין יאָר תרנ"א, האָט ער פאַרעפנטלעכט דעם זייער אינטערעסאַנטן ספר „מעין גנים — הלכות נטיעות גנים ופרדסים בארץ הקדושה" (ירושלים). דער ספר איז געשריבן אין דעם סטיל פון דער משנה און גיט איבער אינעם נוסח פון הלכה אַלע פּרטים, ווי אַזוי צו פלאַנצן אַ פרדס און אַלע אַנדערע נויטיקע ידיעות דערצו. אויסער דעם, פלעגט מען זיך ווענדן צו אים דורך בריוו אָדער פערזענלעך מיט פאַרשידענע פראַגן און ער האָט אַלעמען געענטפערט און געעצהט וואָס צו טאָן. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרנ"ד, כ"ד טבת, און איז באַערדיקט געוואָרן אין יפו. איינער פון זיינע זין, דער אַדוואָקאַט ד"ר שלמה פעלמאַן, האָט אַ געוויסע צייט פאַרטראָטן די יידישע אַגענץ, אין דעם פּאַלאַץ פון קעניג פייזל, ווען ער איז געווען קעניג אין סיריע. ער האָט געהאַט די ראַנגע פון אַ דיפּלאָמאַט.

זיין ברודער נחמן, האָט אויך אָנגעהאַלטן די משפחה־טראַדיציע און זיך אָנגעגעבן מיט פרדסנות. אין 1903, האָט ער צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער חיים, איבערגענומען די פאַרטרעטערשאַפט פון די וויין־קעלערן אין ראשון־לציון און אַנטוויקלט דעם עקספּאָרט פון ארץ־ישראל־וויין קיין אייראָפּע, אַפריקע און אַמעריקע און ער האָט אויך געעפנט אַ וויין־געשעפט צו באַדינען יפו און די סביבה. זייער געשעפט, איז גלייכצייטיק געוואָרן די אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר אַלע עולים. שפּעטער, ווען ראשון־לציון האָט געמאַכט ספּעציעלע אָפּמאַכן מיט דער חברה „כרמל", האָבן זיי אַנטוויקלט דעם עקספּאָרט פון די קלענערע וויין־קעלערן. נחמן איז געווען אַ מיטגרינדער פון דער חברה „אחוזת־בית", וואָס האָט געגרינדעט תל־אביב. ווען עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל נישט קענען באַקומען קיין קושאַנעס און אויך דאָס האַנט־געלט, וועלכעס מען האָט געגעבן, איז געווען אין סכנה פון פאַרפאַלן ווערן, האָט ער אויסגענוצט זיינע פאַרבינדונגען מיט אסף (אסאַף) ביי און מען האָט אַרויסבאַקומען די קושאַנעס פאַרן באָדן פון תל־אביב. ער האָט אייגעשטעלט איינע פון די ערשטע הייזער אין תל־אביב (אויף דעם אָרט שטייט היינט די אפ"ק באַנק אין הרצל־גאַס), ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דעם שטאָט־פערטל אין יפו „בית־וגן" (היינט:

בת־ים) און צוזאמען מיט מנחם גילוץ האט ער געגרינדעט די „חברת־מרכלת", וועלכע האט אויסגעבויט דעם צפון־טייל פון דעם „מרכז־מסחרי — האנדלס־צענטער" אין תל־אביב.

אין אנהויב פון ערשטן וועלט־קריג האט ער, אויף דער עצה פון זיין פריינט שאקי ביי פון דמשק, זיך אנגעשלאסן אין טערקישן מיליטער אלס אינזשיניער. ער האט געדארפט צושטעלן וואסער און עלעקטרישע ליכט צום טערקישן און דייטשן מיליטער אין מדבר־סיני און ער האט אויסגענוצט זיין אמט לטובת יידן. ער האט באשעפטיקט 500 יידן, וועלכע האבן געארבעט בלויז 5 מיט א האלבן טאג אין דער וואך און באקומען שכירות פאר זעקס טעג און עסן פאר זיבן טעג. דורכ־דעם, זיינען זיי געווארן באפרייט פון מיליטערישער צוואנגס־ארבעט. ער האט אויך אויסגעפועלט ביי דער מיליטער־מאכט, צו דערלויבן א יידישן בית־הקברות פאר די יידישע סאלדאטן און יידישע צוואנגס־ארבעטער, וואס זיינען געשטארבן.

זיין ברודער חיים, וועלכער האט צוזאמען מיט אים געארבעט אין דעם וויין־פארקויף, האט פונקט ווי ער און זיינע אנדערע ברידער און עלטערן, אויך א סך ביי־געטראגן צום אויפבוי פון דעם ישוב. ער האט געהאלפן בויען רחוב אחוה אין נוה־צדק (יפו); ער האט זיך באטייליקט אין דער גרינדונג פון דעם נאציאנאל־רעליגיעזן חדר אין יפו, וואס איז דערנאך פארוואנדלט געווארן אין דער בארימ־טער שולע „תחכמוני"; זיך באטייליקט אין דער גרינדונג פון דעם „מזרחי"; און געהאלפן גרינדן די תלמוד־תורה „שערי־תורה" און אנדערע צדקה־אינסטיטוציעס.

אזוי ווי זיין עלטערער ברודער אהרן־לייב, האט אים אויך געצויגן צום שרייבן. ער האט פארעפנטלעכט א צאל ארטיקלען אין דעם „החבצלת", „הצפירה" און „החרות". ער פלעגט זיך חתמנען מיט די פסעוודאנימען „תושב" און „עין־רואה".

אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, האט ער איינגעשטעלט זיין לעבן און געפירט די געהיימע פאטשט און געלט, וואס איז אנגעקומען פון דעם „ועד־ההגירה — עמיגראציע־קאמיטעט און ער האט צוגעשטעלט — טראץ דעם פאר־באט — וואסער און שפייז פאר די פאליטישע ארעסטירטע פון דעם ישוב, וועלכע זיינען מאסנווייז געווארן ארעסטירט און מען האט זיי אפגעפירט קיין דמשק אין פארשלאסענע וואגאנען. דאס האט ער געטאן, ווען ער האט געהאט א קאנצעסיע פאר א קאנטין אין צמח, דורך וואנען די צוגן זיינען פארבייגעפארן. מען האט אים, סוף־כל־סוף, ארויסגעטריבן פון צמח און ער האט זיך באזעצט אין טבריה. נאכדעם ווי ער האט זיך צוריקגעקערט קיין תל־אביב, האט ער גענומען א שטארקן אנטייל אין דעם אויפבוי פון לאנד און תורה־אינסטיטוציעס. ער איז געשטארבן אין יאר תרצ"ט *).

*) תדהרי, „אנציקלופדיה הלוצי הישוב ובוניו", חלק א' וב' (תל־אביב). אין דער זעלבער ענציקלאפעדיע געפינען זיך קורצע ביאגראפיעס פון דער גאנצער משפחה

סיי „יסוד המעלה" און סיי די פריוואַטע איניציאַטיווע פון ר' דוב פעלמאַן און זיין פרוי שרה־איטה, זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער אידיי פון חיבת־ציון, וועלכע האָט זיך באַזירט אויפן פּאָליטישן ענד־ציל — מלכות־ישראל. אין דער באַוועגונג פון שיבת־ציון, האָט זיך מעזריטש אויסגעצייכנט פון אַ סך אַנדערע שטעט. ווען די חובבי־ציון אין רוסלאַנד האָבן, סוף־כל־סוף, אויסגעפּועלט ביי דער מאַכט צו לעגאַליזירן זייער געזעלשאַפט און ס'איז פאַררופן געוואָרן די ערשטע קאָנפערענץ אין אָדעס (14טער אַפּריל, 1890), געפינען מיר דאָרטן אַ דעלעגאַט פון מעזריטש; זיין נאָמען איז ר' חיים עטינגער; אַ מיטגליד פון דער גוט באַקאַנטער משפּחה עטינגער, וועלכע האָט געוווינט אין אָדעס.

אָבער, נישט די גאַנצע שטאָט איז געווען פאַרקאָכט אין חיבת־ציון. די חסידים, אין רוב, זיינען נישט געווען קיין חובבי־ציוניקעס. אַ טייל האָבן זייער אומצופרידנקייט געלאָזט הערן אין דער עפנטלעכקייט. אָבער עס איז נישטאָ דער מינדסטער צווייפל, אַז די דאָזיקע חסידישע פּראָטעסטן האָבן נישט געפונען קיין סימפּאַטיע אַפילו צווישן די חסידים אַליין. וועגן אָט דער חסידישער עפנטלעכער אָפּאָזיציע, בעסער געזאָגט אָפּאָזיציע פון געוויסע חסידים, לייענען מיר אין „המליץ" פון כ"ד אלול תרמ"ט (1889):

„די נויטיקייט צווינגט מיך אויפצודעקן אין דער עפנטלעכקייט די שאַנדע פון עטלעכע פאַרשייטע אין אונדזער עדה, וועלכע האָבן אָנגעטאָן אַ מאַסקע און פאַראַרירן אַלס חסידים (דאָס איז אַ באַוויז, אַז נישט אַלע חסידים — און אפשר טאַקע די מערהייט, איז געווען קעגן די דאָזיקע לייט) און פרומע און זייערע הערצער זיינען פול מיט באַטרוג און יערע זאַך, וואָס געפעלט זיי נישט, ווערט פון זיי געשטעמפּלט אַלס אפּיקורסות. אַזוי האָבן זיי זיך געוואַגט צו שטעלן קעגן דעם הייליקן רעיון פון ישוב־ארץ־ישראל, וואָס דער רמב"ן ז"ל האָט עס געציילט צווישן די מצוות, וואָס מען איז מחויב צו טאָן על פּי אונדזער הייליקער תורה. אָבער זיי האָבן געוואַגט אָפּצושפּאָטן פון דעם גרויסן און טייערן רעיון און צו רעדן שלעכטס ווענן די מענטשן, וועלכע זיינען עוסק און גיבן זיך אָפּ צו דער דאָזיקע מצוה. נאָכמער, זיי האָבן אויך מיאוס גערעדט ווענן דעם באַוווּסטן דרשן ר' צבי הירש האַרלאַנסקי, וועלכער האָט דאָ־הי געדרשנט זונטיק, פּרשת תבא און האָט מיט אַ וי פיל געשמאַק און וויסן געגעבן צו פאַרשטיין זיינע צוהערערס די וויכטיקייט פון דעם געדאַנק און זיין גרויסן נוצן. די דאָזיקע חצופים, האָבן געהאַט די העזה אָנצורופן דעם רב־המטיף — אַפּיקורס.

---

פעלמאַן, וועלכע האָט פיל בייגעטראָגן צום אויפבוי פון ארץ ישראל. אדוואָקאַט פעלמאַן פון דער פירמע פלמן, ליוואי ושותפ', תל אביב, אַ זון פון דעם אויבנדערמאָנטן חיים פעלמאַן, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך, וואָס באַשרייבט דעם בייטראָג פון זייער משפּחה צום אויפבוי פון ארץ ישראל. דאָס בוך הייסט „חלוצי הפרדסנות בא"י" און איז דערשינען אין תל־אביב.

„אָבער נישט בלויז אויף דעם מגיד אליין, איז געפאַלן זייער כעס. די דאָזיקע לייט, האָבן זיך אויך צעקריגט מיט די רבנים און די שוחטים אין שטאָט. דער קלענסטער פון דער דאָזיקער קאָמפּאַניע, שטעלט זיך ווי א ריש בריוני (ווי דער עלטסטער פון די בריונים — מיט דעם נאָמען בריונים האָבן די חכמי־התלמוד גערופן די לייט וואָס האָבן נישט געוואָלט שלום־מאַכן מיט די רוימער, ווען זיי האָבן באַלאַגערט ירושלים, מ. ע.) זיי האָבן אויך גערעדט מיט חוצפה קעגן דעם רב פון דער שטאָט און אַפילו אויך אויפגעהויבן די האַנט, און מיט זייער צאָרן האָבן זיי פאַראורזאַכט א גאַנצן געטומל אין שטאָט... דאָס זיינען בלויז א טייל פון די וועגן פון אונדזערע ברידער אין דער שווערער צייט. אחוץ די צרות, וואָס קומען אויף אונדזערע ברידער פון דרויסן, אויסער די חרפּות און די באַליידיקונגען מיט וועלכע מיר זעטיקן זיך טאָג־איין טאָג־אויס פון די וואָס טוען אונדז לעסטערן, ווערט דער כבוד פון אונדזער פאָלק נאָכמער דערנידעריקט, צוליב די ארומרייסער־נישן איבער קליינלעכקייטן... ווי לאַנג נאָך, אָה, גאָט! וועלן זיי האַלטן פאַרמאַכט זייערע אויגן און וועלן נישט זען די אַלע צרות, וואָס געשען אונדז צוליב די קריגערייען, צוליב די מחלוקת און אומאָרדענונגען אין דער קהילה. אַנשטאָט דעם, זאָלן זיי בעסער א סוף מאַכן צו די קריגערייען און שלום מאַכן צווישן די וואָס קריגן זיך און פאַרשטיין, אַז דאָס איז נישט א מחלוקת לשם שמים, נאָר זיי פאַרשוועכן דורכדעם גאָטס נאָמען און תורה און דעם יידישן נאָמען און ברענגען בלויז חשבות אויף די יידן אין אונדזער לאַנד. מיין ווינטש איז, אַז זיי זאָלן זיך פאַרטראַכטן אין די קומענדיקע פאַרכטיקע טעג און זיי זאָלן אָנערקענען די עוולות, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען און זאָלן אויף זיך מקבל זיין צו באַהערשן זייערע געמיטער און דערלאַנגען א האַנט צו יענע, וועלכע זיי האָבן אומזיסט באַליידיקט און זאָלן נישט מער ארויסרופן קריגערייען און רייסענישן און זיי זאָלן מאַכן יד־אחת, צו זאָרגן פאַר דעם ווייל זיין פון זייער עדה און פאַר דעם כבוד פון אונדזער גאָט און פאָלק. פאַר דעם וועלן זיי זוכה זיין פאַרשריבן צו ווערן און געחתמעט צו ווערן פאַר א גוט און שלומדיק לעבן מיט דעם גאַנצן פאָלק ישראל, ווי עס גלוסט און עס ווינטשט צו זען גוטעס פון זיינע יידישע ברידער, און די מיטגלידער פון זיין עדה בפרט. א. פ."

צו קיין ערנסטער מחלוקת איז נישט דערגאַנגען. די חסידים האָבן זיך גע־פילט צו שוואַך אויף צו קענען אויפהייבן א קאַמף קעגן דעם שיבת־ציון־אידעאַל. אויף וויפל ס'איז באַקאַנט האָט זיך עס געהאַנדלט אין א קליינער גרופּע מחוצפים, וועלכע האָבן ארויסגערופן דעם טומל און גערעדט אינעם נאָמען פון די חסידים. מיר דאַרפן זיך אויך רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז די חסידים האָבן שטאַרק דרך־ארץ־געהאַט פאַר ר' ישראל־איסר שאַפּירא, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיט די חובבים.

# ציוניסטישע באַוועגונג

נאָך חיבת־ציון, איז געקומען די ציוניסטישע באַוועגונג. אַלע חובבי־ציון מיט ר׳ ברוך־מאיר ראָזענבלום (ער איז צוריק געקומען קיין מעזריטש, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו באַהערשן די לאַגע אין יסוד־המעלה) אין דער שפּיץ, האָבן זיך אָנגערופן אויף דר. הערצלס רוף. צו די ציוניסטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַלע אָנגעזעענע בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך שוין פון פריער געהאַט אידענטיפיצירט מיט דער חיבת־ציון־באַוועגונג, ס׳האָבן זיך אויך רעקרוטירט די משכילים פון שטאָט מיט ר׳ שמעון־בער מינץ אין דער שפּיץ און סתם ייִדן, ביי וועמען ארץ־ישראל איז געווען שטאַרק איינגעבאַקן אין הארצן. אוודאי, זיינען ס׳רוב חסידים געשטאַנען מן הצד, פּונקט ווי עס זיינען געשטאַנען מן הצד, יענע פרומע מתנגדים, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו די פּראָטעסט־רייד פון די מתנגדישע גאונים, וואָס זיינען געווען קעגן חיבת־ציון און פּאָליטישן ציוניזם אודאי און אודאי.

די מעזריטשער ציוניסטן זיינען געווען שטאַרק טעטיק. נישט נאָר האָבן זיי געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אין מעזריטש גופא, האָבן פאַרקויפט שקלים, געזאַמלט געלט פאַר דעם קרן־קימת — ווען דער פאָנד איז געשאַפן געוואָרן — און געקויפט און פאַרקויפט אַ סך אַקציעס אין דער ייִדישער קאָלאָניאַל־באַנק, נאָר זיי זיינען אויך געוואָרן פּראָפּאַגאַנדיסטן אין די אַרומיקע שטעט, ווו זיי זיינען צומאָל געווען אויסגעשטעלט אריינצוכאַפּן קלעפּ. ר׳ ברוך מאיר ראָזענבלום, האָט דעם שרייבער פון די שורות נישט איינמאָל דערציילט, אַז דרשענען אין דעם ביאַלער בית־מדרש (דאָרט זיינען געווען אַ סך חסידים) צי אין אַן אַנדער שטעטל, האָט געמיינט גאַנץ איינפאַך צו כאַפּן אַ „משכנתא״, ד. ה. מען פלעגט דעם פּרעדיקער אריבערלייגן איבערן שולחן און אים גוט אריינצימבלען. דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ סך, וועלכע האָבן געוואָגט צו פּרעדיקן ציוניזם.

גאָר אַ שאַרפער ציוניסט אין זיינע טעג, איז געווען ר׳ לייזער־ביינעש גאָלדפאַרב (דער זעלבער גאָלדפאַרב, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר די „גזלנים״ פון יסוד־המעלה און נישט געוואָלט פאָרן קיין צפת). אויך ער פלעגט אַרומפאָרן איבער די נאָענטע שטעטלעך און אָרגאַניזירן די ציוניסטן. וועגן איינעם פון זיינע ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־רייזעס לייענען מיר אין „המליץ״ פון י״ט סיון תרנ״ח: „פון לוקאָוו איז מען מודיע, דאָס ווען דער משכיל מר ישראל (לייזער?) ביינעש גאָלדפאַרב פון מעזריטש *) איז דורכגעפאָרן אונדזער שטאָט,

*) דער זעלבער גאָלדפאַרב לייזער ביינוש, וועמען די חובבי־ציון האָבן געשיקט קיין ארץ־ישראל מיט הילף פאַר די מעזריטשער קאָלאָניסטן פון „יסוד־המעלה״ און ער איז פון דאָרט צוריקגעקומען צוריקברענגענדיק די צוגעשיקטע הילף, מחמת לשון הרע. ער האָט שפּעטער זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, ווו ער איז געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און ער איז דאָרט געשטאָרבן.

און ער איז אַ מענטש וואָס איז מיט זיין גאַנצן לעבן און נשמה איבערגעגעבן דעם ציוניסטישן געדאַנק; און ער האָט שוין געדרשנט וועגן דעם אין אַ סך גרויסע שטעט נישט בעטנדיק פאַר דעם קיין געצאָלט, האָבן אים אַ סך שטאָט־מענטשן געבעטן, אַז ער זאָל אויך רעדן איבער די ציוניסטישע צילן און שטרע־בונגען. ער האָט אָנגענומען זייער בקשה און ער האָט זיי אויפגעקלערט די וויכטיקייט פון דעם ישוב־ארץ־ישראל און זיינע ווערטער זיינען אריין אין די הערצער פון זיינע צוהערער און האָבן געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק און זיי זיינען צוגעשטאַנען צו דעם אידעאַל און אויך געגעבן געלט פאַר ציון".

די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד, האָט מעזריטש געהאַלטן פאַר אַ וויכטיקן פונקט. דאָס איז קלאָר פון דעם, וואָס מעזריטש האָט זוכה געווען צו שיקן דעלעגאַטן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן. ר' שמעון־בער מינץ, איז געווען אַ דעלעגאַט צו איינעם פון די ערשטע קאָנגרעסן און ברוך־מאיר ראָזענבלום איז אויך געווען אַ דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַמבורג אין 1909.

פיל מאָל פלעגן אין מעזריטש פאָרקומען געהיימע ציוניסטישע ראַיאָן־קאָנפערענצן, אין וועלכע עס פלעגן זיך באַטייליקן געסט און פאָרשטייער פון דער צענטראַלער ליטונג. וועגן פאָרגעקומענע קאָנפערענצן אין מעזריטש, האָט דעם שרייבער פון די שורות דערציילט דער ציוניסטישער פירער לייב יאפע וועלכער האָט זיך פערזענלעך אין זיי באַטייליקט.

שפעטער, ווען עס אַנשטייט די אָרגאַניזאַציע פון סאָציאַליסטן ציאָ־ניסטן — „ס. ס." — שאַפט זיך אויך אַזאַ גרופּע אין מעזריטש. אין דעם אָרגאַן פון די „ס. ס." — „דער נייער וועג" (ווילנע, 19טער אָקטאָבער 1906), לייענען מיר: „אונדזער אָרגאַניזאַציאָן האָט דאָ (אין מעזריטש, מ. ע.) באַגעגנט גרויסע שטערונגען פון דער היגער בונדישער אָרגאַניזאַציאָן. דאָך האָט אונדז געלונגען פיר די קורצע צייט, וואָס מיר עקזיסטירן, צו פאַרשפּרייטן אונדזער ווירקונג אויף אַ בעדייטענדען טייל פון דער היגער יידישער ארבייטער־מאַסע. מיר האָבן דורכגעפיהרט שטרייקען ביי די פאַכען פון שפּיגל־פאַלצער, מאַשינקע־מאַכער, בעקער און קאַמאַשענמאַכער אין לעצטען פאַך האָט דער בונד שטאַרק אַגיטירט געגען אונז, אָנרופענדיק אונז פיר פּראָוואָקאַטאָרען און שפּיאָנעס. דאָך, האָט די פאַרזאַמלונג פון פאַך אַרויסגעטראָגען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס דריקט אויס זיין פאַראַכטונג געגען די טאַקטיק פון בונד און דעם וואונש, אַז דער שטרייק זאָל ווייטער געפירט ווערען דורך אונז. יעקב".

ווען עס איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אינעם ציוניזם, מיטן באַווייזן זיך פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג, זיינען אויך די מעזריטשער ס. ס.־ניקעס געוואָרן טעריטאָריאַליסטן. און, נאַטירלעך, געוואָרן קעגנער פון ציוניזם און די קאָנגרעס־באַשלוסן. אַן אָפּקלאַנג פון דעם, געפונען מיר אין אַ קאָרעס־פּאָנדענץ, וואָס איז דערשינען אין דעם ס. ס.־אָרגאַן „דאָס וואָרט" (ווילנע)

פון 12טן יולי 1907: „דער אויפרוף פון די טעריטאָריאַליסטן" — לייענען מיר דאָרט — „צו די אַקציאָנערן פונם קאָלאָניאַל־באַנק, וועגן פּראָטעסטירען געגען דעם בעשטעטיגען די ענדערונגען פון די באַנק־סטאַטוטען, האָט דאָ געפונען אַנ'אָבקלאַנג. ס'איז צוזאַמענגעקליבען געוואָרן העכער 70 אַזוינע פּראָטעסטן".

דער איינפלוס פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, איז אָבער געווען זייער אַ שוואַכער. אין זעלבן נומער טאַקע, אין דער זעלבער קאָרעספּאָנדענץ לייענען מיר: „די טעג איז אַ וויכטיקער מיטגליד פון דער צ. ס.־גרופּע אָפּגעפאָרן קיין האַל־וועסטאָן" (האַלוועסטאָן איז געווען דעמאָלט אַ וויכטיקער עמיגראַציע־פּאָרט אין אַמעריקע, מ. ע.)

די גרופּע האָט געהאַט קיצור־ימים. אַ טייל האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, עטלעכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן שפּעטער אין די פּועלי־ציון, ווען די פּאַרטיי האָט זיך אָרגאַניזירט אין מעזריטש און אַנדערע זיינען געוואָרן „באַלעבאַטישע" ציוניסטן.

# די אַרבעטער־באַוועגונג

## דער „בערשטער־בונד" און די אַרבעטער־קאַמפן

אין דעם קאַפיטל וועגן „אינדוסטריע און האַנדל", האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, אַז די הויפּט־אינדוסטריע אין מעזריטש, איז געווען בערשטעריי. אויף וויפל ס'איז אונדז באַוווּסט, איז חזיר־האָר און בערשטעריי־באַשעפטיקונג אין מעזריטש געווען אַן אַלטע, ווייל שוין מיט 100 יאָר צוריק האָבן מעזריטשער יידן זיך אָפּגעגעבן מיט עקספּאָרטירן חזיר־האָר קיין לייפּציק. אַרום דער אינדוסטריע, האָבן זיך קאָנצענטרירט דאָס רוב אַרבעטער פון מעזריטש. אָבער, ביז צום סוף פון דעם 19טן יאָרהונדערט, האָט מעזריטש נישט געוווּסט פון אַן אַרבעטער־באַוועגונג און פון שטרייקן. ערשט מיטן באַווייזן זיך פון אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, האָט זיך געביטן די לאַגע אויך אין דער בערשטער־אינדוסטריע. דאָס איז געשען אין די 90ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט.

צו יענער צייט, איז מעזריטש שוין געווען איינער פון די הויפּט־צענטערס פון בערשטעריי. אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 6.000 אַרבעטער, אין גאַנץ מלכות רוסלאַנד און פוילן, איז אין מעזריטש שוין געווען באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע 1.200 אַרבעטער.

דער אָנהייב פונעם קאַמף פון די בערשטער־אַרבעטער פאַרן פאַרבעסערונג פון זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען און לוינען, איז געווען מיט די פאַרמיטלער אין דער בראַנזשע. דאָס פאַרמיטלעריי, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אין דעם פאַך, האָט זיך גענומען דערפון, מחמת די סוחרים און אונטערנעמער פלעגן זיין פאַרנומען מיטן אַרומפאָרן אויפקויפן די חזיר־האָר און צוליב דעם נישט געהאַט קיין צייט אַליין אָנצופירן מיט די פאַבריקן. דעריבער האָבן זיי געמוזט אָנקומען צו אַ פאַרמיטלער. דער פאַרמיטלער פלעגט מושווה־ווערן מיט די סוחרים וועגן פרייז פון די אויסגעאַרבעטע חזיר־האָר אויפן פוד. זיי, פון זייער זייט, האָבן דעם אַרבעטער נישט געצאָלט קיין שטיק־לוין, נאָר אַ וועכנטלעכן געהאַלט. סיי דער סוחר און סיי דער פאַרמיטלער האָבן געמאַכט אַ גוט געשעפט אויפן חשבון פון די אַרבעטער. דער סוחר האָט באַקומען זיין פּראָדוקציע אַן קאָפּ־דרייעניש און דער פאַרמיטלער האָט זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען אַ וואָס גרעסערע פּראָדוקציע פאַר אַ וואָס קלענערן לוין.

אין א ווארשטאט, ווו עס זיינען געווען באשעפטיקט, צ. ב. ניין ארבעטער פלעגט, אין דורכשניט, אויסגעארבעט ווערן וועכנטליך 13 פוד מיט 11 פונט הזיר־האר. דער פארמיטלער פלעגט באקומען פון דעם פאבריקאנט 2.90 רובל פון יעדן פוד, וואס מיינט, אז ער האט באקומען 38.50 רובל א וואך. פון דעם פלעגט דער פארמיטלער אויסצאלן נישט מער ווי 30 רובל פאר ארבעטס־לוין. דעם פארמיטלער איז אזוי ארום פארבליבן ריינער פארדינסט — 8.50 רובל א וואך. אויסער דעם, האט נאך דער ארבעטער וואס האט דורכשניטלעך פארדינט 3 רובל א וואך, געדארפט אפצאלן דעם פארמיטלער 85 קאפיקעס א וואך, אדער 40 רובל א יאר. אזוי, אז פון בלויז דריי באשעפטיקטע ארבעטער פלעגט דער פארמיטלער פארדינען כמעט אזוי פיל ווי אן ארבעטער. און נישט בלויז דאס, וואס דער פארמיטלער איז געווען א שותף צום לוין פונעם ארבעטער, האט ער אויך באשווערט דעם קאמף מיט דעם הויפט־באלעבאס, ווארעמען די ארבעטער האבן צומאל נישט געהאט די געלעגנהייט צו זעען און נישט געהאט מיט אים קיין דירעקטן קאנטאקט.

היות, אזוי ווי די פארמיטלער זיינען איבערהויפט געווען פאראינטערעסירט אין דער קוואנטיטעט — זיי פלעגן דאך באקומען געצאלט פון פוד — האבן זיי זיך אנגעשטרענגט ארויסצובאקומען א וואס גרעסערע פראדוקציע, וואס האט, ממילא, גורם געווען א פארקירצונג פון די ארבעטס־סעזאנען אין דעם פאך — דער זומער־ און ווינטער־סעזאן און מיט זיך געשאפן א גרעסערן צווישן־פעריאד פון ארבעטסלאזיקייט און זיינע קאנסעקווענצן.

אלזא, די פארמיטלער האבן מיט זיך פארגעשטעלט א מין דריטער קלאס — אן ארבעטער־אריסטאקראטיע מיט א דורכשניטלעכער וועכנטלעכער הכנסה פון 25—35 רובל. די בערשטער־ארבעטער, האבן, בכן, אין דער ערשטער פאזע פון זייער קאמף, געזוכט צו באזייטיקן דעם פארמיטלער. מיטן באזייטיקן דעם פארמיטלער, וועט ממילא זייער לוין ווערן געהעכערט און עס וועט ווערן פאר־בעסערט זייער מערכה.

פונדעסטוועגן, אין די שפעטערע יארן, ווען די בערשטער־ארבעטער, האבן אנגעהויבן שטרייקן פאר העכערע לוינען און מענטשלעכע ארבעטס־באדינגונגען, האבן גאנץ אפט די פארמיטלער מיטגעשטרייקט; זיי האבן זיך אויך געפילט באוואלדט פון די ארבעטס־געבער. אבער אויך גאנץ אפט פלעגן זיי זיך אויך צושטעלן אלס שטרייק־ברעכער.

אין די 90קער יארן (פריער אוודאי און אוודאי) האבן די בערשטער גע־ארבעט 17—18 שעה א טאג. זיי פלעגן אפשטעלן די ארבעט ערב־שבת ממש און מוצאי־שבת, באלד נאך הבדלה, האבן זיי זיך ווידער צוריקגענומען צו דער ארבעט. אויך די באדינגונגען פון דער ארבעט זיינען געווען שווערע. מחמת דעם וואס דאס רוב פאבריקן זיינען געווען קליינע (דווקא די ערשטע ווארשטאטן ווי, למשל, די פאבריקן פון מיכל בראמבערג און גדליה בלאנקשטיין זיינען גע־

ווען גרעסער און באַקוועמער. די פאַבריקן וואָס זיינען געקומען נאָך זיי, זיינען געווען קלענערע און פאַרנעם, כאָטש שפּעטער האָט די צאָל פון די פאַבריקן זיך שטאַרק פאַרגרעסערט). אין אַ קליינעם אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן די בערשטער גע־אַרבעט אונטער די ערגסטע באַדינגונגען און די קרבנות פון שווינדזוכט, אַנעמיע, געשווירן און קראַנקע פיס, זיינען, צווישן זיי געווען זייער אַ סך.

אין 1895, איז פאָרגעקומען די ערשטע באַראַטונג פון די בערשטער־אַרבעטער פון רוסלאַנד און פּוילן. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר האָט נישט גע־טראָגן קיין פּאָליטישן כאַראַקטער, נאָר האָט געהאַט פאַר זיך דעם ציל צו פאַר־בעסערן דעם אַלגעמיינעם מצב פון די אַרבעטער אין דעם פאַך. נאָך אים, פלעגן די באַראַטונגען פאָרקומען רעגולער צוויי מאָל אין יאָר, אין דער וואָך פון די סוכות און פסח־טעג (אין די ערשטע באַראַטונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויס־סער מעזריטש, האָבן די בערשטער פון אַנדערע שטעט, נאָך געשפּילט מער ראָלע, ספּעציעל ווילנע). און דאָס זוכן געמיינזאַמע מיטלען, אינעם קאַמף פאַר אויפ־הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון די בערשטער־אַרבעטער, האָט מיט דער צייט גע־געבן גינסטיקע רעזולטאַטן. די דאָזיקע הצלחה פון די אַרבעטער, האָט באַוויזן די פאַבריקאַנטן, אַלס קעגן־מיטל, צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ סינדיקאַט פון באַ־לעבאַטים. דאָס באַוויזן זיך פונעם סינדיקאַט, האָט דערצידירט די אַרבעטער צום שאַפן פון אַ בערשטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין בכוח זיך צו ספּראַווען מיט דעם סינדיקאַט. די שאַפונג פון דער אָרגאַניזאַציע, איז צושטאַנד־געקומען אויפן פינפטן בערשטער־צוזאַמענפאָר אין יאָר 1898.

## דער „בונד" ווערט אַ כוח אין מעזריטש

ווי מיר האָבן פריער געבערענגט, האָט דאָס יאָר 1898 אַריינגעטראָגן אַ ווענד־פּונקט אין דער געשיכטע פון די בערשטער־אַרבעטער. אויפן צוזאַמענפאָר פון די בערשטער (אין וועלכן מעזריטש האָט געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל, ווייל זי האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט די גרעסטע צאָל אַרבעטער פון דעם פאַך), ווערט געגרינדעט דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַרבאַנד פון דעם בערשטער־פאַך. דאָס איז געווען פון די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אויפן שטח פון רוסלאַנד; אין דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז געווען, אז דער פאַרבאַנ־האָט זיך דערקלערט אַלס אַ טייל פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

די דאָזיקע געשעעניש, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט איר אָפּקלאַנג איבער גאַנץ רוסלאַנד און אַפילו אין אויסלאַנד, האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אָפּגערופן אויף מעזריטש.

צוויי שטריכן, האָבן ספּעציעל כאַראַקטעריזירט די בערשטער־אַרבעטער־באַוועגונג: 1. איר מאַסן־כאַראַקטער — זי האָט אַפּעלירט דירעקט צו די אַר־בעטער, אָן שום פּראָפּאַגאַנדע פון דרויסן און אָן דער אַריינמישונג פון דער

אינטעליגענץ (די בערשטער־אַרבעטער האָבן פון תמיד־אָן געקוקט מיט חשד אויף די רייכע זינדלעך און טעכטער און זיי באַזייטיקט פון דער אָרגאַניזאַציע ביים מינדסטן דיסציפּלין־ברוך); 2. איר אינטענסיוויטעט, פאַרביטערטקייט אין קאַמף און אייזערנע דיסציפּלין. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם איינפלוס, וואָס די סאָציאַליסטישע לערע, האָט געהאַט אויף די דאָזיקע האָרעפּאַשניקעס, ביי וועלכע זי האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען. די סאָציאַלע רעוואָלוציע, דאָס שטירצן דעם צאַריסטישן רעזשים — האָט געמיינט פאַר זיי: פרייהייט, בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, אַ גרעסערן אַרבעטס־לוין און אַ סוף צו דער עקספּלאָ־טאַציע און די אַנדערע איבלען, מיט וועלכע ס'זיינען געווען אויסגעפּילט זייער טאָג־טעגלעכער גורל.

מיט דער גרינדונג פון „בערשטער־בונד", האָט מעזריטש באַקומען אַ גאָר אַנדערע פיזיאָנאָמיע. נישט נאָר איז דאָס געווען די התחלה פון דער טעטיקייט פון „בונד" אין מעזריטש, וועלכער האָט אין משך פון זיין אַקטואַציע אויסגע־איבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויפן יידישן לעבן אין שטאָט אין אַלע זיינע פאָרמען — סאָציאַל, פּאָליטיש און קולטורעל — נאָר אין שטאָט גופא האָט מען גלייכ־צייטיק אָנגעהויבן פילן די אויפמערקזאַמקייט, וואָס די רוסישע מאַכט האָט איי־געהויבן שענקען דער שטאָט.

ביז 1898, האָט די פּאָליציי כמעט זיך נישט געמישט אין די אַרבעטס־קאָנפליקטן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין שטאָט. די דערקלערטע שטרייקן, מצד די אַרבעטער, האָבן נישט געטראָגן פּאָליטישע מאָטיוון און זיי האָבן נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. אויב ס'האָט אויסגעבראָכן עפּעס אַ שטרייק, איז דאָס ביז איצט באַטראַכט געוואָרן אַלס פּשוטער ברוך פון קאָנטראַקט; איז דאָס געווען אַן ענין פאַר דעם געריכט צו משפּטן, אָדער אַ דין־תורה, אין וועלכער דאָס בית־דין האָט געדאַרפט פּסקענען. ווען די מאַכט פלעגט יאָ אַמאָל אינטערווענירן אין אַ קאָנפליקט און אַרעסטירן וועמען פון די שטרייקער, זיינען די אַרעסטירטע געהאַלטן געוואָרן אין דער שטאָטישער תפיסה אַ טאָג אָדער צוויי און מען האָט זיי דערנאָך באַפרייט. מיטן באַשלוס פון 1898, צו שאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די אַרבעטער, וואָס האָט זיך גלייכצייטיק אָנגעשלאָסן אין „בונד", האָט זיך די לאַגע געביטן. די בערשטער זיינען איבער נאַכט — לגבי דער מאַכט — געוואָרן סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן און קעמפער קעגן דער „סאַמאָדערזשאַוויע", קעגן דער אַליינהערשאַפט. דעריבער איז די בערשטער־אַרבעטער־באַוועגונג געשטעלט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. יעדער בערשטער־אַרבעטער, איז אויטאָמאַטיש באַטראַכט געוואָרן אַלס פּאָ־טענציעלער שונא פון דעם רעזשים. אַרעסטירטע שטרייקער פלעגט מען, פון איצט אָן, באַשטראָפן מיט לאַנגטערמיניקע תפיסה און אָפטמאָל אפילו פאַרשיקן קיין סיביר אויף 4—5 יאָר. די דאָזיקע האַרבע שטראָף איז זיי געגעבן געוואָרן אַלס „מעימשן פון אוממאָראַלישער אויפפירונג"; דאָס איז געווען די אָפיציעלע באַ־

צייכענונגען פאר דער עבירה פון שטרייקן. אלס אזעלכע, האָט מען זיי נישט באַהאַנדלט ווי פּאָליטישע ארעסטירטע, וועלכע האָבן דאָך געהאַט פון ספּעציעלע רעכטן, נאָר ווי פּשוטע קרימינעלע פארברעכער און אלס קאָנסעקווענץ זיינען זיי דורכגעגאַנגען אַלע פּיינען און יסורים, וואָס קרימינעלע פאַרברעכער האָבן אויסצושטיין.

אין 1900, ברעכט אויס דער ערשטער פאַרמעלער שטרייק אין מעזריטש. דער דאָזיקער שטרייק, איז שוין נישט געווען ענלעך צו די פריערדיקע קריגערייען און אינצידענטן צווישן די בערשטער מיט זייערע פאַבריקאַנטן. דער שטרייק האָט אַנגענומען ערנסטע פאָרמען און אַנגעוואָרפן אַ פּאַניק אויף די פאַבריקאַנטן. די ארבעטער האָבן דאָס מאָל ארויסגעשטעלט שטאַרקע פאָדערונגען, וואָס האָבן די פאַבריקאַנטן נישט אַנגעזאָגט קיין גוטס. די הויפּט־פאָדערונגען זיינען געווען: איינפירן אַ 10־שעהדיקן ארבעטס־טאָג און פאַרקלענערן די צאָל פון פאַרמיטלער*).

די ארבעטער האָבן ארויסגערופן דעם שטרייק גראָד אין אַ גינסטיקן מאָמענט. די קאָניוקטור אין דער בראַנזשע, אויפן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס־מאַרק, איז געווען אַ גוטע און עס איז געווען אַ שטאַרקע נאָכפראַגע אויף דער אויסגעאַרבעטער סחורה. די פאַבריקאַנטן האָבן, באין־ברירה, געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די ארבעטער **)

*) אגב׳ איז זייער וויכטיק אָנצוּווייזן אויף דעם אופן ווי אזוי מ׳פּרוּווט שרייבן געשיכטע מיט פריערדיקן פּאַראורטייל, וואָס גיט ממילא אַ פאַלשן בליק אויף דער געשיכטע. סאָפיא ערליך־־ובנאָוו אין איר בוך „גאַרבער־בונד און בערשטער־בונד" (קאָאָפּעראַטיווער פארלאַג קולטור ליגע׳ ווארשע 1937)׳ פון וואַנען איך האָב געשעפּט פאַר דעם קאַפּיטל אַ סך מאַטעריאַל׳ אין איר שרייבן וועגן דעם שטרייק גיט אזוי׳ כלאחר יד׳ אַ בילדל פון מעזריטש. זי שילדערט מעזריטש אלס אָפּגעשטאַנען חסידיש שטעטל׳ וועלכעס איז פארזונקען אין איר חסידישער צוריקגעשטאַנענקייט און אז ערשט אין דעם יאָר 1900׳ האָט זיך דאָרט ארייַנגעריסן דער ערשטער שטראַל פון ליכט און פּראָגרעס׳ פארשטייט זיך׳ אונטער דעם איינפלוס פון „בונד". אז דאָס איז לחלוטין נישט ריכטיק, איז קלאָר פאַר יעדן איינעם. נישט נאָר איז מעזריטש נישט געווען קיין חסידישע שטאָט, נאָר חסידים האָבן אפילו נישט געהאַט קיין בערשטער פאַבריקן׳ אפילו נישט קיין קליינע. אז מעזריטש איז נישט געווען קיין כניאָקישע שטאָט׳ קען מען אויך זען פון אירע משכילישע טענדענצן און אויך פון דער ביבליאָטעק׳ וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך איידער דער „בונד" איז אפילו עמיצן צו חלום געקומען׳ וויל די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן אסך יאָרן איידער דער בונד איז אפילו געבוירן געוואָרן, און אזוי וואָלטן מיר אויך געקענט ברענגען אַ סך אנדערע ביישפּילן. עס איז בכלל פאַראַן געניג גרונט צו צווייפלען׳ אויב יאַנקל „שמעגדע" און די אנדערע חברים וואָס האָבן אין 1897 געשוווירן אין גרויסן בית המדרש ביים אָפענעם אָרון קו־ש, צו גרינדן „די אָרגאַניזאַציע" (זע י. האָרן „מיין חרובע היים"׳ ז. 26׳ בוענאָס איירעס 1946) וואָלטן מסכים געווען מיט איר פּירוש.

**) ס׳איז דערביי אויך אינטערעסאַנט צו באַמערקן׳ אז סוּוואַלק, וועלכע איז נישט געווען „פארזונקען אין חסידישער אָפּגעשטאַנענקייט" — האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון מעזריטש ערשט מיט אַ גאַנץ יאָר שפּעטער — אין 1901.

דער זיג פון די אַרבעטער, האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן, אַלס קעגן־כּוח, באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאַבריקאַנטן־סינדיקאַט. די פאַראייניקטע פאַבריקאַנטן האָבן שפּעטער פּרובירט צו רעדוצירן דעם אַרבעטס־לוין מיט 25 פּראָצענט און זיי האָבן אויך נישט געוואָלט צוריק אָנשטעלן 25 אַרבעטער.

נישט געקוקט אויף דעם קריזיס, וואָס האָט מיט דער צייט, געהערשט אין דער אינדוסטריע, האָבן די אַרבעטער אויף דעם געענטפערט מיט אַ שטרייק *).

אין 1903, זיינען מעזריטשער אַרבעטער־פירער פון די בערשטער געווען אַרעסטירט צוזאַמען מיט אַלע מיטגלידער פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דעם „בערשטער־בונד". בכלל, האָבן די פאַבריקאַנטן שיצנדיק זיך אונטער דער פאַר־שטאַרקטער רעאַקציע אין לאַנד, זיך דערוואַגט אָנצונעמען רעפּרעסיווע מיטלען קעגן די אַרבעטער.

אין 1906, האָבן די מעזריטשער פאַבריקאַנטן דערקלערט אַ לאָקאַוט. 3000 אַרבעטער זיינען געוואָרן מיט איין מאָל אַרבעטסלאָז. די פאַבריקאַנטן האָבן אַרויס־געשטעלט צוויי פאָדערונגען: 1. נישט אונטערצוהאַנדלען מער מיט דעם ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; 2. די אַרבעטער זאָלן גאַראַנטירן צוצושטעלן אַ באַשטימטע קוואָטע פון אויסגעאַרבעטע האָר ביז אַ באַשטימטן טערמין.

די אַרבעטער האָבן אַנטשיידן צוריקגעוויזן די ביידע פאָדערונגען און האָבן פון זייער זייט אַרויסגעשטעלט קאָנטראַ־פאָדערונגען: מעדיצינישע הילף און אַ העכערן אַרבעטס־לוין.

דער צענטראַל־פאַרבאַנד פון די בערשטער האָט געשיקט זיינע פאָרשטייער אָנצופירן מיט דעם שטרייק. עס זיינען פאָרגעקומען אַ גרויסע צאָל פאַרזאַמלונגען; אַ טייל פאַרזאַמלונגען האָבן צוגעצויגן ביז 800 אַרבעטער מיט איין מאָל. דער שטרייק איז געפירט געוואָרן רואיק. די אַרבעטער האָבן באַשטימט נישט דורכ־צופירן קיין טעראָר־אַקטן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איין פאַבריקאַנט האָט

---

*) אין דעם אויבנדערמאַנטן בוך פון סאָפיא דובנאָוו־ערליך, דערציילט זיך, אז די אַרבעטער זיינען אוועק בעטן דעם רבס פאַרמיטלונג (ר' דוב נחמן שאפּיראָ). אָבער דער רב האָט זיי געעצהט זיי זאָלן צוזאָגן די פאַבריקאַנטן, אז זיי וועלן זיך מער נישט בונטעווען. די אַרבעטער האָבן זיך דעמאָלט פאַרזאַמלט אין בערשטער בית־המדרש און אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרפן גורל, בכדי צו פאַרטיילן די אָפּגעזאָגטע אַרבעטער איבער פאַרשידענע וואַרשטאַטן און נאָכ־אַמאָל באַניוט זייער קאַטעגאָרישע פאָדערונג אָנצושטעלן די אָפּגעזאָגטע אַרבעטער. אונטער דעם דרוק פון דעם פעסטן באַשלוס, האָבן די פאַבריקאַנטן קאַפּיטולירט. סאָפיא דובנאָוו־ערליך מאַכט דאָ פאָלגנדיקע באַמערקונג, נעמלעך, אַז דער אינצידענט איז געווען אַ לעקציע פאַר די אַרבעטער צו דערווייטערן זיך פון יידישן קלער און די חסידים (זי איז אַליין אונטער דעם שרעקוואָרט, נישט באַגרייפנדיק ווי פאַלש און אומבאַגרינ־דעט איר מיינונג איז, מ. ע.) און אויסטוישן דעם רעליגיעזן פּאַטאָס אויפן ענטו־זיאַזם פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אויסגעשאָסן, ווען אַן אַרבעטער־דעלעגאַציע איז געקומען דורכפירן אַ קאָנטראָל אין זיין פאַבריק. דער מעזריטשער לאָקאַוט האָט אויך באַאיינפלוסט די חזיר־האָר־פאַבריקאַנטן פון אַנדערע שטעט. צו דער זעלבער צייט האָבן זיך די אונטער־נעמער פאַרזאַמלט אין איידקונען (דעמאָלט די רוסיש־דייטשע גרענעץ) און זיי האָבן באַשלאָסן: 1. די פאַבריקאַנטן זאָלן זיך קעגנזייטיק שטיצן אין פאַל פון אַ קאָנפליקט צווישן אַ פאַבריקאַנט און זיינע אַרבעטער; 2. קיין פאַבריקאַנט זאָל נישט צונעמען קיין אַרבעטער פון אַ צווייטער פאַבריק, סיידן דער אַרבע־טער ברענגט מיט זיך אַ דערלויב־צעטל פון זיין באַלעבאָס; 3. אַלע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן אָנגעשטעלט אַרבעטער, וואָס האָבן פריער פאַרלוירן זייערע שטעלעס צוליב אַ לאָקאַוט אין אַן אַנדערער פאַבריק, דאַרפן זיי באַזייטיקן די דאָזיקע אַרבעטער פון זייערע שטעלעס; 4. היות, ווי די פאָדערונגען פון די פוי־לישע פאַבריקאַנטן וואָס האָבן דערקלערט דעם לאָקאַוט זיינען נאָכנישט אויסגע־האַרכט געוואָרן, באַשליסט דער צוזאַמענפאָר, אַז אַלע מיטגלידער פון דעם פאַברי־קאַנטן־פאַרבאַנד, וועלכע האָבן נאָכנישט אָפּגעשטעלט די אַרבעט, זאָלן זיך סאָ־לידאַריזירן מיט די פאַבריקאַנטן־חברים פון דעם פוילישן בערשטער־ראַיאָן.

די אַלע אויבנדערמאָנטע רעזאָלוציעס האָבן געזאָלט נאָך אַמאָל באַהאַנדלט ווערן אויף דער נאָענטער לייפּציגער מעסע, ווו אַלע חזיר־האָר־פאַבריקאַנטן וועלן האָבן די געלעגנהייט זיך צו טרעפן. די דאָזיקע רעזאָלוציעס זיינען שפּעטער ראַ־טיפיצירט געוואָרן און עס איז אָנגענומען געוואָרן צו פאַראַלגעמיינערן דעם לאָ־קאַוט און פאַרמאַכן אַלע פאַבריקן; און עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן נישט צו עפענען די פאַבריקן, אַזוי לאַנג ווי די אַרבעטער וועלן נישט נאָכגעבן די פאָלגנדיקע דריי פאָדערונגען: 1. די פאַבריקאַנטן זאָלן נישט דאַרפן מער אונטער־האַנדלען מיט דעם ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; 2. אָנשטאָט אַ וואָכן־לוין, זאָל ווערן איינגעפירט אַ טאַריף פאַר יעדן אויסגעאַרבעטן פּוד חזיר־האָר; 3. די פאַבריקאַנטן נעמען זיך דאָס רעכט צוצונעמען אַרבעטער לויט זייער קאָנוועניענץ און איינזען...

דער לאָקאַוט האָט זיך פאַרצויגן אַ לענגערע צייט. לסוף האָבן די פאַברי־קאַנטן זיך אונטערגעגעבן. די מעזריטשער אַרבעטער האָבן דעמאָלט געוווּנען פאַר זיך דעם אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אַ וואָכן־לוין, וואָס האָט זיך געוואַקלט צווישן 6 און 7.75 רובל און העכער (עס האָט זיך געווענדט אין דער סאָרט אַר־בעט און קוואַליפיקאַציע). אין דער זעלבער צייט, האָבן די בערשטער אין ברעס־טינע, ווילנע און אַנדערע ערטער נאָך געאַרבעט 9 שעה אַ טאָג און פאַר אַ סך אַ נידעריקערן וואָכן־לויט.

אין 1907, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן ערנסטער קריזיס אין דער בערשטער־בראַנזשע. די לייפּציגער מעסע האָט אין דעם יאָר געגעבן זייער נישט גינסטיקע רעזולטאַטן. די פאַבריקאַנטן האָבן געטראַכט וועגן שליסן די פאַבריק און עס האָט געדראָט מיט אַרבעטסלאָזיקייט. דער בערשטער־פאַרבאַנד האָט דאַן

צוזאמענגערופן א ספעציעלע באראטונג, אויף צו באטראכטן די ערנסטקייט פון דער לאגע און אננעמען א ריי מיטלען, איבערצוּווינדן דעם קריזיס. אזוי איז באשלאסן געווארן, צווישן אנדערעס, צו שאפן א שטרייק־פאנד, אין פאל די פאבריקאנטן וועלן זוכן אויסצונוצן דעם קריזיס און פראוואצירן שטרייקן; צו־גרייטן שטיצע פאר די ארבעטלאזע; און אויך צו דעקן די פאנדן, זאלן אלע בא־שעפטיקטע ארבעטער אפּגעבן א האלבן טאג ארבעטס־לוין פאר די קרבנות פון דעם קריזיס. אויף דעם צוזאמענפאר, זיינען אויך אנגענומען געווארן נאך צוויי וויכטיקע באשלוסן: באטראכטן אלע פאבריקאנטן, וועלכע באנוצן זיך מיט פאלי־צייאישער הילף אין זייערע קאנפליקטן מיט די ארבעטער אלס פראוואקאטארן און שפיאנען און זיי באקעמפן אלס אזעלכע; און איינטיילן דאס צענטראל־ביורא אויף א פוילישן און א ליטווישן. עס איז איבעריק צו זאגן, אז מעזריטש האט אין די באראטונגען געשפּילט א הויפט־ראלע, נעמענדיק אין באטראכט, אז זי האט שוין דעמאלט קאנצענטרירט מער פון 50 פראצענט פון דער אינדוסטריע אין אירע הענט.

אין 1908, דערקלערן די מעזריטשער פאבריקאנטן ווידער א נייעם לאקאוּט. זייער איצטיקער פרווו, צו פארלענגערן דעם ארבעטס־טאג אויף 10 שעה, ענדיקט זיך מיט א דורכפאל. די מעזריטשער פאבריקאנטן האבן, הפנים, זיך איבערצייגט, אז זיי וועלן נישט באווייזן צו ברעכן דעם ארבעטער־כּח און דערוייל אויפגע־געבן דעם פארזוך פון נייע לאקאוּטס. בעת אין דער גאנצער חזיר־האר־בראנזשע קומען פאר לאקאוּטס אין די יארן 1909־10, איז אין מעזריטש רואיק. מעזריטשער ארבעטער געניסן אן שטערונג פון אן אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאג, ביז אין דער מיט פונעם יאר 1911. צו דער זעלבער צייט, האלטן קוים אן אלע אנדערע בערש־טער אין דער מדינה, זייער דערגרייכטן ארבעטס־טאג פון 9 שעה. אין 1911 פאר־נעמען זיך די מעזריטשער פאבריקאנטן אויף א נייעם פארמעסט; זיי ווילן נאך אלץ נישט שלום מאכן מיטן פאקט פונעם אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאג; זיי דער־קלערן, בכן, א נייעם לאקאוּט, וואס דויערט גאנצע 17 וואכן. אבער, די עקשנות־דיקע האלטונג פון די ארבעטער האט נאכאמאל זיך אימפּאנירט. דער זיג פון די מעזריטשער ארבעטער, האט, ממש עלעקטריזירט די בערשטער ארבעטער איבע־ראל און די גאנצע בערשטער ארבעטערשאפט דערקלערט זיך אין שטרייק, פאר־דערנדיק איינצופירן אן אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאג פארן גאנצן פאך. א דאנק דעם געוואלטיקן אימפעט, וואס האט אנגענומען דער שטרייק, האבן די ארבעטער דעמאלט דערגרייכט זייערע פאדערונגען.

בעת די מעזריטשער בערשטער־ארבעטער, ווערן אלץ שטארקער אין זייער ארגאניזאציע, ווערן מיט דער צייט די רעשט בערשטער־ארבעטער בהדרגהדיקער שוואכער. די לאגע פון די בערשטער־ארבעטער אין 1913/14 ווערט געשילדערט אין דער צייטונג „צייט" *) פון יענעם פעריאד, א קארעספאנדענט פון דער צייט־

*) דערשינען אין ווילנע.

שריפט שרייבט, אַז זעענדיק דעם נידעריקן גייסטיקן מצב פון די בערשטער (אויר־סער מעזריטש) און זייער געבראָכנקייט, גלייבט זיך קוים, אַז די זעלבע מענטשן זאָלן האָבן ווען עס איז אָנטייל גענומען אין אַן אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די בערשטער־ארבעטער האָבן, ווי אַמאָל אין די אַלטע צייטן, געאַרבעט אַ סך שעהן אין טאָג.

## אַן אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָנדענץ פון 1903

אין 1898, הייבט אָן דערשיינען „דער וועקער”, אַלס אָרגאַן פון „בערשטער־בונד”, וועלכער האָט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן און באַדינען די אינטערעסן פון דער אָרגאַניזאַציע. ליידער, האָבן זיך אויפגעהאַלטן (אין ייווא, אין ניו־יאָרק) בלויז צוויי נומערן פון דער אויסגאַבע. טרעפן מיר אין נומער 12 פון 1903 אַ קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע מיר האַלטן פאַר ספּעציעל כאַראַקטעריסטיש און דערפאַר געפינען מיר פאַר אינטערעסאַנט, איבערצוגעבן איר טעקסט, כאָטש ער איז אַ ביסל אויסגעצויגן.

די קאָרעספּאָנדענץ לייענט זיך אַזוי:

„נאָך דעם פאַרגאַנגענעם פסח האָט זיך אַרויסגערופן אַ שטרייק אין צוויי פאַבריקן, ביי מאיר ציטרין און ביי לייב ביר. געפאָדערט האָט מען — דעם פריי־טיק, אָנשטאָט 10 אויף 7 שעה פאַרקירצן. די פאָדערונג האָט מען באַלד אויסגע־פירט און נישט ביי די צוויי פאַבריקאַנטן אַליין, נאָר אַלע האָבן איר דערפילט.

„זעקס וואָכן האָט מען אָפּגעאַרבעט נאָך דער נייער אָרדנונג, און נאָכהער האָבן זיך די קליינע פאַבריקאַנטלעך אָפּגעשטעלט. מיט די קליינע בעלי־בתים איז אַזאַ געשיכטע: זייענדיק אַליין צו שוואַך צו האַנדלען אויפן בערשטערשן מאַרק, זיינען זיי שטענדיק אָפּהענגיק פון די עטלעכע גרעסערע, וועלכע זיינען דאָ ביי אונדז. די גרעסערע העלפן זיי אויס מיט געלט און אַ נויטיקער צייט, פירן זייערע אויסגעאַרבעטע סחורה אין לייפּציג און... שערן זיי אין גאַנג אַרום. איבער וואָס די קלענערע באַקלאָגן זיך נעבעך און אגב האָבן זיי גענומען זוכן תחבולות קעגן דעם, אַז די גרויסע זאָלן זיי אַזוי פיל נישט דריקן”.

...„אַרום 35 בעלי־בתימלעך — דערציילט ער ווייטער — האָבן זיך פאַר־זאַמלט און געשאַפן 175 רובל אין מזומנים און אין וועקסלען, אַרום 5.000 רובל, בערך, כדי זיך אַליין אַרויסצוהעלפן און דערקלערן אַ שטרייק קעגן די גרויסע פאַבריקאַנטן, אָבער זיי האָבן איינגעזען, אַז אָן די אַרבעטער וועלן זיי נישט אויסקומען, האָבן זיי צונויפגערופן די אַרבעטער און געזאָגט: „ברידערלעך, העלפט אונז... די גרויסע פאַבריקאַנטן ביי וועמען איהר אַרבייט ווילן אונז דערשטי־קען”. זיי האָבן געוואָלט אַז די אַרבעטער זאָלן אַרויס אין שטרייק „ביז זיי וועלן אונז נאָכגעבן וואָס מיר פאָדערן ביי זיי „כל ישראל ערבים זה בזה, איינער דעם צווייטען מוז העלפען”...

דער קאָרעספּאָנדענט גיט איבער וועגן די אונטערהאַנדלונגען. דערעיקרשט האָבן די אַרבעטער געוואָלט וויסן, אויב די בעלי־בתים וועלן זיי אויסהאַלטן אין משך דער צייט פון שטרייק. אויף דעם האָבן זיי געטענהט. אַז „ביי אונז אַר־בייטן דאָך אַ היבשע צאָל אַרבייטער. איז דאָס ווייניק?"

„די בערשטער האָבן זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט און זיי האָבן זיי געגעבן דעם פאַרדינטען ענטפער, אַז זיי דאַרפן דורכקומען מיט זייערע „ברידער"... „און אויב נישט, זאָל קיין גרעסערע צרה נישט זיין. וועלן אונזערע אַרבייטער אַנשטאַט 50 בעלי־בתימלעך, האָבן צען — און טאַקע מהיכי־תיתי, פאַרוואָס נישט? פאַר אונזערע אַרבייטער איז דאָס גאָר קיין שאָדען נישט, אדרבה.

„זיי האָבען זיך צעכעסט און פאַרמאַכט די פאַבריקלעך, אַזוי שנעל ווי זיי האָבען אויסגעפאַרטיקט די אַרבייט און געזאָגט די אַרבייטער, אַז דאָס איז דער־פאַר וואָס „אייערע ברידער" האָבן זיי נישט געהאָלפען. אָבער די אַרבייטער האָ־בען געלאַכט פון דעם סטראַשונעק ווייל זיי האָבן געוויסט, אַז זיי וועלען מוזען עפענען די פאַבריקלעך און כך הוה. אָבער זיי האָבען נישט אַנדערש פאַרלאַנגט ווי אויפגעגעבן דעם 7שעהדיגען אַרבייטס־טאָג אין פרייטאָג און אַראָבנעמען 1 רובל אויפן וואָך שכירות. ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ ריכטיקער שטרייק — 300 מאַן האָבן געשטרייקט.

„די בעלי־בתימלעך האָט דאָס נישט געשמעקט... נאָר די אַרבייטער, וועלכע האָבן געאַרבייט ביי די גרעסערע פאַבריקאַנטען האָבען זיי ברודערליך געשטיצט. מען האָט אויף יעדען בערשטער אַרויפגעלעגט אַ נאַלאָג... און יעדער האָט מיט גרויס צופרידענהייט געצאָהלט, אַפילו אינגלעך, וועלכע פערדינען גאָר אַ קליינינ־קייט, אויך זיי האָבען געצאָהלט".

דער קאָרעספּאָנדענט דערציילט ווייטער, אַז די פאַבריקאַנטלעך האָבן נאָכ־געגעבן און זיך געטרייסט, אַז נאָך דער לייפּציגער מעסע וועלן די גרויסע פאַבריקן זיך שליסן און מיט פאַרייניקטע כוחות קעמפן קעגן די אַרבעטער, אָבער די האָ־פענונג האָט זיך צערינען. דער קאָרעספּאָנדענט פירט אויס, אַז דער מוסר־השכל פון דעם שטרייק פון די בערשטער־אַרבעטער איז געווען דאָס פאַרלירן דעם ווערט פון דעם פּרינציפּ פון „כל ישראל חברים", און אַנשטאַט דעם, דער געווינס פון דעם „קלאַסן־באַוווסטזיין" און דעם כוח פון די בשותפותדיקע אַרבעטער־אינ־טערעסן.

ער שרייבט ווייטער: „אייך אינטערעסירט געוויס, וואָס פאַר אַ מיטלען נע־מען אָן די קליינשטעדטעלדיקע פאַבריקאַנטן — די חסידים, — געגען די אַר־בייטער, אַז זיי זאָלען זיך נישט בונטעווען?".

ער דערציילט דערביי אָט די מעשה נורא: ביי איינעם אַן אַרבעטער איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל. איז אָבער דער אבי־הבן גאָרנישט קיין חשוב ביי די פאַבריקנטן און זיי האָבן באַשלאָסן דעם אַרבעטער אָנצוזלערנען. זיי זיינען אַוועק צום רב (דאָ באַמערקט דער קאָרעספּאָנדענט, אַז „אונזערע אידישע גייסטליכע

זיינען ברוך־השם נישט בעסער פאר די רוסישע, אויב נישט ערגער" — א י ר ה ע ר ט, נ א ך ע ר ג ע ר ! — מ. ע.), אז ער זאל רופן דעם פאטער פון קינד און אים מתרה זיין. ערשטנס, ער זאל ווערן א פרומער ייד; צווייטנס, פאסט זיך כלל נישט פאר א ייד צו בונטעווען זיך.

דער אבי־הבן האט זיך „שטארק פארנאנדערגעלאכט" און דער אויפגערעגטער רב האט דעם פאטער, פאר זיין חוצפה, אויפן ארט מודיע געווען, אז אין זיין הויז טאר נישט פארקומען דער ברית. א כשרער ייד טאר נישט אהינצו אריינגיין.

דער קארעספאנדענט לאדנט אויס זיין צארן, פארוואס מען האט געמוזט שלעפן א קינד פון 8 טאג און די קראנקע מוטער אין שול אריין, ווו מען האט געפראוועט דעם ברית.

ער דערציילט אויך, אז די רעפרעסיעס פון דער מאכט קעגן די ארבעטער ווערן שטארקער. די פאליציי פילט צוגלייך מיט די בעלי־בתים, אז די מעזריטשער בערשטער זיינען שוין נישט אמאליקע „פרים הנשרפים", „מעלקעדיקע קעלבלעך". די היטער פון ארדענונג ווייסן שוין גאנץ גוט, אז ווען עס קומט דער ערשטער מאי אויף דער וועלט דארף מען זיך אנגורטן מיט כלי־זיין און לאזן זיך שפאנען איבער דער שטאט און אין די וועלדער, כדי נישט צו דערלאזן און שטערן די ארבעטער צו פייערן זייער יום־טוב. ער דערציילט, אז אויך היינטיקס יאר (1903), זיינען די בערשטער אוועק אין וואלד אריין פייערן דעם ערשטן מאי. די פאליציי איז אוועק און געזוכט און גענישטערט א גאנצן טאג צו דערגיין דאס פלאץ ווו דאס קומט פאר. דערווייל האבן די ארבעטער געיום־טובט א גאנצן טאג, געהאלטן רעדעס און טאוסטן... און די אדמיניסטראציע איז געבליבן „מיט א גרויסער נאז".

דרך אגב, דערציילט ער וועגן דעם ארעסט פון אן אומשולדיקן איינבינדער. די זשאנדארמעריע האט געוואלט געפינען דעם מקור פון דער אומלעגאלער ליטעראטור אין מעזריטש. נישט געפונענדיק דעם שפור, זיינען זיי איבערגעפאלן דאס הויז פון אן אייבינדער. זיי האבן ביי אים געפונען „לעגאלע זשארגאנישע ליטעראטור" און מען האט אים ארעסטירט אונטערן חשד פון האלטן נישט כשרע ליטעראטור. שפעטער האט מען אים צוריקגעגעבן א טייל פון דער קאנפיסקירטער ליטעראטור.

ווייטער ווערן מיר געוואויר, אז אונטערן איינפלוס פון די בערשטער, זיינען 50 גארבער־ארבעטער צוגעשטאנען צו דער באוועגונג. זייער מצב איז געווען א שווערער. אבער נאך עטלעכע שטרייקן, האבן זיי שוין דערגרייכט פיל אויסבעסערונגען. אויך אין „הענטל־פאבריק" (פען־האלטערס) איז היינטיקן זומער (1903 — מ. ע.) פארגעקומען א שטרייק. דארט ארבעטן בלויז מיידלעך.

„די עקספלואטאציאן — דערציילט דער קארעספאנדענט — איז דארטן א אונמענשליכע. דער בעל הבית פון דער פאבריק איז א ציוניסט, האט ער אויסגעטראכט אלס א פייערדיקער פאטריאט, אלס ברענענדער אידען־פריינד, צו צא־

לען זיינע ארבייטערקעס מיט רעדעס וועגן ציוניזם אָנשטאָט שכירות... נאָר די ארבייטערקעס בעגנוגענען זיך מיט דעם ניט, און האָבען ארויסגערופען אַ סטרייק. ליידער, איז אָבער די צייט דאָן ניט געווען קיין גוטע און אונזער ציוניסט האָט זיך בענוצט מיט דעם. דעם סטרייק האָט מען פאַרשפּילט, נאָר די ארבייטערקעס זיינען ביי זיך ניט געפאַלען. זיי זעהן גאַנץ גוט דעם העסליכען געזיכט פון דעם אידישן בלוט־זויגער. נישט קוקענדיק אויף דעם וואָס, ער האָט ארום זיך ארומ־געדרעהט אַ פּאַטריאָטישע פעל...

„מיר האָבען דאָ דערמאָנט די ציוניסטען, טאָ לאָז שוין געהן כסדר. אין סעפּ־טעמבער מאָנאַט זיינען פאָרגעקומען צוויי ארבייטער־פערזאַמלונגען... פון דער צווייטער איז מען „אוועק דעמאָנסטרירענדיג אין שטאָדט". אויסגעקומען איז עס געוועגטליך שבת פאַרנאַכט, ווען דאָס מעזריטשער פּובליקום לאָזט זיך ארויס שפּאַצירען „בתוכם... מעזריטשער ציוניסטען". די מעזריטשער ארבייטער האָבען זיך פונדערוויטנס באוויזן און זייער געזאַנג האָט אָפּגעהילעכט ווי ווייט. ווען זיינען שוין געווען אין שטאָט און האָבן געזען די שפּאַצירנדע ציוניסטען האָבן פיעל אויסגערופן: „נידער מיט די ציוניסטן!"; „נידער מיט דער זעלבסט הער־שונג!".

„פיעל קענען זיך שטעלן די קשיא, צוליב וואָס איז דאָס נויטיג? צוליב וואָס דער האָס צו אַ צווייטער פּאַרטיי? מיר ווייסען אַז פיעל „אדעלע" (דעם קאָרעס־דענטס געגזנפּיסלעך, מ. ע.) נאַטורען שטעלען אַזעלכע פראַגען. נאָר ווען די אַלע... וואָלטען זיך צוגעקוקט נאָענטער צום לעבען און... זיך אָבגעגעבען אַ רעכענונג וועגען דיזער הויקערדיגער בעשעפענים ביי אידען אונטער דעם נאָמען „ציוניזם", און ווי נאָך הויקערדיגער... דיזע באשעפעניש איז רחמנא ליצלן געוואָרן אויסהאָ־דעוודיג זיך ביי אונזער אידישער בורזשואַזיע. ווי העסליך איז צו זעהן ווי דיזע פאַרדאָרבענע געלט־דורשטיגע בורזשואַזיע טראָגט זיך אונטער מיט דיזער מתנה, ווי משה רבנו מיט די לוחות, און וויל מיט קאַלטע וואַסערדיג־פייערדיגע רעדעס ווירקען אויף אונדז ארבייטער, מיר זאָלען דיזע מתנה צונעהמען... וואָלט איהר דערזעהן זייער מיין... אַז מיר, ארבייטער, זאָלן ווערען ציוניסטן, קעמפּפען גע־גען זיי זאָלען מיר אויפהערען. זיי זאָלען אונדז ווי אַמאָל אַזוי גוט־אָרענטליך ארומשערען, די בלוט אויסזויגען און מיר זאָלען אויסגלאָצן די אויגען צום הימעל און וואַרטען, אויף די גוט הערציגקייט פון דעם טערקישען סולטאַן ירום הודו און אויף די גרויסע העלדישקייט פון ר' הערצלען. אָה! דאכט זיך, אַז איהר וואָלט שוין קיין קשיות נישט געפרעגט, וואָס אפילו די מעזריטשער ארבייטער פון דיזען פינצטערען ווינקעלע זיינען שוין געקומען צום באוואוסטזיין פון זיינע קלאַסען־אינטערעסן... די מעזריטשער ארבייטער קוקען שוין אַזוי קלאָר אויפן לעבען און זיינען אים שטאַנד אונטערצושיידען ווער עס זיינען זייערע פריינד און ווער עס זיינען זייערע שונאים".

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אין די ראַמען פון דער היינטיקער ווירקלעכקייט

און אונדזערע דערפּאָרונגען, זיינען דעם קאָרעספּאָנדענטס מיינונגען שטאַרק נאַ־איוו. דער קאָרעספּאָנדענט אַליין, וועמענס נאָמען ס'ווערט נישט אָנגעגעבן וועל־כער איז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן נישט געווען קיין אַרבעטער און גאַנץ מעג־לעך נישט געאַרבעט קיין איין טאָג אין זיין לעבן (דאָס איז צו זען פון דעם סטיל און זיינע קאָרעקטע ציטאַטן. די אַרבעטער האָבן זיך רעקרוטירט אַממייסטנס פון די אָרעמסטע שיכטן וואָס האָבן קוים געקענט אַ ביסל יידיש, אַ פּשיטא אַז זיי האָבן ווייניק געקענט ציטאַטן פון גמרא אָדער אַ קאָרעקטן העברעאיש) האָט, אפשר, שפּעטער אַליין געקוקט אויפן אינהאַלט פון זיין קאָרעספּאָנדענץ ווי אַ מיטל צו שאַפן שטימונג און קאָלאָריט דורך מאַכן אַזעלכע ווילדע באַמערקונגען, ווי: „אונזערע אידישע גייסטליכע זיינען ברוך השם נישט בעסער פאַר די רוסישע, אויב נישט נאָך ערגער", אָדער דאָס „אויסטוישן דעם פּרינציפּ פון ,,כל ישראל חברים" אויפן „קלאַסן־באַוווסטזיין". צי גאָר אַזאַ פּערל ווי „הויקערדיקע באַשע־פעניש ביזן יידן... ציוניזם". אגב, אַריינצושיסן סתם נישט אמתן ווענן „דיזען פינסטערן ווינקעל (מעזריטש, מ. ע.)" אָדער „פּאַבריקאַנטן — ציוניסטן און חסי־דים". מאיר ציטרין, ביר, ווישנע און אַלע אַנדערע פאַבריקאַנטן און „בעלי־בתימלעך", זיינען געווען אַזוי ווייט פון חסידות, ווי עס איז דאָס בכלל אַ מתנגד. דער אמת איז, אַז נישט נאָר זיינען זיי געווען ווייט פון חסידות, נאָר אויך פון ציוניזם זיינען זיי געשטאַנען מחוץ אין גרעסטן טייל. דעריבער איז גאָרנישט קיין וווּנדער, וואָס אַזאַ קאָרעספּאָנדענט (ער האָט, אגב, געשריבן נאָך ענלעכע קאָרעספּאָנדענצן, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען, ווי עס באַמערקט עס דער רעדאַקטאָר אין זיין אַריינפיר) האָט געקענט פאַרפירן מאַדאַם סאָפיאַ דובנאָוו־ערליך צו שילדערן מעזריטש אין שוואַרצע פאַרבן און אין אַן אַבסאָלוט נישט אמת בילד, אָדער מאַכן דעם רעדאַקטאָר פון „וועקער" שרייבן אין זיין אַריינפיר צו דער קאָרעספּאָנדענץ: „דאָס זיינען (די פאַבריקאַנטן) אַ מחנה מלמדים (לומדים), פּראַצענטניקעס מיט פאַרדרעהטע גמרא־קעפּלעך און מיט גרויסע וועלערס צי געלד. פון דעם אַרבייטער וואָלטן זיי וועלן שטילינקערהייט אויסזויגען די בי־כעלע בלוט זיינע, כדי נאָכדעם אויסבייטן די אויסגעזויגענע בלוט אויף געלד — דאָס איז זייער אידעאַל".

מיר לייענען אַדורך אַט דעם פּאַשקוויל־קאָרעספּאָנדענץ און ס'דערמאָנט זיך, אַז קאַרל מאַרקס אין זיין בראָשור „צור דער יודען־פראַגע" האָט געשריבן, מער־ווייניק, אין דעם נוסח וועגן דעם יידישן פאָלק; און זיינער אַ תלמיד האָט נישט מער ווי נאָכגעפאָלגט דעם זעלבן סטיל.

## די רעוואָלוציע פון 1905

דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם וואָס האָט אַרומגעכאַפּט רוסלאַנד און פּוילן אין יאָר 1905, האָט, נאַטירלעך, נישט אויסגעמיטן מעזריטש. די בערשטער־

ארבעטער זיינען געווען צווישן די מוטיקסטע און קעמפערישסטע אינעם אויפ־שטאנד. און ווען די ארבעטערשאפט אין רוסלאנד האט זיך געגרייט אראפצוווארפן די אליינהערשנדיקע צארישע רעגירונג, האט די מעזריטשער ארבעטערשאפט, צוזאמען מיט די סימפאטיקער צווישן דער אינטעליגענץ זיך געשטעלט אין די רייען פון די קעמפער. כאטש, אין פלוג, איז מעזריטש געווען א יידיש שטעטל אין תחום־המושב און דאס וואס ס׳זאל דארט נישט פארקומען, וואלט נישט גע־האט דעם מינדסטן איינפלוס אויפן גאנג פון די פאליטישע געשעענישן אין לאנד, האט עס דאך נישט פארמינערט די העלדישקייט און איינשטעלעניש פון די מעז־ריטשער ארבעטער. ווייל, צו יענער צייט איז מעזריטש געווען א גארניזאן־שטאט; אין מעזריטש האבן זיך געפונען מיליטערישע קאזארמעס כמעט איבער דער גאנ־צער שטאט — דוכט זיך, אז טיילמאל זיינען דארט געווען איינגעקווארטירט ביז א גאנצער פולק — ביי אזעלכע ספעציעלע אומשטענדן, האט דאס מיליטער גע־האט די אויפגאבע צו וואכן איבער דער שטאט. דאך, נישט געקוקט אויף דעם, האבן די מעזריטשער ארבעטער זיך געגרייט צו דער רעוואלוציע.

די מאכט אין שטאט האט געוווסט, אז אין די פאבריקן ברענט דאס פייער פון רעוואלוציע און די שנאה צום רוסישן קייסער און זיין רעאקציאנערן רע־זשים האט, לעולם, געברענט אין אלע יידישע הייזער. און אין דער אמתן, אויף וויפל ס׳האט א שייכות צו יידן, וואלט זיך נישט געפונען קיין איין ייד וואס זאל פארגיסן א טרער אויפן אונטערגאנג פון דעם שווארץ־מאהדיקן צא־רישן רעזשים.

אין מעזריטש פלעגט מען דערציילן, אז ביי גאלדעלע שטיין אין וואר־שטאט „שווערן די ארבעטער יעדן טאג צו קעמפן פאר פרייהייט און רעכט און אראפצוווארפן דעם קייסער. און ביי מאיר שמחהן אין פאבריק, ביים לאנגן טיש... איז איין קאם ארומגעגומען מיט א זיידענע רויטע שלייף און אין א ווינקל איז אויסגעמאלן דער רוסישער קייסער. און ווי נאר דער זייגער קלינגט פינף, לויפט צו בעריש קאבעלע מיטן אויסגעשריי: „דאלוי סאמאָ־דזשערזשאוויע" און שטעכט אריין א מעסער אין קייסערס פנים אריין" (60).

כאטש נישט אלע זיינען געווען צופרידן מיט די מעשים פון די „ברידער" (אזוי האט מען גערופן די ארבעטער, וואס האבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג) ווייל זיי האבן מורא געהאט פאר רעפרעסיעס מצד דער מאכט, האבן זיי אבער נישט וויניקער מורא געהאט צו פראוואצירן די „ברידער" אין טאן עפעס קעגן זיי, אודאי נישט. אין שטאט האבן אלע געוווסט די מעשה מיט איטשקען דעם פערדהענדלער און מען האט זיך גע־שושקעט אין די אויערן וועגן דער חברה וואס האבן אים „קאלט געמאכט". די מעשה פון דעם איז געווען אזוי:

איינמאל איז איטשע פערדהענדלער פון ווארשע געקומען צו פארן קיין מעזריטש און פארפארן צו משה קאניאך. אט דער איטשקע איז געווען ביי

דער וואַרשעווער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע פאַרצייכנט אַלס אַן אַגענט פון דער אָכראַנע. ער איז אויך געווען אַן עדות אין אַ גרויסן פּאָליטישן פּראָצעס און געווען אַ מיטהעלפער צו דעם, אַז אַ סך רעוואָלוציאָנערן האָבן באַצאָלט מיט זייער פרייהייט. די אָרגאַניזאַציע האָט דעריבער געזוכט דעם אופן ווי אַזוי אים אומשעדלעך צו מאַכן און האָט באַשלאָסן איבערגעבן דעם איטשקען אין די הענט פון די מעזריטשער חברים.

די מעזריטשער חברים, האָבן די זאַך דורכגעפירט בשלימות. ווען איטשקע איז געזעסן ביי משה קאָניאַק און געגעסן „וועטשערע״, זיינען אַריינגעקומען „צוויי יונגעלייט״ און געפרעגט צי ער איז איטשקע, האָט ער געענטפערט, אַז יאָ... האָבן אים די צוויי יונגעלייט באַלד דערשטאָכן. דער באַלעבאָס מיט זיין ווייב... האָבן אָנגעהויבן שרייען, האָט זיך איינער פון די צוויי יונגעלייט צוריקגעקערט און געזאָגט: „ר׳ משה, איר האָט גאָרנישט געזען!״ (61).

די דאָזיקע געשיכטע, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלעמען. מען האָט איינגעזען, אַז מען שפּילט זיך דאָ מיט פייער, און אקעגנשטעלן זיך קעגן די „ברידער״, הייסט ריזיקירן מיטן לעבן. מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען צו הערן קאָמענטירן די „מעשה איטשקע״ און דערמאָנען דערביי די יונגעלייט, וואָס האָבן אדורכגעפירט דאָס שטיקל אַרבעט, איז נאָך אַלץ געלעגן שרעק אין די אויגן פון די דערציילער.

צי איטשקע איז טאַקע געווען אַ שפּיאָן, אַן אַגענט פון דער אָכראַנע — איז געבליבן אַ רעטעניש. טייל מעזריטשער האָבן נאָכדעם געזאָגט, אַז ס׳איז געווען אַ פאַטאַלער טעות. גראָד דער מענטש, וועמען מען האָט אוועקגעלייגט, איז נישט געווען דער אמתער שולדיקער. ער האָט טאַקע געהייסן איטשקע, אָבער ס׳איז נישט געווען דער, וועמען די אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט צו מאַכן אומשעדלעך.

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, איז דערפאַר מעזריטש געווען איינגאַנצן אונטער דעם דרוק פון די „ברידער״. ווען זיי האָבן פּראָקלאַמירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק און באַפוילן צו שליסן אַלע געשעפטן און וואַרשטאַטן, האָבן אַלע זיך אונטערגעוואָרפן דעם באַשלוס. די באַלעבאַטים פון דער שטאָט זיינען אין יענעם מאָמענט געווען די יידע קיוועס — קיווע דער גרויסער (וועמען מ׳האָט אָפּגעהאַקט די לונגען אין די צארישע תפיסות. ער איז נאָכדעם געשטאָרבן אין אַמעריקע אין די מיטעלע יאָרן) און קיווע דער קליינער, און זייערע נאָענטסטע אַדיוטאַנטן, סאַנעלע, מאָרעס א. א.

נישט נאָר די קרעמער און די באַלעמלאָכעס, נאָר אפילו די שוחטים האָבן **אויך געשטרייקט. מיין מוטער פלעגט מיר דערציילן, אַז מיין פאָטער האָט** זיך אַנטזאָגט צו גיין אין בוינע שעכטן. ערשט מיט דער באַגלייטונג פון אַ מיליטערישער וואַך, איז ער געגאַנגען שעכטן.

אויף צו מאָרגן, איז געקומען איינער פון די קיוועס (איך געדענק נישט

וועלכער), מיט נאָך עטלעכע חברים זיינע צו אונדז אהיים און זיך נאָכגעפרעגט אויף מיין פאָטער. די מאמע האָט זיך שטארק דערשראָקן.

„שרעקט זיך נישט, שוחטקע" — האָט א זאָג געטאָן איינער פון דער דעלעגאציע — „מיר זיינען געקומען אויסדריקן אונדזער יישר־כוח ר' כילן (יחיאלן). ער האָט געהאנדלט ווי א פריינט".

די שטאָט איז געווען ווי אָפּגעשטאָרבן און עס האָבן נישט געהאָלפן די באפעלן פון דער באוואָפנטער מאכט — קיינער האָט נישט געוואגט צו עפע־נען זיין קלייט.

מעזריטש האָט געיובלט, ווען דער צאר האָט צוגעזאָגט צו געבן א קאָנס־טיטוציע און צו פאררופן א דעמאָקראטיש דערוויילטע דומע. אָבער צוגלייך מיט דער גאנצער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, האָט די מעזריטשער ארבע־טערשאפט —נאָכן דערשטיקן דעם אויפשטאנד— געהאט אויסצושטיין רעפּ־רעסיעס מצד דער מאכט. די ארבעטער האָבן אָבער נישט אויפגעגעבן זייער ווייטערדיקן קאמף פאר מענטשלעכערע לעבנס־באדינגונגען און זיך געגרייט צו דעם נאָענטן פארמעסט, צו באפרייען רוסלאנד פון איר דעספּאָטישן רע־זשים און איינפירן א סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

## דער ערשטער קרבן...

אין 20סטן דעצעמבער 1905, האָט אויסגעבראָכן דער גרויסער פּאָליטי־שער שטרייק, וואָס האָט אָנגעהאַלטן צוויי טעג. די שטאָט איז געווען בא־הערשט פון א געגצלעכן שטילשטאנד. אין די גאסן איז בלויז געווען מערק־באר דאָס דרייען זיך פון באוואָפנטע פּאטרולן פון מיליטער און פּאָליציי, וועלכע האָבן געעצהט די קרעמער צו עפענען זייערע קראָמען און די אָנגע־שטעלטע, צוריקצוקערן זיך צו זייערע פּאָסטנס. די פּאָליציי האָט אפילו גע־סטראשעט מיט א פּאָגראָם מצד דעם מיליטער. אָבער, די שטאָט האָט זיך נישט צוגעהערט צו די סטראשונקעס פון די היטער פון דער אָרדענונג.

די פּאָליציי איז געווען שטארק אויפגעבראכט פון דעם און כאָטש זי האָט זיך טיילווייז געשטילט דעם כעס מיטן ארעסטירן א געוויסע צאָל ארבעטער, האָט זי נאָך געזוכט ווי אזוי נקמה צו נעמען פון דער שטאָטישער באפעלקע־רונג, וואָס האָט זיך געלאָזט באאיינפלוסן פון די ארבעטער און נישט אויס־געפאָלגט אירע באפעלן. דער צופאל האָט געוואָלט, אז אזא געלעגנהייט זאָל זיך מאכן אין איינעם פון די נאָענטסטע טעג:

שבת, דעם 24סטן דעצעמבער, האָט א גרופּע קליינע קינדער זיך גע־שפּילט אין א דעמאָנסטראציע. זיי האָבן גענומען א רויטן טוך און געמאכט פון אים א פאָן און האָבן אזוי מארשירט איבער די גאסן. דער סטראזשניק, וואָס האָט געזען די קינדער־„דעמאָנסטראציע", איז ארויס אין מלחמה מיט

די „חברים" — און די קינדער, פון זייער זייט, האָבן אים גענומען באַמבאַר־דירן מיט שניי־קוילן. דער סטראַזשניק האָט געזען, אַז די מלחמה איז אַ צו שווערע פאַר אים אַליין, איז ער אַוועק צום קאָמאַנדיר פון מעזריטשער גאַרני־זאָן און דאָרט דערציילט, אַז אין שטאָט קומען פאָר אומרוען. דער אָפיציר, וועלכער האָט זיך גראָד געפונען אין אַ שיכּורן צושטאַנד, האָט אַפילו נישט איבערגעפּרעגט, וואָס אייגנטלעך עס קומט פאָר אין שטאָט און ער האָט אים מיטגעגעבן 30 סאָלדאַטן, כדי „איינצושטעלן די אָרדענונג".

צוויי שעה צייט, האָבן די סאָלדאַטן געשאָסן אין די גאַסן און דער רע־זולטאַט פון דער שיסעריי איז געווען: 12 פאַרוווּנדעטע דורך קוילן; 15 פאַר־וווּנדעטע פון קלעפּ מיט די „פּריקלאַדן"; איין אַרבעטער איז געשטאָרבן פון די וווּנדן. די סאָלדאַטן זיינען זיך אויך מערדעריש באַגאַנגען מיט די פאַרוווּנ־דעטע, וואָס האָבן בכלל נישט געהאַט קיין שייכות צו דער דעמאָנסטראַציע. פון דער בלינדער און הפקרדיקער שיסעריי, האָבן אויך איינצלנע קוילן פאַר־בלאָנדזשעט אין די הייזער און פאַרוווּנדעט מענטשן אין זייערע היימען.

אויף דער שטאָט איז אָנגעפאַלן אַ פּחד; אָבער, גלייכצייטיק האָט אַלעמען באַהערשט אַ שרעקלעכע אויפרעגונג קעגן דעם וואַנדאַלישן אַקט. די „אָרגאַ־ניזאַציע" (אַזוי האָט מען גערופן דעם „בונד"), האָט באַשלאָסן צו פּראָקלאַ־מירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק קעגן דער אומזיניקער און ווילדער שיסעריי. זונטיק אין דער פרי, האָט אַלץ געשטרייקט. אין ערך 1.300 אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיינען אַרויס אין גאַס, גרייט צו דעמאָנסטרירן בעת דער לויה פון זייער אומגעקומענעם חבר. די פּאָליציי האָט אָבער נישט דער־לאָזט צו פאַרזאַמלען זיך און באַוואָפנטע פּאַטרולן זיינען אַרומגעגאַנגען אי־בער די גאַסן און געשלאָגן יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן נאָר באַגעגנט. דעם גאַנצן זונטיקדיקן טאָג, וואָס ס'האָט אָנגעהאַלטן דער שטרייק, האָט די פּאָלי־ציי נישט געוואָלט דערלויבן די לויה, בכדי אויסצומיידן די צוגעגרייטע פּראָ־טעסט־דעמאָנסטראַציע און אירע מעגלעכע פאָלגן. ערשט ביינאַכט האָט די פּאָליציי, מיט דער הילף פון סאָלדאַטן, אַרויסגעגנבהט דעם דערמאָרדעטן אַר־בעטער און אים מקבר געווען (62).

## ווי אַזוי מען האָט געפעלשט געשיכטע

די פרעסע, איז אָן שום ספק אַ מקור פאַר געשיכטע. אָבער, אין טייל פאַלן, אַ צווייפלהאַפטער מקור. צו דעם אויספיר מוז מען קומען, ווען מען באַקאַנט זיך מיט געוויסע פּרעסע־באַריכטן וועגן ענינים, וואָס זיינען אייך באַקאַנט; און אין געגעבענעם פאַל, זעט מען בולט, אַז דער פרעסע־באַריכט איז נישט נאָר אַ טענדענציעזער, נאָר, נאָכמער, ער איז אַבסאָלוט פאַלש. צו דער מסקנא בין איך פיל מאָל געקומען, אין משך פון מיינע פאָרש־אַרבעטן און

אלס מוסטער וועל איך זיך טאקע באנוצן מיט א באריכט, וואס האט צו טאן מיט אונדזער מעזריטש.

אין דער בונדישער „ארבייטער־שטימע" *) לייענען מיר (איך ענדער דא נאר די ארטאגראפיע, אבער נישט דעם סטיל):

„מער ווירקונג, ווייזט אויס, האט דער מעזריטשער רב — ר' חיים זאק— פון זיין ק"ק (קהילה קדושה — מ. ע.). די שטראלן פון פרייהייט האבן אונדזער מעזריטש אויך נישט פארבייגעלאזן; שרייבט מען אונדז פון דארטן, אז דער פאנאטיזמוס פון דער יוגנט האט אנגעהויבן צו זינקען. דעם היינטיקן יום־כפור, האבן א סך יונגעלייט נישט פארבראכט אין פאסטן און תחנונים, און האבן פרייליך צוגעבראכט די פרייע צייט. דאס איז נישט געפעלן געווארן דעם רב און די בה"ב (באלעבאטים) פון די יונגעלייט, וועלכע זיינען מייסטנס בערשטער; און ער האט געגרינדעט א חברה „מחזיקי הדת". זי באשטייט פון טרעגער, פורלייט און אייניקע פרומע יידן. דער ציל פון וועלכער, איז אכטונג צו געבן אויף אלע ערטער, ווו מען וועט געפינען אסיפות פון בחורים און בתולות און צו זאיאווען (ד. ה. מעלדן — מ. ע.) וועגן דעם דעם זשאנדארמסקען (?): ער האט פונאנדערגעקלעפט וועגן דעם אין די בתי־מדרשים הודעות, פון וועלכע מיר ברענגען דא דעם גאנצן טעקסט אן שום פארענדערונג:

„הודעה

„מען איז מודיע לאנשי עירם דפה, אזוי וויא כפי הנשמע, איז דא הרבה מקומות בפה וואס קומען זיך צוזאממען בחורים, איבער הויפט בשבת קודש בבוקר בשעת התפילה. אין יעדער ארט איז דא א בחור וואס האט אונטער זיך כמה תלמידים, וואס עהר לערינט זיי וויא אזוי אראפגיין פון דרך התורה והיהדות און גיין אנטקעגען פראוויטעלסטווא, וואס דערמיט זענין זייא רודף דעם גאנצן כלל ישראל, און מחלל שם־שמים בפרהסיא ד' ירחם, דרום איז מען מודיע אז עס איז ייעצט נתייסד גיווארען א חברה הנקראים בשם „מחזיקי הדת" אנשים אשר יראת ד' נגע בלבם והרב אבד"ק בראשם. ובידיעת המוראוואייע־סאדיאר (דאס איז דער פרידנס־ריכטער פון שטאט — מ. ע.) און די חברה וועלין ארום גיין אכטונג געבין אין אלע ערטער און אז מען וועט געפינען א זעלכע אסיפות אדער איין פארזאמלונג פון בחורים און בתולות וועט מען דאס זאייאוועןדעם זאנדארמיסקע. גם די בעה"ב וואס עס געפינען זיך ביי זיי א זעלכע אסיפות וועלין האבן א גרויסן אוהמשטאנד. גם איז מוטל אויף ייעדער מענטש וואס ווייסט וויא די אסיפות געפינען זיך זאל מען קומען מעלדירען להרב דפה ולהשומע ינעם. עס פאלגט די חתימה פונעם רב".

„דער רב — ווערט ווייטער געזאגט אין דער קארעספאנדענץ — ווייזט אויס איז זייער אן ענערגישער מאן... דער מעזריטשער רב האט זיך נישט בע־

*) נומער 35, ווילנע, 1903.

גנוגענט מיט זיינע ליטעראַרישע ווערק, פון וואָס מען זעט אַרויס ניט מער ווי זיין גראָבהייט און אומוויסנהייט. ער האָט אויפגערופן די בה״ב און האָט ביי זיי זיך דערוווּסט אַלע נעמען פון די בונטאָווטשיקעס (אַ בונטאָווטשיק איז דער, וועמען עס האָט געגעסן יום־כּפּור) און האָט געמאַכט פון זיי אַ צעטל. די באַדייטונג פון דעם צעטל, האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָ נישט לאַנג. אייניקע פאַבריקאַנטן האָבן צוגענומען אַרבעטער נישט וויסנדיק, אַז זיי זיינען איינגע־שריבן ביים רב אין צעטל. דער רב האָט גלייך פאַררופן די בה״ב צו זיך. דער פּועל־יוצא פון דעם וויזיט איז געווען, אַז קומענדיק צוריק אַהיים האָבן זיי געזאָגט די אַרבעטער אינעם נאָמען פון דעם רב, אַז מען טאָר זיי נישט האַלטן און האָבן זיי אַנטזאָגט. דאָס איז פאַר דעם, וואָס זיי „האַלטן נישט פון יידישן גלויבן, און שטרייטן קעגן די בה״ב און דער רעגירונג״; אַזוי האָט דערקלערט דער נייער זשאַנדאַרם אין דער רבנישער פעל, די סיבה, פאַר וואָס מען האָט אַנטזאָגט די אַרבעטער״.

מיין ערשטע רעאַקציע, ביים איבערלייענען די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ, איז געווען איר צו איגנאָרירן. איך בין געווען זיכער, אַז נישט אונדזער מעז־ריטש ווערט דאָ געשילדערט אין אַזעלכע שוואַרצע פאַרבן. אָבער, דער פאַקט וואָס דאָרט ווערט גערעדט וועגן דער בערשטער־ אינדוסטריע און אַנדערע איינצלהייטן וואָס ווערן דערמאָנט אין דער זעלבער קאָרעספּאָנדענץ, האָבן פאַר מיר קלאָר געמאַכט, אַז דאָס מיינט מען אונדזער מעזריטש. יעדער מעזריטשער —אויב ער פאַרמאָגט נאָר אַביסל אַ ידיעה וועגן דער געשיכטע פון אונדזער שטאָט— וועט מוזן מסכּים זיין מיט אונדזער אויספיר: אָדער אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קאָרעספּאָנדענט, וואָס האָט גאַנץ באַוווּסטזיניק פאַרפירט דעם רעדאַקטאָר; אָדער ס'האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ציימונגס־קאַטשקע (דאָס צווייטע איז וויניקער וואַרשיינלעך אָבער נישט אויסגעשלאָסן) וואָס די רע־דאַקציע האָט אַליין פאַבריצירט. לאָמיר באַווייזן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי:

קודם כּל, האָט מעזריטש קיינמאָל נישט געהאַט קיין רב מיט דעם נאָ־מען חיים זאַק. אין מעזריטש איז צו יענער צייט געווען רב ר' נחמן דוב שאַ־פּירא און ער האָט געירשנט דאָס רבנות פון זיין פאָטער ר' ישראל איסר. אַפילו די דיינים, וואָס ווערן דערמאָנט, האָבן געהאַט אַנדערע נעמען. איינער האָט געהייסן ר' משה קאַצענעלנבויגן און דער צווייטער — ר' מאיר לעוו. דער רב איז, בכן, עפּעס אַ צוטשעפּעניש צו מעזריטש און ווי באַלד דער דער־מאָנטער רב איז אַ געפעלשטער, איז דאָך דער אויפרוף מיט דעם רבס שטעמפּל, כּלומרשט, אויך אַ פאַלשער.

צווייטנס, האָט מעזריטש קיינמאָל נישט געהאַט קיין חברה מיט דעם נאָמען „מחזיקי הדת״.

דריטנס, דער סטיל פון דעם כּלומרשטן אויפרוף. אַלע וואָס האָבן גע־קענט מעזריטש ווייסן גאַנץ גוט, אַז דווקא אין מעזריטש האָבן יידן נישט גע־

רעדט מיט רוסיפיציזמען. די שטאָט אזוי געווען א דורכאויס יידישע און רוסן זיינען דאָרט כמעט נישט געווען בנמצא. די ארומיקע גויים, האָבן גערעדט פּויליש אָדער אוקראַיניש. דער אויפרוף האָט, ממילא, צופיל רוסיפיציזמען, אז ער זאָל זיך צופּאסן צום מעזריטשער רעדנס־אַרט.

אויך ווען מען צעגלידערט דעם סטיל און אויסלייג פון דער „הודעה", זעט מען די קאָמישקייט פון דעם פאַלסיפיקאַט. הפנים, דער פאַרפאַסער פון דער הודעה האָט געוואָלט נאָכמאַכן א רבנישן אויפרוף אין זיין אויסלייג און סטיל, און עס איז ארויסגעקומען א פאַרזעעניש. אמאָל לייגט ער אויס די ווערטער מיט א יוד אָנשטאָט אן עין און אמאָל פאַרקערט; אמאָל שרייבט ער נאָך א יוד אָדער צוויי יודן מיט אן אלף צום סוף און אמאָל אָן אן אלף. דאָס וואָרט „איבערהויפּט" פּאַסט זיך כלל נישט אריין אין דעם סטיל און נאָך וויניקער די געגנזנפּיסלעך. דער כלומרשטער רב חיים זאַק, וועלכער האָט קוים געקענט אויסלייגן, האָט זיכער נישט געוווּסט פון אזא זאַך, ווי געגנזנפּיסלעך.

עס איז אָן שום ספק, אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט א פּאַשקוויל פון דעם נידעריקסטן מין און די קאָרעספּאָנדענץ איז שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן פון א יעווסעקישן שרייבער, וועלכער האָט אָנגעשריבן א בראָשור, אין וועל־כער ער באווייזט, אז די רבנים האָבן געדינט דער אָכראַנע.

איצט וועלן מיר זיך צוריקקערן צו דער צווייטער טייל פון דער אויבנ־דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז, אגב, אין בפירושער סתירה צום ערשטן טייל:

„גלייך נאָכן ערשטן מאַי, שרייבט מען אונדז פון מעזריטש, זיינען ביי אונדז פאָרגעקומען יידישע פאַרזאַמלונגען אין אלע בתי־מדרשים אונטער דער אָנפירונג פון דעם ציוניסטישן רעדנער גאָלדפאָרב (דאָס איז דער זעלבער לייזער בייניש גאָלדפאַרב, וועמען מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אונדזער קאַפּיטל „נאַציאָנאַלע באַוועגונג" — מ. ע.). ער האָט ארויפגעוואָרפן שמוץ און בלאָטע אויף דער יידישער אָרגאַניזאַציאָן („בונד" — מ. ע.) און האָט זי אָנגערופן מיט די שענדלעכסטע ווערטער. אלע יידישע צרות און די פּאָגראָמען שטאַמען כלומרשט פון איר. ער האָט געראָטן דעם עולם, אז ביי וועמען עס איז נאָר טייער דאָס יידנטום, זאָל זען מיט אלע מעגלעכקייטן ארויסצוגעבן זיינע נישט אָרנטלעכע קינדער דער פּאָליציי, און אויף אזא אופן אויסוואָרצלען דעם רע־וואָלוציאָנערן גייסט.

„די רעוואָלוציאָנערע ארבעטער האָבן אויפגעוואָרפן דעם ה' גאָלדפאָרב, וואָס ער האָט אזוי פיל באשמוצט, נישט געבנדיק זיי די מעגלעכקייט צו פּאַרטיי־דיקן זיך. מען האָט דעריבער איינגעשטימט צו מאַכן אין שול א דיספּוט צווישן די ציוניסטן מיט די ארבעטער.

„דעם 26סטן מאַי, האָבן זיך פאַרזאַמלט א מאַן 1.000 אין שול. ארום שול זיינען געשטאַנען א מאַן 3.000, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט אריין

(דאָס איז בכלל נישט ריכטיק, ווייל די מעזריטשער שול צוזאַמען מיט די עזרות־נשים האָבן, אָן ספק, געקענט אריינגעמען די 4.000 מענטשן — מ. ע.).
ה' גאָלדפארב האָט גערעדט וועגן דעם, צי קען דער סאָציאַליזמוס אויסגעפירט ווערן, וואָס ווען יידן פון דעם געניסן? אים האָבן געענטפערט צוויי ארבע־טער. איינער האָט גערעדט וועגן דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און וועגן סאָציאַליזמוס. ווי ער האָט נאָר געענדיקט, האָט מען פון פובליקום א געשריי געטאָן: „עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!" דאָס פובליקום האָט געענטפערט מיט א הילכיקן „הוראַ!"

„דער צווייטער ארבעטער האָט גערעדט וועגן די אורזאַכן פון נאַציאָנאַלן האַס; האָט באַוויזן, אז די שנאה צו יידן שטאַמט פון די זעלבע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פון וועלכע עס שטאַמען אויך די מלחמות פון אייראָפּע מיט כינע, פון ענגלאַנד מיט טראַנסוואַל. די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזמוס וועט מאַכן א סוף צו אַלע צרות, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג ברענגט מיט זיך, און דאַן וועט אויך נעמען א סוף צו די יידישע צרות.

„די ציוניסטן האָבן געקראָגן ספּאַזמעס, און האָבן נישט געקענט ענדיקן זייערע רעדעס. ווען איינער פון זיי האָט געענדיקט מיט די ווערטער „ובא לציון גואל במהרה בימינו אָמן", האָט קיינער קיין „אָמן" נישט געענטפערט.

„אין דער גאַנצער שטאָט האָט מען גערעדט וועגן דעם זיג פון די ארבע־טער איבער די ציוניסטן.

„נייע צייטן, נייע לידער! עס וועט נישט העלפן ר' חיים זאַק, דער רב פון מעזריטשער ק"ק, מיט זיינע יידישע שוטרים. עס קען אויך נישט העלפן דער זשאַנדאַרמסקער, וועלכער איז גלייך נאָך דער דיסקוסיאָן געקומען אין שול און האָט דעם 10טן אָקטאָבער ארעסטירט אין גאַס צוויי ארבעטער, עלנ־צווייג און ברענזילבער און געהאַלטן זיי 6 וואָכן פאַר די זעלבע דיסקוסיאָן".

די דאָזיקע טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ, איז דער שטאַרקסטער ארגו־מענט קעגן דעם אָנהייב פון דער זעלבער. קען ווער זיך גלויבן, אז אין איין־און דער זעלבער צייט זאָל מען רעדן וועגן עפּעס געהיימע פאַרזאַמלונגען און וועגן אומבאַקאַנטע מענטשן, וועלכע פירן אַראָפּ די יוגנט פון דרך הישר; מענטשן וואָס מען מוז אויפּדעקן —אַזוי האָט פאַרלאַנגט דער „מעזריטשער" רב חיים זאַק— און ער האָט געמוזט אַזש גרינדן א חברה פון טרעגער און פורמאַנעס צו נאָכשפּיאָנירן יענע חברהלייט, די בחורים און בתולות; און אין דער זעלבער צייט, טאַקע בנשימה אחת, ווערט דערציילט וועגן דער אָפענער דיסקוסיע אין שול, אין מקום־קדוש, צווישן די זעלבע פאַרשוינען —און זיי זייענען שוין טוויזנטער, די ארבעטער־רעוואָלוציאָנערן— מיט די ציוניסטן. האָבן זיי שוין גאָרנישט מורא געהאַט? און ווו איז געווען דער רב? פאַרוואָס האָט ער נישט פאַרבאָטן די פאַרזאַמלונג אין שול? איז ער דאָך געווען דער מרא־דאתרא? און ווו זיינען די טרעגער און אנדערע שטאַרקע יונגען? ווי אַזוי

האָבן זיי דאָס צוגעלאָזט צו אזא חילול־השם און נישט אויסגעפאָלגט דעם רבס ווילן, וועמענס „שוטרים" זיי זיינען געווען?

עפּעס גלויבט זיך נישט, אז דאָס איז סתם א פּאַרפירערישע קאָרעספּאָנ־דענץ. בין איך טאַק חושד, אז זי איז שטאַרק באַאַרבעט געוואָרן פון דער רע־דאַקציע גופא, כדי עס זאָל זיין וואָס מער פעטער און געזאַלצענער אויף ארויסצושטעלן א רב אין שוואַרצע פאַרבן און שטעמפּלען אים אלס אן אגענט פון דער אָכראַנע. אָט אזוי האָט מען געפעלשט געשיכטע, אין די אינטערעסן פון פּאַרטיי־פּאָליטיק.

## פּאַרטיי־קאַמפּן און געשלעגן

מיטן באַווייזן זיך אין שטאָט פון דער אַרבעטער־גרופּע פון די ס. ס. האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַרטיי־רייסעניש און ס'איז אפילו דערגאַנגען צו בלוטיקע געשלעגן. די דאָזיקע שטרייטן זיינען איבערהויפּט פאָרגעקומען אויפן געביט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס די ס. סאָוועצעס האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן אין מעזריטש, אין הסכם מיט דעם באַשלוס פון זייער פּאַרטיי.

אין „דער נייער וועג" *) לייענען מיר וועגן: „דער הריגה אין בוכשטעב־ליכן זין פון דעם וואָרט" וואָס איז פאָרגעקומען פון „איין טייל פּראָלעטאַ־ריער..."

„עס האָט זיך אָנגעהויבן, ווען אייניקע מענטשן (דער קאָרעספּאָנדענט זאָגט, אז דערווייל ווייסט מען נישט, ווער זיי זיינען און צו וועמען זיי גע־הערן) האָבן אטאַקירט א בונדישן אַרבעטער, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט אָנשליסן אין דעם שטעפּער־שטרייק, וואָס איז דערקלערט געוואָרן אין איין שטעפּעריי. דאָס האָט אויפגעבראַכט דעם „בונד" און זיינע חברים האָבן זיך צעטיילט אויף גרופּן און האָבן זיך געלאָזן איבער די הייזער צו די באַקאַנטע ס. סאָוועצעס און האָבן זיי שרעקלעך צעשלאָגן מיט שטיקער אייזנס. א פּאָטער פון א ס. סאָוויעץ, האָבן די חברים געשפּאָלטן דעם קאָפּ. מחמת מורא, האָבן פיל חברים נישט גענעכטיקט אין דער היים. וואָרום די בונדיסטן האָבן אין יענער נאַכט געמאַכט אן אונטערזוכונג ביי אַלע אונדזערע חברים. אויף צו מאָרגן אין דער פרי האָבן זיי אויך פיל פון אונדז אָפּגעהיט און געשלאָגן... עטלעכע ליגן נאָך קראַנק פון די קלעפּ, וואָס זיי האָבן באַקומען. מיט איין וואָרט: מיר האָבן איבערגעלעבט אן עכטן פּאָגראָם מיט אַלע קליפּערלעך, און ער האָט געווירקט אויף אונדז שווערער, ווייל איהם האָבן געמאַכט... מיטגלי־דער פון א סאָציאַל דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציאָן".

דער בונדישער אָרגאַן „די פאָלקסצייטונג" **) ברענגט גלייכצייטיק א

*) אָרגאַן פון ס. ס., ווילנע, 23סטער אָקטאָבער 1906, נומ. 38.
**) ווילנע, 11טער יאַנואַר, 1906.

דערציילנדיק — זיך פארשטייט און ענין און זעלבן דעם וועגן קאָרעספאָנדענץ דאָס געשעענע אויף א פארקערטן אופן. די קאָרעספאָנדענץ, איז געשריבן פון איינעם וואָס חתמעט זיך מיטן איניציאל ח. ער באקלאָגט זיך וועגן דעם ביל־בול וואָס מען האָט אויסגעטראַכט אויפן „בונד", ער זאָל האָבן געמאכט א פּאָגראָם אויף די ס. סאָוועס. ער לייקנט אָפּ דעם בילבול און דערציילט, אז צוליב איין שטעפער, וואָס איז א מיטגליד אין דער ס. ס. האָט זיין פארטיי געוואָלט ארויסרופן א שטרייק. היות אָבער ווי דער פאראיין איז גאָר א בונ־דישער, האָט ער נישט געוואָלט צושטימען צום שטרייק, אָן דער הסכמה פון דער אָרגאַניזאַציע. האָבן זיך די ס. סאָוועס געוואָרפן אויף די ארבעטער און געשלאָגן מיט שטעקנס אלס שטרייקברעכער. דער „בונד" האָט אינטערוועניר־נירט און האָט בלויז שלום געמאכט.

אָט אזוי, האָבן די ארבעטער־פארטייען געקעמפט פאר דער העגעמאָניע אויף דער יידישער גאס אין מעזריטש. דער דאָזיקער קאַמף צווישן די דאָזיקע צוויי פארטייען, איז אייגנטלעך נישט געווען פון די וויכטיקסטע. ווייל די ס. ס. האָבן זיך לאנג נישט געהאלטן. די אמתע פארטיי־רייסענישן האָבן זיך אָנגעפאנגען מיט יאָרן שפּעטער, אינעם פּעריאָד ווען פוילן איז געוואָרן א זעלבסטשטענדיקע מלוכה. אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן שפּעטער.

# דערציערישע, קולטורעלע און הילפס־אינסטיטוציעס

אונדז איז שוין אויסגעקומען פריער אונטערצושטרייכן, אז מעזריטש האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיין הויכן ניוואָ פון תורה און לומדות.

לויט אַלע װאַרשײנלעכקייטן, האָט מעזריטש געהאַט א ישיבה און א תלמוד־תורה — אויסער די פּריוואַטע חדרים — שוין אין די פריערסטע צייטן. דער ערשטער מעזריטשער רב, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער אַלטער שו״ת־ליטעראַטור, ר׳ צבי הירש ווילנער, איז צומערשט געוועזן ראש־מתיבתא אין מעזריטש. אַלס אַזעלכן, געפינען מיר אים טיטולירט פון דעם מהר״ם פון לובלין (זע: „דער בראשית פון מעזריטש״). ס׳איז אויך באַוווּסט, אז דער דובנער מגיד איז אַלס 18־יאָריקער בחור געקומען לערנען קיין מעזריטש. איז צו דרינגען פון דעם, אז מעזריטש איז געווען באַקאַנט אַלס מקום־תורה, וואָס האָט צוגעצויגן בחורים פון דער פרעמד, וועלכע זיינען געקומען דאָרט אהין לערנען.

אין „פּנקס־חברה־קדישא״ ווערט אויך דערמאָנט: „יום ה׳ ד׳ כסליו (תרי״ב) נפטר ראש־הישיבה״. מן הסתם, איז ער נישט געווען דער איינציקער ראש־ישיבה ביז דעמאָלט.

עס איז אויך אָנצונעמען, אז די ישיבה איז געווען פאַרבונדן מיט דער תלמוד־תורה, וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע פאַזן פון רעליגיעזן דערציאונג, פון דרדקי ביז דער העכסטער כיתה, ווו יונגעלייט האָבן שוין געלערנט פאַר זיך און בלויז געהערט שיעורים פון זייער ראש־ישיבה. א שטיקל באַווייז דערצו, געפינען מיר אין א צווייטער פאַרצייכעניש אין דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„ח׳ ימים בח׳ אדר שני נפטר ר׳ פנחס בר׳ שניאור שהי׳ ראש הישיבה בהת״ת שלנו בפה — אכט טאָג אין אדר שני איז נפטר געוואָרן ר׳ פנחס בר׳ שניאור ראש הישיבה אין דער היגער תלמוד־תורה״.

מיר זעען פון דעם ציטאַט, אז דער ראש פון דער תלמוד־תורה, איז אויך אָנגערופן געוואָרן ראש־ישיבה; איז דאָס מן הסתם געווען דערפאַר, ווייל ביידע אנשטאַלטן זיינען געווען פאַראייניקט און די ישיבה איז געווען א פאָרזעצונג פון דער תלמוד־תורה.

אין יאָר תרמ"ח (1888), ווען ס'איז אויפגענומען געוואָרן אין מעזריטש דער צענז פון די באַשעפטיקונגען, געפינען מיר אין דער סטאַטיסטיק נישט ווייניקער ווי 125 מלמדים, דאָס הייסט, ווען מיר זאָלן רעכענען, אַז אַרום 10 מלמדים זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער תלמוד־תורה, בלייבן נאָך אַלץ איבער 115 פּריוואַטע מלמדים, וועלכע האָבן זיך איינגעטיילט אין 4 קאַטעגאָריעס: דרדקי, חומש און התחלת־גמרא, גמרא מיט געקליבענע תוספות — ביז מיט אַלע תוספותן, און גמרא מיט מפרשים. אין דעם לעצטן סטאַדיום, פלעגן די תלמידים שוין אויך לערנען פאַר זיך און טיילמאָל אויך פּרוּוון עפּעס מחדש צו זיין. ביים דערגיין צום העכסטן שטאַפּל פון לימוד, האָבן טייל תלמידים זיך געגרייט צו פאָרן אין גרעסערע ישיבות, אָנגעפירטע פון באַרימטע ראשי־ישיבה.

לויט אונדזער אָפּשאַצונג, האָבן צו יענער צייט העכער פון 2.000 קינדער באַקומען זייער רעליגיעזע דערציאונג אין די פאַרשידענע חדרים.

פאַרהעלטנישמעסיק א סך קלענער, איז געווען די צאָל לערער, וואָס האָבן געלערנט וועלטלעכע לימודים און העברעאיש.

אין דעם אויבנדערמאָנטן צענז וועגן באַשעפטיקונג ביי יידן אין מעזריטש, געפינען מיר אויך א רובריק וועגן לערער און דאָרט ווערט אָנגעגעבן: „פּרעמדשפּראַכיקע לערער — 6, לערער פון לשון־עבר אָדער העברעאיש — 10". דאָס הייסט, אַז אויף 125 מלמדים, האָבן מיר בלויז 16 יידישע לערער, וואָס מאַכט אויס עפּעס אונטער 9 פּראָצענט. דאָס אָבער באַווייזט נאָך נישט, אַז די צאָל קינדער, וואָס האָבן געלערנט וועלטלעכע לימודים, זאָל אין דער אמתן האָבן געווען באַדייטנד קליין. מ'דאַרף דערביי נעמען אין אַכט צוויי מעגלעכע אומשטענדן: ערשטנס, דאָ רעדט זיך בלויז וועגן יידישע לערער; אין שטאָט האָבן זיך, אָן ספק, דעמאָלט אויך געדאַרפט געפינען רוסישע לערער, וועלכע האָבן געגעבן אונטערריכט אין די רייכע הייזער. צווייטנס, צווישן די אָרעמע קינדער, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס פון האָבן א פּריוואַטלערער, האָבן א סך זיך אַליין געלערנט, פיל מאָל מיט דער הילף פון די רייכערע קינדער, וואָס האָבן יאָ געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען פּריוואַטע בילדונג.

ס'איז אָנצונעמען, אַז דער פּראָצענט פון די וואָס האָבן פאַרמאָגט וועלטלעכע בילדונג אין שטאָט, האָט נישט געדאַרפט זיין קליינער, מכמה טעמים:

אַלס שטאָט, וואָס איז געשטאַנען אין געשעפטלעכער פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד און געהאַנדלט מיט פרעמד־שפּראַכיקע יידן אָדער נישט־יידן, איז די באַדערפעניש צו קענען שפּראַכן — אַמווייניקסטן דאָס עלעמענטאַרסטע — געווען א נויטווענדיקייט. יענע יידן, וואָס זיינען געפאָרן צו די לייפּציגער מעסעס און אַנדערע אויסלענדישע ירידים אָדער קיין טיף רוסלאַנד אין זייערע

געשעפטלעכע אַנגעלעגנהייטן, האָבן געמוזט כּמעט טיילווייז קענען רוסיש און דייטש; און פֿאַרמאָגן אַביסל ידיעות אין חשבון א. א. וו.

מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז מעזריטש האָט צו יענער צייט פֿאַרמאָגט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל משכּילים, וועלכע האָבן זיכער געהאַט וועלטלעכע בילדונג. שוין אין יאָר ה׳תקצ״ב, געפֿינען מיר איינפֿלוסן פֿון דער בערלינער השׂכּלה אין מעזריטש.

כאַראַקטעריסטיש וועגן דער השפּעה, איז דאָס וואָס מיין פֿאָטער דערציילט:

„איינמאָל איז ר׳ יעקל דוד בידערמאַן (דער שוין אונדז גוט באַקאַנטער מעזריטשער ראב״ד) איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ ברית וואָס באָרנשטיין (ס׳איז אונדז נישט קלאָר צי ער איז דער זעלבער ר׳ זעליג באָרנשטיין, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן צוליב דעם עלילת־דם אָדער זיינען אַ זון) האָט געמאַכט. ווען ר׳ יעקל דוד איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „כּ׳שפּיר דאָ אַ ריח פֿון טומאה״. האָט מען גלייך אָנגעהויבן צו נישטערן און זוכן, ביז מען האָט זיך געכאַפּט אַז דער ריח „טומאה״ שלאָגט פֿון משה מענדעלסאָנס „ביאור״.

פֿון דעם זעען מיר, אַז שוין אין יענע יאָרן האָט זיך אין מעזריטש פֿאַרוואַנדלט מענדעלסאָנס ספרים, צווישן די „השׂכּלה־ליטעראַטור״. און ס׳איז נישטאָ וואָס זיך צו וווּנדערן! מעזריטשער סוחרים, וואָס זיינען געפֿאָרן קיין לייפּציג, האָבן זיך דאָרט אָנגעשטויסן אויף די השׂכּלה־ספרים, וואָס זיינען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אויף דער מעסע צווישן די יידישע סוחרים. עס איז אַ באַקאַנטער פֿאַקט, אַז משה מענדעלסאָן אַליין פֿלעגט קומען צו די מעסעס פֿאַרקויפֿן זיינע חיבורים צו די יידישע סוחרים.

## די תלמוד־תורה און ישיבה

אין יאָר תרל״ו (1876) ווערט אין מעזריטש אונטערגענומען אַ וויכטיקער שריט, ריכטיקער געזאָגט, עס ווערן פּלאַנירט צוויי וויכטיקע פּראָיעקטן, איינער אַ סאָציאַלער און דער אַנדערער אַ דערציערישער. די דאָזיקע צוויי אויפֿטוען, האָבן אַזוי באַגייסטערט אַ מעזריטשער תּושב, וועלכער האָט געשטאַמט פֿון דעם דערבייאיקן שטעטל לוקאָוו, אַז ער האָט עס באַשריבן אין „הצפירה״, מיט דעם צוועק אויפֿצוּוועקן זיין געבוירנשטאָט פֿון איר לעטאַרגישן שלאָף און איר באַווירקן, אַז זי זאָל נאָכטאָן דעם ביישפּיל פֿון מעזריטש. אָט וואָס מיר לייענען אין דער קאָרעספּאָנדענץ אין דער „הצפירה״ פֿון כ״ו אדר תרל״ו:

„דורך דעם רחמנות וואָס גאָט האָט אויף זיין פֿאָלק, האָט ער אויפֿגעשטעלט פֿאַר זייערטוועגן געטרייע פּאַסטוכער אין יעדן דור, וואָס באַנוצן גייסט און פֿאַרשטייען צו באַטראַכטן יעדע זאַך מיט משפּט און צו פֿאַרבעסערן דעם

מצב פון אונדזער פאָלק, צו פארריכטן די איינברוכן און צו היילן זיינע ווונדן, צו שטארקן קני וואס ציטערן און קרעפטיקן שלאבעריקע הענט; און מיט זייערע כוחות טוען זיי העלפן די אָרעמע פון זייער שטאָט, כדי זיי אויפ־צושטעלן פון זייער געפאלנקייט; אָך, ווי שיין עס איז צו זען די שטאָט... ווי שיין איז זי מיט אירע ווענן פון צדקה, וואס האָבן געפונען א סטעזשקע צו די הערצער פון דעם רוב פון אירע איינוווינער און זי שטייגט איבער אירע שוועס־טער (דאָס הייסט, שטעט — מ. ע.) וואָס געפינען זיך ארום איר. אויך מיט אירע מעלות און גוטע מידות מיט וועלכע א וועלטלעכער ייד און א מענטש פון מאָראל מעג זיך גרויסן; און פון די גוטע זאכן, וואָס איך וועל דאָ פאָר־ברענגען פאר די לייענער, וועט איר ממילא משפטן וועגן די רעשט גוטע אייגנ־שאפטן פון אירע איינוווינער. זיי זיינען: דאָס גמילת־חסדים־הויז, וואָס באַ־צוועקט צו העלפן יעדן איינציקן צו באקומען א הלואה אָן פּראָצענט, און די תלמוד־תורה פאר אָרעמע צו לערנען מיט זיי תורה און דרך־ארץ, אַזוי זיי זאָלן נישט דארפן מער ארומלויפן פריי און טאָן וואס דאָס הארץ דיקטירט. און ווען איך טראכט וועגן די אייגנשאפט פון דער דאָזיקער שטאָט, זינט איך האָב זיך דאָרט באזעצט, פיל איך, ווי די קנאה פאר מיין געבורטשטאָט לוקאָוו פרעסט מיך אויף און די שאנד פון אירע שענדיקער פארדעקט מיך. די דאָזיקע שטאָט איז נאָענט פון דער שטאָט מעזריטש, פארוואָס זאָל זי זיך נישט אָפּ־לערנען נאָכצוטאָן איר ביישפּיל? געחתמעט, מרדכי עפשטיין".

א יאָר שפּעטער —ד' טבת תרל"ז— שרייבט ווידער א צווייטער קאָרעס־פּאָנדענט, וואָס חתמעט זיך ז. אין דער „הצפירה", וועלכעס באווייזט די ערנ־סטע באציאונג וואָס די שטאָט־מענטשן האָבן ארויסגעוויזן צו דער וויכטיקייט פון דעם דערציאונגס־פּראָבלעם:

„מעזריטש, כ"א כסליו. פון וואָך צו וואָך, ווען מיינע אויגן זעען אין דער טייערער צייטשריפט „הצפירה" בריוו פון קאָרעספּאָנדענטן פון יעדער שטאָט, וואָס באשיינען אין לויבן זייערע שטאָט־מענטשן צוליב זייער גוטהארציקייט, האָב איך געזאָגט, לאָמיר אויך דערשיינען אויף די שפּאלטן פון „הצפירה" צו באקאנט מאכן די ברייטהארציקייט פון א חשובן באלעבאָס אין אונדזער שטאָט, דאָס איז — דער גביר ר' שרגא פייבל דאגענשיין *). מיט פיל יאָרן צוריק איז דאָ געגרינדעט געוואָרן א חברה תלמוד־תורה, וועמענס אויפגאבע עס איז גע־ווען צו דינגען א הויז און אָנשטעלן מלמדים וועלכע זאָלן לערנען תורה מיט די אָרעמע קינדער פון אונדזער שטאָט... מערערע מאָל האָט מען זיך באמיט צו קויפן א הויז און ס'איז נישט געלונגען, צוליב דעם מאנגל אין געלט; איצט האָט דער אויבנדערמאָנטער אויסגעבויט א ניי הויז און ער האָט עס מקדיש געווען פאר דער תלמוד־תורה. פאָריקן שבת איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית מיט גרויס שיינקייט און פראכט. אלע חשובים פון אונדזער שטאָט האָבן זיך דאָרט פארזאמלט אין געדאַווענט. די אייבנערופענע צו דער תורה, האָבן מנדב

*) איינער פון די דריי הויפּט־מיטגלידער פון דער קהילה־פּראַוואַלטונג.

געווען פאר דעם צוועק און דער רב האָט געהאַלטן אַ שיינע דרשה לכבוד דעם וויכטיקן ענין און געלויבט דעם ר׳ שרגא פייבל, וועלכער פאַרדינט טאַקע דעם לויב״.

דער דאָזיקער בנין, איז באמת געווען אַ שיינער. די צימערן זיינען געווען גרויס און רחבותדיק מיט אַ סך פענצטער, וואָס האָבן זיי פאַרליכטן און אויך די בענק און די טישן זיינען געווען פיינע. אחוץ דעם אַלגעמיינעם בנין פון צוויי שטאָק, איז אויך געווען נאָך אַ פליגל, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון איין שטאָק — אַ פּאַרטער מיט גרויסע צימערן, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען אין אַ גרויסן הויף, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן פּאַרקאַן, אַזוי, אַז דער בנין איז געווען פולשטענדיק אָפּגעשלאָסן פון דער גאַס. בעת די הפסקות, האָבן די תלמידים דיספּאָנירט מיט דעם גרויסן הויף, ווו זיי האָבן פריי געקענט זיך שפּילן.

ווי געזאָגט, איז די תלמוד־תורה געווען נישט סתם אַזוי אַ תלמוד־תורה, וואָס האָט, געוויינלעך, געדאַרפט בלויז דינען דעם צוועק פון תורה־לערנען און איז, אין מיינסטנפאַל, געווען אָפּגעלאָזן און אָן השגחה. די נייע תלמוד־תורה, איז געוואָרן אוועקגעשטעלט מיט אַ דאָפּלטן צוועק — נישט נאָר צו דערציען די אָרעמע קינדער, נאָר זיי אויך לייסטן אַביסל וועלטלעכע בילדונג, און דערפאַר האָט מען טאַקע די תלמוד־תורה גערופן „ת״ת עם דרך ארץ״.

אויף וויפל די תלמוד־תורה האָט דערפילט איר אויפגאַבע פון געבן וועלטלעכע בילדונג די קינדער פון יענעם דור — בלייבט אַ פראַגע־צייכן. כאָטש אין יענער צייט, האָט שוין מעזריטש פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל משכילים און אין שטאָט האָט מען געעפנט ספּעציעלע קורסן פאַר תנ״ך, ווו מען האָט געלערנט לויט דעם מאָדערנעם שטייגער מיט אַ געמיש פון קריטיק און שפּראַכלעכער פאָרשונג. דאָך, איז די תלמוד־תורה —ווי עס איז לייכט צו זען— נישט געוואָרן באַלד דער מאָדערנער לערן־אַנשטאַלט. ערשט אין די תר״ן׳ס ווערט געמאַכט אַ נייער פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען די תלמוד־תורה אין אַן אמתן לערן־אַנשטאַלט, ווו וועלטלעכע בילדונג (פאַרשטייט זיך, גאַנץ עלעמענטאַרע) זאָלן ווערן אָבליגאַטאָריש. אויך אין דעם פאַל, שטייען אונטער דעם דאָזיקן איניציאַטיוו די שיינע באַלעבאַטים, לומדים און משכיליש־געשטימטע עלעמענטן. מיר געפינען שוין אין דער פירערשאַפט אַזאַ ייד ווי ר׳ שמעון בערמינץ, דער גרינדער און אייגנטימער פון דער האַנדלס־באַנק און אַ גרויסער משכיל. די עסקנים פון דער תלמוד־תורה האָבן גלייכצייטיק זיך געשטעלט די אויפגאַבע אוועקצושטעלן דעם אַנשטאַלט אויף דער שטופע, אַז ער זאָל אויך זיין פּאַסנד פאַר די רייכערע באַלעבאַטישע קינדער. איז דאָס געווען אַ געוואַגטע און באַדייטנדיקע איניציאַטיווע. אָבער, ווי עס שיינט, האָט זיך דער דאָזיקער פּרוּוו נישט איינגעגעבן.

פאַרוואָס די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים האָבן דאָך ווייטער נישט געשיקט

זייערע קינדער אין דער תלמוד־תורה, איז נישט קלאָר. מעגלעך, אַז זיי האָבן געהאַלטן פון דער מער־ווירקזאַמקייט פון די פּריוואַטע מלמדים און פּריוואַטע לערער פאַר זייערע קינדער. מיטן אויסנאַם פון די אויבערשטע צוויי קלאַסן, וועלכע האָבן שוין געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ ישיבה — וווּהין די באַלע־באַטים פלעגן יאָ שיקן זייערע קינדער — איז די תלמוד־תורה פאַרבליבן דער לערן־אָרט פאַר די אָרעמע, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו צאָלן שכר־לימוד און דאַרט געשיקט זייערע קינדער.

די עסקנים (דער שרייבער פון די שורות האָט נאָך אַ טייל פון זיי גע־קענט), וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער תלמוד־תורה ביזן יאָר 1916, זיי־נען בדרך־כלל, געווען פון דעם טיפּ יידן, וואָס האָבן קודם־כל זיך געזאָרגט פאַר דעם וווילזיין פון די קינדער; מען האָט די קינדער באַשיכט און באַ־קליידט; אָבער, זיי האָבן שוין נישט פאַרמאָגט די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַר דער דערציאונג פון די קינדער. כאָטש די זעלבע פרומע יידן האָבן זייערע אייגענע קינדער געגעבן מער־ווייניקער אַ וועלטלעכע דערציאונג, האָבן זיי פונדעסטוועגן די אָרעמע קינדער געוואָלט דערציען אויף דעם זעלבן שטייגער, ווי מ'האָט דאָס פּראַקטיצירט מיט 50 אָדער גאָר מיט 100 יאָר צוריק.

ערשט אין יאָר 1916, איז אין לערן־סיסטעם פון דער תלמוד־תורה געקו־מען צו אַן ענדערונג; און די באַנייאונג איז קודם־כל געווען פון פּראַקטישן אינהאַלט. ביז דעמאָלט, איז דער גאַנצער סדר־הלימוד געווען אַ כאַאָטישער און אַלץ האָט זיך געוואָנדן אינעם מלמד. איז דער מלמד געווען אַ פעאיקער און געוויסנהאַפטער, האָט ער געזוכט איינצופלאַנצן די לימודים אין די מוחות פון די קינדער און די בעסערע תלמידים האָבן אויך באַוויזן צו שטייגן העכער, אַלא נישט, האָט עס אויך קיינעם נישט געקימערט. אַזוי ווי אַלץ האָט זיך גע־פירט אָן שום סיסטעם, זיינען דאָס רוב קלאַסן — אויסער די צוויי העכסטע — כמעט געווען סדרלאָז. גאַנץ ספּעציעל די נידעריקע קלאַסן, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעזערוואַט פאַר קינדער, וועלכע זייערע מאַמעס האָבן דאָרט איבערגעלאָזט, כדי צו קענען גיין צו זייערע באַשעפטיקונגען מיט אַ רואיקן קאָפּ און זיך באַפרייען פון דער זאָרג פאַר זייערע קינדער.

דער בייט אין דעם אופן פון דער פירונג אין דער תלמוד־תורה, וואָס איז שפּעטער דערגאַנגען ביז צו ראַדיקאַלע רעפאָרמען, האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן קומען צו גאַסט פון ארץ־ישראל, אויף צו באַזוכן זיינע עלטערן, פון ר' יעקב יצחק וואַכטפויגל (איצט רב פון שכונת מאה־שערים אין ירושלים). אַזוי ווי די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אים פאַרכאַפּט, איז ער פאַרבליבן דעמאָלט אין שטאָט. צוזאַמען מיט זיין נאָענטן ידיד ר' ברוך מאיר ראָזענבלום ז"ל — אַ ייד אַ למדן, אַ פרומער און גלייכצייטיק אַ מסירת־נפשדיקער ציוניסט — האָבן זיי באַשלאָסן ביי זיך, אַז מען טאָר נישט ווייטער לאָזן די תלמוד־תורה אין דעם קלעגלעכן צושטאַנד, אין וועלכער זי געפינט זיך. וועגן ראַדיקאַלע רע־

פאָרמען איז געווען צו פרי צו רעדן. האָבן זיי מיט דער הילף פון אַנדערע לומדים, מיט אַ מאָדערנעם צוגאַנג צו דערציאונג, קודם־כל אָנגעהויבן איינ־פירן אָרדענונג אינעם סדר פון די לימודים. לויט דעם נייעם סיסטעם, האָט דער אלף־בית־קלאַס געדאַרפט זיין אַ שטאַפּל פאַר די ווייטערדיקע קלאַסן און דער העכסטער גראַד, האָט טאַקע געדאַרפט אַרויסלאָזן לומדים.

דער פעריאָד, האָט צו פאַרצייכענען אַ בלי־צייט פאַר דער תלמוד־תורה. עלטערן, וועלכע האָבן געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן קענען לערנען, האָבן איצט געהן געשיקט זייערע קינדער אין דער תלמוד־תורה. די אַלטע עסקנים, זיינען ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן געוואָרן און פאַרלוירן די השפּעה. נאַטיר־לעך, איז דאָס נישט געווען אָן קאַמף און נאָכדעם ווי ס׳איז פאָרגעקומען אַל־געמיינע וואַלן. די שטאָט, די באַלעבאַטים, האָבן זיך איצט אַרומגעזען, אַז די תלמוד־תורה איז געוואָרן אַן אמתער דערציערישער אַנשטאַלט מיט דערפאָלג.

דער איינפלוס פון ר׳ יעקב (אָדער ווי מען האָט אים גערופן: ר׳ יאַנקל) וואַכטפויגל, וועלכער האָט אויך צוגעצייגן צו דער אַרבעט דעם מעזריטשער למדן און משכיל, וואָס איז אַזוי פּאָפּולער גערופן געוואָרן — וואָווע פּערלמאַן (ער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ נפתלי ראַדינער און אַ תלמיד פון דעם וועלט־באַרימטן גאון און געלערנטן, ר׳ חיים העלער, ווען ער האָט אָנגעפירט מיט זיין רבנים־סעמינאַר אין בערלין אין די צוואַנציקער יאָרן. נאָכדעם איז ער געווען רב אין מאָטעלע און אין איוויע. ער איז אומגעקומען פון די נאַצים הי״ד) און אַנדערע עסקנים אויף די תלמידים, איז געווען אַ געוואַלטיקער. נישט נאָר וואָס די נייע מעטאָדן האָבן געווירקט אויף זייער לומדות, נאָר זיי זיינען אויך באַאיינפלוסט געוואָרן פון די ציוניסטישע אידייען פון די דאָזיקע רבנים און מדריכים, וועלכע האָבן אין זיי איינגעפלאַנצט די ליבע צו ארץ־ישראל, אַ פאַרשטענדעניש פאַר רעליגיעז־ציוניסטישע פּראָבלעמען, אַ באַצי־אונג צו דער העברעאישער שפּראַך און בכלל זיי געגעבן אַ מער מאָדערנעם בליק אויפן לעבן.

די דאָזיקע נייע אַטמאָספערע, וואָס האָט באַהערשט סיי די עלטערן און סיי די תלמידים, האָט די תלמוד־תורה געשטופּט אַלץ מער אין דער ריכטונג, וואָס איז געווען אין גייסט פון דער צייט — אויפן וועג פון „תלמוד־תורה עם דרך־ארץ״— תורה מיט וועלטלעכקייט. דאָס האָט גורם געווען, אַז אַרום דער תלמוד־תורה זאָל אויסברעכן אַן אמתער געראַנגל.

דער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע איבער דער תלמוד־תורה, האָט זיך אָפּ־געשפּילט ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די גאַנצע שטאָט איז דאַן געגאַנגען כּאָדראַם אַרום דעם ענין. די אַמאָליקע טוער און צוזאַמען מיט זיי אַלע צוריקגעשטאַנענע עלעמענטן, אַלע קעגנער פון ציוניזם — סיי פון די מתנגדים און סיי פון די חסידים (איןביידע לאַגערן זיינען זיי גראָד געווען נישט גרויס אין צאָל) — האָבן זיך פאַרלייגט „אָפּצוראַטעווען״ די תלמיד־

תורה פון איר נייער ריכטונג; זיי האָבן זי נאָך אַלץ באַטראַכט ווי זייערס אַן אייגנטום און אַ פּאָזיציע, וועלכע זיי האָבן נישט געוואָלט אויפגעבן. אָבער, די אַלגעמיינע פּאַרזאַמלונג, וואָס איז דאַן פאַררופן געוואָרן און איז געוואָרן באַהערשט פונעם לאָזונג: „כבוש התלמוד־תורה" — האָט געזיגט. סיי משכילים און סיי פרומע יידן, וואָס האָבן אָבער געהאַט אַ ברייטערן בליק אויף וועלט־ענינים און זיך גערעכנט מיט דער דעמאָלטיקער סיטואַציע — די ראַדיקאַל־פּאָליטישע ענדערונגען, דאָס אַנטשטיין פון אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, די באַלפור־דעקלאַראַציע, די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן אין כמעט גאַנץ אייראָפּע — האָבן געשטימט פאַר דער נייער ריכטונג אין דער תלמוד־תורה.

די וויכטיקסטע פירער אין דעם דעמאָלטיקן קאַמף זיינען געווען, ווי געזאָגט, ר' ברוך מאיר ראָזענבלום, ר' יעקב וואַכפויגל, ר' וואָווע פּערלמאַן, הירש חיים ראָזענצווייג א. א. און די תלמידים מובהקים, וואָס ר' יעקב וואַכטפויגל האָט שוין באַוויזן אין משך פון די יאָרן אויפצושטעלן, צווישן וועלכע אויך דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם גרויסן כבוד צו געהערן.

די תלמוד־תורה איז גלייך רעאָרגאַניזירט געוואָרן און זי איז אפשר געווען די ערשטע, אויב נישט די איינציקע, וועלכע האָט גלייך איינגעפירט די שיטה פון עברית בעברית (אויסער אין גמרא) און האָט אָנגעשטעלט אַ צאָל מאָדערנע לערער און גלייכצייטיק רעליגיעזע. און ווען עס איז אַרויס אין פּוילן דער געזעץ פון צוואַנג־שול, איז די תלמוד־תורה אָנערקענט געוואָרן אַלס עלעמענטאַר־שול, מיט די זעלבע רעכט פון אַנדערע מאָדערנע שולעס. די תלמוד־תורה איז באמת געווען אַ צענטער פון תורה און יידישקייט און ביז איר אונטערגאַנג — צוזאַמען מיט דער פאַרלענדונג פון דער מעזריטשער קהילה — האָט זי אַרויסגעגעבן תלמידים, וואָס זיינען געווען אויסגעצייכנטע העברעער און די בעסטע תלמידים אין די העכערע תורה־אַנשטאַלטן, צי דאָס איז געווען דער באַרימטער רבנים־סעמינאַר „תחכמוני" אין וואַרשע, צי אין די באַרימטע ישיבות פון קלעצק, באַראַנאָוויטש, מיר, ראַדין, און אַנדערע ישיבות; מעזריטשער תלמידים האָבן געהאַט אַ שם אַלס לומדים אומעטום. דאָס אַלץ איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער כמעט רעוואָלוציאָנערער ענדערונג, וואָס ר' יעקב וואַכטפויגל און זיינע חברים האָבן אַריינגעבראַכט אין דער תלמוד־תורה און זייער גייסטיקע ווירקונג אויף די תלמידים.

אחוץ דער תלמוד־תורה, וואָס האָט אַזוי גלענצנדיק — ספּעציעל אין די לעצטע יאָרן — דערפילט איר מיסיע אויפן געביט פון רעליגיעזן חינוך, איז מעזריטש געווען באַרימט אַלס מקום־תורה. אפילו אין דער צייט ווען מעזריטש האָט נישט פאַרמאָגט קיין ספּעציעלע ישיבה פאַר דערוואַקסענע יונגעלייט און מעזריטשער בחורים פלעגן זיך אַליין אַוועקלאָזן לערנען אין די באַרימטע ישיבות פון וואָלאָזשין, טעלז, סלאָבאָדקע, ראַדין, מיר א. א., פלעגן גאַנץ אָפט קומען קיין מעזריטש יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין איינעם פון די

בתי־מדרשים פון שטאָט, ספּעציעל אין גרויסן בית־המדרש, וואָס איז פון פאַר־טאָג ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעהן געווען באַזעצט פון הונדערטער יידן, וועלכע האָבן געלערנט תורה סיי אליין, סיי מיט א חבר אָדער גאָר אלס חבר פון א חברה — צי איז דאָס געווען חברה ש"ס אָדער משניות, שולחן־ערוך אָדער מנורת־המאור, עין־יעקב צי מדרש. דאָס זעלבע איז געשען אין ר' סנדר'ס בית־המדרש און אפילו אין בעל־עגלהשן בית־המדרש, ווו ס'האָבן זיך אויך געפונען א סך ספרים, ספּעציעל לומדישע; און אזוי איז אויך געווען אין דעם מעזריטשער־שטיבל, ווו עס זיינען געזעסן חסידישע יונגעלייט און גע־לערנט. די אָנגעפּאַרענע פלעגן זיצן און לערנען, און די בית־המדרש־מענטשן אָדער חסידים, פלעגן באַזאָרגן די יונגעלייט מיט עסן, א פּלאַץ צום שלאָפן און אפילו קעשענע־געלט.

אין די יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג, איז געמאַכט געוואָרן א פּרוּוו צו באַנייען די אַמאָליקע ישיבה. אין 1913 האָבן מעזריטשער בעלי־בתים, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען ר' ברוך מאיר ראָזענבלום, אָרגאַניזירט א קיבוץ פון יונגעלייט. מען האָט אויסגעקליבן די בעסערע לערנער פון בריסקער משמר און אנדערע ישיבות און מען האָט זיי באַזעצט אין גרויסן בית־המדרש און דערמיט באַנייט די ישיבה. מעזריטש איז גיך געוואָרן באַקאַנט אלס שטאָט ווו בחורים וואָס ווילן זיצן און לערנען, קענען געפינען א פּאַסיקן פּלאַץ. מיט צוויי זאַכן האָט זיך אונטערשיידט מעזריטש פון די אנדערע ישיבות: איינס, מעזריטש האָט נישט אַרויסגעשיקט קיין משולחים צו שנאָרן געלט פאַר איר ישיבה; זי האָט אליין אויסגעהאַלטן דעם קיבוץ; די לומדים און על־טערע בחורים האָט מען איינגעקוואַרטירט „אויף סטאַנציעס" און מען האָט זיי געצאָלט וואָכנגעלט, פון וואָס זיי האָבן זיך אליין אויסגעהאַלטן. די יינגערע בחורים, ווידער, האָט מען איינגעאָרדנט דורך צעטיילן זיי צווישן די שטאָט בעלי־בתים; א טייל האָבן געגעבן א טאָג אין דער וואָך פאַר א ישיבה־בחור און אנדערע בעלי־בתים, צוויי און אפילו מער טעג אין דער וואָך. ס'איז, דוכט זיך, נישט געווען קיין איין הויז, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט די ישיבה־בחורים, און נאָך א זאַך: עס איז נישט געווען קיין ישיבה מיט מלמדים און ראשי־ישיבות ווי איבעראַל. די בחורים האָבן געלערנט פאַר זיך אליין אָדער מיט חברים, ווייל ס'רוב פון זיי זיינען געווען אזעלכע וואָס האָבן נישט באַ־דאַרפט מער קיין ראשי־ישיבות. דער מעזריטשער רב, ר' נחמן שאַפּיראָ, פלעגט אָבער איינמאָל אין וואָך זאָגן א שיעור פאַר די גרויסע בחורים.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז זיך דער קיבוץ צעפאַלן. די יונגעלייט זיינען זיך צעפאָרן און דער קול־תורה אין שטאָט איז געוואָרן פאַרקלענערט. ערשט מיט פינף יאָר שפּעטער — אין 1919 — ווערט געמאַכט א פרישער פּרוּוו. עס ווערט געעפנט א נייער קיבוץ פון די בחורים אין מעזריטש, וועלכע האָבן פריער געלערנט ביי ר' יעקב וואַכטפויגל. מעזריטשער לומדים

מיט ר׳ וואָווע פערלמאַן אין שפּיץ זאָגן פאַר זיי שעורים. די דאָזיקע לאָקאַלע ישיבה ווערט, אגב, אָנגעפירט און פאַרוואַלטעט פון די תלמידים אַליין. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין ערנסטער פּרווו אויף אויפצושטעלן אַ ישיבה ממש. די אַלע תלמידים פון קיבוץ, וואָס זיינען אַמאָיינסטן געווען לאַנג־יאָריקע חברים, האָבן זיך ארומגעטראָגן מיט פּלענער, וואָס האָט זיי געשטויסן אויף ברייטערע שליאַכן. זיי האָבן געגאַרט צו פאַראייניקן די אַלטע און מאָדערנע וועלט, געפינען אַ סינטעז צווישן ביידע וועלטן פון שם און יפת, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען דער מזרחי־רבנים־סעמינאַר „תחכמוני” אין וואַרשע האָט זיך געעפנט, זיינען כמעט אַלע געוואָרן זיינע שילער, ווו זיי האָבן זיך, אגב, אויך אויסגעצייכנט מיט זייער התמדה און לומדות. פון דער גרופּע זייענען, נאָכן ענדיקן דעם סעמינאַר, אַ סך אַפּגעפאָרן קיין אויסלאַנד, ווו זיי האָבן ממשיך געווען זייערע שטודיומס, אַנדערע זיינען געוואָרן רבנים און פאַרנומען הויכע שטעלעס, און אַ טייל פון זיי זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל און דאָרט פאַרנומען וויכטיקע אַמטן.

דער עצם־געדאַנק פון אַ ישיבה אין מעזריטש, האָט אָבער אָנגעהאַלטן. דאָס האָט זיך רעאַליזירט אביסל שפּעטער, נאָכן אויפקום פון פּוילן אַלס מלוכה. די נאָוואָרדאָקער ישיבה „בית־יוסף”, וועלכע האָט נאָך מיט פיל יאָרן צוריק געוואָרפן אַן אויג אויף מעזריטש (זייער גרינדער, ר׳ יוזיל, איז צוליב דעם געקומען קיין מעזריטש), האָט זיך באַזעצט אין מעזריטש און איז צוזאַמען מיט ביאַליסטאָק געוואָרן דער הויפּט־צענטער פון די נאָוואָרדאָקער מוסר־ישיבות, וואָס האָבן זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט אין פּוילן. די דאָזיקע ישיבה האָט שטאַרק מצליח געווען און געפונען אַ סך שטיצע אין מעזריטש, וואָס איז פון תמיד אָן געווען אי אַ צדקה־שטאָט און אי אַ שטאָט וואָס האָט סתם ליב געהאַט תורה. די שטאָט האָט אויך פיל בייגעשטייערט פאַרן אויסבויען דעם ספּעציעלן בנין פאַר דער ישיבה. דער חורבן־מעזריטש האָט אויך געמאַכט אַ סוף צו דער ישיבה. זי איז צוזאַמען מיט דעם פּוילישן יידנטום אונטערגעגאַנגען. דער איינציקער טרייסט איז אין דעם פאַקט, וואָס אַ באַדייטנדיקער טייל פון די תלמידים פון דער ישיבה האָבן פאַר דער מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיינען דאָרט געוואָרן די פּיאָנערן פון די נאָוואָראָדאָקער מוסר־ישיבות.

## דערציאונגס־אַנשטאַלטן

אויסער דעם תורה־חינוך, האָט מעזריטש אויך געהאַט צו פאַרצייכענען אַנשטאַלטן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט נאַציאָנאַלער דערציאונג. באַאיינפלוסט פון נאַציאָנאַלע אידייען, וואָס האָבן באַהערש מעזריטש, גאַנץ ספּעציעל מיט דעם אַנטשטיין פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז אויך געקומען דער

פארלאנג צו געבן א יידיש נאציאָנאלע דערציאונג דער יוגנט. אין מעזריטש עפענען זיך דאן צוויי מיידל־שולעס, וואָס ווערן שוין נישט געפירט ווי חדרים. מ׳לערנט די מיידלעך העברעאיש און אנדערע קעגנשטאנדן, ספּעציעל עלעמענטארע. זייערע גרינדער און אָנפירער, זיינען געווען בוליע גלוזשניידער און הערש חיים גרינבערג. דאָרט זיינען געוואָרן געשיקט באזונדערס בעלי־בתישע קינדער. אין דער זעלבער צייט, אין אָנהייב פון דעם 20סטן יאָרהונדערט, עפנט זיך אין מעזריטש דער ערשטער חדר־מתוקן. זיין גרינדער איז א זון פון דעם אויבנדערמאָנטן הערש חיים — וואָלף גרינבערג. דאָ ווערט שוין אלץ געלערנט אין עברית בעברית. די לערן־ביכער זיינען שוין מאָדערנע, עס לערנען יינגלעך מיט מיידלעך צוזאמען און אין דער גאס, ווו די שולע געפינט זיך, הערט מען זינגען נאציאָנאל־העברעאישע לידער און די שילער רעדן צווישן זיך העברעאיש. נאטירלעך, קוקן פרומע יידן קרום אויף דער דאָזיקער שולע, וועמענס לערערס עס זיינען נישט קיין שטארק מדקדקי במצוות און עס שמעקט מיט פּאָזיטיווער וועלטלעכקייט און ציוניזם. זיי האָבן פארשטאנען, אז פון אזא חדר־מתוקן (פרומע פלעגן עס רופן חדר־מסוכן — וואָס מיינט געפערלעך), וועלן נישט ארויסקומען קיין פרומע ווייבער, וואָס זאָלן לייענען דעם טייטש־חומש און פרומע מענער, וואָס זאָלן לויפן כאפּן א ברכו און קדושה. דער רוב פון די פרומע יידן האָבן טאקע געזוכט צו ווייכן די שולע. אין 1911 הערט אויף די דאָזיקע שולע צו עקזיסטירן; זי ווערט פארוואנדלט אין א מיידלשער פּראָגימנאזיע, וואָס ווערט געגרינדעט פון מאדאם אננא (גערופן אנושקא) אדלער. זי איז געווען די פרוי פון דעם פּאָפּולערן דענטיסט שעפּקע אדלער; ביידע זיינען געווען מעזריטשער. זי האָט געהייסן בראָמבערג פון דער היים. די דאָזיקע שולע, כאָטש א רוסישע, האָט אָבער אָנגענומען א ברייטן העברעאישן פּראָגראם און די שילערינס האָבן, כמעט אלע, געהאט ברייטע ידיעות אין העברעאיש, ווייל זיי זיינען אין מייסנסטן טייל געווען פריער שילערינס אין גרינבערגס שולע. גרינבערג אליין איז געווען דער דירעקטאָר פון די העברעאישע לימודים. די פּראָ־גימנאזיע איז אזוי ארום, בעצם, געווען א נאציאָנאלער יידישער לערן־אנשטאלט און איז געוואָרן די פעסטונג פון א יידישער נאציאָנאלער מיידלשער יוגנט, וואָס האָט זיך נישט געשעמט מיט יידיש און יידישקייט, כאָטש מען האָט אין דער שולע נישט געלערנט קיין יידישקייט אין דעם רעליגיעזן זין. נישט נאָר האָט די יידישע סביבה פון מעזריטש און די היימען פון די שולעלטערן, וואָס זיינען אין רוב געווען רעליגיעזע, געווירקט אויף די שילער זיי זאָלן זיך נישט רוסיציפירן ביז אסימילאציע, נאָר דער גייסט פון העברעאיש— וואָס איז געווען באהויכט פון א שטארקן ציוניסטישן גייסט— האָט געווירקט אז די שילערינס זאָלן זיין אין גרונט נאציאָנאל־באוווסטזיניק.

פון וואָלף גרינבערגס שולע, איז שפּעטער געפאָרן איינער לערנען אין דער נאָר־וואָס געגרינדעטע ערשטע העברעאישע גימנאזיע „הרצליה" אין תל־

אביב (דעמאָלט יפו), וואָס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רושם אין שטאָט. דאָס איז געווען יוסף יאַווערבוים, אַ זון פון דעם רעליגיעזן ייד און איינער פון די פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין מעזריטש — ר׳ שמואל יאַווער־בוים.

## קולטור־טעטיקייט

האַנט ביי האַנט מיט דער העברעאישער נאַציאָנאַלער דערציִאונג, איז אויך געגאַנגען די קולטורעלע טעטיקייט, ספּעציעל פון די אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס.

מעזריטש האָט געהאַט אַ גרויסע אַרבעטער־מאַסע. זי איז געקומען, ווי עס איז פאַרשטענדלעך, פון נישט פאַרמעגלעכע עלטערן. שוין אין די גאַנץ יונגע יאָרן האָט מען זיי געשיקט אַרבעטן אין די פאַבריקן. דאָס ביסל תורה וואָס זיי האָבן געהאַט צייט אויסצולערנען זיך אין חדר צי אין דער תלמוד־תורה, איז געווען זייער קנאַפּ (אוודאי איז געווען אויך אַ מינדערהייט צווישן זיי, וואָס האָט זיך געלערנט און זיי זיינען געוואָרן גרויסע לומדים און רבנים. אַנדערע האָבן זיך אויך געלערנט וועלטלעכע לימודים). די דאָזיקע האָרעפּאַש־נע קינדער האָבן שנעל פאַרגעסן דאָס ביסל תורה וואָס זיי האָבן געלערנט. פון מיידלעך, פון די דאָזיקע שיכטן, איז דאָך אודאי אָפּגערעדט, אַז זיי זיינען געווען אָן שום בילדונג, אפילו רעליגיעזע. צוזאַמען מיט די נייע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין דער יידישער גאַס, און ס׳האָבן זיך אויספאָרמירט די רעוואָלוציאָנערע און פרייהייטס־באַוועגונגען, האָט זיך אין די קרייזן אָנ־געהויבן אַ באַוועגונג אויסצובילדן די מאַסן. אין אָנהויב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווערן אין מעזריטש געעפנט ספּעציעלע אָוונט־קורסן אין יידיש, וואָס באַצוועקן צו באַקענען די אַרבעטער־מאַסן קודם־כל מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור און דורך איר אַריינפירן זיי אין דער ברייטער וועלט מיט אירע פּראָבלעמען, ספּעציעל אַרבעטער־פּראָבלעמען. אין שייכות מיט דעם, האָט מען אָפט איינגעלאַדן קיין מעזריטש פאַרשידענע יידישע שרייבער, צווישן זיי אויך פּרצן, צו האַלטן פאָרטראַגן און פאָרלעזונגען.

צווישן די קולטור־אינסטיטוציעס, דאַרף ספּעציעל פאַרצייכנט ווערן די יידישע ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן פון העברעאישע משכילים, גרויסע פאַרערער פון דעם באַרימטן העברעאישן שרייבער און רע־דאַקטאָר פון „המליץ" — צעדערבוים. די ביבליאָטעק האָט טאַקע געטראָגן זיין נאָמען „אר"ז" (די ראשי תיבות פון זיין נאָמען אַלעקסאַנדער צעדערבוים, און אויך זיין פאַמיליע־נאָמען, ווייל ארז איז דער טייטש צעדערבוים). זי האָט אויך געהייסן „נהריים" („נהריים", ווידער, איז אַן איבערזעצונג פון דעם נאָ־מען מעזריטש, סיי אין פּויליש און סיי אין רוסיש — וואָס מיינט צווישן טייכן.

ווייל מעזריטש ליגט צווישן צוויי טייכן: טלוסק און קזשנא). די ביבליאָטעק וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין תרנ"ג — 1893, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט בלויז אויף העברעאיש. זי האָט אויך אריינגענומען אַלע יידישע ביכער און אויך רוסישע און אפילו אנדערע, פּרעמדשפּראַכיקע ביכער. די ביבליאָטעק איז מיט דער צייט געוואָרן א צענטער פון גרויסן באַדייט פאַר די מאַסן און, ממילא, א טרעף־פּונקט צווישן זיי און דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט געזוכט צו באַאיינפלוסן די מאַסן.

---

עס איז אויך געמאַכט געוואָרן א צווייטער שריט, א פיר אָדער פינף יאָר פאַר דעם אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, אין דער ריכטונג פון בילדן די מאַסן: א גרופּע אינטעליגענטן און מעצענאַטן האָבן געעפנט א לייען־זאַל.

צו דער קולטורעלער טעטיקייט דאַרף מען אויך צורעכענען דעם טעאַטער און דעם לאָקאַלן אָרקעסטער. מעזריטש איז פון תמיד אָן געווען איינע פון די בעסטע שטיק־פּינקטן פאַר דעם יידישן טעאַטער. ווען דער יידישער טעאַטער אין פּוילן איז נאָך געווען אין זיינע קינדער־וויקעלעך, האָבן וואַנדער־טרופּעס געשפּילט יידיש טעאַטער אין מעזריטש. קאָמפּאַניעץ מיט זיין טרופּע איז געווען אָן אָפטער גאַסט אין מעזריטש, וואָס איז אַלס ארבעטער־שטאָט מיט פּראָגרעסיווע אידייען געווען איינע פון די גאָר וויייניקע, אויב נישט די איינציקע שטאָט אין פּוילן, וועלכע האָט אויפגענומען א טעאַטער־טרופּע מיט א באַזונדערער יום־טובדיקער פייערלעכקייט. אין מעזריטש פלעגן די טרופּעס שטענדיק שפּילן פאַר אויספאַרקויפטע פּלעצער. אין 1912, איז אפילו געשען א גרויסע טראַגעדיע בעת דעם באַזוך פון קאָמפּאַניעצעס טרופּע. אַן אַקטריסע פון דער טרופּע, האָט אויסגעטרונקען סם, אַלס רעזולטאַט פון א ליבעס־טראַגעדיע און איז דאָרט געשטאָרבן. דער דאָזיקער טראַגישער פאַל, האָט געמאַכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף די שטאָט־מענטשן און איז געווען די סענסאַציע און דער געשפּרעך פאַר א לענגערער צייט. די אַקטריסע האָט מען געלייגט ביי דער וואַנט, אַזוי ווי מען איז זיך נוהג מיט אַלע זעלבסטמערדער. אָבער מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער, איז איר קבר געווען כמעט אין צענטער פון בית־עולם, ווייל די וואַנט איז ארויסגעשטופּט געוואָרן און דער בית־עולם איז געוואָרן גרעסער.

די דאָזיקע טרופּעס און אודאי אויך דער אינערלעכער דראַנג פון דער יידישער אינטעליגענץ האָבן באַוויגן דער יוגנט צו גרינדן א לאָקאַלן אַמאַטאָרן־קרייז, וואָס פלעגט אָפט אויפפירן טעאַטער־פּיעסן אין יענע פאַר־מלחמה־דיקע יאָרן מיט גרויס דערפאָלג.

ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, האָט מעזריטש אויך פאַרמאָגט אַ יידישן אָרקעסטער. אחוץ כלי־זמרים, וואָס פלעגן שפּילן אויף יידישע און נישט־יידישע שמחות און זיינען געווען באַקאַנט אַלס גוטע מוזיקער, האָט

מעזריטש געהאט א פולקאָם אויסגעשטאטעטן בלאָז־אָרקעסטער. דער דאָזיקער אָרקעסטער, איז געווען א טייל פון דער פייערלעשער־געזעשאפט, וועלכע איז געווען כמעט אן אויסשליסלעך יידיש. פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה זיי־נען געווען אין דער „פּאָזשארנע קאָמאנדע", וואָס איז געווען א פרייוויליקע, בלויז צוויי גוים. אירע מיטגלידער זיינען, נאטירלעך, געווען אממערסטנס יונגע מענטשן פון אלע שיכטן. עס זיינען אפילו אויך געווען צווישן זיי יידן מיט בערד. אָט די פייערלעשער האָבן געהאט א גאנץ גרויסן בלאָז־אָרקעסטער, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון מענדל שפּילמאן, א יידישער מענטש און א זייער באגאבטער מוזיקער, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון א כלי־זמר־משפחה. די משפחה שפילמאן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איינגעבוירענעם טאלאנט, אינטואיציע און א סך איבונג, אָבער אָן מוזיקאלישער שולע און אָן קאָנסער־וואטאָרישער אויסבילדונג. מענדל שפילמאן האָט געשפילט אויף פארשידענע אינסטרומענטן און האָט אויך איינשטודירט מיטן אָרקעסטער.

אלע זונטיק פלעגן די פייערלעשער מאכן „מאַנעווערעס" און דער אָרקעס־טער פלעגט שפילן פארשידענע מארשן. פיל מאָל פלעגן אויך די לאָקאלע כלי־זמרים מיטשפילן. דאָס איז בלויז געווען דאן, ווען מען האָט געגעבן ספעציעלע קאָנצערטן, ווי א שטייגער, דער חנוכה־קאָנצערט אין דער שול א. א. וו. אזא קאָנצערט, פלעגט ווערן גוט איינשטודירט מיט דעם חזן און זיין כאָר. ספּע־ציעלע אָוונטן פלעגן אויך איינגעאָרדנט ווערן אין א גרויסן סאָד, טיילמאָל אין הויפישן פארק און דאָס געלט איז געגאנגען לטובת דעם איינקויף פון פארשידענע אפאראטן, אין וועלכע פייערלעשער נויטיקן זיך.

אזוי ארום, איז דער אָרקעסטער געוואָרן א פלאץ פאר לאָקאלע יידישע טאלאנטן צו לערנען זיך מוזיק. טייל פון זיי האָבן טאקע דאָרט געמאכט פאָר־שריט, פערפעקציאָנירנדיק זיך שפּעטער אין געהעריקע מוזיק־שולעס.

פארן קריג — אין תרע"ד, האָט א גרופּע יידישע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן געהאט פּרעטענזיעס אויף ליטעראַרישקייט, ארויסגעגעבן א זאמלהעפט מיט דעם סימבאָלישן נאָמען „בליהונג". אין דעם דאָזיקן זאמלהעפט — וואָס האָט געזאָלט זיין אן אָנהויב — האָבן זיך באטייליקט שרייבער־אָנפאנגער און א טייל וואָס האָבן זיך שוין געהאט געדרוקט אין פארשידענע אנדערע אויס־גאבעס; צווישן זיי אברהם געלמאן און, דוכט זיך, אויך לייב לעוו. כמעט אלע דערציילונגען, אזוי אויך דער פּאָעטישער טייל פון דער אויסגאבע, ווייזן ארויס אָנפאנגערישע נאַאיווקייט (איינגעשלאָסן אפילו דער מאטעריאל פון די וואָס האָבן זיך שוין געהאט געדרוקט). בלויז איינער פון די באטייליקטע אינעם זאמלהעפט, דוכט זיך, דער ייִנגסטער פון אלע — לייזער גאָלדשמידט, האָט ארויסגעוויזן אמתן פּאָעטישן טאלאנט. ער איז, ליידער, געשטאָרבן אין קורצן עלטער, אין די ערשטע יאָרן פון קריג. א גרופּע פריינט פון זיינע פּארטיי־חברים — די פּועלי־ציוניסטן, האָבן נאָכדעם ארויסגעגעבן א ביכל געזאמלטע

# בליהונג





מעזריטשער אויסגאבע.

## אינהאלט.








וואַרשא — דרוק אוני. ערכטל, לעשנע 31 — הרע״ד

די מעזריטשער צייטשריפט „בליהונג"

לידער פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער. ליידער, האָבן מיר נישט קיין עקזעמפּלאַר פון דעם ביכל און ס׳געדענקט זיך נישט דער נאָמען. א צווייטער פון דער גרופּע, איז דער גוט־באַקאַנטער ניו־יאָרקער קולטור־טוער נפתלי וועלוול געלבערג, וועלכער דרוקט זיך פון מאָל צו מאָל אין „פאָרווערטס״; ער איז אויך געווען א מיטאַרבעטער אין דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג״ אין וואַרשע.

מער ווי צו א סימבאָל און פאַרצייכענער פון די אינטעליגענטע און שעפערישע כוחות, וואָס געפינען זיך אין שטאָט, איז דער דאָזיקער העפט נישט דערגאַנגען. די גרויסע וועלט־מלחמה איז געשטאַנען הינטער דער טיר און מיט איר אויסברוך, האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט, און ווען דאָס פרידלעכע לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי, האָט זיך אַלץ ווידער באַנייט מיט גוואַלדיקן אימפּעט. אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן אין א באַזונדערן קאַפּיטל.

## דער יידישער שפּיטאָל און אנדערע הילפס־אינסטיטוציעס

איינע פון די עלטסטע יידישע אינסטיטוציעס אין מעזריטש, איז אָן שום ספק געווען דער יידישער שפּיטאָל. דער שפּיטאָל, וועלכן מען פלעגט אמאָל רופן דער „הקדש״, איז געווען א גרויסער, שיינער בנין מיט גרויסע און לופטיקע צימערן פאַר די קראַנקע, מיט א גרויסן גאָרטן. איינער פון די יידן, וואָס האָבן זיך בעת זיין גרינדונג און אויך שפּעטער ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט דעם שפּיטאָל. איז געווען דער שיינער בעל־הבית און עושר, ר׳ אורי בער גינצבורג, אן איידעם פון דעם גרויסן מעזריטשער גביר ר׳ ארוש מינץ. ר׳ אורי דוב־בער גינצבורג איז געווען פּרעזעס פון שפּיטאָל ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן — כ״ג אייר תרי״ט (1859). ווער עס האָט זיך שפּעטער פאַרנומען מיטן שפּיטאָל, ווייסן מיר ליידער נישט.

דער שפּיטאָל, וואָס איז געווען א ריין יידישע אינסטיטוציע, האָט נישט געמאַכט קיין דיסקרימינאַציעס און אויפגענומען אויך נישט־יידישע קראַנקע, כאָטש די יידן האָבן אויסשליסלעך געטראָגן די לאַסט פון אויסהאַלטן אים. דער שפּיטאָל האָט על־פּי־רוב באַדינט די אָרעמע שיכטן פון שטאָט.

ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דער הויפּט־דאָקטער פון שפּיטאָל געווען ד״ר טוביה ראָזענבלום. ער איז געווען א מעזריטשער; אין זיין יוגנט איז ער געווען א לערנער און פון די בעסערע תלמידים פון דעם באַקאַנטן מעזריטשער רב, ר׳ ישראל איסר שאַפּירא. ער איז געוואָרן באַגייסטיקט פון דער ליבעראַלער פּאָליטיק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד, אונטער דער הערשאַפט פון צאַר אלעקסאַנדער דער צווייטער. ווי באַקאַנט, האָט מען דעמאָלט געמאַכט א רייע הנחות צו יידן, באַזונדערס פאַר יענע מיט העכערע בילדונג. אלס מעדיצינער, האָט זיך ד״ר טוביה ראָזענבלום דערדינט צו א הויך־

כער ראנג, און אין די אכציקער פון פאַריקן יאָרהונדערט, איז ער — נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאפט פון די לאָקאַלע אנטיסעמיטן און די פוילישע דאָקטוירים, וואָס האָבן געוווינט אין מעזריטש — באשטימט געוואָרן אלס מלוכה־דאָקטער פון גאנצן קרייז. די מעזריטשער האָבן זיך שטארק געפרייט מיט דעם זיג פון זייער בן־עיר, וואָס איז באטראכט געוואָרן אלס א זייעריקער. אגב, ער האָט אויך געפירט א יידישע היים און איז געווען א שטאָלצער ייד. ער האָט אָנגעפירט מיטן שפיטאָל און ער האָט אויך דורכגעפירט כירורגישע אָפּעראַציעס, ווען עס האָט זיך געהאנדלט פון לייכטע פאלן.

אין די ערשטע יאָרן פון נאָכן וועלט־קריג, איז דער שפיטאָל געוואָרן איבערגעבויט א דאנק די שטיצע פון די מעזריטשער לאנדסלייט אין אמעריקע, איבערהויפּט א דאנק דעם לאנדסמאן ה׳ גדליה סאיעטע ע״ה און פרוי, און טיילווייז אויך א דאנק דער שטיצע פון די לאנדסלייט אין ענגלאנד, איז דער מעזריטשער שפיטאָל געוואָרן איינער פון די מאָדערנסטע אין גאנץ פוילן און זיך גערעכנט צווישן די וויכטיקסטע יידישע שפּיטאָלן אין לאנד.

אין שפּיץ פון די באלעבאטים, וועמען ס׳איז אָנגעטרויט געוואָרן די מאָדערניזירונג און אָנפירונג פון דעם שפיטאָל, מצד די אמעריקאנער לאנדסלייט, איז געשטאנען ר׳ יחיאל עדלבוים (ר׳ יחיאל שוחט). אלע טוער האָבן מיט איבערגעבנקייט געארבעט צו פארוואנדלען דעם שפיטאָל אין אן אינסטיטוט, וואָס זאָל באמת קענען לייסטן די נויטיקע הילף פאר די קראנקע. די קאָמפּליצירטסטע אָפּעראַציעס האָט מען באוויזן דורכצופירן א דאנק דער מאָדערנער איינריכטונג און דעם הויפּט־כירורג, ד״ר מישורסקי (היינט אין תל־אביב), לאנג־יאָריקער געהילף פון דעם גרויסן יידישן כירורג ד״ר סאָלאָווייטשיק, פון ווארשע. דער הויפּט־דאָקטער פון שפּיטאָל, ד״ר יוסף קאפלאן, און די דאָקטוירים קאָזעס און ליכטענבערג, אלע דריי מעזריטשער, האָבן מיט אים קאָאָפּערירט.

---

אחוץ דעם שפּיטאָל, האָט אויך עקזיסטירט א „חברה לינת־הצדק", וועלכע האָט געהאט פארשידענערליי אויפגאבן: ווי, נעכטיקן ביי א חולה, געבן נויטיקע הילף צו אָרעמע א. ד. גל. די חברה איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תרנ״א (1891). אין דעם „המליץ" פון כ״ט ניסן תרנ״ה, לייענען מיר: „ה׳ גדליה ראָזענצווייג (פון מעזריטש) איז מודיע, די חברה לינה („לינת־הצדק" — מ. ע.), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער דאָזיקער שטאָט מיט פיר יאָר צוריק, ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג און די צאָל פון אירע מיטגלידער גרייכט שוין קרוב צו הונדערט".

---

עס האָט אויך עקזיסטירט א הכנסת־אורחים פאר פרעמדע אורחים. די דאָ־

זיקע אינסטיטוציע איז שוין געווען אן אלטע; א מושב־זקנים און א בית־לחם (אדער לחם לעניים) און פארשידענערליי צדקה־חברות, ווי, הכנסת־כלה, גמילות־חסדים־קאסע, וואס פלעגט בארגן געלט אויף משכנות אן פראצענטער; א לייי־און שפאר־קאסע. אין די שפעטערע יארן, איז א דאנק די אמעריקאנער לאנדס־לייט, געגריינדעט געווארן א לייי־קאסע, וואס האט ארויסגעהאלפן סוחרים און קליינע פאבריקאנטן אין שווערע צייטן.

# די שול און בתי־מדרשים

דער עלטסטער בית־תפילה אין מעזריטש, איז, אָן שום ספק, געווען די שטאָטישע שול. די שול, וואָס מיר האָבן געקענט, איז נישט געווען די ערשטע און, מעגלעך, אויך נישט די צווייטע. לויט די ידיעות וואָס מיר האָבן, ווייסן מיר, אז די שול איז אויסגעבויט געוואָרן אויפסניי אויפן זעלבן אָרט, ווו עס איז פריער געשטאַנען די עלטערע הילצערנע שול, וועלכע האָט אָפּגעברענט אין די ערשטע יאָרן פון צענדליק תק"ד—תק"ל, אין דער צייט, ווען אויפן מעזריטשער כסא־הרבנות איז געזעסן ר' אבישל פראנקפורטערס זון — הרב ר' עוזר. די שול, לויט ווי מיר פאַרלאָזן זיך אויפן סמך פון שפּיראָס אינפאָרמאציעס פאַרן פּראָפ. דובנאָוו, האָט זיך אָנגעהויבן בויען אין דער פריער אָנגעגעבענער צייט, און איר בוי האָט זיך פאַרענדיקט אין יאָר תק"ל (1770) *). א צווייטער מקור, וואָס באַשטעטיקט שפּיראָס אינפאָרמאציעס, איז א רשימה אין דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא. דאָרט דערציילט זיך וועגן דעם טויט פון דעם רבנו מהורר"א זיסקינד... וועלכער איז געווען דער „וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם בוי (פון דער שול) און (ער איז געווען) דער מאָלער פון דעם בית־הכנסת פון אונדזער קהילה, און ער האָט זיך משתדל געווען אז די שול זאָל שנעל פאַרענדיקט ווערן... כ"ה מנחם אָב תקל"ט...". מיר זעען, בכן, אז די דאַטע וואָס שפּיראָ גיט אָן, איז א קאָרעקטע.

שפּיראָ דערציילט אויך, אז דער אייגנטימער פון מעזריטש — פירשט אַדאַם טשאַרטאַריסקי — האָט געגעבן ציגל פאַרן בוי. דאָס האָט דעם פירשט אָפּגעקאָסט א היפּשע מטבע, ווייל די שול איז ווירקלעך געווען א גיגאַנטישער בנין: די ווענט האָבן געהאַלטן מער פון איין צאָל די דיק און די הויך פון דער שול, איז געווען פון פיר שטאָק.

דער פאָרעם פון דער שול, איז, כמעט, געווען אינעם סטיל פון די קירכעס.

---

*) דר. מ. הענדל אין זיין דערמאנטער ארבעט איבערגעדרוקט פון „פּאָדליאַשער לעבן" אין בוך „מעזריטש" שרייבט, אז די פּריווילעגיע אויף בויען די נייע שול איז ארויסגעגעבן געוואָרן פון דעם לוצקער בישאָף, וועלכער האָט געהאט צו זאָגן איבער דער מעזריטשער פּאראפיע, אין יאָר 1761. ער האלט אויך, אז אין 1779 איז דער בנין נאָכנישט געווען געענדיקט.

וואָס מען האָט געזען איבעראל אין פּוילן. אינעם צענטער פון בנין, איז געווען די אייגנטלעכע שול און אויף דרום און צפון זיינען געווען צוויי פליגלען, וואָס האָבן געדינט אלס עזרת־נשים. די עזרות־נשים האָבן געהאַט גראטעס, וואָס האָבן געשאפן א מחיצה מיט דער מענער־שול. דיביידע פליגלען פון דער ווייבער־שול, האָבן נישט געהאלטן מער פון איין שטאָק (פארטער) די הויך. די מערב־זייט פון דער שול, איז שוין נישט געווען אינעם קירכלעכן סטיל. די מערב־וואנט איז באשטאנען פון א פשוטער מויער מיט א סך פענצטער — פון די צוויי גאַרנס פון די עזרות־נשים (ווייבער־שול) — וואָס זיינען ארויסגעגאנגען אין גאס אריין. די אָריגינעלע טיר (מ'האָט די טיר געביטן, ווען מען האָט רעמאָנטירט די שול, אין 1912) איז געווען פון דיקן אייזן, מיט אייזערנע גראווירונגען באשלאָגן אויף איר און האָט געהאלטן ארום דריי איילן די ברייט. הארט ביים אריינגאנג פון דער שול, האָט זיך געפונען א גרויסער פּאָליש. לינקס פון פּאָליש, איז געווען דער קליינער בית־המדרש; דאָרט האָט מען גע־דאווענט און אויך געלערנט (אין שול גופא, האָט מען קיינמאָל נישט געלערנט), מן הסתם, האָט מען דאָרט אויך פון צייט צו צייט געפּראוועט א סעודת־מצוה. איך בין זיך משער —און איך האָב דערצו געגוג באווייזן— אז אין דעם קליי־נעם בית־המדרש האָט מען מיט יאָרן צוריק אָפּגעהאלטן קהלישע אסיפות און דאָרט האָט מען אויך געפּסקנט אלערליי שאלות, ספּעציעל אזעלכע וואָס האָבן געהאַט א שייכות צו קהל אָדער אין שייכות מיט עבירות, וואָס איינער איז באגאנגען לגבי קהל. אין פּאָליש איז אמאָל געווען די קונע, דאָרט האָט מען אויך דורכגעפירט, אין די אלטע צייטן, פארשידענערליי שטראָפן קעגן די זינ־דיקע און אויך געשלאָגן מלקות ערב יום־כפור.

פון פּאָליש האָבן צוויי ברייטע טירן, פון איבער צוויי מעטער די ברייט, געפירט אין אינערן פון שול. דער אינערלעכער טייל פון דער שול, איז געווען זייער הויך אין דער סופיט, וואָס האָט זיך געהאלטן אויף קאָלאָנעס, פון ארום א מעטער די דיק יעדע איינע, איז געווען געוועלביקמעסיק. גרויסע פענצטער אויף צפון און דרום האָבן צוגעלאָזט ליכט בשפע. אינדערמיט שול, איז גע־שטאנען דער באלעמער און אויפן באלעמער איז געשטאנען דער שולחן. אויפן שולחן איז געלעגן א לעדערנע קישעלע, וועלכעס האָט געדינט פארן שמש, צו קלאפּן דערויף, בכדי איינצושטילן דעם עולם. זייט איך געדענק, איז דאָס קי־שעלע שוין געווען שטארק אָפּגענוצט און אלט; הפנים, אז דאָס קישעלע איז שוין דאָרט אזוי געלעגן פון סאמע בראשית אָן, ווען די שול איז אויפגעשטעלט געוואָרן. אויפן באלעמער איז אויך, אין דער זייט, געשטאנען א באנק.

אויף דער מערב־זייט, זיינען געווען צוויי באלקאָנען — א מין גאלעריע. דאָרטן פלעגן אמאָל שטיין די חדר־יינגלעך, ווען די מלמדים פלעגן אין די שבתים און ימים־טובים ברענגען צום דאווענען, כדי זיי זאָלן ענטפערן „אמן", „יהא שמיה רבא" און מיטזאָגן „ברכו" און „קדושה". דער שרייבער פון די

שורות, געדענקט דאָס שוין נישט. אָבער א דור פאר דעם, האָט נאָך די דאָזיקע גאַלעריע עקזיסטירט און די מלמדים האָבן אָפּגעהיט אָט דעם מנהג. הפּנים, אז ביי א פריערדיקן רעמאָנט האָט מען די גאַלעריע צענומען. די אורזאכן דערפון —פון אוועקנעמען די גאַלעריע— איז נישט באקאנט.

דער אָרון־קודש, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען פון דעם ערשטן טאָג אָן וואָס מען האָט די שול אויפגעבויט, איז געווען א הילצערנער. דער אָרון־קודש האָט געהאַלטן א גוטע דריי איילן די ברייט און איז געווען גאנץ הויך. ער איז געווען געשניצט און די שניצעריי איז געווען געליישט מיט גאָלד. שפּע־טער, ווען מען האָט רעמאָנטירט די שול און מען האָט אויפגעשטעלט א צווייטן אָרון־קודש, האָט מען דעם אַלטן אָרון־קודש אריינגעשטעלט אין פּאָליש אריין. ביז צום רעמאָנט, האָט די שול פאַרמאָגט א כסא של אליהו הנביא, וועלכער איז געוואָרן באנוצט, ווען מען פלעגט פּראַווען בריתן אין שול.

אונטער די טרעפּ צום עזרת־נשים, אויף צפון זייט, פלעגט זיך געפינען דאָס טהרה־ברעט און א קאסטן מיט זאמד. אהינצו, האָט מען אריינגעוואָרפן די ערלות נאָכן מלה זיין.

אין 1912, האָט מען רעמאָנטירט די שול. די דאָזיקע ארבעט איז אָנפאַר־טרויט געוואָרן דעם פּאָפּולערן מאָלער און קינסטלער, הערש ליבער פּאָדאָלסקי. אליין האָט ער געשטאמט פון לוקאָוו, אָבער ער איז געווען א תושב פון מעזי־ריטש פאר פיל יאָרן און איז אויך אומגעקומען צוזאמען מיט זיינע מעזריטשער לאַנדסלייט און זיך באטראכט פאר איינעם פון זיי. א סך מאָנאטן האָט גע־דויערט דער דאָזיקער רעמאָנט און די הוצאה איז געווען א גרויסע; עס האָט אָפּגעקאָסט איבער עטלעכע טויזנט רובל. ער אליין האָט אויסגעארבעט אין דער מזרח־וואנט אן אָרון־קודש מיט א פריים פון גיפּס און צעמענט, וואָס איז געווען באציירט מיט גיפּסענע פיגורן פון בלומען און ער האָט אויסגעפאַרמירט די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן פון בית־המקדש, וואָס ווערן דערמאָנט אין תהילים, קאַפּיטל ק״נ. דער נייער אָרון־קודש, וואָס איז געווען ארום צוויי שטאָק די הויך, איז ווירקלעך געווען א מייסטער־ווערק. די ברייט פון דעם אָרון־קודש, איז געווען א גוטע פינף איילן. פאר דעם אָרון־קודש איז געווען א גרויסע גאַלעריע, צו וועלכער מען איז ארויפגעגאנגען פוןביידע זייטן מיט טרעפּ; אויב איך בין זיך נישט טועה — 15 טרעפּ, לויט די צאָל טרעפּ וואָס זיינען געווען אין בית־המקדש, אנטקעגן די ט״ו שיר־המעלות. אויף דער גאַ־לעריע פלעגט פון מאָל צו מאָל שטיין דער כאָר. דאָס איז אָבער געווען בלויז אין זעלטענע פאלן. געוויינלעך איז דער כאָר געשטאנען ארום דעם חזן, אונטן, ביים עמוד. איבער דעם אָרון־קודש, זיינען געווען צוויי לוחות און א כתר אויף זיי. הינטער די לוחות, איז געווען א פענצטער פון וואַנען עס איז געפאַלן ליכט אויפן כתר. אונטער דער גאַלעריע, איז געווען א טיר וואָס האָט געפירט צו

א ספּעציעלן גאָרטן. דאָרט פלעגן מתפללים כאַפּן פרישע לופט, באַזונדערס אין די ימים־נוראים.

בלויז דריי שולן, אין גאַנץ פּוילן, זיינען געווען געבויט אין דעם סטיל און די מעזריטשער שול איז געווען די גרעסטע פון די דריי, און ס׳קען זיין, אַז צווישן די גרעסטע אין גאַנץ פּוילן. די שול צוזאַמען מיט אירע ווייבער־שולן, האָט אָן שום ספק, געקענט אריינגעמען איבער דריי טויזנט מענטשן. זי איז געווען דער צענטער פון די שטאָטישע טעטיקייטן. די גרעסטע פאַרזאַמ־לונגען זיינען דאָרט פאָרגעקומען. אָבער פאַרזאַמלונגען אין שול זיינען נישט פאָרגעקומען גאָר אָפט. צווישן די וויניקע פאַרזאַמלונגען, זיינען געווען די כ׳ תמוז־פייערונגען — ד״ר הערצלס יאָרצייט — וואָס זיינען געפּראַוועט געוואָרן יאָר־יערלעך אין דער שול. ביי דער געלעגנהייט פון אויסנאַמלעכע פאַרזאַמלונ־גען און איבערהויפּט, אויב אין שול האָט געדאַוונט א גוטער חזן, איז די שול געווען געפּאַקט ממש. טויזנטער מענטשן פלעגן אין דעם פאַל שטיין אין גרעסטן געדראַנג און אויסהערן דעם רעדנער אָדער דעם חזן מיט זיין כאָר.

---

מענטשן פון שטאָט, איבערהויפּט שרעקעוודיקע, פלעגן מורא האָבן דורכ־צוגיין דאָס שול־געסל נאָך האַלבער נאַכט. מען האָט געזאָגט, אַז נאָך 12 ביי־נאַכט, איז די שול פול מיט מתים וואָס קומען דאַוונען. מען האָט וועגן דעם אָפט דערציילט בלעריי לעגענדעס.

משה בנימין פעלדשער האָט דערציילט, אַז איינמאָל, ווען ער איז אין א ביינאַכט פאַרביייגעגאַנגען די שול, האָט ער געהערט ווי מען רופט אים אויף צו דער תורה. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן די מתים אים מכבד גע־ווען מיט אן עליה. איז ער אוועק צום רב פרעגן וואָס ער זאָל טאָן. דער רב האָט אויסגעהערט זיין שאלה און אים געהייסן זיך איינוויקלען אין זיין טלית און ער זאָל אריינגיין אין שול אריין. אָבער ער זאָל נישט קוקן, נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס, נאָר גיין גלייך. ער זאָל ארויפגיין אויפן באַ־לעמער און מאַכן די ברכה איבער דער תורה בקול־רם, און ווען ער וועט ענדיקן, זאָל ער ווידער ארויסגיין גלייך, הינטערווייַלעכץ און ווידעראַמאָל זיך נישט אומקוקן אויף רעכטס אָדער לינקס.

משה בנימין האָט פאַרענדיקט, אַז ער האָט אַזוי געטאָן און ער איז אריינ־געגאַנגען בשלום און ארויסגעקומען בשלום פון שול, וואָס איז געווען פול מיט מתים.

אין אַלגעמיין האָט מען מן־הסתם משה בנימינען נישט גענומען שטאַרק ערנסט; ער איז בכלל געווען א וויצלער און האָט נישט פיינט געהאַט צו דער־ציילן א מעשה, וואָס זאָל זיין נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. אָבער די אויסטערלישע מעשה און ענלעכע מעשיות, האָבן אַנגעוואָרפן א פחד אויף

קינדער און ווייבער און סתם שרעקעוודיקע מענטשן, און זיי האָבן אויסגעמיטן דורכצוגיין דאָס שול־געסל שפּעט ביינאַכט.

אין שייכות מיט דער שול, וועלן מיר ברענגען דאָס וואָס הרב גליקסבערג דערציילט אין זיינע זכרונות *):

„די מעזריטשער קהילה איז געווען אַן אַלטע אין אירע מנהגים... אַזעלכע האָב איך נישט געזען אין אַנדערע שטעט (הרב גליקסבערג האָט אודאי גע־מיינט שטעט אין מזרח־איירופּע, ווייל אַ טייל ענלעכע מנהגים קען מען לייכט געפינען אין פראַנקפורט ביים מאַין און אין אַנדערע דייטשע קהילות, וואָס באַווייזט בלויז, אַז די ערשטע יידן פון מעזריטש, האָבן אָן שום ספק, גע־שטאַמט פון דייטשלאַנד. — מ. ע.). אייניקע פון זיי וועל איך דאָ דערמאָנען:

„די גרויסע שול, אַ ריזן־בנין, האָט געהאַט פיר בימות — איינע נעבן היכל, איינע אין דער מיט כנהוג, און אחוץ דעם נאָך צוויי בימות, ווי אַ מין באַלקאָנען, אויף דער מערב־וואַנט, איינע פון דער רעכטער זייט פון פּאָליש, איינע פון לינקס. די דרדקי־מלמדים האָבן געבראַכט יעדן שבת צו שחרית זייערע תלמידים, די קלענסטע, און זיי אַריינגעזעצט אין די דאָזיקע בימות; און זיי פלעגן ענטפערן „אמן" נאָך יעדער ברכה פון חזן; און דער עכאָ פון די קינדערשע קולות אין חלל פון בית־הכנסת איז געווען ווי אַ מעכטיקער כאָר פון זינג־פייגעלעך און האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אין די הערצער.

„יעדן פאַרטאָג און פאַרנאַכט, האָט דער שמש געקלאַפּט אין די לאָדנס, אָנצוזאָגן דעם זמן תפילה. יעדן טאָג, האָט דער שמש געקלאַפּט דריי מאָל; און ווען ס'איז געווען אַ לוויה אין דער שטאָט, נאָר צוויי קלעפּ; און דאָס איז געווען אַ רמז, אַז עמעצער פון די שטאָט־מענטשן איז הלך לעולמו; וואָרום, משום „מוציא דבה" פירט זיך, נישט אָנצוזאָגן דירעקט זיין חבר וועגן שטאַרבן פון אַ מענטשן. שבת האָט ער בכלל נישט געקלאַפּט, נאָר האָט זיך געשטעלט אין מיטן גאַס אָדער מאַרק און אויסגערופן: „אין שול אַריין!"

„אין וואָכנטאָג, פלעגט מען זאָגן נאָכן דאַווענען „אנעים זמירות" ביים אָפענעם ארון־קודש, אַזוי ווי שבת. אין אַ טאָג ווען ס'איז געווען אַ ברית־מילה, האָט מען נישט געזאָגט „תחנון" אין אַלע שולן פון מעזריטש. אַ חופּה פלעגט מען שטעלן דווקא נעבן דעם פּאָליש פון דער גרויסער שול... דער פאַראַד פון ברענגען חתן־כלה, איז געווען באַגלייט פון אַן אָרקעסטער פון פאַרשידענע כלי־זמר... בשעת „אנעים זמירות", האָט מען מכבד געווען דעם חתן מיט פּתיחת־הארון. דער חתן, וואָס פלעגט אָוועקפאָרן חתונה האָבן אין אַ פרעמדער שטאָט, פלעגט גיין אין באַגלייטונג פון שטאָט־שמש, צו געזעגענען זיך מיט די בעלי־בתים, אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען ער האָט געהאַט בדעה צוריקצוקומען אין שטאָט נאָך דער חתונה.

*) ארויסגענומען פון בוך „מעזריטש", ווו זיי זיינען טיילווייז פאַרעפנטלעכט און מיט וועלכע מיר האָבן זיך שוין באַנוצט ביי פריערדיקע געלעגנהייטן.

„דער ברייטער פּלאַץ פאַר דער שול איז... אויך געווען אַן אָרט פון טרויער און צער: אַלע לוויות פלעגן פאַרבייגיין און נישט אָפּשטעלן די מיטה — אין מעזריטש האָט מען נישט געזאָגט די תפילת השכבה בעת דער לוויה — נאָר דעמאָלט, ווען מען האָט מספיד געווען דעם נפטר, האָט מען אָפּגעשטעלט די מיטה פאַר דער טיר פון בית־הכנסת.

„אין מעזריטש איז געווען אַן אַלטער מנהג, וואָס וועגן אַזעלכן האָב איך נישט געהערט אין קיין שום אָרט פון תפוצות ישראל. די מעריב־תפילה פון מוצאי־שבת פאַר ראש־השנה, איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער גרויסער שול מיט גרויס פייערלעכקייט. דער הויפּט־חזן האָט זיך געשטעלט פאַרן עמוד מיטן כאָר... און האָט אָנגעהויבן מיטן שיר המעלות „הנה ברכו את ד׳ כל עבדי ד׳ העומדים בבית ד׳ בלילות״ (איך ווייס נישט, פאַרוואָס הרב גליקסבערג האָט נישט באַמערקט נאָך א זאַך, דהיינו, אין קיין שום מתנגדישן מנין ווערט נישט געזאָגט שיר המעלות פאַר „והוא רחום״; בלויז ביי חסידים איז איינגעפירט געוואָרן צו זאָגן שיר המעלות „הנה ברכו וכו׳ פאַר „והוא רחום״, ווי ביי די ספרדים. דאָס זאָגן שיר המעלות אין אזא מתנגדישער פעסטונג ווי די מעזרי־טשער שול, אפילו ווען בלויז איינמאָל אין יאָר, איז זייער מערקווירדיק. — מ. ע.) און האָט אויסגעזונגען א מאַסע פון יענע דערהויבענע ימים־נוראים־ניגונים... די ענגשאַפט איז געווען זייער א גרויסע; די פינצטערניש פאַר דער הבדלה, האָט פאַרשאַרפט די סכנה פון דער ענגשאַפט פאַר שוואַכע און קינ־דער; וואָרום אַלע אין דער שטאָט האָבן זיך געוואָלט באַטייליקן אין דער תפי־לה „שיר המעלות״ — אזוי האָט מען גערופן די פייערלעכקייט — פּלוצלינג האָט מען אים בטל געמאַכט. אַמאָל האָט דער חזן זיך פאַרשפּעטיקט און אין צווישנצייט איז די ענגשאַפט געוואָרן אומדערטרעגלעך, און די קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען... אויך איך בין געווען צווישן זיי. מיטאַמאָל האָט זיך דער־נענטערט צום עמוד איינער פון די מתפללים פון בית־הכנסת, דאָס איז געווען ר׳ דוב דוד פעלמאַן —דער ערשטער פּרדסן נעבן יפו— און האָט אָנגעהויבן צו זאָגן מיטן וואָכעדיקן נוסח און ניגון „והוא רחום״... און דאָס גאַנצע קהל האָט אים נאָכגעזאָגט א פּראָסטן שבפּראָסטן מעריב. ס׳איז גאָרנישט צו שיל־דערן די אַנטוישונג און די מרה־שחורה... אָבער די זאַך איז אַדורך בשלום — ואין פוצה פה ומצפצף. פון דעמאָלט אָן איז דער מנהג פון „שיר המעלות״ לגמרי בטל געוואָרן״. (די רואיקייט איז אפשר געווען צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס ר׳ דוב דוד פעלמאַן איז געווען איינער פון די שבעה טובי העיר, אַן עושר און למדן. — מ. ע.).

---

פונקט אַנטקעגנאיבער דער שול, איז געשטאַנען דער גרויסער בית־המדרש. אין שפּיראָס באַריכט צו דובנאָוו, אין וועלכן ער דערמאָנט די שול וואָס איז געבויט געוואָרן מיט דער הילף פון דעם דוכס טשאַרטאָריסקי, דערמאָנט ער

אויך דעם גרויסן בית־המדרש. ער שרייבט אזוי: „גם לבד הבית־הכנסת סייע לבנין בהמ"ד חומה גדולה עם חניות בתקרת לבנים העומד מול בית־הכנסת..." — „אחוץ דער שול, האָט ער אויך געהאָלפן צום בוי פון דעם בית־המדרש. א גרויסער מויער מיט געוועלבער און מיט א סופיט פון ציגל, וואָס שטייט קעגנ־איבער דער שול...".

לויט שפּיראָס דערקלערונג, קומט אויס, אז דער בית־המדרש, איז אזוי אלט ווי די שול. דאָס מיינט צו זאָגן. אז בערך תק"ל (1770) האָט מען אויך אויסגעבויט דעם בית־המדרש. לויט אונדזערע ידיעות, איז עס נישט אזוי. מיר ווייסן, אז די איניציאטיוו פאַר דעם אויפבוי פון בית־המדרש, האָט גענומען אויף זיך ר' זעליג אייזנשטיין. ער איז געשטאָרבן אין תרמ"ב, ד. ה. 112 יאָר נאָך שפּיראָס דאטע. דער בית־המדרש איז נישט אלט געווען קיין פולע הונ־דערט יאָר. די פּליאה איז דערפאַר נאָך גרעסער, ווייל שפּירא איז געווען ר' זעליגס מיטצייטלער און האָט אודאי גוט גערעדנקט, ווען מען האָט דעם בית־המדרש אויפגעשטעלט. אָט דאָס צווינגט אונדז צו קומען צום אויספיר, אז דער בית־המדרש, וואָס שפּירא רעדט וועגן אים, איז א פריערדיקער. עס איז גאנץ מעגלעך, אז דער בית־המדרש האָט אָפּגעברענט אין יאָר תר"ב (1842), צוזאמען מיט א גרויסער טייל פון שטאָט (300 הייזער) און אפילו די שול איז פארברענט געוואָרן. עס איז, ווארשיינלעך, פארבליבן פון איר בלויז די ווענט און דער דאך.ביידע געבעט־הייזער זיינען נאָכדעם ווידעראמאָל אויפגעריכטעט געוואָרן, און אפשר האָט מען דעם בית־המדרש געמוזט פולשטענדיק איבער־בויען. די מסקנא, שיינט צו זיין א ריכטיקע און באשטעטיקט אויך דאָס, וואָס מען האָט דערציילט אין שטאָט, אז גראף פּאָטאָצקי — וועלכער האָט אין אָנ־הויב פון די פערציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איבערגענומען מעזריטש פון פרינץ טשאַרטאָריסקי — האָט זיך בייגעשטייערט מיט א סך בוי־מאטע־ריאלן צום אויפבוי פון דער שול, בעסער געזאָגט, צום בדק־הבית, ווייל די שול גופא, אויסער די איינריכטונגען אינעווייניק, איז געבליבן שטיין, ווייל זי איז געווען געבויט פון ציגל און די ווענט האָבן געהאלטן מער ווי אן אייל די דיק (לויט דעם קומט אויס, אז די אלע כלי־קודש מיט דעם ארון־קודש, זיינען געווען נישט די אָריגינעלע, נאָר געשטאמט פון א שפּעטערדיקער דאטע — פון נאָך דער שרפה).

דער „גרויסער בית־המדרש", איז אזוי גערופן געוואָרן, נישט נאָר צוליב דעם וואָס ער איז געווען דער וויכטיקסטער מקום־תפילה נאָך דער שול, און איז דערפאַר געווען גרעסער אין חשיבות פון אלע אנדערע בתי־מדרשים, נאָר אויך טאקע צוליב זיין ווירקלעכער גרויס. בלויז אין דער לענג, פון מערב צו מזרח, איז ער נישט געווען אזוי גרויס ווי די שול, אָבער פון דרום צו צפון, איז ער געווען אזוי ברייט ווי די שול. עס זיינען דאָרטן געווען הונדערטער זיץ־פּלעצער, און ווען אין גרויסן בית־המדרש האָט געדרשנט א באוווסטער מגיד — און אין

די שפּעטערע יאָרן, בעת פּאָליטישע מיטינגען — פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַן עולם צוהערער, וואָס האָט זיכער געציילט אַרום צוויי טויזנט מענטשן.

אין בית־המדרש האָבן געדאַוונט די פּני פון שטאָט. דער מזרח, איז געווען באַזעצט פון די גרעסטע לומדים און עשירים פון שטאָט. אויך דער רב האָט געהאַט א שטאָט אין גרויסן בית־המדרש. יידן האָבן דאָרט געלערנט כמעט א גאַנצן טאָג. אויסער די ישיבה־בחורים און יונגעלייט, וואָס פלעגן דאָרט זיצן גאַנצע טעג און לערנען, און טיילמאָל אויך אויפזיין די נעכט, פלעגן אויך בעלי־בתים זיצן תמיד און לערנען. הונדערטער יידן זיינען געקומען א שטיק פאַר פאַרטאָג אין בית־המדרש אריין און זיך געזעצט לערנען ביזן שפּראָץ פון טאָג און דערנאָך זיך געשטעלט דאַווענען „ותיקין" (דאָס ערשטע מנין). דער בית־המדרש האָט פאַרמאָגט עטלעכע טויזנט ספרים, צווישן זיי: 60 גאַנג ש"ס, 60 גאַנג משניותן, 30 גאַנג רמב"מס און אַנדערע ספרים, פון וויכטיקייט פאַרן לערנער. אַזעלכע ספרים, זיינען געווען אין די צענדליקער עקזעמפּלאַרן. ס'זיינען געווען כמעט אַלע ספרי הלכה און דרוש, צווישן זיי אויך א סך יקר־המציאותן. אויך קבלה־ספרים, האָבן זיך געפונען אין בית־המדרש. אָן אויסנאַם זיינען געווען חסידישע ספרים. פון זיי האָט מען געקענט אָנטרעפן בלויז אויף איינצלנע עקזעמפּלאַרן. דער בית־המדרש איז מיט דעם געבליבן געטריי זיינע מתנגדישע פּרינציפּן.

סיי אין דער פרי און סיי פאַרנאַכט און נאָך מעריב, זיינען געזעסן כל־ערליי חברות און געלערנט ביי באַזונדערע טישן און אַלע טישן זיינען געווען באַזעצט. עס זיינען געווען עטלעכע חברות ש"ס, עטלעכע חברות משניות, א חברה וואָס האָט געלערנט חומש מיט רש"י, א חברה חיי־אדם, מדרש, מנורת־המאור, עין־יעקב, א חברה־תהילים א. א. יעדע חברה האָט געהאַט איר רבין, טיילמאָל איז דער רבי אויך געווען א געצאָלטער.

אויפן מערב־זייט האָט זיך געפונען דער עזרת־נשים, וואָס איז געווען גענוג גרויס און א דרומית־מערבית — קליינער בית־המדרש. אויך דאָרט האָט מען געלערנט און געדאַוונט און דער רב פלעגט דאָרט געבן חליצה. דער גרויסער בית־המדרש האָט געהאַט צוויי אריינגענג, איינעם אין דרום זייט און א צווייטן אין צפון. ביי ביידע אריינגענג, האָט געהאַנגען א כיור (האַנט־פאַס) צום וואַשן זיך די הענט. צוליב דער גרויסקייט פון בית־המדרש, זיינען דאָרט געשטאַנען צוויי זייער גרויסע אויוונס, כדי צו דערוואַרעמען דעם בית־המדרש אין די שווערע ווינטער־טעג.

אויך אַנטקעגנאיבער דער שול, אויף צפון זייט, איז געשטאַנען דאָס שניידער־שטיבל; א געמויערטער בנין, וואָס איז געווען פון די עלטסטע בתי־מדרשים און אינסטיטוציעס אין שטאָט. דאָרט האָבן אויך געדאַוונט די קצבים און אַמאָל האָבן דאָרט געדאַוונט די דאָרפס־גייער. דאָס שניידער־שטיבל האָט געהאַט א חזקה אויפן שטאָט־חזן, ער זאָל דאַווענען נעילה ביי זיי. אין דער זעלבער גאַס,

איז אויך געשטאנען דער הכנסת־אורחים מיט זיין בית־המדרש, און אביסל ארויפצו, צו שמולעוויזנע, האט זיך געפונען דאס מעזריטשער שטיבל (פריער ביאלער) — א געמוירטער בנין. דארט האבן געדאוונט די מעזריטשער חסידים און אלע אנדערע חסידים פון אנדערע רביים, וואס האבן צוליב זייער קליינער צאל נישט געקענט באווייזן צו האבן א זעלבסטשטענדיק שטיבל. דארט האט מען געטראפן חסידים זיצן און לערנען אין דער פרי און ביינאכט און חסידישע יונגעלייט האבן דארט געלערנט א גאנצן טאג. נעבן דער שטיבל, האט זיך געפונען דאס שוסטער־שטיבל; א הילצערנער בית־המדרש מיטן אן עזרת־נשים, וואס איז אן שום ספק, אויך געווען איינער פון די עלטסטע בתי־מדרשים און אינסטיטוציעס אין דער קהילה. אויף די ראנדן פון שמולעוויזנע, זיינען געווען דער בערשטער־בית־המדרש, ר׳ איטשע־לייבס בית־המדרש מיט אן עזרת־נשים אין דער פארעם פון א גאלעריע ווי אין א שול, און דער שמולעוויזנער בית־המדרש. אויף דער ווארשעווער גאס, האט זיך געפונען דער בעל־עגלהשער בית־המדרש מיט א גרויסער עזרת־נשים; אין דעם בית־המדרש האט מען אויך געקענט טרעפן א רייכע ספרים־ביבליאטעק און צוליב דעם פלעגן דארט זיצן לומדישע יונגעלייט און עלטערע יידן און לערנען. נאכן גרויסן בית־המדרש, האט דער בעל־עגלהשער בית־המדרש פארנומען דעם וויכטיקסטן פלאץ צווישן די שטאטישע בתי־מדרשים און דארטן פלעגן אנגעפארענע מגידים דרשנען, נאכדעם ווי זיי האבן שוין אמאל גערעדט אין גרויסן בית־המדרש. דער מורה־הוראה, ר׳ מאיר לעוו (ר׳ יעקב שפיראס איידעם) פלעגט דארט דאוונען און ער האט דארט געלערנט פאר דעם עולם „מעשה אלפס״. אויף פישמאַרקע, האט זיך געפונען א געמויערטער בית־המדרש מיט אן עזרת־נשים, און אויף די בריקן — לובלינער גאס — האט זיך געפונען דער בריקן־בית־המדרש; א גרויסע הילצערנע געביידע מיט א וויבערשע גאלעריע; אויך דארט האבן גע־דאוונט יידן לומדים און דער צווייטער מורה־הוראה, ר׳ יאשע־בער לעווינזאן, פלעגט דארט דאוונען און זאגן א בלאט גמרא פארן עולם. הינטער דער לובלי־נער גאס, אין דעם געסל וואס האט געפירט צו דער קאשטשעלנע־גאס, האט זיך געפונען ר׳ הירש־חיים ראזנצווייגס בית־המדרש. דער בית־המדרש איז אויך געווען באקאנט אלס ר׳ סענדערס בית־המדרש, ווייל ער האט אפגעזאגט זיין מויער לטובת דעם בית־המדרש*). אויך דער בית־המדרש איז געווען א גע־מויערטער און געהאט א שיינעם עזרת־נשים, און אויך דארט זיינען געזעסן יונגעלייט און עלטערע יידן און געלערנט, צוליב די פיל ספרים, וואס זיינען דארט געווען.

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין קאליע־געסל געווען דער בית־

*) אין זיין צוואה האט ער אויך אנגעזאגט צו געבן 2.5000 רובל „בעד יושבי ארץ הקדושה״ (ד״ר. הענדל — באדליאשער לעבן, איבערגעדרוקט אין בוך „מעז־ריטש״ ז. 19).

המדרש פון מעזריטשער רבין. אחוץ דעם, זיינען געווען פארשידענערליי מנינים פון פארשידענע חברות. ביים רב האָט מען געדאַוונט שבתים און ימים־טובים, אפילו אין די ימים־נוראים. אויסער דעם, זיינען נאָך געווען שטיבלעך פון גערער, ראדזינער, סאָקאָלאָווער און לאָמזשער חסידים. אָבער זיי זיינען געווען קליינע לויט דער צאָל פון די מתפללים.

אין אָט די אלע בתי־מדרשים און שטיבלעך, האָבן יידן פארבראכט אין תפילה און אין תורה און אפילו אין סאָציאלע און פּאָליטישע שמועסן. עס האָט אין די אלע ערטער, געברויזט א קערנדיק יידיש לעבן, וואָס איז געווען פאר־וואָרצלט זינט צענדליקער דורות, און עס האָט זיך קיינעם נישט געחלומט, אז עס וועט קומען א טאָג ווען דאָס אלץ וועט אויסגעריסן ווערן צוזאמען מיטן וואָרצל. ליידער, איז דער דאָזיקער ביטערער טאָג געקומען... חבל.

# די מעזריטשער דרוקעריי

אין דער געשיכטע פון יידישן דרוק־וועזן, פארנעמט נישט מעזריטש קיין באזונדער אָנזעעוודיקן פּלאַץ און אין קיין איינע פון די ארבעטן, וואָס זיינען ביז איצט פארעפנטלעכט געוואָרן וועגן יידישע דרוקערייען אין פוילן, געפינען מיר נישט דערמאָנט דעם נאָמען פון מעזריטש. די סיבה, פארוואָס די מעזריטשער דרוקעריי פיגורירט נישט אין ערגעץ, פארענטפערט זיך דערמיט, ווייל אייגנטלעך האָט די מעזריטשער דרוקעריי געדרוקט זייער ווייניק ספרים, און, השנית, די דרוקעריי איז איינגעשטעלט געוואָרן ערשט אין 1913, קורץ פאר דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און זי האָט נישט באוויזן צו דערלאַנגען פאר זיך אן אָרט אינעם רעגיסטער פון דרוקערייען און איז, מהמת דעם, פארבליבן אומבאקאנט.

די מעזריטשער דרוקעריי, איז געגרינדעט געוואָרן פון ישעיה יוסף ראַגאָזשיק אין יאָר 1913. דער פארנעם פון דער דרוקעריי איז געווען א באשיידענער און, פארשטייט זיך, אז דעם זאַץ האָט מען — אזוי ווי איבעראל אין יענער צייט — צוזאמענגעשטעלט מיט קאסטן־שריפט, קלייבנדיק אות ביי אות מיט דער האנט. דאָך האָט די דרוקעריי באוויזן ארויסצוגעבן עטלעכע ספרים.

דער מחבר פון איין ספר, איז געווען ר' דוד ווייסמאַן. ער אליין האָט געשטאמט פון דעם שכנותדיקן שטעטל פּארטשעוו. קיין מעזריטש איז ער געקומען אלס יונגערמאן, דוכט זיך, אז ער איז געווען א מעזריטשער איידעם. דאָס יאָר, ווען ער איז אָנגעקומען קיין מעזריטש, איז מיר נישט באקאנט. אין זיין משפחה האָט מען דערציילט, אז ער איז שוין געווען אין מעזריטש אין דער צייט פון „עונג יום טוב". אויב דאָס זאָל זיין אזוי, איז ער געקומען פאר דער דאטע פון תרי"ט. ער זאָל אויך האָבן מסדר געווען א טייל פון דעם ספר „עונג יום טוב". זיכער איז, אז ער האָט מסדר געווען דעם ספר „עזרת ישראל" פון א צווייטן מעזריטשער רב, ר' ישראל־איסר שאפּירא. דער מחבר אין זיין הקדמה, דריקט אים אויס דערפאר א בפירושן דאַנק. פון פאך איז ער געווען א סופר און שטאָט־שמש. צומערשט איז ער געוואָרן הויפּט־שמש. פארצייטנס, האָט דער פּאָסטן געהאט א גאָר וויכטיקן באדייט. שפּעטער, ווען עס איז בטל געוואָרן די יידישע אויטאָנאָמיע אין פוילן, זיינען די פונקציעס פון דעם שטאָט־

שמש געוואָרן שטארק באגרענעצט. דאָך איז ער נאָך אלץ געווען א וויכטיקער באאמטער פון קהל. ער איז געווען דער אָפיציעלער שמש פון בית־דין (דער צווייטער שמש, וואָס האָט געהאַט א קהלשן כאראקטער, איז געווען דער שמש פון דעם גרויסן בית־המדרש, וואָס איז אויך געווען אַן אָפיציעלע שטאָטישע אינסטיטוציע, בעת די אנדערע בתי־מדרשים זיינען, לעולם, געגרינדעט געוואָרן פון חברות אָדער פּריוואטע גרופּעס, אָבער נישט דירעקט פון דער קהילה), ער האָט געדארפט דאווענען פארן עמוד, ווען עס האָט געפעלט דער חזן און עס איז נישט געווען קיין בעלי־תפילה, וועלכע מען זאָל קענען צולאָזן צום עמוד. ער איז אויך געווען דער בעל־קורא. ר׳ דוד ווייסמאַן, איז אָבער געווען עפּעס מער פון דעם. ער האָט געהאַט גאָר גרויסע יידיש קענטעניש. ער האָט גע־קענט גוט לערנען און איז געווען א בקי אין דער אגדה־ליטעראַטור און אין מוסר־ספרים. אחוץ דעם, איז ער געווען א גרויסער קענער פון דער העברעאי־שער ליטעראטור — נאטירלעך פון דעם מליצהדיקן סטיל. אויך די השכלה־ליטעראטור, איז אים נישט געווען פרעמד. מיט אים צו פארברענגען, איז גע־ווען אַן אמתער פארגעניגן, ווייל זיין הומאָר, וויצן און גלייכווערטלעך —סיי לומדישע און סיי חולינדיקע— זיינען געווען גאנץ אָריגינעל און האָבן שטענ־דיק אויפגעהייטערט די ציהערער. אין שטאָט פלעגט מען זיך ארומטראָגן מיט זיינע גלייכווערטלעך. זיין אייניקל —חיים גלעד, פון ישראל— האָט אָפּגע־דרוקט א צאָל פון זיין זיידעס גלייכווערטלעך אין דעם זשורנאל פאר פאָלקלאָר „ידע עם" (ירושלים, 1952).

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער מחבר געווען דעם „ספר המדות", וואָס איז באזירט אויף די רייד פון שלמה המלך אין משלי, שיר השירים און קהלת. דער ספר איז געשריבן אין לשון־קודש און אין יידיש אין דעם סטיל פון אַפאָריזמען און יעדער אַפאָריזם איז באזירט אויף א פּסוק. דער דאָזיקער ספר, איז געווען דער ערשטער צו דערשיינען אין דער דרוקעריי, וואָס ראָגאָזשיק האָט געעפנט און דער בחור הזעצער, איז געווען ה׳ מאָטל ברוק. מיט יאָרן שפּעטער, האָט דאָס ספר זוכה געווען צו א נייער אויפלאגע. דוכט זיך, אז ער האָט אויך ארויסגעגעבן דעם ספר „חכמת שלמה" (וואָס ווערט מיוחסט צו שלמה המלך) צוזאמען מיט א יידישער איבערזעצונג. ער האָט דאָרט אויך אָפּגעדרוקט די ספרים „ספר הסגולות", „ימי שהתות" א. א.

צום „ספר המדות" איז אויך צוגעגעבן די באגריסונג, וואָס ר׳ דוד שמש האָט געשיקט צום צאר ניקאָליי אין 1913, ווען מען האָט געפייערט 300 יאָר זינט דעם ערשטן צאר פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. סיי די באגריסונג און סיי דער ענטפער, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דעם קייסערס פּאַלאַץ, זיינען געווען אין יענער צייט די סענסאציע אין שטאָט.

א צווייטער ספר, וואָס איז אָן שום ספק א יקר־המציאות און פון א באַ־זונדערער אָריגינאַליטעט, איז די הגדה של פּסח, וואָס דער מעזריטשער משכיל,

# ספר המדות

דלה מ׳ש׳ק׳ה׳ ממעיני

# שלמה המלך ע״ה

הספר הזה ממקום קדוש יהלך, תוכו רצוף חכמה, מדות טובות, ומוכר השכל, נפכים מים חיים, ממעין טהור, ונובעים מבארות כתבי הקדש **משלי, שיה״ש, קהלת** כל מדה נכונה לקח נפשות, להשכיל להיטיב, ועליהם יש מראה מקום המדות בכתובים. עשיתי למו ציונים ותקונים. והעתקתי אותם לתרגום אשכנזי, למען יתענגו בו כל ישרי לב.

דער **ספר המדות** איז ארויסגענומען פון די הײליגע שריפטען משלי, שיה״ש, קהלת. פון דעם בעריהמטען וועלט-חכם **שלמה המלך ע״ה** אין זײ איז די הײליגע אונד די רײנע קוועלע פון אלע גוטע מדות. דער לע־זער וועט זיך פערשאפען פיעל פערגע־ניגען און וועט שעצען דעם ארויסגע־בער פיר דיעזען ווערק.

המו״ל **דוד ווייסמאן** במעזריטש.

**ולמען** יאחז איש במדת השתיקה, ולחדול מדבורים האסורים, העתקתי „סיפור נפלא״ ממכתב הרב הגאון וכו׳ מוהר״ר חיים ברלין זצ״ל.

יש ת״י הסכמות מגדולי ארץ, נודרי נדר ועומדים בפרץ, ואי״ה כשאוציא לאור ס׳ המדות מהדלים אדפיס הסכמותיהם.

פנים הספר ומראות המקומות הוא מס׳ אבני נזר מהמחבר הר׳ חיים אליעזר מושקאט, אשר קניתיו לצמיתות כפי השט״ם בח״י.

---

# מעזריטש

בדפוס ישעי׳ יוסף ראגאזיק

תרע״ד.

---

# СЕФЕРЪ ГАМИДОСЪ

Этика Короля Соломона

**ПЕРЕВОД. Д. ВАЙСМАНЪ**

**МЕЖИРѢЧЬЕ**

**Типографія Ш. І. Рогожина**

**1913.**

שער-בלאט פון ספר המדות

# אמר אני מעשי למלך.

יען כי בשנה הזאת 21 פעוראל 1913, היה יום חגינת כתר מלוכת לבית ראָמאַנאָוו׳ למלאת לו של״ש מאות שנה, אמרתי להביא ברכה אל בית הספר, את אשר אצלתי ושלחתי לארננו הקיסר יר״ה לחגיגה הנ״ל, ונתכבדתי באותיות אהבה ות״ח מהמיניסטערסטווא הממנה על חצר בית המלך יר״ה דען 9-טען אווגוסט 1913.

הברכה הזאת מקורה **בתורת משה** בספר דברים יז כ, כו יט, כח פו.

## למען יאריך ימים על ממלכתו הוא ובניו בקרב ישראל:

## ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה לתהלה ולשם ולתפארת:

## ובאו עליך כל הברכות האלה והשיגוך:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| לכבוד | כל | אב | ותמלכה | ומכורנת, | במדינת |
| מ״ך | תתרומם, | לרוסיא, | יחיה, | לחגיגת | רוסיא |
| עזוז | ויחיו | ומלכותו | מצוים | תפארת | כלת, |
| ניקאלי | המה, | לעד | אנחנו, | פאר | ולעד |
| יחיה, | ובנם | הכון, | שנבקש | ארננו, | תכון |
| אלכסנדרא | אלכסי, | תתגדל | רחמים, | ראש | הממשלת, |
| ר[illegible] | וישב | כתרו | עבור | תפארתנו, | אשר |
| יונט | בכסאו | עד | שלום | וכל | לאדננו |
| כלילת | נפש | לאריכת | המלך, | ברכות | הקיסר, |
| יופי, | יקרתו, | ימים | לפרוש | אלת, | ורעיתו |
| משמים | ופל | ושנים, | תמיד | וברכת | הקסרית |
| יתנשא | בית | נפשנו | תחסד | עבדיו | שיחיו, |
| מלכותם, | קהל | עצמת, | לבניו, | למלכם, | יתעלה |
| עליון | ראמאנאף, | לחת | הנכנעים | יכתירו | גדולתם, |
| לכל | ברוכים | כבגד | ושומעים | כתר | ויתנשא |
| ממלכות, | יחיו, | לכבוד | לפקודתו, | כבוד, | כבודם, |
| מלכתם | שנכתר | המלך | שעה | לראמאנאוו | אמן, |
| לעיני | ראשון | גדול, | מוצלחת | המושל | ואמן, |

המברך והמשתחוה להדם רגליהם באהבה ויראת, ברתשי כבוד ויקר אם כבנים אם כעבדים **דוד ווייסמאן** מעזריטש, פלך לובלין.

## שנת ויחי המלך רוסיא הגדול והמלכה ובנידם לפ״ק

ידעי היקר הר״ר א״י שלמאן בא נ״כ בח״י על הברכה הנ״ל ולקח גם הוא חבל בתודת המניסטוו.

די באגריסונג צום צאר ניקאָליי

חיים אליעזר מושקאט, האט איבערגעזעצט אין יידיש מיט גראמען. די דאזיקע הגדה איז ספעציעל אינטערעסאנט צוליב די פשטים און אויפקלערונגען וועגן די דינים פון פסח. די הגדה האט אויך אן הקדמה, וואס גיט איבער די אנט־וויקלונג פון דער הגדה און די פארשידענע נוסחאות. אויך די הגדה איז גע־דרוקט געווארן ביי ראגאזשיקן אין 1913 *).

מושקאט האט אויך פארעפנטלעכט א ספרל וועגן נאטור־וויסנשאפט, וואס איז א העברעאישע איבערזעצונג פון דייטש **).

מחמת דעם, וואס די הגדה פון חיים אליעזר מושקאט איז ווייניק באקאנט, וועלן מיר איבערגעבן א טייל פון זיינע איבערזעצונגען אזוי ווי זיי זיינען דארט געמאכט, אין פערזן:

קדש: גיס אן דעם כוס און מאך קידוש —
מיט א נגון, ערנסט יודיש.

ורחץ: דעם וואשען הייס דיר צוטראגען,
קיין על נטילת ידים דארפסטו נישט זאגען.

כרפס: איינגעטונקט אין זאלצוואסער פון ירקות א זאך
און בורא פרי האדמה דאריבער מאך.

יחץ: די מיטעלסטע מצה אין צווייען שפאלט,
און די גרעסערע העלפט פאר אפיקומן בעהאלט.

מגיד: יעצט הויב אן פון יציאת־מצרים צו דערצעלען
מיט א ניגון, ווארט ביי ווארט, זיך נישט איילען.

רחצה: יעצט וואש דיר די הענט צום עסען,
אין על נטילת־ידים זאלסטו נישט פארגעסען.

מוציא: נעם די מצות אין די האנד
און מאך א מוציא איבער אלע ביינאנד.

מצה: די אונטערשטע מצה לאז פון האנד ארויס
און על אכילת מצה מאך איבער די אויבערשטע בלויז.

מרור: טונק איין אין חרוסת פון ירקות א ביטערע זאך
און על אכילת מרור דאריבער מאך.

כורך: פון דער דריטער מצה א שטיקעל מיט מרור עס
און זכר למקדש דאריבער צו זאגן נישט פארגעס.

*) די דאזיקע זעלטענע הגדה׳ האב איך באקומען פון ר׳ חיים ליבערמאן, ביבליא־טעקאר ביים ליובאוויטשער רבין; מעגלעך אז דאס איז דער איינציקער עקזעמפלאר, וואס איז פאראן אין נ. אמעריקע און אפשר פון די איינצלנע פארבליבענע אין אלגעמיין.

**) ת. א. מושקאט׳ „ההולך על שתים" באארבעט לויט קארל עוואלד׳ בענדין׳ תר"ע.

# סדר הגדה

## לילי פסח

עם באורים והערות רבות ומועילות, ובראשה מבוא על דבר מקור נוסח ההגדה והתפתחותו, גם מתורגמים כל דברי ההגדה ליהודית המדוברת בחרוזים נאים.

מאת

**חיים אליעזר בהר"ב ז"ל מושקאט.**



**מעזריטש**

נסדר בדפוס ישעי' יוסף ראנאזיק

תרע"ד.

---

## СЕДЕРЪ АГАДА

т. е. молитвенникъ для Пасхальныхъ ночей.

**Съ коментаромъ и переводомъ Х. Л. Мушката.**

МЕЖИРѢЧЬЕ

Набрано въ Типографіи Ш. І. Рогожика.

1913.

שער-בלאט צו דער הגדה פון חיים אליעזר מושקאט

שלחן עורך: יעצט נעם עס און טרונק געזונטערהייט
פון אלעם גוטן וואָס דו האָסט צוגעגרייט.

צפון: דערנאָך זאָלסטו אויך זיך אין אפיקומן נישט פארגעסען
און יעדען פון איהם א שטיקעל געבען צו עסען.

ברך: האָסט געגעסען און געטרונקען דו מענש
גיס אָן דעם דריטען כוס, נעהם און בענש.

---

„און פריער עפען אויף די טיהר און גיב א קוק
אויב ס׳דראָהעט אויף דיר חלילה נישט אנאומגליק,
אויב מ׳האָט דיר נישט געוואָלט מאכען חלילה
עפעס א מין פאלשען בלבול, פון דעם אנ׳עלילה.
און זאָג שפוך חמתך, עראינערדיג זיך וואָס אמאָל
פלעגען אויף אונז פאלשע בלבולים מאכען שונאי ישראל״.

שפוך חמתך: „גיס אויס דיין פייערדיקען צאָרן זאָלען זיי ברענען,
די אלע היידען וואָס האָבען דיך נישט געוואָלט קענען,
די אלע וואָס האָבן נישט געוואָלט פון דיין נאָמען וויסען,
זאָלען האָבען א מפלה, ווערען אויסגעריסען,
ווייל צו פארטיליגען דאָס פאָלק יעקב האָט זיך זיי פערגליסט
און זיין לאנד און בית המקדש פארברענט, פארוויסט.
גיס אויס אויף זיי דיין פייערדיגען צאָרן
פון אונטער גאָט׳ס הימעל זאָלען זיי ווערען פערלאָרען״.

### חד גדיא

א ציגעלע א קליינס, א יונג׳ס, א שענ׳ס
וואָס צוויי זוזי האָט דער פאָטער נישט געקארגט
געקויפט און א היים געבראכט פון מארקט.
א ציגעלע א קליינ׳ס, א יונג׳ס, א שענ׳ס

### ואתא שונרא

איז געקומען די קאַץ,
און מיט נעגעל א זאַץ,
אין רחמנות גאָר פארגעסען,
און דאָס ציגעלע אויפגעפרעסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס א. אז. וו.

### ואתא כלבא

איז דער הונד געקומען
און צו דער קאַץ זיך גענומען
וואָס האָט אין רחמנות פארגעסען
און דאָס ציגעלע אויפגעפרעסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס א. אז. וו.

### ואתא חוטרא

איז געקומען דער שטעקען געשווינד
און שטארק געשלאָגען דעם הונד,
פארוואָס ער האָט די קאַץ געביסען
וואָס האָט דאָס ציגעלע צעריסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

### ואתא נורא

איז געקומען דאָס פייער מיט רעש
און פארברענט דעם שטעקען אויף אש
וואָס דער רוח האָט איהם אָנגעטראָגען
און דעם הונד שטארק געשלאָגען
פארוואָס ער האָט די קאַץ געביסען
וואָס האָט דאָס ציגעלע צעריסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

### ואתא מיא

איז געקומען דאָס וואסער א צינד
און האָט פערלאָשען דאָס פייער געשווינד,
וואָס האָט מיט אזא רעש
פארברענט דעם שטעקען אויף אש,
פארוואָס ער איז צום הונד געקומען
און זיך פאר די קאַץ אָנגענומען,
וואָס האָט זיך אין רחמנות פארגעסען
און דאָס ציגעלע אויפגעפרעסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

### ואתא תורא

איז געקומען דער אָקס צו לויפען
און האָט דאָס וואסער אויסגעזויפען

וואָס איז צום פייער געקומען
און זיך פאר׳ן שטעקן אָנגענומען,
וואָס איז אויפן הונד אָנגעפאלען
און איהם געמאכט וואונדען אוןביילען,
פארוואָס ער האָט די קאץ געביסען
וואָס האָט דאָס ציגעלע צעריסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

## ואתא השותט

איז דער שוחט מיט׳ן חלף געקומען
און האָט זיך פאר׳ן וואסער אָנגענומען,
און געשחטען דעם אָקס אויפ׳ן אָרט
וואָס האָט אויסגעטרונקען דאָס וואסער דאָרט,
וואָס האָט פארלאָשען דאָס פייער מיט רעש
פארוואָס ער האָט פערברענט דעם שטעקען אויף אש,
וואָס דער רוח האָט איהם אָנגעטראָגען
און דעם הונד שטארק צעשלאָגען,
פארוואָס ער האָט די קאץ געביסען
וואָס האָט דאָס ציגעלע צעריסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

## ואתא מלאך המות

איז געקומען דער מלאך המות
און איהם געשחטען גאָר אָהן קאטאָוועס
פארוואָס ער איז צום אָקס מיט׳ן חלף געקומען
און זיך פארן וואסער אָנגענומען,
פארוואָס ס׳האָט דאָס פייער אויסגעלאָשען געשווינד,
פארברענט דעם שטעקען וואָס האָט געשלאָגען דעם הונד,
פארוואָס ער האָט די קאץ געביסען
וואָס זי האָט דאָס ציגעלע צעריסען.
א ציגעלע א קליינ׳ס...

## ואתא הקדוש ברוך הוא

איז גאָט ברוך הוא געקומען מיט זיין גרויסע מאכט
און געשחטען דעם מלאך המות, פון דער וועלט אומגעבראכט,
פארוואָס ס׳האָט איהם פערגליסט
צו שחטען דעם שוחט גאָר אומזיסט.

וואָס איז געגאַנגען אין וועג דעם רעכטען
אַז מ׳דאַרף דעם אָקס שחטען,
וואָס איז געקומען צום וואַסער צו לויפען
און ביז איין טראָפען אויסגעזויפען,
ווייל ס׳איז צום פייער געקומען
און זיך פאַר׳ן שטעקען אָנגענומען
און פעדברענט איהם אויף אַש געשווינד,
ווייל ער האָט געשלאָגען דעם הונד,
פאַרוואָס ער האָט די קאַץ געביסען,
וואָס האָט דאָס ציגעלע צעריסען,
וואָס צוויי זוזי האָט דער פאָטער נישט געקאַרגט
געקויפט און א היים געבראַכט פון מאַרקט,
א ציגעלע א קליינ׳ס, א יונג׳ס, א שענ׳ס.
יאָ די קאַץ איז דאָס געווען זעהר ווערט
נאָר האָט מען דען א מאָל געהערט,
אַז א הונד זאָל זיך וועגען יושר אינטערעסירען
און דער גורל פון א ציגעלע איהם בעריהרען
ער וויל נאָר בייסען, דאָס איז זיין נאַטור,
פון יושר און רחמנות ווייסט ער נישט קיין האָר״.

ה׳ מושקאַט איז אויך געווען א צוגערייזטער און שפּעטער געוואָרן א תושב פון מעזריטש. אין איר פּראָגרעסיווער אַטמאָספערע, האָט ער זיך געקענט אויסלעבן מיט מער פרייהייט ווי אין לוקאָוו, פון וואַנען ער איז געקומען, אָדער פון דער רבישער־חסידישער משפחה, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט (ער איז געווען אן אייניקל פון דעם פּראַגער רב און רבי ישעיה מושקאַט).

צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אינעם פּעריאָד ווען דאָס פּאָליטיש־יידישע לעבן האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט, צוזאַמען מיט דעם סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן, האָבן זיך אין ראַגאָזשיקס דרוקעריי, ווי אויך אין דער צוגעקומענער דרוקעריי פון ה׳ מאָטל פעלדמאַן, געדרוקט בלערליי בראָשורן, וואָכנצייטונגען און פלוגבלעטער. ליידער, איז בלויז א גאָר קליינער טייל פאַרבליבן פון דעם געדרוקטן וואָרט אין מעזריטש און מיר ברענגען אַלס אילוסטראַציע א טייל פאַטאָסטאַטן פון דעם פאַראַנענעם, אַלס זכרון עולם.

# מעזריטשער רבנים

אין אונדזער פאָרוואָרט, האָבן מיר אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן ביי־שטייער, וואָס מיר האָבן געפונען אין דער ארבעט פון ר׳ מרדכי (גערופן מאָטל) פרידמאַן, אלס מקור פון אינפאָרמאציע. מיר האָבן זיך באצויגן אויף זיין חיבור „בר אבהן״, וועלכער באשטייט פון אָפּשריפטן, וואָס ער האָט געמאכט פון די שטאָטישע פּנקסים וועגן רבנים און דיינים אין מעזריטש *), ווי אויך א רשימה פון חשובע נפטרים.

איצטער, ווען מיר האלטן ביי די קאפּיטלען, וואָס דערגענצן די געשיכטע פון אונדזער שטאָט, האלטן מיר פאר נויטיק צו מאכן אייניקע באמערקונגען אויפן חשבון פון דער דאָזיקער פאר אונדז ווערטפולער ארבעט, וואָס ר׳ מאָטל פרידמאַן האָט אונדז איבערגעלאָזט. קודם־כל, וועגן דעם, ווי אזוי ער האָט גע־שריבן דעם דאָזיקן חיבור זיינעם, וואָס געפינט זיך, צייטווייליק, אין מיין רשות. וועגן דעם וועלן מיר לאָזן אים אליין דערציילן, ווי ער טוט עס אין זיין הקדמה, וואָס מיר זעצן איבער:

„בעזהש״י, איך בין מסדר די רשימה פון די רבנים פון אונדזער שטאָט מעזריטש דליטא יע״א (יבנה עירנו אמן) פון אן ערך 200 יאָר. כאָטש זי (מעזריטש) איז אן אלטע שטאָט פון איבער 500 יאָר (אפשר האָט ער געהאט ספּעציעלע ידיעות וועגן דעם אלטן יידישן ישוב. — מ.ע.), אָבער קיינער פון אונדז ווייסט נישט, וואָס דעמאָלט האָט פּאסירט, מחמת דעם, וואָס די אלטע פּנקסים זיינען פארלוירן געגאַנגען אָדער זיי זיינען פארברענט געוואָרן.

„אין מיינע הענט זיינען געווען דריי פּנקסים:

„(א) — דער פּנקס פון בית־דין. די ערשטע פארשרייבונג אין דעם פּנקס, איז פון י״ט תשרי (חול המועד סוכות) תקמ״ב (1782), א קאָפּיע פון א שטר־מכירה און איז געחתמעט פון הק׳ אברהם החו׳ (נה) פה ק״ק מעזריטש יצ״ו.

„(ב) — דער פּנקס פון די שטעט אין בית־הכנסת (שול) און אים האָט מען

---

*) דער דאָזיקער העפט, איז איינער פון די עטלעכע און צוואַנציק העפטן, וואָס ער האָט אויפגעשריבן וועגן מעזריטשי סדר היוחסין א. אז. וו. כמעט אלע איבעריקע זיינען פארלוירן געגאנגען.

אָנגעהויבן שרייבן ראש־חודש מ׳ אב, תקכ״ג (1763). און מען האָט דאָרט קאָפּירט אייניקע זאַכן פון דעם אַלטן פּנקס.

„(ג) — דער פּנקס פון דער חברה־קדישא; אין אים האָט מען אָנגעהויבן שרייבן כ׳ שבט, תקכ״ז (1767) און עס געפינען זיך איבערשריפטן פון דעם אַלטן פּנקס, וואָס שטאַמען פון יאָר תס״ד (1704) און ווייטער.

„מחמת דעם, וואָס אין די עלטערע פאַרצייכענישן ווערט דאָס יאָר און טאָג פון דער פּטירה נישט ריכטיק אָנגעגעבן און... עס פעלן צוויי בלעטער, כמעט באַלד ביים אָנהויב; געוויסע ערטער אין די פּנקסים, בפרט אין דעם פּנקס חברה־קדישא, זיינען אָפּגעשפּרונגען און מען קען זיי נישט לייענען ריכ־טיק; און אין אַ סך ערטער זיינען פאַרצייכנט חשובע מענטשן און מען דער־קענט נישט זייערע נעמען — דעריבער בין איך מסדר דאָס, וואָס איז כּאָטש איבערגעבליבן, וואָס איך קען ריכטיק איבערלייענען. איך האָב זיך אויך באַ־נוצט מיט מצבות, וועלכע איך האָב געקענט איבערלייענען, אויפן אַלטן בית־עולם. אָבער, די מערסטע מצבות, ביז דעם יאָר תק״ע, זיינען שוין געווען איינ־געזונקען אָדער צעגנבעט. די איבערגעבליבענע, זיינען זייער ווייניק און עס איז זייער שווער זיי איבערצולייענען. און, היות, מ׳האָרף אָפּגעבן אַ סך צייט אויף דעם און איך בין חס אויף דער צייט וואָס מען מוז אויף דעם פּטרן, דער־ריבער בין איך מסדר, ווי ווייט מיין מעגלעכקייט גרייכט. אָבער, אין מדרש בלא חידוש (ד. ה., ער זאָגט צו, אז עס וועט נישט זיין עפּעס סתם אַ קאָמפּי־לאַציע, נאָר ער וועט זיך באַמיען פעסטצושטעלן פאַקטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער געשיכטע פון די רבנים אין מעזריטש. דעריבער טאַקע, האָבן מיר אָנגערופן ר׳ מאָטלס ארבעט „חיבור״, ווייל עס איז מער ווי אַ קאָמפּילאַציע אָדער אַ קאָפּיע, — מ. ע.).

„איך פאַרצייכן אויך די דיינים, לויט די פּנקסים און מיט עפּעס אַ צוגאָב. אזוי פאַרצייכן איך אויך וויכטיקע נעמען, וואָס איך האָב באַוויזן דורכצולייענען און אייניקע אפילו נישט וויכטיקע נעמען, כדי עס זאָל בלייבן נאָך זיי אַ גוּ־טער זכר״.

ווי מיר זעען פון דעם אריינפיר, האָט ר׳ מאָטל זיך באַנוצט מיט ערשטע מקורים און ער האָט זיך אויך באַנוצט מיט זיינע גרויסע ידיעות אין דער רבנישער ליטעראַטור און דאָס גיט צו זיין ארבעט אַ באַזונדערן חשיבות. מיר ווילן אויך צוגעבן, אז אויפן סמך פון זיין ארבעט און מיט דעם צוגאָב פון אנדערע מקורים, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צוצוגעבן נאָך אַ קאַפּיטל, נעמלעך, „מגידים אין מעזריטש״. נאַטירלעך, וועלן מיר ר׳ מאָטלס מאַטעריאַלן באַהאַנדלען אונטער אַ געוויסן אייגנעם קריטעריום און אין די ראַמען פון איי־גענע ידיעות, צוגעבנדיק די באַמערקונגען, וועלכע מיר האַלטן פאַר וויכטיק אויף צו דערגענצן זיין זייער חשובער ארבעט.

1. — הג"ר (הגאון ר') צבי הירש הלוי מווילנא ז"ל. היה בתחילה ר"מ ואה"ז (ואחר זאת) היה אבד"ק מעזריטש (זע „הפלס", צווייטער יאָרגאַנג, ז. 622, נומער כ"ד. דאָרט ז. 684) נראה לי דהיינו מעזריטש שלנו. וגם קרוב הוא שהוא ז"ל היה חותנו של הרב ר' אברהם ז"ל, האב"ד דקהילתנו, ומילא מקומו, וקרא שם בנו אחריו — ... איך מיין, אז דאָס איז אונדזער מעזריטש; און עס איז אויך אָנצונעמען, אז ער איז געווען דער שווער פון זיין ממלא-מקום ר' אברהם און דעריבער האָט ער א נאָמען געגעבן דעם זון נאָך זיין שווער"

ר' מאָטל האָט ר' צבי הירשס נאָמען נישט געטראָפן אין דעם פנקס. ווי ער אליין ברענגט, האָט ער דעם נאָמען געפונען אין „הפלס", אין דעם ארטיקל וואָס דער באקאנטער היסטאָריקער פון רבנים, ר' יוסף לעווינשטיין, סעראָצקער רב *) האָט עס דאָרט פארעפנטלעכט.

פון וואנען האָט עס ר' מאָטל פרידמאן גענומען, אז עס רעדט זיך פון אונדזער מעזריטש? ער גיט אָן צוויי ראיות וואָס, אין פלוג, לייגן זיי זיך אויפן שכל: ער מיינט, אז ער איז געווען דער שווער פון זיין ממלא-מקום — ר' אברהם, והא ראיה: דעם לעצטנס זון האָט אויך געהייסן צבי הירש.

די השערה, אז דאָ רעדט זיך וועגן מעזריטש דליטא, אָדער פּאָדליאַשע, איז גראָד א ריכטיקע. אין אונדזער קאפיטל וועגן „בראשית פון מעזריטש", דערמאָנען מיר דעם רב צבי הירש און מיר זיינען אויך געקומען דאָרט צום אויספיר, אז זיין דערמאָנען אלס מעזריטשער רב, מיינט טאקע אונדזער מעזריטש. אויך זיין השערה, אז ר' צבי הירשס ממלא-מקום, ר' אברהם, איז געווען זיינער אן איידעם, איז מעגלעך א ריכטיקע, כאָטש נישט אבסאָלוט זיכער, וואָרום ר' צבי הירש איז נפטר געוואָרן נישט שפּעטער ווי אין ת"ל (1670), בעת ר' אברהם איז נפטר געוואָרן מיט גאנצע 45 יאָר שפּעטער. אָבער, ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אז דער ר' אברהם איז געווען זיין איידעם, איז אָבער די ראיה, וואָס ער גיט אָן — אבאָסלוט אָן א יסוד; עס איז גאָר נישטאָ קיין ספק, אז דער צווייטער ר' צבי הירש האָט בכלל נישט געהאט קיין שייכות מיט דעם רב ר' אברהם, דער כלומרשטער איידעם פון ר' צבי הירש ווילנער און דער וואָס דערשיינט דער ערשטער אין ר' מאָטלס ליסטע, ווי אויך דער ערשטער אין דעם פנקס, פון וואנען פרידמאן האָט ארויסגענומען די נעמען פון די מעזריטשער רבנים, ווי מיר וועלן דאָס באווייזן אין דעם פאראגראף 3.

2 — הרב המאור הגדול ר' אברהם ז"ל בהרב ר' יהודה ליב ז"ל ככתוב על המצבה: איש צדיק וישר הרב אב"ד דקהילתנו כבוד מו' אברהם

*) מיר וועלן נאָך דערמאָנען דעם נאָמען ביי פיל געלעגנהייטן, אויך דערפאַר וואָס ער האָט געשטאַמט פון מעזריטשער עלטערן.

בהרבני מו׳ יהוד׳ ליב זצ״ל נפ׳ (טר) ביום כ׳ מנחם (אב) תע״ה לפ׳ (ק) תנצב״ה.

אָט דער דאָזיקער ר׳ אברהם, האָט עס געזאָלט זיין, לויט פרידמאַנס השערה, דער איידעם פון דעם אובנדערמאָנטן ר׳ צבי הירש ווילנער.

3 — רבנו הרב המאור הגדול ר׳ צבי הירש ז״ל. מנוחת כבודו י״ד תמוז תצ״ד...

פרידמאַן דערציילט אויך, אז ר׳ צבי הירש האָט געהאַט צוויי ווייבער. די ערשטע האָט געהייסן רייזיל. זי איז געווען א טאָכטער פון דעם בריסקער רב — ר׳ מרדכי גינצבורג; די צווייטע פרוי, פייגעלע, איז געווען א טאָכטער פון דעם באַרימטן ר׳ יצחק זשאלקאָווער (מיר וועלן נאָך שרייבן וועגן אים. — מ. ע.). זי האָט אים איבערגעלעבט 53 יאָר. ווען ער האָט איר גענומען איז זי געווען א יונגע מיידל. (אינטערעסאַנט, אַז דער ערשטער שווער פון דעם מעזריטשער רב, ר׳ מרדכי גינצבורג, איז אויך געווען אן איידעם פון דעם באַרימטן ר׳ יצחק זשאלקאָווער. דאָס מיינט צו זאָגן, אז ר׳ צבי הירשס ערשטע פרוי איז געווען א אייניקל פון ר׳ יצחק זשאלקאָווער און די צווייטע פרוי, א טאָכטער זיינע. — מ. ע.).

ווי מיר זעען, האָט פרידמאַן אָנגענומען אז דער דאָזיקער צבי הירש (כדי מיר זאָלן זיך נישט פּלאָנטערן, וועלן מיר אים רופן צבי הירש דער צווייטער), איז דער זון פון דעם אויבנדערמאָנטן רב ר׳ אברהם. פרידמאַן וויל אזוי אַרום אויפשטעלן א קייט פון רבנים פון איין משפחה; נעמלעך, ר׳ צבי הירש ווילנער (דער ערשטער), ר׳ אברהם, זיין איידעם; און ר׳ צבי הירש דער צווייטער— זיין אייניקל. אָבער, ווי געזאָגט, האָט זיין גאַנצער בנין נישט קיין יסוד.

דער אמת איז, אז ר׳ צבי הירש דער צווייטער, האָט זיך מיחס געווען צום באַקאַנטן גאון ר׳ אברהם חיים שור פון סאַטנאָוו, שפּעטער אין לעמבערג *). דאָס איז קלאָר פון דער הסכמה, וואָס ר׳ מרדכי, באַרימטער רב פון ליסא און זון פון ר׳ צבי הירש דער צווייטער, האָט געגעבן אויפן ספר „תורת חיים". נאָכדעם ווי ער לויבט דעם ספר און דעם מחבר, שרייבט ער זיך אונטער אזוי: „נאום הקטן מרדכי בלא״א מו׳ הרב ה״ה מוהר״ר צבי הירש נרו יאיר נין ונכד לבעל המחבר זצ״ל החונה ק״ק ליסא לע״ע שנת בתמים (תצ״ב)".

מיר זעען קלאָר, אז ער פאַררופט זיך אלס אייניקל פון דעם בעל „תורת חיים", צו וועמען דער מעזריטשער רב (נומער צוויי) ר׳ אברהם בהרב יהודה לייב, דער כלומרשטער פאָטער פון ר׳ צבי הירש (דער צווייטער), האָט גאָר־נישט קיין שייכות.

דאַקעגן ווייסן מיר פון א צווייטן רב, וואָס האָט אויך געהייסן ר׳ אברהם,

*) מחבר פון די באַרימטע ספרים „תורת חיים" אויף ש״ס (ערשטע אויפלאַגע לובלין שס״ח־1608) און „צאן קדשים" אויף קדשים (ערשטע אויפלאַגע וואַנזבעק תפ״ט־1729).

וועלכער איז געווען רב אין מעזריטש אין א צייט פריער פאר דעם אויבנדער־מאָנטן ר׳ אברהם בהרב יהודה לייב און ער האָט יאָ געהאַט א שייכות צו דעם מחבר פון דעם ספר „תורת חיים״, צו וועמען ר׳ צבי הירש דער צווייטער איז זיך מתיחס. אָט דער ר׳ אברהם פיגורירט נישט אין פרידמאַנס רשימה, ווייל ער האָט אים נישט געפונען אין דעם פנקס. און דאָס איז דערפאַר, ווייל די ערשטע רבנישע רשימה, וואָס ר׳ מאָטל האָט געפונען אינעם פנקס, שטאַמט פון יאָר תע״ה, בעת דער ערשטער, ר׳ אברהם, איז געווען רב אין מעזריטש אַ סך פריער און דער אלטער פנקס איז פארלוירן געגאנגען.

אונדזערע באַווייזן, אז עס איז געווען אין מעזריטש א פריערדיקער רב, וואָס האָט אויך געהייסן אברהם, זיינען צוויי:

1. מיר געפינען אים אלס איינער פון די רבנים, וואָס האָבן געגעבן הסכמות צו דער צווייטער אויפלאגע פון ספר „עולת יצחק״ (פראנקפורט ד״א, תנ״ב — 1692) פון ר׳ יצחק בה״ק מוה״ר ישעיה זצ״ל פון טאַרניגראָד. די הסכמה איז געחתמעט: „כ״ד (כה דברי) אברם הוא אברהם בא״א מו׳ ה״ה כמהר״ר צבי הירש מק״ק קרעמניץ... פק״ק מעזריטש דליטא תנ״ב״. אויך אין טעקסט ברענגט דער מחבר א קשיא, וואָס ער האָט געפרעגט דעם מעזריטשער רב, און דעם תירוץ וואָס ער האָט אים געגעבן, און ער באַצייכנט אים דאָרט אלס „ישיש״ (אלטער מאַן). מיר זעען אלזאָ, אז אין יאָר תנ״ב (און זיכער איז ער דאָרט געווען רב א סך פריער), איז אין מעזריטש געווען רב א געוויסער ר׳ אברהם, וועלכער איז געווען א זון פון ר׳ צבי הירש קרעמניצער, בעת דער צווייטער ר׳ אברהם, דער באַהויפּטעטער איידעם פון ר׳ צבי הירש ווילנער, וואָס דערשיינט אין פנקס און אין פרידמאַנס רשימה, האָט גאָר געהייסן ר׳ אברהם בהרב יהודה לייב. עס איז קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט צוויי מעזריטשער רבנים, וואָס ביידע האָבן געהייסן אברהם. דהיינו, דער ערשטער— ר׳ אברהם בר׳ צבי הירש פון קרעמניץ און א צווייטער — הרב אברהם בר׳ יהודה לייב.

2. אונדזער צווייטער באַווייז, אז אין מעזריטש איז געווען א רב מיטן נאָמען אברהם בהר׳ צבי הירש פאר דעם ר׳ אברהם בר׳ יהודה לייב, איז אונדז געגעבן געוואָרן פון דעם באַקאַנטן היסטאָריקער ישראל היילפּערין, מחבר פון דעם „פנקס ועד ארבע ארצות״ (ירושלים). היילפּערין שרייבט צו אונדז, אז אין דעם פנקס פון טיקטין *) (זייט 89, פאַראַגראַף קי״ג), האָט ער געפונען פאַר־צייכנט א באַשטעטיקונג פון דעם מעזריטשער שמש, אז ער האָט אויסגערופן דריי מאָל וועגן דער אבידה פון א וועקסל אויף 50 זלאָטים, געחתמעט פון די ראשים פון ק״ק טיקטין, וואָס האָט געהערט צו ר׳ מאיר באַרקאָווער. דער

*) דער פנקס איז אין מאַנוסקריפּט און געפינט זיך אין רשות פון ה׳ אברהם היילפּערין אין ירושלים.

שמש האָט זיך געחתמעט אין חודש אייר שנת ת"ן: „נאום יהודא ליב בן הר"ר יעקב הלוי זצ"ל עפשטיין, שמש דק"ק מעזריטש". אויך דער רב פון דער קהילה, באשטעטיקט דאָס אויסרופן וועגן דער אבידה אין זעלבן טאָג און חתמעט: „נא' (ום) אברהם הק' (טן) חונה פ"ק מעזריטש".

ווי מיר זעען, איז דער צווייטער דאָקומענט צוויי יאָר עלטער ווי דער ערשטער; עס איז, לכן, קלאָר אז מיר האָבן געהאט צוויי רבנים, וואָס האָבן גע־הייסן ר' אברהם; און דער ערשטער ר' אברהם, וועמענס פאָטער האָט זיך גע־רופן צבי הירש קרעמניצער, איז געווען א דירעקטער אייניקל פון דעם מחבר פון דעם אויבנדערמאָנטן ר' אברהם חיים שור, מחבר פון ספר „תורת חיים". ווייל צבי הירש קרעמניצער, איז געוואָרן רב אין דובנאָ און ער האָט ארויסגע־געבן דעם „תורת חיים" און ער באצייכנט זיך דאָרט אלס איידעם פון דעם מחבר.

אויפן דאָזיקן סמך באקומט זיך, בכן, אזא בילד פון מעזריטשער רבנים: 1. — ר' צבי הירש ווילנער; 2. — ר' נתן נטע קאצענעלנבויגן *); 3. — ר' אברהם בר' צבי הירש קרעמניצער; 4. — ר' אברהם בר' יהודה לייב (וואר־שיינלעך איז געווען נאָך איינער צווישן די צוויי אברהמס); 5. — ר' צבי הירש, זון פון ר' אברהם בר' צבי הירש קרעמניצער.

עס איז זייער אינטערעסאנט צו באמערקן, אז ר' יוסף לעווענשטיין, וועל־כער האָט זיך א סך אָפּגעגעבן מיט דער געשיכטע פון רבנים, און אודאי מיט דער געשיכטע פון זיין אייגענער משפחה — די משפחה פון בעל „תורת חיים" און זיינע שפּעטערדיקע דורות, האָט געמאכט א טעות אין דעם סדר־היוחסין. לויט אים קומט אויס, אז ר' צבי הירש דער צווייטער, איז געווען דער זון פון ר' אליעזר, אן איידעם פון ר' צבי הירש שור פון קראָקע, א זון פון ר' אברהם חיים שור, דער מחבר פון „תורת חיים" **). דעם זעלבן טעות האָבן געמאכט אלע אנדערע היסטאָריקער, איינגעשלאָסן דער גרויסער געלערנטער ר' שלמה בובער אין זיין ווערק „אנשי שם" (קראקא, תרנ"ה). זיי אלע האָבן אָנגענומען ר' יוסף לעווענשטיינס אינפאָרמאציע אָן שום קאָנטראָל וועגן זייער ריכטיקייט.

ווי מיר האָבן שוין פריער געשריבן, איז ר' צבי הירש דער צווייטער, אין זיין ערשטן זיווג, געווען דער איידעם פון דעם בריסקער רב ר' מרדכי גינצבורג. זיין טאָכטער, האָט געהייסן רייזל. געוויסע היסטאָריקער ווילן האָבן, אז גראָד פּארקערט: ר' מרדכים טאָכטער, איז געווען די צווייטע פרוי. אָבער, דאָס איז

*) דער זעלבער ר' נתן־נטע, וועלכער איז געווען נשיא פון דעם כולל אין ירושלים, ווו ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תמ"ט. ער איז געווען דער פערטער דור פון דעם לע־גענדארן פוילישן מלך פאר איין טאָג — ר' שאול וואל און פון אים האָט זיך פארצווייגט א באדייטנדיקע משפחה אין מעזריטש.

**) זע שער־בלאַט צום ספר „ברכת אברהם" פון ר' אברהם אבוש, פראנקפורטער רב, וואָס ר' יוסף לעווענשטיין האָט פארעפנטלעכט.

נישט ריכטיק, ווי ס'איז קלאָר צו זען פון די רשימות אין דעם „פנקס חברה־קדישא" פון מעזריטש. בלויז מיט זיין ערשטער ווייב האָט ר' צבי הירש גע־האט קינדער. כאָטש מיר ווייסן נישט גאַנץ באַשטימט וויפל קינדער ער האָט געהאט, ווייסן מיר אָבער זיכער, אַז ער האָט געהאט זין און טעכטער. עס איז אויך קלאָר, אַז צוויי פון זיינע באַרימטע זין — ר' מרדכי, רב אין ליסא און ר' אבישל פראנקפורטער — זיינען ביידע געבוירן געוואָרן אין מעזריטש. דאָס איז אויך די מיינונג פון ר' יעקב שפּיראָ אין איינע פון זיינע בריוו צו דובנאָוון. וועגן דעם צווייטן זון, וועלן מיר אין קומענדיקן פּאַראַגראַף שרייבן אויספיר־לעך, ווייל ער איז געווען מעזריטשער רב און ממלא־מקום פון זיין פאָטער.

מיר וועלן דערווייל, ביי דער געלעגנהייט, דערציילן עפּעס וועגן דעם גרויסן מעזריטשער בן־עיר, ר' מרדכי ליסער, וועלכער האָט בשעתו געשפּילט א גרויסע ראָל אין פּוילישן יידנטום: עס איז א סברא, אַז ר' מרדכי איז גע־בוירן געוואָרן באַלד נאָך זיין זיידעס טויט. דערפאַר טראָגט ער דאָך זיין זיידעס נאָמען — מרדכי. דעריבער מוז מען אָננעמען, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אומגעפער אין יאָר תמ"ט (1689). מן הסתם איז ער צומערשט געווען רב אין א רייע קהילות, ווייל עס איז נישט אָנצונעמען, אַז ער איז יונגערהייט אָנגע־קומען גלייך קיין ליסא, וואָס איז געווען צוליב איר אימפּאָרטאַנץ, איינע פון די באַרימטסטע רבנותן אין אמאָליקן פּוילן. אָבער, אַלס ליסער רב, געפינען מיר ר' מרדכין זייער אָפט דערמאָנט און אַלס אזעלכער, איז ער אויך פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון דעם בית־דין־הגדול, וואָס האָט עקזיסטירט ביים ועד ארבע ארצות. אַלע פראגעס, וואָס זיינען אין זיין צייט געשטאַנען אויפן סדר־היום פון פּוילישן יידנטום, זיינען אויך פאַר אים פאָרגעבראַכט געוואָרן, ער זאָל ארויסזאָגן זיין מיינונג. ווען עס איז אַנטשטאַנען דער טומל אַרום דער שבתי־צבי־באַוועגונג, וואָס האָט צעטיילט דאָס יידנטום אין צוויי לאַגערן, האָט ר' מרדכי אַרויסגעגעבן א חרם אויף אים און זיינע נאָכפאָלגער. שפּעטער ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מחלוקת צווישן ר' יעקב עמדין און ר' יהונתן איי־בעשוץ, ווען ר' יעקב עמדין האָט פאַרדעכטיקט אין שבתי־צביאיזם, האָט זיך ר' מרדכי געהאַלטן נייטראַל. טאַקע צוליב דעם, האָט ער אויף דעם פאַרלאַנג פון ר' יהונתן אייבעשוץ, געזאָלט זיין איינער פון די דריי רבנים, וועלכע האָבן געדאַרפט אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין, וועלכער פון די צוויי צדדים איז גערעכט. דאָס איז אָבער נישט צושטאַנדגעקומען, מחמת דעם, וואָס ר' מרדכי איז אינ־צווישנצייט געשטאָרבן: תקי"ג — 1753 (63).

ר' מרדכי האָט גענומען זיין קוזינע, יענטע, פאַר א ווייב. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם פראַנקפורטער דיין — רב גוטפריד אָדער גימפּל. דער לעצטער, איז געווען אַן איידעם פון ר' יצחק זשאָלקאָווער (64).

מחמת די חשיבות פון ר' יצחק זשאָלקאָווער —דער זיידע פון דער גרוי־סער רבנים־משפּחה פון מעזריטש, וועלכער ווערט באַצייכנט פון זיינע מיט־

ציטלער אלס הייליקער, גדול בתורה און שר. און ער האָט געשטאַמט פון גרויסן רבנישן יחוס*) — וועלן מיר אין קורצע ווערטער דערציילן עטוואָס וועגן אים:

ר׳ יצחק האָט געוווינט אין זשאלקעוו, וואָס האָט געהערט צו דער בארימטער פריצישער משפחה סאָביעסקי. ער האָט פארבראַכט כל ימיו אין תורה און עבודה און זיך געעוסקט אין קהלשע ענינים, ווי עס באווייזט זיין טיטול „קצין ושר". זיין ווייב, אַן אשת־חיל, האָט געפירט די מסחרים. און מסחרים האָבן זיי דוקא געהאט גרויסע. זי האָט געהאלטן מיט א שותף (מעגלעך מיט אַ פריץ פון דער בארימטער שליאכטע) די פריצישע ארענדעס פון זשאלקעוו, זלאָטשעוו, זבאר און די סביבות. א חוץ דעם, האָט זי געפירט א גרויס געשעפט אין זשאלקעוו.

שלמה בובער דערציילט אין זיין „קריה נשגבה" (אות קס"ג), אז ער האָט געזען א מאַנוסקריפט פון ר׳ יעקב הייל‌פערין, אַן אייניקל פון ר׳ יצחק זשאלקאָווער און אַן אָנגעזעענער רב אין זיין צייט, ווו עס ווערט דערציילט פאָלגנדיקע לעגענדע (נאטירלעך, דערציילט עס הייל‌פערין, אלס אַן אמתער פאקט):

יאַן סאָביעצקי, דער בארימטער פוילישער קעניג, איז בחורוויז געווען אַן אָפטער אריינגייער צו ר׳ יצחקן און פלעגט אָפט דאָרט עסן. יאַן סאָביעסקי איז געווען דער זון פון דעם זשאלקאָווער פריץ, ביי וועמען ר׳ יצחקס ווייב האָט אָפגעדונגען פארשידענע ארענדעס.

איין מאָל, האָט ר׳ יצחק פארבעטן אַן אורח אויף שבת. דער יונגער סאָביעסקי, וועלכער איז געווען אַן אָפטער גאסט צו די פרייטיק־צונאכטיקע סעודות, איז אויך יענעם פרייטיק אָוונט געקומען צוגאַסט צו זיינע יידישע פריינט. ווי נאָר ער האָט באטראַכט דעם שוועל, האָט זיך דער אורח געגעבן א שטעל אויף אין זיין פולער הויך און צו ר׳ יצחקן האָט ער געזאָגט, אז ער האָט זיך אויפגעשטעלט פארן גאסט, מחמת דעם, ווייל דער יונגערמאַן וועט אין קורצן ווערן מלך פון פוילן. אזוי לאנג ווי דער אורח איז געווען מיט זיי, האָט ר׳ יצחק נישט דערציילט דעם גאסט וועגן דער אויסטערלישער נבואה. אָבער, ווען דער אורח האָט פארלאָזט דעם צימער, כלומרשט בלויז אויף א וויילע, האָט ר׳ יצחק דערציילט דעם פריצישן גאסט, דאָס וואָס דער ייד האָט אים אָקאָרשט געזאָגט. ווען דער אורח האָט זיך פארזאמט צוריקצוקומען, איז דער בעל־הבית מיט זיין פריצישן גאסט געגאנגען אים אויפזוכן. זיי האָבן אים געזוכט אומעטום, אָבער זיי האָבן אים נישט געפונען. דריי יאָר שפעטער, איז די נבואה מקוים געוואָרן. דער פוילישער אדל, האָט אויסגעקליבן יאַן סאָביעסקין אלס

*) הרב צבי יחזקאל מיכלזאָהן, קונטרס „בית צדיקים", הוספה צום ספר „נפלאות היהודי", פיעטרקוב, תרס"א, ז. 100, גיט אָן פאָלגענדן יחוס: „השר... ר׳ יצחק מזאלקוויי בן הרב מ׳ יהודה ליב מק׳ ווין בהגאון הק׳ מ׳ יעקב טעמרילש מלובלין אבד"ק קרעמניץ, ווין, בע"ס ספרא דצניעותא דיעקב..."

מלך פון פוילן. ווער איז געווען דער מערקווירדיקער אורח? ס׳איז ביי א טייל געווען די מיינונג, אז עס איז געווען אליהו הנביא.

אויך ר׳ יוסף לעווענשטיין שרייבט, אז ער האָט געזען דעם אויבנדערמאָנטן אלטן כתב־יד, און וועלכן עס דערציילט זיך דער עפּיזאָד וועגן ר׳ יצחק זשאלקאָווער.

מיט זיין צווייטער פרוי, פייגעלע, א טאָכטער פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ יצחק זשאלקאָווער, האָט ר׳ צבי הירש נישט געהאט קיין קינדער. ר׳ מאָטל פרידמאן שרייבט, אז ער האָט מיט איר חתונה געהאט, ווען זי איז געווען א מיידעלע (ילדה). דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. מיר ווייסן פון אַנדערע מקורים, אז זי האָט געהאט א טאָכטער פון אן ערשטן מאן. (א חידוש אויף ר׳ מאָטלען, וועלכער האָט געהאט דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא, ווו עס ווערט בפירוש דערמאָנט איר טאָכטער). הפנים, זי איז געווען א יונגע אלמנה, ווען זי האָט חתונה געהאט מיט דעם מעזריטשער רב.

4. — בנו הגאון הקדוש... ר׳ אברהם אבוש ז״ל...

פרידמאן שרייבט אויך: „וקודם שהיה אב״ד פה — איידער ער איז געוואָרן רב דאָ־הי, איז ער געווען (היה אבד״ק) רב אין וואָהין, ווישניץ, לוקאָוו, יאנאָוו נעבן ביאלא דלימא — נאָכדעם אין מעזריטש און נאָכדעם אין ריטשעוואָל, קארוב, ליסא און פראנקפורט ביים מיין, און דאָרט איז ער נפטר געוואָרן דאָנערשטיק, י״א תשרי תקכ״ט און איז געבראכט געוואָרן צו זיין אייביקער רו פרייטיק עש״ק, י״ב תשרי״.

ער שרייבט אויך, אז מחמת דעם וואָס ער האָט קיינעם נישט געקענט אָפּזאָגן, האָט ער אָנגענומען די איינלאַדונגען פון אזויפיל שטעט צו זיצן אויף זייערע כסא־רבנות. א חוץ דעם, האָט ער געוואָלט אומעטום מתקן זיין גוטע תקנות.

פרידמאן שרייבט ווייטער, אז דאָס יאָר ווען ער איז געוואָרן רב אין מעזריטש, איז נישט באקאנט; און ער איז אוועק פון מעזריטש אין אָנהויב תקי״ד. ר׳ מאָטל איז זיך משער דאָס יאָר פון זיין פאַרלאָזן מעזריטש, פון פאַרצייכענישן אין דעם פּנקס פון די שול־שטעט און פון בית־דין, וואָס זיינען געחתמעט פון ר׳ אבושן, און זיי אַלע שטאַמען פון דעם יאָר תקי״ג (צוויי — פון ב׳ דר״ח כסליו תקי״ג, און איין חתימה— פון ז׳ ניסן תקי״ג). אין דער פאַרצייכעניש פון דעם פּנקס פון די שול־שטעט, דאטירט ט״ז אדר ב׳ תקי״ג, ווערט געזאָגט, אז איין פּלאַץ נעבן ארון־הקודש, אויף דרום, געהערט צום רב האב״ד ר׳ אברהם (א ירושה פון זיין שווער) און דער דאָזיקער איינשריפט איז געחתמעט געוואָרן אין כ״ז תשרי תקי״ד. ר׳ מאָטל מיינט, אז די סיבה פון דעם גרויסן אונטערשייד אין צייט, פון דער ערשטער רשימה ביז דער צווייטער חתימה, פון ט״ז אדר ב׳ תקי״ג ביז כ״ז תשרי תקי״ד —גאַנצע זיבן חדשים— איז געווען צוליב

עפעס א סיכסוך אָדער אַן אַנדערער סיבה, וואָס האָט גורם געווען אַז דעם רבס אונטערשריפט זאָל קומען מיט אַזויפיל חדשים שפּעטער, און ער פּירט אויס, אַז מן הסתם האָט ער נישט פאַרלאָזט מעזריטש ביז דעמאָלט.

ר׳ מאָטל מיינט אויך, אַז נאָכן פאַרלאָזן מעזריטש, איז ר׳ אבוש געווען רב אין ריטשעוואַל און אין קאַרוב; אָבער, דאָס האָט נישט קיין יסוד. פון מעזריטש, איז ער גלייך אָנגעקומען קיין ליסאַ, ווו ער האָט איבערגענומען די רבנות נאָך דער פּטירה פון זיין עלטערן ברודער מרדכי. מיר ווייסן אויך, אַז ער איז אָנגעקומען קיין ליסאַ אין יאָר תקי״ד אין ווינטער ((65). אין ליסאַ איז ער פאַרבליבן ביז תק״ד. דעמאָלט, האָט ער אויף דעם פאָרשלאַג פון דער פראַנקפורטער קהילה, אָנגענומען זייער כסא־הרבנות.

ד״ר לעווין, דערציילט אין זיין בוך, אַז צומערשט האָט די ליסער קהילה נישט געלייגט קיין אכט אויף דעם, וואָס דער רב האַלט ביים פאַרלאָזן זייער שטאָט. די ליסער יידן מיט זייערע פירער, זיינען אין יענער צייט געווען באַזאָרגט צוליב דער מלחמה־געפאַר, וואָס האָט געלויערט אויף זייער שטאָט, און זיי האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן; די קהילה איז אויך דעמאָלט צוליב דעם, שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן. ווען די סכנה איז פאַרביי, האָט זיך קהל אַרומגעזען, וואָס עס איז געשען און זיי האָבן זיך געווענדעט צו זייער רב און געבעטן, אַז ער זאָל אָפּשיקן דעם כתב־רבנות קיין פראַנקפורט. ר׳ אבוש איז געווען גרייט צו פאַרבלייבן אין ליסאַ, אָבער, היות ווי ער האָט געגעבן זיין וואָרט צו די פראַנקפורטער יידן, האָט ער עס נישט געקענט צוריקציען. ער האָט זיי דערפאַר געעצהט, אַז זיי זאָלן פועלן ביי די פראַנקפורטער יידן, זיי זאָלן אים אַרויסלאָזן פון זיין צוגעזאָגטן וואָרט. די פירער פון דער ליסער געמיינדע האָבן געשריבן קיין פראַנקפורט און אָנגעוויזן אויף דער עוולה, וואָס ס׳וועט געטאָן ווערן זייער קהילה, אויב ר׳ אבוש וועט זיי פאַרלאָזן. אחוץ דעם, האָבן זיי אויך אָנגעוויזן, אַז אַלע רייכע קהילות וועלן זיך אָפּלערנען פון פראַנקפורט און נאָכטאָן איר ביישפּיל, און זיי וועלן אויסכאַפּן די רבנים מיט אַ פּירסום, פון די אָרעמע קהילות. אָבער, די אַלע אַרגומענטן האָבן נישט געהאָלפן — די מנהיגים פון דער פראַנקפורטער קהילה, האָבן זייער נייעם רב נישט געוואָלט באַפרייען — און ר׳ אברהם אבוש, איז געוואָרן פראַנקפורטער רב.

די איינגעשפּאַרטקייט מצד די פראַנקפורטער מנהיגים, איז אפשר געווען אַ פאַרשטענדלעכע: פראַנקפורט האָט אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט קיין מזל מיט אירע רבנים, כאָטש זיי אַלע זיינען געווען פון די גרעסטע און אָנערקענטסטע. באַזונדערס איז דאָס אַזוי געווען, בעת דער רבנות פון דעם באַרימטן גאון ר׳ יעקב יהושע פאַלק *). ער איז געווען אַן אייניקל, פון דעם מחבר פון

*) מחבר פון דעם לומדישן חיבור „פּני יהושע״ אויף ש״ס (פראַנקפורט תקי״ב א. א. ערטער), אַלע פיר חלקים צוזאַמען (סדילקאָוו תקצ״ד).

„שו"ת פני יהושע", וואָס האָט אויך געהייסן מיטן זעלבן נאָמען, און איז געווען א מחותן פון דעם מעזריטשער רב ר' צבי הירש פון ווילנע, ווי מיר האָבן שוין געשריבן וועגן דעם אין אונדזער קאפיטל „בראשית פון מעזריטש". דער דאָזיקער פראנקפורטער רב, האָט דורך זיין מחלוקת מיט ר' יהונתן אייבעשוץ —וועמען אויך ער האָט באשולדיקט אין שבתי־צביאיזם— ארויסגערופן חילוקי דעות אין דער פראנקפורטער קהילה. די פראנקפורטער יידן האָבן זיך צעטיילט אין צוויי צדדים; דער צד, וואָס האָט געהאלטן מיט ר' יהונתן אייבעשוץ, האָט פארפירט א שארפע מחלוקת מיט זייער רב און אין דער קהילה זיינען צוליב דעם פאָרגעקומען א סך רייסענישן. די מנהיגים פון פראנקפורט, האָבן מיט אלע מיטלען זיך באמיט איינצושטעלן א שלום אין די רייען פון דער קהילה, אָבער דאָס איז נישט געווען אזוי לייכט. ווען דער „פני יהושע" איז נפטר געווארן און פראנקפורט האָט געזוכט א רב, האָט זי געוואָלט אויסגעפינען אזא פערזענלעכקייט, וואָס זאָל ארויסרופן די פארערונג פון אלעמען, און דאָס איז געווען שווער, ווייל כמעט אלע רבנים זיינען געווען פארמישט אין דער דאָזיקער מחלוקת, נעמענדיק שטעלונג פאר איינעם אָדער אנדערן צד. אויסער דעם, האָט מען טאקע געדארפט זוכן אזא רב, וואָס זאָל באמת זיין ראוי צו זיצן אויפן כסא־רבנות פון אזא חשובע קהילה ווי פראנקפורט. האָבן זיי אזוי לאנג געזוכט, ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף ר' אברהם אבושן, דעמאָלט ליסער רב.

דער אויסוואל פון ר' אברהם אבושן פאר פראנקפורטער רב, האָט געהאַט צוויי טעמים: ערשטנס, האָט ר' אבוש פראנקפורטער (אזוי רופט מען אים, אויפן נאָמען פון זיין לעצטער רבנות. אין געשיכטע־ביכער, ווערט ער געווײנלעך באצייכנט אלס — אברהם ליסאַ) געשמט איבעראל מיט זיין גאונות און צדקות און זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן אומעטום מיט גרויס יראת־הכבוד; ער איז טאקע געווען פאסנד צו פארנעמען דאָס פראנקפורטער רבנות. דער צווייטער פאקטאָר, פארוואָס ר' אבושס קאנדידאטור האָט אימפּאָנירט די פראנקפורטער קהילה, איז געווען זיין נייטראלע האלטונג אין דער פארשארפטער דיסקוסיע. פונקט ווי זיין פארשטאָרבענער ברודער ר' מרדכי, האָט ר' אבוש זיך נישט געוואָלט ארויסזאָגן פאר איינעם אָדער צווייטן צד אין דער מחלוקת. אזא רב, האָט געזוכט פראנקפורט. זי האָט געזען אין ר' אבושן דעם אידעאלן רב, ארום וועמען גאנץ קהל וועט זיך אייניקן.

וועגן דער נייטראלער שטעלונג פון ר' אבושן, ווייסן מיר פון א סך מקורים, פון וועלכע דער וויכטיקסטער, איז דער ספר „לוחות העדות" (אלטונא, תקט"ו — לעמבערג 1857), וואָס ר' יהונתן אייבעשוץ האָט ארויסגעגעבן. אין דעם ספר, געפינט זיך די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס ער האָט געפירט מיט אנדערע רבנים בשייכות דער מחלוקת.

אין דער הקדמה צום „לוחות העדות", שרייבט ר' יהונתן אייבעשוץ:

„איך האָב געשריבן צו מיין טייערן רבני הנגיד מוהר"ר משה גוויריר פון ליסאָ, ער זאָל רעדן מיט דעם אב"ד פון ק"ק ליסאָ — ר' מרדכי (די הקדמה איז געשריבן געוואָרן נאָך ר' מרדכים פטירה. — מ. ע.). אויב ער וויל זיך אריינ־לייגן אין דעם ענין און וועמען ער וועט וועלן, זאָל ער צוזעצן צו זיך (עס האָט זיך געהאנדלט וועגן פארלאָזן זיך אויף א בית־דין פון דריי רבנים. צומערשט האָט דער „פני יהושע" אויף דעם מסכים געווען. אָבער נאָכדעם האָט ער צור־ריקגעצויגן זיין הסכם. — מ. ע.). אינצווישנצייט איז בעוונותינו הרבים נסתלק געוואָרן דער רב... מרדכי אב"ד דק"ק ליסאָ און ער איז פארבעטן געוואָרן פון הימל און זיין אָרט איז געבליבן ליידיק... כאָטש כ'האָב שוין געשריבן צום ועד ארבע ארצות און כ'האָב שוין צוגעשיקט מיין טענה, כדי אויפצוקלערן מיינע רייד שריפטלעך, פונדעסטוועגן האָב איך אויסגעקליבן אויך דעם גאון... מוהר"ר אברם הוא אברהם (ר' אבוש פלעגט זיך אזוי חתמענען. — מ. ע.) אב"ד דק"ק ליסאָ, אָנשטאָט זיין ברודער, ווייל ער האָט פארנומען זיין פּלאַץ. אָבער ער איז נישט אהיימגעקומען און ער האָט האָט זיך פארשפּעטיקט ביז חנוכה תקי"ד" (פון דעם לשון „אהיימגעקומען", ווייזט אויס, אז ר' אבוש איז געקו־מען קיין ליסאָ פריער און איז צוליב עפּעס א סיבה ארויסגעפאָרן פון ליסאָ, וווהין ער איז צוריקגעקומען חנוכה תקי"ד. דאָס, אפשר, קלערט אויף דעם רעטעניש, וועגן דעם אונטערשייד אין דער צייט —גאַנצע זיבן חדשים— פון דער פארצייכנטער דאטע אין דעם פנקס פון די שול־פלעצער, וועגן וואָס פריד־מאן דערמאָנט. ס'קאָן זיין, אז ער איז אין משך פון דער צייט געווען אין ליסאָ און איז צוריקגעפאָרן קיין מעזריטש צו ליקווידירן זיין הויז און זיך געזעגענען מיט זיין רבנות. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין מעזריטש, האָט ער געחתמעט דאָס וואָס איז שוין געווען פארשריבן אין פנקס פון דער פריערדיקער דאטע און נאָכדעם האָט ער פארלאָזט מעזריטש אויף תמיד. — מ. ע.).

ר' אבוש האָט אָנגענומען ר' יהונתן אייבעשוצס פארשלאג און מיר זעען טאקע פון א בריוו־אויסטויש (געפינט זיך אין „לוחות העדות"), אז ער האָט געוואָלט פארמיטלען אין דעם ענין. ער האָט געוואָלט צוציען צו זיך זיין מחותן, דעם בערלינער ראש־דיינים ר' הירץ, און דעם אלטיטשקן גאון ר' לעמיל, רב פון גלינאָ. דער לעצטער, האָט זיך אָבער צוריקגעצויגן און ר' אבוש שרייבט צו זיין מחותן, אז דער אלטער גאון האָט זיך צוריקגעצויגן פון דעם האמבור־גער עסק (ר' יהונתן אייבעשוץ איז דעמאָלט געווען רב אין האמבורג). „ומה לעשות עוד — וואָס נאָך קען מען טאָן" (66).

ר' אברהם אבוש איז געבוירן געוואָרן אין מעזריטש ארום ת"ם — 1700 (מער־ווייניק אין דער זעלבער צייט איז אויך געבוירן געוואָרן דער שעפער פון חסידיזם — ר' ישראל בעל־שם־טוב).

ר׳ יוסף לעווענשטיין, גרויסער קענער און פאָרשער פון דער געשיכטע פון רבנים, דער אור־אייניקל פון ר׳ אבישל פראנקפורטער, שרייבט (67):

„אין די שריפטן (לעווענשטיין ברענגט, אז ר׳ אבוש האָט איבערגעלאָזן טויזנטער בויגנס פאַרשריבן מיט חידושי־תורה. — מ. ע.) פון מיין עלטער־זיידע הגאון ר׳ אברהם אבוש ז״ל אבד״ק פראנקפורט ביים מיין, וואָס זיינען אין מיין באַזיץ, געפינט זיך זיין אונטערשריפט — אברם הוא אברהם. (ווי באַ־קאַנט, איז אברהם אבינוס נאָמען צומערשט געווען אברם און נאָכדעם האָט אים דער אויבערשטער גערופן אברהם. מעגלעך אז אויך ביי אים איז געשען אַזעלכע נסים, וואָס זיינען געווען ענלעך צו אברהם אבינו, אפשר צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט שפּעט קינדער. — מ. ע.). אַלע הסכמות וואָס ער פלעגט געבן, האָט ער אַזוי געחתמעט, דהיינו, אברם הוא אברהם.

„יאָ, איך האָב פיל געהערט וועגן דער סיבה, פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי געחתמעט. דאָס זאָל זיין דער רעזולטאַט פון א נסיון, צו וועלכן ער איז גע־שטעלט געוואָרן פון הימל, צו זען אויב ער איז אַזוי גרויס ווי אברהם־אבינו אין דער מידה פון הכנסת־אורחים, ווי עס איז שוין וועגן דעם געשריבן געוואָרן; און ווי איך האָב עס אויך געהערט פון ר׳ ישראל וויינטרויב, און ער האָט עס געהערט פון ר׳ נפתלי צבי בערלין, באַרימטער ראש־הישיבה פון וואָלאָזשין און ער האָט עס געהערט פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער״.

לעווענשטיין דערציילט נישט וואָס אייגנטלעך דער נסיון איז געווען. ער פאַרלאָזט זיך, הפנים, אויף דעם שוין געשריבענעם. דער דאָזיקער נסיון, ווי געזאָגט, האָט געהאַט צו טאָן מיט הכנסת־אורחים.

עס ווערט וועגן דעם דערציילט:

איינמאָל איז צו ר׳ אבושן געקומען אַן אורח און ר׳ אבוש האָט אים גע־געבן צו עסן אַלץ וואָס דער אורח האָט געבעטן. ער איז אָבער אַלץ נישט גע־וואָרן זאַט. דעמאָלט האָט ר׳ אבוש געלאָזט שחטן א בהמה און געקאָרמעט דעם אורח מיט דעם פלייש און דער אורח איז נאָך אַלץ נישט זאַט געוואָרן. ווען דאָס פלייש האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ר׳ אבוש געשיקט צונויפנעמען וויפל כשר פלייש עס געפינט זיך אין שטאָט, כדי צו שטילן דעם אורחס הונגער און עס האָט אים כלל נישט פאַרדראָסן אויפן אויסטערלישן אורח, וועלכער איז געווען אַזא זולל־וסובא; ער האָט דעם נסיון פון הכנסת־אורחים אויסגעהאַלטן. דעמאָלט האָט זיך דער אורח אַנטפּלעקט פאַרן רב. ער האָט אים מגלה געווען, אַז ער איז נישט קיין אַנדערער ווי אליהו־הנביא און ער איז געשיקט געוואָרן פון הימל אויסצופּרוּוון אים.

די דאָזיקע מעשה, האָב איך אויך געהערט אַלס קינד אין מעזריטש, און עס האָט טאַקע געזאָלט געשען אין מעזריטש. (אגב, ר׳ יצחק ריווקינד, מאַכט מיר אויפמערקזאַם אויפן פאַקט, אַז דער נצי״ב —ר׳ נפתלי צבי וואָלאָזשינער— האָט נישט געקענט ר׳ חיים וואָלאָזשינער. — מ. ע.).

ר׳ יוסף לעווענשטיין שרייבט ווייטער:

„אָבער דאָס וואָס ער ווערט דערציילט, אז ער האָט געהערט א געטלעכן רוף: אברהם, אברהם! פאַסט זיך מער צו דעם וואָס איך האָב געהערט פון ר׳ ישראל בריסקער מיט 60 יאָר צוריק (דער אויבנדערמאָנטער ספר איז דערשינען מיט אריבער 40 יאָר צוריק. עס מיינט, אז די מעשה וואָס לעווענשטיין דערציילט ווייטער, האָט ער געהערט מיט ארום 100 יאָר צוריק. — מ. ע.) אין דאָס זעלבע האָב איך געהערט פון מיינע עלטערן:

„ר׳ אבוש איז געווען איינער פון די תלמידים פון זיין עלטער־שווער, דער גאון בעל „בית שמואל" אויף אבן־העזר. דעמאָלט האָט ער (ד. ה. ר׳ אבוש.— מ. ע.) אָנגעהויבן דינען השם יתברך מיט גרויס אייפער. יעדן פאַרנאַכט פלעגט ער ארויסגיין אויסער דער שטאָט און שטארק וויינען און בעטן גאָט, ער זאָל אים העלפן פארשטיין זיין תורה. פלוצים, האָט ער געהערט א קול וואָס רופט צו אים: אברהם, אברהם, אויב דו ווילסט מיך דינען, גיי צום גאון נפתלי קיין פויזן.

„ער איז אוועק קיין פויזן. ווען ער איז אריינגעקומען אין בית־המדרש, האָט ער געטראָפן דעם הייליקן גאון ר׳ נפתלין זיצן איינגעהילט אין טלית־און־תפילין און ער האָט געזען א געטלעך ליכט שיינען איבער זיין קאָפּ. און דאָס איז באוווסט, אז אזא ליכט באווייזט זיך נישט צו מער ווי צו איינעם אָדער צוויי פון א דור.

„ר׳ אבוש איז געוואָרן שטארק דערשטוינט פון אָט דער מראה, וואָס ער האָט אָקאָרשט געזען און ער האָט פארשטאנען, אז דאָס הייליקע ליכט איז אים געגעבן געוואָרן צוליב זיין ריינע תפילה. דאָך, האָט ער ביי זיך נישט געקענט פועלן, אז נאָר צוליב זיין ערלעכע תפילות, זאָל ר׳ נפתלי האָבן זוכה געווען צו דעם הייליקן ליכט. ר׳ אבוש האָט באשלאָסן, אויסצופאָרשן ר׳ נפתלים וועגן. ער האָט געזען, אז ביי ר׳ נפתלין פירט זיך א קייזערלעך הויז, אָבער ער אליין איז מקיים דעם מאמר פון די חז"ל, פת במלח תאכל... (פרקי אבות ה׳ — ד׳). און ער האָט אליץ נישט געוואָלט גלויבן, אז דורכדעם האָט ער זוכה געווען צו אזא גדולה.

„ר׳ אבוש איז געוואָרן ר׳ נפתלים תלמיד און ער האָט געזען מיט וואָסער קדושה זיין רבי לערנט די הייליקע תורה און ער איז אליץ געבליבן אן אומצופרידענער. ביז איינמאָל האָט זיך ר׳ אבוש באהאלטן אין ר׳ נפתלים שלאָף־צימער, כדי פון דער באהעלטעניש נאָכצוקוקן זיין רבין און ער האָט געזען, אז די משרתים האָבן אויסגעבעט לכבוד ר׳ נפתלין א גרויסארטיק בעט און ווען זיי זיינען ארויס פון צימער און עס איז געקומען די צייט פון גיין שלאָפן, האָט זיך ר׳ נפתלי אויסגעצויגן אויף דער גאָלער פאָדלאָגע און געלייגט א שטיין צוקאָפּנס. צו חצות איז ער אויפגעשטאנען און פארברענגט די רעשט נאכט אין עבודת־הבורא און ר׳ אבוש איז שיעור נישט אויסגעגאנגען פון מתיקות. ערשט

דעמאָלט איז אים אלץ רעכט געוואָרן און ער איז געוואָרן איינער פון זיינע תלמידים.

„עס איז שוין באוווסט — שרייבט ר' יוסף לעווענשטיין ווייטער — וואָס ר' ענזיל, רב אין סטרי, האָט געשריבן צום בראָדער רב — שלמה קלוגער, אז ר' אבישל איז געווען דער גדול־הדור און אלע רבנים, זיינען געווען נכנע צו אים. אויך דער רבי פון לובלין, פלעגט ממש ציטערן ווען ער פלעגט דערמאָנען זיין נאָמען, און ער האָט זיך אזוי אויסגעדריקט וועגן אים: „אויף אים מעג מען זאָגן, מאברהם אבינו ביז אברהם אבישל, איז נאָכנישט געווען אזא אברהם אין ערלעכקייט. אָבער, וואָסער וואונדער: זיין גאנצער דור איז באשטאַנען פון הוילע גרויסע נשמות ווי דער בעל־שם־טוב און זיינע תלמידים און אלע אנ־דערע חכמים פון יענער צייט און ער איז געווען גרעסער פון זיי אלע".

„ר' לייבעלע אייגער האָט מיר געזאָגט —שרייבט ער ווייטער— וואָס קען איך זאָגן וועגן אזא מענטש וואָס איז געווען אזוי גרויס ווי דער ר"י הקדוש".

די אויבנדערמאָנטע באשרייבונג פון ר' יוסף לעווענשטיין, איז א געמיש פון לעגענדע און ווירקלעכקייט. אז ר' אבוש איז געווען פארהערלעכט און איז געבליבן א פארהייליקטע געשטאלט, כמעט א לעגענדארע פיגור, איז א פאקט. אויך זיין מידה פון צדקה, איז געווען אומגעהויער גרויס, ווי מיר זעען עס פון א סך היסטאָרישע מקורים, וואָס מיר וועלן ווייטער ברענגען.

מיט דעם אלעם האָבן די מעשיות, וואָס ר' יוסף לעווענשטיין האָט וועגן אים דערציילט, דאָך נישט קיין פעסטן יסוד, ווי מיר וועלן עס באווייזן:

קודם־כל, דאָס וואָס ער דערציילט וועגן דער סיבה פארוואָס ער האָט זיך געחתמעט „אברם הוא אברהם", האָבן מיר גראָד געפונען, אז דער דאָזיקער נאָמען איז נישט אָריגינעל זיינער. שוין זיין זיידע —דער מעזריטשער רב, ר' אברהם בר' צבי הירש קרעמניצער— האָט זיך אויך געחתמעט „אברם הוא אברהם". ווי עס איז צו זען פון דער הסכמה, וואָס ער האָט געגעבן אויף דעם ספר „עולת יצחק", ווען ער איז דערשינען אין דער צווייטער אויפלאגע אין פראנקפורט ביי דער אָדרע אין יאָר תנ"ב (זע וועגן דעם פריער, אין זעלבן קאַ־פיטל). אָט די הסכמה, איז געחתמעט מיט אַן ערך אכט יאָר איידער ר' אבוש איז געבוירן געוואָרן. עס איז קלאָר, אז צוליב עפּעס א סיבה, האָט זיין באריכמט אייניקל אויסגעבאָרגט דעם נאָמען ביי זיין זיידן. ממילא, פאלן אוועק אלע מעשיות ארום דעם נאָמען, און אפשר ווערן אָט די מעשיות דערציילט וועגן זיין זיידן און מען האָט פארביטן דעם אייניקל אויפן זיידן.

אויך לעווענשטיינס דערציילן, אז ר' אבוש איז געווען א תלמיד פון ר' נפתלי הכהן, מחבר פון דעם ספר „סמיכת חכמים", האָט נישט קיין יסוד און עס איז באמת נישט צו פארשטיין, ווי אזוי ר' יוסף לעווענשטיין האָט געקענט מאכן אזא גרויסן טעות. ווי מיר ווייסן, איז ר' אבוש געבוירן געוואָרן אין 1700, אָדער א יאָר פריער. ר' נפתלי, איז גענומען געוואָרן פון פויזן אלס רב

קיין פראַנקפורט און פון פראַנקפורט איז ער צוליב א מחלוקת אוועק (מען האָט אים חושד געווען, אז צוליב זיין עוסקן זיך אין קבלה, האָט ער גורם געווען אז די פראַנקפורטער געטאָ זאָל אָפּגעברענט ווערן) אין 1711 (68). עס קומט אויס, אז ר׳ אבוש איז געוואָרן א תלמיד פון ר׳ נפתלין צו 5 יאָר, און דאָס איז דאָך פּאַראַדאָקסאַל.

אויך זיין דערקלערונג, אז ר׳ אבוש האָט געפירט א קייזערלעך הויז מיט משרתים, איז אויך אָן א יסוד. ער איז גראָד געווען א גרויסער אביון און קוים געהאַט ברויט צו דער זעט (69). די אַלע מעשיות, וואָס מ׳דערציילט וועגן אים, זיינען נישט מער ווי לעגענדעס וואָס דאָס פאָלק האָט געוויינלעך געשפּינט ארום זיינע באַליבטע העלדן.

דאַקעגן איז ריכטיק, דאָס וואָס ער דערציילט, אז ער איז געווען א תלמיד פון דעם באַרימטן גאון ר׳ שמואל, דער מחבר פון דעם קלאַסישן קאָמענטאַר אויף אבן העזר „בית שמואל״, וואָס איז ביז היינט צו טאָג איינע פון די אויטאָריזירטסטע ווערק מיט וועלכע רבנים מוזן זיך רעכענען. ר׳ שמואל, איז געווען צומערשט רב אין שידלאָוו, פּוילן. נאָכדעם איז ער געוואָרן רב אין פירטה, דייטשלאַנד. ער איז אָבער דאָרט לאַנג נישט פאַרבליבן און ווען זיין פריערדיקע פּוילישע קהילה באַט אים אָן איר רבנות אויפסניי, נעמט ער אָן די איינלאַדונג און ווערט ווידער אַמאָל רב אין שידלאָוו. אַט דער גרויסער רב, האָט געהאַט וווינען אין מעזריטש א זון, (הפּנים ער איז געווען א מעזריטשער איידעם) ער האָט געהייסן אליהו כ״ץ און ער איז געוואָרן טיטולירט „השר הקצין״, מחמת דעם, וואָס ער איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער מעזריטשער קהילה און ער האָט פאַרטראַטן מעזריטש אינעם „ועד ארבע ארצות״. ר׳ אליהו, האָט זיך משדך געווען מיט דעם דעמאָלטיקן מעזריטשער רב, ר׳ צבי הירש און גענומען פאַר זיין טאָכטער זיין יינגערן זון, אברהם אבוש, פאַר א מאַן. עס איז אָנצונעמען, אז ער האָט געשיקט זיין יונגן איידעם לערנען ביי זיין גרויסן פאָטער. אָבער גאַנץ זיכער אין דעם זיינען מיר נישט, ווייל דער עלטער־שווער איז נפטר געוואָרן, ווען ר׳ אבוש איז נאָך געווען א יינגל.

אויב די מעשה מיט דעם אורח איז נישט מער ווי א שיינע לעגענדע, מיט וועלכער דאָס פאָלק האָט געקרוינט זיין באַליבטן רב, ר׳ אבישל, איז עס זיכער געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך פאַרדינט אזא קרוין, צוליב זיינע מעשים־טובים און צדקה.

זיין מיטצייטלער, יהודה ליב מרגלית, אין זיין ספר „טל אורות״ *), שרייבט וועגן אים:

„ווי עס ווערט דערציילט וועגן דעם חסיד מו״ה אברהם אבישל ז״ל, וועל־

*) א ספר געווידמעט דער נשמה און איר אייביקייט, דערשינען אין פראַנקפורט ד״א (ביי דער אָדרא) אין תקנ״א.

כער איז געווען רב אין פראנקפורט. איינמאָל, אין א הונגער־יאָר, האָט ער אויסגעגעבן זיין גאנץ פארמעגן אויף צו באשפייזן די אָרעמעליים. האָבן זיינע פריינט צו אים געזאָגט: רבי, איר האָט דאָך עובר געווען אויף די רייד פון די חכמים; זיי האָבן געזאָגט, אז א מענטש זאָל נישט אויסגעבן (אויף צדקה) מער פון א פינפטל? האָט ער זיי געענטפערט: איר האָט געלערנט אָבער נישט גענוג מדייק געווען. דער פארזאָג פון די חכמים באציט זיך נישט אויף פיקוח־נפש. וואָרום, מה דאָך שבת פאלט אוועק, ווען עס האנדלט זיך אין פיקוח־נפש, א פארזאָג פון די חכמים — לא כל שכן. און די חכמים האָבן אויך געזאָגט: „מרבה צדקה מרבה חיים — דער וואָס מערט צדקה מערט לעבן".

עס איז כדאי צו באמערקן, אז דער ספר איז געדרוקט געוואָרן אין תקנ"ח בסך־הכל 29 יאָר נאָך ר' אבושעס פטירה.

ר' אבושעס געשיכטלער מיינען, אז דער הויפט־מאָטיוו, וואָס האָט באַוויגן די מנהיגים פון פראנקפורט, איינצולאדן ר' אבושן, אָנצונעמען דאָס פראנקפורטער רבנות, איז געווען זייער הייסער באגער צו געפינען א רב, וואָס זאָל מיט זיין פערזענלעכקייט באווירקן דאָס צוריקברענגען שלום און רו צו דער קהילה. דער דאָזיקער ווּנטש, איז אָבער מיט אים נישט מקוים געוואָרן אינגאנצן. אמת, אלע יידן אין פראנקפורט האָבן זיך ממש געשפיגלט אין זייער נייעם רב און ער האָט מיט קיין איינעם פון זיי נישט געהאט קיין דיסקוסיעס. אָבער א מחלוקת האָט פאָרט אויסגעבראָכן און אינעם צענטער איז געשטאנען נישט קיין אנדערער ווי ר' אבוש אליין. עס איז אָבער דאָס מאָל געווען א גרויסער אונטערשייד. נישט נאָר איז גאנץ פראנקפורטער קהל געשטאנען הינטער איר גרויסן רב, נאָר די מחלוקת האָט גלייכצייטיק ארויסגעבראכט די גרויסקייט פון זייער רב. ר' אבוש האָט נישט געענטפערט אויף די טענות פון זיינע בעלי־מחלוקת. ער האָט געשוויגן אזוי לאנג, ביז די פראנקפורטער יידן האָבן זיך איינגעשטעלט פאר אים און אליין זיך געשטעלט אין פייער, אזוי צו זאָגן, כדי צו באשיצן דעם כבוד פון זייער רב.

די געשיכטע פון דער דאָזיקער מחלוקת, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל־גענומען כמעט אלע גדולים פון יענער צייט, האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר תקכ"ד, און געקריגט האָט מען זיך צוליב א גט. דער באקאנטער גאון ר' ישראל ליפשיץ (זיידע פון דעם מחבר פון פאָפולערן פירוש אויף משניות „תפארת ישראל") רב אין דעם שטעטל קלעווא, נעבן פראנקפורט, האָט ארויסגעגעבן א גט צו א געוויסן יצחק נייבורג פון מאנהיים. ווען דער דאָזיקער גט איז פאָרגעבראכט געוואָרן פאר דעם בית־דין פון מאנהיים, האָט דער דאָרטיקער בית־דין געפסלט דעם גט, שטיצנדיק זיך אויף אינפאָרמאציעס, וועלכע האָבן פעסטגעשטעלט, אז דער מאן איז נישט געווען ביים קלאָרן גדאנק. כדי צו באקרעפטיקן דעם פסק־דין, האָט דער מאַנהיימער בית־דין איבערגעשיקט דעם ענין קיין פראנקפורט און געבעטן דעם אָרטיקן רב מיט זיין בית־דין, אז זיי זאָלן זיך

ארויסזאָגן אין דעם ענין. ר׳ אבוש, האָט נאָך א שקלא־וטריא, געפסלט דעם גט. דער קלעווער רב, האָט דעם ענין נישט פארשוויגן און ער האָט זיך אדורכגע־שריבן מיט כמעט אלע גרויסע רבנים פון יענער צייט, און זיי האָבן אלע מסכים געווען מיט אים. עס איז אָבער כדאי צו באמערקן, אז נישט געקוקט אויף זייער מיינונג, אז דער פראנקפורטער רב איז אומגערעכט, האָבן זיי אלע דערמאָנט זיין נאָמען, אין זייערע ענטפערס, מיט דעם גרעסטן יראת־הכבוד און דרך־ארץ. דער שארפסטער ענטפער, איז געקומען פון דעם בארימטן גאון און פראָגער רב, ר׳ יחזקאל לאנדוי, מחבר פון דעם בארימטן ספר „נודע ביהודה״ אים האָט גאנץ באזונדערס פארדראָסן, הלמאי ר׳ אבוש שווייגט און וויל נישט ענטפערן אויף זיין ווענדונג און די פאָדערונג פון א סך אנדערע, אז ער זאָל אויפקלערן, פארוואָס און אויף וואָסערע יסודות ער האָט געבויט זיין פסק־דין צו פסלען דעם גט. ר׳ יחזקאל לאנדוי, איז נישט געווען אין זיין דרך־ארץ־האלטונג צו ר׳ אבושן קלענער, ווי אלע אנדערע רבנים. אָבער דין איז דין, און דאָרט וווּ עס האנדלט זיך אין א דין, פאלט אוועק דער כבוד אפילו פאר דעם גרעסטן רב, אויב ער איז אומגערעכט.

ר׳ יחזקאלס שארפער ארויסטריט קעגן ר׳ אבושן, האָט אויפגערעגט די פראנקפורטער יידן, נאָך מער דערפאר וואָס ר׳ יחזקאל איז געווען פון די גרעס־טע און אָנערקענטסטע רבנישע אויטאָריטעטן און די פראנקפורטער מנהיגים האָבן דעריבער באשלאָסן, אז זיי קענען מער נישט פארשווייגן די מחלוקת, כאָטש זייער רב האָט געהאלטן, אז מען דארף יאָ פארשווייגן. זונטיק, ט׳ מרחשון, תקכ״ח האָבן די פירער פון דער קהילה און חשובים פון דער שטאָט זיך ספּעציעל פארזאמלט וועגן דעם ענין און האָבן נאָך א בארואטונג אָנגענו־מען דעם באשלוס, וואָס זיי האָבן באקאנט געמאכט און פארשריבן אין דעם פנקס פון דער קהילה, כדי עס זאָל בלייבן אויף אלע דורות. מיר וועלן דאָ אי־בערגעבן בלויז יענע שטעלן פון דער רעזאָלוציע, וואָס זיינען אונדז נוגע, אין זיין יידישער איבערזעצונג:

„ס׳איז איינשטימיק באשלאָסן געוואָרן צו רעאגירן אויף דעם ברייוו פונעם פראגער רב, וואָס אלע וואָס זעען אים אָדער הערן אים לייענען, קלינגט זיי אין די אויערן, מחמת די רייד פון בזיונות וואָס ווערן דאָרט דערמאָנט. דאָס איז קעגן דעם כבוד פון השם יתברך און קעגן דעם כבוד פון אונדזער הייליקער תורה; און ער האָט אויך גערעדט שאַרף און האָט מבזה געווען כבוד אדמו״ר הגאון אב״ד נ״י און דעם כבוד פון דער חברה־קדישא יצ״ו (דאָס מיינט מנהי־גים פון פראנקפורט — ישמרם צורם וגואלם. — מ. ע.) און דעם כבוד פון צוויי בתי־דין יצ״ו (פראנקפורט און מאנהיים) און דעם כבוד פון אונדזער גאנצער קהילה... און איצט קענען מיר לענגער נישט שווייגן. וואָרום, אויב מיר זאָלן וועלן שווייגן איצט, וועט פון דעם ארויסקומען א סך שטרויכלונגען... אונדזער שווייגן וועט דערפירן צו חילול־השם און וועט מערן מחלוקת אין

ישראל... כדי מיר זאָלן חלילה נישט זיין קיין חוטאים, האָבן מיר געטאָן אַ קליינע זאַך, כדי יוצא צו זיין ידי־שמים און מיר האָבן גענומען אויף זיך, דאָס דער רב פון פּראָג, נישט ער און נישט זיינע קינדער און קינדס־קינדער און אויך נישט זיינע איידעמס און זייערע קינדער און קינדס־קינדער — וואָרום אַזוי ווייט גרייכט דער רחמנות פון עלטערן אויף זייערע קינדער — זאָל אויפ־גענומען ווערן צו קיין שום קהלשן אמט. וואָס ער זאָל נישט זיין, אפילו נישט אלס אויפזעער (פון דערציאונג? — מ. ע.). און אויב ס'וועט עמעצער פון זיי קומען צו אונדזער קהילה, זאָל מען זיי נישט אָפּגעבן קיין כבוד און זיי נישט לאָזן דרשענען פאַר קהל. און ווען עמעצער קומט צו אונדז מיט א כתב, וואָס איז געחתמעט פון פּראָגער רב אליין, זאָל מען דעם כתב נישט אָנערקענען און מען זאָל נישט לייגן קיין אכט אויף זיינע רייד...״ *).

ווי געזאָגט, איז ר' אבוש פאררעכנט אלס איינער פון די גרעסטע גאונים אין זיין צייט, וועלכע איז באצייכנט געוואָרן אלס א „דור דעה״. זיין אור־אייניקל, ר' יוסף לעווענשטיין, וועלכער האָט גערירשנט זיינע כתבים, פאַרזי־כערט, אז ר' אבוש האָט איבערגעלאָזט 4.000 בויגן פאַרשריבן מיט חידושי־תורה אויף ש״ס, רמב״ם, פוסקים, קבלה און א כתב־יד „פועל ישועות״ וועגן רפואות. ר' יוסף לעווענשטיין האָט ארויסגעגעבן א טייל פון די כתבים: „ברכת אברהם״ — חידושים אויף ערובין, פסחים, חגיגה ומוע״ק (ווארשא, תרמ״א); א צווייט ספר מיטן זעלבן נאָמען אויף נאָך מסכתות (פּיעטרקוב, תרע״ג); „ברכת אברהם״ אויף דער הגדה של פּסח, ארויסגעגעבן פון זיין פראנקפורטער אייניקל דוד זאַק, פון א כתב־יד, וואָס ר' יוסף לעווענשטיין האָט אים געגעבן (מיינץ, תרמ״ז). דער לעצטער האָט ארויסגעגעבן א צווייטע הגדה של פסח מיט א צווייטן פּירוש „מחזה אברהם״ (פּיעטרקוב, תרס״ט) און א פּירוש אויף חומש שמות און פּרקי־אבות, לויט קבלה, מיטן נאָמען „ברכת אברהם״ (וואר־שא, תרמ״ד).

ווי ווייט עס האָבן געגרייכט ר' אבושעס ידיעות אין מעדיצין, קאָנען מיר נישט זאָגן. מען קען אָננעמען, אז זיינע ידיעות זיינען געווען א געמיש פון פּאָ־פּולערע רפואות און סגולות. ר' אבוש פלעגט אזעלכע רפואות און סגולות געבן צו אלע וואָס זיינען געקומען צו אים בעטן א היילונג. וועגן דעם האָבן מיר צוויי וויכטיקע מקורים.

---

*) דר. מ. האָראָוויטץ, „פראנקפורטער ראבינגען״, זז. 65/101. זע אויך „אור ישראל״ פון ר' ישראל ליפשיץ (קליוואי, תק״ל), דער בעל־מחלוקת פון ר' אבושן; און אין „אור הישר״ (אמסטערדאם, תקכ״ט), פון אהרן שמעון קאָפּענהאגען, וועלכער האָט געהאַט א גרויסע האנט אין דער מחלוקת. אין די לעצטע צוויי ספרים געפינט זיך דער גאנצער רבנישער מאַטעריאַל וועגן דעם קלעווער גט.

זיין תלמיד ר׳ יעקב מאיר קאָבלענץ, שרייבט *):

„איך האָב געהערט א ווונדערלעכע סגולה קעגן קדחת פון דעם נפטר מהור״ר אברהם ליסאָ דק״ק פראנקפורט: מ׳זאָל נעמען א גאנצן עפּל און מ׳זאָל אויפשרייבן אויף איין פערטל דאָס וואָרט ביקדש, אויפן צווייטן פערטל — מיקדש, אויפן דריטן פערטל — ניקדש, און דאָס פערטע פערטל זאָל בלייבן ליידיק. דערנאָך זאָל מען צעשניידן דעם עפּל אויף פיר פערטלען און דער חולה זאָל אָנהויבן עסן דעם עפּל דווקא אין א טאָג, ווען ער האָט מנוחה פון זיין קרענק. דעם ערשטן טאָג, זאָל ער עסן דאָס פערטל מיטן וואָרט ביקדש און ער זאָל אָפּבייסן דאָס וואָרט מיט איין ביס; דעם צווייטן טאג זאָל ער עסן דאָס פערטל מיטן וואָרט מיקדש און ער זאָל אויך אָפּבייסן מיט איין מאָל דאָס וואָרט; און דעם דריטן טאָג זאָל ער עסן דאָס דריטע פערטל מיטן וואָרט ניקדש און ווידער אמאָל אָפּבייסן מיט איין מאָל דאָס וואָרט. דאָס פערטע פערטל, זאָל ער וואַרפן הינטער זיך אין טייך אריין. דאָס איז א גוט און אויסגעפּרוּווט מיטל בעזרת-השם״ **).

אין א ווייטערער שטעלע לייענען מיר א צווייטע סגולה ***): „וואָס איך האָב באַקומען פון מיין רבין הגאון מהור״ר אברהם מליסאָ, אב״ד דק״ק פראנק-פורט: מ׳זאָל נעמען א פּאַפּיר אָדער זאַק אין וועלכן ס׳איז געלעגן זאַפרין און מ׳זאָל עס לייגן אונטער דעם קישן פון דעם חולה, אָן זיין וויסן, און ער וועט קענען שלאָפן. ס׳איז אן אויסגעפּרוּווט מיטל...״ אין זעלבן ספר געפינען זיך נאָך א רייע סגולות, וואָס ער האָט מקבל געווען פון זיין רבין.

דער צווייטער מקור וועגן דער פּערזענלעכקייט פון ר׳ אבוש, איז די מצבה וואָס איז געשטעלט געוואָרן אויף זיין קבר. דאָרט זאָגט זיך, צווישן אנדערעס:

„ער האָט געטאָן צדקה און גמילת-חסדים מיט אלע, וואָס זיינען געקומען צו אים; אין חסידות און עניוות האָט ער נישט איבערגעלאָזט קיין גלייכן צו זיך און ער האָט, מיט דעם אויבערשטנס הילף, געהיילט א סך מענטשן און ער האָט נישט גענומען קיין שכר פאר די רפואות וואָס ער האָט געגעבן; און ער האָט צעטיילט א פינפטל פון זיין פארמעגן און אלע מצוות —גרינגע צי האַר-בע— זיינען געווען גלייך פאר אים און ער האָט זיך משתדל געווען צו זיין סנדק און מוהל, און פלעגט אויף דעם אויסגעבן א סך געלט אין זיינע אלע יאָרן. זאָל זיין זכות מגין זיין אויף אונדז...״ (70).

אין עלטער פון אן ערך 69 יאָר, איז ר׳ אבוש נפטר געוואָרן אין פראנק-פורט. זיין פרוי „מרת גאָלדא רבקה בת מוהר״ר אלי׳ כ״ץ במיזריטש דליטא״

*) „מפתח הים״, אופינבאך, תקמ״ח. דער ספר באהאנדלט די זיבן חכמות: געמלעך, ארכיטעקטור, מוזיק, אסטראָנאָמיע, נאטור-וויסנשאפט, איינשליסלעך מע־יציו, געאָ־מעטריע, כעמיע, שפראכן.

**) דאָרט ז. 33. ***) דאָרט ז. 34.

(דאָס איז דער נוסח פון איר מצבה), איז געשטאָרבן אין פראנקפורט — פינף יאָר פאר אים.

ר׳ אבוש האָט איבערגעלאָזט זין און טעכטער: ר׳ עוזר — רב אין מעזריטש און אנדערע שטעט; ר׳ יוסף — ראב״ד אין קאליש; ר׳ יהודה לייב — איינער פון די גרעסטע לומדים אין פראנקפורט. אין געוויסע מקורים ווערן אויך אָנגעגעבן נאָך פאָלגנדיקע זין: ר׳ יעקב — רב אין לוקניק; אליעזר — רב פון די דריי קהילות: זשאגער, ניישטאט, שאוול און סביבה; ר׳ צבי הירש — ראש־ישיבה אין פראנקפורט (ער האָט חתונה געהאט מיט זיין קוזינע, די טאָכטער פון ליסער רב ר׳ מרדכי); ר׳ משה — רב אין קארוב.

די דאָזיקע מקורים, זיינען פונדעסטוועגן נישט עקזאקט אין אלעם, וואָרום אין דעם פנקס פון פראנקפורט לייענען מיר: „יזכור אלקים את נשמת האיש תם וישר המאור הגדול המפורסם החסיד ועניו צנא מלא ספרא וכולי תלמודא הגאון מוהר״ר משה יעקב צבי הירש זצללה״ה בן לאותו צדיק אדמו״ר... אברם הוא אברהם מליסא זצלה״ה שהיה אב״ד דקהלתינו...״

מיר זעען דערפון, אז דער כלומרשטער לוקניקער רב — ר׳ יעקב; ר׳ צבי הירש פראנקפורטער — ראש־ישיבה און ר׳ משה — קארובער רב, זיינען אין דער אמתן נישט מער ווי איין און די זעלבע פערזאָן.

ווי מיר זעען אויך, איז ער געווען איינער פון די גרעסטע לומדים אין דער חשובער פראנקפורטער קהילה, וווּ ער איז געווען ראש־ישיבה. ער איז גע־שטאָרבן אין עלטער פון 40 יאָר. ס׳איז נישטאָ קיין ספק, אז א טייל פון ר׳ אבושעס קינדער, זיינען געבוירן געוואָרן אין מעזריטש.

## 4. — הגאון ר׳ יהודה לייב ז״ל.

פרידמאן גיט אָן, אז ר׳ יהודה לייב איז געווען רב אין מעזריטש בלויז צוויי יאָר און אפשר נאָך ווייניקער. היות, ער איז נפטר געוואָרן אין ד׳ תשרי תקט״ז (1756) און ר׳ אבוש איז אוועק פון מעזריטש אין יאָר תקי״ד (1754), א שטיק נאָך תשרי (פון א צווייטן מקור, „לוחות העדות״, וועלכן מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, ווייסן מיר אז ר׳ אבוש איז צוריקגעקומען קיין ליסאָ אין חנוכה תקי״ד). פרידמאן וויל פון דאנען דרינגען נאָך אן אינטערעסאנטן פאקט: היות ווי אין דעם פנקס פון דער חברה־קדישא ווערט נישט באקלאָגט די פריצייטיקע פטירה פון דעם רב — ווי עס איז דער שטייגער אין אזעלכע פאלן — איז פון דאנען א באווייז, אז ר׳ יהודה לייב איז געווען דער עלטערער ברודער פון ר׳ אבושן. אלא, מחמת זקנה האָט ער קיינמאָל נישט געוואָלט ווערן רב. נאָר ווען ר׳ אבוש איז אוועק פון מעזריטש, האָט ער איינגעשטימט צו ווערן רב, אָבער בלויז צייטווייליק, מחמת דעם — מיינט פרידמאן — געפינען מיר אייך נישט זיינע חתימות אין דעם פנקס פון בית־דין, נאָר בלויז די חתימות פון די דיינים. אלס ראיה פאר זיין השערה, נעמט ער צו הילף דעם פאקט, וואָס

ר׳ יהודה לייבס זון האָט געהייסן אברהם און דאָס איז דאָך אויך געווען דער נאָמען פון ר׳ אבושעס זיידע.

אונדז שיינט, אז דער גאנצער יסוד, אויף וועלכן ער האָט געבויט זיין השערה, איז א נישט ריכטיקער. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף ר׳ מאָטלס טעות, אין צונויפמישן דעם ר׳ אברהם בר יהודה לייב (דעם ערשטן רב, וואָס ר׳ מאָטל האָט געפונען אין פנקס) מיט ר׳ אבושעס זיידע, וועלכער האָט אויך געהייסן אברהם, און מיר האָבן באוויזן אז דער פאָטער פון אָט דעם אברהמען האָט געהייסן ר׳ צבי הירש קרעמניצער. די ביידע אברהמס האָבן נישט געהאט קיין שייכות איינער מיטן אנדערן, דעריבער האָבן מיר נישט דעם מינדסטן באווייז, אז ר׳ אבוש איז געווען א ברודער פון ר׳ יהודה לייבן. אויב מען זאָל דוקא וועלן געפינען זיין יחוס אין מעזריטש, קען מען אים גיכער מיחס זיין צום מעזריטשער רב אברהם בר יהודה לייב, וואָס איז פארשריבן אינעם פנקס, וואָס ר׳ מאָטל האָט געהאט אין זיין רשות. און אפשר איז גאָר דער ר׳ אברהם געווען זיין פאָטער. אויב דאָס זאָל טאקע האָבן אזוי געווען, איז גאנץ פאַרשטענדלעך, אז דער ר׳ יהודה לייב האָט געדארפט זיין א זקן מופלג, ממילא איז אויך פארשטענדלעך, פארוואָס ער זאָל נישט וועלן אָננעמען דאָס רבנות אויף די עלטערע יאָרן; און עס איז אויך נאטירלעך, אז די מעזריטשער זאָלן אים אָנבאָטן דאָס רבנות, וויבאלד זיין פאָטער איז דאָרט פריער געווען רב.

5. — הרב הגאון ר׳ עוזר בן הג׳... ר׳ אברהם אבוש...

ער איז, משמעות, געווען ר׳ אבושעס עלטסטער זון. פרידמאן שרייבט, אז ער האָט געפונען זיינע חתימות אין דעם פנקס פון בית־דין פון די יאָרן תקכ״ד ביז תקל״ג. איידער ער איז געוואָרן רב אין מעזריטש, איז ער געווען רב אין ביאלע, נעבן מעזריטש. ווען ער האָט פארלאָזט מעזריטש איז ער געוואָרן רב אין קאָזשניץ (נאָכדעם אין ריטשעוואָל). פאַרן ארויסקלויבן זיך פון מעזריטש, האָט ער פארקויפט צוויי שטעט אין שול. זיין שטאָט און זיין רביצנס שטאָט, וואָס זיי האָבן געהאט אין ירושה. זיין רביצן האָט געהייסן צערטיל און איז געווען א טאָכטער פון דעם באקאנטן דובנער רב ר׳ יוסף יוסקי. ר׳ עוזר, האָט מחבר געווען א ספר מיטן נאָמען „אבן העוזר״. ווי עס ווייזט אוים, איז דער חיבור פארבליבן אין כתב־יד.

פון פרידמאנס פארצייכענונג איז צו זען, אז צווישן תקט״ז (1756) און תקכ״ד (1764), האָט מעזריטש געהאט אן אנדערן רב. עס איז אָבער א פלא, וואָס מען געפינט נישט אין דעם פנקס פון בית־דין דערמאָנט א רב פאר דער צייט. עס זאָל זיין, אז מעזריטש איז געווען אָן א רב אין משך פון די יאָרן?

אין דער צייט פון ר׳ עוזרס רבנות, האָט אָפּגעברענט די אלטע מעזריטשער שול.

ווי עס שיינט, איז ר׳ עוזר געווען דער לעצטער פון דער בארימטער רבני־

שער משפחה צו זיצן אויפן מעזריטשער כסא־רבנות. אָבער, נאָך אים האָט זיך אויך ווייטער געצויגן די גאָלדענע קייט פון דער רבנים־משפחה, וואָס האָבן זיך אימפּאָנירט אויף די יידישע קהילות. אַן אייניקל פון ר׳ עוזרן איז געווען, דער אונדז שוין באַקאַנטער, ר׳ יוסף לעווענשטיין, רב אין סעראָצק. ער איז געווען איינער פון די באַקאַנטסטע רבנים אין פּוילן, נישט נאָר מיט זיין גרויס־קייט אין תורה, נאָר אויך אַלס איינער פון די באַקאַנטסטע פאָרשער פון דער געשיכטע פון די רבנים און זייער יחוס. אין דער הקדמה צום ספר „ברכת אברהם" פון זיין זיידע ר׳ אבוש פראַנקפורטער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, שרייבט ער זיין יחוס: „... יוסף האבד"ק סעראָצק, בן הרב החסיד... מו"ה אברהם אבוש... חתן הגאון המפורסם מו"ה ישראל איסר האבד"ק קלימנטוב (קלימענטאָוו), ריצעוועל (ריטשעוואָל) ... בהרב הגאון המפורסם מו"ה עוזר האבד"ק ביאַלע, מעזריטש, קאָזניץ..."

ר׳ עוזרס זון — ר׳ שלמה, וועלכער איז געוואָרן ממלא־מקום אויף זיין פאָטערס פּלאַץ אין קאָזשניץ, האָט שטאַרק געוּרודפט דעם באַרימטן קאָזשניצער מגיד ר׳ ישראל, איינער פון די הויפּט־זיילן פון חסידיזם אין פּוילן (71).

א צווייטע פּערזענלעכקייט, אַן אייניקל פון דער דאָזיקער רבנישער משפחה, איז געווען דער פּרעדיקער און רב אין דער פּראָגרעסיווער לעמבערגער שול — ר׳ ישכר בעריש לעווענשטיין. כאָטש ער איז געווען רב פון דעם רע־פאָרמיסטישן טעמפּל, האָבן אַלע שיכטן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ, אפילו די פרומע יידן, וועלכע האָבן זיך בשעתם קונה־שם געווען מיט זייער קאַמף קעגן ר׳ ישכר בערישעס פּאַרגייער, וואָס האָט גורם געווען צו זיין טראַגישן טויט. ר׳ ישכר בעריש איז געבוירן געוואָרן אין מעזריטש ער"ח אדר, תקפ"א, צו זיין פאָטער ר׳ יצחק עוזר און זיין מוטער פייגהביילה. זי איז געווען א טאָכטער פון הרב נחום שיף.

זיין פאָטער, וועלכער איז געווען א גדול־בתורה, האָט אָבער נישט גע־וואָלט ווערן רב און איז געוואָרן א גרויסער סוחר. אָבער, אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זיין זון ישכר בעריש, וועלכער איז געווען באַרימט אַלס עילוי. פון לערנען אים וועלטלעכע לימודים איז נישט געווען וואָס צו רעדן. און ווען ישכר בעריש האָט שוין אַלס קליינער יינגל, אָנגעהויבן שרייבן פּאָע־זיע, האָט אים דער פאָטער קוים דערלויבט אריינצוקוקן בלויז אין די שירים פון ר׳ יהודה הלוי א. א. משוררים פון דער יידיש־שפּאַנישער „גאָלדענער עפּאָ־כע". ווען ער איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, איז ער שוין געווען באַהאַוונט אין ש"ס און פּוסקים. דעמאָלט האָט זיך זיין פאָטער מיט דער משפחה באַזעצט אין אַמסטערדאַם, וווּ ישכר בעריש האָט פאַרגעזעצט זיין לערנען. צו יענער צייט איז באַרימט געוואָרן דער האַנאָווער רב, ד"ר נתן אדלער (ער איז נאָכדעם גע־וואָרן רב־הכולל אין ענגלאַנד), און ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן צו דעם גרויסן רב לערנען. מחמת דעם, וואָס אין האַנאָווער האָט געוווינט זיין באָבע (זי איז

געווען א טאָכטער פון דעם גרויסן גאון ר' יצחק הורוויטש, רב אין די בארימטע דריי קהילות א. ה. ו.: אלטאָנא, האַמבורג, וואנזבעק, די אלמנה פון דעם האַנאָווער רב ר' בעריש), האָט מען אים דערפאר דערלויבט צו פאָרן קיין האַנאָווער. דאָרט, האָט ער זיך באקענט מיט זיינע חברים: ד"ר שמואל מייער, וועלכער האָט שפּעטער פארנומען ד"ר אדלערס פלאץ אין האַנאָווער, ד"ר ט. רייענ־פעלז — רב אין שטעטין און ד"ר שטיין — רב און פרעדיקער אין פראָג. זיי האָבן אים צוגערעדט צו שטודירן וועלטלעכע לימודים אויפן אוניווערזיטעט און צו ווערן א מאָדערנער רב, א פרעדיקער. ער האָט זיי געפאָלגט. אָבער, ער האָט די וועלטלעכע חכמות באטראכט בלויז אלס היפּלסמיטל צום עיקר — צו דער תורה, וואָס ער האָט באמת ליב געהאט. אין תר"א, האָט ער פארבראכט אין פּראג און געלערנט ביים פּראגער רב, שלמה יהודה ראפּאָפּאָרט (שי"ר), איינער פון די בארימטסטע משכילישע רבנים אין זיין צייט, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאר דעם שטודיום פון חכמת־היהדות. ער האָט אויך געלערנט ביים באַרימטן בערלינער פרעדיקער ר' מיכל זאקס (זכ"ס) און ביים גרויסן גאון און קעמפער קעגן די רעפאָרמאטאָרן: ר' יעקב עטלינגער, ר' מיכל לאנדסבערג און ר' יעקב משה גאָלדבערג. דעם לעצטנס טאָכטער, האָט ער גענומען פאר א ווייב.

ישכר בעריש איז געווען פרעדיקער און לערער פון רעליגיע אין א ריי קהילות, און ווען די לעמבערגער פּראָגרעסיווע קהילה האָט געזוכט א רב, האָבן אלע אָנגעוויזן אויף ישכר בעריש לעווענשטיין אלס דער פּאסנדיקסטער קאנ־דידאַט. ווען עס איז אין יאָר תרמ"ה (1885) געוואָרן 25 יאָר זינט ער האָט פארנומען די שטעלע אלס לעמבערגער ראבינער, האָט גאנץ לעמבערג גע־פייערט דעם גרויסן יום־טוב. אין עלטער פון 68 יאָר, איז ער נפטר געוואָרן אין לעמבערג און די גרעסטע רבנים, ווי ר' שאול נאטאנזאָן, לעמבערגער רב, און אנדערע געלערנטע, האָבן אים מספּיד געווען.

פון אים האָט זיך צעצווייגט די בארימטע לעווענשטיין־משפחה אין לעמ־בערג און ד"ר דיאמאנד — באקאנטער פירער פון דער פּוילישער סאָציאליסטי־שער פארטיי פּ. פּ. ס. און דעפּוטאט פון פּוילישן סיים — איז געווען זיינער אן איידעם.

לכבוד דעם אויבנדערמאָנטן 25־יאָריקן יובילעאום זיינעם, האָט מען פאר־עפנטלעכט א סך שריפטן געווידמעט דעם יובילאר. און דער משכיל צבי אליעזר טעלער, האָט פארעפנטלעכט אן אויספירלעכע ביאָגראפיע לכבוד אים, מיטן נאָמען „שם עולם" (לעמבערג, תרמ"ט — 1889).

### 6. — הגאון ר' אברהם בר' יהודה לייב ז"ל.

פרידמאן האָט געפונען זיינע חתימות אין דעם פּנקס פון בית־דין פון תקל"ז (1777), ביז אייר תקמ"ז (1787). ווידער אמאָל איז אָפּגעלאָפן פיר יאָר צייט — פון תקל"ג (1773), ביז תקל"ז (1777) — א צווישנצייט, אין וועלכער מעזריטש האָט, הפּנים, נישט געהאט קיין רב.

7. — הגאון ר׳ יחיאל מיכל היילפרין.

זיינע חתימות אין פנקס, האָט פרידמאַן געפונען פון כ׳ טבת, תקמ״ח (1788), ביז ז׳ אדר, תקס״ח (1808) *).

8. — הגאון ר׳ אברהם בר׳ יהודה לייב ז״ל.

פרידמאַן באַמערקט, אַז ער האָט געפונען בלויז זעקס חתימות פון אים אין פנקס און זיי זיינען פון תקס״ח (1808), ביז תק״ע (1810). דער נאָמען דערמאָנט אונדז באַלד אין דעם אביסל פריער דערמאָנטן מעזריטשער רב ר׳ אברהם בר׳ יהודה לייב, וועלכער דערשיינט ביי פרידמאַנען אין דער רשימה נומער 6. איז דאָס בלויז א צופאַל אזא, וואָסביידע רבנים האָבן געטראָגן פונקט דעם זעלבן נאָמען און פאָטערס נאָמען? אָדער זיינען טאַקע די רבנים, וואָס פיגורירן אין דער רשימה־סדר 6 און 8 איין און די זעלבע פערזאָן? אויב מען זאָל אזוי אָננעמען, קומט ווידער אויס, אַז מעזריטש האָט געהאַט צוויי רבנים —ר׳ אברהם בר׳ יהודה ליב און ר׳ יחיאל־מיכל היילפרין— אין איין און דער זעלבער צייט?

אָט די דאָזיקע פראַגעס זיינען אויך אוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר ר׳ מאָטל פרידמאַן און ער פרוווט געבן דערויף זיין תירוץ. קודם־כל וואַרפט ער אָפּ די היפּאָטעזע, אַז דאָס זאָלן האָבן געווען צוויי באַזונדערע פערזאָנען, וואָס זאָלן פונקט האָבן געטראָגן די זעלבע נעמען און די זעלבע נעמען פון זייערע פאָטערס. אחוץ דעם, גיט צו פרידמאַן, איז עס סתם אויסגעשלאָסן; ווארום, ביים פאַר־גלייכן די אונטערשריפטן פון די רבנים וואָס פיגורירן אין דער רשימה־סדר 6 און 8, זעט זיך באַשיימפערלעך, אַז זיי שטאַמען פון איין און די זעלבע פער־זאָן. אויך אינעם סטיל, ווי זיי האָבן זיך געחתמעט אין ביידע פאַלן, איז דער זעלבער. אזוי, צום ביישפּיל, געפינען מיר אמאָל אין דער חתימה בלויז דעם נאָמען פונעם רב און טיילמאָל ווערט אויך דערמאָנט דעם פאָטערס נאָמען; טיילמאָל זאָגט זיך ביי דער חתימה „החונה פה״ און טיילמאָל „האב״ד״. דאָס חזרט זיך איבער אינעם פאַראַגראַף 6 און 8. קומט דערפאַר ר׳ מאָטל צום אויספיר ,אַז די ביידע גלייכנאָמענדיקע רבנים, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער כראָנאָלאָגיע פון די מעזריטשער רבנים, זיינען פון איין און די זעלבע פערזאָן.

די דאָזיקע מסקנא רוקט אָבער ארויס די שוין דערמאָנטע פראַגע: ווי קומט עס וואָס אין איין און דער זעלבער צייט געפינען מיר אויך אין פנקס א צווייטן רב; נעמלעך, ר׳ יחיאל מיכל היילפרין?

ר׳ מאָטל פרידמאַן גיט אויף דעם זיין ענטפער: אין יאָר תקמ״ח (1788), איז ער זיך משער, האָט דער רב ר׳ אברהם בר׳ יהודה לייב זיך צוריקגעצויגן צוליב עפּעס א סיבה פון זיין רבנות־שטעלע און זי אָפּגעטראָטן צו ר׳ יחיאל

*) וועגן אים שרייבן מיר אויספירלעכער אין אונדזער קאַפּיטל „מתנגדים און חסידים אין מעזריטש״.

מיכל היילפּרין. ממילא, איז נישט קיין ווּנדער, פאַרוואָס מיר געפינען מיט יאָרן שפּעטער דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ אברהמען ווידער אמאָל חתמענען דער ערשטער אונטער די פּסקי־דינים און ער שרייבט זיך נישט אב״ד. ווייל אין דער אמתן איז ער דאָך שוין נישט געווען דער רב פון שטאָט. אויב אזוי, פאַר־וואָס־זשע האָט ער זיך בכלל געחתמעט אונטער די פּסקי־דינים, וויבאלד ער איז שוין געווען אויס רב? אויף דעם ענטפערט ר׳ מאָטל, אז די צדדים האָבן מן־הסתם אויסגעדריקט זייער ווילן צו לאָדען זיך פאַר דעם אלטן רב. אָבער פון יאָר תק״ע (1810) אָן, שרייבט ער זיך יאָ אונטער האבד״ק, ווייל ר׳ יחיאל מיכל איז שוין דעמאָלט מער נישט געווען רב אין מעזריטש; ער איז געוואָרן רב ערגעץ אנדערשווּ, האָט דעריבער דער אלטער רב צוריק איבערגענומען זיי־נע פונקציעס אלס שטאָט־רב.

פרידמאַן ברענגט שטאַרקע באַווייזן פאַר זיינע השערות. אין דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא, ווּ עס איז פאַרצייכנט די פּטירה פון דעם רב, ווערט געזאָגט: „...הרב... מוהר״ר אברהם במוהר״ר יהודה ליב זצ״ל שהיה אב״ד דקהילתנו נפטר יום ב׳ כ׳ מנ״א תק״ע (1810)״. אָט די ווערטער: „שהיה אב״ד — ער איז געווען רב״, זיינען א באַווייז: 1. אז מיר האָבן צו טאָן מיט איין און דער זעלבער פּערזאָן; 2. אז ער איז פריער געווען רב און ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער רבנות צוליב עפּעס א סיבה.

און נאָך א ראיה: אין דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא ווערט נישט דער־מאָנט די פּטירה פון דעם רב ר׳ אברהם, וואָס דערשיינט אונטער נומער 6. אודאי קען מעגלעך זיין, אז ער איז נישט געשטאָרבן אין מעזריטש. פּונקט ווי א צאָל אנדערע רבנים, וואָס זיינען אוועק פון מעזריטש און געוואָרן רבנים ערגעץ אנדערשווּ ר׳ מאָטל פרידמאַן האלט אָבער, אז זיין השערה איז די וואַרשיינלעכסטע. דהיינו, היות דער ר׳ אברהם פון פּאַראַגראַף 6 און דער ר׳ אברהם פון דער רשימה 8 זיינען איין און די זעלבע פּערזאָן, האָט מען דאָך נישט געקענט רעקאָרדירן זיין טויט אין יאָר תקמ״ז (1787), ווען ער איז גאָר געשטאָרבן אין תק״ע (1810), און דעמאָלט דערשיינט ער טאקע אין דער רשימה פון דער חברה־קדישא.

א צווייט מאָל דערשיינט דער אויסדרוק „שהיה אב״ד" ווענן דעם ר׳ אברהמען אין יאָר תקצ״ב (1832), ווען אין דעם פּנקס פון דער חברה־קדישא ווערט פאַרצייכנט דער טויט פון זיין זון. דאָס אלץ, האלט ר׳ מאָטל, באַווייזט אז זיינע השערות זיינען ריכטיקע.

מ׳מוז מודה זיין, אז ר׳ מאָטל האָט מיט זיינע באַווייזן באַגרינדעט צוויי עיקרים: 1. אז ביידע אברהמס זיינען אין דערווירקלעכקייט איין און די זעלבע פּערזאָן; 2. אז ר׳ אברהם האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין רבנות־שטעלע. דאָס שטימט פולשטענדיק לויט די דאָקומענטן, וואָס זיינען אין אונדזער באַזיץ און וועגן וועלכע מיר האָבן שוין פריער געשריבן. ר׳ מאָטל האָט אָבער נישט גע־

ווסט פון יענע דאָקומענטן און ממילא האָט ער זיך נישט געקענט דערשלאָגן צו דער אמתער סיבה און ער האָט אָנגענומען, אז דאָ האנדלט זיך פון א פריי־וויליקן צוריקציען זיך מצד ר׳ אברהמען. פון די דאטעס פון יענע דאָקומענטן ווייסן מיר, אז ר׳ אברהם בר׳ יהודה לייב, איז געווען א מעזריטשער פון געבורט, און אין יאָר תקמ״ו (1786) האָט קהל — מן־הסתם צוליב גוטע כוונות — אָנגענומען א באשלוס אונטער א חרם, אז א מעזריטשער טאָר נישט ווערן קיין רב און אפילו נישט קיין איידעם אָדער נאָענטער קרוב פון מעזריטשער. ר׳ אברהם איז געוואָרן רב אין יאָר תקל״ז (1777) און אין יאָר תקמ״ו (1786), האָט מען אים אראָפּגעזעצט פון רבנות און אים באַשטימט אלס ראב״ד (ראש־בית־דין), אָן ווענען עס טאָר נישט פאָרקומען קיין דין־תורה, סיידן ער איז מוחל אויף זיין כבוד. דעמאָלט האָט מען אויפגענומען ר׳ יחיאל מיכל היילפּרין, דער חסידישער רב פון קוזמיר, וועלכער האָט געהאט אויסצושטיין גענוג צרות פון די מתנגדים און מן־הסתם נישט ווייניקער פון ר׳ אברהמס צד אויך. ווען ר׳ יחיאל מיכל איז אוועק פון מעזריטש, האָט ר׳ אברהם געפירט דעם בית־דין, אָבער אלס ראב״ד און נישט אלס רב. ער איז דערפאַר געווען תמיד דער ערשטער צו חתמענען, ווען דער רב האָט נישט אָנטיילגענומען אין דער דין־תורה, און עס איז אויך ריכטיק, פאַרוואָס די חברה־קדישא האָט אים נישט באצייכנט אלס ראב״ד — דעם אמט וואָס ער האָט פאַרנומען ביז צו זיין פטירה — ווייל ער איז דאָך באמת געווען אמאָל מעזריטשער רב. מחמת דעם, ווערט ער באצייכנט אלס געוועזענער רב: „שהיה אב״ד".

9. — הגאון ר׳ נחמן בהרב הצדיק איש מופת ר׳ יעקב.

זיינע חתימות אין דעם בית־דין־פּנקס האָט פרידמאַן געפונען פון אָנהויב תקע״א (1811), ביז כ׳ מנחם אב תקצ״ב (1832), עטלעכע טעג פאַר זיין פטירה. ר׳ נחמן איז געוואָרן פאַררעכנט אלס רב פון גרויסן לומדישן פאַרנעם. אין דעם גוט־באַקאַנטן שאלות־ותשובות־ספר „חמדת שלמה" *) טרעפן מיר אן ענטפער פון דעם בארימטן ווארשעווער רב ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ אויף א שאלה, וואָס ר׳ נחמן האָט אים געשטעלט. עס האנדלט זיך דאָרט וועגן די פרויען פון צוויי מענער, וועלכע זיינען פאַרברענט געוואָרן אין א דאָרף נאָענט פון מעזריטש. ר׳ נחמן האָט געפסקנט, אז די פרויען מעגן ווידער אמאָל חתונה האָבן. דער ווארשעווער רב ענטפערט אים מיט גרויס כבוד און איז מסכים אויף זיין פסק־הלכה.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז ר׳ נחמן געווען דער מעזריטשער רב אין ווענעס צייט עס איז פאָרגעקומען דער עלילת־דם. ער איז אויך דער העלד פון דעם דערמאָנטן אינצידענט מיט דעם רב, ביי ווענען די פוילישע רעוואָלוציאָנערע מאכט האָט רעקווירירט דעם פערד־און־וואָגן און ער האָט זיך אויך

*) ווארשא׳ תקצ״ו (1836), חלק אבן העזר סימן ל״ח.

אקעגנגעשטעלט דעם רבי ר׳ בונם. ווען ער איז געזעסן אין מעזריטש אלס פּאַרטרעטער פון בערקען, וועלכער האָט געהאַלטן דעם מלוכה־שטייער אויף פלייש אין ארענדע.

10. — הגאון הקדוש... ר׳ אפרים אליעזר צבי חרל״פ.

זיינע חתימות האָט פרידמאַן געפונען פון אָנהויב תקצ״ג (1833) ביז ה׳ אלול תר״ט (1849), ד. ה. ער איז געווען 16 יאָר רב אין מעזריטש. אזוי ווי ר׳ אבוש, האָט אויך ר׳ לייזער חרל״פ *) זוכה געווען צו ווערן אַ לעגענדע. די גרעסטע רבנים אין זיין צייט, האָבן אים פאַרערט און גערעדט וועגן אים מיט דעם גרעסטן יראת־הכבוד. ר׳ עקיבא אייגער האָט אים גערופן ר׳ אליעזר הגדול, און אָנדייט אויף דעם גרויסן תנא ר׳ אליעזר הגדול, וועלכער איז אויך געווען בארימט צוליב זיין גרויס וויסן אין קבלה, וואָס האָט אים אוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי פון די תנאים אין זיין צייט. אויך ר׳ אליעזר חרל״פ, איז געווען בארימט אלס הייליקער מאַן און גרויסער בעל־מקובל. עס איז גע־נוג צו זען די הסכמות, וואָס די גדולי־הדור האָבן געגעבן אויף זיינע ספרים, וואָס זיינען ארויס פון דרוק נאָך זיין פּטירה. ר׳ יאשע דער בריסקער א. א. טי־טולירן אים „הגאון הקדוש״ און שרייבן, אז אייגנטלעך גיבן זיי נישט קיין הסכמה אויף זיינע ספרים, ווארום זיינע חיבורים נויטיקן זיך נישט אין זייערע הסכמות. אזא יראת־הכבוד און פאַרערונג האָבן ארויסגעוויזן צו אים אפילו די חסידים, ווי מיר האָבן עס שוין פריער אונטערגעשטראָכן אינעם קאַפּיטל „מתנגדים און חסידים...״.

פרידמאַן דערציילט, און דאָס ווערט אויך באשטעטיקט פון משפּחה־מקורים, אז ר׳ אליעזר איז געשטאָרבן פון עגמת־נפש, ווען זיינע כתבים זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אין דער גרויסער שרפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין מעזריטש (עס זיינען דאַן אָפּגעברענט געוואָרן 300 הייזער) אין יאָר תר״ח (1848). ווי עס ווערט דערציילט, האָבן פיל מענטשן געפּרוווט מציל זיין זייערע ווערטפולע זאכן דורך אריבערטראָגן זיי אין דער גמויערטער שול. דאָרט זיי־נען געוואָרן אוועקגעלייגט ר׳ אליעזרס כתבים, אויף וועלכע ער האָט געהאָ־רעוועט זיין גאנץ לעבן. הפנים, אז צווישן די געבראַכטע זאכן אין שול אריין, האָט געטליעט א פונק און דאָס האָט גורם געווען א שריפה אין שול, ביי וועלכער אלץ, איינגעשלאָסן די ספרי־תורות און ר׳ אליעזרס כתבים זיינען פאַרברענט געוואָרן. ר׳ אליעזר האָט זיך פון דעם אומגליק גענומען שטאַרק צום הארצן און ער איז דערפון קראַנק געוואָרן און ער האָט זיך שוין מער נישט אויפגעהויבן פון דער קרענק.

די ספרים וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן נאָך זיין פּטירה, זיינען גענומען

*) זע וועגן אים אין קאַפּיטל „מתנגדים און חסידים אין מעזריטש״, וועגן זיינע באציאונגען צו די חסידים.

פון כתבי־יד, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט צווישן פרעמדע און אויך פון די נייע כתבי־יד, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון דעם קנאַפּן יאָר וואָס ער האָט נאָך געלעבט, באַוויזן אויפסניי אָנצושרייבן, נישט געקוקט אויף זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד.

זיינע דערשינענע ספרים זיינען:

1. שאלות־ותשובות „עטרת צבי" (וואַרשאַ, תרנ"ו — 1896), אַרויס־געגעבן פון זיין אייניקל אפרים צבי אליעזר חרל"פּ פון סאַרנאַק. איינע פון די שאלות־ותשובות, איז וועגן א גט, וואָס א מעזריטשער ייד, זאב־וואָלף, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין האַמבורג, האָט געשיקט צו זיין ווייב קיין מעזריטש. דער מסדר פון דעם גט, איז געווען ר' שמואל האָלדייש, רב אין פראַנקפורט ביי דער אָדרע. ר' אליעזרן איז דער גט נישט געפעלן געוואָרן, מחמת דעם, ווייל דער נאָמען איז נישט געווען ריכטיק געשריבן און ער האָט מסדר געווען א צווייטן גט און עס צוגעשיקט צום אויבנדערמאָנטן רב, אז ער זאָל אים איבער־ווייזן קיין האַמבורג. פון דער דאָזיקער רבנישער קאָרעספּאָנדענץ, דערווייסן מיר זיך וועגן די יידישע הענדלער אויף די ירידים אין דייטשלאַנד. מיר דערוויסן זיך אויך גלייכצייטיק וועגן דער דחקות, וואָס האָט געהערשט ביי דעם גרויסן ר' לייזער חרל"פּ. דאָס דערוויסן מיר זיך פון פאָלגנדיקן צושריפט*): „לולי שחסתי על דמי־פּאָסט הקשה עלי —שרייבט ר' לייזער— ווען עס איז מיר נישט שווער די הוצאה פאַר פּאָסט — הייתי מבקש להשיב אלי כי קבל דברי— וואָלט איך געבעטן צו ענטפערן אז ער האָט דערהאַלטן מיינע רייד". דעמאָלט איז גראָד מעזריטש געווען אין איר סאַמען אויפבלי. אויך דער פראַנקפורטער רב ווייזט אַרויס גרויס הכנעה צו ר' לייזערן און ער בעט אים, אז ער זאָל אים אָנטאָן דעם כבוד און צושיקן צו אים זיינע חידושי־תורה.

2. „מגדנות אליעזר" (וואַרשאַ, תרנ"ה — 1895), דער ספר איז גע־בראַכט געוואָרן צום דרוק פון ר' מרדכי חיים לייב שו"ב פון מעזריטש. די העתקה איז געמאַכט געוואָרן פון דעם באַקאַנטן מעזריטשער למדן און משכיל ר' יעקב שפּיראָ פון כתב־ידן, וואָס ער האָט געהאַט און ער האָט אויך גע־שריבן די הקדמה צום ספר. אין דער הקדמה דערציילט שפּיראָ, אז ער האָט גוט געקענט דעם גרויסן מחבר (ער איז געווען זיין תלמיד) און אז ער באַ־זיצט א „המון", ד. ה. גאָר א סך מאַנוסקריפּטן און א סך ספרים מיט פאַר־שריבענע חידושים, שו"ת און ווי־נדערלעכן דרוש און פירושים אויף פאַרשידע־נע קבלה־ספרים. אָבער, היות, ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין געלט אַרויסצו־געבן זיינע ספרים, זיינען די שריפטן געווען צעשפּרייט א גאַנצן יובל (50) יאָר. אחוץ דעם האָבן זיי (די כתבים) דורכגעמאַכט פייער און וואַסער (א רמז אויף דער אויבנדערמאָנטער שרפה) און זיי זיינען אויך פאַרדאָרבן געוואָרן

*) אין דער אויבנדערמאָנטער תשובה וועגן גט.

פון אלטקייט. „האָב איך זיך אָנגעשטרענגט און איבערגעשריבן בלויז א ביסל פון דעם, וואָס ס׳געפינט זיך אין מיין רשות; וואָס איך האָב באַקומען פון זיין עלטסטן זון החריף והבקי מו״ה זאב וואָלף ז״ל, איידער ער איז אוועק־געפאָרן פון דאַנען צו אונדזער הייליק לאַנד, ווו ער איז נפטר געוואָרן אָן קינדער...״

אין דעם ספר זיינען פאַראַן דרשות, אין וועלכע דער קבלה־עלעמענט איז שטאַרק קענטיק און אויך חידושים אויף פאַרשידענע שטעלן אין ש״ס. אגב, אין איין פלאַץ זאָגט ער אליין וועגן זיך, אַז „ער איז נישט קיין חריף״. האָט ער עס, מן־הסתם, געזאָגט צוליב תמימות און עניוות. ווייל גראָד האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס חריפות, וואָס איז גלייכצייטיק געווען באַזירט אויף א שטאַרקע בקיאות און לאָגיק.

אין „מגדנות אליעזר״ געפינט זיך אויך א „קונטרס הספדים״, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף פאַרשידענע חשובע בעלי־בתים אין די פאַרשידענע שטעט, ווו ער איז געווען רב. איין הספד, איז געווידמעט ר׳ מאיר יאַנאָווער — איינער פון די מעזריטשער לומדים. ער דריקט זיך דאָרט אויס אַזוי: „דאָס איז דער הספד, וואָס איך האָב געמאַכט אויף א תלמיד־חכם, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געלערנט תורה מיט זיינע תלמידים און זיינע נעכט האָבן געלויכטן ווי די טעג אין זיין תורה־לערנען. כ״ז טבת, תר״ב״.

ווי דער שטייגער פון די מספידים אין יענע טעג, ווען מען פלעגט זאָגן מער תורה און מוסר ווי רעדן וועגן דעם נפטר אליין, איז אויך דער הספד פול געווען מיט תורה און דברי־מוסר. אָבער אויף איין פלאַץ רופט ער פאַטעטיש אויס: „שוטטו בחוצות מעזריטש, הנמצא כמוהו ת״ח עוסק בתורה יום ולילה? האם התערב בשום דבר לבעט ברבותיו? — זוכט אין אלע גאַסן פון מעזריטש, וועט איר דען טרעפן נאָך אַזא תלמיד־חכם ווי ער, וואָס איז עוסק טאָג און נאַכט אין תורה? האָט ער זיך דען ווען געמישט אין ערגעץ אין א זאַך צו ווי־דערשפעניקן זיינע רביים?״

צי דאָס איז געווען א מליצה אָדער אַן אָנדייט אויף מחלוקתן מיט די חסידים, צי גאָר מיט געוויסע מעזריטשער, וואָס האָבן געפרוווט איינפירן נייע אָרדענונגען, וועלכע זיינען געווען דערוווידער ר׳ אליעזר חרל״פ — ווייסן מיר נישט.

צום סוף פון דעם ספר געפינען זיך איניקע בלעטלעך מיט חידושי־תורה פון דעם אַרויסגעבערס פאָטער — ר׳ פנחס אליעזר בר׳ מאיר ז״ל, פון זיין רבין ר׳ ברוך סעמיאַטיטשער, וועלכער איז געווען א תושב אין מעזריטש און פון ר׳ יצחק פרידמאַן, וועלכער איז קורץ נאָכדעם אוועק קיין ירושלים, ווו ער איז געווען שטאַרק געאַכטעט. דעם לעצטנס תורות זיינען אויך געדרוקט אין דעם באַקאַנטן תורה־זשורנאַל „תורה מציון״, וואָס איז א לענגערע צייט

דערשינען אין ירושלים. זיין ארויסגעבער, ר׳ שמואל צוקערמאן, איז, אגב, גע־וועזן א מעזריטשער ייד.

3. „ספר הוד תהלה״, ארויסגעגעבן פון שמואל יהודה הכהן ז״ל פריי־זאנד פון מעזריטש. דער ספר פון ר׳ אליעזר חרל״פ, איז אייגנטלעך געשריבן געוואָרן אלס א תשובה צו איינעם א רב, וועלכער האָט אים אָנגעפרעגט א שאלה וועגן חנוכה. דער ספר הייסט דערפאר אויך „ל״ו נרות על חנוכה״. יע־דע תורה וואָס געפינט זיך דאָרט איז אקעגן איין ליכטל פון די 36 ליכטלעך, וואָס מען צינדט אָן אין משך פון חנוכה. אין דעם ספר דערמאָנט ער, אז ער האָט געשריבן א פירוש אויפן בארימטן „ספר יצירה״ וואָס ווערט מיוחסט צו אברהם אבינו.

אין יאָר תק״ע (1810), איז דער ספר געווען פיל גרעסער. אין יאָר תקפ״ז (1827), דאָס הייסט מיט 17 יאָר שפּעטער, האָט ער אים געקירצט. נאָר ער איז געבליבן אינעם זעלבן פאָרמאַט ווי ער איז דערשינען פון אָנהייב; אָבער, ר׳ אליעזר איז אלץ נישט געווען צופרידן מיט דער רעדאקציע זיינע. ער שרייבט: „צוליב פארשידענע איבעררייסונגען... איז ער נישט מסודר. אויב דער אויבערשטער וועט מיך לייטזעליקן, וועל איך אין אים מעיין זיין און מסדר זיין אזוי ווי מ׳דאַרף״. דאָס האָט ער פארצייכנט ו׳ עש״ק ו׳ טבת תקפ״ו לפ״ק פה ק״ק ביזון (ביעזשון).

4. א פערטער ספר איז זיין „ריח ניחוח״. דעם ספר האָבן מיר לײדער נישט געהאט די געלעגנהייט צו האָבן אין אונדזער רשות.

פון די אויבנדערמאָנטע וויכטיקע ספרים, קען מען זיך שאפן א בילד וועגן דעם מעזריטשער רב, ארום וועלכן די פאנטאזיע פון פאָלק האָט געשפּינט וווּנדערלעכע לעגענדעס, וואָס זיינען דערציילט געוואָרן אין מעזריטש און אין אנדערע שטעט. אָבער, דאָס וואָס עס איז געבליבן פארעפנטלעכט פון אים, איז א קליינער טייל פון דעם וואָס ער האָט אָנגעשריבן. אין זיי גייט אויך נישט אריין זיין קאָרעספּאָנדענץ, וואָס רבנים האָבן מיט אים געהאט און זיין רבנישע קאָרעספּאָנדענץ, האָט געדאַרפט זיין זייער א גרויסע, שוין דערפאר, וואָס ער איז געווען אזוי פארהערלעכט ביי אלע גאונים פון זיין צייט. דאָס זעען מיר אויך פון א שאלה, וואָס איינער פון די באקאַנטע רבנים אין זיין צייט און מחבר פון פיל ספרים — הרב עזריאל פון קאָנסטאַנטין, האָט גע־שיקט צו ר׳ אליעזרן. די דאָזיקע שאלה פארנעמט א גאנצן ספר, וואָס דער מחבר האָט א נאָמען געגעבן „קונטרים לראות״ (לעמבערג תקצ״ח — 1838). אגב, דער דאָזיקער מחבר האָט כמעט אלע זיינע חיבורים גערופן מיט טיטולן, וואָס האָבן געהאט א שייכות מיט „זעען״. דאָס איז דערפאר, ווייל ער איז גע־

וואָרן קראַנק אויף די אויגן און יעדער ספר זיינער, איז געווען אַ מין תפילה צום אויבערשטן, אַז ער זאָל אים געבן געזונטע, זעעוודיקע אויגן *).

די שאלה, וואָס דער רב האָט אים צוגעשיקט, איז געווען וועגן פאַר־טרעטן — צי מען מעג זיי האַלטן אין יידישע היימען; ווייל ער האַלט, אַז אַ פּאָרטרעט אָדער סטאַטוע און בכלל יעדע זאַך, וואָס האָט אויף זיך אַ צורה, איז געגליכן צו עבודה־זרה. דער פרעגער פון דער דאָזיקער שאלה, הויבט אָן מיט דעם לשון: „נוסח מה שכתבתי לגאונים פארי הזמן וביחוד להגאון האמתי יחיד בדורו מהור״ר צבי נ״י אב״ד דק״ק מעזריטש — דער נוסח וואָס איך האָב געשריבן צו די גאונים... איבערהויפּט צום אמתן גאון, איינציקער אין זיין דור מוהר״ר...״

פון דעם נוסח פונעם בריוו, זעט זיך אויך ארויס דער אויסערגעוויינלע־כער דרך־ארץ און הכנעה, וואָס דער רב האָט ארויסגעוויזן לגבי ר׳ אליעזר חרל״פּ. און ס׳איז נישטאָ וואָס זיך צו וווּנדערן, ער איז ווירקלעך געווען פון די גדולי הדור.

ר׳ אליעזר חרל״פּ, איז געבוירן געוואָרן אין טיקטין און האָט זיך זייער געגרויסט מיט זיין משפּחה. צווישן זיינע כתבים, האָט מען געטראָפן זיין יחוס־בריוו, ווו ער איז זיך מיחס דירעקט ביז דוד־המלך. דאָרט ווערט אויך אויסגעטייטשט דער מיין פון די ראשי־תיבות, וואָס פאָרמירן דעם נאָמען חרל״פּ. דער יחוס־בריוו איז נאָכדעם איבערגעדרוקט געוואָרן אין זיינע ספרים, וואָס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן נאָך זיין טויט.

## דער יחוס־בריוו

„אליעזר צבי (דאָס מיינט ער זיך אליין. — מ. ע.) בן זאב בן אברהם בן דוד בן שמשון בן שמעון בן אברהם בן זאב בן שלום בן דוד בן שמעון שאלתיאל בן אליעזר אשר מצא ראש משפחתנו והתחיל לחתום חרל״פּ (ער האָט געגרינדעט אונדזער משפּחה און אָנגעהויבן זיך חתמענען חרל״פּ) בן דוד בן יהודה בן גדליה בהמ״ס (אויטאָר פון ספר) שלשלת הקבלה בן יוסף בן דוד בן הושע בן דוד בן שלמה בן דוד בן גדליה בן שלמה בן יוסף בן יהודה בן יחייא בן יעוש בן חייא אבי חזקיה ר״ג (די ראשי־תיבות זיינען ראש־גליל) ובעצמו הלך לפולין ועל כן חתימת משפחתנו חרל״פּ, ר״ת (ער איז אוועק

*) פריינט דר. יצחק ריוווקינד האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט צום ספר, וואָס ער האָט באַקומען פון ר׳ חיים ליבערמאַן, ביבליאָטעקאַר ביים ליובאַוויטשער רבין. צו זיי ביידע — מיין האַרציקסטן יישר־כוח. אגב, ריוווקינד מיינט, אַז די דאָ־זיקע קאָנסטאַנטין איז אין שכנות מיט לאָדזש; וואָרום, ער דערמאָנט דאָרט טעקסטיל־פאַבריקן און דייטשן. כידוע האָבן די דייטשן דעמאָלט זיך באַזעצט אין לאָדזש און אין די שכנותדיקע שטעטלעך און געעפנט טעקסטיל־פאַבריקן. עס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז די דאָזיקע קאָנסטאַנטין איז יענע וואָס געפינט זיך אין שכנות מיט מעזריטש און פון דעמאָלט, אפשר, נעמט זיך זיין נאָענטקייט מיט הרב חרל״פּ.

קיין פוילן און פון דעם נעמט זיך דער משפחה־נאָמען חרל״פ, וועלכעס איז א ראשי־תיבות פון) חייא ראש לגליל פולין בן דוד בן זכאי בן אברהם בן נתן בן דוד בן דהוא בוסתנאי בן דוד בן חזקיה בן הונא בן כהנא בן מר זוטרא בן אבא בן עוקבא בן נחמיה בן נתן בן הונא בן חייא בן ענן בן שפט בן יוחנן בן דוד בן נחום בן עקוב בן שלמה בן הונא בן נתן דצוציתא בן שלום בן חזקיה בן שכניה בן דוד שמעיה בן שלמה בן דוד ישעיה בן חזקיה בן חסדיה בן ברכיה בן חנניא בן משולם בן זרובבל בן פדיה בן שאלתיאל בן יהוכין בן יהויקים בן יאשיהו בן אמן בן מנשה בן חזקיהו בן אחז בן יותם בן עזריה בן אמציה בן יואש בן אחזיהו בן יורם בן יהושפט בן אסא בן אביה בן רחבעם בן שלמה בן דוד מלך ישראל״.

ר׳ אליעזר האָט מיט זיך פאַרמירט דעם 86טן דור נאָך דוד המלך. מיט אזא יחוס, צדקות און גאונות, איז גאָרנישט קיין ווּנדער פארוואָס זיין קבר איז געווען דער פּאָפּולערסטער און ביי יעדער געלעגנהייט פלעגן פרומע לייט מתפלל זיין אין זיין אוהל און בעטן, אז דער גרויסער צדיק זאָל זיין א מליץ־יושר און אויסבעטן א גוטע ישועה. ר׳ אליעזר איז נפטר געוואָרן דאָנערשטיק ביינאכט, ה׳ אלול, תר״ט.

11. — הגאון... ר׳ רפאל יום טוב ליפּמאַן ז״ל.

זיין פאמיליע־נאָמען, איז געווען היילפּערין. ער איז געווען אן אייניקל פון דעם באַרימטן מינסקער רב, ר׳ יחיאל היילפּערין, דער מחבר פון דעם קלאסיש־היסטאָרישן ווערק „סדר הדורות״ *). אין דער מתנגדישער וועלט, איז ער גערופן געוואָרן מיט דעם פארצויגענעם נאָמען ר׳ ליפּעלע, אָדער אויפן נאָמען פון זיין באַרימטן ספר — „עונג יום־טוב״ (ווילנא, תר״ט — 1849). דאַקעגן, ביי די חסידים איז ער נישט געווען איבעריק באַליבט צוליב זיינע מחלוקת מיט די מעזריטשער חסידים, וועלכעס האָט בשעתה אויפגעקאָכט די חסידישע קרייזן קעגן אים. (ווי מיר האָבן עס שוין פריער באשריבן אין אונדזער קאפּיטל „מתנגדים און חסידים אין מעזריטש״). פרידמאַן האָט אָנגעטראָפן זיינע אונטערשריפטן אין פּנקסים פון מעזריטש, וואָס דאטירן זיך פון אָנהויב תרי״א ביז סוף תרמ״ט. פון מעזריטש איז ער אריבער קיין ביאַליסטאָק און ער איז דאָרט פארבליבן רב ביז זיין פּטירה.

12. — הגאון... ר׳ יהושע לייב דיסקין.

ער איז געוואָרן רב אין מעזריטש אין יאָר ה׳תר״כ (1860). פרידמאַן שרייבט, אז אין דעם פּנקס פון בית־הכנסת, האָט ער געפונען אויפן סוף עמוד 50 זיין חתימה, דאטירט: „ביום י״ב טבת שנת תר״כ״.

ר׳ יהושע לייב דיסקין, איז אויפגענומען געוואָרן פון מעזריטש אלס רב מיט גרויס פּאראַד. דער קאָרעספּאָנדענט פון „המגיד״, וועלכער חתמעט זיך

*) געדרוקט צוזאַמען אין קאַרלסרואַ, תקכ״ט—1769.

י. ש. ר. *) באשרייבט די דאָזיקע געשעעניש אין א רייכער מליצהדיקער שפּראַך (72); איבערגעזעצט אין יידיש, דערציילט זיך דאָרט:

„מעזריטש, חודש תשרי. דער 24 טאָג אין חודש אלול איז געווען א טאָג פון פרייד און גליק פאר אונדזערע ברידער אין דער דאָזיקער שטאָט. עס איז געקומען צו אונדז אין גרויסער און הייליקער פּראכט, דער רב הגאון המפורסם מיט זיין תורה און צידקות, מוהר"ר יהושע ליב דיסקין נ"י (נרו יאיר — זיין ליכט זאָל שיינען), וואָס איז פריער געווען רב אין לאָמזשע. אים האָט די שטאָט אויסגעוויילט צו באקליידן דעם אמט פון רבנות און צו ווייזן דעם וועג, אויף וועלכן זיי זאָלן גיין און די מעשים, וואָס זיי זאָלן טאָן. אלע פירער פון דער קהילה, די חשובים און געהויבענע שטאָט־מענטשן, ווי אויך אלע מיטגלי־דער פון דער יידישער באפעלקערונג, אָנגעפירט פון די באוווסטע רבנים — די דיינים פון שטאָט: הרב... ר' אליהו (א זון פון ר' אליעזר חרל"פ. — מ. ע.) און פון הרב... ר' ברכיהו הכהן (דער זיידע פון דעם קאָרעספּאָנדענט), האָבן זיך אלע פארזאמלט און זיינען ארויס אים מקבל פנים זיין מיט שמחה, גע־זאנג און כלי־זמרים; און אזוי האָט מען אים אריינגעפירט אין שטאָט אריין. און ווען ער איז דערשינען אין שטאָט, האָט אויסגעבראָכן א פריידיק געזאנג ביי אלע שטאָט־מענטשן און די פרייד האָט מען געפילט אין אלע גאסן...

„שבת חול־המועד, האָט דער רב געהאלטן זיין ערשטע דרשה. עס איז געווען א טיפזיניקער פּילפּול און א שמועס אין מוסר און אלע האָבן געהאט גרויס הנאה פון זיין חכמה און תורה. די ווערטער זיינע, האָבן איבערגעלאָזט א טיפן רושם און וועלן טראָגן פרוכט אין די נאָענטע טעג... און מיר האָפן, אז ער וועט מיט זיין פארשטענדעניש אונדז פירן אין די וועגן פון גערעכטי־קייט; און אין זיינע טעג וועט זיך מערן שלום, ברידערלעכקייט און פריינד־שאפט אין אונדזערע היימען, וואָס וועט זיין פאר אונדזער טובה־וועגן שטענדיק".

און באמת, מיטן אויפנעמען דעם גאון, האָט מעזריטש געהאט רעכט זיך צו פרייען. דער קאָרעספּאָנדענט האָט געהאט מאָטיוון צו האָפן, אז די מחלוקת צווישן מתנגדים און חסידים, וואָס האָט געבושעוועט אונטער ר' ליפּעלעס רבנות, וועט זיך איינשטילן. אָבער עס איז מעזריטש נישט געווען באשערט אזא גליק.

די אידיליע, וואָס האָט זיך מאניפעסטירט ביים אָנפאנג פון זיין פארנע־מען דאָס מעזריטשער רבנות, האָט לאנג נישט אָנגעהאלטן. נאָך קנאַפּע צוויי יאָר, איז ר' יהושע לייב געווען געצוווּנגען צו פארלאָזן מעזריטש און ער האָט אָנגענומען די רבנות־שטעלע אין בריסק. אין די יידישע פובליקאציעס פון יע־נער צייט געפינען מיר נישט קיין שום פארצייכענונג וועגן זיין אוועקגיין פון

*) איניציאלן פון דעם באקאנטן מעזריטשער חשוב ר' שלמה יצחק הכהן. ער איז געווען א משכיל און בן־תורה און פון די פירנדיקע חובבי־ציון און שפּעטער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטן אין שטאָט.

אונדזער שטאָט און, ממילא, אויך נישט די סיבה, וואָס האָט גורם געווען אַז ער זאָל דאַרפן פאַרלאָזן אַזוי שנעל דאָס רבנות פון מעזריטש. וואָרום, ס׳איז קלאָר, אַז זיין אוועקגיין איז געווען פאַראורזאַכט פון אַ נישט־האַרמאָנישער לאַגע, וואָס האָט זיך אויסגעוויקלט צווישן דעם רב מיט זיין קהילה. דער שרייבער פון די שורות, האָט נאָך געקענט פּערזענלעך אַ שטאָט־בעל־הבית, אַ זקן, וועלכער האָט אַליין געהאַט אַ האַנט אין דער מחלוקת קעגן דעם רב ר׳ יהושע לייב און אין זיין געצוווּנגענעם פאַרלאָזן מעזריטש. פרידמאַן האָט אויך געווים געהערט אַ סך וועגן די שטרייטן, וואָס האָבן זיך פאַרפירט אַרום דעם רב, אָבער ער פאַרשווייגט עס אין זיינע פאַרצייכענונגען. בלויז אין געציילטע ווערטער דעקט ער דאָך אויף אַ טייל פון דער סיבה פונעם באַשלוס פון דעם רב צו פאַרלאָזן מעזריטש. ער שרייבט:

„ומפני שזוגתו הרבנית ז״ל היתה אשת חיל ורצתה להנהיג גם היא את הרבנות, ע״כ נתפּרדה החבילה בינינו — מחמת דעם, וואָס זיין ווייב, די רביצן, איז געווען אַן אשת חיל און אויך זי האָט געוואָלט פירן דאָס רבנות, איז דעריבער געקומען צו אַ ריס צווישן אונדז״.

די זעלבע טענה קעגן ר׳ יהושע לייבס ווייב — די באַרימטע בריסקער רביצן — הערן מיר אויך פון אַנדערע מקורים. זי איז געווען אַ קענערין אין לערנען און זי האָט אפילו געטראָגן אַ טלית־קטן. זייענדיק אויסערגעוויינלעך קלוג און פאַרמאָגנדיק אַ שטאַרקן טעמפּעראַמענט, האָט זי זיך געמישט אין קהלס אָנגעלעגנהייטן און דאָס האָט, אָן שום ספק, געווירקט נישט גינסטיק אויף די באַציאונגען צווישן דער קהילה און זייער רב.

ר׳ יהושע לייב האָט פאַרנומען דאָס רבנות אין אַ צאָל גרעסערע און קלענערע קהילות, דערונטער לאָמזשע און בריסק. אין ערגעץ האָט ער זיך נישט געקענט לאַנג האַלטן, ביז ער האָט, צום סוף, באַשלאָסן אוועקצופאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין ירושלים. דאָרט, האָבן די גדולי־תורה באַלד אים אָנערקענט אַלס דעם גרויסן גאון און תורה־אויטאָריטעט. ער האָט אין ירושלים אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט אויפן געביט פון תורה און ער האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט די יתומים. ער האָט געגרינדעט דאָס גרויסע יתומים־הויז אין ירושלים, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

### 13. — הגאון... ר׳ שמחה שמואל.

ער איז געוואָרן רב אָנהויב תרכ״ב און איז נפטר געוואָרן אין מעזריטש מיט פינף יאָר שפּעטער. ר׳ שמחה שמואל, איז געווען איינער פון די באַדייטנדיקסטע גאונים אין זיין צייט. זיין ספר אויף רמב״ם „משרת משה״ (קעניגסבערג, תרי״ח — 1858), איז אָנערקענט געוואָרן פון לומדים אַלס אַ גרויס תלמודיש ווערק. פרידמאַן, האָט אים, הפּנים, גוט געקענט און ער דערציילט וועגן אים: „ער האָט פאַרמאָגט וויניק ספרים; ער האָט אָבער געהאַט

א פענאָמענאַלן זכרון. ווען ער האָט דורכגעקוקט א ספר, האָט ער געדענקט זיין גאַנצן אינהאַלט". ער האָט אויך ארויסגעגעבן א חיבור אויף קהלת „שמחת ישרים" (וואַרשא, תרכ"ג — 1863), פון וועלכן מיר נעמען ארויס, אז ער האָט געהאַט נייגונגען צו חקירה. אין כתב־יד איז אויך פאַרבליבן זיינער א חיבור מיטן נאָמען „אור ישר" אויף מדרש רבה.

נישט געקוקט אויף זיין גאונות און צדקות (פרידמאַן איז מעיד אויף אים, אז ער איז געווען „א גרויסער עניו"), האָט ער דאָך זיך פאַרשאַפט שאַרפע קעגנער, וועלכע האָבן אים פאַרביטערט דאָס לעבן. דער קאַמף קעגן אים, איז פאַראורזאַכט געוואָרן צוליב א גט, וואָס ער האָט מסדר געווען. ר' שמחה שמואל, האָט אין דעם פאַל מכשיר געווען א גט מיטן „ענדערן דעם נאָמען אין גט". מיט אים איז מסכים געווען דער לעמבערגער רב, ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָן. אָבער דער ראב"ד פון מעזריטש, ר' שמואל, האָט דעם גט געפּסלט. מיט אים האָבן געהאַלטן נאָך לומדים פון שטאָט, דערונטער ר' יעקב שבירין, וועלכער איז געוואָרן זיין שאַרפּסטער בעל־מחלוקת. עס האָט זיך דערמיט אָנגעפאַנגען א גרויסער שטרייט. זיינע קעגנער האָבן אוועקגעשיקט א רייע אָנפראַגן צו א גרויסער צאָל גאונים, דערונטער צו ר' שמואלס קרוב, דער באַרימטער ר' איצעלע פּעטערבורגער; צו ר' שלמה קלוגער פון בראָד; צו ר' יעקב עטלינגער, איינער פון די לעצטע דייטשע גאונים און האַמבורגער רב; צום באַקאַנטן חסידישן רבין און גרויסן גאון ר' חיים צאַנזער; צום וואַרשעווער רב ר' בעריש מייזילש; צום לובלינער רב ר' העשיל אשכנזי; צו ר' יהושעלע קוטנער; צו ר' יצחק אלחנן פון קאָוונע; צום פריערדיקן מעזריטשער רב, ר' יום טוב ליפּמאַן פון ביאַליסטאָק און צו די באַרימטע רבנים און גאונים פון קאַרלין, וואָלקאָוויסק, גראָדנע, סטאַניסלאַוו, שערלעץ א. א. זיי אַלע האָבן דעם גט געפּסלט. עס איז קלאָר געוואָרן, אז דאָ חזרט זיך איבער די געשיכטע מיט דעם באַרימטן קלעווער גט, אין וועלכן די הויפּט־פיגור איז געווען דער געוועזענער מעזריטשער רב און בן־עיר — ר' אבישל פראַנקפורטער.

אין דעם ענטפער, וואָס ר' יצחק דאַנציג (ר' איצעלע פּעטערבורגער), האָט געשיקט צו זיין קרוב —דעם מעזריטשער ראב"ד, ר' שמואל— וועגן דעם ענין, דריקט ער טאַקע אויס זיין זאָרג פאַר א נייער קלעווער־סקאַנדאַל. ער שרייבט צווישן אַנדערעס: „לא אכחד מידידי ש"ב כתר"ה, אשר מאד אתפלא על הרה"ג המתיר אשר ידענוהו כי רב חילו לאורייתא והוא מחריפא דפומפדיתא, כאשר ספרו יעיד עליו, איך נכנס בפרצה דחוקה כזה. ולמען כבוד התורה מהראוי להחזיק במעוז השלום... ולא יהיה כמעשה הגט דקליוואַ, וגם הרה"ג המתיר בחכמת תורתו יחזור מהיתרו ולא יעמוד על דבריו. וזה איזה שנים אשר זכיתי לקבל פני הרב הגאון הגדול סוע"ה (סיני ועוקר הרים) הוא הרב המתיר גט זה, ומדי דברי בו השתוממתי על המחזה על רוב חכמתו ועוצם הריפתו, אחד מגאוני זמננו עטרת תפארת ישראל בתורתו ויראתו וחכמתו

ובמקום גדולתו שם תהא ענוותו להרבות שלום בישראל בתוך גדולי חכמי ישראל..."

אין דער יידישער איבערזעצונג, לייענט עס זיך: „איך וועל נישט לייקע־נען פאר מיין קרוב און זיין כבוד־התורה, דאס איך וואונדער זיך אויף דעם רב הגאון, וואס איז מתיר דעם גט (דער מעזריטשער רב. — מ. ע.). מיר ווייסן זיין גרויסן כוח אין תורה און ער איז פון די שארפזיניקע אין פומפודיתא (פומפודיתא איז געווען איינע פון די בארימטסטע ישיבות אין בבל אין דער צייט ווען דער תלמוד איז געשריבן געווארן, פריער פאר דעם און אויך א סך יארן שפעטער. — מ. ע.), ווי דער ספר זיינער („משרת משה". — מ. ע.) זאגט עדות אויף דעם. ווי אזוי האט ער זיך געקענט אריינלאזן אין אזא ענגן ברוך (פון דין. — מ. ע.). צוליב דעם כבוד פון דער תורה דארף מען זיך האלטן ביי שלום... און ס'זאל זיך נישט חלילה איבערחזרן די מעשה מיטן קלעווער גט. און דער רב הגאון זאל מיט זיין גרויס תורה זיך צוריקציען פון זיין היתר און ער זאל זיך נישט איינשפארן. מיט עטלעכע יאר צוריק האב איך געהאט דעם זכות אויפצונעמען דעם גרויסן רב און גאון... און ווען איך האב מיט אים גערעדט, האב איך שטארק געשטוינט אויף זיין גרויסער חכמה און געוואלדיקן שארפזין; ער איז איינער פון די גאונים פון אונדזער צייט; די שיינע קרוין פון ישראל מיט זיין תורה, יראה און חכמה. זאל ער ווייזן זיין עניוות און מערן דעם שלום צווישן די גדולים און חכמי ישראל..."

א צווייטן שארפן בריוו וועגן זעלבן ענין, האט צוגעשיקט ר' שלמה קלו־גער, וועלכער איז געווען שטארק פארערט צוליב זיין גאונות און צידקות, סיי צווישן חסידים און סיי צווישן מתנגדים.

אין זיין בריוו צו ר' שמואלן דעם ראב"ד שרייבט ר' שלמה קלוגער, אז ער האט דערהאלטן א בריוו פון דעם רב, אין וועלכן ער בארעכטיקט דעם היתר. ער איז מודיע ר' שמואלן, אז ער האט נישט בדעה צו ענטפערן דעם רב דירעקט, נאר ער פארזיכערט אים, אז ער האלט זיך פעסט ביי זיין דעה, אז דער „גט איז פסול און די געגטע פרוי איז אן אשת־איש".

וועגן דעם רב, וועלכער האט מסכים געווען צום היתר, דריקט ער זיך אוים: „ידוע רוע דרכו והוא מתיר אסורים בגבהות לבו, ועת לחשות — זיין שלעכטער וועג איז גוט באקאנט און ער איז מתיר דאס וואס עס איז אסור מיט זיין שטאלצן הארץ. עס איז אבער א צייט ווען מ'דארף שווייגן".

דער בריוו, וואס איז אויך פארעפנטלעכט צוזאמען מיט דער אויבנדער־מאנטער תשובה אין ספר שו"ת „בית יצחק" (ווארשא, תרנ"ח — 1898) פון ר' יצחק פעטערבורגער (סימן ל', חלק אהע"ז) ברענגט נישט דעם נאמען פון דעם אנגעגריפענעם רב. דער מחבר פון „בית יצחק" האט דעם נאמען ארויס־געלאזט צוליב דעם כבוד פון דעם רב, וועלכער איז געווען איינער פון די באַ־רימטסטע רבנים אין יענעם דור. מיר ווייסן אבער, אז דער אנגעגריפענער

רב, איז געווען נישט קיין אנדערער ווי דער אויבנדערמאָנטער לעמבערגער רב, ר' ישראל נאַטאַנזאָן. ר' שלמה קלוגערס כעס אויף ר' שאול נאַטאַנזאָן, האָט זיך גענומען נאָך פון זיין פריערדיקער דיסקוסיע מיט אים וועגן דער כשרות פון מאשין-מצות. ר' שלמה קלוגער און נאָך גאונים, איינגעשלאָסן דער בארימטער גערער רבי, ר' איטשע מאיר (באקאנט אלס בעל חידושי הרי"ם), האָבן געאסרט מאשין-מצות און ער האָט זיך אקעגנגעשטעלט און זיי מתיר געווען. ר' יוסף שאולס שטעלונג דעמאָלט האָט ארויסגערופן גרויס כעס אויף אים און אין דעם בריוו צו ר' שמואלן האָט ר' שלמה קלוגער געפונען דאָרט אָרט זיך אָפּצורעכענען מיט אים.

פרידמאַן שרייבט אין צוזאמענהאנג דערמיט: „דער שטן האָט געזיגט. מען האָט אים (דעם רב) גערודפט און עס איז געווען אן אומרעכט, ווייל די רייד פון חכמים ווערן גערעדט רואיק. און מ'האָט מיר דערציילט, אז די אלע מענטשן וואָס האָבן אים גערודפט, זיינען באשראָפט געוואָרן מיט פארשידענע (געטלעכע) שטראָפן און ער אליין איז געשטאָרבן פאר דער צייט, פון כאָלע-ריע. (פרידמאַן גיט צו די ווערטער: לא עלינו ולא היום, אן איבערזעצונג פון יידישן אָפּשפרעך-וואָרט „נישט פאר אונדז געדאכט און נישט היינט געדאכט" — מ. ע.). אין דעם לעצטן טאָג פון זיין קראנקייט, ווען ער איז געוואָרן סכנותדיק קראנק, האָט מען געשלאָסן אלע קלייטן און מיר אלע האָבן זיך פארזאמלט אין שול, וועלכע איז געווען איבערגעפולט ווי אין יום-כפור און מיר האָבן א גאנצן טאָג געזאָגט תהילים, ביז די אויבערשטע האָבן גובר גע-ווען און זיין נשמה איז ארויף אין הימל אריין".

אזוי האָט זיך פארענדיקט א טראגיש בלעטל אין דער געשיכטע פון א רבנות-מחלוקת צוליב א גט, וועלכעס האָט איבערגעלאָזט טיפע שפורן אין שטאָט.

14. — הגאון... ר' ישראל איסר שאַפּיראָ ז"ל.

פרידמאַן שרייבט וועגן אים אזוי: „ער איז געווען רב ביי אונדז 26 יאָר, פון תרכ"ח (1868) ביז תרנ"ד (1894). ער פלעגט לערנען מיט בחורים א שיעור אין גמרא און פוסקים. אויך מיט מיר האָט ער געלערנט חושן-משפט און מיר פלעגן לערנען יעדן שבת פון נאָך דער פרימאָרגן-סעודה ביז מנחה, אפילו אין זומער-שבתים, ווען אלע שלאָפן. צומערשט איז די שטאָט נישט געווען צופרידן מיט אים, ווייל צוליב זיין גרויס התמדה און לערנען טאָג און נאכט, האָט ער זיך נישט אָפּגעגעבן ווי ס'דארף צו זיין מיט די שטאָט-ענינים. נאָכדעם האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט שטאָטישע ענינים, און ער האָט מיר אמאָל געזאָגט, איך זאָל אים אויפמערקזאם מאכן אויף זיינע חסרונות. ער פלעגט מדקדק זיין אויף יעדע מצוה; און ווען עס איז נפטר געוואָרן דער יונגערמאַן, גרויסער למדן און ירא-שמים — ר' העשיל מארשאל-

קאָוויטש, האָט ער זיך שטאַרק צעוואָרעמט אין דעם הספד און זיך שטאַרק איבערגענומען מיט זיין טויט. ער איז פון דעם קראַנק געוואָרן און אָפּקרענ־קנדיק עטלעכע יאָר, איז ער נפטר געוואָרן".

פרידמאַן דערציילט אויך, אז ער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה. איינ־מאָל איז געקומען צו אים אן אָרעמאַן פון א מיוחסדיקער משפחה און געבעטן ביי אים געלט אויף ווייַן (מן־הסתם אויף ארבע כוסות. — מ. ע.). נישט האָבנדיק ביי זיך קיין געלט, האָט ער אים אוועקגעגעבן א ספר, וואָס איז ווערט געווען דריי רובל.

ר' ישראל איסר האָט מחבר געווען דאָס ספר „שו"ת עזרת ישראל" (וואַרשאַ, תרמ"ז), וואָס ווערט שטאַרק באַנוצט פון רבנים צוליב זיינע פּסקים. די גרעסטע רבנים האָבן אים שטאַרק מכבד געווען. דער קוטנער רב, ר' יהושע, פלעגט זיך מיט אים אָפּט דורכשרייבן און בעטן ביי אים, ער זאָל ארויסזאָגן זיין מיינונג אין שווערע שאלות, וועלכע זיינען אים צוגעשיקט גע־וואָרן. אויך דער גרויסער גאון ר' יעקב אָרינשטיין *) פלעגט זיך מיט אים באַ־ראַטן אין שווערע הלכה־ענינים.

ווען ס'איז אנטשטאַנען די חובבי־ציון־באַוועגונג, האָט ער זיך אין איר אָנגעשלאָסן און האָט גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין דער גרינדונג פון דער מעזריטשער חברה „יסוד המעלה", וועלכע האָט געגרינדעט די קאָלאָניע אין ארץ־ישראל אונטערן זעלבן נאָמען. ער האָט זיך אויך געשטעלט אין דער ריי פון די רבנים און חסידישע רביים, וועלכע האָבן געאַסרט צו מאַכן א ברכה איבער קאָרפוער אתרוגים און אגיטירט פאַר קויפן ארץ־ישראל־אתרוגים. גע־וויסע חסידים און קנאים אין מעזריטש זיינען געווען אומצופרידן מיט ר' ישראל־איסרס קאָאָפּעראַציע מיט די חובבי־ציון; זיי האָבן אָבער נישט גע־וואַגט זיך קעגנצושטעלן קעגן אים. זיין אויטאָריטעט אין שטאָט איז געווען זייער גרויס און דער אַלגעמיינער דרך־ארץ פאַר אים, האָט ביי די קנאים און אנטי־חובבי־ציון אָפּגענומען דעם מוט צו קעמפן קעגן אים; זיי האָבן בלויז געקענט טראָגן זייער פאַרדרוס אין זייערע הערצער. זיין נאָמען איז אויך אין די שפּעטערע יאָרן דערמאָנט געוואָרן מיט גרויסן יראת־הכבוד.

### 15. — הגאון ר' נחמן דוב שפּירא.

צומערשט איז ר' נחמן שפּירא געווען רב אין דעם שכנותדיקן שטעטל קאָנסטאַנטין. נאָך זיין פּאָטערס פּטירה איז ער געוואָרן זיין ממלא־מקום אין מעזריטש. אין די ערשטע יאָרן פון זיין רבנות האָבן נישט אַלע מנהיגים און

*) ווען די צאַרישע רעגירונג האָט ארויסגעשיקט די אויסלענדישע יידן פון רוסלאַנד, איז ר' יעקב אָרינשטיין געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן בריסק. ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין גאַליציע, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט און איז געוואָרן רב אין לעמבערג און פאַרנומען די כסא־רבנות, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן זיין זיידע און זיין פעטער.

אַנגעזעענע יידן פון שטאָט, געוואָלט אים אָנערקענען אַלס רב און האָבן אים אָנערקענט בלויז פאַר ראב״ד. אָבער, מיט דער צייט האָבן אים אַלע אָנערקענט אַלס רב. אין זיין פאָטערס ספר „עזרת ישראל״, ווערט ער פיל מאָל דערמאָנט. ער איז געווען אַ גרויסער בקי און איינער פון די אָנערקענטסטע פוסקים. פון דער גאַנצער געגנט האָט מען אים אָפט איינגעלאַדן צו שווערע דיני־תורות. ווען אין מעזריטש איז געווען א קיבוץ פון ישיבה־לייט, האָט דער רב געזאָגט פאַר זיי א שיעור איינמאָל אין וואָך.

אין זיין צייט, האָט מעזריטש דורכגעמאכט שטורמישע יאָרן פון פּאָלי־טישע און סאָציאַלע, ווי אויך קולטורעלע צעטרייסלונגען. פון דער נאַטור א שטילער מענטש און א מתמיד, האָט ער זיך נישט געמישט אין די פאַרשידענע פאַרטייַ־קאמפן. ער האָט זיך נישט געשטעלט אין דעם אַנטי־ציוניסטישן לאַ־גער, ווען דער ציוניזם איז באַקעמפט געוואָרן פון דער אָרטאָדאָקסיע און א טייל גרויסע רבנים, און זיך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון די שטאָטישע קנאים. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג צו רעפאָרמירן דעם רעלי־גיעזן חינוך און אויך איינפירן לימודי־חול, האָט ער זיך נישט קעגנגעשטעלט קעגן דעם. דער „בונד״ האָט אפילו, אין זיינע האָניק־יאָרן, יאָ געפּרוּווט זיך משעפּען צו אים און אים באַשולדיקט אין שטעלן זיך אויפן צד פון די פאַבריַ־קאַנטן. אָבער, דאָס איז געווען נישט מער ווי רעטאָריק. עס האָט זיך צוגע־פּאַסט צו יענער צייט אַזאַ שטעלונג, בכדי דערמיט נאָכצוטאַנצן די נישט־יידישע סאָציאַליסטן, אין זייער אונטערגענומענעם קאמף קעגן דעם קלער אין אַלגעמיין. אַזוי איז דעמאָלט געווען די מאָדע. עס איז דעם רב אויך אויסגע־קומען צו האָבן די שווערע אויפגאַבע פון פירן די קהילה אין די קריטישע יאָרן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער־מלחמה און אויך דערנאָך, אינעם רעוואָלו־ציאָנערן פּעריאָד פון דער מרידה פון 1905; א צייט, וועלכע איז געווען רייך אין שטרייקן און לאָקאַוטס, וואָס האָבן זיך אויך געלאָזט פילן אין א גרויסער מאָס אין אונדזער שטאָט. זיין רבנות האָט זיך פאַרצויגן ביז אריבער דער ערשטער וועלט־מלחמה און דערגרייכט ביז א צענדליק יאָרן אונטער דער פּוילישער זעלבסטשטענדיקער הערשאַפט.

נאָך זיין פּטירה, אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן פון דעם י. ה., איז נאָך א גאַנץ העפטיקן קאמף, אויפגענומען געוואָרן אַלס רב:

## 16 — הרב... ראַשקעַ...

די חשובי העיר, די שיינע בעלי־בתים און לומדים, האָבן געהאַט פאַר זיך אין זכרון די פאַרגאַנגענע דורות רבנים און זיי האָבן ביים איצטיקן מאָל אויך געזוכט פאַר זייער שטאָט א רב וועלכער זאָל ווייטער פלעכטן די קייט פון די רבנישע פערזענלעכקייטן פון מעזריטש מדור־דורות. יאָרן־לאַנג האָבן זיי דעם נייעם רב, וואָס זיי האָבן אויפגענומען, נישט גערן געוואָלט צוטיילן דעם גע־

עריקן כבוד, וואָס עס קומט א מרא־דאתרא. אָבער די שווידערלעכע פּארלענ־דונג פון אונדזער קהילה און דער טראַגישער טויט פון לעצטן מעזריטשער רב (די נאַציס האָבן אים ארומגעשלעפּט איבער די גאַסן פון שטאָט, א צוגעבונ־דענעם צו א פערד), האָט אָפּגעווישט די מחיצה צווישן אים און אַלע שיכטן פון דער קהילה און צוזאמען מיט אים איז געוואָרן פארזיגלט די גלאָררייכע געשיכטע פון דער „עיר ואם בישראל", וואָס האָט זיך גערופן מעזריטש.

---

געווים, איז די רבנים־ליסטע, וואָס מיר האָבן אָנגעגעבן, נישט קיין פולע. עס פעלן נאָך די נעמען פון א סך רבנים, וואָס זיינען געזעסן אויפן מעזריטשער כסא־הרבנות. אויף אייניקע האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן אינעם קאַפּיטל „בראשית פון מעזריטש". אויך ר' מאָטל פרידמאַן, וועלכער האָט זיך א סך אָפּגעגעבן מיט דעם ענין האָט אליין אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, אַז זיין רשימה פון די רבנים איז נישט קיין קאָמפּלעטע און ער האָט גלייכצייטיק אָנגעגעבן אייניקע נעמען פון וואַרשיינלעכע מעזריטשער רבנים.

אזוי, למשל, ווייזט ער אָן אויף ר' נתן נטע קאַצענעלבויגן (מיר וועלן זיך אויך באַציִען וועגן אים אין אונדזער ווייטערדיקן קאַפּיטל „אויסצוגן פון חברה־קדישא־פּנקס"), וועלכער איז געווען דער נשיא פון דעם „כולל" אין ירושלים און ער איז דאָרט נפטר געוואָרן אין יאָר תמ"ט (1689). ר' מאָטל מיינט, אַז דער ר' נתן איז געווען רב אין אונדזער מעזריטש. זיין ראיה נעמט ער פון דעם, וואָס זיין זון, ר' דוד, איז געווען רב אין קאָצק, וועלכע געפינט זיך אין שכנות פון אונדזער מעזריטש.

ר' מאָטלס סברא לייגט זיך אויפן שכל. כאָטש קיין בפירושער באַווייז איז עס נישט. אָבער די ראיה צוזאַמען מיט די ווייטער־געבראַנגטע פאַקטן קע־נען אָבער, אָן שום ספק, דינען פאַר א באַווייז אַז ר' נתן נטע איז טאַקע גע־ווען מעזריטשער רב. אזוי ווייסן מיר אַז זיין זיידע, ר' מאיר וואַל (זון פון דעם לעגענדאַרן יידישן קעניג, וועלכער האָט געקיניגט אין פּוילן במשך פון איין טאָג — ר' שאול וואַל), איז געווען רב אין בריסק, וועלכע ליגט אין שכנות מיט מעזריטש. נאָכמער, א צאָל משפחות אין מעזריטש, האָבן געצויגן זייער יחוס פון אָט דעם רב ר' נתן נטע, וועלכער האָט געזאָלט זיין דער שטאַם־פאָטער פון די דאָזיקע משפּחות. אָט די אַלע ראיות צוזאַמען קענען, אָן ספק, דינען פאַר א באַווייז, אַז ר' נתן נטע קאַצענעלבויגן איז געווען רב אין אונדזער מעזריטש, דהיינו, מעזריטש דליטא אָדער מעזריטש אין פּאָדליאַשע.

אויף נאָך איינעם א רב, וואָס מ'קען צוגעבן צו דער רשימה, ווייזט אָן ר' מאָטל פרידמאַן: אויף דעם רב ר' יהודה אידיל. וועגן אים נעמען מיר דאַטן פון זיין אייניקל ר' יהודה לייב, אב"ד דק"ק זאגר, זון פון דעם באַקאַנטן גאון ר' שמחה טיקטינער. דער אויבנדערמאָנטער ר' יהודה לייב שרייבט אין דער הקדמה צו זיין ספר „שלמי שמחה" (ווילנא, תקס"ו — 1806): „... יהודה

ליב בהגאון... ר' שמחה ז"ל... ובכן אני בן רבקה בת המאו"הג (המאור הגדול) מ' יהודה אידיל שהיה אב"ד בקאַצק, בייאלי ומעזריטש ממשפחת הקרחים".

פרידמאַן ווייזט אָן מיט רעכט, אויפן פאַקט, וואָס די אַלע שטעט ליגן אין שכנות פון אונדזער מעזריטש; דעריבער איז קלאָר, אַז די דערמאָנטע מעזריטש, איז מעזריטש דליטא.

ער ווייזט אויך אָן, אַז דאָ קען נישט זיין קיין רייד, אַז דער יהודה איידיל זאָל זיין אויטענטיש מיט דעם פריער־דערמאָנטן מעזריטשער רב, ר' יהודה לייב, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תקט"ו (1755); וואָרום, יהודה לייב ווערט, בדרך־כלל גערופן איינער, וועלכער הייסט בלויז יהודה, אָבער נישט יהודה אידיל. אחוץ דעם איז אָט דער יהודה אידיל געווען אַ לוי; ווייל דאָס איז די באַדייטונג פון וואָרט קרחים. דאַקעגן, וועגן דעם מעזריטשער רב, ר' יהודה לייב, ווערט אין ערגעץ נישט דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַ לוי. אויך וואָלט זיין אייניקל געוואָלט דערמאָנט דעם זיידנס נאָמען אַלס יהודה לייב און נישט יהודה אידיל. מיר האָבן, אַלזאָ, דאָ צו טאָן מיט אַ צווייטן רב. פרידמאַן דרינגט פון דעם, אַז ער איז געווען מעזריטשער רב צווישן ר' צבי הירש דער צווייטער און זיין זון, ר' אבוש פראַנקפורטער — צווישן די יאָרן תצ"ה (1735) און ת"ק (1740), בערך. דאָס איז גראָד מעגלעך; וואָרום, עס מיינט אַז דער ר' יהודה אידיל איז געווען רב אין מעזריטש אַרום 60 יאָר איידער עס איז אַרויס פון דרוק דער „שלמי שמחה". פון זיין אייניקל ר' יהודה לייב. אַז ער האָט געהאַט אַ שייכות מיט מעזריטש, איז אויך קלאָר פון דעם חברה־קדישא־פנקס, וווּ עס ווערט פאַרצייכנט דער טויט פון זיין פרוי חיה, וואָס איז געשען אין תקכ"ג (1763). אָט די דאָזיקע דאַטע ברענגט אונדז צו דער השערה, אַז ער האָט פאַרנומען דאָס רבנות צווישן ר' יהודה לייבן תקט"ז (1756) און ר' אבושעס זון, ר' עוזר, וועלכער איז געוואָרן רב אין מעזריטש אין יאָר תקכ"ד (1764).

נאָך איינער אַ מעגלעכער רב אין מעזריטש, איז געווען ר' יוסף לאַנדאַ, פלימעניק פון דעם פּראַגער רב, ר' יחזקאל לאַנדאַ. אָט דער רב, האָט געגעבן אַ הסכמה אויפן „הר הכרמל" און דאָרט ווערט ער דערמאָנט אַלס מעזריטשער רב. ר' מאָטל מיינט, אַז דאָס איז נישט אונדזער מעזריטש־דליטא; וואָרום, פון זיינע הסכמות אויף אַנדערע ספרים, ווערט ער דערמאָנט אַלס רב אין פראַנקפורט ביי דער אָדרע און, היות, ווי פראַנקפורט ליגט נישט ווייט פון גרויס־מעזריטש ביי פּויזן, וויל ער דרינגען, אַז ער איז געווען רב אין גרויס־מעזריטש. ער ברענגט נאָך אַ באַווייז פאַר דעם: די הסכמה איז געגעבן געוואָרן אויפן „הר הכרמל" אין תקמ"ב (1782) און צו יענער צייט איז געווען רב אין מעזריטש ר' אברהם בר' יהודה לייב און עס קען דאָך נישט זיין, אַז עס זיינען געווען צוויי רבנים גלייכצייטיק אין שטאָט. ר' מאָטל גיט צו, אַז ער האָט

דעם ספר „הר הכרמל" נישט געזען. מיר האָבן אָבער דעם ספר יאָ געלייענט און דאָרט ווערט בפירוש געזאָגט, אַז די הסכמה איז געגעבן געוואָרן פון דעם רב פון „מעזריטש־דליטא". זאָל דער מחבר פון דעם ספר האָבן געמאכט אזא טעות, אומצובייטן גרויס־מעזריטש אויף אונדזער מעזריטש? שווער צו גלויבן.

ר' מאָטל ווייזט אָן אויף נאָך א מעגלעכן מעזריטשער רב — ר' יהושע הלוי. ער ווערט דערמאָנט אלס רב אין דראמיל, טשעכאָנאָוויצי, סעמיאַטיטש און מעזריטש. היות די פריער־אויסגערעכנטע שטעט ליגן אין שכנות פון מעז־ריטש־דליטא, איז אָנצונעמען, אז דאָ רעדט זיך וועגן אונדזער מעזריטש. עס איז אָבער אינטערעסאנט, אז אין אנדערע מקורים, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם רב, וועלכער איז געווען נאמן פון ועד ארבע ארצות, ווערט נישט דערמאָנט מעזריטש צווישן די שטעלעס, וואָס ער האָט פארנומען. מיינען מיר דעריבער, אז דער ר' יהושע הלוי איז ווארשיינלעך נישט געווען רב אין אונדזער מעזריטש.

# מעזריטשער דיינים

אויך אין דעם פאַל — פון געבן די רשימה פון די דיינים פון אונדזער שטאָט, באַנוצן מיר זיך מיט ר׳ מאָטל פרידמאַנס העתקות, וואָס ער האָט געמאַכט פון די פנקסים, און די דאַטן וואָס מיר נעמען אַרויס פון זיין חיבור „בר אבהן״.

אין זיין איינלייטונג צו דער אָפּטיילונג שרייבט פרידמאַן:

„איך פאַרצייכן די דיינים פון אונדזער שטאָט, וואָס איך האָב געפונען אין די פנקסים און ערגעץ אַנדערש.

„אויפן סמך פון די פנקסים, שיינט, אַז על־פי־רוב, זיינען געווען פינף דיינים אַחוץ דעם רב. דריי פון זיי, זיינען געווען דיינים קבועים, ד. ה. גע־ווײלטע, באַרופענע, וואָס זיינען תמיד געזעסן אין בית־דין צו משפטן און ענטפערן אַלעמען וואָס זיינען געקומען צו זיי. צייטנווייז, פלעגן זיי משפטן און זיך חתמענען אויך אָן דעם רב. די אַנדערע צוויי דיינים, זיינען נישט גע־ווען קיין געוויילטע. צוזאַמען הייסט עס זיינען געווען פינף דיינים, און דער־פאַר געפינען מיר פיל מאָל די חתימות פון אַלע פינף דיינים, וואָס פאָלגן נאָך דעם רבס חתימה. פיל מאָל, איז איינער פון די דיינים געווען אויך דער סופר, ד. ה. דער יעניקער, וואָס האָט איינגעשריבן אין פנקס אַריין די פסקים א. א. וו. אַזאַ דיין, איז גערופן געוואָרן „ספרא ודיינא״. ער איז געווען דער גרעסטער צווישן די דיינים. געווען אויך, צייטנווייז, ווען איינער פון די דיינים האָט אויך געהאַט דעם אַמט פון „נאמן״ איבער די ענינים פון קהל. („נאמן״, ווי מיר האָבן שוין קלאָר געמאַכט, איז געווען דער טיטול וואָס איז געגעבן געוואָרן צום קאַסירער פון די קהילה־שטייערן. — מ. ע.)״.

1 — **הרב לייבוש בר״ש דיין ז״ל.** אַזוי איז פאַרשריבן אין דעם פנקס פון דער חברה־קדישא אויפן ערשטן עמוד, אָן אַ דאַטע. (די ראשי־תיבות דער־מאָנען שטאַרק אין ר׳ שמואל דער ראב״ד, וועלכער ווערט דערמאָנט אין דעם ספר שו״ת „פנים מאירות״ פון ר׳ מאיר אייזנשטאַט, חלק א׳, סימן נ״א. אויך ר׳ מאָטל האָט עס באַמערקט. — מ. ע.).

2 — **הרב... ר׳ אריה לייב ז״ל ד״ק** (דיין קבוע) **בר׳ מנחם מאניס ז״ל.**

ומ"כ (ומנוחתו כבוד, וואָס מיינט, ער איז נפטר געוואָרן. — מ. ע.) סיון, תפ"ט (1729).

3 — הרב... ר' דוד ז"ל (ד"ק) בר' יונה ז"ל; ומ"כ י"ד סיון תצ"ט (1739).

4 — הרב... ר' נתן ז"ל (ד"ק) בר' יואל, ומ"כ כ"ו אדר תק"ד (1744).

5 — הרב... ר' יואל ז"ל (ד"ק) בר' אברהם ז"ל, ומ"כ בכסלו תק"ה (1745).

6 — הרב... ר' יוסף יעסיל ז"ל (ד"ק); ומ"כ באדר תק"י (1750).

7 — הרב... ר' משה ז"ל (ד"ק ונאמן) בר' צבי הירש ז"ל; זיין חתימה געפינט זיך אין פנקס פון יום ב' מנחם אב תק"י (1750). ומ"כ כ"ה תשרי תקי"ג (1753).

8 — הרב... ר' אריה לייב ז"ל (ד"ק) בר' יהודה שמש ז"ל; זיינע חתימות זיינען אויך דאטירט יום ב', מנחם אב תקי"ג (1753) און ביז תקט"ז (1756). ומ"כ כ"ז תמוז תקי"ז (1757).

9 — הרב... ר' יהודה ליב ז"ל; אויך זיין אונטערשריפט געפינט זיך אין דער אויבנדערמאָטנער דאטע, צום ערשטן מאָל, אויף א שעבוד (היפּאָטעק) פון דעם הרב ר' יעקב סו"ד (ספרא ודיינא) בר' אשר ז"ל. נאָך אים קומען די אונטערשריפטן פון די אויבנדערמאָנטע דיינים, ר' אריה ליב און ר' משה.

פרידמאַן באמערקט: „פון דעם סמיל דאָרט, איז צו זען אז ער איז נישט געווען דער רב, נאָר דער עלטסטער פון די דיינים; און ס'איז מעגלעך, אז אין יענער צייט איז אין מעזריטש נישט געווען קיין רב".

ווייסן מיר נישט פאַרוואָס פרידמאַן מיינט, אז דעמאָלט איז מעזריטש געווען אָן א רב. מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אז ר' אבוש איז געווען רב אין מעזריטש ביז נאָך תקי"ד; וואָרום, קיין ליסאַ איז ער אָנגעקומען ערשט חנוכה תקי"ד (1754).

10 — הרב... ר' ישעיה ז"ל בר' שמואל דיין ז"ל; מ"כ ביום ו' אייר תקט"ו (1755); פון דאנען איז נישטאָ קיין גענויע באשטימונג ווער ס'איז געווען דיין. מעגלעך, אז ביידע.

11 — הרב... ר' זוסמאַן דיין ז"ל.

12 — הרב... זאב וואָלף כהנא מרגלית ז"ל פון סלוצק (ד"ק). פרידמאַן האָט געטראָפן זיינע התימות פון תקי"ג (1753) ביז תקכ"ג (1763). ומ"כ ט"ו אייר תקכ"ג.

13 — הרב... ר' שמחה ז"ל (ראש הדיינים) בר' שמשון ז"ל. פרידמאַן האָט געפונען זיינע חתימות פון יאָר תקי"ג ביז תקכ"ה (1765). ומ"כ ביום ד' אדר ב', תקל"א (1771).

14 — הרב... ר' יעקב ז"ל (סו"ד) בר' אשר ז"ל. כ'האָב געפונען זיי־נע חתימות פון יאָר תקי"ג (1753) ביז תק"מ (1780). (דאָס איז דער זעלבער ר' יעקב, קענן וועמען ס'איז געווען א היפּאָטעק. — מ. ע.).

15 — הרב... ר' צבי הירש ז"ל בר' יעקב ז"ל. זיינע חתימות פון תקט"ז (1756) ביז תקמ"ה (1785).

16 — הרב... ר' צבי הירש ז"ל במוהר"ב זלה"ה. זיינע חתימות פון תקי"ח (1758) זיינען טיילמאָל די ערשטע אין דער רשימה און טיילמאָל אין מיטן.

17 — הרב... ר' שמחה ז"ל בר' אהרן אייזיק ז"ל. זיינע חתימות זיינען פון תק"כ (1760) ביז תקכ"ד (1764).

18 — הרב... ר' אריה יהודה יונה הלוי ז"ל (ד"ק) בר' שמואל הלוי ז"ל. זיין אונטערשריפט געפינט זיך פון תקכ"ו (1766) ביז תקל"ו (1776). פיל מאָל באמערקט זיך נאָך זיין נאָמען נאָך א וואָרט, וואָס איז אָפּגעשפרונ־גען און פרידמאַן האָט עס נישט געקענט דעציפרירן און ס'הויבט זיך אָן מיט אן א'. ווארשיינלעך איז דאָס וואָרט דער נאָמען פון דער שטאָט פון וואנען ער איז געקומען.

19 — הרב...ר' יוסף ז"ל בר' אריה ליב ז"ל. זיינע התימות געפינען זיך עטלעכע מאָל, פון תקכ"ו (1766) ביז תק"מ (1780).

20 — הרב... ר' יוסף ז"ל בר' צבי הירש ז"ל. זיינע חתימות געפינען זיך פון תקכ"ו (1766) ביז תקמ"ט (1789).

21 — הרב... ר' יצחק ז"ל בר' יהודה יודל ז"ל. זיינע התימות געפי־נען זיך אין מיטן פון די דיינימס התימות אין יאָר תקכ"ה (1768).

22 — הרב... ר' יהודה ז"ל בר' אייזיק ז"ל. זיינע חתימות זיינען פון תקכ"ט (1769) ביז תקל"ג (1773).

23 — הרב... ר' יעקב ז"ל בר' יהודה ליב ז"ל. זיינע התימות זיינען פ ן תקל"א (1771) ביז תקע"א (1811).

24 — הרב... ר' אליעזר זעירא ז"ל בר' יצחק ז"ל. זיינע התימות גע־פ נען זיך צווישן די חתימות פון די דיינים אין יאָר תקל"ד (1714).

25 — הרב... ר' יצחק אייזיק ז"ל בר' יצחק ז"ל. זיינע חתימות זיי־נען פון יאָר תקל"ו (1776) ביז תקמ"ז (1787).

26 — הרב... ר' מאיר ז"ל בר' זאב וואָלף ז"ל. זיינע התימות זיינען פון תקל"ו (1776) ביז תקס"ז (1807).

27 — הרב... ר' נחמיה ז"ל בר' שלום ז"ל. זיינע התימות געפינען זיך אינדערמיט פון אנדערע דיינים אין דעם יאָר תקמ"ג (1783).

28 — **הרב.. .ר׳ אלי׳ ז״ל בר׳ ליב ז״ל.** זיינע חתימות געפינען זיך פון יאָר תקמ״ז (1787) ביז כ״ו טבת תקע״ז (1817). אין זעלבן טאָג איז ער נפטר געוואָרן.

29 — **הרב... ר׳ צבי יצחק ז״ל בר׳ יעקב ז״ל.** ער איז געהתמעט צווישן אנדערע דיינים אין יאָר תקנ״ג (1793).

30 — **הרב... ר׳ משה ז״ל טשעמערניקער בר׳ יהודה ז״ל.** זיינע חתימות געפינען זיך פון תקס״ח (1808) ביז תקע״ו (1816). ומ״כ חול המועד פסח תק״ץ (1830).

31 — **הרב... ר׳ יעקב ישראל ז״ל בר׳ יהודה לייב ז״ל;** זיינע חתימות זיינען פון תק״ע (1810) ביז תקפ״א (1821).

32 — **הרב החסיד החו״ב** (החריף והבקי)... **ר׳ יעקב דוד בידערמאַן ז״ל בר׳ ישראל איסר ז״ל.** זיינע חתימות געפינען זיך פון יאָר תקצ״ב ביז תקצ״ה (1835). נאָך דעם יאָר איז ער געוואָרן רב אין קאָזשניץ און אין ווישעגראַד. ומ״כ אין ווארשא תרכ״ג (1863). ער איז באַקאַנט מיט זיין חיבור „הגהות מהרי״ד״ אויף תורת כהנים, מיט דעם פירוש פון הר״ש משאנץ ז״ל.

ר׳ יעקב דוד, איז געווען איינער פון די גדולי־החסידים פון לענטשנער רבין, ר׳ שלמה לייב. נאָך זיין פטירה, איז ער געוואָרן א תלמיד פון ר׳ מענדל קאָצקער און נאָכדעם איז ער געוואָרן א חסיד פון דעם ערשטן גערער רבין, ר׳ איטשע מאיר, באַקאַנט אויפן נאָמען פון זיין ספר — „חידושי הרי״ם״. (זע אויך וועגן אים און זיין פאָטער אין קאַפּיטל „מתנגדים און חסידים אין מעזריטש״).

דער טעקסט פון זיין מצבה לייענט זיך אזוי:

**פ״נ**

**כבוד הרב הגאון הצדיק המפורסם בתורה ובחסידות**
**צנא מלט ספרא נ״י פ״ה שלשלת היוחסין כקש״ת מו״ה**
**יעקב דוד זצללה״ה שהיה אבד״ק קאזניץ ובסוף ימיו היה אב״ד**
**ק״ק ווישעגראַד בן הרב הגדול צדיק וחסיד מו״ה**
**ישראל איסר זצ״ל ממעזריטש דליטא. נח נפשי׳ דרב**
**בן חמשים וחמש שנים פה ק״ק ווארשא. ביום ד׳**
**עשרים לחודש מ׳ אב שנת תרכ״ג זי״ע תנצב״ה.**

עס איז העכסט ווארשיינלעך, אז ר׳ יעקב דוד איז א געבוירענער אין מעזריטש.

33 — **הרב הצדיק חו״ב... ר׳ מנחם מאניש הלוי זילבערמינץ ז״ל.** זיינע חתימות זיינען פון תקצ״ב (1832) און תקצ״ג (1833). ומ״כ כ״ב אלול תקצ״ג. אין כפר „אבל יחיד״ (ווארשא, תקצ״ד — 1834) פון דעם באַרימטן

מגיד ר' דוב בעריש פלאָהם (זע ווייטער וועגן אים), איז אָפּגעדרוקט א הספד אויף אים. ער רופט אים אָן אין זיינע ספרים „מורי", ד. ה. מיין רבי. אין אויבנדערמאָנטן ספר, וואָס איז געווידמעט דעם באַרימטן ליסער רב ר' יעקב אין די אומגעקומענע מעזריטשער יידן אין דער כאָלערע, ווי אויך דעם מעזריטשער רב ר' נחמן, שרייבט ער:

„ומדי דברי בזה אכתוב מה שזכרתי במספד אל השמועה כי באה, כי הרב ההריף הגדול צדיק ואיש קדוש, כבוד מהו' מנחם מאניש במהור"ר אליעזר הלוי מ"צ מקהילתנו נאסף אל עמיו כ"ב אלול, וקראתי יום לבכי באחת מבתי־כנסיות הגדולות פה ווארשא, ועשיתי לו מספד גדול ואבל כבד כראוי לכבוד קדשו — אין רעדנדיק וועגן דעם וועל איך דערמאָנען, וואָס איך האָב געזאָגט אין מיין הספד, ווען עס איז דערגאַנגען צו מיר די ידיעה, אז דער גרויסער רב און חריף, צדיק אין הייליקער מאן כב' מהו' מנחם מאניש... דיין פון אונדזער קהילה איז נפטר געוואָרן... האָב איך פּראָקלאַמירט א טאָג פון קלאָג אין איינעם פון די גרויסע שולן אין ווארשע און אים געמאַכט א גרויסן הספד, ווי עס פּאַסט פאַר אזא הייליקן מענטש".

אין ווייטער זאָגט ער אזוי:

„הרב המפורסם המנוח מהו' מנהם מאניש נ"ע, אם אמרתי הגד לבני עמי השוד והשבר אשר מצא אותנו בהעדרו, ולספר קצות דרכיו הגלויות לנו מבלעדי הנסתרות אשר לד' אלקינו, כי בכל יכלתו היה בוחר להיות הצנע לכת עם אלקים, טוב לבו יקר נפשו, חכמתו ורוחב בינתו, יראתו ותום דרכו, ונועם מנהגו, אין בפי מלים להגידם, כי מעולם בחר לו הפרישות מעניני עולם־הזה מכל וכל, וכל מגמתו וחפצו הי' להשתעשע על שדי התורה כשעשוע יונק על ברכי הוריו, עד אשר כמעט לא הלך ד' אמות בלא תורה, והיה מנהגו תמיד לשבת בבהמ"ד מוכתר בטלית ותפלין עד חצי היום, והיה לומד בשקידה נפלאה, והיה מעמיק בכל ענין לאין חקר, והיה אומר בכל פעם הידושים יקרים ונעימים לאוזן שומעיהם אם בגפ"ת ואם במקרא ובמדרש (והיה דואג תמיד על שלא הי' יכול להעלות חידושיו הרבים והעצומים על הכתב מפני הטרדות, ואנכי גם כי היו לי חידושיו לששון ולשמחת לבב, נמצאו דבריו ואוכלם והיו בפי כדבש למתוק עכ"ז אנכי לא רשמתי אותם מפני הטרדות ונשכחו ממני, וקצת רשמתי והמה בכתובים ת"י. ד' יהי' בעזרי להוציאם לאור עולם) ואח"כ בלכתו לביתו היה מאכלו אך עוגה אחת קטנה. על הרוב הי' זה מספיק לו לכל היום, כי לחם תורתו הי' מחייהו, וכל בנין גופו הי' אך עור גיד ועצם...

„הה! שמעתי אסיפתו ותחרד נפשי, ועוד עטי בידי ניוע כנוע עצי יער מפני הרוח מדי דברי באיש קדוש ההוא.

„הוי, קהלת מעזריטש, את היית בבתי העיירות, גברת הקהלות, כי גדלו בקרבך שתילי קודש, בדי חמד, פרחי התורה והעבודה בקרבך פרחו. החכמה

והיראה בתוכך זרחו, כל שושן נחמד, כל גפן פוריה, לך לבד היה למנה — כל קהלות קודש; אך את עלית על כולנה.

„הה! כי פתאום סער מתחולל בא, ויעקד וישרש כל מבחר מטעך, כל ארז אדיר, כל יפה נוף הניח לארץ ביד... כן וכן דמוע תדמע עיני, ומר תבכה נפשי, על מחמד עינינו צבי עינינו. הה! כי במות הצדיק הזה והוסר הצניף הטהור מעל ראשינו, הלא כל מאורי אור קדרו בעדינו, אספו נגהם, כה כעתה נשאר בעיר שמה, פנה הודה פנה הדרה, ועל אלה מאנה הנחם נפשי עד ישקיף וירא ד׳ מן השמים, ויצוה עלינו לאמר, עד פה יבואו מכותיכם, ולא תוסיפו לדאבה עוד, ושוב ישוב לשוש לטוב עלינו, וכימי קדם ישים את העיר הקדושה מעז־ריטש תהלה בארץ ותהי זאת תנחומותינו".

אין יידישער איבערזעצונג לייענט זיך עס:

„...ווען איך זאל וועלן אויסדערציילן וועגן דעם גרויסן בראך, וואס האט אונדז געטראפן מיט זיין אוועקגיין, און דערציילן כאטש א טייל פון זיינע וועגן וואס זיינען אונדז באקאנט... זיין גוט הארץ און נאבעלע נשמה, זיין חכמה און ברייטן פארשטאנד, זיין גאטספארכטיקייט און תמימות און זיין אנ־גענעמען באנעמען זיך, וואלט מיין מויל נישט געהאט קיין גענוג ווערטער; ווייל פון שטענדיק אן האט ער זיך אפגעשיידט פון עולם־הזה־זאכן און זיין גאנצער ווילן און באגער איז געווען בלויז זיין תורה־לערנען... און ער איז כמעט נישט געגאנגען קיין ד׳ אמות אן תורה. פון תמיד־אן האט ער זיך גע־פירט צו זיצן אין בית־המדרש איינגעהילט אין טלית־און־תפילין ביז האלבן טאג און ער האט עוסק געווען אין תורה מיט געוואלדיקער התמדה און אין יעדן ענין פלעגט ער זיך אויסערגעוויינלעך פארטיפן. פיל מאל פלעגט ער זאגן טייערע חידושים, וואס איז געווען א פארגעניגן צו הערן; אמאל לומדישע און אמאל פשטים אין תנ"ך און מדרש (ער פלעגט אפט אויסדריקן זיין צער, פארוואס ער פארשרייבט נישט זיינע חידושים צוליב זיינע שטענדיקע טרדות. און איך, כאטש זיינע חידושים האבן דערקוויקט און דערפרייט מיין הארץ און פלעג זיינע ווערטער שלינגען און זיי זיינען געווען ווי האניק צו מיין גומען, האב איך זיי נישט פארצייכנט צוליב מיינע טרדות און איך האב זיי פארגעסן. דאס ביסל וואס איך האב יא פארצייכנט, זיינען אין מאנוסקריפט מיט מיר. זאל דער אייבערשטער מיר העלפן זיי ארויסצוגעבן). ווען ער פלעגט ענדלעך אהיימגיין, האט ער בלויז געגעסן א קליין קיכעלע. על־פי־רוב האט ער זיך באגנוגנט מיט דעם אליין, ווייל די תורה איז געווען זיין דערנערונג און ער איז געווען הויט און ביינער.

„וויי! ווען איך האב געהערט, אז ער איז מער נישטא, בין איך דערציטערט געווארן, און די פעז אין מיין האנט ציטערט ווי עס ציטערן די ביימער אין וואלד געשמיסן פון א שטורעם־ווינט, ווען כ׳רעד וועגן דעם הייליקן מאן.

„אוי, קהילה פון מעזריטש, דו ביזט געווען גרויס צווישן שטעט, א

הארנטע צווישן קהילות; ווייל אין דיין מיט, זיינען געוואקסן הייליקע פלאנצן, וווּנדערבארע צווייגן; אין דיין מיט האבן געבליט בלומען פון תורה און עבודה. די געטלעכע חכמה און גאטספארכטיקייט האבן אין דיין מיט געשיינט — יא, אלע קהילות זיינען הייליק, אבער דו האסט זיי איבערגעשטיגן.

„ווי, פלוצים איז געקומען דער שטורעם־ווינט און ער האט אויסגע־ווארצלט דיינע בעסטע פלאנצן, יעדן מעכטיקן טענענבוים, יעדן שיינעם צווייג האט ער געשליידערט צו דער ערד. (די ווערטער זיינען אודאי אן אנדייט אויף דער כאלערע, וואס האט דעמאלט געבושעוועט אין מעזריטש, ווען דער ספר „אבל יחיד" איז טיילווייז געווידמעט. — מ. ע.).

„ווי, מיט דעם טויט פון דעם צדיק איז ארונטערגענומען געווארן די קרוין פון אונדזער קאפ, אלע ליכטער זיינען פארטונקלט געווארן און האבן אויפגע־הערט צו לייכטן. ווייל איצט איז אונדזער שטאט געווארן א מדבר; ס'איז אוועק איר גלאריע און איר שיינקייט און אויף דעם אלעם וועל איך זיך נישט טרייסטן ביז וואנען גאט וועט ארונטערקוקן פון הימל און ער וועט באפעלן וועגן אונדז, זאגנדיק: ביז דאנען זיינען אייערע קלעפ און ס'וועט אייך מער נישט ווייטאן און, ווי אמאל, וועט ער אונדז ווידער דערפרייען און גוטס־טאן און אזוי ווי פריער מאכן די הייליקע שטאט מעזריטש פאר א לויב אין לאנד און דאס וועט זיין אונדזער טרייסט".

געוויס איז דא אין דעם א סך מליצה און איבערגעטריבענער לאקאל־פא־טריאטיזם. אבער, ווען מעזריטש זאל נישט באזיצן די אלע מעלות פון א שטאט פון תורה און גדולה —וואס זי איז באמת געווען— וואלט ער אזעלכע אויס־דרוקן נישט געווען באנוצט.

34 — **הגאון החסיד החריף... ר' יעקב ציטרינבוים ז"ל בר' אפרים ז"ל.** ער איז געווען באקאנט מיטן נאמען ר' יאקיל חישעס; זיינע חתימות געפינען זיך פון תר"ז (1847) ביז תרי"ה (1858). ער איז נפטר געווארן כ"ג טבת תרי"ח און ליגט נעבן ר' אליעזר חרל"פ. זיינער א גרויסער און וויכטיקער חיבור אויף חושן ומשפט, איז געבליבן אין כתב־יד.

35 — **הרב... ר' אליהו ז"ל, דער זון פון מעזריטשער רב ר' נחמן ז"ל.** זיינע התימות זיינען פאראן ביז זיין פטירה, ג' אדר תרכ"ח (1868). ער איז געווען דער ראש־הדיינים און א גרויסער פוסק. יעדן טאג פלעגט ער לערנען תורה פאר אן עולם מענטשן און ער פלעגט אכטונג געבן, אז מען זאל דאווענען און זאגן קריאת־שמע אין צייט אין דעם גרויסן בית־המדרש. יעדן פרייטיק פלעגט ער זיך לאזן איבער דער שטאט און זען מ'זאל שליסן די קלייטן אין צייט. אבער, ווען מ'האט אים נאר דערזען, פלעגט מען אליין שליסן די קלייטן.

36 — **הרב... ר' ברכיה הכהן ז"ל בר' יצחק ז"ל.** פון זיינע חתימות געפינען זיך בלויז עטלעכע. ער איז נפטר געווארן אין צווייטן טאג ראש־השנה

תר״ל (1870). ער האָט מחבר געווען א ספר מיט חידושים אויף דער מסכתא הוריות.

ר׳ ברכיה כהן, האָט געשטאַמט פון איינע פון די געהויבנסטע רבנישע משפחות, וועלכע האָבן פאַרנומען גרויסע רבנות־שטעלעס — דאָס איז די משפחה בכר״ך (73). לויט „דעת קדושים״ (פעטערבורג תרנ״ז־תרנ״ח — 1897/8) פון ישראל אייזינשטאַט (ז. 32—40), שטאַמט ער פון דעם אומגע־קומענעם אויף קידוש־השם, הרב ר׳ טוביה. דער יחוס זיינער ציט זיך אזוי: ר׳ ברכיהס פאָטער האָט געהייסן ר׳ יצחק און ער האָט געוווינט אין סעמיאַ־טיטש. ער איז געווען אן איידעם פון ר׳ נתן נטע אלטשולער און סעמיאַטיטש, וועלכער איז געווען אן איידעם ביי ר׳ יוסף בכר״ך, פון סעמיאַטיטש. ער איז געווען א זון פון גאון און צדיק ר׳ טוביה חסיד, וועלכער איז געחתמעט אין פנקס טיקטין (דף קל״ד), דאַטירט „שנת תס״ה (1705)״ און איז נפטר געוואָרן אין טיקטין אין יאָר תצ״א (1731). ר׳ טוביה איז געווען א זון פון הרב הגאון ראש פון די דיינים אין טיקטין, און ער איז געווען א זון פון דעם אויבנדער־מאָנטן קדוש הר׳ טוביה.

ער האָט איבערגעלאָזן א זון — ר׳ דוד, וועלכער איז געווען פון די אָנ־געזעענסטע יידן אין שטאָט. ר׳ יצחק שלמה כהן (מיר האָבן אים שוין דער־מאָנט אלס דער קאָרעספּאָנדענט פון דעם „המגיד״) איז געווען דעם לעצטנס א זון. צו דער זעלבער משפחה זיינען זיך מתיחס ר׳ אברהם פון סעריי, דעם ווילנער גאונס מחותן, דעם לעצטנס ברודערס זון — הרב הגאון ר׳ יוסף זיל־בערשטראָם, איז געווען אן איידעם פון דעם באַרימטן מעזריטשער חשוב ר׳ ארויש מינץ, פון וועמען עס איז אנטשטאַנען די באַקאַנטע משפחה זילבער־שטראָם אין מעזריטש.

37 — **הרב... ר׳ שמואל ז״ל בר׳ אהרן ז״ל.** צומערשט איז ער געווען רב אין וואָלטשין, נאָכדעם איז ער געוואָרן מעזריטשער ראב״ד, ד. ה. ראש־בית־דין. ער איז געווען א גרויסער בעל־הוראה און א מקובל (ער האָט געהאַט אלע טאָג א שיעור אין קבלה צוזאמען מיט מיין זיידן הרב ר׳ יוסף חיים שו״ב פלאַסטערשטיין ז״ל. — מ. ע.). ער איז געווען דער יעניקער, וואָס האָט גע־פירט די מחלוקת מיט דעם מעזריטשער רב ר׳ שמחה שמואל איבער דעם גט, וואָס איז שיעור נישט פארוואנדלט געוואָרן אין א צווייטן קלעווער סקאנדאל. ווי געזאָגט, האָבן אלע גדולים געהאלטן מיט אים און געפסלט דעם גט. ר׳ שמואל איז נפטר געוואָרן אין זיבן עלטער אין י״ט כסליו, תר״ס (1900). זיינע חידושים אויף דער הגדה־של־פסח, זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן נאָמען „חידושי מהר״ש״.

38 — **הגאון ר׳ משה קאצינעלענבויגן ז״ל.** (ר׳ משה דער דיין); ער האָט מחבר געווען א פירוש אויפן רמב״ן א. נ. „אהל משה״ (וואַרשא תרל״ח — 1878) און א ספר שאלות־ותשובות „אהל משה״ (וואַרשא, תרמ״ט — 1889).

אין דעם ספר איז אויך אפגעדרוקט א גרעסערער קונטרס (העפט) „פתח דברים" אויף הלכות תפילין פון ר' מאטל פרידמאן. ר' משה איז נפטר געווארן א' סוכות תרס"ט (1909). אין זיין הקדמה דערציילט ער פון זיינע פיינען און יסורים, וואס ער האט דורכגעלעבט און זיין עגמת־נפש, ווען אלע זיינע כתבים זיינען פארברענט געווארן אין יאר תרל"ג (1873). ער האט ווידער גענומען איבערשרייבן זיינע חידושים און „אויפשטעלן א געצעלט (אהל משה) אויף שאלות־ותשובות", און מחמת דחקות אין פרנסה —שרייבט ער— האט ער אפגעדרוקט בלויז א טייל פון זיינע כתבים. זיין ספר שאלות־ותשובות, האט די הסכמות פון אזעלכע גדולי־הדור ווי דער מעזריטשער רב ר' ישראל־איסר שאפירא, ר' יצחק אלחנן ספעקטאר — רב אין קאוונע, ר' יוסף בער — רב אין בריסק א. א. אלע רימען דעם ספר און דעם מחבר.

איינער פון זיינע זין, ר' חיים מרדכי, איז געווען א גרויסער למדן און פון די אנגעזעענסטע בעלי־בתים אין ווארשע. ער איז אויך געווען פרנס פון דער ווארשעווער קהילה.

39 — **ר' מאיר לעוו ז"ל.** ר' מאיר איז געווען אן איידעם פון ר' יעקב שפירא. ער איז געווען באקאנט אלס גרויסער מומחה אין הוראה און פלעגט זיך אפט דרוקן אין כמעט אלע תורה־זשורנאלן, וואס זיינען דעמאלט דערשינען, דארונטער אין די ארץ־ישראלדיקע. ער איז געווען פאפולער ביי די פשוטע יידן, פאר ווען ער פלעגט לערנען די סדרה פון דער וואך און עין־יעקב און דאס אויסגעטייטשט פאר זיי על־פי דרוש און מיט משלים.

40 — **ר' יוסף דוב ראזקי הי"ד;** ער איז געווען ר' משה דיינס איידעם, און געהאט א נאמען פאר א גרויסן למדן. ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, ווען ער האט זיך אליין איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאצים, וועלנדיק דערמיט מציל־זיין זיין קהילה, אין זיי האבן אים גלייך דערשאסן.

---

די אויסגערעכנטע מורי־צדק, זיינען בלויז א טייל פון דער צאל דיינים און מורי־הוראה, וואס מעזריטש האט געהאט צו פארצייכענען.

ר' בעריש פלאהם, אין זיין „אבל יהיד" און אויך ר' מאטל פרידמאן, ווייזן אן אויף נאך מורי־הוראה.

41 — **ר' יעקב ישראל כעלמער,** וועמען פלאהם רופט „הרב הקדוש והטהור חסיד ועניו המקובל דיין צדק דפה". ער איז שוין אונדז באקאנט פון דעם עלילת־דם, ווען ער איז אויפגעטראטן פאר דעם אויספארשער אלס עקספערט פון זוהר. ער איז נפטר געווארן אין תקצ"א (1831). ווייזט אויס, אז ער איז נישט געווען קיין קרבן פון דער כאלערע־עפידעמיע, וועלכע האט אוועקגערויבט אזוי פיל לעבנס אין מעזריטש אין יענעם יאר; ווארום, ער ווערט נישט באצייכנט אין „אבל יהיד" אלס איינער פון די עפידעמיע־קרבנות, וועלכע ווערן פון אים באקלאגט.

42 — **הרב ר׳ משה בר׳ אשר שולמאן ז״ל.** ער איז, ווארשיינלעך, געווען דער זון פון דעם ראש־הקהל ר׳ אשר שולמאן, וועלכער האָט געפּאַטשט ר׳ וואָלפן און איז דערפאר באשטראָפט געוואָרן פון דעם פריץ. פרידמאן האָט געפונען זיינע חתימות צוזאמען מיט ר׳ אליעזר הרל״פס. ער האלט, אז דער ר׳ משה, איז נישט דער זעלבער וועמען ר׳ אברהם בעריש פלאהם איז מספיד אין זיין „אבל יחיד״, אלס קרבן פון דער כאָלערע; וואָרום, זיינע חתימות פי־גורירן אין א שפּעטערער דאטע.

אין יאָר תקס״ג (1703), געפינען מיר אין מעזריטש דעם באקאנטן רב **ר׳ אהרן מירלש**, מחבר פון „בית אהרן״ (ברלין, תקס״ט — 1799). אין דעם ספר געפינט זיך (דף מ״ט) א תשובה וואָס ער האָט געשיקט צו זיין שוואָגער און איז דאטירט „בי״ם ד׳, ו׳ כסלו תקס״ג, פה מעזריטש דליטא״.

פון דער תשובה קענען מיר דרינגען, אז דאָס איז נישט געווען קיין צייט־ווייליקער באזוך אין אונדזער שטאָט. מיר האָבן אָבער נישט קיין שום אָנדייט וועגן אים אין מעזריטשער דאָקומענטן, וואָס זאָלן אונדז דערציילן וועגן זיין באשעפטיקונג דאָרט.

# מגידים אין מעזריטש

מגידות ביי יידן, אין משך פון א לענגערער צייט, איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע קהלשע פונקציעס. נאך אין די גאר אלטע צייטן זיינען ביי יידן געווען צווייערליי רעליגיעזע אויטאָריטעטן: עס זיינען געווען די געזעץ־גע־בער און געזעץ־אויסטייטשער; און די בעלי־הגדה האבן געהאט זייער פלאץ צווישן די תנאים און די אמוראים.

אודאי, זיינען געווען צווישן די רבנים זעלבסט אזעלכע, וואס זיינען גע־ווען מייסטערס סיי אין הלכה און סיי אין הגדה. מיר האבן ידיעות וועגן רבנים, וואס זייערע קאָנטראַקטן האָט זיי פארפליכטעט גלייכצייטיק אויך צו האלטן דרשות פארן פאָלק אין די שבתים און ימים־טובים און ביי אלע אנדערע פאַסנדיקע געלעגנהייטן. אָבער דאָס זיינען געווען זעלטענע פאלן. על־פי־רוב, איז דעם רבס אויפגאבע געווען צו זיין א מרא־דאתרא — פסקענען שאלות און משפטן אין דיני־תורות — און בלויז אין צוויי שבתים פון יאר: אין שבת־הגדול און שבת־תשובה, האָט דער רב געדאַרפט האלטן דרשות. די דרשות, ווי מיר ווייסן, זיינען אָבער געווען בדרך־כלל געבויט אויף פילפול, און בלויז א קליינער טייל איז געווען געווידמעט צו התעוררות און מוסר. אויף מוסרן דאָס פאָלק, צו פירן זיי אין די וועגן פון תשובה, לערנען זיי מאָראל און עטיק, האָבן ס׳רוב קהילות אויסגעהאלטן א ספעציעל צו דעם צוגעפאסטן מענטש — דעם מגיד.

אין א טייל קהילות, האבן די מגידים פארנומען גלייכצייטיק א פלאץ אין דעם בית־דין; אָבער, על־פי־רוב איז דאָס געווען א גאנץ זעלבסטשטענדיקער אמט, וואָס האָט מיטן אייגנטלעכן בית־דין גאָרנישט געהאט צו טאָן, אויף וויפל ס׳האָט זיך געהאנדלט אין שאלות און דיני־תורות. נאטירלעך, האָבן די קהילות געזוכט א מגיד, וואָס זאָל זיין, א חוץ אַן ערלעכער ייד און גוטער בעל־דרשן, אויך א למדן: כדי ער זאָל קענען האָבן א געהעריקע השפעה אויף אלע שיכטן פון דער קהילה. אָבער קיין סמיכה אָדער היתר־הוראה האָט מען אָפי־ציעל פון אים נישט פארלאנגט.

אין אנדערע צייטן, און אפילו מיט א דור אָדער צוויי צוריק, איז מגידות שוין מער נישט געווען דאָס זעלבע וואָס אמאָל; און אפילו נישט א שאָטן פון

דעם. בלויז געציילטע שטעט האָבן נאָך אויסגעהאַלטן שטענדיקע מגידים, אַ שטייגער ווילנע, ביאַליסטאָק. אין ווילנע, איז דער שטאָט־מגיד גלייכצייטיק געווען איינער פון די דיינים. לרוב זיינען אין די לעצטע צייטן, כמעט אַלע מגידים געווען אָן באַשטימטע שטעלעס און זיי פלעגן אַרומפאָרן אויף זייער אייגענעם חשבון איבער דער מדינה, פון שטאָט צו שטאָט און האַלטן זייערע דרשות; זיי פלעגן זיך אויסהאַלטן פון דעם, וואָס דער עולם צוהערער פלעגט אַריינוואַרפן אין די קערות, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר דעם צוועק.

וואָס האָט גורם געווען צו דער ירידה פון מגידות? מיינען מיר, אַז אין דעם האָבן געהאַט אַ חלק צוויי פאַקטאָרן:

דער ערשטער גורם איז געווען דאָס אָפּשאַפן פון דער אויטאָנאָמיע פון די קהילות אין פוילן, וואָס איז צוזאַמענגעפאַלן מיט דער ירידה פון דער פוילישער מלוכהשקייט. אַלס רעזולטאַט פון דעם איז די מאַכט פון דער קהילה געוואָרן באַגרענעצט; מיטן פאַרלירן פון דער אויטאָנאָמיע, איז געוואָרן פאַרקלענערט די רעכטן פון דער קהילה אַרויפצולייגן שטייערן אויף די מיטגלידער. דאָס האָט רעדוצירט אויף אַ גרויסן אופן די קהלשע הכנסות און ממילא האָט קהל געמוזט זען צו פאַרקלענערן די צאָל אָנגעשטעלטע כלי־קודש. צווישן די געטראָפענע פון דער עקאָנאָמיע איז, ווייזט אויס, אויך געווען די מגידות־שטעלע, וועלכע איז ביסלעכווייז אָפּגעשאַפט געוואָרן; בפרט, אַז מען האָט געקענט יוצא־זיין מיט פרעמדע מגידים, וועלכע פלעגן אַרומפאָרן אויפן אייגענעם חשבון, פון שטאָט צו שטאָט און האַלטן מוסר־דרשות.

אַ צווייטער פאַקטאָר, וואָס האָט נישט ווייניקער מיטגעווירקט צו דער ירידה פון מגידות, איז געווען דאָס אויפקום פון חסידיזם. שוין דער באַגרינדער פון חסידיזם, ר' ישראל בעל־שם־טוב, האָט זיך קריטיש באַצויגן צו די מגידים. אים איז נישט געפעלן געוואָרן דער טאָן פון די מגידישע דרשות; דאָס שטענדיקע מוסרן די יידן, דאָס שרעקן זיי מיט גיהנום און מיט דעם פאַרטרויערן זייער לעבן. ער האָט, דאַקעגן, געפּרעדיקט שמחה און דערנענטערונג צו גאָט; אָנשטאָט פייניקן זיך — פריידיקע תפילה; אָנשטאָט שטענדיקע חרטה — אַ נייע מצוה. ער האָט געגלייבט, אַז מיט די וועגן דערנענטערט מען בעסער דעם פשוטן יידן צום פאָטער אין הימל. די מגידישע מעטאָדן, זיינען ממילא אים געווען דערווידער.

אַ חוץ דעם, האָבן די מגידים, על־פי־רוב, זיך געשטעלט אויפן צד פון די מתנגדים. זיי, איז דער נייער חסידישער דרך געווען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך און דאָס האָט אויך גורם־געווען צו די אַנטי־מגידישע סענטימענטן מצד די חסידים. צו דעם קען מען אויך צוגעבן נאָך אַ סיבה, פאַרוואָס די חסידים האָבן זיך דערווייטערט פון די מגידים און מיט דעם געבראָכן די טראַדיציע פון גיין הערן זייערע דרשות. די חסידישע רביים האָבן, אין אַלגע־

מיין, נישט געלערנט מיט די חסידים קיין פלפולים אדער א שיעור אין רמב"ם. תורה־לערנען, איז געווען א חוב פאר יעדן יידן, אבער נישט קיין גלייכער חוב. דער הארעפאשנער בעל־מלאכה און פארשמאיעטער קרעמער, וואס האט קוים געקענט געפינען צייט פאר תפילה און א פרק משניות אדער גאר שוין א בלאט גמרא, האט נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צו א טיפערן לימוד און די חסידישע רביים האבן עס פון אים אויך נישט פארלאנגט. וואס זיי האבן דער עיקר געוואלט, איז דאס איינפלאנצן אין די הערצער פון זייערע חסידים יידישקייט: אהבת־ישראל, אהבת־תורה און יראת־שמים; דורך ווייזן זיי „די וועגן אין וועלכע זיי זאלן גיין און די מעשים וואס זיי זאלן טאן". דאס האבן זיי באוויזן צו דערגריינן מיט זייערע חסידישע תורות ביי די שבתים־ און יום־טובישן. כאטש זייערע תורות האבן אין זיך אויך געהאט מגידות, זיינען אבער זייערע דרשות געווען ליבלעכע און הארציקע מגידות, וואס האט געווארעמט אנשטאט געברענט. די רבישע שמיעסן, האבן די חסידים געגעבן פליגלען צו זען אלע דריי הונדערט און צען וועלטן, די הימלען, דעם גן־עדן און אפילו דעם סאמע כסא־הכבוד — אנשטאט די מוראדיקע פחדים פון דעם גיהנום און די שווארצע וועלטן פון די מלאכי־חבלה. אט צוליב דעם, האבן מגידים מער נישט געהאט קיין דריסת־הרגל אין די חסידים־שטיבלעך; און, היות, ווי דער חסידיזם האט דעראבערט איין קהילה נאך דער אנדערער און זיי זיינען געווארן איבעראל די מערהייט, זיינען די מגידים, ממילא, פארשטויסן געווארן פון זייערע פאזיציעס.

מעזריטש, וועלכע איז פארט נישט געווארן קיין חסידיש שטאט און האט זיך אזוי ווי תמיד, ווייטער געקוויקט מיט גוטע מגידישע דרשות. אזוי לאנג ווי די קהילה איז געווען מעכטיק און זי האט גענאסן פון איר לעגאלן סטאטוס, וואס גיט איר דאס רעכט צו דיספאנירן מיט אירע מיטגלידער — ווי עס איז געווען דער פאל מיט אלע אנדערע קהילות אין אמאליקן פוילן, ווען זיי האבן פארמאגט די אויטאנאמיע— האט מעזריטש געהאט א קהלשן מגיד, פונקט ווי א רב און א דיין. ווען צוזאמען מיט אנדערע קהילות, האט אויך די מעזריטשער קהילה פארלוירן איר אויטאנאמיע, איז דער מגידישער אמט אפגעשאפט געווארן צוזאמען מיט אלע אנדערע קהלשע אמטן (אויסער רבנים, דיינים און שוחטים — אויך זייער צאל איז באגרענעצט געווען לויטן געזעץ), וואס זיינען בטל געווארן ווען די אויטאנאמיע פון די קהילות איז אפגעשאפט געווארן.

---

די רשימה פון מגידים, וואס מיר גיבן דא איבער, האבן מיר צונויפגעשטעלט אויפן סמך פון די אויסצוגן פון דעם פנקס פון דער חברה־קדישא, וואס ר' מאטל פרידמאן האט געמאכט און אויך פון אנדערע מקורים. אבער, די ליסטע, איז ווייט נישט קיין גאנצע. די סיבה איז א פשוטע: נישט אלע

מגידים האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן אין מעזריטש. מגידים ווי רבנים א. א. כלי־קודש, האָבן אָפט געביטן זייערע שטעלעס; מיט מגידים איז דאָס געשען פיל אָפטער. דער פנקס פון דער חברה־קדישא, פאַרמאָגט דערפאַר בלויז גע־ציילטע נעמען פון די שטאָט־מגידים, און אויך די ידיעות פון אנדערע מקורים זיינען נישט דערגענצט, ווי עס איז בכלל קארג די מקורים וועגן מגידים. מחמת דעם, איז דער מאטעריאל וועגן די מגידים אויך אן אָרעמער. מגידים, וואָס זיינען געווען באקאנט פארנעמען ביי אונדז געגוג פלאַץ, כדי צו שאפן א שטיקל בילד וועגן זייער פערזענלעכקייט. דאקעגן, זיינען די רעשט כמעט אומבאקאנטע און זייערע נעמען דערציילן אבסאָלוט גאָרנישט דעם לייענער. דערפאַר באגנוגענען מיר זיך צו געבן זיי אין איינצלנע שורות.

דער ערשטער מגיד, וואָס איז פארצייכנט אין דעם פנקס פון דער חברה־קדישא, איז:

1 — **הרב ר׳ שמואל מגיד משרים**; געשטאָרבן אין תפ״ח (1728).

2 — **הרב יצחק בהרב ישראל סג״ל**; געשטאָרבן י״ח סיון, תק״ד (1744).

3 — **הרב אשר בהרב יונה**; געשטאָרבן כ״ה אלול, תק״ז (1747).

4 — **הרב יעקב קראנץ** (באקאנט אלס דובנער מגיד).

וועגן דעם, אז דער דובנער מגיד ר׳ יעקב קראנץ, איז געווען מגיד אין מעזריטש, דערוויסן מיר זיך פון זייער א סך מקורים. פאקטיש האָט מעזריטש מער רעכט זיך מיחס צו זיין צו אים, ווי וועלכע ס׳איז אנדערע שטאָט. נישט נאָר איז מעזריטש געווען זיין ערשטע שטעלע און אויך זיין לעצטע, נאָר, נאָכ־מער — מעזריטש האָט אים אנטדעקט און א מעזריטשער האָט אים געמאכט בארימט. דער דאָזיקער בן־עיר, וועלכער האָט אים געגעבן פרסום, איז דער בארימטער מגיד ר׳ בעריש פלאהם (וועגן וועמען מיר שרייבן שפעטער). אלץ וואָס מיר וייסן וועגן ר׳ יעקב קראנץ, האָבן מיר צו פארדאנקען פלאהמען, וועלכער האָט פשוט אָפגעגעבן זיין לעבן צו פאָפולאריזירן דעם דובנער מגיד.

אין זיין הקדמה צום דובנער מגידס „ספר המדות" (צום ערשטן מאָל דער־שינען אין יאָהאניסבורג, תרי״ט — 1859), וואָס ר׳ אברהם בעריש פלאהם האָט רעדאגירט און ארויסגעגעבן מיט זיין אייגענעם פירוש „שיורי המדות", ווערט צווישן אנדערעם דערציילט:

„אדמו״ר מו״ה יעקב דובנער זצוק״ל, איז געווען א זון פון... הרב הצדיק מו״ה זאב זללה״ה פון זעטיל. זיין מוטער איז געווען די צדיקות מרת הינדא, טאָכטער פונעם הייליקן גאון מו״ה נחום, רב אין קאָברין... ווען ער איז גע־ווען אן ערך 18 יאָר אלט, איז ער געקומען קיין מעזריטש און געלערנט אין בית־המדרש (הפנים, אז מעזריטש האָט דעמאָלט געהאט א ישיבה אָדער א קיבוץ פון יונגעלייט. עס איז אָנצונעמען, אז ער איז שוין דעמאָלט געווען נאָך דער חתונה און, מעגלעך, אז ער האָט געהאט זיין פרוי מיט זיך. — מ.

ע.) *). ארום אים פלעגן זיך תמיד זאמלען אייניקע, וואָס האָבן ליב געהאט מיט אים צו שמועסן. ווען זיי האָבן געזען (ר' בעריש מיינט אודאי די מנהיגים פון דער קהילה אָדער די גבאים פון בית־המדרש. — מ. ע.), אז מיט יעדן טאָג מערן זיך זיינע צוהערער און די ענגשאפט ארום אים איז גרויס, האָבן זיי אים פאָרגעשלאָגן, אז ער זאָל ארויפגיין אויף דער בימה און דרשנען, אזוי אז אלע בית־המדרש־יידן זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו הערן זיינע רייד. האָט ער אזוי געטאָן; און דעמאָלט איז ער אויפגענומען געוואָרן אלס שטאָט־מגיד און איז דאָרט פארבליבן צוויי יאָר.

„פון מעזריטש איז ער אריבער קיין זשאלקעוו (ש. בובער ברענגט אים אין זיין ספר „קריה נשגבה" און דערקלערט, אז אין זשאלקעוו איז ער געווען מגיד בלויז צוויי יאָר. — מ. ע.), פון זשאלקעוו איז ער אָנגעקומען קיין דובנאָ און ער איז דאָרט געווען מגיד 18 יאָר צייט. דעמאָלט האָט ער דערהאלטן א בריוו פון דעם ווילנער גאון (זיי זיינען געווען גוט באפריינדעט. — מ. ע.), אז ער זאָל אים באזוכן. ווען ער איז צוריקגעפאָרן פון ווילנע, האָט ער זיך אָפגעשטעלט אין וולאָדאווע (נעבן מעזריטש) און אויף דער בקשה פון דאָרטיקן קהל, האָט ער זיך אָפגעזאָגט פון דובנער מגידות און אָנגענומען די שטעלע אין וולאָדאווע. דאָרט איז ער פארבליבן בלויז איין יאָר און ער איז אָנגעקומען קיין כעלם אלס שטאָט־מגיד און ער איז דאָרט פארבליבן צוויי יאָר. פון כעלם איז ער אָנגעקומען אלס שטאָט־מגיד קיין זאמאָשטש און איז דאָרט געווען 15 יאָר. הגם, ער איז צום סוף פון זיינע טעג ווידער אמאָל געוואָרן מגיד־משרים אין מעזריטש, איז ער דאָרט פארבליבן בלויז עטלעכע חדשים. וואָרום ער האָט געשריבן נאָך זיין בן־יחיד, הרב ר' יצחק, ער זאָל קומען צו אים קיין מעזריטש. נאָר ער האָט נישט געקענט פארלאָזן זיין מסחר אין זאמאָשטש".

ר' יעקב קראַנץ האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין מעזריטשער מגידות און זיך צוריקגעקערט קיין זאמאָשטש צו זיין בן־יחיד, וווּ ער איז אין א קורצער צייט ארום נפטר געוואָרן.

פארוואָס האָבן מיר אים געשטעלט אויפן פערטן אָרט אין אונדזער רשימה? זיכער זיינען געווען אנדערע מגידים אין מעזריטש אין דער צווישנצייט אײדער דער דובנער מגיד איז אָנגעקומען קיין מעזריטש אלס ישיבה־מאַן. זייערע נעמען זיינען אָבער אונדז נישט באקאנט. צווישן דעם פאָרלעצטן מגיד, ר' אשר בר' יונה, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין תק"ז (1747) און דעם מגיד ר' אבלי סג"ל, איז אָפּגעלאָפן א היפשע צייט און לויט אונדזער אויסרעכענען, איז ר' יעקב קראַנץ געווען מגיד אין מעזריטש אין דער צייט.

*) פאראן א מיינונג, אז דער מגיד פון דובנאָ איז געווען א מעזריטשער איידעם. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק; ר' בעריש פלאהם וואָלט אודאי אָנגעגעבן דעם נאָמען פון זיין שווער. אויך ר' יצחק, דעם דובנער מגידס זון, וואָלט דעם פאקט נישט דורכגעלאָזט אין זיין הקדמה צו זיין פאָטערס ספר.

דער חשבון איז אזוי: קיין מעזריטש איז ר׳ יעקב געקומען אלס יונגערמאן פון אן ערך 18 יאר. ער איז געווען א שטיקל צייט אין אונדזער שטאט, ביז זיין מגידישער טאלאנט איז אנטדעקט געוואָרן און ער איז דערנאָך פארבליבן נאָך צוויי יאר. דאָס מיינט צו זאגן, אז ער האָט פארבראכט אין מעזריטש ארום 3 יאָר; צוויי יאָר אין זשאלקעוו; 18 יאָר אין דובנאָ; 1 יאָר אין וולאָדא־ווע; 2 יאָר אין כעלם און 15 יאָר אין זאמאָשטש. מיר באקומען א סך־הכל פון 41 יאָר אויף מגידישע שטעלעס. צו דעם קען מען נאָך צורעכענען די נסיעות, וואָס ער האָט געמאכט צווישן איין שטעלע און דער אנדערער, וועלכע האָבן אויך צוגעגעבן צו דער צייט־אָפּפלוס, בערך, נאָך א יאָר, וואָס גיט אונדז א סך־הכל פון אן ערך 42 יאָר. ווען מיר נעמען אראָפּ 42 יאָר פון תקס״ה -1805 (דאָס יאָר פון זיין פטירה), קומען מיר צו צום יאָר תקכ״ג (1763), אלס דאָס יאָר ווען ער איז אָנגעקומען קיין מעזריטש (אין תקכ״ד — 1764, איז ר׳ עיזר בר׳ אברהם אבוש געוואָרן רב אין שטאָט).

מעזריטש האָט זיך אויך געווים איבערגענומען מיט דעם דובנער מגיד, מיט וועמען דער ווילנער גאון האָט זיך געחברט און זיך געקוויקט מיט זיין מוסר־זאָגן און פאָלקסטימלעכע משלים. זיי האָבן אודאי אויך געהערט וועגן דער התפעלות, וואָס ר׳ משה מענדעלזאָן האָט געהאט פון ר׳ יעקב קראנץ, וועמען ער האָט גערופן „עזאָפּ דער צווייטער”. אין עס איז אָנצונעמען, אז אויך דער דובנער מגיד האָט זיך געפילט באקוועם אין מעזריטש און האָט מכיר־טובה געווען דער שטאָט, וואָס האָט אים אויסגעהאלטן אלס ישיבה־מאן און אים אויפגענומען אלס מגיד, אין א צייט ווען עס האָבן דאָרט געווירקט אזעלכע גרויסע גאונים, און עס קען זיין, אז מחמת דעם האָט ער מסכים געווען אָנצונעמען דאָס מעזריטשער מגידות צום צווייטן מאָל. ווי מיר זעען, האָט מעזריטש טאקע געהאט א גרויסן חלק אין דער קאריערע פון דעם גרעסטן מגיד, וואָס יידן האָבן ווען עס איז געהאט.

**5 — הרב ר׳ אבלי סג״ל.**

וועגן אים ווערן מיר געוווירר אומדירעקט. אין יאָר תקמ״ח (1788) איז געשטאָרבן זיין ווייב, ווי עס איז פארצייכנט אין דעם פנקס פון דער חברה־קדישא און זי ווערט רערמאָנט אלס די פרוי פון „ר׳ אבלי סג״ל מגיד משרים דקהלתנו”. דאָס הייסט, אז ער האָט נאָך דאן געלעבט. אָבער, ווי עס שיינט, איז ער שוין געווען א זקן; וואָרום, די פארשטאָרבענע פרוי זיינע ווערט באַ־צייכנט אלס „זקינה”.

**6 — הרב אליעזר במו״ה גרשון.**

ער האָט געדארפט אָנקומען קיין מעזריטש ערשט נאָך תקס״ה (1805); וואָרום, אין דעם יאָר האָט מעזריטש ווידער אמאָל אויפגענומען ר׳ יעקב קראנץ אלס שטאָט־מגיד און ער איז געווען אין מעזריטש עטלעכע חדשים. ער איז נפטר געוואָרן ב׳ דר״ח טבת, תקע״ד (1814).

7 — **הרב ר' יצחק קראנץ בהרב ר' יעקב קראנץ.**

וועגן ר' יצחק קראנץ ווייסן מיר בלויז דאָס, וואָס זיין תלמיד ר' **אברהם** בעריש פלאהם האָט געשריבן און אויך דאָס וואָס ער אליין האָט **דערמאָנט**, דרך־אגב, ווען ער זיך פון זיין הקדמה צום ספר „אהל יעקב" אויף בראשית, (יאָזעפאָף, תק"ץ) וואָס ער האָט מסדר געווען פון זיין פאָטערס כתבים. סיי דעם ספר אין סיי די הקדמה, האָט ער צוזאמענגעשטעלט אין מעזריטש און פון דער הקדמה ווערן מיר געוואויר, ווען ער איז אָנגעקומען אויף זיין מגידות־שטעלע.

אָט וואָס ער שרייבט:

„פארשידענע געשעפטן האָבן מיך ארומגערינגלט און האָבן מיר נישט געגעבן קיין מנוחה. און כאָטש כ'האָב אָפּטמאָל אוועקגעוואָרפן מיינע עסקים (אָן אָנדייט אויף זיינע מסחרים אין זאמאָשטש. — מ. ע.), האָב איך נישט באוויזן אויסצופירן דעם דאָזיקן גוטן געדאנק (דהיינו, מסדר זיין די כתבים פון זיין גרויסן פאָטער. אין זאמאָשטש האָט ער באוויזן מסדר צו זיין איין ספר, וועלכן ער האָט אָנגערופן „קול יעקב" און איז דערשינען אין ווארשא, תקע"ט — 1819. — מ. ע.), מחמת דעם וואָס די כתבים פון מיין פאָטער ז"ל זיינען נישט געווען גוט מסודר... ביז דער אויבערשטער האָט פאַר מיר אויס־געשפרייט א מקום מנוחה אין דער שטאָט, וווּ מיין פאָטער ז"ל האָט גע־וואוינט; און זי איז די געליבטע שטאָט מעזריטש (נעבן בריסק). שוין פינף יאָר, ווי איך בין דאָ אייפגענומען געוואָרן אלס מגיד. איך דרשן פאַר דעם פאָלק פון שבת צו שבת און זאָג פאַר זיי איבער די חידושים פון מיין פאָטער ז"ל... די ערשטע דריי יאָר, בין איך נאָך אלץ געווען איבערגעלאָדן מיט טרדות און מיינע געדאנקען זיינען נישט געווען רואיק, ביז דער אויבערשטער האָט מיר געגעבן א רואיקע היים און דעמאָלט האָב איך געזאָגט: ס'איז געקומען די צייט מקיים צו זיין מיין נדר, און כ'האָב זיך גענומען צוויי יאָר צייט, אויפ־צוזאמלען די דרשות, וואָס האָבן א שייכות צו די פרשיות פון דער תורה..."

דאָס ספר איז דערשינען אין תק"ץ און אויף דעם סמך איז אָנצונעמען, אז ער איז אָנגעקומען קיין מעזריטש אין תקפ"ה (1825). ליידער איז אים נישט געווען באַשערט צו האָבן אריכת־ימים אין אונדזער שטאָט. דעם ערשטן טאָג חול־המועד פסח תקצ"א (1831) איז ער נפטר געוואָרן, אלס קרבן פון דער כאָלערע, וואָס האָט צו יענער צייט געבושעוועט אין שטאָט (74).

איך האָב דעם איינדרוק, אז מיט דער פטירה פון ר' יצחקן, האָט זיך פארענדיקט די רשימה פון „שטאָט־מגידים" אין מעזריטש. די השערה, איז באזירט אויף צוויי יסודות:

אין אונדזער ארייינפיר צום קאַפּיטל „מגידים אין מעזריטש", האָבן מיר אָנגעוויזן, אז איינע פון די סיבות, וועלכע האָבן גורם געווען צו דער ליקווידאַ־ציע פון דעם „שטאָט־מגיד"־אמט אין פוילן אין אלגעמיין, איז געווען דאָס

אָפּשאַפן די רעשטן פון דער אויטאָנאָמיע, וואָס די קהילות האָבן נאָך אָנגע־האַלטן, א צייט נאָכדעם ווי עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער „ועד ארבע אר־צות". מיטן פאַרלירן די רעכטן צו טאַקסירן זייערע מיטגלידער, האָבן די קהילות געמוזט אָנהייבן מאַכן עקאָנאָמיעס אין די הוצאות און זיי זיינען גע־ווען געצוווּנגען אָפּצושאַפן דאָס רוב קהלשע אמטן. ווי מיר ווייסן, איז די אויטאָנאָמיע פון די קהילות אָפּגעשאַפט געוואָרן ארום תקפ"ה — 1825; ר' יצחק איז גראָד אָנגעקומען און אויפגענומען געוואָרן אלס שטאָט־מגיד אין א קורצער צייט פאַר דער געשעעניש. אזוי לאַנג ווי ר' יצחק האָט געלעבט און מהנה געווען מעזריטש מיט זיין מגידות, האָט די קהילה אים אויסגעהאַלטן. אָבער, נאָך זיין פטירה, האָט מען צוליב דער ניי־געשאַפענער לאַגע מער קיין נייעם שטאָט־מגיד נישט אויפגענומען.

א צווייטן באַווייז, האָבן מיר פון דעם באַרימטן בן־עיר און מגיד, ר' אברהם בעריש פלאהם. אין דער שוין דערמאָנטער הקדמה צום „ספר המדות", דערציילט ר' בעריש פלאהם:

„אין מיין יוגנט בין איך געשטאַנען אויף מיין פּאָסטן, משמרת הקודש, דאָ־הי אין מיין געבוירנשטאָט, אין דעם בית־המדרש פון הרב הצדיק צבי הירש חיים נ"ע (נשמתו עדן). אָבער צוליב די צייט־וועקסלונגען, האָט זיך מיין פרנסה פאַרקלענערט. שוין עטלעכע יאָר, ווי כ'האָב פאַרלאָזט מיין היים און מיין געבוירנשטאָט און איך בין אוועק וואָגלען און געפונען א צווייט אָרט. איך בין געקומען קיין שעברשין און בין דאָרט אויפגענומען געוואָרן פאַר מגיד. אָבער די פאַררעטערישע צייט האָט אויך אהינצו געשיקט איר האַנט און האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק און מיך צעקלאַפּט... האָב איך געזאָגט: איך וועל גיין און זיך צוריקקערן צו מיין ערשטן אָרט, אפשר וועל איך דאָרט געפינען רו און זיך קענען ווידמען צו תורה און ענדיקן די חיבורים, וואָס איך האָב אין כתב־יד, זיי מסדר־זיין און ברענגען צום דרוק. האָב איך זיך צוריקגעקערט צו מיין געבוירנשטאָט און האָב דאָרט נישט באַקומען די מינדסטע שטיצע. בעונותינו הרבים, איז אראָפּ דער גלאַנץ פון אונדזער הייליקער תורה און אי־רע לערנערס, און איר שטיצע איז געפאַלן ביז צו דער ערד".

פון דער הקדמה דערוויסן מיר זיך בפירוש, אז ר' אברהם בעריש פלאהם איז נישט געווען מגיד פון גרויסן בית־המדרש —דאָס פּלאַץ וווּ די שטאָט־מגידים פלעגן שטענדיק דרשנען— בעסער געזאָגט, דאָרט וווּ זיי זיינען גע־ווען פאַרפליכטעט צו דרשנען פון שבת צו שבת. דאַקעגן, מגידישע געסט האָבן דאָרט נישט געטאָרט דרשנען, אָן דער הסכמה פון די מנהיגים פון דער קהילה און מרא־דאתרא. אַלע אנדערע בתי־מדרשים זיינען געווען ענטוועדער פּריוואַ־טע, אָדער פון חברות, און זייערע מגידים האָבן נישט גענאָסן די רעכטן פון א קהלשן באַאמטן. ר' אברהם בעריש, וועלכער איז געווען אזוי באַרימט און שטאַרק פּאָפּולער, וואָלט אודאי באַקומען די שטעלע פון שטאָט־מגיד, ווען

דאס וואלט געווען מעגלעך, בפרט, אז ער האט געשטאמט פון די שענסטע רבנישע משפחות פון שטאט. פארוואס־זשע האט ער פארט נישט באקומען די שטעלע, וואס איז אים געקומען?

ר׳ אברהם בעריש פלאהם באמיט זיך אפילו צו געבן דערויף א תשובה. ער באקלאגט זיך „אז דער כבוד־התורה און פון אירע לערנערס איז געפאלן ביזקל דער ערד". אבער נישט דאס איז געווען די סיבה; ווארום, אין זיין צייט האט דאך מעזריטש געהאט די גרעסטע רבנים און מורי־צדק. האט דאך אין זיינע יארן מעזריטש געהאט דעם גרויסן רב ר׳ נחמן, דעם ראב"ד ר׳ יעקב דוד בידערמאן, ר׳ לייזער חרל"פ, דעם בעל „עונג יום טוב", ר׳ יהושע דיסקין און דעם „משרת משה". מעזריטש האט, הייסט עס, יא געזוכט רבנים, וואס האבן געשמט אויף דער וועלט. די סיבה איז, ווייזט אוים, געווען אן איינפאכע: די קהילה האט דאן פארלוירן איר פריערדיקע מאכט און די פינאנציעלע מעגלעכקייטן. דערפאר איז אים איסגעקומען אנצונעמען די מגידות־שטעלע אין א פריוואטן בית־המדרש.

ר׳ בעריש פלאהם, איז געבוירן געווארן אין תקס"ה, אין זעלבן יאר פון דעם דובנער מגידס פטירה. נאך אלס יונגערמאן, קומט ער אין בארירונג מיט מגידות, דורך זיין נאענטער חברשאפט מיט דעם דעמאלטיקן מעזריטשער מגיד, ר׳ יצחק קראנץ, זון פון דובנער מגיד, און ער ווידמעט זיך פון דעמאלט־אן, נישט נאר צו מגידות, נאר אויך צו די כתבים פון דעם דובנער מגיד, ווי ר׳ יצחק איז דאס מעיד אין זיין הקדמה צום אויבנדערמאנטן ספר „אהל יעקב", ער שרייבט דארט: „און איך האב עס איבערגעשריבן דורך דעם געשווינדן און פארשטענדיקן, דער טייערער יונגערמאן הרבני מוהר"ר אברהם דוב נ"י פון די געבוירענע אין אונדזער קהילה... זיין שפראך איז געשמאק און קלאר... ער האט פארשריבן דאס וואס איך האב אים דיקטירט..."

ר׳ יצחק האט געהאט בדעה ארויסצוגעבן אלע כתבים פון זיין פאטער און דער גורל האט געוואלט, אז זיין תלמיד ר׳ בעריש פלאהם זאל איבערנעמען די גרויסע ירושה פון דעם דובנער מגיד, אויף וועמען עס איז אויך געפאלן זיין מאנטל. ער האט אין פארלויף פון יארן —פרנסהלאזע יארן— מיט אויסערגעוויינלעכער איבערגעבנקייט געארבעט איבער די כתבים פון דעם דובנער מגיד. ווי ער שרייבט אליין: „פארבונדן א מאמר צו א מאמר, אן ענין צו אן ענין און איך האב צוגעגעבן מיינע אויפקלערונגען און פארבונדן די ענינים, ביז איך האב ב"ה מחבר געווען צוויי חלקים פון „אהל יעקב". מיינע אויגן זיינען געווענדעט צו גאט, ער זאל מיר העלפן אין זיין חסד, צו פארענדיקן דעם טייערן חיבור אויף אלע חלקים פון דער תורה" (הקדמה צום „ספר המדות").

נישט נאר האט ער ארויסגעגעבן די אלע חלקים „אהל יעקב" מיט זיינע דערקלערונגען, נאר ער האט מיד געמאכט זיינע פים און געוואגלט איבער מדינות; געוואנדערט איבער די שטעט פון גאליציע, עסטרייך און דייטשלאנד

אויף צו שאפן די נויטיקע פינאנץ־מיטלען און די הסכמות פון גרויסע רבנים, כדי ער זאָל קענען אַרויסגעבן די ספרים פון זיין גרויסן רבין.

דער לעמבערגער רב, ר׳ יעקב אירנשטיין, מחבר פון דעם בארימטן ספר „ישועות יעקב", שרייבט טאקע אין זיין הסכמה:

„ואם אמנם הוא ז"ל לא כתב חידושיו בדרך שיהיו ראוים להעלות על הדפוס. על זאת נחזיק טובה אל תלמידו, הוא ידידי הרב המגיד הדרשן הנחמד ונעי׳ כמו"ה אברהם בערוש פלאהם נ"י, כי יתן עינו ולבו על מורשה קהלת יעקב". דאָס הייסט, אז אויך ער אָנערקענט, אז דער וואונדערבארער דרשן ר׳ אברהם בעריש, האָט מיט זיין ארבעט געשאפן כמעט אן אייגענעם חיבור. וואָס איז באזירט אויף קורצע און נישט צוזאמענגעבונדענע פארצייכענישן, וואָס דער דובנער מגיד האָט איבערגעלאָזט. אין זעלבן זין שרייבן כמעט אלע הסכמות־געבער, דארונטער ר׳ לייזער חרל"פ פון מעזריטש.

אָבער נישט בלויז דעם חיבור אויף תורה האָט ער איבערגעשריבן, אָפּגע־דרוקט און פארשפרייט. ער האָט אויך מסדר געווען די דרשות אויף אלע הפטירות א. נ. „כוכב מיעקב" מיט זיינע הוספות און באמערקונגען (דערשינען אין ווארשע, תרל"ב — 1872. שפּעטערדיקע אויסגאבעס: אין תר"ם, תר"ן) און א פירוש אויף דער הגדה־של־פסח — „אמת ליעקב", אונטער דעם נאָמען „יום ישועה", צוזאמען מיט זיין אייגענעם פירוש — „חסד לאברהם" (זאָל־קאָווא, תקצ"ו — 1836). ר׳ בעריש פלאהם, וואָלט אפילו אָן זיינע אייגענע ספרים און דרשות אויך געווען פארנומען אן אויבנאָן אין דער מגידישער וועלט. שוין בלויז צוליב זיין מפרסם־מאכן דעם דובנער מגיד. אָבער ער אליין האָט אויך געגעבן זיין אייגענעם גרויסן ביישטייער. זיין הויפּט־חיבור איז, אָן שום ספק, דער ספר „שמן המור" (ווארשע, תר"כ — 1860), וועלכעס אנט־האלט דריי קאפּיטלען וועגן די עיקרים פון דער אמונה. דער ערשטער מאמר „שמים חדשים", איז א פילאָזאָפישער שמועס וועגן דעם ענדציל פון דעם באשאף. ער פארטיידיקט דאָרט דעם רמב"ם, וועלכער זאָגט אין „מורה נבוכים" אז יעדע באשעפעניש איז באשאפן געוואָרן פאר זיין אייגענעם צוועק־וועגן און נישט פאר דעם מענטשס־וועגן. די דאָזיקע דעה איז שטארק קריטיקירט גע־וואָרן פון דעם רמב"מס קעגנער, וועלכע האָבן געזען אין איר א סתירה צו דער מיינונג פון די חז"ל.

אינעם צווייטן מאמר „ארובות השמים", רעדט ער ארום וועגן דעם חטא פון דעם דור־המבול און באהאנדלט די זעלישע עמאָציעס און נייגונגען פון דעם מענטשן, אוז גיט צו פארשטיין דעם ענין פון השגחה־פּרטית. ער פאר־ענטפערט אויך די אור־אלטע קשיה פון „צדיק ורע לו ורשע וטוב לו".

אינעם דריטן מאמר, „ארץ חדשה", רעדט ער ארום דעם ענין פון מתן־תורה, אלס די סיבה פון דער באנייאונג פון דער וועלט; די השגה פון די יידן וועגן נבואה און דער באדייט פון תשובה.

דאָס דאָזיקע ספר „שמן המור“, איז געשריבן אין א לייכטער שפּראַך און איז דערגענצט מיט צוויי זעלבסטשטענדיקע חיבורים, וואָס געפינען זיך אינ־מערן טעקסט. איינער הייסט „מור ואהלות“ און דער צווייטער — „ראשי בשמים“, אין וועלכע ער ברענגט ציטאַטן פון תנ״ך און פון די חז״ל און טייטשט זיי אויס אינעם סטיל און אופן פון זיין גרויסן רבין — דער דובנער מגיד. ער באַנוצט זיך מיט משלים גענומען פון לעבן גופא, וואָס טרעפן שטענדיק אין פּינטל אריין. מיר וועלן דאָ ברענגען אן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס ר׳ אברהם בעריש דערציילט אין זיין ספר:

ער האָט אמאָל באַזוכט פראנקפורט ביים מאַין און ער האָט געהאַלטן א דרשה אין דער דאָרטיקער שול. אָבער די אויערן פון זיינע צוהערער זיינען געבליבן טויב צו זיינע רייד. שפּעטער זיינען געקומען צו אים די מנהיגים פון דער קהילה און האָבן זיך געקליגלט און צו אים געזאָגט, אז, היות, ווי די צו־הערער פארשטייען נישט זיין יידישע שפּראַך, וואָלט געווען מער ווי רעכט, אז ער זאָל דרשענען אין דייטש. א קאַפּיטלע אָנצוהערעניש, אז זיי ווילן נישט ער זאָל דרשענען ביי זיי.

נאָכדעם ווי זיי האָבן מיט אים פאַרבראַכט עטלעכע שעה און זיך גאַנץ גוט מיט אים פארשטענדיקט שפּראַכלעך, האָט ער צו זיי געזאָגט: הערט זיך איין וואָס גאָט האָט געזאָגט צו זיין נביא — „לך בוא אל בית ישראל ודברת בדברי אליהם, כי לא אל עם עמקי שפה וכבדי לשון אתה שלוח אל בית ישראל, לא אל עמים רבים עמקי שפה וכבדי לשון אשר לא תשמע דבריהם, אם לא אליהם שלחתיך המה ישמעו אליך. ובית ישראל לא יאבו לשמוע כי אינם אוהבים לשמוע אלי — גיי און קום צו ישראלס הויז און רעד מיט מיינע ווערטער צו זיי, ווייל דו ווערסט נישט געשיקט צו א פאָלק מיט א טיפער שפּראַך און א שווערן לשון, נאָר צו ישראלס הויז; נישט צו פרעמדע פעלקער מיט פרעמדע שפּראַכן און שווערע לשונות וועמענס רייד דו קענסט נישט פארשטיין. ווען איך שיק דיך צו זיי, וואָלטן זיי זיך צוגעהערט צו דיר. אָבער דאָס הויז ישראל וועט נישט האָרכן צו דיר, ווייל זיי ווילן זיך נישט צוהערן צו מיר...“ (יחזקאל ג—ד, ז).

און ער גיט זיי דאָרט צו פארשטיין דעם מיין פון דעם שווערן פּסוק מיט א משל:

„א ליטווישער מגיד איז אמאָל געקומען קיין דייטשלאַנד און האָט זיי געזאָגט מוסר, אָבער די צוהערער האָבן אים געזאָגט, אז ער זאָל אויפהערן דרשענען, וואָרום זיי פארשטייען נישט זיין ליטווישע אויסשפּראַך. דער מגיד איז אראָפּ פון דער בימה און איז איינגעשפּאַנט זיין פערד און איז אוועקגעפאָרן. אונטערוועגס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין אן אכסניה, און זעענדיק דאָרט פארשיידענע סחורות, האָט ער איינגעקויפט בוימוואָל און איז צוריקגעפאָרן מיט דער סחורה אין דער זעלבער שטאָט אריין, פון וואַנען ער איז אָפּגעפאָרן

אוועקגעפאָרן. אָבער איידער ער איז אהינצו געקומען, האָט ער זיך פאַרשטעלט און די שטאָט־מענטשן האָבן אים נישט דערקענט און זיי האָבן מיט אים פאַרהאַנדלט וועגן זיין סחורה; און ווען זיי זיינען מושווה געוואָרן וועגן פּרייז און זיי האָבן אים באַצאָלט דעם מקח, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, האָט ער צו זיי געזאָגט: און איצט, רבותי, קומט אין בית־המדרש אריין! זיי האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און געקוקט אויף אים מיט דערשטוינונג. דאַן האָט זיי דער מגיד אנטדעקט ווער ער איז. „און איצט — האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיי — זעענדיק, אז איר פאַרשטייט מיין לשון, קומט מיט מיר אין בית־המדרש אריין...״

דער משל און נמשל איז געווען אויפן פּלאַץ. צי די פראַנקפורטער מנהיגים האָבן זיך גענומען צום הארצן דערפון, ווייסן מיר נישט. דער דערציילער רעדט נישט וועגן דעם.

ר׳ אברהם בעריש האָט אָפּגעדרוקט נאָך א צאָל ספרימלעך און א סך פון זיינע כתבים זיינען פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט. איין ספרל, — „דבר אליהו״, מיט אן הקדמה און באמערקונגען (וואַרשע, תרי״ד — 1854), איז א כתב־יד פון דעם ווילנער גאון, — א פירוש אויף איוב. דעם כתב־יד, האָט דער דובנער מגיד באקומען פון גאונס זון, ר׳ אברהם, און ר׳ בעריש פלאהם האָט אים ארויסגעגעבן. די אנדערע ספרימלעך זיינע, זיינען די הספדים אונטערן נאָמען „עין המים״. איין ספר איז געווידמעט זאב אורינשטיין (זאַלקאָווא, תקצ״ז — 1837). א צווייטער הספד איז געווידמעט ר׳ עקיבה אייגער (ברעסלא, תקצ״ח — 1838). און דער דריטער הספד מיטן זעלבן טיטול באציט זיך אויף דעם בארימטן וואַרשעווער רב, ר׳ דוב בעריש מייזליש (תרל״ג — 1873, לובלין). דער וויכטיקסטער ספר, וואָס האָט א ספּעציעלן ווערט פאַר אונדז, איז דער שוין דערמאָנטער „אבל יחיד״ (וואַרשע, תקצ״ג — 1833). כאָטש דער ספר איז געווידמעט דעם ליסער רב און אנדערע רבנים, האָט ער פאַר אונדז א קוואַל פון אינפאָרמאַציע, וואָרום מעזריטש ווערט דאָרט גאָר אָפט דערמאָנט.

אין די יאָרן תקצ״א און תקצ״ב, האָט מעזריטש שטאַרק געליטן פון דער כאָלערע־עפּידעמיע, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיין „אבל יחיד״. ער שרייבט דאָרט וועגן געוויסע פאַרשטאָרבענע, קרבנות פון דער כאָלערע: „אלע זיינען געווען טייערע און השובע מענטשן, ווי מיר האָבן עס געהערט פון פיל קהילות (די עפּידעמיע, האָט געבושעוועט אין גאַנצן לאַנד. — מ. ע.), בפרט דאָס וואָס מיר האָבן געזען דאָ אין מעזריטש, ווען אונדזער יום־טוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרויער — דאָס איז דער יום־טוב פּסח... תקצ״א. עס האָט אויסגעבראָכן די פּלאָג און עס האָט דערלאַנגט א שטאַרקן קלאַפּ דעם פאָלק. פון דעם המון זיינען געשטאָרבן עטלעכע הונדערט און אויך הרב המגיד ר׳ יצחק... און הרב הדיין מוהר״ר משה טשעמערניקער, הרבני המופלג... ר׳ יעקב שפּיראָ חזן פון אונדזער בית־המדרש, הרבני המופלג מהור״ר משה במהור״ר אשר אין

א סך אנדערע גלייך צו זיי אָן א שיעור. אין פאַריקן ווינטער, איז נפטר גע־וואָרן דער רב הקדוש... מוה' ישראל יעקב בעלמער, היגער דיין, און יום־כפור תקצ"ב, איז צוליב אינדזערע זינד נפטר געוואָרן דער בארימטער רב הגאון ר' יהודה לייב (לייבקע דעם רבס. — מ. ע.), ווייל מען האָט זיי נישט מספיד געווען ווי מ'דאַרף (צוליב דער עפידעמיע. — מ. ע.)... האלמן מיר עס פאר א חוב לגבי זיי און כדי זייער גדעכעניש זאָל ווערן איינגעקריצט אין אונד־זערע הערצער..."

ר' אברהם בעריש, האָט די אלע אויבן אויסגערעכנטע קרבנות פון דער כאָלערע און צוזאמען מיט זיי — דעם ליסער רב, ר' יעקב; דעם מעזריטשער רב, ר' נחמן; דעם פלאָצקער רב, ר. אריה לייב צונץ; און אויך דעם ביאלער רב, ר' אברהם הבלי; און דעם מעזריטשער חשוב, ר' ארויש מינץ — מספיד געווען און פאראייביקט.

א מעזריטשער בן־עיר, דער גוט באקאנטער ראב"ד פון תל־אביב (פריער רב אין אָדעס) — ר' שמעון יעקב הלוי גליקסבערג ז"ל, אין זיין וויכטיקן ספר „הדרשה בישראל" (תל־אביב, ת"ש), רימט ר' בעריש פלאהמען אלס איינער פון די גרעסטע מגידים. ער לויבט באזונדערס זיין ספר „שמן המור".

ר' בעריש פלאהם, האָט געשטאמט פון דורות מעזריטשער רבנים און חשובים, ווי עס איז צו זעען פון דער הקדמה צו זיין ספר „שמן המור", וועל־כער ער ענדיקט אזוי:

„אלה דברי המחבר, אברהם בעריש פלאהם... נין ונכד להגאון מוהר"ר שאול ז"ל (דער לעגענדארער יידישער קעניג פון פוילן איין נאַכט. מ. ע.), והגאון מהר"ם פאדווה ז"ל, והגאון מהר"י מינץ ז"ל (דאָס איז דער עלטער־זיידע פון דער מעזריטשער משפחה מינץ. דער מעזריטשער רב ר' נתן נטע קאצענעלענבויגן, וועלכער איז געשטאָרבן אין ירושלים אין יאָר ת"מ, איז, הפנים, געווען איר גרינדער. — מ. ע.), ומגזע הקדויש... אברהם אבויש דק"ק פראנקפורט ד"מ (דער לעצטער איז אויך געבוירן געוואָרן אין מעזריטש...).

ר' בעריש פלאהם, איז אין זיינע לעצטע יאָרן געווען מגיד אין לובלין און ער איז דאָרט נפטר געוואָרן אין יאָר תרל"ג — 1873.

# יעקב בר׳ אברהם פאלק*)

## א מעזריטשער ספרים־פארלעגער פונעם 16טן יאָרהונדערט

דאָס דאָזיקע קאפיטל, כמעט צום סוף פון אונדזער ארבעט, ווידמענען מיר אונדזערן א בן־עיר, א מערקווירדיקע און אייגנארטיקע פערזענלעכקייט; א יוצאי־מעזריטש, וועלכער האָט זיך אין ווייטן 16טן יאָרהונדערט אָפּגעגעבן מיט דער נאָבעלער באשעפטיקונג פון ארויסגעבן און פארשפרייטן ספרים און ער האָט אויך מיטגעהאָלפן אין דער אנטוויקלונג און בארייכערונג פון אונדזער יידיש־לשון. און זאָל דרך־אגב געזאָגט ווערן, אז די אָנרעגונג צו שרייבן וועגן אונדזער בן־עיר האָט געגעבן ד״ר יצחק ריווקינד, וועלכער האָט נאָך אין 1939 געשריבן וועגן דעם דאָזיקן אינטערעסאנטן מעזריטשער, וועלכער האָט אויסגע־וואנדערט פון זיין „קהילה קדושה״ —ווי ער דריקט זיך אליין אויס— נאָך דייטשלאנד.

דריקן מיר דעריבער אויס אונדזער דאנק דעם פריינד ריווקינד, פאר זיין ציען אונדזער אויפמערקזאמקייט אויף דעם בארימטן מוכר־ספרים יעקב בר׳ אברהם, און ווען צוגעבן אויף זיין אדרעס דעם זאָג: „מגלגלין זכות על ידי זכאי״.

---

וועגן ר׳ יעקב בר׳ אברהם האָבן מיר נישט קיין גענויע דאטן. דאָך, מיי־נען מיר, אז מעזריטש איז געווען זיין געבוירנשטאָט. אלס ראיה דערצו, נעמען מיר זיין כסדר זיך יחסנען מיט מעזריטש. אין אלע זיינע ארויסגעגעבענע ספרים פארפעלט ער נישט צו דערמאָנען, אז ער קומט פון מעזריטש דליטא נעבן בריסק. וואָלט ער געווען בלויז א צוגערייזטער, אָדער א מעזריטשער איי־דעם, וואָלט ער גלייכצייטיק אויך געדארפט דערמאָנען זיין געבורט־שטאָט. דרינגען מיר דערפאר, אז ער איז טאקע געווען א מעזריטשער מבטן ומלידה.

מיר זיינען זיך אויך משער, אז אין מעזריטש האָט ער זיך געדארפט פאר־

*) זיין פאמיליען־נאָמען לייענט זיך פאַלק אָדער פאָלק און מער ווארשיינלעך פאָלאַק און האָט מן־הסתם א שייכות מיט זיין פוילישן אָפּשטאם.

נעמען מיט א פרנסה, וואָס האָט א שייכות צו „מלאכת הקודש”; דהיינו, מלמדות אָדער גאָר אלס מוכר־ספרים; וואָרום שוין דער עצם פאקט פון זיך נעמען צום ארויסגעבן פון ספרים, זיינע קענטעניסן הן אין לשון־קודש און הן אין יידיש־לשון, זיינען א באווייז, אז ער איז געווען א ייד א תלמיד־חכם. אז ער האָט נישט פארנומען קיין רבנות־שטעלע, איז קלאָר דערפון וואָס אין קיין שום פון זיינע ספרים ווערט ער נישט דערמאָנט אלס רב.

פון די אינטערעסאנטע הקדמות, וואָס ער האָט אָנגעשריבן צו די ספרים, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן, איבערזעצט פון „לשון־קודש” אויף „טייטש־לשון”. געשריבן אין העברעאיש און יידיש, דערוויסן מיר זיך א סך וויכטיקע פרטים וועגן זיין פריוואטן עקאָנאָמישן מצב, משפּחה־אָנגעלעגנהייטן און אויך טייל־ווייזע דאטן וועגן דעם עקאָנאָמישן צושטאנד פון כלל־ישראל אין יענער צייט.

אין זיין הקדמה צום ספר „ברכת המזון”, וואָס איז טיילווייז איבערזעצט אין טייטש־לשון (דערשינען אין באזל אין יאָר ש״ס—1599), דערציילט ער די סיבה, וואָס האָט אים געצווונגען צו פארלאָזן זיין היים, פרוי און קינדער:

„דען דער היים האָב איך נישט גיהט (געהאט) בעו״ה (בעוונותינו הרבים)

צו ברעכין נאָך בייסן, ווען איך בין שאָן גיזעשין (געזעסן) אין רייסין” *)

ווי מיר זעען גראמט זיך ביים מחבר „בייסן” מיט „רייסן” און מיר דער־וויסן זיך פון דעם, אז דער מחבר האָט נישט געהאט מיט וואָס מפרנס צו זיין ווייב און קינדער און אז ער איז פּשוט געווען אן אָרעמאן אין זיבן פּאָלעס. פון אן אנדערע שטעלע אין דער זעלבער הקדמה, ווו ער אפּעלירט צו די יידישע פרויען זיי זאָלן קויפן זיין „ברכת המזון”, דערוויסן מיר זיך, מער ווייניקער, די צייט ווען ער האָט פארלאָזט מעזריטש; ער שרייבט דאָרט: „דרום ליבה (ע) ווייבר האָט אָך (אויך) אויף מיר אכט אונ׳ טוט מירש בלט (באלד) אָבקויפין, אז איך אָך בלד צו מיינס ווייב אונ׳ קינט מג לויפן. דען איך בין גיוועזין דרייא יאָר אין טייטשלנט (דייטשלאנד)”. היות ווי דאָס דאָזיקע ספר איז גע־דרוקט געוואָרן אין יאָר ש״ס, איז פון דאנען א באווייז, אז ר׳ אברהם איז אוועק פון מעזריטש אין יאָר תנ״ו (1595), אריינרעכענענדיק דערביי די צייט וואָס האָט געדויערט ביז צו זיין אָנקומען קיין דייטשלאנד.

כאָטש ער שרייבט אין דער זעלבער הקדמה: „דרום האָב איך אייך דאָש (דאָס) טייטש בענשין דרוקן צו לעץ” (אל״א, כמו לעצט־געלט), וואָס וואָלט דאָך געקענט הייסן, אז ער איז באלד נאָכדעם צוריקגעפאָרן קיין מעזריטש, איז אָבער א פאקט, אז ער איז פארבליבן, לכל הפחות, נאָך דריי יאָר אין דייטשלאנד איידער ער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין פרוי און קינדער; ווייל מיר ווייסן, אז ער האָט אין יאָר שס״ב אָפּגעדרוקט דאָס בארימטע מעשה־בוך

*) מעזריטש האָט זיך געפונען אין דעם טייל פוילישן ליטאַ, וואָס האָט זיך גערופן רייסן.

אין ער איז מן־הסתם פארבליבן א לענגערע צייט ביז ער האט באוויזן צו פארקויפן טיילווייז זיין מעשה־בוך.

בכלל געגומען זיינען די הקדמות צו די ספרים, וואס ער האט ארויסגע־געבן אינטערעסאנט ביז גאר. באזונדערס פון דער הקדמה צום מחזור דערוויסן מיר זיך וועגן דער לאגע זיינער ווי אויך וועגן אנדערע יידן, וועלכע וואנדלען פון פלאץ צו פלאץ, פון שטאט צו שטאט און פון יאריד צו יאריד, כדי צו פארדינען אויף חיונה. נישט ווייניקער אינטערעסאנט, איז די הקדמה צום מחזור, וואס איז דערשינען שפעטער אין יאר 1599 אין באזעל אין דער דרו־קעריי פון קאנראד וואלדקירך, ווו ער האט אויך געלאזט דרוקן די אנדערע ספרים זיינע.

ד״ר יצחק ריווקינד האט דעם מחזור דערמאנט אין אן אינטערעסאנטער ארבעט „עי ראקעט עדישיאן פרייע בוק פאר דזשערמאן דזשואיש אימיגראנט טו אמעריקא״ (א מיניאטור־אויסגאבע פון א געבעט־בוך פאר יידישע אימי־גראנטן קיין אמעריקע), וואס ער האט פארעפנטלעכט אינעם זשורנאל פון דער „אמעריקען דזשואיש היסטאריקל סאסייטי״, באנד 35, זז. 207—212, פון יאר 1939.

ריווקינדן אינטערעסירט בעיקר די מאטיוון וואס האבן באוויגן די פאר־לעגער פונעם 16טן יארהונדערט צו דרוקן ספרים אין מיניאטור־פארמאט. ריווקינד גיט אן פארשידענע סיבות. די הויפט סיבה, זאגט ער, איז א ריין עקאנאמישע. ער ברענגט דערביי עטלעכע ביישפילן פון אזעלכע אויסגאבן אין דער מהזור פון יעקב בר אברהם, איז אויך א מוסטער דערפון.

אזא מיניאטור־אויסגאבע — דערקלערט דער מעזריטשער פארלעגער — איז פון דרינגלעכער וויכטיקייט איבערהויפט פאר די יידישע וואנדערער, פאר יענע וועלכע פארן אויף די ירידים און עס איז פאר זיי שווער מיטצונעמען די נויטיקע ספרים, ווי א סידור, מחזור א. א. די מערסטע דעמאלט געדרוקטע ספרים, זיינען געווען גרויס אין פארמאט און ממילא שווער אין געוויכט און אגב גענוג קאסטבאר. מחמת דעם האט עס גורם געווען, אז פיל פון יענע וואנ־דער־יידן האבן נישט מיטגעדאווענט ווי ס׳דארף צו זיין. זייענדיק אין פראנק־פורט (אגב, ער שרייבט נישט וועלכע פראנקפורט, צי די וואס ליגטביים מאין אדער ביי דעם אדער; אין די ביידע שטעט פלעגן פארקומען ירידים) —דער־ציילט ער— האט ער געזען דעם חילול־השם, וואס דער מאנגל אין סידורים פאראורזאכט בעת די תפלות. האט ער דערפאר באשלאסן אפצודרוקן קליינע תפילה־ספרים, וואס יעדער איינער זאל קענען מיטנעמען און לייכט איינפאקן צווישן די זאכן וואס מען נעמט מיט, ווען מען לאזט זיך ארויס אין וועג אריין.

ר׳ יעקב בר אברהם שרייבט, אז ער האט דעם דאזיקן געדאנק זיינעם דיסקוטירט מיט די רבנים און בעלי־בתים און זיי האבן מסכים געווען, אז די אידייע איז א גוטע. ס׳איז זיך לייכט משער צו זיין, אז בעת ער האט געבעטן

תם ונשלם המחזור מכל השנה יום ב' ט' אלול
בפרט למען יברכך יי אלהיך בכל מעשה ידיך
והאל שאזרני חיל להתחיל ולהשלים המחזור הזה
יתן עוז ותעצומות לגמור הסליחות אשר התחלתי
ויגדיל תורה ויאדיר אכי"ר

במצות יעקב בר אברהם ז"ל פאלק
הנקרא יעקב מוכר ספרים ממדינות
רייסן מק"ק מעזריטש דליטא אצל
בריסק

סליק המחזור מכל השנה



פאקסימיל פון כתב פון ר' יעקבס מחזור

ביי די רבנים זייערע הסכמות, האט ער ביי די בעלי־בתים געזוכט, אן שום ספק, שטיצע פאר זיין אונטערנעמונג אדער האנט־געלט.

ווי מיר האבן שוין איבן געברענגט, האט ער זיינע ספרים געדרוקט אין באזעל (שווייצאריע). ער האט געהאט א שותף, וועמענס נאמען איז גראד אויך געווען יעקב בר אברהם, מיטן פאמיליע־נאמען טיהינגער. ס׳איז זיך פיטער צו זיין, אז דאס איז געווען א פינאנציעלער שותף מער ווי אלץ. אין די הויפט־

ארבעט ווי צוגרייטן צים דרוק, איבערזעצן אויף עברי־טייטש, שרייבן הקדמות, מגיה זיין און שפעטער דאס אפגעבן זיך מיטן פארקויף פון די ספרים, איז אינגאנצן אויסגעפאלן אויף אונדזער בן־עיר ר׳ יעקב בר אברהם. אלס באגרי־ דונג פאר דעם נעמען מיר דעם פאסוס פון סיף פון מחזור אין דארט זאגט זיך: „תם ונשלם המחזור מכל השנה. ד׳ יתן עוז ותעצומות לגמור הסליחות אשר התחלתי ויגדיל תורה ויאדיר אכי״ר (אמן כן יהי רצון)״ „במצות יעקב בר׳


סליחות
ראיה זה חדש אשר כבר
לא היה לעולמים סליחות קטון
מסודר כפי הסדר ובנוסח דקק ורנקבירט
ושאר קהילות ומדינות האשכנזים וגם
מנהג מדינת פולין ופיהם ומהרין כמוהו
לא נדפס עד היום הזה כאשר עיניכם
במישרים תחזינה וכראותכם יופי
המלאכה פתחו פיכם בשיר
וברנה אמן
תם הוגה בתכלית העיון
ותהיה ראשית מלאכתו יום ד׳ ג׳ תשרי בשנה
טובה בשנת הנה לא ינום ולא יישן
שומר ישראל

דער שער־בלאט פון די סליחות

אברהם פאלק ה:קרא יעקב מוכר ספרים ממדינת רייסין מק"ק מעזריטש דליטא אצל בריסק".

מיר זעען, אז אין קעגנזאץ צום שער־בלאט, ווו עס ווערט דערמאָנט אויך דער שותף אלס ארויסגעבער, ווערט צום סוף ספר דערמאָ־ט בלויז יעקב בר'

| | | | |
|---|---|---|---|
| אפס חוזה | קכג | אבותי כי בטחו | קלז |
| אתכם אכסכו | קכד | אתה האל עושה | קלח |
| אבי הוא השואל | קכה | אתה האל עושה פלא | קלט |
| אריאל בהיותי | קכו | אדום נקום | קמ |
| משאת כפי | קכז | בתתי תכסר | קמא |
| את הברית | קכח | פניך האל | קמב |
| אל ימעט | קכט | אתחנן לך יוצר | קמג |
| אומץ יוסף | קל | אספוני מבוקות | קמד |
| אך בך לבד | קלא | אדאג מחטאתי | קמה |
| מאתך תהלתי | קלב | שעה נאסר | קמו |
| אליך נורי | קלג | | |
| אדברה וירוח | קלד | ותשלם כל המלאכה ביום א' כ"א | |
| אבן הראשה | קלה | שבט בשנת משך חסדיך ל | |
| אום קרואה | קלו | יודעיך לפרט קטן: | |

# סליק

## מנהג של קק וראנקבורט:

ותשלם את המלאכה שמורה בכל וערוכה לא נמצאת ככה ועל זאת אשא ברכה: והשם שעזרני עד כה להדפיס עיקור הסליחות הוא יעזרני להדפים הענף ושוכה ובזכותם נעלה מהגלות: כה תפלת המדפיס יעקב בר אברהם זל מקק מעזריטש דליטא הנקרא יעקב מוכר ספרים:

דער ענדע־בלאט פון די סליחות

אברהם פון מעזריטש, וועלכער טוט תפילה צו גאָט, ער זאָל אים העלפן אין געבן כוח צו פארענדיקן די סליחות, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צוגרייטן צום דרוק. די סליחות זיינען טאקע דערשינען אינעם זעלבן פאָרמאט מיט א יאָר־שפעטער.

וואָס שייך דעם פארקויף פון די ספרים, זעען מיר פון די הקדמות, אז דער מעזריטשער ייד יעקב בר אברהם האָט אויסגעשפאנט גאנץ דייטשלאנד, געטראָגן אויפן רוקן זיין פאק ספרים פון איין יידישן ישוב צום צווייטן, פון איין יריד צום צווייטן, און באזארגט סיי מענער און סיי פרויען, געלערנטע און סתם יידן מיט יידישקייט...

## די וויכטיקסטע ספרים

אונדזער בן־עיר יעקב בר אברהם האָט ארויסגעגעבן א גרויסע צאָל ספרים. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען אָבער, אָן ספק, יענע וואָס אנטהאלטן הקדמות, און דאָס זיינען די פאָלגנדיקע:

„ברכת המזון" (אן עקזעמפלאר געפינט זיך אין דער באדלע־ביבליאָטעק אין אָקספאָרד, ענגלאנד);

„מחזור מכל השנה" (אן עקזעמפלאר געפינט זיך אין דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאר, ניו־יאָרק. זיי האָבן אויך א קאָפּיע פון די סליחות);

„מעשה־בוך" (פּריוואט־ביבליאָטעק פון מר. יאפע, ניו־יאָרק).

דער בארימטער ביבליאָגראף משה שטיינשניידער, האָט פארעפנטלעכט אין די „יאָרביכער פיר יודישע געשיכטע אונד ליטעראטור", 1889, באנד 9, ז. 84, אן ארבעט וועגן דעם „ברכת המזון"־ספרל. ער גיט איבער דעם אינהאלט, דעם שער און די הקדמה, פון וועלכע מיר גיבן דאָ אן אָפּשריפט.

דאָס ספר הויבט זיך אָן מיטן קאפיטל כ"ג (מזמור לדוד ד' רועי) — „מזמור איין געזאנג צו דוד, גאָט איז מיין שפייזע; ברכת־המזון; זמירות כל מקדש — „כל א ידר (איערער) מן דער רא הייליג דעם זיבנטן"; סדר הדלקת הנרות; אל ישועתי; „אחד יחיד" — א פזמון פון אביגדור קרא; מעוז צור; סדר הכפרות; א חתונה־זמר — „דען זמר זינגט מן וועןן חתן אונ' כלה ביי אנדר זיין"; קריאת־שמע; ברכות המילה; כי לו נאה; הגדה של פסח; קידוש; חד גדיא; „כי ווען צו אים איז שיין וועןן צו אים צי מיט רעט" (הודו לד'), א אשליך יגון ואנחה; ברכת הנהנין; שלום עליכם.

### שער־בלאט

„ברכת המזון, דיא זמירות גידרוקט אין עברי אונ' אין טייטש דז (דאָס) די ווייבר זאָלין זמירות זינגען אין אָך דיא ברכות... אונ' האָב איך מוסיף גי־וועזן דיא מה נשתנה אויף טייטש דיא נאָך ניא איז אין קיין בענשין גישטנדין

און׳ אך וויא מן טוט אין פסח בניאן. אז איר וועט (ווערדעט) הינטן שויאן במצות יעקב בר אברהם ז״ל טיהינגר עם השני יעקב בר אברהם ז״ל פאלק הניקרא יעקב מוכר ספרים ממדינות רייסן מק״ק מעדייטש (מעזריטש. — מ. ע.) דליטא אצל בריסק. פה בסילהי... בדפוס קינראד וואלדקירך ובביתו בשנת מש״ך (ש״ם — מ. ע.) הסדך ליודעיך לפ״ק״.

## הקדמה

„איך יעקב בר אברהם ז״ל דער שרייבר, אלה פרומה ווייבר, האָב דס טייטש־בענשין אין דרוק גיבראכט, דרום ליבה ווייבר האָט אָך אויף מיר אכט, און׳ טוט מירש בלט אָבקויפין, אז איך אָך בלד צומיינם ווייב און׳ קינט טון לויפן, דען איך בין גיוועזין דרייא יאָר אין טייטשלנט, איך האָף צו גאָט מיין קינדר ווערין האָבן דער פון קיין שנט (שאַנד. — מ. ע.), דען איך האָב ספרים אום געטראָגין, איך האָף מן מיר קיין בייז ניט נאָך זאָגין, איך האָב מיך אָך וואָל טון דרינן האלטין, מן האָט מיך אָביר אָך וואָל געהעלטין, ועק ספרים טרעגר בין איך גינגט, מן קעניט מיך אין גנץ טייטשלנד, איך האָף איך ווער איין שכר מצוה דער פון האָבין. מן הינט אין אלה ישובים נאָך מיר טון פראַגין, ווען וועט דער ספרים טרעגיר קומען הער, אז ער מעכיט אונדז ספרים ברענגין מער. דען דער היים האָב איך נישט גיהט בעו״ה צו ברעכין נאָך צו בייסן, ווען איך בין שאָן גיזעשין אין רייסן, אָבר אין אשכנז (דייטשלאנד. — מ. ע.) האָט גאָט דער אלמעכטיג מאנך ניט שון פרגעשין, איך האָף אָן אים, איך וויל אָן אים ה״ו אָך ניט טון פרגעשין, דרום האָב איך אייך דאָש טייטש בענשין דרוקן צו לעז, און׳ נימען צו שערץ, אז איר מעכט אלה שבת טון דרינן לייאן, זאָ מעכיט זיך אייער העריץ דרינן טון פרייען, איך האָף איר וועט אן מיר גודינקין לטיבה אלה צייט, ווען איך ווער זיין פון אייך וייט, דרום ליבה ווייבר טוט מיר בלט אָבקייפן, אז איך ווער קענען בלט צו מיינם ווייב און׳ קינט לויפן, דען דיא צייט איז מיר שיר צו לנג, און׳ מיינם ווייב און׳ קינדליך ווערן אך שיר זיין בנג, דא מיט וועט איר זוכה זיין, אז איר וועט בלט קומען אין הייליגן לנט ארייןו, דאָש בעט אייער דינר יעקב פאלק מוכר ספרים״.

## מחזור מכל השנה

ד״ר ריווקינד אין זיין ארבעט, וועלכער איז בעיקר געווען פאראינטערעסירט צו ברענגען די שטעלן פון דער הקדמה אויף וויפל ס׳האָט געהאט א שייכות מיט זיין טעמאטיק, האָט נישט געהאלטן פאר נויטיק צו ברענגען די הקדמה אינגאנצן און ער האָט אויסגעלאָזט טייל זאצן פון איר. מיר פון אונדזער זייט האלטן פאר אינטערעסאנט צו געבן א יידישע איבערזעצונג פון דער הקדמה צום מחזור, באגלייט מיט דעם פאַטאָסטאט פון העברעאישן אָריגינאַל:

„ברוך ד׳ אלקי ישראל מן העולם עד העולם וועלכער האָט אונדז געהאָלפן

אַנצוהויבן דרוקן קליינע מחזורים, פון א גאַנץ יאָר, מנהג אַשכנז צום זכות פון א רבים און אויך ווייל כ'האָב געזען, אז עס איז שטאַרק נייטיק פאַר יידישע קינדער, בפרט אין דער דאָזיקער צייט ווען יידן גייען און קימען, וואַנדערן און וואָגלען פון מדינה צו מדינה, פון שטאָט צו שטאָט און פון פּלאַץ צו פּלאַץ מיט סחורה און אַנדערע געברויכבאַרע זאַכן. האָב איך געטראַכט אָפּצודרוקן א

ברוך יי אלהי ישראל מן העולם ועד העו
אשר עזרנו להתחיל להדפיס מחז
קטנים מכל השנה כמנהג האשכנזים למען ז'
בו את הרבים וגם בראותי צריך גדול אל כל
ישראל ובפרט בזמן הזה שהיהודים עוברים ושב
הולכים ומתגלגלים ממדינה למדינה ומעיר לע
וממקום למקום עם סחורה ובשאר צרכיה
אמרתי בהיות כי נדפס מחזור קטן להקל המשא
להיות ביד כל אחד ואחד ובפרט שיזדמנו הירידי
דק"ק פרנקפורט בשלש רגלים ובימים נוראי
להיות בידו להביא עמו לקהילה הקדושה בירי
אשר חננו אלהים ובזה יצא ידי חובתו וגם או
ראיתי בעיני האורחים עומדים חוץ לבית הכנס
רבים שנה והנה ואינם משגיחים על השליח ציבור
לומר ג"כ פיוטים והסיבה הוא שאין ביד כל אחד
ואחד מחזור ע"כ נתעוררתי וגם הסכימו הרב
בעלי בתים דק"ק פרנקפורט להדפיס זה המחז
להיות מצוי ביד כל אחד ואחד כמו תפילה קטנה
ובזה יוצא כל אחד ואחד ידי חובתו וכן יזכינו ה'
לעשות ספרים אחרים אין קץ לשם ולתפארת יה
רצון מלפני השמים לתת לנו עוז ותעצומות להד
ספרים הרבה כאשר עם לבבינו ה' בידינו י
אליר כה תפילת עדבכם יעקב שאלק:

פאַקסימיל פון דער הקדמה צום מחזור

קליינעם מחזור צו פאַרלייכטערן די משא, וואָס זאָל זיך קענען געפינען ביי יעדן איינעם, בפרט ווען די ירידים אין פראַנקפורט פאַלן אויס אין די שלש רגלים און אין די ימים־נוראים; זאָל ער עס האָבן מיט זיך ווען ער קומט קיין פראַנקפורט די קהילה קדושה, צום יריד, און מיט דעם וועט ער יוצא זיין דעם חוב. אויך האָב איך מיט מיינע אייגן געזען ווי די אורחים שטייען לעבן בית־

הכנסת, זיי לויפן אהין און צוריק אין הערן זיך נישט צו צום שליח־ציבור און זאגן אויך נישט קיין פיוט, און די סיבה פון דעם איז דאס וואס נישט אלע האבן א מחזור, דערפאר האב איך זיך אויפגעוועקט און אויך די רבנים און בעלי־בתים פון פראנקפורט האבן מסכים געווען אפצודרוקן אט דעם מחזור, וואס זאל זיך געפינען אין באזיץ פון יעדן איינעם, א מין קליינע תפילה אין מיט דעם וועט איעדער איינער יוצא זיין דעם חוב זיינעם. און אזוי זאל אונדז גאט דערמעגלעכן צו מאכן נאך אומצאלבארע ספרים וואס זאלן זיין לשם ולתפארת; און עס זאל זיין דער ווילן פון דעם הימל צו געבן אונדז שטארקייט און מוט אפצודרוקן פיל ספרים, ווי מיר ווילן און גאט זאל אונדז מצליח זיין, אמן כן יהי רצון, אייער קנעכט יעקב פאלק".

## דאס „מעשה־בוך"

דאס פון יעקב בר אברהם ארויסגעגעבענע „מעשה־בוך", ווערט באררעכנט אלס איינע פון די קלאסישסטע ספרים, וואס דינען אלס יסוד פאר דער פאר־שונג פון יידיש־לשון און האט געהאט א גרויסע השפעה אין דער שאפונג פון יידישע פראזע פאר פיל, פיל יארן. די פארשער פון דער יידישער שפראך, זיי־נען נישט געקומען צו קיין איינפארשטענדעניש נישט וועגן דעם, ווען דאס „מעשה־בוך" איז געדרוקט געווארן צום ערשטן מאל און נישט וועגן דעם, ווער עס איז אייגנטלעך איר מחבר. דער פאקט, וואס ר' יעקב בר אברהמס אויפ־לאגע פון באזעל פון יאר 1602, איז דערווייל דאס עלטסטע מעשה־בוך וואס איז בנמצא, קען דערפירן צו דער פראגע, אפשר איז טאקע די אויסגאבע די עלטסטע און אפשר איז דער ארויסגעבער יעקב בר אברהם איר מחבר?

ד"ר משה שטיינשניידער אין זיינער אן ארבעט, פארעפנטלעכט אין דעם דייטשן זשורנאל „סאראפעאום" (''Sarapeum''‚ 1866, ז. 2), האלט אז עס איז געווען א פיל עלטערע אויסגאבע פונעם „מעשה־בוך" און אז אונדזער בן־עיר איז אויך באשטימט נישט געווען איר מחבר. אויך ד"ר צינבערג אין זיין „גע־שיכטע פון דער ליטעראטור" (באנד 6, ז"ז 210/211) מאכט אויך די זעלבע אויספירן. שטיינשניידער און צינבערג באזירן זייער טענות, אז דער מעזריטשער יעקב בר אברהם איז נישט דער מחבר און אויך נישט דער ערשטער ארויס־געבער פונעם „מעשה־בוך" דערמיט וואס אינעם שער־בלאט זאגט זיך, אז דאס בוך אנטהאלט „דרייא הינדרט אונ' עטליכה מעשים", בעת אין זיין אויפלאגע געפינען זיך פיל ווייניקער פון דער אנגעגעבענער צאל.

אבער נישט אלע זיינען מסכים מיט דעם ארגומענט. ד"ר ריווקינד איז נישט ווייניקער איבערצייגנד אין זיין ענטפער דערויף און ער האלט, אז אפשר האט דאס בוך טאקע געזאלט אנטהאלטן „דרייא הונדרט אונ' עטליכה מעשים", נאר מחמת באשיידענע סיבות פון וועלכע די וויכטיקסטע האט געקענט זיין

דאָס מאנגל אין געלט, האָט ער אָפּגעדרוקט בלויז 251 מעשיות און געלאָזט דעם שער־בלאט א מגעענדערט. ס׳שיינט אויך, אז מאַקס ערִיך (זע „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור״) און שמואל ניגער, זיינען נישט גענייגט אָנצונעמען די מיינונג, אז ס׳איז געווען א פריערדיקע אויסגאבע.

דער באקאנטער ביבליאָגראף בן־יעקב, האלט אז דער פארפאסער פונעם „מעשה־בוך״, איז געווען דער פוילישער ייד אשר לייזער הין. די מיינונג ווערט אָבער נישט אָנגענומען פון די רעשט פאָרשער פון דער יידישער ליטעראטור

די היסטאָריקער וואָס האלטן אז די אויסגאבע פונעם „מעשה־בוך״ פון יעקב בר אברהם איז די ערשטע, גיבן דערביי צו אז די גאנצע צוזאמענשטעלונג געהער צו אים. אמת, ער האָט זיך באנוצט מיט די שוין באקאנטע איבערזעצונגען, וואָס ער האָט געפונען אין „כפתור ופרח״ פון יעקב בן יצחק לוצאטאָ (דערשינען אין באַזעל אין יאָר 1590), און מיט אנדערע פריער דערשינענע עברי־טייטש־ספרים, אין וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען כלערליי מעשיות און אגדות פון תלמוד, מדרשים און אנדערע ספרים; אָבער ער האָט דאָס אלץ צוזאמענגעזאמלט, רעדאקטירט און עס געגעבן א סטיליסטישן חן.

ווילן מיר נישט זיין דער מכריע אין דער דאָזיקער פלוגתא. מיר האָבן דאָס אלץ געברענגט בלויז מיט דער כוונה אונטערצושטרייכן די גרויסע וויכטיקייט און אייפטו פון אָט דעם באשיידענעם פארלעגער יעקב בר אברהם און זיין ביישטייער פאר יידיש־לשון און יידישע ליטעראטור פון היסטאָרישער באדייטונג.

## דער שער־בלאט

„איין שיין מעשה בוך, קומט הער איר ליבן מאַנן אונ׳ ורויאן *) און טוט דאָש מעשה בוך אָן שויאן, דאָש נאָך נין וויל דער עולם שטיט אין דרוק איז וואָרדן גיבראכט. מיט דרייא הונדרט אונ׳ עטליכה מעשים דאָ דיא זיין אלע אויש דיא גמרא גימאכט אונ׳ אָך אויש דען רבתה **) אונ׳ בחיי אונ׳ אָך רבי יהודא החסיד מעשים וועט אייך אָך קיינר טון פעלין, אונ׳ אָך אויש דען ספר החסידים אונ׳ ספר מוסר אונ׳ אויש דען ילקוט וויא איר וועט היינטון אין מיינן סימנים טון זעהן. דרום איר ליבן ורויאן, איר האָט נון די טייטש ביכר אל ואר, איצינדר האָט איר אָך די טייטש גמרא, אזוי וועט איר האָבן כל התורה כולה גאָר״.

## הקדמה

„גאָט יתברך שמו אליין צו מיר (ערע), דער מיר האָט גיהאָלפין מיין ביגיר, וועלכעש איך מיך האָב לנג ייר (פיר) גינומן, צו דינן דיא ווייבר די

*) דאָס וואָרט־פרויען, ווי אויך אנדערע ווערטער, וואָס לייענען זיך מיט א „פ״, פלעגט מען אין אלטן יידיש שרייבן מיט א „ו״.

**) מדרש רבה.

ורומן (פרומען), איך האָב נון ויל ספרים איוף גירוכט. נאָך אישט דאָך, גיגן דיזם וועדק אלער ניכט, דען דאָ ארויש לייאנן, רב אונ׳ רביצין אונ׳ אירר מאן. טוון איינעם דער דאָ ויל גמרא קאָן, וועד ער מדרשים ומעשים ואגדות הערווישר ווירפין (שאפן?) דש (דאָס) זיך כל עולם איוף אים ווערט ואַרגאפיין אונ׳ אידר מאן זאָגן מוש: איך גלויב ער קאָן כל התורה אויף אינם פויש (פוס): וויא קאָן ער בקיאות אויש דר גמרא, איך גלייב ער קאָן כל התורה, וועד האָט זיין גלאכנש גיזעהן, צו אלי זאכן זאָגט ער איין הלכה למעשה וואָש דאָ אישט גישעהן, צו צייטן ווארדן זיך מענכיר אָן אינם מעשה שטאָשן (שטויסן), זיין בייזי (בייזע) מחשבות אונ׳ בויזי ווערק אב־לאָשן (אָפּלאָזן), דען מענכים משל ומעשה טוט מענכין ויל גוטשליידן, ער הלט מענכין בייא גוט אונ׳ בייא אירן, דרום איר ליבנן מאנן אונ׳ ורויאן, לייאנט איר אופט דארויש, זאָ ווערט איר דריען ביהויען אונ׳ ניט צו לייענן אויש דעם ביכר פון קויאן *) (קו־בוך) אונ׳ בון דיטריך פון בערן אונ׳ מיינשטר הילדאָ בראנט **) זלט איר אָך אייך ניט טון מיאן, נון עש זיין ווערליך איטל שמיץ. זיא געבן איך ניט. ווארום נוך היטץ, אָך זינן זיא ניט געטליך דער בייא, איר בדרפט וואָל אז איריש גוט פר צייא. אונזירי ספרים שרייבן עש איז איין זינט אז איין הויש (הויז) צו לייאן אין דעם הייליקן שבת דר אויש, וועלט איר אייער צייט מיט לייאנן ורטרייבן, אזו וויל איך אין שן (שיין) מעשה בוך שרייבן, דרום איר ליב ורויאן, קויפט איר זי ביהינד (געשווינד), אי זי וורדן קומן אין פרעמד לענדר, אין פיהם (בעהמען־משעכן) אונ׳ אין רייסין אונ׳ אין פוילן, אזו ווערט מן זיא אָך טון ווידליך פוילן אונ׳ אנדרן לענדרן מער: דרום קויף דאָ זיא זיין גווען נייערט אין לאנד, איצינדר וועל איך גערן איינש צאָלין ווען איך קענן ניט איינש ביהימן בלד. דרום לאָשט איירש אום איין טאָלער ניט זיין צו טייער. אזוי ווערט אייך גאָט בהיטן ור (פאר) בייזן און גיהייאר אמן סלה.

„במצות יעקב בר אברם מק״ק מעזריטש דליטא, פה בסיליאה בשנת שס״ב לפ״ק ע״י האדון קונראַד וואלדקירך״.

מיטן ארויסגעבן דאָס מעשה־בוך און אנדערע ספרים, האָט אונדזער בן־עיר געשטעלט א וווּנדערבארן דענקמאָל אויפן קבר פון דער שטאָט צו וועלכער ער האָט געבענקט, ווען ער האָט געטראָכט איבער וועגן און שטעגן אין מדינת דייטשלאַנד — פון וואנען דער חורבן איז געקומען מיט 340 יאָר שפּעטער.

---

*) קו־בוך — א זאמלונג פון משלים פון אברהם בן מתתיהו׳ ווערא׳נע׳ 1594.

**) דיטריך פאָן בערן — דיטריך איז דער היסטאָרישע באקאנטער טעאָדאָריך (493—526); ער איז געווען א וואסאל פון דעם הונגען־קעניג אטטילון — א נישט־יידישע געדיכטע וואָס יידישע שפּילער האָבן געזונגען אין די געטאָס און איז שפּעטער געוואָרן פארעפנטלעכט אין בוך־פאָרם. מייסטער הילדע בראנט — די ערשטע גערמאַנישע געדיכטע, וואָס איז אויך געווען פאָפּולער ביי די דייטשע יידן.

# אויסצוגן פון הברה־קדישא־פנקס

דער דריטער טייל פון ר' מאטל פרידמאנס העפט „בר אבהן", איז געווידמעט די אויסצוגן פון דעם פנקס פון דער הברה־קדישא. אין איינציקע ערטער גיט ער צו צו די רעקאפּילאציעס זיינע באמערקונגען, צו וועלכע ס'וועט פון אונדזער זייט אויך אויסקומען עפּעס מיטצובאמערקן.

פארוואס ר' מאטל האט דווקא אויסגעקליבן גראד די נעמען, וועלכע מיר ברענגען אין דער ווייטערדיקער רשימה, איז נישט אינגאנצן קלאר פאר אונדז. זיין פעסטשטעלונג, אז ער טוט עס, כדי עס זאל בלייבן א זכר נאך די פארשטארבענע, מאכט אויך נישט פארשטענדלעכער דעם אויסוואל. ס'בלייבט דאך ווייטער די זעלבע שאלה: פארוואס בלויז די אנגעגעבענע נעמען פון די נפטרים. ווען מען זאל אפילו אננעמען, אז ער האט ספּעציעל אויסגעקליבן „אנשי שם" — אנגעזעענע פערזאנען — קען מען נאך אלץ אפּפרעגן די סעלעקציע; ווארום, עס איז מער ווי זיכער, אז מיט דער רשימה זיינען נאך נישט ארייננגענומען געווארן אלע השובים פון שטאט. בכל אופן דארפן מיר אים דאנקבאר זיין פאר דעם אינטערעסאנטן און נוצלעכן מאטעריאל, וואס ער האט א נדז איבערגעלאזט פאר דער דערגענצונג און מקור פון אונדזער ארבעט.

1. — האשה רחל אלמנת ר' ליבוש בר"ש דיין (זע פאראגראף 1, צווישן די דיינים) נפטרה ביום... (עס פעלט די דאטע אין פנקס. — מ. ע.)
2. — הרב מוהר"ר משה במהור"ר ארי' אב"ד דק"ק ראדזין; נפטר י"ג אייר תע"ב (1712).
3. — ה"ה התורני הראש מוהר"ר אלי' כ"ץ, חמיו של הרב דק"ק פ"פ דמיין; נפטר... ניסן תעהייא (1715).

פרידמאן באמערקט, אז דער אות „ה" איז געשריבן אזוי ווי מען רעדט אים ארויס, היינו — הייא. ער האט אויך געמאכט אן אפּשריפט פון זיין מצבה, וואס געפינט זיך אויפן אלטן בית־עולם:

פ ה   נ ט מ ן
האיש השוב צדיק וישר מהור"ר
אלי' כ"ץ יד כ"ה ניסן תע"ה לפ"ק

פרידמאן שטעלט זיך אָפּ אויפֿן אויסדרוק יד כ״ה. ער מיינט, אז דער מחבר פון דעם טעקסט וויל מיט דעם אָנדייטן אויף זיין הייבן די הענט צום דוכנען. וואָרום, יד קען נישט זיין די ראשי־תיבות פון יום ד׳, ווייל כ״ה ניסן איז דעמאָלט אויסגעפאלן אין א זונטיק. ס׳איז א חידוש פארוואָס פרידמאן שטעלט זיך נישט אָפּ דערויף וואָס אין דעם טעקסט פון דער חברה־ קדישא, ווערט ער דערמאָנט אלס שווער פון פראנפורטער רב, ר׳ אבוש, בעת דער לעצטער איז ערשט געוואָרן דאָרט רב גאנצע 45 יאָר נאָך ר׳ אליה׳ס טויט. דאָס קען זיך דערקלערן דערמיט, וואָס די אויסצוגן פון דעם פּנקס, זיינען נישט אלע אָריגינעלע. דער דאָזיקער פּנקס איז געשריבן געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער און דער איבערשרייבער האָט אריינקאָפּירט געוויסע נעמען פון דעם אלטן פּנקס. דעמאָלט איז שוין ר׳ אבוש געווען פראנקפורטער רב און דערפאר באַ־ צייכנט ער דעם ר׳ אלי׳ כ״ץ אלס „שווער פון פראנקפורטער רב״. דער טיטול „הראש״, וואָס פיגורירט אין פּנקס, איז אים געגעבן געוואָרן דערפאר ווייל ר׳ אלי׳ איז אויך געווען ראש־הקהל. מיר ווייסן שוין פון פריער, אז ער האָט פארטראָטן מעזריטש אין ועד ארבע ארצות.

4. — ע״ז דוה לבנו כי נפלה עטרת ראשינו ה״ה הרב החסיד מוהר״ר שמואל מגיד ישרים בבהמ״ד דקהלתנו; נפטר ביום ט״ו שבט תפ״חית״ל (1728).

5. — האשה החשובה וצנועה וצדקנית רייזיל בת הרב הגאון מהור״ר אב״ד דק״ק בריסק, אשת הרב המאוה״ג החסיד מהור״ר הירש אב״ד דקהילתנו יצ״ו (ישמרו צורו וגואלו); נפטרה ביום... אדר תפ״חית״ל (1728).

זי איז געווען די ערשטע פרוי פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ צבי הירש און די מוטער פון די באריכטע רבנים, ר׳ מרדכי ליסער און זיין ברודער ר׳ אבויש פראנקפורטער.

6. — הרבני החסיד מההור״ר ארי׳ ליב במהור״ר מנחם מאגיס דיין קבוע בקהילתנו; נפטר ביום... סיון תפ״טית״ל (1729).

7. — ה״ה הישיש הר״ר אשר לעמיל חמיו של מוהר״ר א׳ ליב המ״ל; נפטר ביים... כיון תפ״בית״ל.

8. — האשה חשובה וצנועה הרבנית מרת צינא אשת הרב מהור״ר משה אב״ד דק״ק ראדזין הנ״ל; נפטרה כ׳ חשון תצ״אל (1731).

וואָס ס׳האָט געבראכט דעם ראדזינער רב מיט זיין רביצן קיין מעזריטש, ווו זיי זיינען ביידע געשטאָרבן, ווייסן מיר נישט. ווייזט אויס, אז זיי האָבן געוווינט א לענגערע צייט אין מעזריטש. בעת דער מאן איז נפטר געוואָרן אין 1712, איז די פרוי געשטאָרבן מיט 19 יאָר שפּעטער.

9. — **האשה זקינה חשובה וצנועה מרת יטא (יעטא) המותו של הרב דק"ק פ"פ דמיין;** נפטרה ב' השין תצ"דל' (1734).

זי איז געווען ר' אלי' כ"ץ'ס ווייב און פרידמאן באמערקט דאָ, אז אויך די רשימה אין פנקס, איז א קאָפּיע פון דעם אַלטן פנקס און מחמת דעם ווערט זי דערמאָנט אַלס שוויגער פון פראנקפורטער רב, ווייל דעמאָלט ווען די קאָפּיע איז געמאכט געוואָרן, איז שוין ר' אביש געווען רב אין פראנקפורט. אגב, דער דאָזיקער פנקס, פון וואנען ר' מאַטל האָט געמאכט זיינע אויסצוגן, שטאמט פון יאָר תקכ"ז (1767).

10.— **ע"ז דוה לבנו אוי כי חטאנו נפלה עטרת ראשינו גאון עוזינו ה"ה הרב המאוה"ג החסיד המפורסם מהור"ר הירש, בהרב המאוה"ג החסיד המפורסם מהור"ר אברהם אב"ד ור"מ דקהילתנו;** נפטר ביום... תמוז תצ"דל' (1734).

פרידמאן באמערקט, אז דער טאָג פון דעם רבס פטירה, איז געווען י"ד תמוז; פון דעם זעען מיר, אז ר' ייסף לעווענשטיין אין אלע אנדערע היסטאָרי־קער וואָס האָבן זיך באזירט אויף אים, זיינען געווען אומגערעכט, ווען זיי האָבן אָנגעגעבן, אז ר' צבי הירש'ס פאָטער האָט געהייסן אליעזר; מיר ווייסן, אז זיין נאָמען איז געווען אברהם אין ממילא פאַלט אוועק דער יסוד, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט אויפן סמך פון דעם קארדינאַלן טעות.

11.— **ה"ה הרבני המופלא מהור"ר דוד במהור"ר יונה שהיה נקרא בחייו ר' יונש דיין קבוע בקהילתנו;** נפטר ביום ש"ק (שבת קודיש) י"ד סיון תצ"טיתל' (1739).

12.— **ה"ה התורני מהור"ר נתן במהור"ר יואל דיין קבוע בקהילתנו** יצ"ו; נפטר ביום א' כ"ו אדר תק"דל' (1744).

13.— **ע"ז (על זאת) דוה לבנו נפלה עטרת ראשינו ה"ה הרבני המופלג החסיד המפורסם מהור"ר אשר במהור"ר יונה מגיד מישרים בבהמ"ד דקהילתנו;** נפטר ביום ו' עש"ק ח"י סיון תק"דל'.

14.— **ה"ה התורני מהור"ר יואל בהר"ר אברהם דיין קבוע בקהילתנו;** נפטר ביום... כסלו תק"הייאל' (1745).

15.— **ע"ז דוה לבנו כי נפלה עטרת ראשינו ה"ה הרבני במופל' (ג) החסיד המפורסם מהור"ר אשר במהור"ר יונה מגיד מישרים בבהמ"ד דקהילתנו;** נפטר ביום ה' כ"ה אלול תק"זיין (1747).

16.— **ה"ה הרב מהור"ר יוסף יעסיל** (יאָסיל?) **דיין קבוע בקהילתנו;** נפטר ביום... אדר תק"יודל' (1750).

17. — ה״ה האלוף*) ומרומם איש חסיד מוהר״ר הירש במהור״ר יוסף; נפטר ביום ג׳ כ״ד כסלו תקי״אל׳ (1751).

18. — ה״ה התורני מהור״ר משה במהור״ר הירש דיין קבוע בקהילתנו שהיה נקרא בחייו ר׳ משה נאמן. (מיר האבן שוין אנגעוויזן, אז נאמן איז געווען דער מענטש וועלכער האט געהאט דעם קהלשן אמט פון פינאנצן. טיילמאל איז דער אמט אנפארטרויט געווארן איינעם פון די דיינים); נפטר ביום ג׳ כ״כ תשרי תקי״גימל׳ (1753).

19. — האשה חשובה וזקינה מרת שיפרה אלמנת ר נתן דיין; נפטרה ביום ב׳ ה׳ אדר ראשון תקי״גימל׳ (1753).

20. — ה״ה התורני מהור״ר ישעי׳ בר׳ שמואל דיין; נפטר ביום ה׳ ו׳ אייר תקט״ואול׳ (1756).

21. — ע״ז דוב לבנו כי נפלה עטרת ראשינו גאון עוז ה״ה הרב הגאון הגדול המפורסם מהור״ר יהודה ליב אב״ד ור״מ דקהילתנו יצ״ו; נפטר ביום ד׳ ה׳ תשרי תקט״זיין (1756).

22. — הרבני מהור״ר ארי׳ ליב במהור״ר יהודה שמש דיין קבוע בקהיל־תנו; נפטר ביום ו׳ עש״ק ז״ך תמוז תקי״זיין׳ל׳ (1757).

23. — האשה חשובה צנועה וזקינה מרת הענא אלמנת המנוח הרבני מהור״ר אשר ז״ל מגיד מישרים בבהמ״ד דקהילתנו; נפטרה ביום ו׳ עש״ק י״ב שבט תקי״טיתל׳ (1759).

24. — ה״ה התורני המופלא בתורה ובחסידות ומתמיד בלימודו מהור״ר מרדכי בהר״ר יהודה לייב; נפטר אור ליום א׳ ד׳ ניסן תקי״טיתל׳ (1759).

25. — האשה הצנועה מרת רוזא בת מהור״ר זוסמן דיין אשת מהור״ר בצלאל; נפטרה ביום ו׳ עש״ק ר״ח אייר תקי״טיתל׳ (1759).

26. — האשה הצנועה וזקינה מרת שפרינצא בת הרב הגאון מהור״ר דוד לידא שהי׳ אב״ד דק״ק אמשטרדם; נפטרה ערב חג הסוכות תקכ״גימל׳ (1763).

א שאד וואס דער פארצייכנער האט נישט אנגעגעבן מער פרטים. ס׳איז בלי שום ספק, אז די מרת שפרינצא האט געהאט א מעזריטשער פאר א מאן און בכלל געהאט א שייכות צו מעזריטש. ס׳וואלט אונדז געהאלפן עטאבלירן דעם שייכות צווישן אט דעם גרויסן רב און אונדזער שטאט. ס׳איז אויך מעגלעך,

*) דער טיטול „אלוף״ באצייכנט מן־הסתם, אז ער האט געהערט צו דער קהילה־אנפירערשאפט.

אז זי האָט זיך איינגעהאַלטן ביי איר פּלימעניק, ר' זיסקינד בר' פּתחיה, וועלכער האָט געוווינט אין אונדזער שטאָט *).

27.— **האשה הרבנית מרת חי' אלמנת המנוח הרב ר' יודל אב"ד דק"ק קאַצק**; נפטרה ביום ג' אדר תקכגימ"ל (1763).

די לייענער וועלן זיך דערמאָנען, אז ביים סוף פון קאפּיטל „רבנים אין מעזריטש", האָבן מיר אַרומגערעדט וועגן א געוויסן ר' יהודה אידיל, וועלכער ווערט דערמאָנט פון זיין אייניקל, אלס געוועזענער רב אין „קאַצק ובייאלי ומעזריטש". מיר האָבן געבראַכט א באַווייז פון דער פארצייכעניש, אז עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער מעזריטש. לויט די אויבנדערמאָנטע פארצייכעניש פון זיין אייניקל קומט אויס, אז אין מעזריטש איז ער געווען רב צומלעצט. מעגלעך אז אזוי איז עס געווען. דאָס וואָס ער ווערט כסדר באַצייכנט אלס אב"ד דקאַצק, קען זיין ווייל אזוי איז ער געווען מפורסם. אזוי איז דער פאַל פון א סך רבנים און מגידים וועלכע זיינען געבליבן באַקאַנט לויט דער שטאָט ווו זיי זיינען געווען, כאָטש זיי זיינען שפּעטער אוועק פון דאָרט. דאָס וואָס זיין רביצן איז געשטאָרבן אין מעריטש, איז ממילא אויך א שטיקל באַווייז דערצו. ווידער, אויב ס'זאָל אזוי זיין, ווי מיר דרינגען ארויס, וואָלט דאָך די חברה־קדישא געדאַרפט האָבן פאַרשריבן אין איר פנקס זיין פטירה; מאַכט דאָס אונדז דענקען, אז דער סדר פון די שטעט, וואָס ווערן דאָרט אָנגעגעבן, איז נישט קיין גענויער. דאָס וואָס זיין רביצן איז געשטאָרבן אין מעזריטש, איז אויך נישט קיין באַווייז, אז ער איז געווען צומלעצט רב ביי אונדז; עס קען זיין, אז זי האָט געהאַט דאָרט וווינען קינדער און ווען זי איז געבליבן אן אלמנה, האָט זי זיך צוריק באַזעצט אין מעזריטש.

28.— **ה"ה התורני מהור"ר דוד בן הרב דקהילתנו**; נפטר ביום ה' כ"ד ניסן תקכ"גימל' (1763).

ווער איז געווען דעמאָלט מעזריטשער רב? עס קען נישט זיין, אז דאָ מיינט מען ר' יהודה אידיל; וואָרום זיין רביצן, וועלכע איז געשטאָרבן מיט קנאַפּע צוויי חדשים פאַר דעם ר' דודן, ווערט דאָך באַצייכנט אלס אן אלמנה.

29.— **ה"ה הרבני מהור"ר זאב וואָלף בר' ישראל בריסקער דיין קבוע בקהילתנו**; נפטר ביום ה' ט"ו תקך"גימל' (1763).

30.— **על זה דוה לבנו כי נפלה עטרת ראשינו ה"ה הרבני במופלא הישיש מהור"ר שמחה בהרב מהור"ר שמשון סג"ל ראש ב"ד דקהילתינו יצ"ו**; שנפטר ביום ד' ו' אדר תק"ל (1770).

---

*) זע באַמערקונגען וועגן זעלבן אינעם קאַפּיטל „מתנגדים און חסידים אין מעזריטש".

31.— **על זה ד״ה לבנו ודמעותינו על לחיינו מאין הפוגות, על פטירת ה״ה הרבני החריף אשר לא פסק פומיה מגירסא יומם ולילה מהור״ר משה במהור״ר שמשון**; שנפטר ביום ב׳ ר״ח אדר שני תקלהייא״ל׳ (1775).

32.— ע״ז ד״ה לבנו על **פטירת האברך הרבני המופל׳ אשר לא פסק פומי׳ מגירסא יומם ולילה** מוהר״ר **ארי׳ יהודה ליב במהור״ר שמואל סג״ל**; נפטר ביום ג׳ י״ג חשון תקל״טיתל׳ (1779).

33.— **ע״ז דוה לבנו על פטירת ה״ה הרבני מהורר״א זיסקינד במהור״ר יונה שהי׳ הפועל והמתעסק והצייר בבנין ב״הכ בקהילתינו שיוגמר במהרה בימינו, אוי לנו כי חטאנו שאבדנו אותו צדיק, כי צדיק אבד לדורו אבד, חבל על דאבדין ולא משתכחין**; נפטר ביום שבת קודש ר״ח מנחם אב תקלטית״ל׳ (1779).

ווי מיר זעען, לויט דער באצייכענונג, איז אָט דער ר׳ זיסקינד געווען אן אויסגעצייכנטער מאָלער. ער איז אויך געווען א גרויסער למדן; וואָרום, ער ווערט טיטולירט אויפן זעלבן אופן ווי עס ווערט דאָס געטאָן ביי דיינים און גרויסע לומדים; ער ווערט אָנגערופן „רבני". ער ווערט אויך טיטולירט אלס צדיק און עסקן; ווייל ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן בוי פון דער שול. דאָס איז די שול, וועלכע איז אָפּגעברענט געוואָרן אין דער צייט פון ר׳ עוזרס רבנות און זי איז אין זיין צייט צוריק אויפגעבויט געוואָרן. פון פוילישע מקורים ווייסן מיר, אז די שול איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן זעלבן אָרט, ווו עס איז פריער געשטאנען די אלטע שול, און די זעלבע שול האָט אויך שפעטער אָפּגעברענט אין דער צייט פון ר׳ אליעזר חרל״פ. ווי מיר האָבן שוין פריער געברענגט, האָט יענע שריפה בלויז באשעדיקט די אינעוויייניקסטע איינריכטונ־גען, אָבער נישט דעם בנין גופא, וואָס איז באשטאנען פון זייער דיקע ווענט.

34.— **על זה דוה לבנו וחבל על דאבדין ולא משתכחין על פטירת אב בחכמה ורך בשנים ה״ה הרבני המופלג מוהר״ר אליעזר בר׳ שמואל סג״ל זצ״ל**; נפטר ביום ג, כ״א מנחם (אב) תק״מ לפ״ק (1780).

35.— **ע״ז דוה לבנו על פטירת האברך רך בשנים הרבני המופלג אשר לא פסק פומי׳ מגירסא מהור״ר צבי הירש... הנקרא בחייו ר׳ הירש חעלימער**: נפטר ביום ד׳ ב׳ דר״ח כסלו תקמד״ל (1784).

36.— **הר״ר יהודה ליב בהגאון מ׳ יהושע**; נפטר ביום א׳ י״ט מנחם (אב) תקמו״ל (1786).

37.— **ה״ה הרבנית פיגלא אשת הרב המאור הגדול החסיד המפורסם כבוד מהור״ר צבי הירש אב״ד דקהילתנו**; נפטרה ביום ד׳ אסרו חג של הה״כי (חג המצות) פסח תקמז״ל (1787).

די פרוי פייגעלע, איז געווען די צווייטע פרוי פון דעם מעזריטשער רב און איז געווען די טאָכטער פון ר׳ יצחק זשאַלקאָווער *).

38. — **על אלה אני בוכי׳ עיני עיני יורדה מים על פטירת הרבני איש תם וישר לא פסק פומי׳ מגירסא ה״ה מהור״ר יוסף בהרבני הגאון הגדול המפורסם מהור״ר יהושע;** שנפטר ביום ג׳ ר״ח טבת תקמח״ל (1788).

ווי מיר זעען, איז דער נפטר געווען א ברודער פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ יהודה לייב בר׳ יהושע. עס איז נישט קלאָר צי דער ר׳ יהושע, וועלכער ווערט מיטוליִרט „הגאון הגדול המפורסם", איז ערגעץ ווו געווען רב, אָדער ער איז געווען איינער פון די חשובע שטאָט־בעלי־בתים. דאָס צווייטע איז וואר־שיינלעכער, וואָרום דער ר׳ יהושע ווערט נישט באצייכנט אלס אב״ד אָדער דיין. אויך דער פאקט, וואָס זיינע צוויי זין זיינען געשטאָרבן אין מעזריטש, איז א באווייז, אז דאָס איז געווען אן אלט־איינגע׳עסענע משפחה.

39. — **האשה הזקינה וחשובה פעשי אשת ר׳ אבלי סג״ל מגיד מישרים דקהילתנו;** נפטרה ביום שבת קודש ח׳, אדר ראשון תקמח״ל (1788).

40. — **ה״ה התורני צדיק וחסד המרומם מהור״ר משה חר״ו (חריף ובקי);** נפטר ביום ו׳ עש״ק ה׳ אייר תקנה״ל (1795) **ועל אלה עיני יורדה מים על פטירת הנ״ל כי מימיו לא פסק פומי׳ מגירסא.**

41. — **ע״ז ידוו כל הדווים על פטירת התורני והרבני שלא פסק מגירסא** פומי׳ **ה״ה מהור״ר צבי הירש חר״ל** (חתן ר׳ לייב: מעגלעך, אז ער איז געווען אן איידעם פון דעם אויבנדערמאָנטן ר׳ יהודה לייב בהגאון מ׳ יהושע. — מ. ע.). **חר״ג (חריף גדול):** נפטר ביום ה׳ י״א שבט תקנו״ל (1796).

42. — **ה״ה התורני והרבני המופלג מ׳ יוסף חמרמרא** (וויינשענקער, וויינ־מאכער?) **אשר עסק בתורה יומם ולילה ולא פסק פומי׳ מגירסא;** נפטר ביום א׳ תשעה עשר בחודש אדר א׳ תקנו״ל.

43. — **האשה הצנועה פריידא בת הרבנית פיגלא;** נפטרה ביום ב׳ עשרה ימים בח׳ מר חשון תקנט״ל (1799).

ס׳איז אָן שום ספק, אז די רבנית פיגלא, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט, איז די זעלבע וועלכע ווערט פריער דערמאָנט (פאראגראף 37), די צווייטע ווייב פון דעם מעזריטשער רב ר׳ צבי הירש. פון דעם קענען מיר מאכן דעם אויספיר, אז ר׳ מאטל פרידמאן איז נישט געווען גערעכט מיט דעם וואָס ער שרייבט, אז ר׳ צבי הירש האָט מיט איר חתונה געהאט, ווען זי איז נאָך געווען א „ילדה"—

*) זע קאפיטל „מעזריטשער רבנים" — ר׳ צבי הירש דער צווייטער.

א מיידל. עס איז קלאָר, אז די פארשטאָרבענע פריידא איז נישט געווען ר' צבי הירש'ס טאָכטער; וואָרים, ווען דאָס וואָלט אזוי געווען, וואָלט דער כראָניקער גיכער איר מיחס געווען צום רב איידער צו זיין פרוי. איז פון דאַנען געדרונגען, אז די פריידא איז געווען די טאָכטער פון פיגלא פון איר ערשטן מאַן אין זי איז שוין געווען אן אלמנה, ווען זי האָט חתונה געהאַט פאַר ר' צבי הירשן.

44.— **על זה לבי דוה על פטירת הרב המופלא כבוד מהור"ר אברהם במהור"ר יהודה ליב זצ"ל שהיה אב"ד דקהילתנו;** נפטר ביום ב' כ' מנחם אב תק"ע לפ"ק (1810).

פרידמאַן באַמערקט, אז דאָ ווערט באַריכות דערציילט אין פנקס, אז אין יאָר תק"ע האָט די מאַכט גוזר־געווען מ'זאָל מער נישט באַערדיקן קיין מתים אויפן אלטן בית־עולם און מ'זאָל איינשאַפן א נייעם בית־עולם. דער כראָניקער טרייערט שטאַרק איבער דער שווערער גזירה און ער חתמעט: „היום ד' אחד באלול תק"ע בפקודת האלופים דח"ק יהודה יודל בלא"א מוה"ה מוהר"ר יוסף כ"ץ זצללה"ה ספרא דפק"ק מעזריטש יע"א *).

46.— **האשה הצנועה הרבנית מ' מושקא בת מ' ארון כ"ץ שהיתה אשת הרב מוהר"ר נחמן אב"ד דקהילתנו יצ"ו;** נפטרה ביום ג' כ"ג מרחשון תקעד"ל (1814).

47.— **על זה דוה לבינו על פטירת ה"ה הרבני מהור"ר אליעזר במהור"ר גרשון שהיה מגיד מישרים בקהילתנו ועי"ז ידוו כל הדווים. אוי לנו כי חטאנו שאבדנו אותו צדיק, כי צדיק לדורו אבד, חבל על דאבדין ולא משתכחין;** נפטר ביום ו' עש"ק ב' דר"ח טבת תקעד"ל.

48.— **ע"ז דוה לבנו** על **פטירת הרבני מו"ה אלי' במהור"ר יהודה ליב זצ"ל שהי' נקרא בחייו ר' אלי' דיין;** נפטר ביום ג' כ"ו טבת תקע"ז לפ"ק (1817).

49.— **ה"ה הרבני הצדיק מהור"ר ישראל איסר בן המנוח הרב מקאָברין שהי' חתן הרב דפה"ק;** נפטר ביום ה' כ"ה מרחשון תקפד"ל (1824).

דער פאַרשטאָרבענער איז געווען ר' נחמנס איידעם, וועלכער האָט נאָך דעמאָלט געלעבט.

50.— **קראו למקוננות ואשה קינה על פטירת הרבני המופלג מהור"ר יעקב במהור"ר דובער חתן הרבני מוהר"ר יוסף דיין,** ביום ה' ד' לחודש כסלו תקצ"ל (1830).

*) זע וועגן דעם יהודא יודל אין קאַפיטל „מתנגדים און חסידים".

51. — ע"ז דוה לבנו על פטירת הרב המופלג בתו"י (בתורה ויראת) **הרבני יוסף במהור"ר פתחי' שהיה נקרא בחייו ר יוסל טשעמרניק (טשע־מערניקער)**, ביום ד' כ' לחודש כסלו תק"ץ לפ"ק (1830).

52. — יום ב' כ"ב לחודש שבט תק"ץ (1830) לפ"ק נפטר ה"ה הרבני המופלג בתורה וביראה מו"ה מיכל דוד במו"ה יוסף שהי' מתגורר אצלנו ועסק באמונה בתורת ד' יום ולילה והוא היה מק"ק ראדזין.

53. — יום ה' א' דחוה"פ על זה דוה לבנו וחבל על דאבדין ולא משתכחין על פטירת הרבני מוהר"ר יצחק שהי' מגיד מישרים בקהילתנו ומוכיח לבבים במו"ה יעקב שהי' מ"מ בק"ק זאמושץ.

פרידמאן באמערקט, אז דער פארשטאָרבענער איז דער זון פון דעם באַ־קאנטן דובנער מגיד און אז דאָס איז געשען אין יאָר תקצ"א (1831), בעת דער כאָלערע־עפידעמיע. אין זעלבן טאָג, זיינען געשטאָרבן נאָך 12 מענטשן. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט אין פרייטיק דעם צווייטן טאָג חול־המועד, זונ־טיק דעם פערטן חול־המועד און דינסטיק אחרון של פסח; אין די טעג זיינען געשטאָרבן נאָך צוואנציק מאן *).

54. — יום ש"ק ג' דחוה"פ ספדו והילילו על זאת על פטירת הרבני המופלג מו"ה משה במו"ה יהודה יודל שהי' דיין מצוין בקהילתנו והי' נקרא ר' משה טשעמערניקער וחבל על דאבדין ולא משתכחין. (ער איז געווען נאָך א קרבן פון דער עפידעמיע).

55. — יום ג' אחרון ש"פ קראו למקוננות וספדו על זאת על פטירת הרבני המופלג מו"ה יעקב בהרבני מו"ה יהודה „שפירא" שהי' ש"ץ בבהמ"ד וריבץ תורה לרבים כל ימיו.

אויך ער איז געווען א קרבן פון דער כאָלערע. ווי עס שיינט האָט דעמאָלט אויך דער שטאָטישער בהמ"ד געהאט א געצאָלטן חזן.

56. — בו ביום (ד' א' דר"ח אייר תקצ"א — 1831) נפטר ה"ה הרבני מו"ה משה ברוך חתן ר' לייבלי בר' יוסף דיין.

57. — אלו וקוננו וספדו והלילו על פטירת הרבני המופלג בתו"י יום ולילה לא פסק פומי' מגרסא מו"ה שמואל אפרים חתן „הלוי" הכהן, ביום ג' ד' תמוז תקצ"אל' (1831).

58. — ספדו והלילו על האי גברא רבא שנאסף והלך לעולמו ה"ה החריף ובקי ולא פסק פומי' מגרסא כבוד מ' יהודה ליב בהרב מוהר"ר אברהם שהי' רב בקהילתנו חשכה עינינו ונפלה עטרת ראשינו; נפטר ביום ב י"ב ימים בחודש תשרי תקצ"בל' (1832) חולירע (כאָליערע).

*) זע אין קאפיטל „מגידים אין מעזריטש".

פרידמאַן באמערקט: „ער איז געווען באַקאַנט אַלס ר' לייבקע דעם רבס און מ'האָט אים שטאַרק גערימט מיט זיין צידקות. אין „אבל יחיד" (פון ר' בערוש פלאהם) ווערט ער באַצייכנט אַלס „הרב הגאון המפורסם".

59.— **על זה דוה לבנו על פטירת הצדיק בן צדיק ה"ה הרבני ורך בשנים מ' זיסקינד בהרבני החריף מ' יהודה ליב ביום ג' ד' דחו"ה סוכות.**

ווי עס איז צו זען, איז דער נפטר געווען דער זון פון דעם אויבנדערמאָנטן ר' לייבקע דעם רבס. דאָס יאָר פון זיין פטירה איז נישט אָנגעגעבן. עס איז אָבער אָנצונעמען, אַז זיין פטירה איז געשען אין זעלבן יאָר, היינו תקצ"ב. וואָרום די קומענדיקע פאַרצייכענישן פון טויט־פאַלן זיינען פון זעלבן יאָר. דאָס איז מאָקע געווען אַ שרעקלעכע טראַגעדיע: טאַטע און זון זיינען גע־שטאָרבן אין איין וואָך. עס איז אַ סברא, אַז אויך ער איז געווען אַ קרבן פון דער כאָלערע און עס איז דערפר אַ ווונדער, וואָס סיי די חברה־קדישא און סיי ר' בעריש פלאהם, אין זיין „אבל יחיד", דערמאָנען נישט דעם פאַקט. אין פנקס פון בית־הכנסת ווערט דערמאָנט, אַז אין יאָר תקצ"ד (1834), האָבן ביידע פרויען, ר' לייבקעס און ר' זיסקינדס ווייבער, פאַרקויפט די „שטעט" אין שול, וואָס זיי האָבן געהאַט בירושה.

60.— **בואו וספדו כל אנשי קהילתנו על פטירת הרב המאור הגדול אב"ד דקהילתנו שנים ועשרים שנים ה"ה מ' נחמן בן הרב המפורסם שהי' איש מופת הנקרא ר' יעקילע מארש; נפטר ביום העשרים ימים בחודש מנחם אב שנת תקצ"בל' (1832).**

61.— **ע"ז ידוו כל הדווים על פטירת הרבני המופלא האברך מו"ה אברהם ליב במוהר"ר צבי יום ולילה לא פסק פומי' מגרסא ונקרא בחייו ר' אברהם ליב מתמיד, ביום ה' ח' ימים לחודש טבת תקצב"ל (1832).**

62.— **ביום ד' שמונה עשר בחודש סיון תקצ"ג (1833) נפטר החריף המפורסם מוהר"ר אהרן בהמנוח מ' זאב וואָלף הנקרא בחייו ר' וואָלף פאשעשיר** (פאסעסאר. — מ. ע.).

פרידמאַן באמערקט: „דאָס איז הרב הגאון הצדיק המפורסם הנקרא ר' ארוש מינץ ז"ל... ער... און זיין פרוי, די צדיקת מרת רבקה ז"ל, האָבן איבער־געלאָזט אויף עולמות און פארשידענע צדקות די געוועלבן וואָס מען רופט גן־עדן־קלייטלעך. זיי ברענגען אריין אַ גרויסע הכנסה און ער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע צוואה, וועלכע ער האָט אליין געשריבן..." די דאָזיקע צוואה ווערט אויך דערמאָנט פון ד"ר מ. הענדל אין זיין שוין דערמאָנטער אַרבעט, „מעז־ריטשער פנקסים". ער ציטירט דאָרט דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן ציטאַט: „ידעו הממונים למנות תחתיהם רק אנשים בעלי תורה יראי ד' וגם בטוחים אפס לא מאנשים מנהיגי מנהג ספרד גם מהבתי דירות לא יחכרו על בית התאספות מנהיגי ספרד — די באַשטימטע זאָלן וויסן צו באַשטימען אויף

זייערע פלעצער נאָר אזעלכע, וואָס זיינען בעלי־תורה און גאָטס־פּראַקטיקע און אויך פארלעסלעכע אָבער נישט פון יענע מענטשן וואָס פירן זיך לויט מנהג ספרד (דאָס הייסט חסידים) און פון די דירות זאָל מען אויך נישט פאררינגערן פאַר פארזאמלונגען פון מנהג ספרד". (ער האָט אוראי געמיינט פאר חסידים־שטיבלעך און אפילו א חסידישן רבין. — מ. ע.).

אינטערעסאנט, ר' מאָטל פרידמאן דערמאָנט נישט דעם שטעל אין דער צוואה. ער זאָגט בלויז, אז די צוואה איז „א שטארקע און א גוטע". חסידים פלעגן זאָגן, אז אין דער צוואה איז אויך געשטאנען, אז מען זאָל נישט פאַררינגערן „פאר בתי־זונות (הייזלעך) און חסידים־שטיבלעך". די דאָזיקע ווערסיע איז אביסל א צווייפלהאפטע; ד"ר הענרל וואָלט אזא אויסדרוק זיכער נישט געוועזן אדורכגעלאָזט. ווי עס זאָל נישט זיין, באווייזט עס, ווי שטארק עס איז געוועזן זיין קעגנערשאפט צו חסידות.

ר' ארויש מינץ האָט געשטאמט פון גרויסן יחוס. ער איז געוועזן אן אייניקל פון דעם לעגענדארן פוילישן קעניג אויף איין טאָג, ר' שאול וואל מצד דעם מעזריטשער רב, ר' נתן נטע קאצענעלענבויגן, שטאם־פאָטער פון דעם מעזריטשער צווייג פון דער פאמיליע, וועלכער איז געשטאָרבן אין ירושלים אין תמ"ט (1689). ער האָט געטאָן די בעסטע שידוכים מיט זיינע קינדער. אין „אבל יחיד", פון ר' אברהם דוב בעריש פלאהם (ווארשע, תקצ"ג—1833). איז אָפּגעדרוקט א הספד א. נ. „קינה על מות הרב הגדול החריף שר וגדול בישראל, הגביר המפורסם כבוד קדושת שמו המנוח מהור"ר אהרן בן הגביר המפורסם מהור"ר זאב זלה"ה, הנקרא ר' ארויש מינץ אשר קוננתי עליו ביום מיתתו ח"י סיון תקצ"ג פ"ק מעזרימש".

דער מספיד זאָגט צווישן אַנדערע שבחים אויפן מת: „ער האָט זיך איינגעשטעלט מיט אלע זיינע כוחות, אז אלץ זאָל געטאָן ווערן לויט משפט און יושר. אזוי האָט ער זיך געפירט סיי אין זיינע אייגענע ענינים און סיי אין זיין הנהגה פון כלל־זאכן" — „כי מה כמוהו חרף נפשו להעמיד המשפט על תלו, ולהציב ההנהגה על אדני היושר אם בעניני עצמו, ואם בעניני ועסקי הצבור אשר על כולם יפלס נתיב ההנהגה. יורה לפניהם ארחות הישרה". ער איז זיכער געוועזן ראש־הקהל.

זיין אייניקל, מאגיסטער שמואל מינץ פון ריגע, האָט אויפגעשריבן א יחוס־בריוו (75) וואָס מיר האלטן פאר וויכטיק צוצוגעבן צו אונדזער ארבעט. צוליב זיין היסטאָרישן ווערט; ווי אויך דערפאר ווייל עס באשטעטיקט ר' מאָטלס השערה, אז דער ר' נתן נטע קאצענעלענבויגן, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין ירושלים אין תמ"ט, איז געוועזן רב אין מעזריטש.

## די משפחה מינץ

ערשטער דור... ר' אליעזר הלוי.

צווייטער דור... ר' אליעזרס זון, דער גרויסער גאון ר' יהודה

(יודא) מינצי (ד. ה. אז ער האָט געשטאַמט פון דער דייטשער שטאָט מײַנץ. ווען מען האָט אין יאָר רכ״ב (1462) פון דאָרט פארטריבן די יידן, איז ער אַוועק קיין איטאַליע און איז געוואָרן ראש פון דעם בית־דין אין פאַדוואַ (פאַ־דואַ). אין רס״ט (1509) איז ער נפטר געוואָרן. פינף טעג שפּעטער איז נפטר געוואָרן דער בארימטער דון יצחק אברבאַניל און מען האָט אים מקבר געווען נעבן ר׳ יהודאן).

דריטער דור... זיין זון ר׳ אברהם מינץ. אויך ער איז געווען נשיא פון דעם בית־דין אין פאַדואַ.

פערטער דור... זיין טאָכטער חנה; פרוי פון דעם גאון ר׳ מאיר בר׳ יצחק קאַצענעלענבויגן. אויך ער איז געווען נשיא פון דעם פּאַדוער בית־דין.

פינפטער דור... זיין זון ר׳ שמואל יהודא קאַצענעלענבויגן. אויך ער איז געווען נשיא פון דעם בית־דין.

זעקסטער דור... זיין זון, דער גאון און שר ר׳ שאול וואַל (לעגענדארער פוילישער מלך).

זיבעטער דור... זיין זון, ר׳ מאיר וואַל, בריסקער רב (ער האָט פּרעזידירט די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דעם ועד מדינת ליטא, נאָכדעם ווי די ליטווישע יידן האָבן זיך אָפּגעריסן פון דעם אַלגעמיינעם ועד פון אַלע פוילישע יידן. ווי מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן אין אונדזער אריינפיר, האָט דער ועד ליטא צוליב דעם כבוד פון ר׳ מאיר וואַל, באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַלע אסיפות פון דעם ועד אין בריסק, אַזוי לאַנג ווי ער וועט לעבן. — מ. ע.).

אכטער דור... זיין זון ר׳ נחום, רב אין סלוצק. (דער פּאַריזער מגיד שטיינשניידער (76) שרייבט, אז ר׳ נחום איז נישט געווען ר׳ מאירס א זון, נאָר זיינער אַן איידעם. ר׳ נחומס פאָטער האָט געהייסן ר׳ נתן נטע און איז געווען רב אין הילדעסהיים, דייטשלאַנד. — מ. ע.).

נײַנטער דור... ר׳ נתן נטע, רב אין מעזריטש (מיר האָבן שוין געשריבן וועגן אים. לויט דעם נאָמען זיינעם שיינט, אז הלל מגיד שטיינ־שניידער איז גערעכט, היינו, אז ר׳ נחומס פאָטער האָט געהייסן ר׳ נתן נטע און האָט געשטאַמט פון הילדעסהיים. אָבער קיין פעסטער באַווייז איז עס נישט. קעגן דעם האָבן מיר א שטאַרקערן באַווייז. ר׳ נתן נטע דער מעזריטשער רב האָט זיך גערופן קאַצענעלענבויגן, וואָס איז געווען, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, דער פאַמיליע־נאָמען פון ר׳ מאיר וואַלס משפחה. מיר קומען צום אויספיר, אז ר׳ נחום איז געווען אַן איידעם פון דעם הילדעסהיימער רב און ער האָט א נאָמען געגעבן זיין זון נאָך דער פרוים פאָטער. — מ. ע.).

צענטער דור... ר׳ דוד, רב אין קאָצק.

עלפטער דור... ר׳ מנחם נחום (רב אין סעמיאַטיטש. — מ. ע.).

צ וו ע ל פ ט ע ר ד ו ר... זיין זון ר' יצחק.

ד ר יי צ ע נ ט ע ר ד ו ר... ר' זאב וואָלף (דאָס איז דער זעלבער ר' זאב וואָלף פּאָסעסאָר. מאַגיסטער מינץ ברענגט, אז ער האָט געהערט פון זיין פאָטער, אז דער דאָזיקער עלטער־זיידע האָט זיך אָנגעהויבן רופן מיט דעם פאַמיליען־נאָמען מינץ. — מ. ע.).

פ ע ר צ ע נ ט ע ר ד ו ר... ר' ארוש מינץ.

ר' ארוש מינץ האָט געהאַט זעקס זין און דריי טעכטער:

1. — ר' אלכסנדר זיסקינד מינץ. ער האָט געוווינט אין בראָד, גאַליציע. דער באַרימטער געלערנטער שד"ל (שלמה דוד לוצאַטאָ) פון פּאַדואַ האָט זיך מיט אים געקענט. אין דער הקדמה צו זיין זאַמלונג פון די שירים פון ר' יהודה הלוי, שרייבט שד"ל אזוי: „וישתבח שם של החכם אלכסנדר זיסקינד מינץ מעיר ברודי, אשר בראותו אותי אוהב הפיוטים ומקבץ כל מיני מחזורים בדפוס ובכ"י, יעצני לעשות רשימה על סדר א"ב מכל הפיוטים הנמצאים בהם, ואני בחודש טבת תר"ה (1845 ליאנואר) החילותי לעשות לוח הפייטנים... והערכת הנסחאות השונות האלה היתה לי לעזר גדול לתקן כמה לשונות בפיוטים... פאדובה בתמוז תרכ"ד (1864)".

2. — ר' מתתי' מינץ.

3. — ר' אביגדור (ער האָט זיך גערופן גרינבערג).

4. — ר' הירש קלאצקא. ער איז געווען אן איידעם פון דעם באַרימטן ווילנער חשוב און עושר, ר' שמואל יהודה קלאצעס.

ר' הירש איז געווען א גרויסער עסקן. איבערהויפּט האָט ער געשטיצט מיט א ברייטער האַנט אַלע משכילישע אונטערנעמונגען און איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער בערלינער השכלה. ער האָט געהאָלפן גרינדן אין ווילנע א דריי־קלאַסיקע גימנאַזיע פאַר יידישע קינדער און איז דערפאַר באַערט געוואָרן מיט א מעדאַל פון דער רעגירונג אין פּעטערבורג. צוזאַמען מיט דעם וואַרשעווער משכיל און גביר דוד טעביל טעפּליץ, האָט ער פינאַנסירט די אויסגאַבע פון דעם תנ"ך מיט משה מענדעלסאָנס „ביאור".

זיין הויז אין ווילנע, איז געווען א צענטער פאַר יידישע און נישט־יידישע אינטעליגענץ. זיין זון יודל האָט ער געגעבן א מאָדערנע דערציאונג און געהאַלטן אַלס לערער פאַר אים די באַרימטע ווילנער משכילים, ווי ר' שמואל יוסף פין און דעם העברעאישן שריפטשטעלער טריוואוש. פאַר זיין בר־מצוה, האָט דער קליינער יודל אָנגעשריבן א קליינעם העפט מיט העברעאישע שירים, וואָס האָט אויפגעשטורעמט די משכילישע קרייזן אין ווילנע; און דער גרעסטער העברעאישער שריפטשטעלער דעמאָלט, גינצבורג, האָט געשריבן א בריוו צו זיין טייערן פריינד און משכיל יהודה קלאצקא, אין וועלכן ער דריקט אים אויס אָנערקענונג, פאַר זיין אינטערעס אין דער העברעאישער ליטעראַטור און

זאָגט, אז איצט קען ער רו־איק אוועקלייגן די פען, ווייסנדיק אז ער לאָזט איבער אזא יורש.

ווען יודל איז אלט געוואָרן 12 יאָר, האָט ער אויך ארויסגעגעבן א ביכל מיט פוילישע לידער א. נ. „מאָיא פיערוושא אָפיארא", וואָס האָט ארויסגע־רופן די גרויסע אנטציקונג פון דעם העברעאישן דיכטער שלמה זאלקינד, וועלכער האָט לכּבוד דעם געוווּנדערטע א שיר דעם יונגן פּאָעט.

לײדער האָט די ריכטונג פון דער בערלינער השׂכּלה, וואָס האָט אין עצם געזוכט צו דערווייטערן די יידן פון זייער מקור און זיי אסימילירן מיט די נישט־יידישע שכנים — גובר געווען די ווילנער און גאַליציאַנישע השׂכּלה, וואָס איז אין תוכן אויסן געווען בלויז צו פאַרוועלטלעכן די יידן, אָבער נישט זייער אויסמישן זיך מיט די נישט־יידן. דער קליינער קלאצקא איז אוועק ביז צום אסימילאַטאָרישן עקסטרעם. ער האָט זיך אלץ מער און מער איבערגעגנו־מען מיט דער פוילישער ליטעראַטור, אויף אזוי ווייט, ביז ער האָט זיך גע־שמדט און געוואָרן אן אייפערדיקער קאַטאָליק און זיך געפירט ווי א פוילישער פּריץ, אין אלע זיינע באַנעמונגען. ער איז געוואָרן איינער פון די אָנערקענט־סטע פוילישע דיכטער און שריפטשטעלער. ווען נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך מיט אים באַגעגנט, ווען ער איז שוין געווען אלט, אין קראָקע און זיך מיט אים צעשמועסט וועגן זיין יוגנט, יידישקייט און העברעאישן וויסן, איז דאָס אלץ געווען פאַר אים כּמעט אינגאַנצן פאַרגעסן. קלאצקא איז טאַקע געוואָרן דורך און דורך א קאַטוילישער פּאָלאַק (77).

עס איז פריקרע דער פאַרגלייך, אויף ווי ווייט עס איז געווען דער מרחק צווישן אים און זיין זיידן ר׳ ארוש מינץ, פאַר וועמען די חסידים זיינען נישט געווען גענוג פרום און כּשר; און ער האָט אזש פאַרבאָטן צו פאַרדינגען א הויז פון זיינע אייגנטומס פאַר א חסידישן מנין....

5. — ר׳ יהודה לייב מינץ; געשטאָרבן אין מעזריטש אין תרכ"ב (1862).

אין דער וואַרשעווער „הצפירה" איז געווען אָפּגעדרוקט א לענגערע קאָ־רעספּאָנדענץ פון מעזריטש, ווי עס ווערט איבערגעגעבן וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט, וואָס די שטאָט האָט געליטן מיט זיין טויט. עס ווערט דאָרט דער־ציילט, אז נישט געקוקט אויף זיין גרויס עשירות און עסקים, איז ער תּמיד געזעסן אין געלערנט; און ער האָט אויך פאַרמאָגט א זייער רייכע ביבליאָטעק. ער איז געשטאָרבן פּלוצים, שבת פּרשת פּקודי, אין עלטער פון קרוב 60 יאָר.

6. — ר׳ מנחם נחום מינץ. ער איז געשטאָרבן אין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט זיך באַזעצט. מאַגיסטער שמואל מינץ איז געווען זיין אייניקל.

7. — חנה, די פרוי פון דעם ווילנער חשוב ר׳ אורי צבי גינצבורג (זע, ווייטער וועגן אים).

8. — צנה גאָלדע; זי האָט חתונה געהאַט פאַר דעם גרויסן למדן אליעזר לאַנדא.

9. — טויבע לאה; זי איז געווען די פרוי פון דעם אויבנדערמאָנטן ווילנער עושר און עסקן ר׳ שמואל יהודה קלאצקא. (הפנים, אז זי איז געווען זיין צווייטע פרוי, וואָרום איר ברודער הירש איז דאָך געווען שמואל יהודהס איי־דעם).

ר׳ ארושעס זון, אלכסנדר זיסקינד מינץ פון בראָד, האָט געהאט א באַ־רימטן זון. זיין נאָמען איז געווען ר׳ מאיר מינץ. ער איז געווען אי א גרויסער למדן און אי א באדייטנדיקער געלערנטער. ער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיינע שריפטן אין דייטש, ווי „איין ווארט צור צייט״ (לעמבערג, 1848) און זיין צוווייט בוך „לעלעוועל קאמפף פיר רעכט אונד ווארהייט אונד די יודען פיינדע״ אין וועלכע ער האָט שטארק אָנגעגריפן די אנטיסעמיטן. צוליב זיין אָנזען אין לעמבערג, האָט אים די קהילה אויסגעקליבן אלס איר פרנס. ער איז געווען א שטארק רעליגיעזער ייד און ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן אים מספּיד געווען די בארימטסטע רבנים און געלערנטע, צווישן זיי דער לעמבערגער רב, ר׳ שאול נאטאנזאָן.

דער סדר־היוחסין פון מאגיסטער מינץ שטימט נישט, אין געוויסע פרטים, מיט די, וואָס ווערן איבערגעגעבן פון הלל מגיד שטיינשניידער, אין זיין אויבנדערמאָנטן „עיר ווילנא״.

לויט מגיד שטיינשניידער, איז אורי בער גינצבורג געווען אן איידעם פון „הרב הגדול ר׳ אלכסנדר זיסקינד מינץ״ און ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן, האָט ער חתונה געהאט מיט איר מומען, צינא גאָלדע, ר׳ ארושעס טאָכטער. לויט מאגיסטער מינץ, איז ר׳ אורי בער געווען דער מאן פון ר׳ ארושעס טאָכ־טער חנה, בעת צינא גאָלדע איז געווען ר׳ אליעזר לאנדאָס ווייב. פון זיין ערשטער פרוי האָט אורי בער געבוירן א זון, ווֶעמען ער האָט א נאָמען גע־געבן אריה לייב, נאָך זיין בארימטן פאָטער און פון זיין צווייטער פרוי, צינא גאָלדען, האָט ער געהאט א זון מתתיהו, נאָך זיין זיידן. אינטערעסאנט, אז אויך צינא גאָלדע האָט געהאט צוויי מענער. מאגיסטער מינץ דערקלערט, אז ווען צינא גאָלדעס מאן, לאנדאָ איז געשטאָרבן, איז זי געוואָרן די פרוי פון דעם בארימטן גאון ר׳ יהושע מארשאלקאָוויטש פון דובנע (זע, „עיר דובנא ורבניה״ פון פנחס פעסים — קראָקע, תרס״ב, 1862 — וועגן דער משפחה מארשאלקאָוויטש. דער שטאם־פאָטער פון דער משפחה איז געווען פרנס־המדינה, וועמען מען פלעגט אין אמאָליקן פוילן רופן מארשאלעק).

ר׳ אורי בער גינצבורג האָט חתונה געהאט א דריט מאָל, ווען זיין צווייטע פרוי איז אים געשטאָרבן. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם בארימטן סטריער רב, ר׳ ענזיל, וועלכער האָט זיך בארימט געמאכט נישט נאָר מיט זיין גאונות, נאָר אויך מיט זיין קאמף קעגן חסידיזם. איר נאָמען איז געווען רבקה און זי איז געווען שטארק געאכטעט אין מעזריטש. ר׳ אורי בער האָט געטאָן גרויסע יחוס־שידוכים מיט זיינע קינדער. זיין עלטסטער זון האָט חתונה געהאט מיט

דער טאָכטער פון דעם גרויסן עושר און חשוב, ר׳ משה יצחק לעווין, פון קארלין. זיינע אנדערע מחותנים זיינען געווען: הרב ר׳ מאיר זוסמאן פון אָסטרא; ר׳ מרדכי זאב איטינגא הלוי, לעמבערגער רב. זיין טאָכטער חנה, האָט חתונה געהאט פאר ר׳ טוביה גינצבורג *), אן איינ‌יקל פון ר׳ אורי בער; ר׳ שאול פאפירנע פון פאריטש (ער איז געווען ר׳ שמעון פאפירנעס פאָטער); מיט זיין שוואָגער, ר׳ אלכסנדר זיסקינד מינץ פון בראָד (לויט מגיד שטיינ־שניידער, איז ער געווען דער שווער פון זיין ערשטן זיווג); ר׳ יצחק לאנדאָ, ווילנער שטאָט־מגיד (מעגלעך, אז די גיטל לאנדאָ, וועלכע האָט איבערגעלאָזט עטלעכע מיערן אויף עולמות, איז געווען זיין פרוי). ר׳ לייבל האלפערין, איי־נער פון די פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון בריסק; ר׳ שלמה ראָזענצוויג, איי־נער פון די שענסטע יידן אין מעזריטש און דער גרויסער גביר און עסקן ר׳ יידל אפּאטאָוו פון ווילנע, וועמענס זון, צבי הירש, האָט גענומען ר׳ טוביה גינצבורגס טאָכטער.

ר׳ אורי בער גינצבורג איז נפטר געוואָרן שבת, 23 אין אייר תרי״ט (1859). אין „הצפירה״ איז געווען אָפּגעדרוקט א גרויסע קאָרעספּאָנדענץ פון מעזריטש, וואָס באשרייבט דעם רושם וואָס זיין פטירה האָט געמאכט אויף די שטאָט־מענטשן. מיר לייענען צווישן אנדערעס:

„ביי אונדז איז געשטאָרבן א איש נכבד און מפורסם, הרב הגביר ירא־אלקים פון די מיוחסים פון ווילנע, א גרויסער בעל־צדקה און נאָבעלער מאן ר׳ אורי בער גינצבורג. נישט געקוקט אויף זיין גרויס עשירות, האָט ער תמיד געלערנט, און ווען די הצלחה האָט זיך פון אים אָפּגעטון און זיין איינציקע שטיצע איז געקומען פון די קינדער, האָט ער געטאָן א סך מיט יעדן נויטבאַ־דערפטיקן און ער איז געווען פרעזעס פון אונדזער שפּיטאָל. פאַריקן ווינטער, איז געשטאָרבן זיין געלערנטע פרוי רבקה, די טאָכטער פון דעם בארימטן גאון ר׳ ענזיל, רב אין סטרי. איצט איז ער מער נישטאָ. אין טאָג פון דער לויה, האָט מען געשלאָסן אלע געשעפטן א האלבן טאָג לכבוד דעם נפטר. דער בארימטער גאון ר׳ רפאל יום טוב ליפּמאן הײלפּערין (געוועזענער רב אין מעזריטש. — מ. ע.) איז ספּעציעל געקומען פון ביאַליסטאָק מספּיד צו זיין דעם נפטר״.

ר׳ אורי בער האָט אליין צוגעגרייט דעם נוסח פון דער מצבה וואָס זאָל געשטעלט ווערן אויף זיין קבר נאָך זיין טויט. די מצבה האָט זיך געלייענט:

**פ״נ**

**איש יודע ספר אוהב צדקות, בר אבהן, אהוב ונוח לבריות,**
**שלשלת היוחסין, אורי דוב בער בן הצדיק הרב הגדול מו׳ ארי׳**
**ליב ז״ל פייגעס מווילנא״.**

*) ער איז געווען פון די ראשי־הקהילה.

63.— היום ו׳ עש״ק כ״ד אלול תקצג״ל (1833) נפלה עטרת ראשינו ושבק לן חיים ה״ה הרב החריף מוהר״ר מנחם מאניס סג״ל *).

64.— יום ו׳ טו״ב אדר שני תקצד״ל (1834) נפטר הרבני המופלג מהות״ר זאב וואלף בהרב מוהר״ר אברהם ז״ק האבד״ק קאדני.

65.— אשה יראת ה׳ היא תתהלל כפה פרשה לעני וידי׳ שלחה לאביון הצדקנית המפורסמת מרת רבקה אשת הרב המנוח מ׳ אהרן מינץ, ונפטרה יום ו׳ ב׳ דפסח תקצד״ל (1834).

פרידמאן באמערקט, אז זי איז געווען ר׳ ארושעס ווייב און זי האט גע־האלפן איר מאן אויסבויען די „גן־עדן־קלייטלעך", וואס זיי האבן אפגעזאגט אויף עולמות.

לויט מאגיסטער מינץ, איר אור־אייניקל, האט זי געשטאמט פון ר׳ דוד לידאס משפחה. מיר ווייסן שוין (זע, פאראגראף 26), אז ר׳ דוד לידאס טאכ־טער שפרינצא, האט געלעבט אין מעזריטש. זי איז מעגלעך געווען אירער אן אייניקל אדער אור־אייניקל.

66.— על זה דוה לבנו ונחשכו עינינו על פטירת רך בשנים ולא פסק פומי׳ מגירסא ה״ה מוהר״ר שמעון בהמנוח מ״ה צבי הירש בש״ק כ״ה ימים בחודש שבט שנת תקצוא״ו (1836).

67.— בליל ש״ק הנ״ל נפטר המופלג רך בשנים ועוסק יום ולילה בתורת ה׳ וגם בגמילת־חסדים ובהכנסת־אורחים מוהר״ר אברהם יצחק במ׳ בנימין שהי׳ חתן ר׳ אייזיק בר״מ.

פרידמאן באמערקט, אז דאס ווארט הנ״ל, באציט זיך נישט אויפן פא־ראגראף 66, נאר אויף א צווייטער פארצייכעניש פון י״א ימים בחודש מנחם אב תקצ״ז (1837). ווי מיר האבן שוין באמערקט, האט ר׳ מאטל פרידמאן נישט פארצייכנט אלע פארשנארבענע, לויטן סדר ווי זיי זיינען געווען פאר־שריבן אין דעם פנקס פון דער חברה־קדישא; ער האט בלויז געמאכט א סע־לעקציע לויט זיין אייגענעם איינזען.

68.— על זה דוה לבנו נפלה עטרת ראשינו ביום א׳ שנים עשר יום בחודש מנחם (אב) נפטר התורני מוהר״ר גדליה במהור״ר יצחק שהי׳ חתן הצדיק המנוח מוהר״ר הירש חיים שנפטר בארץ הקדו־שה בארץ־ישראל. (זאל עס זיין ר׳ הירש חיים ראזענצווייג, וועל־כער האט אויסגעבויט דאס בית־המדרש? — מ. ע.).

69.— ביום א׳ י״ג ניסן תקצחי״ת (1838) נפטר איש צדיק וישר העוסק מנעוריו בעבודת ה׳ באמונה מוהר״ר מרדכי במהור״ר שמשון ז״ל.

*) זע וועגן אים אין קאפיטל „מעזריטשער דיינים".

70.— ביום ש"ק כ"ז ימים בה' אייר תר"ג (1843) לפ"ק נפטרה האשה זקנה ממשפחה מיוחסת ושמה מרת בילא בת המנוח מו"ה מאיר מק"ק וואלטשין אחותה של הנגידה מ' פייא שהיתה אשת הרבני מו"ה עזריאל זעליג כמ"ץ ממעזריטש כמה שנים.

פרידמאַן באַמערקט: „דאָס וואָרט כמ"ץ שיינט צו זיין א ראשי־תיבות פון כמורה צדק. ער פלעגט עוסק זיין אין כלל־ענינים זיי זאָלן געטאָן ווערן כדין. די צוויי שוועסטער, בילא און פייא, זיינען עלטער־מומעס פון מיין פאָטער ז"ל".

71.— ביום ד' ב' ר"ח מרחשון נפטר ה"ה רך בשנים צנא מלא ספרי מו"ה ירוחם פישל במו"ה חיים מק"ק שטוצין, חתנו של הרב הדייק מו"ה אלי' בהרב הגאון מו"ה נחמן אשר הי' רב פק"ק מעזריטש, ור' פישל הנ"ל הוא נכד של הרבני מו"ה צבי הירש בלומקעס מק"ק ביאלא שנת תר"ד (1844) לפ"ק.

72.— אשה יראת ה' היא תתהלל כפה פרשה לעני וידי' שלחה לאביון, ה"ה האשה הצדקנית המפורסמת בת גדולים מ' שרה אשת המאוה"ג מ' אפרים אליעזר צבי חרל"פ הרב דפה מעזריטש; נפטרה ביום ד' כ"ו לחודש אייר תד"ר (1844) לפ"ק ונקברה בו ביום.

73.— יום ג' ב' שבט (תר"ז—1847) נפטר איש ת"וי הולך בדרך תמים לא פסק פומי' מגירסא ר' חיים טוביה בר' שלמה צירלס.

74.— יום ד י"ב אייר נפטר המופלג בתורה ר' ברוך מסמיטיץ (סעמיאַטיטש) נעשה ס"נ (סגי נהור — בלינד) יו"ד שנים קודם מותו והי' עוסק בתורה ולמד עם תלמידים בע"פ עד יום מותו. (ר' ברוך איז בלינד געוואָרן 10 יאָר פאַר זיין טויט און ער האָט געלערנט אויף אויסנווייניק מיט זיינע תלמידים).

75.— יום ה' ט"ז טבת (תר"ח — 1848) נפטר הישיש מו"ה עזריאל זעליג (דער מאַן פון דער אויבנדערמאָנטער פרוי בילא, זע פּאַראַגראַף 70) בן הקדוש מ' צבי הירש שהי' עוסק כל ימיו בצרכי צבור ונקבר בו ביום.

(סיי דער כראָניקער און סיי פרידמאַן דערציילן נישט, פאַרוואָס דער צבי הירש ווערט גערופן „קדוש". עס קען נישט זיין דערפאַר וואָס ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, וואָרום עס וואָלט געדאַרפט זיין געשריבן הי"ד — גאָט זאָל זיך נוקם זיין פאַר זיין בלוט. אפשר האָט מען אים גערופן קדוש צוליב זיין הייליקן לעבנסשטייגער).

76.— יום ב' כ"ד אדר נפטר הישיש החריף מופלג בתורה מוהר"ר יצחק הלוי שהי' נקרא ר' איצלי יאַייוער.

פרידמאַן באַמערקט, אז ער האָט געהערט נאָכדערציילן שבחים אויפן נפטר.

77.— על זה דוה לבנו נפלה עטרת ראשינו הרב הגאון מו׳ אליעזר אפרים צבי חרל״פ זללה״ה מטיקטין שהי׳ אב״ד דקהילתנו י״ז שנים; נפטר בליל ה׳ ה׳ אלול תר״ט (1849) לפ״ק *).

78.— יום ה׳ ד׳ דכסלו (תרי״ב — 1852) נפטר ראש־הישיבה. (ס׳וועדט נישט אָנגעגעבן זיין נאָמען און מער דאַטן).

79.— על זה דוה לבנו על פטירת ה״ה הרבני המופלג הח״וב (חריף ובקי) מו״ה שרגא פייבול במו״ה שמואל הנקרא בפי כל פייבול ליקאוויסקער; נפטר ביום א׳ כ״ו אדר תרי״ג (1853) לפ״ק.

80.— על אלה אני בוכי׳ על פטירת ר׳ יאקיל חישעס שהי׳ דיין כמה שנים; שנפטר יום ש״ק כ״ג טבת תרי״ח (1858).

81.— יום ב׳ ט״ז תמוז נפטר ר׳ יעקל בר׳ צ״ז פישביין.

פרידמאַן באַמערקט: ער איז געווען רב אין פישטאָץ (פישטשאַטש) נעבן מעזריטש. מען האָט אים קובר געווען לעבן ר׳ אליעזר חרל״פ ז״ל.

82.— ביום ג׳ ב׳ דחוה״מ סוכות (תרכ״ו—1866) נפטרה האשה הזקינה חמות הרב הגאון דפה (ר׳ שמחה שמואלם שוויגער).

83.—הגאוז הגדול החו״ב המפורסם ר׳ שמחה שמואל אבדפ״ק מעזריטש. מ״כ (מנוחתו כבוד) י״ב מנ״א (מנחם אב) תרכ״ז (1867) **).

84.— ביום ג׳ אדר תרכ״ח (1868) נפטר הצדיק המופלג הרב ר׳ אלי׳ בהרב הגאון ר׳ נחמן זצללה״ה.

85.— ביום ג׳ ב׳ דר״ה (ראש השנה) שנת תר״ל (1870) נטלה מאתנו עטרת ראשינו ה״ה ירא (ירא אלקים) הרבני הח״וב דיין דפה ר׳ ברכיה בר׳ יצחק כ״ץ זלה״ה.

86.— ביום א׳ כ״ב טבת נפטרה האשה המיוחסת גאלדא בת המנוח המפורסם החו״ב ר׳ לייבקע שהיו קוראין אותו בחייו ר׳ לייבקע דעם רבס, תר״ל (1870).

87.— יום ו׳ עש״ק ה׳ אדר ב׳ תרל״ב (1872) נפטר הרבני החשוב המופלג אשר הי׳ מנכבדי עירנו דפה ושמו ר׳ זונדיל חנוך בר׳ יוסף; נפטר בווילנא וחבל על דאבדין.

עס איז דאָ נישט קלאָר, צי דער נפטר איז געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל אין ווילנע אָדער מעזריטש. דער נפטר, איז געווען א זון פון דעם גרויסן מעזריטשער חשוב ר׳ יוסף זילבערשטראַם, וועלכער איז געווען, לויט מאַגיסטער מינץ, אן איידעם פון ר׳ ארוש מינץ.

*) אין די קאַפּיטלען „מתנגדים און חסידים״ און „מעזריטשער רבנים״ שרייבן מיר באריכות וועגן ר׳ לייזער חרל״פ.

**) זע וועגן אים אין קאַפּיטל „מעזריטשער רבנים״.

88.— יום ו׳ עש״ק י״א ניסן נפטר איש יקר מופלג חסיד ועניו הרבני ישראל במו״ה שמואל חאוועס. (הפנים אין 1872).

89.— בו ביום (כ״ב אלול תרל״ב — 1872) נפטר איש נכבד ויקר למדן מופלג מגיד מנורת המאור לפני רבים מ׳ ר׳ זאב במ׳ פתחי׳ אליעזר הלוי.

פרידמאן באמערקט: „ער איז געווען באקאנט אלס ר׳ וואָווע מגיד״.

90.— בו ביום (כ״ד מנ״א תרל״ג — 1873)) נפטר האברך המופלג ר׳ יהושע פאליג במ״ר שמואל הלוי חתן ר׳ יוסקע בנציונס מחלירע.

(דאָס איז דער דריטער פאל פון א קרבן פון דער כאָלערע־עפידעמיע, וואָס איז פארצייכנט אין פנקס).

91.— על זה דוה לבנו זאת בזכרנו שאבד מעירנו האברך הנפטר בשם טוב ביום ה׳ כ״ח מנ״א מ׳ ר׳ יעקב במ׳ יצחק, כל ימיו עסק בתורה ובגמ״ח ודורש טובות העניים ואביונים עליו סמכו ובזיעת אפיו הישיבות תמכו וחבל על דאבדין, מחלירע.

פרידמאן באמערקט: „ער פלעגט אויך מיט מיר האָבן א שיעור איעדן טאָג זייער פרי אין מיין הויז. ער איז געווען מפורסם אלס ר׳ יעקב דער פרומער״.

92.— בו ביום (ג׳ אלול) זאת בזכרנו תסמר שערת בשרנו שני שושני חמד מבית מדרשנו חותן וחתנו ביום אחד נפטר הרבני המופלג עוסק בתורה ובגמ״ח וצדקה בישראל עשה מ׳ שבתי במ״ר יהודה מחלירע.

93.— וחתנו האברך המופלג בתורה יושב ועוסק יומם ולילה בתורה יהו־דה במ׳ גדלי׳ הכהן מחלירע.

(ווי מיר זעען, זיינען שווער און איידעם געשטאָרבן אין זעלבן טאָג פון דער כאָלערע).

94.— בו בשבת (ז׳ אלול) נפטר הרבני המופלג החסיד שמואל יצחק מלמד בן הרב החסיד אבד״ק נאָווידוואָר.

95.— בו ביום (י׳ אלול) נפטר איש תם וישר צדיק ועוסק בתורה ר׳ משה בר׳ אברהם יצחק הנקרא ר׳ משה קאהוואיל (קאָוואָל?).

96.— ביום ב׳ ט״ז אלול נפטרה האשה החשובה המפורסמת מרת חנה רחל אשת ר׳ משה ד״צ (דיין צדק) דפה.

(ווי מיר זעען, זיינען די לעצטע דריי טויט־פאלן נישט צוגעשריבן גע־וואָרן צו דער עפידעמיע. כאָטש זיי זיינען פאָרגעקומען אין זעלבן חודש פונעם זעלביקן יאָר).

97.— בליל השייך ליום ב׳ כ״ב אדר ב׳ (תרל״ה — 1875) נפטר איש נכבד ויקר מופלג בתורה חו״ב ויחסן גדול ר׳ שלמה בר׳ (יצחק הכהן, ונקרא בחייו ר׳ שלמה ראדזימינער.

פרידמאן באמערקט: „ער איז הרב הגאון המפורסם ר' שלמה יצחק הכהן ז"ל, מחבר פון ספר „יד של שלמה", חידושי ש"ס ושולחן ערוך". ווי עס שיינט, איז דער חיבור ארויס נאָר אין איין חלק, נעמלעך אויף בבא קמא און בבא מציעא. פון דעם שער־בלאט צו זיין ספר, ווייסן מיר, אז ער האָט געהאט פארטיק צום דרוק א חיבור אויף ניין מסכתות; וואָרום, ער שרייבט דאָרט אזוי: „את אשר כתבתי והדשתי בדרך פשט ופלפול על תשעה מסכתות זה יצא ראשונה".

ר' שלמה הכהן גיט אָן אין זיין ספר דעם גרויסן יחוס פון ר' שלמה ראַד־זימינער. ער שרייבט אזוי: „אני הצעיר שבתלמידים שלמה בהרב... מוהר"ר יצחק הכהן ממעזריטש בן הרב הגאון המאו"הג מהור"ר שלמה הכהן אב"ד דק"ק לאסק ומנוחת כבוד בק"ק ברעזא בהרב הגאון הגדול החריף המפורסם מוהר"ר אהרן הכהן אב"ד דק"ק לבוב (לעמבערג) ומנוחתו כבוד בק"ק ראזנאי (רוזשאנאי) התן הרב הגאון איש אלקי... מוהר"ר יהודא יודיל אב"ד דק"ק קאוולע בעהמ"ח ספר קול יהודה אבאה דארבעה אחים הא' הרב המפורסם... מוהר"ר יוסף יאסקי אב"ד דק"ק דובנא רבתא בעהמ"ח ספר יסוד יוסף ושארי חיבורים (דאכט זיך, אז ער איז געווען דער שווער פון דעם מעזריטשער רב ר' עוזר, זון פון ר' אבישל פראנקפורטער) והשני הרב... מוהר"ר משה זאב אב"ד דק"ק מינסק, והשלישי הרב... ארי' ליב אב"ד דק"ק סלוצק, והרביעי הרב... משה אב"ד דק"ק פינסק ויחוסו הולך עד התנא ר' יהודא הנשיא. ואבי מצד האם היא נכד הגאון... מו"ה יחיאל אב"ד דק"ק מינסק בעהמ"ח סדר הדורות ושארי החיבורים נכד... מהר"ל (פון פראַג) נכד... רש"י ז"ל ויחוסו הולך עד התנא ר' יוחנן הסנדלר שהוא דור רביעי לר' גמליאל הזקן".

וואָס ער האָט געטאָן אין מעזריטש, איז נישט קלאָר. פון דער הסכמה, וואָס דער מעזריטשער רב, ר' שמחה שמואל האָט אים געגעבן, איז צו זען, אז ער איז פריער געווען דיין אין טיקטין. פון זיין הקדמה דערוויסן מיר זיך, אז ער איז געווען אן אָרעמאַן. דער ספר איז ארויס אין ווארשע אין יאָר תרנ"ט — 1899.

98. — **ביום ב' כ"ח תשרי** (תרל"ז — 1877), **איש יקר מופלג בתורה ירא אלקים מ' זאב דוב במ"ר זושע.**

פרידמאן שרייבט: ער איז געווען דער עלטער שווער פון הרה"ג המפור־סם... ר' ברוך מאיר... זון פון דעם באקאַנטן צדיק ר' שלום מנשה ז"ל (דיין) פון בריסק. (מן הסתם דער באקאַנטער „מזרחי"־פירער, ר' ברוך מאיר ראָזענ־בלום, וועלכער האָט געשפילט א באדייטנדיקע ראָלע אין דער גרינדונג פון יסוד־המעלה).

99. — **במוש"ק ו' ניסן** (תרל"ט — 1879) **נפטר הרבני המופלג ונכבד מאוד ר' בנימין במ"ר ר' יעקיל זצ"ל מ"צ דפה.**

100.— ביום ד׳ י״ג טבת (תרמ״ב — 1882) נפטר איש נכבד מאוד ר׳ בנימין מ״ה החריף ר׳ יעקיל זצ״ל מ״צ דפה. (דער אויבנדער־מאנטער ר׳ יעקיל).

101.— ביום א׳ בפורים נפטר איש נכבד ויקר הרב החריף המופלג חכמתו ותורתו נודע למרחק עוסק בתורה ועבודה מ״ר זעליג בר׳ נתן *) וחבל על דאבדין ונספד כהלכה בו ביום.

פרידמאן גיט צו: „ער איז דער באוווסטער גאון ר׳ זעליג אייזנשטיין ז״ל. ער פלעגט תמיד לערנען דעם אלפסי. איך האב געהערט אז מ׳האט אים געוואלט אויפנעמען פאר רב אין שטאט, אבער ער האט נישט געוואלט ווערן רב. ער ז״ל, איז געווען דער גרינדער פון דעם גרויסן בית־המדרש ביי אונדז און איז געווען דער פירער דארט״.

עס איז א חידוש, אז ר׳ מאטל האט נישט געוווסט פון דעם חרם, וואס איז ארויסגעגעבן געווארן אין יאר תקמ״ו (1786), וועלכער האט פארבאטן אויפצונעמען —אויף אייביק— אלס רב א מעזריטשער, אדער א מעזריטשער איידעם צי א קרוב. ר׳ זעליג אייזנשטיין, האט לויט דער תקנה, נישט געקענט ווערן קיין רב אין מעזריטש. ר׳ זעליג איז —ווי עס האט מיר דערציילט זיין אייניקל, דער גרויסער געלערנטער און זקן, ד״ר יהודה אייזנשטיין, דער בעל אוצר־ישראל פון ניו־יארק— געווען אן אנגעשטעלטער אין א מיל, פון וואס ער האט זיך דערנערט. אמאל האט ער געהאט די קאנצעסיע פון ארויסגעבן געלט־קוויטלעך; נאר געוויסע מענטשן האבן ארויסגעלאזט פאלשע קוויטלעך, און דאס האט אים געברענגט גרויסע פארלוסטן; אין כאטש ער האט געוווסט, ווער די פעלשער זיינען געווען, האט ער נישט געוואלט זיי לאזן ארעסטירן און ער האט זיך שפעטער אפגעזאגט פון דער קאנצעסיע.

102.— ביום ג׳ ז׳ אלול נפטר בשם טוב הרבני המופלג כל ימיו עסק בתורה ועבודה וגמ״ח (וגמילת חסדים) כש״מ (כבוד שמו מורנו) סענדיר בר׳ גדלי׳ ז״ל רוזינצווייג והבל על דאבדין.

פרידמאן באמערקט: „ער האט איבערגעלאזט א מויער אויף עולמות און פון דער הכנסה האלט מען אוים ר׳ הערש־חיימס בית־המדרש (אויך גערופן ר׳ סענדערס בית־המדרש. — מ. ע.). זיין פרוי גאלדע, איז געווען די טאכטער פון בארימטן ווארשעווער רב ר׳ חיים דאווידזאן״.

103.— בש״ק כ״ו ניסן (תרמ״ה — 1885) נפטר איש זקן תו״י (תורני ויירא אלקים) יושב אהל שוקד בתורה כל ימיו הרבני המופלג יקר ונכבד מ׳ מתתיהו בר׳ מאיר הכהן חבל על דאבדין.

104.— מוש״ק ג׳ אייר נפטר איש זקן נכבד ויקר הרבני אהרן במ״ר יצחק הכהן שמש דבה״מ הגדול דפ״ק.

---

*) ער איז געווען א מיטגליד פון דער קהילה־פארוואלטונג.

פרידמאן שרייבט: „ער איז געווען א גרויסער מדקדק אין מצוות. אפילו ווען ער איז געווען פארנומען, צווישן מנחה ומעריב, פלעגט ער עטלעכע מינוט פאר מעריב זיך זעצן אויף זיין שטענדיקן ארט און לערנען. ער פלעגט זאגן, אז אפילו איין ווארט תורה אויפן שטענדיקן פלאץ איז א מצוה".

105.— **על זה דוה לבנו שנלקח בעירנו עטרת ראשינו ה״ה האברך היקר המופלג החו״ב כל ימיו ולילות עסק בתורה ועבודה צדיק ועניו נח נפשו בכ״ז ניסן (תרמ״ו — 1886) ונספד כהלכה שנקרא בשם ר׳ העשיל החתן ר׳ שמעון פאפירנא.**

ר׳ העשיל האט געשטאמט פון דער בארימטער מארשאלקאוויטש־משפחה פון דובנע. זיינע חידושים ווערן דערמאנט אין ספר „עזרת ישראל", פון דעם מעזריטשער רב, ר׳ ישראל איסר שפירא און אין „היכלי שן", פון דעם קלעצקער רב, ר׳ שלום הוב.

106.— **ביום ג׳ שבעה עשר בתמוז נפטר איש נכבד ויקר כל ימיו עסק בתורה ועבודה הרבני המופלג מ׳ שמואל חיים בר׳ חנוך מטשעכינאווצע.**

פרידמאן שרייבט: „ער איז געווען באקאנט אלס טשעכינאווצער מלמד" לויט דעם „דעת קדושים" (ז. 40), איז ער געווען א פארוואנדטער פון דעם מעזריטשער דיין ברכיה הכהן, שטאמענדיק פון דער זעלבער בכרך־משפחה און פון ר׳ יוסף זילבערשטראם, ר׳ ארושעס איידעם.

107.— **ביום ג׳ ניסן (תרמ״ח — 1888) נפטר איש יקר חסיד כל ימיו עסק בתורה ועבודה מופלג מ׳ מאטיל חתן ר׳ הירש חסיד ז״ל מבריקז.**

108.— **ביום ה׳ ח׳ אדר א׳ (תרנ״א — 1891) נפטר איש זקן נכבד ויקר כל ימיו עסק בתורה מ׳ ר׳ זלמן הנקרא ר׳ זלמן בר׳ חיים שמשענס.**

109.— **ביום ב׳ כ״ח תמוז נפטר איש זקן נכבד יקר הרבני המופלג ח״וב כל ימיו הי׳ עוסק בתורה ועבודה ובצרכי צבור מ׳ ברוך בענדיט בר׳ דוד וחבל על דאבדין.**

פרידמאן באמערקט: „הרה״ג ר׳ ברוך בענדיט בארג איז געווען א תלמיד פון דעם גאון וצדיק ר׳ יהושע ז״ל, רב אין קוטנא". אויך ער איז א זיידע פון דעם מעזריטשער בן־עיר, ד״ר יהודה אייזנשטיין.

110.— **ביום ג׳ כ״ה תשרי (תרנ״ב — 1892) נפטר ר׳ גדלי׳ שטייערמאן מן ברוז (ברויז) *).**

פרידמאן שרייבט וועגן אים: „זאל ער דערמאנט ווערן צום גוטנס. ער האט איבערגעלאזט 24 טויזנט רובל אלס היפאטעק אויף זיין מויער אין וואר־

*) מיטגליד פון דער קהילה־פארוואלטונג

שע פאר ע׳לטות־צוועקן אין מעזריטש. דער היפּאָטעק ברענגט אריין 5 פּראָ־צענט. יעדעס יאָר דארף מעזריטש באקומען 1.000 רובל. זיין פארלאנג איז געוועז, אז די גאנצע 1.000 רובל זאָלן גיין פאר דער תלמוד־תורה; ווייל ער האָט געזאָגט: „ת״ת כנגד כולם״. און מיט גרויסע שוועריקייטן, האָט דער רב ר׳ ישראל איסר און נאָך בעלי־בתים געפּועלט, מ׳זאָל זיי געבן רשות אראָפּ־צונעמען א טייל געלט פאר אנדערע צדקות. אן ענלעכע סומע, האָט ער אָפּ־געזאָגט אויך פאר ווארשע. נאָר די יורשים זיינען מושווה געוואָרן מיטן ווארשעווער קהל און זיי האָבן זיי געגעבן אן איינמאָליקע סומע״.

111. — בש״ק ו׳ אדר נפטרה אשה חשובה פראדיל שהיתה אשת הר׳ שמואל מ״ץ.

פרידמאן באמערקט: „זי איז געוועז א געלערנטע און האָט פארשטאנען וואָס זי ראוונט״.

112. — ביום א׳ ד׳ דחו״המ פסח נפטרה הרבנית הזקינה וחשובה מרת מרים אשת הרב הגאון הגדול ר׳ שמחה שמואל זצ״ל (מעזרי־טשער רב).

113. — בש״ק כ״ט מרחשון (תרנ״ג — 1893) נפטר ר׳ אייזיק בהרב ר׳ לייזער חרל״פ.

114. — ביום ו׳ עש״ק עשרה בשבט נפטר איש יקר ונכבד חסיד ר׳ יצחק צבי בר׳ יעקב ז״ל שהי׳ כמה שנים גבאי דח״ק.

פרידמאן דערציילט: „ער פלעגט זיין שטארק נזהר אין טבילה. האָט אים דער אייבערשטער אָפּגעצאָלט מידה כנגד מידה. וואָרום ער איז נפטר געוואָרן ערב שבת און איז באערדיקט געוואָרן נאָענט צום פינצטער־ווערן, זיינען דער־פאר אלע זיינע מלווים געוועזן געטובלטע יידן לכבוד שבת. ענלעכעס האָט פּאסירט מיט אן איש חסיד, וועלכער פלעגט זיך נוהג זיין אהיימצוגיין פון בית־הקברות אָן שיך, פון גרויסן צער, וואָס ער האָט געהאט מיט דעם אבל. האָט אים דער אויבערשטער אָפּגעצאָלט מידה כנגד מידה און ער איז נפטר געוואָרן אין תשעה־באב, ווען אלע גייען ארום אָן שיך, ווי עס שטייט געשריבן אין ספר הסידים״.

115. — מוש״ק אור ליום א׳ ב׳ דר״ח טבת תרנ״ד (1894) נפטר הגה״צ המפורסם הי׳ חסיד הי׳ עניו ר׳ ישראל איסר שהי׳ אבדפק״ק מעזריטש כ״ז שנה שחיבר ס׳ עזרת ישראל.

116. — ביום ד׳ ג׳ אייר נפטר האברך המופלג חו״ב שוקד על התורה ועבודה יומם ולילה, נפטר בשם טוב ונספד כהלכה מוהר״ר צבי יהודה הנקרא הירש ליב חתן ר׳ שמואל הירש.

פרידמאן באמערקט: „ער האָט געהאט פארשריבן חידושי־תורה און ער איז געוועזן איינער פון מיינע פריינד, וואָס איך האָב דערמאָנט אין מיין קונטרס פותח דברים....״

**117.— ביום ו' עש"ק כ"ז אלול נפטר הזקן הנכבד המופלג ר' יעקב זאב במ"ר חיים ש"ץ (חזן) דפה קהילתנו.**

פרידמאן שרייבט: „ער איז געווען גרויס אין תורה און יראה, און זיינע תפילות, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון זיין הארץ, האבן געמאכט א רושם. די צוהערער זיינען שטארק צענומען געווארן פון זיין וויינענדיק קול, וואס איז געווען זייער שטארק, אזש א פייער האט געברענט. ער, ז"ל, איז געווען דער פאטער פון דעם באקאנטן גאון ר' אלי', זאלאשינער רב א. א. קהילות. ער האט מחבר געווען א צאל טייערע ספרים און ער האט געהאט קינדער און איידעמס רבנים". (מ'האט אים גערופן דער „שווארצער חזן").

**118.— ביום ד' ב' ניסן (תרנ"ה — 1895) נפטר איש יקר ונכבד נודע לשם ולתהלה הרבני המופלג כל ימיו עסק בתורה ועבודה וג"ח מ' שמעון בר' שאול פאפירניע.**

פרידמאן שרייבט וועגן אים: „ער, ז"ל, איז געווען אן עמקן אין לערנען און איז אויך געווען א מהדש. ער פלעגט דאווענען מיטן ערשטן מנין, ווייל ער האט מורא געהאט עובר צו זיין אויפן זמן קריאת־שמע. ער איז געווען א שטארקער מדקדק אין מצוות און געגעבן מעשר פון זיינע פארדינסטן, וועלכע זיינען געווען גרויסע; ווארום ער איז געווען א גרויסער עושר. כ'דערמאן מיך: איינמאל איז געקומען אין זיין הויף אריין איינער א מאן, וואס האט געוואלט שפילן אויף זיין קאטערינקע פאר זיינע קינדער און ער האט עס פארבאטן, מחמת דעם איסור. (פרידמאן מיינט דעם איסור פון די חז"ל, וועלכע פארבאט צוליבן חורבן בית־המקדש צו שפילן מוזיק, סיידן אויף א חתונה. — מ. ע.). אויך געדענק איך: איינמאל, ווען מיר האבן געמאכט א סיום אויף ש"ס, האט ר' שמעון פאפירניע ז"ל געוואלט שיקן נאך כלי־זמרים צו שפילן, האט דער רב, דער בעל עזרת־ישראל ז"ל געזאגט, אז ניין! ווייל מיר געפינען נישט, אז די חכמים זאלן האבן מתיר־געווען צו שפילן ביי אנדערע געלעגנהייטן, אויסער אויף חתונות; האט ער זיך דערפון אפגעהאלטן. ער האט געשטאמט פון א מיוחסדיקער משפחה (ער איז געווען אן איידעם פון ר' יודל אפאטאווסקי פון ווילנע. — מ. ע.) און ער איז געווען ר' העשיל מארשאלקאוויטשעס שווער".

ווי מיר האבן שוין אויבן געשריבן, זיינען, זיין פאטער ר' שאול פאפירנא און ר' אורי דוב בער גינצבורג, איידעם פון ר' ארוש מינץ, געווען מחותנים. ביי ר' שמעונען אין הויז, איז געווען א פריוואטע מקוה.

**119.— ביום ב' ער"ח ניסן (תרנ"ז — 1897) נפטר איש תו"י כל ימיו עסק בתורה נקרא בחייו ר' יצחק מגיד.**

**120.— בשבת ו' שבט נפטר איש נכבד הרבני המופלג עוסק כל ימיו בתורה ועבודה מ' יעקב בר' אלי' ראשקעס.**

פרידמאן גיט צו: „דאס איז דער בארימטער הרה"ג ר' יעקב שפירא. ער ז"ל, האט ארויסגעגעבן דעם ספר „ביאור אויפן פירוש הרמב"ן" אויף תורה

מיט א טייערע הקדמה; און דעם ספר „אוצר השלם" מיט אן הקדמה. ער האָט געשטאַמט פון א מיוחסדיקער משפחה. זיין איידעם איז הרב... מאיר לעוו, מורה־הוראה אין מעזריטש".

ר' מאָטל האָט געקענט דערציילן פיל מער וועגן דעם אינטערעסאַנטן בן־עיר. ליידער, האָבן מיר נישט געהאַט אין אונדזער רשות דאָס ספר „ביאור על פירוש הרמב"ן", וואָס ער האָט ארויסגעגעבן פון א כתב־יד. דאקעגן האָבן מיר געהאַט צו דער האַנט דעם „אוצר הכבוד השלם", וואָס ער האָט ארויסגעגעבן און פון דער הקדמה וואָס ער האָט געשריבן צו דעם ספר — כאָטש זי איז קליין אין כמות — זעט מען פון איר דעם מענטש און זיין שאַרפן קריטישן אנאַליז. דער ספר איז געשריבן געוואָרן פון רבנו טודרוס הלוי, איינער פון די גדולי תורה אין זיין צייט. ר' טודרוס איז א חוץ גרויסער גאון און יידישער מנהיג, געווען א גרויסער מעדיצינער און ער איז געווען הויף־דאָקטער פון קעניג סאַנטשאָ דער פערטער. דער קעניג און זיין קעניגין, מרים די מאַלינאַ פון שפּאַניע, זיינען געשטאַנען אונטער זיין מעדיצינישער אויפזיכט. א חוץ דעם, איז ער געווען קעניג סאַנטשאָס פינאַנץ־מיניסטער און ראַטגעבער. צוליב זיין גדלות אין תורה און זיין חשיבות אין קעניגלעכן הויף, האָבן די יידן אים באַטראַכט אלס זייער נשיא. נישט געקוקט אויף זיינע טרדות, איז ער אויך געווען ראש־הישיבה און געשריבן ספרים. זיין ספר „אוצר הכבוד השלם", א פירוש אויף „עין־יעקב". דער ספר איז צומערשט ארויסגעגעבן געוואָרן פון דעם טוטשינער רב, ר' יצחק (נאָווידוואָר, תקס"ט — 1809). ער איז אָבער געווען פול מיט גרייזן. ר' יעקב שפּירא, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַלטע מאַנוסקריפּטן, האָט באַקומען א קאָפּיע פון דעם כתב־יד, וואָס געפינט זיך אין דער באַרימטער באָדלֵיאַנישער ביבליאָטעק, אין אָקספאָרד; און ער האָט ארויסגעגעבן דעם ספר „אוצר הכבוד השלם" לויט דעם כתב־יד (וואַרשע, תרל"ד — 1874) מיט אן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטער הקדמה. אין דער הקדמה ווייזט ער, מיט ראיות פון דעם כתב־יד, אז די געלערנטע וועלכע האַלטן, אז דער ספר „הזוהר" איז נישט געשריבן געוואָרן פון ר' שמעון בר יוחאי, נאָר פון זיין אנטדעקער — ר' משה די ליאָן — האָט נישט קיין יסוד. ער שטעלט פעסט, אז די אויטענטישקייט ווערט באַשטעטיקט דורך פיל שטעלן, וואָס מען געפינט אין דעם פירוש פון רבנו טודרוס הלוי, וועלכע זיינען פול־שטענדיק פאַרגלייכבאַר מיט די שטעלן פון זוהר הקדוש. ר' משה די ליאָן, האָט דעם „זוהר" אנטדעקט מיט יאָרן שפּעטער נאָך רבנו טודרוס הלוי און ער האָט ממילא זיין כתב־יד נישט געקענט האָבן געזען. מוז מען פון דעם דרינגען, אז דער „זוהר", אָדער געוויסע טיילן פון אים, זיינען שוין פון לאַנג געווען באַקאַנט צו די מקובלים. עס איז בלויז א וואונדער, וואָס די פאָרשער, וועלכע ווילן מיט געוואַלט אָפּפרעגן די אויטענטישקייט פון דעם „זוהַר", האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף שפּיראָס הקדמה. אויך דאָס ספר „הביאור על

פירוש הרמב"ן", האָט ער ארויסגעגעבן פון א כתב־יד פון וועלכן מען האָט אים צוגעשיקט א קאָפּיע.

121.—יש לנו להתאונן על פטירת האברך היקר מחובשי בה"מד אשר כל ימיו הי' עוסק בתורה ועבודה ביראה ר' אהרן דוד שהי' בן לאותו צדיק ר' יעקב זצ"ל שהי' נקרא ר' יעקב דער פרומער והניח בן קטן וכשנפטרה גם אמו הינדא הי' בן שלש שנים. ור' אבא מלמד עם בן אשתו גידלו אותו לתורה ועבודה ומע"ט והשיאו לו אשה בת הרב המופלג ר' ברוך מאיר שליט"א, ואחר שתי שנים אחר החתונה הי' בן כ"ה שנה נתקבש למעלה והשאיר פרי צדק ילד קטן בן עשרה חדשים והאברך הצדיק הנ"ל נפטר כ"ג לחודש שבט תרנ"ח — 1898) ונספד כהלכה וחבל על דאבדין.

ר' ברוך מאיר, וועלכער ווערט דאָ דערמאָנט, איז דער שוין אונדז גוט־באקאנטער ר' ברוך מאיר ראָזענבלום. זיין טאָכטער לאה איז די אלמנה פון דעם יונ־פארשטאָרבענעם מאן און דער קליינער יתום, וואָס ווערט דערמאָנט, איז נישט קיין אנדערער ווי דער געוועזענער „התאחדות"־פירער פון מעזריטש, יעקב לעבענגליק (מאושער) זיין מוטער און ער וווינען היינטצוטאָג אין ישראל.

122.— ביום ג' ה' אלול נפטר איש יקר כל ימיו הי' עוסק בתורה ובע־בודה הרבני המופלא צדיק ועניו מ' ליבל מלמד הנקרא לייבל קאשער.

פרידמאן ברענגט: „ער פלעגט פאסטן א סך תעניתים; אָבער ער האָט זיין פאסטן פארבאָרגן פאר אנדערע".

123.— על זה דוה לבנו וחשכה עינינו על פטירת האיש היקר הצדיק הישר הרבני המופלג שקד יומם ולילה בתורה ועבודה כמ"ר דוב יוסף במ"ר אברהם יהודה הלוי נפטר בש"ק ה' תשרי (תר"ס— 1900) וחבל על דאבדין.

פרידמאן שרייבט: „ער פלעגט חזרן אויסנווייניק די מסכתא ברכות און געוויסע סדרים משניות און ער איז אויך געווען א מחדש אין לערנען. ער איז געווען דער שוואער פון הגאון ר' בנימין אלי' (זע פאראגראף 117)"

124.— על זה דוה לבנו על אבדן מעירנו הרב הגאון הצדיק הישר זקן ונשוי פנים כל ימיו עסק בתורה ועבודה דיין ומ"צ כמה שנים בעירנו נפטר בש"ט (בשם טוב) ביום ג' י"ט כסלו דשנת הנ"ל (תר"ס — 1900) וחבל על דאבדין, ה"ה הרב ר' שמואל בר אהרן זצ"ל ונספד כהלכה ויליץ טוב בעדינו ויגדור פרצותינו וימחה דמעה מעל כל פנים *).

*) זע וועגן אים אין קאפיטל „מעזריטשער דיינים"

125.— **ביום ב׳ ב׳ דשבועות נפטר האברך היקר המופלג מחובשי בהמ״ד שוקד יום ולילה בתורה ועבודה הנקרא בחייו מאטיל חתן ר׳ טייבול גאָלדשמיד.**

126.— **ביום ב׳ ה׳ תמוז נפטר איש יקר מחובשי ב״המד הרבני המופלג והי׳ יושב בשקידה ועוסק בתורה יום ולילה, דרשן מפורסם שמו אלי׳ חיים בר׳ מתתיהו הכהן זצ״ל.**

פרידמאַן באַמערקט: „ער האָט איבערגעלאָזט אין כתב־יד חידושים אויף תורה און ש״ס...״

127.— **ביום ה׳ ה׳ טבת** (תרס״א — 1901) **נפטר איש נכבד ויקר הרבני המופלג המפורסם כל ימיו הי׳ עוסק בתורה ועבודה הישיש דוד בר׳ שלמה טייטלבוים.**

פרידמאַן שרייבט וועגן אים: „ער ז״ל, האָט געלערנט אין וואָלאָזשין, און אויך נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן א קרעמער, איז תורה געווען זיין הויפּט־באַשעפטיקונג; אין דערנאָך האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָזט דעם מסחר און גע־זעסן און געלערנט און ער האָט זיך מפרנס געווען פון עיסקא (דאָס הייסט, ער האָט אוועקגעגעבן געלט אויף פּראָצענט מיט א היתר־עיסקא. — מ. ע.); און ער האָט אָפּגעדרוקט זיינע חידושים אויף ש״ס און זיינע מפרשים א. נ. „דבש תמר״ און ער האָט דעם ספר צעטיילט אומזיסט. און איז געווען פיל יאָרן דער גבאי איבער די צוויי מויערן, וואָס גיטל לאַנדאַ האָט איבערגעלאָזט אויף עולמות; און ער פלעגט שטאַרק אכטונג געבן, אז קריאת־שמע און תפילה זאָלן געזאָגט ווערן אין צייט אינעם גרויסן בית־המדרש; ווי אויך, אז מען זאָל שליסן די געוועלבער פאַר ליכט־בענטשן. ער פלעגט אומישנע גיין יעדן ערב שבת צו דער באַן, כדי אָנצושטעלן די ריכטיקע שעה. ער איז געווען א מחותן פון דעם גרויסן גאון און צדיק ר׳ רפאל יום־טוב ליפּמאַן היילפּערין ז״ל — רב אין מעזריטש און ביאַליסטאָק״.

ר׳ דוד טייטלבוים דערציילט אין זיין איבנדערמאָנטן ספר „דבש תמר״ (וואַרשע, תרנ״ז — 1897): „כאָטש איך האָב ס׳רוב פון מיינע טעג פאַר־בראַכט אין מסחר אָן אָפּרו, האָב איך דאָך, מיטן אויבערשטנס הילף, געלערנט יעדן טאָג און דאָס איז מיר בייגעשטאַנען, אז היינט, ווען איך בין שוין אויף דער עלטער, איינצוזאַמלען אלע מיינע הגהות און באַמערקונגען וואָס איך האָב פאַרצייכנט דאָ און דאָרט און אויפשרייבן זיי אין א ספר. איך בין קיינמאָל נישט געווען צווישן די גרויסע לומדים און מיין פלאַץ איז נישט צווישן די חריפים. אָבער, זיי האָבן פאַר מיר איבערגעלאָזט פלאַץ מחדש צו זיין. וואָרום די בעלי־פּילפּול לאָזן זיך אוועקטראָגן אין שווונג פון די פּילפּולים און גיבן נישט קיין אכט אָפּצוראַמען פון דעם וועג אלע שטרויכלונגען, די פיל טעותים און גרייזן, וואָס זיינען אריינגעפאַלן אין ש״ס מיט זיינע מפרשים, אפילו אין די בעסטע דרוקן זיינען זיי פאַראַן.

„פיל יאָרן האָב איך זיך געמאַטערט, און מיטן אויבערשטנס הילף, איז מיר געלונגען — אויף וויפל מיין אָרעמע האַנט האָט געגרייכט — אויסצורייניקן די שטרויכלונגען פון ג־טס וויינגאָרטן. אויך די חידושים, וואָס געפינען זיך אין ספר, זיינען נישט קיין גוואַלטיקע, אָבער פּשוטע און גלייכע לויטן אמת. אפילו ווען איך זאָל האָבן צוגעטראָפן בלויז איינמאָל צום אמת, בין איך אויך צו־פרידן פון מיין שווערער האָרעוואַניע. וואָרום דער בעסטער פאַרגעניגן מיינער וועט זיין, ווען אויך אנדערע וועלן הנאה האָבן פון מיין ערלעכער און לשמהדיקער ארבעט, און דאָס וועט זיין מיין שכר.

„...איך האָב גערופן מיין ספר „דבש תמר" אויף מיין נאָמען און דעם נאָמען פון מיין פאָטער, ר' שלמה ז"ל און אויפן פאַמיליע־נאָמען טייטלבוים. איך דאַנק דעם אויבערשטן, וואָס האָט מיך געבראַכט ביז אהער, אז איך זאָל קענען ארויסגעבן מיין ספר אויף מיינע אייגענע הוצאות וואָס ג־ט האָט מיר געגעבן.

„היות ווי געציילטע יונגע מענטשן אין ערלעכע האָבן אין אונדזער שטאָט געשאַפן א תלמוד־תורה (זע, „קולטור־אינסטיטוציעס") אין אונדזער שטאָט, צו לערנען אָרעמע און באַלעבאַטישע קינדער תורה מיט דרך־ארץ; און זיי פירן זי פאַר די לעצטע צוויי יאָר מיט מוט און גוטן פאַרשטאַנד; און די תלמוד־תורה ווערט גרעסער פון זמן צו זמן און בעסערט זיך, נישט געקוקט אויף אלע מכשולים וואָס זיי באַגעגענען, און זייער ווייניק מענטשן שטיצן דער תלמוד־תורה; אָבער איך וויים וואָס פאַרא גרויסע זאַך די מנהלים טוען פאַר די שטאָט־קינדער; האָב איך זיי געוואָלט העלפן, האָב איך דערפאַר גע־שאָנקען דאָס ספר, וואָס ווערט ארויסגעגעבן פאַר מיין געלט, במתנה גמורה צו דער „תלמוד־תורה עם דרך־ארץ" במעזריטש, אז אלע הכנסות פון דעם ספר זאָלן געהערן צו איר און איך זאָג זיך אָפּ פון יעדער פאַרגיטיקונג. דער אייבערשטער זאָל שטאַרקן די הענט פון די גרינדער און די עוסקים, ביז וואַנען דער מאָרגנשטערן וועט אויפשיינען אויפן הימל פון חינוך, וואָס שטייט לעת עתה ליידער נידעריק...

„יום א' בא' אלול תרנ"ו (1896) לפ"ק מעזריטש דוד טייטלביים המכונה דוד יוכבדס".

אויף יעדן עקזעמפּלאַר פון ספר, איז געווען א שטעמפּל אין איך אן אויפשריפט, וועלכע האָט מודיע געווען, אז מען זאָל וויסן אז יעדער ספר וואָס איז נישט געשטעמפּלט, איז א גענגבעטער. ער ווערט געבעטן, אז דאָס געלט פאַרן ספר זאָל מען שיקן אויפן אדרעס פון שמעון בער מינץ (זיין איידעל).

דאָס ספר איז פאַרזען, ווי דער מנהג איז, מיט הסכמות פון רבנים. ר' משה דיין פון מעזריטש שרייבט אין זיין הסכמה: „...און נאָך פיל יאָרן פון עוסקן זיך אין מסחר, און ער איז געווען צווישן די באַרימטע און חשובע סוחר־

רים מיט לייפּציג, האָט ער פאַרלאָזט דעם מסחר, וואָס ער האָט געפירט מיט ערלעכקייט און ריינע הענט און אָפּגעגעבן זיינע טעג און נעכט אויף לערנען..."

ר' דוד טייטלבוים, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: ר' דוד יוכבדס, איז געווען דער שווער פון דעם זייער פּאָפּולערן עושר און גרויסן בעל־צדקה, ר' ביניש מינץ (נישט פון דער אויבנדערמאָנטער מינץ־משפּחה), פאָטער פון דעם משכיל און ציוניסטישן עסקן, ר' שמעון בער מינץ, גרינדער פון דער האנדלס־באנק ס. ב. מינץ אין מעזריטש און שעדלעץ, און פון ר' משה מינץ, וועלכער איז געווען א צדיק תמים און געזעסן יומם ולילה און געלערנט. דער לעצטער איז אומגעקומען פון א מיתה־משונה, דורך די נאַציס הי"ד (השם ינקום דמו).

**128.— ביום ג' כ"ג מרחשון תרס"ב (1902) נפטר הרבני המופלג מחוב־שי בהמ"ד מ' אלי' הנקרא ר' אלי' נעמית.**

129.— **א' דר"ה (תרס"ג — 1803) נפטר איש יקר ונכבד הרבני המופלג החסיד כל ימיו עסק בתורה ועבודה הר' יצחק אייזיק נירעבארג מבריקין.** (בריקן האָט מען גערופן דעם שטאָט־טייל, וואָס ליגט אויפן רעכטן זייט טייך איבער דער בריק. — מ. ע.).

130.— **ביום ה' י"ד כסלו (תרס"ד — 1904) נפטר איש יקר הרבני המופלג גדול בתורה מחובשי ב"המד כל ימיו שקד בתורה ועבודה צדיק תמים מ' ביניש הלוי.**

פרידמאַן שרייבט: „ער איז געווען באַקאַנט ביי אונדז און אין וואַרשע אלס גרויסער למדן, גרויסער צדיק און שונא בצע. ער איז געשיקט געוואָרן פון וואַרשע קיין ארץ־ישראל וועגן קויפן באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע און האָט דורכגע־פירט זיין שליחות מיט דערפאָלג".

ר' ביניש מאַנפּערל איז געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע חובבי־ציון און ער האָט מיטגעאַרבעט מיט אַנדערע חובבי־ציון און שפּעטערדיקע ציוני־סטן אין שטאָט, ווי: ר' ברוך מאיר ראָזענבלום, לייזער ביניש גאָלדפאַרב א. אַנדערע — פאַר דעם אידעאַל פון קאָלאָניזירן ארץ־ישראל. ער האָט איבערגע־לאָזט זין, וואָס האָבן זיך פאַררעכנט פון די חשובים אין שטאָט, אלע תלמידי־חכמים; איינער פון זיי, ר' אלי' מאַנפּערל, איז געווען פון די איבערגעגעבנסטע מזרחיסטן אין שטאָט און ער איז געווען זייער געאַכטעט.

131.— **בש"ק ב' דר"ח אייר נפטר איש תו"י מחובשי בהמ"ד הרבני** המופלג כל ימיו עסק בתורה כמ"ר **אלי פנחס בר' יעקב ונספד** כהלכה.

132.— ביום ג' ב' מרחשון (תרס"ה — 1905) **נפטר הרב המופלג גדול** בתורה ועמלו בתורה כל ימיו **מרביץ תורה לרבים כמה שנים הי'** בפה ראש־ישיבה דורש **לרבים להדריכם בדרך ישרה בעבודת השם** כמ"ר פנחס **אליעזר בר' מאיר וחבל על דאבדין.**

פרידמאַן באַמערקט: „ער איז געווען א גרויסער מדקדק במצוות און ער

